דאָס איז די געשיכטע פון דעם באַרימט־געוואָרענעם סאָוועטישן אַוויאַטאָר אַלעקסיי מערעסיעוו, וועמען מען האָט, נאָך אַן אַוויאַציע־אַקצידענט, געמוזט אַמפּוטירן ביי־דע פיס ביז צו די קנעכל. ניט געקוקט אַף דעם האָט ער זיך באַטייליקט, מיטן גאַנצן ברען, אין די לופטשלאַכטן קעגן די נאַצישע מערדער און איז אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן רומפולן טיטל „העלד פון ראַטנפאַרבאַנד".

# ערשטער טייל

## 1.

די שטערן האָבן נאָך געבלינצלט מיט אַ פינקלדיקן, קאַלטן גלאַנץ, אָבער צו מיזרעך־צו האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. אין דער פינצטערניש האָבן זיך קוים־קוים געגומען אויסטיילן די ביימער. פּלוצלינג האָט אַ שניט געטאָן אַ שטאַרקער ווינט און האָט אויפגעטרייסלט די ביימער־קרוינען. דער גאַנצער וואַלד האָט מיט איין מאָל אויפגעלעבט אַ צעשריִענער און אַ קלאַנגפולער. מיט אַן אומרויִקן און שיפּענדיקן געמורמל האָבן זיך דורכגעשושקעט די הונדערטיאָריקע סאָסנעס, און פון די צעטרייסלטע צווײַגן איז, מיט אַ ווייכן געשעפּטש, געפאַלן דער טרוקענער געפריר.

דער ווינט האָט זיך אײַנגעשטילט פּונקט אַזוי פּלוצלינג ווי ער איז אָנגעקומען. די ביימער האָבן זיך ווידער באַרויִקט און אומגעקערט זיך צו זייער קאַלטער פאַרגליווערטקייט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן הערן די גערוישן וואָס זאָגן אָן, אַז אין די וואַלד־געדיכטענישן, דאָס אָנקומען פונעם קאַיאָר: דאָס זשעדנע גריזשען פון די וועלף אויף דער נאָענטער וואַלד־לאַנקע, דער פאַרזיכטיקער רוף פון די פוקסן און די ערשטע אומזיכערע קלעפּ פון פּיקהאָלץ וואָס האָט זיך אָקערשט אויפגעכאַפּט; די דאָזיקע קלעפּ קלינגען אַזוי מוזיקאַליש אין דער וואַלד־שטילקייט, אַז ס׳דוכט זיך: ניט אין אַ בוים־שטאַם פּיקט דער פויגל, נאָר אינעם אויסגעהוילטן האָלץ־סקעלעט פון אַ פידל.

דער ווינט האָט ווידער אַן אימפּעטדיקן ריס געטאָן די געדיכטע סאָסנע־קרוינען. די לעצטע שטערן זײַנען ביסלעכווײַז פאַרשוואונדן אין דער פרימאָרגן־קלאָרקייט. דער וואַלד האָט זיך גענומען אויפוועקן אין זײַן גאַנצער גרינער פּראַכט, נאָכדעם ווי די שטיקער נאָכט־פינצטערניש זײַנען פולשטענדיק אַרויסגעקערט געוואָרן פון אים. לויט דער רויטקייט וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אויף די געקרײַזלטע קעפּ פון די סאָסנעס און אויף די שאַרפע שפּיצן פון די יאָדלעס האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסן

אז די זון האט זיך שוין אויפגעהויבן און אז דער נייער טאג זאגט צו צו זיין א קלארער, א קאלטער און א דערפרישנדיקער.

ס'איז געווארן איינגאנצן ליכטיק. די וועלף זיינען אריינגעדרונגען אין דער סאמע געדיכטעניש פון וואלד קעדיי צו פארדייען דארט זייער נאכטיקן רויב; דער פוקס האט זיך אפגעטראגן פון דער וואלד־לאנקע, איבערלאזנדיק הינטער זיך אפן שניי דעם געוועב פון זיינע שפורן, וואס ער האט אף א כיטרען אויפן פארפלאנטערט. דער הונדערטיאריקער וואלד איז פול געווארן מיט אן אויסגעצויגענעם, מאנאטאנעם געמורמל. בלויז דאס געשטיפעריי פון די פייגל, דאס קלאפן פון דעם פיקהאלץ, דאס פרייליכע פישטשען פון די געלבלעכע שטארן, וואס האבן זיך געטראגן ווי פיילן דורכן געצוויג, און דאס זשעדנע און טרוקענע קוויטשען פון די פאלקן, האבן געמאכט קלאנגפולער דעם געדיכטן, אומרויקן און מעלאנכאלישן וואלד־גערויש, וואס האט זיך געטראגן אין ווייכע כוואליעס.

א סאראקע וואס האט געריינקט איר שווארצן און שארפן שנאבל אף א צווייג פון א באארישניק האט מיטאמאל א דריי געטאן דאס קעפל, האט אנגעשטרענגט דעם געהער און האט זיך איינגעקארטשעט, גרייט צום פלי. מיט א ליארעמדיקער קנאקעריי האבן זיך געגומען ברעכן די טרוקענע צווייגן. עמעצער, וואס איז גרויס און מעכטיק, האט געהאלטן אין דורכגיין דעם וואלד און האט זיך ניט וויסנדיק געמאכט אז עס זיינען פאראן סטעזשקעס. עס האבן געקנאקט די הויכע טרוקענע גראזן, עס האבן זיך באוועגט די שפיצן פון עטלעכע קליינע סאסנעס, עס האט געסקריפעט און איינגעזונקען אונטער עמעצנס טריט די פארפרוירענע אויבערפלאך פונעם שניי. די סאראקע האט א קראקע געטאן און, פונאנדערשפרייטנדיק איר עק, איז זי אוועקגעפלויגן אין א גלייכער ליניע.

פון דער געדיכטעניש, וואס איז געווען באשפרענקלט מיטן פרימארגן־געפריר, האט זיך ארויסגערוקט א לאנגע, טונקעלע מארדע און א שווערע, פונאנדערגעצווייגטע הערנער־קרוין. א פאר דערשראקענע אויגן האבן א פארש געטאן די ריזיקע וואלד־לאנקע. די ראזלעכע, האריקע נאזלעכער האבן געפליגלט קאנוולסיוו, און סאפענדיק האבן זיי ארויסגעלאזט שטראמלעד הייסן דאמף.

דער אלטער הירש איז אינעם סאסנע־וואלד געבליבן שטיין אן אומבאוועגלעכער ווי א סטאטוע. בלויז די צעשויבערטע פעל אפן רוקן האט געציטערט נערוועז. די גראדע אויערן האבן אויפגעכאפט יעטווידן שארך און זייער געהער איז געווען אזוי שארף אז די כאיע האט דערהארכט אפילע דעם ווערעמל וואס האט געטאטשעט דאס האלץ אונטער דער קארע. אבער אפילע דער דאזיקער ראפינירטער געהער האט ניט אויפגעכאפט אין וואלד עפעס אנדערש ווי דאס פלאפלען פון די פייגל, דאס קלאפן פונעם פיקהאלץ און דעם מאנאטאנעם קלאנג פון די סאסנעקרוינען.

דער געהער האָט אים באַרויִקט אָבער דער כוש־האָרייִעד האָט אים געוואָרנט וועגן אַ געפֿאַר. אין פֿרישן אַראָמאַט פֿון צעגאַנגענעם שניי האָבן זיך אַריַינגעמישט אַנדערע רייכעס, דורכדרינגענדיקע, אַנגעלאָדענע, געפּערלעכע, מעשונעדיקע אין יענעם געדיכטן וואַלד. די שוואַרצע און טרויעריקע אויגן פֿון דער כאַיע האָבן דערבליקט אַף דער בלענדנדיקער, פּאַרקילטער שניי־אויבערפֿלאַך עטלעכע טונקעלע פֿיגורן. ניט באַוועגנדיק זיך האָט זי צונויפֿגעצויגן איר גאַנצן קערפּער, גרייט אַ שפּרונג צו טאָן אין דער געדיכטעניש. די מענטשן האָבן זיך אָבער ניט געריִרט. זיי זײַנען געווען אויסגעצויגן אַפֿן שניי, איינע לעבן די אַנדערע, און אין אייניקע ערטער — איינע אַף די אַנדערע. עס זײַנען געלעגן אַ סאַך, אָבער אַלע זײַנען געווען אומבאַוועגלעך; קיינער פֿון זיי האָט ניט געשטערט די בסולעדיקע רו. נאָנט פֿון זיי, קימאַט אונטערן שניי, האָבן זיך געוואַלגערט עטלעכע מאָנסטערס. פֿון דאָרטן האָבן זיך געטראָגן די שטאַרקע און אַלאַרמירנדיקע רייכעס.

אויסגעשטרעקט אַף דער גרענעץ פֿון וואַלד, האָט דער הירש געקוקט פֿון אַ זײַט, מיט פּאַכאַד, ניט פֿאַרשטייענדיק וואָס עס האָט געקענט פּאַסירן מיט דער דאָזיקער מענגע שוויַיגנדיקע, אומבאַוועגלעכע און, ווי ס'וויַיזט, אומשעדלעכע מענטשן.

אַ גערויש וואָס איז געקומען פֿון אינדערהויך האָט צוגעצויגן זײַן אויפֿמערקזאַמקייט. די כאַיע האָט אַ שוידער געטאָן, ס'האָט גענומען ציטערן די פֿעל אַף איר רוקן און די הינטערשטע פֿיס האָבן זיך נאָך מער איַינגעצויגן.

דער גערויש איז פֿונדעסטוועגן אויך ניט געווען קיין געפּערלעכער. ס'האָט אויסגעוויזן, ווי עטלעכע וואַלד־בינען וואָלטן מיט אַ שטאַרקן געזשום אַרומגעקריַיזט צווישן די בלעטער פֿון אַ פֿונאַנדערגעבליטער בעריאָזע. פֿון צייַט צו צייַט פֿלעגט זיך אין געזשום אַריַינריַיסן אַ מין שטעפּעריַי, ענלעך אַפֿן פֿאַרנאַכטיקן טירקלען פֿונעם זומפּ־פֿויגל.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און ס'האָבן זיך באַוויזן די וואַלד־בינען וואָס האָבן זיך מיט זייערע גלאַנציקע פֿליגל אַרומגעדרייט אין דער קאַלטער, בלאָער לופֿט. דאָס טירקלען פֿונעם זומפּ־פֿויגל האָט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל אַ שטעפּ געטאָן אין דער לופֿטן. איינע פֿון די וואַלד־בינען האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אַראָפּ, ניט צונויפֿנעמענדיק די פֿליגל. די אַנדערע האָבן זיך וויַיטער אַרומגעדרייט אין דער בלאָקייט פֿון הימל. די כאַיע האָט לויז געמאַכט אירע געשפּאַנטע מוסקולן, איז אַרויס אַף דער לאָנקע און האָט גענומען לעקן די פֿאַרפֿרוירענע שניי־אויבערפֿלאַך, קוקנדיק מיז־האַצאַד אַפֿן הימל. מיטאַמאָל האָט זיך פֿון דער מאַכנע וואַלד־בינען, וואָס האָבן אַרומגעשוועבט אינדערלופֿטן, אָפּגעטיילט נאָך איינע. און, נאָכדעם ווי זי האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ פּרעכטיקן עק, האָט זי זיך אין אַ גליַיכער ליניע גענומען אַראָפּלאָזן אַף דער לאָנקע. זי

איז אַזוי שנעל געוואַקסן, אַז דער הירש האָט קוים צײַט געהאַט אַ שפּרונג צו טאָן צו דער געדיכטעניש; עפּעס ריזיקס, עפּעס מוירעדיקערס פֿון אַ פֿלוצלינגדיקן ריס פֿון אַ האַרבסט־שטורעם, האָט אַ קראַך געטאָן איבער די סאָסנע־קרוינען און האָט זיך אַ וואַלגער געטאָן אַף דער ערד מיט אַזאַ טראַסק, אַז דער גאַנצער וואַלד האָט אָפּגעהילכט און געענטפֿערט מיט אַ לאַנגן קרעכץ. דער עכאָ האָט זיך שנעל פֿונאַנדערגעשפּרייט אַריבער די ביימער־שפּיצן, אַריבעריאָגנדיק דעם הירש, וואָס האָט זיך אין איין אָטעם אַ וואָרף געטאָן צו דער געדיכטעניש.

דער עכאָ איז ביסלעכווײַז פֿאַרשטיקט געוואָרן אין דער גרינער, פֿאַרפּלאָנטערטער געדיכטעניש. דאָס געפֿיר פֿון די ביימער, וואָס דער פֿאַלנדיקער אַוויאָן האָט אויסגעריסן, האָט אַרומגעשוועבט אַ ליכטנדיקס, וואָרפֿנדיק פֿינקלדיקע אָפּגלאַנצן. אַ געדיכטע, אימפּאָזאַנטע רויִקייט האָט צוריק גענומען הערשן אין וואַלד. און אינמיטן פֿון דער דאָזיקער שטילקייט האָט זיך זייער קלאָר געהע״ט דאָס ווייטיקדיקע קרעכצן פֿון אַ מענטשן און דאָס טויבע קראַכן פֿון דער פֿאַרפֿרוירענער שניי־אויבערפֿלאַך אונטער די לאַפּעס פֿון אַ בער, וואָס איז אַרויס אַף דער וואַלד־לאָנקע, גלײַך נאָכדעם ווי ס'האָבן זיך דערהערט די אומגעוויינלעכע טראַסקערײַען און קנאַקערײַען.

דאָס איז געווען אַ ריזיקער, אַלטער, פֿאַרוואַקסענער בער. טונקעלע ברינדזעס פֿון אַ שמוציקער פֿעל האָבן באַדעקט זײַנע אײַנגעזונקענע זײַטן און זײַנע אַראָפּגעהאַנגענע ווי סטאַלאַקטיטן פֿון זײַן מאָגערן און טרוקענעם הינטן. די מילכאָמע, וואָס האָט זיך צעשפּילט האַרבסט־צײַט אין יענע קאַנטן, איז אַרײַנגעדרונגען אַפֿילע אין דער פֿאַרבאָרגנסטער געדיכטעניש פֿון וואַלד, וואָס איז ביז דאַן זייער זעלטן באַטראָטן געוואָרן, און דאָס אויך — בלויז דורכן פֿוס פֿון וואַלד־שאָמרים אָדער יעגער. אין יענעם האַרבסט האָט דער נאָענטער שלאַכט־האַרמידער אַרויסגעצויגן דעם בער פֿון זײַן נאָרע, איבעררײַסנדיק זײַן לעטאַרגישן ווינטער־שלאָף; און איצט האָט ער זיך אַרומגעשלײַכט אַ הונגעריקער און אַן אויפֿגערייצטער איבערן וואַלד, ניט וויסנדיק פֿון קיין רו.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַף דער גרענעץ, אַפֿן זעלבן אָרט, ווּ עס האָט זיך, מיט אַ מאָמענט פֿריִער, געפֿונען דער הירש. ער האָט אַ שמעק געטאָן די פֿרישע, אַפּעטיטפֿולע שפּורן, האָט זיי טיף און זשעדנע אַרײַנגעאָטעמט, צונויפֿציִענדיק זײַנע אויסגעמאָגערטע זײַטן, און האָט אָנגעשטרענגט זײַן געהער. דער הירש איז פֿאַרשוווּנדן, אָבער נאָנט האָט זיך געהערט דער גערויש פֿון אַ לעבעדיק און, אָן שום ספֿק, שוואַך באַשעפֿעניש. ס'האָבן זיך אויפֿגעשטעלט בײַ דער כאַיע די האָר אַפֿן האַלדז און זי האָט אַרויסגערוקט פֿאָרויס דעם שנוק. ס'האָט זיך דערטראָגן ווידער דער זייער שטילער ווייטיקדיקער געקרעכץ.

די כאַיע, טרעטנדיק פּאַמעלעך און פֿאָרזיכטיק מיט אירע ווייכע לאַ־

פּעס, אונטער וועלכע ס'האָט .סקריפּענדיק אײַנגעזונקען דער טרוקן־פּעס־טער, פּאַרפּרוירענער שניי, האָט זיך דערנענטערט צו אַ מענטשלעכע פּי־גור, וואָס איז, אַז אײַנגעגראָבענע אינעם שניי, געלעגן אומבאַוועגלעך...

## .2

דער פּילאָט אַלעקסיי מערעסיעוו איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ פֿאַסטקע פֿון דאָפּלטע „צוואַנגען”. דאָס איז דאָס ערגסטע וואָס קען טרעפֿן אין אַ לופֿט־שלאַכט. נאָכן האָבן פֿאַרנוצט זײַן גאַנצע אַמוניציע און ווען ער איז שוין פּאַקטיש געווען אומבאַוואָפֿנט, האָבן אים אַרומגערינגלט פֿיר דײַטשישע אַוויאָנען, וואָס האָבן אים געפֿירט צו אַ פֿײַנטלעכן אַעראָ־דראָם, ניט לאָזנדיק אים אַנטלויפֿן אָדער אָפּקערן זיך פֿון זײַן וועג.

די זאַך איז פֿאָרגעקומען אַזוי: דער פּאַטרול יאַגד־אַוויאָנען, אונ־טער דער אָנפֿירונג פֿון לייטענאַנט מערעסיעוו, איז אַרויסגעפֿלויגן באַשיצן עטלעכע „איל”־באָמבאַרדירער וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אַטאַקירן אַ פֿײַנטלעכן אַעראָדראָם. דער דרײַסטער אָנפֿלי האָט זיך אויסגעוויקלט האַצלאָכעדיק. די אַנגריף־אַוויאָנען —„פֿליִענדיקע טאַנקען”, ווי די אינ־פֿאַנטעריע האָט זיי גערופֿן—, שוועבנדיק קימאַט אויף דער הייך פֿון די סאָסנע־קרוינען, זײַנען אָנגעפֿאַלן אומגעריכט אויף אַן אַוויאַציע־פֿעלד, וווּ ס'האָבן זיך געפֿונען עטלעכע גרויסע טראַנספּאָרט־„יונקערס”. זיי האָבן זיך באַוויזן פּלוצלינג פֿון הינטער דער אָנגעשפּיצטער, טונקל־בלאָער וואַנט פֿונעם וואַלד, זײַנען אַריבערגעפֿלויגן איבער די שווערע קאָרפּוסן פֿון די טראַנספּאָרט־אַוויאָנען און באַגאָסן זיי מיטן בלײַ און שטאָל פֿון זייערע קאַנאָנען און מיטראַליעזן, און אויך געוואָרפֿן באָמבעס אויף זיי. מערע־סיעוו, וואָס האָט מיט זײַן פּאַטרול באַשיצט דעם לופֿט־שעטעך איבערן אָרט פֿון אַנגריף, האָט געקענט זען אויסגעצייכנט פֿון דער לופֿטן ווי טונ־קעלע מענטשן־פֿיגורלעך לויפֿן אַרום איבערן אַעראָדראָם און ווי זיי נע־מען אומגעלומפּערט פֿונאַנדעררוקן די „יונקערס” איבערן אײַנגעטראָטע־נעם שניי. נאָכדעם ווי די אַנגריף־אַוויאָנען האָבן זיך דורכגעטראָגן איינ־מאָל און אַ צווייטן מאָל, האָבן די מאַנשאַפֿטן פֿון די „יונקערס” אָפּגע־כאַפּט דעם אָטעם און גענומען לויפֿן, אונטערן פֿײַער, צום פּליפּלאַץ, קע־דיי אַוועקצולאָזן אין גאַנג די אַפּאַראַטן.

אין יענעם מאָמענט איז אַלעקסיי באַגאַנגען אַ נאַרישקייט. אַנשטאָט צו היטן אײַפֿערדיק דעם לופֿט־שעטעך איבער דער זאָנע ווו ס'האָבן אָפּע־רירט די אַנגריף־אַוויאָנען, האָט ער ניט געקענט אויסהאַלטן דעם ניסאָיען פֿון וועלן אַרײַנכאַפּן אַ לײַכטע יאָגד, ווי ס'דריקן זיך אויס די פּילאָטן. ער האָט אַראָפּגעפּיקט און האָט זיך ווי אַ שטיין אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שווערן, פּאַמעלעכדיקן יונקער, וואָס האָט זיך אָקערשט געהאָט אויפֿגעהויבן. אַלעקסיי האָט אַרײַנגעשאָסן אין אים עטלעכע לאַנגע סעריעס קוילן און

האט זיך צוגעקוקט מיט באפרידיקונג ווי ער לעבערט דורך דעם פירעקיקן, מיט מיסע־מעשונג־קאלירן באמאלענעם קארפוס, וואס איז געווען קאנסטרוירט פון געבויגענעם דור־אלומיניום־בלעך. זיכער אין זיך, האט ער אפילו ניט א קוק געטאן ווי דער פיינט ווערט צעשמעטערט אף דער ערד. אין צווייטן עק אעראדראם האט זיך אויפגעהויבן א צווייטער „יונקער". אלעקסיי האט אים גלייך גענומען פארפאלגן. ער האט אים אנגעגריפן, אבער אן דערפאלג: די קוילן זיינען אריבערגעפלויגן איבערן אפאראט, וואס האט זיך ביסלעכווייז אויפגעהויבן אלץ העכער און העכער. אלעקסיי האט געמאכט א שארפן וויראזש, האט נאכאמאל אטאקירט און איז ווידער דורכגעפאלן; ער האט דערגרייכט נאכאמאל זיין קארבן אויסערן אעראדראם, איבערן וואלד; ער האט אריינגעקנאקט עטלעכע לאנגע קוילן־סעריעס פון אלע זיינע געווערן אין גרויסן ציגארפארמיקן טארס און האט אים אראפגעשאסן. נאכן האבן אראפגעוואלגערט דעם „יונקער" האט אלעקסיי צוויי מאל ארומגעקרייזט טריומפאל איבערן ארט פון וואנען עס האט זיך אויפגעהויבן א שווארצער רויך־זייל איבערן צעוויגטן גרינעם יאם פון ריזיקן וואלד, און האט זיך א קער געטאן אין דער ריכטונג פון דייטשישן אעראדראם.

ער איז אבער ניט צוגעקומען ביז אהין. ער האט דערזען ווי די דריי יאגדלער פון זיין פאטרול קעמפן מיט 9 „מעסערס", וואס זיינען אן צווייפל ארויסגערופן געווארן דורך דער אנפירונג פון דייטשישן אעראדראם, קעדיי אפצושלאגן די אטאקע פון די אנגריף־אוויאנען. מיט זייער העלדישן ווארפן זיך אף די דייטשן, וואס זיינען געווען דריי מאל אזוי פיל, האבן די סאוועטישע פילאטן געוואלט אפציען דעם סוינע פון די „אילן". אין דער זעלבער צייט וואס זיי האבן געקעמפט, האבן זיי אוועקגעשלעפט אלץ ווייטער דעם קעגנער, ווי דאס טוט די ווילדע הון, וואס מאכט זיך אז זי איז פארוואונדיקט און וואס פרוווט גלייכצייטיק דערווייטערן די יעגערס פון אירע אויפעלעד.

אלעקסיי האט אויסגעקליבן א קעגנער און האט זיך א ווארף געטאן אין שלאכט. זיין ציל איז געווען א „מעסער", וואס האט זיך עטוואס דערווייטערט פון די איבעריקע און וואס האט שוין קענטיק אויך אויסגעקליבן א קארבן. אלעקסיי, געבנדיק די גרעסטע שנעלקייט זיין אפאראט, האט זיך א ווארף געטאן פון זייט אף זיין סוינע, אנגרייפנדיק לויט אלע קלאלים פון לופט־קאמף. באם אנקוועטשן די שיס־צינגלעד האט זיך דער גרויער קארפוס פון קעגנערישן אפאראט געזען דייטלעך אינעם פירעק פון ציל־רעמל. אבער דער פיינטלעכער אפאראט איז רויק פארבייגעפלויגן. אלעקסיי האט ניט געקענט ניט טרעפן. דער ציל האט זיך געפונען זייער נאנט און האט זיך אויסגעצייכנט מיט א באזונדערער קלארקייט. „די אמוניציע" האט זיך אלעקסיי געכאפט, דערפילנדיק אז זיין רוקן באדעקט זיך מיט א קאלטן שוויים. קעדיי צו איבערצייגן זיך, האט

ער נאָכאַמאָל אָנגעקוועטשט די ציגגלעד און האָט ניט דערפילט דעם טרייסל וואָס יעדער פּילאָט שפּירט אין זײַן גאַנצן קערפּער ווען ער לאָזט אין גאַנג די קליי־זאָ!ן פון זײַן אַפּאַראַט. די אַמוניציע־רעזערוון האָבן זיך אויסגעלאָזט: נאָכיאָגנדיק די „יונקערס", האָט ער אַלץ פאַרנוצט.

אָבער דער סוינע האָט עס ניט געוווּסט! האַגאַם אַז אומבאַוואָפנטער, האָט אַלעקסיי באַשלאָסן צו וואַרפן זיך אין שלאַכט קעדיי צו פאַרבעסערן כאָטש קוואַנטיטאַטיוו די פּראָפּאָרץ פון די קויכעס. ער האָט אָבער אַ טאָעס געהאַט. דער אַפּאַראַט, וואָס איז דורך אים אַזוי אומגעראָטן אַטאַקירט געוואָרן, האָט געהאַט פאַר אַ פּילאָט אַ געניטן מענטשן און אַ גוטן אָבסערוואַטאָר. דער דײַטש האָט פאַרשטאַנען אַז אַלעקסייס אַוויאָן איז אומבאַוואָפנט, און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זײַנע מענטשן. פיר מעסערשמידטן האָבן פאַרלאָזן די שלאַכט, האָבן אַרומגערינגלט אַלעקסייען פון ביידע זײַטן, האָבן אים פאַרקלעמט פון אויבן און פון אונטן, און אַרויפצווינגענדיק אים דעם וועג דורך צייכנדיקע קוילן —וואָס האָבן זיך קלאָר געזען אין דער דורכזיכטיקער, בלאָער לופט— האָבן זיי אים אײַנגעשטשעמעט אין דאָפּלטע „צוואַנגען".

מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט אַלעקסיי געהערט אַז צום סעקטאָר פון סטאַראַיאַ רוסאַ איז פון מײַרעוו אָנגעקומען די באַרימטע דײַטשישע לופטדיוויזיע „ריכטהאָפען", וואָס באַשטייט פון די בעסטע „טײַז" פון דער פאַשיסטישער אימפּעריע און וואָס גערינג אַליין איז איר אַפּעטראָפּעס. אַלעקסיי האָט פאַרשטאַנען אַז ער איז אַרײַנגעפאַלן אין די נעגל פון יענע לופט־וועלף, וואָס האָבן, אָן שום ספק, געוואָלט אַוועקפירן אים צו זייער אַעראָדראָם, צווינגען אים צו לאַנדן און נעמען אים געפאַנגען לעבעדיקערהייט. אַזוינע פאַלן האָבן דאַן פּאַסירט. אַלעקסיי אַליין האָט געזען מיט זײַנע אייגענע אויגן ווי אַ יאַגדלער־פּאַטרול פון זײַן פרײַנט דעגטיאַרענקאָ, העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, האָט אַוועקגעפירט און געצוווּנגען צו לאַנדן אין זײַן אַעראָדראָם אַ דײַטשישן אויסשפּיר־אַפּאַראַט.

דאָס גרין־בלייכע, אויסגעצויגענע פּאָנים פון דײַטשישן געפאַנגענעם און זײַן וואַקלדיקער גאַנג, האָבן גלײַך אויפגעטויכט אין אַלעקסייס זיקאָרן. „אַ געפאַנגענער? קיינמאָל ניט! איר וועט בײַ מיר ניט האָבן די דאָזיקע באַפרידיקונג!" — האָט ער באַשלאָסן.

ס'האָט זיך אים אָבער ניט אײַנגעגעבן אַפּצוציִען. ווי נאָר ער פלעגט מאַכן דעם קלענסטן פּרוּוו אָפּצונויגן זיך פון געצוווּנגענעם וועג, פלעגט מען אים אָפּשפּאַרן דעם דורכגאַנג מיט סעריעס מיטראַליעזע־קוילן. און ווידער האָט זיך באַוויזן פאַר זײַנע אויגן די צורע פון געפאַנגענעם, צעטומלטן פּילאָט מיטן ציטערדיקן קין. עס איז געווען אין יענער צורע אַזן אויסדרוק פון דערנידעריקנדיקן, כאַיעשן פּאַכאַד.

מערעסיעוו האָט מיט רוגזע צונויפגעדריקט די ציינער, האָט אָנגעקוועטשט שטאַרק דעם גאַפּט־פּעדאַל און אויסדרייענדיק דעם אַפּאַראַט

אין א ווערטיקאלער פאזיציע האט ער געפרווט דורכשלייכן זיך אונטערן דייטש וואס ער האט געהאט פון אויבן און וואס האט אים געדריקט צו דער ערד. ס'האט זיך אים איינגעגעבן צו באפרייען זיך פון זיינע באגלייטער, אבער דער דייטש האט געהאט צייט א קוועטש צו טאן, אין דער געהעריקער רעגע, דעם צינגל. דער מאטאר האט פארלוירן דעם ריטם און האט אנגעהויבן שלעכט צו פונקציאנירן. דער גאנצער אוויאן האט געציטערט אין א גסיסע־קאנוולסיע.

געטראפן!... אלעקסייעו האט זיך איינגעגעבן צו באהאלטן אין ווייסן טול פון א וואלקן און אויסמיידן די פארפאלגונג, אבער וואס האט ער איצט געקענט טאן? דער פילאט האט געפילט אין זיין גאנצן וועזן דאס ציטערן פון פארוונדיקטן אפאראט, פונקט ווי ס'וואלט זיך געהאנדלט ניט אין דער גסיסע פון איבערגעפירטן מאטאר, נאר אין א פיבער וואס האט אויפגעשוידערט זיין אייגענעם קערפער.

וועלכער טייל פון מאטאר איז געווען פארוונדיקט? וויפל צייט וועט זיך דער אפאראט קענען האלטן אין דער לופטן? וועלן ניט אויפרייסן די נאפט־רעזערוווארן? דאס אלץ האט אלעקסיי מער געפילט ווי באנומען מיטן געדאנק. ער האט אויסגעקערעוועט דעם אוויאן צו דער פראנט־ליניע, צו די זייניקע, קעדיי, ווי די מייסע זאל זיך ניט אויסלאזן, זאלן אים כאטש באערדיקן פריינטלעכע הענט.

דער פינאל האט זיך ניט פארצויגן. דער מאטאר האט פארלאנגזאמט זיין גאנג און האט זיך אפגעשטעלט. דער אפאראט, ווי ער וואלט זיך גענומען אראפקייקלען פון א מעשופעדיקן בארג, האט זיך א טראג געטאן צו דער ערד. אונטערן אוויאן האט דער ריזיקער וואלד־יאם געשפריט זיינע גראלעד־גרינע כוואליעס... „איך בין אבער ניט אריינגעפאלן אין געפענגעניש!” — האט געהאט צייט א טראכט צו טאן דער פילאט, ווען די נאנטע ביימער, צונויפגעגאסענע אין לאנגע פאסן, זיינען שנעל געלאפן אונטער די פליגל פון אפאראט. אין זעלבן מאמענט ווען דער וואלד האט א שפרונג געטאן אף אים ווי א ווילדע כאיע, האט אלעקסיי מיט אן אינסטינקטיווער באוועגונג אויסגעשלאסן די קאנטאקטן. ס'האט זיך דערהערט א שוידערלעכער קראך און גלייך איז אלץ פארשווונדן, פונקט ווי ער וואלט זיך צוזאמען מיטן אפאראט אונטערגעטוקט אין א טונקעלן, לעפלעכן און קלעפיקן וואסער.

פאלנדיק, האט זיך דער אוויאן געגליטשט אף א זייט און האט אויסגעריסן עטלעכע סאסנע־קרוינען. דאס האט אפגעשוואכט דעם קלאפ. נאכן איבערברעכן עטלעכע ביימער האט זיך דער אפאראט צעשאטן אף שטיקער, אבער א רעגע פריער איז אלעקסיי ארויסגעשליידערט געווארן פון זיין זיץ־ארט און איז ארויפגעפאלן אף א צעוואקסענער הונדערטיאריקער יאדלע. פון די צווייגן האט ער זיך אראפגעגליטשט אף א הויכן שניי־

בערגל, וואס דער ווינט האט צונויפגעשאטן לעבן בוים. דאס האט אים געראטעוועט דאס לעבן.

אלעקסיי האט זיך ניט געקענט דערמאנען ווי לאנג ער איז געלעגן דארט אומבאוועגלעך און אומבאוווסטזיניק. פאר זיינע אויגן האבן זיך שנעל געדרייט אומבאשטימטע מענטשלעכע שאטנס, צעפלאסענע סילועטן פון ביניאנים, פאנטאסטישע מאשינען... דער דאזיקער געדריי האט ארויסגערופן אין זיין גאנצן קערפער א טויבן, שניידיקן ווייטיק. נאכדעם האט זיך פון דאזיקן כאאס אויסגעטיילט עפעס ווארעמס, גרויס', וואס האט געהאט אומבאשטימטע פארמען און וואס האט א הויך געטאן אף אים מיט א הייסן, שטינקענדיקן אטעם. ער האט זיך פון דעם געפרווט דערוויטערן, אבער זיין קערפער איז ווי צוגעקלעפט געווען צום שניי. עס האט אים ארומגעכאפט אן אומבאוווסטזיניקער פאכאד; ער האט זיך האסטיק א באוועג געטאן און האט מיטאמאל דערפילט די געפרוירענע לופט וואס רייסט זיך אריין אין זיינע לונגען, די קאלטקייט פונעם שניי אף א באק און א שארפן ווייטיק, שוין ניט אין גאנצן קערפער נאר אין די פיס.

„איך לעב!” — האט א בליץ געטאן אין זיין באוווסטזיין. ער האט געמאכט א באוועגונג קעדיי אוועקצושטעלן זיך, אבער ער האט דערהערט לעבן זיך דעם סקריפענדיקן קנאקן פון דער פארפרוירענער שניי־שיכט אונטער עמעצנס פיס און א רוישיק־הייזעריקן אטעמען. „די דייטשן!” — האט ער א מאמענט א טראכט געטאן, באהערשנדיק זיין ווילן צו עפענען די אויגן און צו געבן זיך א שטעל קעדיי צו פארטיידיקן זיך. „כ'בין געפאנגען! ניט געקוקט אף אלץ בין איך געפאנגען!... וואס טוט מען?”

ער האט זיך דערמאנט אז א טאג פריער האט זיין מעכאניקער יורא, א מענטש וואס טויג צו אלץ, גענומען פאריכטן דעם צעריסענעם פוטליאר פון זיין רעוואלווער; אבער אזוי ווי אלעקסיי האט געמוזט ארויספליען איידער יורא האט געענדיקט, האט ער אריינגערוקט דעם רעוואלווער אין א זייטיקער קעשענע פון זיין פלי־קאסטיום. איצט, קעדיי צוצוקומען צו אים, וואלט ער זיך גedארפט איבערדרייען אף א זייט, אבער ער האט עס, נאטירלעך, ניט געקענט טאן ווייל ער וואלט באמערקט געווארן פונעם סוינע. אלעקסיי איז געלעגן מיטן פאנים אראפ. אף די לענדן האט ער געפילט די ארויסשטארטשענדיקע קאנטן פון רעוואלווער. ער איז אבער געלעגן אומבאוועגלעך: עפשער וועט דער סוינע האלטן אים פאר א טויטן און וועט אוועקגיין.

דער דייטש האט זיך ארום אים ארומגעדרייט; ער האט א בורטשע געטאן אף א מאדנעם אופן, האט זיך ווידער דערנענטערט צו מערעסיעוו, סקריפענדיק אינעם שניי, און האט זיך איבערגעבויגן איבער אים. אלעקסיי האט ווידער דערשפירט דעם שטינקענדיקן אטעם וואס האט זיך געטראגן

פון יענעמס גאַרגל. איצט האָט ער שוין געוווּסט אַז ס'איז פּאַראַן בלויז איין דײַטש און דאָס האָט געמאַכט מער וואַרשײַנלעכער זײַן ראַטעווען זיך: אויב יענער לויערט אַף אים, וואָלט ער זיך געקענט אַ שטעל טאָן מיט איין מאָל, אָנכאַפּן אים פאַרן גאַרגל, שטערן אים צו באַנוצן זײַן געווער און קעמפן גלײַך אַף גלײַך... מען האָט אָבער געדאַרפט אויסרעכענען יעדע באַוועגונג מיט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט.

ניט ענדערנדיק זײַן פּאָזיציע האָט אַלעקסיי קוים־קוים גענומען עפענען איין אויג און האָט דורך די האַלב־אויפגעהויבענע וויעס דערזען אַנשטאָט אַ דײַטש אַ טונקעלן און האַריקן פּלעק. ער האָט מער פונאַנדערגעעפנט דאָס אויג און האָט עס גלײַך הערמעטיש פאַרמאַכט: אַנטקעגן אים איז געזעסן אַף די הינטערשטע לאַפּעס אַ ריזיקער, מאָגערער, צעקודלטער בער.

## 3.

מיט אַ רויִקייט, וואָס איז בלויז כאַראַקטעריסטיש פאַר ווילדע כאַיעס, איז דער בער געזעסן לעבן דער אומבאַוועגלעכער מענטשלעכער פיגור, וואָס האָט זיך קוים אויסגעטיילט אַפן בערגל פינקלדיקן שניי.

די ווענטלעך פון זײַנע נאָזלעכער האָבן זיך פּאַמעלעך באַוועגט. פונעם האַלב־געעפנטן מויל, אין וועלכן ס'האָבן זיך געזען די אַלטע, געלבלעכע און נאָך גענוג מעכטיקע שנײַדציינער, איז אַרויסגעהאַנגען און האָט זיך געוויגט אַפן ווינט אַ דין פּעדעמל גאַווער.

די מילכאָמע האָט אים אַרויסגעיאָגט פון זײַן ווינטערדיקער נאָרע און ער איז געווען הונגעריק און אויפגערייצט. די בערן עסן אָבער ניט קיין פּאַדלע. נאָכן האָבן אַרומגעשמעקט דעם אומבאַוועגלעכן קערפּער, פון וועלכן ס'האָט שטאַרק געטראָגן מיט נאַפט, איז ער פויל צוריקגעגאַנגען צו דער לאָנקע, ווו עס זײַנען געלעגן, אַרײַנגעקוועטשט אינעם פאַרהאַרטעוועטן שניי, אַ סאַך אַזוינע מענטשלעכע קערפּערס. ער האָט זיך אָבער גלײַך אומגעקערט ווײַל ער האָט דערהערט אַ קרעכץ און אַ לײַכטן גערויש.

און איצט איז ער געזעסן לעבן אַלעקסייען. דער עגבערנדיקער הונגער האָט געקעמפט אין אים מיטן עקל צו פּאַדלע. דער הונגער האָט אָבער אָנגעהייבן איבערצוּווועגן. די כאַיע האָט אַ ברום געטאָן, אויפגעהייבן זיך, איבערגעקערט דעם מענטשן אַפן שניי־בערגל און האָט געפּרוּווט פונאַנדעררײַסן מיט די נעגל דעם שטאַרקן שטאָף פונעם אָוועראָל. דאָס שטאָף האָט ניט נאָכגעלאָזן. דער בער האָט אַ טויבן ברום געטאָן. אַלעקסיי האָט געמוזט מאַכן גרויסע אָנשטרענגונגען קעדיי צו באַהערשן, אין יענעם מאָמענט, זײַן ווילן צו עפענען די אויגן, אַ וואַרף צו טאָן זיך אַף הינטער, צו שרײַען און אָפּצושלאָגן די שווערע מאַסע וואָס איז געהאַנגען איבער זײַן ברוסט. באַזיגנדיק דעם מעכטיקן אימפּולס וואָס האָט אים געשטויסן

צו פּאַרטייִדיקן זיך מיט אימפּעט און מיט פּוריע, האָט ער מיט אַ פּאַמע־לעכדיקער, אומבאַמערקלעכער באַוועגונג גענומען אַרײַנרוקן די האַנט אין קעשענע, האָט אָנגענומען דאָס געשניצטע הענטל פֿון רעוואָלווער, האָט אויפֿגעהויבן מיטן גראָבן פֿינגער דאָס צינגל, קעדיי עס זאָל ניט אַ קנאַק טאָן און האָט, ווי ניט אים מיינט מען עס, גענומען אַרויסציִען די באַוואָפֿנטע האַנט.

די כאַיע האָט אַ שטאַרקערן ריס געטאָן דעם אָווראַל. דאָס שטאַר־קע שטאָף האָט אַ קרוך געטאָן אָבער האָט אויסגעהאַלטן. דער בער האָט נאָכאַמאָל אַ בייזן ברום געטאָן, האָט דורכגעביסן דעם אָווראַל און איז, נאָכן דורכלעכערן דעם פֿוטערנעם אונטערשלאַק, דערגאַנגען מיט די ציין צו אַלעקסייס קערפּער. אַלעקסיי האָט מיט אַ געוואַלדיקער אָנשטרענגונג דערשטיקט זײַן ווייטיק, און פּונקט אין מאָמענט ווען די כאַיע האָט אים אַראָפּגעוואָלגערט פֿון שניי־בערגל האָט ער אויפֿגעהויבן דעם רעוואָלווער און אַ קוועטש געטאָן דאָס צינגל.

דער שאָס, אַן אויפֿגעכאַפּטער דורכן עכאָ, האָט זיך דונערדיק צע־הילכט.

די סאָראָקע האָט אַ שפּרונג געטאָן און איז איינס און צוויי ניט גע־וואָרן. ס'האָט גענומען אַראָפּפֿאַלן געפּריר פֿון די אויפֿגעטרייסלטע צווײַגן. די באַיע האָט פּאַמעלעך אָפּגעלאָזט איר קאָרבן. אַלעקסיי איז אַנידערגע־פֿאַלן אַפֿן שניי און האָט ניט אַרויסגעלאָזט פֿון אויג דעם סוינע. דער בער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זײַנע הינטערשטע פֿיס און אין זײַנע שוואַרצע, אײַנגעדריקטע אויגלעך, וואָס זײַנען געווען אַרומגעוואַקסן מיט דינע הערע־לעך, איז פֿאַרגליווערט געוואָרן אַן אויסדרוק פֿון טיפֿער איבעראַשונג. אַ שטראָמל געדיכט און מאַט בלוט האָט זיך געריזלט צווישן זײַנע שנײַד־ציינער און האָט אַראָפּגעטריפֿט אַפֿן שניי. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ הייזעריקן, מוירעדיקן ברום, האָט זיך געפּרווּוט אַוועקשטעלן אויף די הינ־טערשטע פֿיס און איז שווער אַ פֿאַל געטאָן, איידער אַלעקסיי האָט נאָך באַוויזן אויסצושיסן צום צווייטן מאָל. לעבן קאָפּ פֿון דער כאַיע איז דער בלאָלעכער שניי געוואָרן אַלץ רויטער און רויטער, האָט גענומען צעגיין און לײַכט דאַמפּן זיך. דער בער איז געווען טויט.

אַלעקסייס נערוון־געשפּאַנטקייט האָט נאָכגעלאָזט. ער האָט ווידער דערפֿילט אַ שאַרפֿן, שנײַדיקן ווייטיק אין די פֿיס, און אַנידערפֿאַלנדיק אינעם שניי האָט ער פֿאַרלוירן דעם באַוווּסטזײַן.

ער איז געקומען צו זיך ווען די זון איז שוין געשטאַנען זייער הויך. די שטראַלן האָבן דורכגעדרונגען דורך דער געדיכטעניש און האָבן אַרויס־געריסן פֿון דער ווײַסער שניי־אויבערפֿלאַך שײַנענדיקע אָפּגלאַנצן. אין שאָטן האָט דער שניי אויסגעזען צו זײַן טונקל בלאָ.

„האָב איך זיך ווען געקענט פֿאָרשטעלן די געשיכטע מיטן בער?" — איז געווען אַלעקסייס ערשטער געדאַנק.

דער טונקעלער, פּאַרקאַלטנטער, שמוציקער קערפּער איז געלעגן לעבן אים, אַפן בלאַלעכן שניי. דער וואַלד האָט געמורמלט. דער פּיקהאָלץ האָט קלאַנגפול געקלאַפּט אין דער קאָרע פון בוים. די גיכע שטאָרן מיט די געלע ברוסטלעך האָבן טומלדיק געזונגען און געהאָפּקעט פון איין צווייַג אַפן צווייטן.

„איך לעב, לעב, לעב!" האָט אַלעקסיי איבערגעכאַזערט אין געדאַנק. און ער גופע, זייַן גאַנצער קערפּער, איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט פרייד און האָט אַרייַנגעזאַפּט אין זיך די דאָזיקע פאַרשיקערנדיקע אַנונג פון לעבן וואָס פּילט אָן און באַהערשט דאָס מענטשלעכע וועזן נאָכן זייַן אויסגע־שטעלט אַף אַ טויט־געפאַר.

געשטויסן פון דאָזיקן מעכטיקן געפיל, האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן אַף די פיס, אָבער ער האָט זיך גלייַך אַ זעץ געטאָן אַפן קערפּער פון בער, אַרויסלאָזנדיק אַ קרעכץ. דער ווייטיק פון די פוסטריט האָט דורכגענומען זייַן גאַנצן קערפּער. אַ טויבער, שווערער גערויש האָט אים געזשומעט אין די אויערן פונקט ווי עטלעכע שווערע און אָפּגענוצטע מילשטיינער וואָלטן זיך געדרייט אין זייַן קאָפּ און צעמישט זייַנע געדאַנקען. די אויגן האָבן אים ווייַ געטאָן, פונקט ווי עמעץ וואָלט געדריקט מיט אַ פינגער אַף זייַנע אויגן־לעדלעך. אָט האָט ער אַלץ אַרום זיך געזען קלאָר, שייַנענדיק, אויס־געבאָדן אין די קאַלטע און גאָלדיקע זון־שטראַלן, און אָט פלעגט זיך אַלץ פאַרדעקן מיט אַ גראָען שלייער, וואָס פלעגט פונאַנדערשיטן בליצנדיקע פונקען.

„שלעכט! —האָט געטראַכט אַלעקסיי—. כ׳האָב זיך מיסטאָמע גוט צעקלאַפּט באַם פאַלן און מיט מייַנע פיס איז עפּעס געשען".

ער האָט זיך אויפגעשטעלט אָנשפּאַרנדיק זיך אַף די אָרעמס און האָט אָן איבערראַשטער דערזען דאָס ברייטע פעלד וואָס האָט זיך געצויגן פון יענער זייַט וואַלד־גרענעץ און וואָס איז העט־ווייַט, אַפן האָריזאָנט, געווען אַרומגעראַמט מיטן בלאָען צירקל פון ווייַטן וואַלד.

ווי ס׳ווייַזט, האָט אין האַרבסט, אָדער גענויער אין אָנהייב ווינטער, געצויגן זיך דורכן דאָזיקן פעלד, פון איין עק וואַלד ביזן צווייטן, איינע פון יענע פאַרטיידיקונגס־ליניעס, וואָס די רויטע אַרמיי האָט אויפגעהאַלטן אַ קורצע צייַט, אין איר פאַרביסענעם קאַמף ביזן טויט. דער ווינטער האָט צוגעדעקט די ערד־וווּנדן מיט דיקער שניי־וואַטע. אונטערן שניי האָט מען אָבער לייַכט געקענט באַמערקן די קראַט־וועגן פון די טראַנשייען, די צע־שטערטע שיס־בערגלעך און די גרויסע און קליינע לעכער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אָן אויסשיט פון פּאָקן. דאָס פייַער איז דערגאַנגען ביז צו די סאַמע גרענעץ־ביימער פון וואַלד און האָט זיי אומגעוואַלגערט, אַראָפּ־געפּליקט די צווייַגן, אַראָפּגעזעצט די קרוינען אָדער אויסגעריסן אינגאַנצן.

אין מיטן פון וויסטן פעלד האָבן, אַף פאַרשיידענע ערטער, אַרויס־געסטאַרטשעט פונעם שניי עטלעכע טאַנקען אָפּגעמאָלטע אַף אַ קאָליר פון

פיש־שופן. די דאָזיקע טאַנקען, ספּעציעל איינער וואָס זײַן לאַנגער איבער־געדרייטער קאַנאָן איז ענלעך געווען אַף אַן אַרויסהענגענדיקער צונג, האָבן אויסגעזען ווי אומבאַקאַנטע מאָנסטערס. איבערן גאַנצן פעלד, לעבן די פאַראַפּעטן פון די ווייניק טיפע טראַנשייעלעך, לעבן די טאַנקען און אַף דער גרענעץ פון וואַלד זײַנען געלעגן אויסגעמישט די קערפּערס פון רויט־אַרמייער און פון דײַטשן. זיי זײַנען געווען אַזוי פיל, אַז אין אייניקע ערטער זײַנען זיי געווען אָנגעלייגט איינע אַף די אַנדערע. זיי זײַנען גע־לעגן אין דער זעלבער פּאָזיציע ווי דער טויט האָט זיי געטראָפן אין שלאַכט מיט כאַדאָשים צוריק, אָפּן שוועל פון ווינטער. די קעלט האָט זיי פאַר־שטייניקט.

אַלץ האָט דערציילט אַלעקסייען וועגן דער פאַרביטערטקייט און דער פורִיע פון דער שלאַכט, און וועגן זײַנע שלאַכט־כאַוויירים וואָס האָבן באַ־וויזן צו קעמפן פאַרגעסנדיק זיך אין אַלץ, אויסער אין דער נויטווענדי־קייט צו פאַרהאַלטן דעם סוינע, ניט צו לאָזן אים גיין פאָרויס. נאָנט פון דאַרטן, צום בײַשפּיל, האַרט באַ דער גרענעץ, צופוסנס פון אַ ברייטשטאַמי־קער אָפּגעבראָכענער סאָסנע וואָס פון איר הויכן, אין־דער־קוועטשעכטס ־ (?) טענעם שטאַם איז גערונען געלע, דורכזיכטיקע זשיוויצע, האָט מען געזען אָפּן שנײַ עטלעכע דײַטשן מיט צעשפּאָלטענע קעפּ. אין צענטער, אין דער קוועטש איבער איינעם פון די סאָנים, איז געלעגן מיטן קאָפּ אַראָפּ דער קערפּער פון אַ ריזיקן, רונדפּאָנימדיקן, גרויסקאָפּיקן באָכער. ער איז גע־לעגן אָן אַ שינעל, אָן אַ פּאָס, און דער קראַגן פון זײַן אָפּגעשפּיליעטער גימנאַסטיאָרקע איז געווען צעפּליקט. לעבן אים איז געלעגן אַ ביקס מיט אַ צעבראָכענעם באַגנעט; די קאָלבע פון ביקס איז געווען צעשפּאָלטן און פאַרבלוטיקט.

אַביסל ווײַטער, נאָנט צו דער סטעזשקע וואָס האָט געפירט צום וואַלד, איז אונטער אַ קליינער יאָדלע געלעגן מיטן פּאָנים אַראָפּ אַ פאַר־בראַנזטער אוזבעק מיט אַן איידעלן, העלפאַנטבייניקן געזיכט. ער איז געווען באַשאָטן מיט זאַמד און אַ האַלבער קערפּער איז געווען פאַררוקט אין אַ לאָך. הינטער אים, אונטער די צווײַגן פון דער יאָדלע, האָט זיך געזען אַ בערגל זאָרגעוודיק צונויפגעלייגטע גראַנאַטן. אין זײַן טויטער האַנט, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן אַף הינטן, איז געווען פאַרקוועטשט אַ גראַנאַט; ס'האָט אויסגעזען ווי פאַרן וואַרפן אים האָט ער געוואָלט אַ קוק טאָן אָפּן הימל און אין אַזאַ פּאָזע איז ער שוין געבליבן פאַרגלי־ווערט.

אַביסל ווײַטער, לענגאויס דעם וואַלד־שטעגל, לעבן די מעשונעדיק־באַמאָלענע טאַנקען־ריזן, אַף די בערגלדיקע ראַנדן פון די גרויסע גריבער, אין די טראַנשייעלעך, לעבן די אַלטע פּניאַקעס, אומעטום האָבן זיך גע־זען טויטע גופים אין פּעלצלעך און וואַטאָווע הויזן; אַנדערע זײַנען געווען אָנגעטאָן אין גימנאַסטיאָרקעס פון אַ טונקל־גרינעם קאָליר און זייערע

זומערדיקע היטלען זײַנען געווען אראָפּגערוקט ביז די אויערן אַף צו שיצן פון דער קעלט. עס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט צונויפגעצויגענע קני, פאַר־ריסענע גאָמבעס און אָפּגעצערטע פּענימער, וואָס זײַנען געווען האַלב־אײַנגעגראָבן אין צעגייענדיקן שניי און צעפּרעסן דורך די פוקסן, צעפּיקט דורך די סאָראָקעס און קראָען, וואָס האָבן אויך איצט געקרײַזט איבער דער וואַלד־לאַנקע.

„אויך איך האָב דאָ געקענט ליגן!" — האָט געטראַכט אַלעקסיי, און ווידער איז זײַן גאַנץ וועזן אָנגעפילט געוואָרן מיט דער מעכטיקער אָנונג פון לעבן. אַלעקסיי האָט אויפגעציטערט. אין זײַן קאָפּ האָבן זיך נאָך געדרייט פּאַמעלעך די אָפּגענוצטע מילשטיינער; די פיס האָבן אים גע־ברענט און ווײ געטאָן מער ווי פריִער; ער האָט זיך אָבער אוועקגעזעצט אַפן טויטן בער, וואָס איז שוין געווען קאַלט און באַזילבערט דורך די טרוקענע שנייעלעך, און האָט אָנגעהויבן טראַכטן וואָס צו טאָן, ווו צו גיין און ווי אַזוי צוצוקומען צו די אייגענע אַוואַנגאַרד־אָפּטיילן.

בעתן אַראָפּפאַלן האָט ער פאַרלוירן די פלאַנשעט־טעקע מיט דער מאַפּע. אָבער אַפילע אָן דער מאַפּע האָט אַלעקסיי געהאַט אַ קלאָרע פאַר־שטעלונג וועגן וועג. דער דײַטשישער פעלד־אַעראָדראָם, וואָס איז אַטאַ־קירט געוואָרן דורך די אָנגריף־אַוויאָנען, האָט זיך געפונען אַ וואַסערע זעכציק קילאָמעטער צו מיִרעוו־צו פון פראָנט. בעתן דער לופט־שלאַכט האָבן די סאָוועטישע פּילאָטן באַוויזן אָפּצוציִען די דײַטשן אַ 20 קילאָ־מעטער צו מיזרעך, און ער אַליין, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון די דאָפּלטע „צוואַנגען", האָט מיסטאָמע אויך באַוויזן אַ רוק צו טאָן זיך נאָך נענטער צו מיזרעך. פון דאַנען איז קלאָר אַז ער איז אַראָפּגעפאַלן אַ 35 קילאָמעטער פון דער פראָנט־ליניע, אין גאַנץ ווײַטן רעטאַגוואַרד פון די פאָדערשטע דײַטשישע דיוויזיעס, ערגעץ אין „שוואַרצן וואַלד", איבער וועלכן ס'איז אים ניט איין מאָל אויסגעקומען צו פליִען באַגלייטנ־דיק אָנגריף־ און באָמבאַרדיר־אַוויאָנען, וואָס האָבן דורכגעפירט קורצע רײַדן אַפן נאָענטן דײַטשישן רעטאַגוואַרד. פון אויבן האָט אים דער וואַלד שטענדיק אויסגעזען ווי אַ ריזיקער גרינער יאַם. אין אַ פײַנעם וועטער האָבן זיך געזען די שפּיצן פון די סאָסנע־קרוינען; אין אַ שלעכטן, נעפּלדיקן וועטער האָט דער וואַלד אויסגעזען ווי אַ צעוויגטע וואַסער־אויבערפלאַך, אַ צעקאַרבטע דורך קליינע כוואַליעס.

ס'איז געווען גוט און שלעכט וואָס ער איז אַראָפּגעפאַלן אין צענטער פון דאָזיקן בסולע־וואַלד. גוט, ווײַל אין די פאַרפלאָנטערטע געדיכטענישן זײַנען געווען ווינציק מעגלעכקייטן אָנצושטויסן זיך אַף די דײַטשן, וועל־כע האָבן זיך געוויינלעך געהאַלטן נאָענט פון די קאָמוניקאַציע־וועגן און באַפעלקערטע ערטער; שלעכט, ווײַל ער וועט דאַרפן דורכמאַכן אַ גענוג שווערן, האָגאָם ניט ווײַטן, וועג, דורכן ווילד־פאַרוואַקסענעם וואַלד, ווו ער וועט ניט געפינען קיין הילף פון מענטשן, קיין שטיקל ברויט, קיין באַ־

העלטעניש, קיין שלוק חיים וואסער. וועאל קולאם — די פיס... וועט ער זיך קענען האלטן אף זיי? וועט ער קענען גיין?

ער האט זיך פאמעלעך אויפגעשטעלט. דער זעלבער שארפער ווייטיק, וואס איז אויפגעקומען אין די פוסטריט, איז דורכגעלאפן זיין גאנצן קער־פער, פון אונטן ביז אויבן. ער האט א געשריי געטאן. ער האט זיך ווידער געמוזט אוועקזעצן אפן קערפער פון בער. ער האט געפרואווט אויסטאן א שטיוול, אבער ס'איז ניט געגאנגען און בא יעדער האסטיקער באוועגונג האט זיך ארויסגעריסן בא אים א ווייטיק־קרעכץ. אלעקסיי האט דאן צו־נויפגעדריקט די ציין, פארמאכט די אויגן און א צי געטאן דעם הויכן שטיוול מיט ביידע הענט און מיטן גאנצן קויעך. אין יענער רגע האט ער פארלוירן דעם באוווסטזיין. ווען ער איז געקומען צו זיך האט ער פאמעלעך אפגעוויקלט די אניצע פון פוס, וואס איז געווען אינגאנצן גע־שוואלן און צונטער־רויט. ס'האט געברענט און מוירעדיק ווי געטאן אין די געלענקען. אלעקסיי האט אוועקגעשטעלט דעם פוס אפן שניי און דער ווייטיק איז שטילער געווארן. מיטן זעלבן פארצווייפלטן צי, פונקט ווי ער וואלט זיך ארויסרייסן א צאן, האט ער אראפגעצויגן דעם אנדערן שטיוול.

זיינע ביידע ענדגלידער האבן צו גארניט געטויגט. ווען דער אוויאן האט זיך אנגעשטויסן אן די סאסנע־קרוינען און ווען אלעקסיי איז ארויס־געווארפן געווארן פון דער קאבינע, האט, אן שום ספק, עפעס פאר־טשעפעט זיינע פיס און צעקוועטשט די ביינדלעך פון מיטל־טראט און די פינגער. אין נארמאלע באדינגונגען וואלט אלעקסייען, פארשטייט זיך, אפי־לע ניט איינגעפאלן צו פרווון אוועקשטעלן זיך אף די דאזיקע צעריבענע און געשוואלענע פיס. ער האט זיך אבער געפונען אין דער וואלד־געדיכ־טעניש, אין רעטאגווארד פון סוינע, און יעדע באגעגעניש מיט א מענטשן האט דארט באטייט טויט אנשטאט הומאניטארע הילף. האט ער באשלאסן שלעפן זיך, גיין צו מיזרעך, רוקן זיך דורכן וואלד, ניט זוכן קיין באקווע־מע וועגן און קיין באפעלקערטע געגנטן, גיין פאר יעדן פרייז.

אלעקסיי האט זיך אויפגעהויבן אן אנטשלאסענער, האט ארויסגע־לאזט א קרעכץ, האט א א קריץ געטאן מיט די ציינער און האט א שטעל געטאן דעם ערשטן טראט. ער איז א ווײַלע שטיין געבליבן, האט ארויס־געצויגן דעם אנדערן פוס פון שניי און געגעבן א צווייטן טראט. ס'האט אים געזשומעט אין קאפ; דער וואלד און די לאנקע האבן זיך געוואקלט און האבן אנגעהויבן שווימען.

אלעקסיי האט געפילט אז די שפאנונג און דער ווייטיק האלטן אים אין אפשוואכן. ער האט פארביסן די ליפן און גענומען גיין צום שטעגל וואס האט זיך געצויגן פאזע אן איבערגעפירטן טאנק און דעם אוזבעק מיט די גראנאטן. דאס שטעגל האט געפירט אין וואלד, אין דער ריכטונג צו מיזרעך. גיין איבערן ווייכן שניי איז נאך געווען דערטרעגלעך, אבער ווען ער איז ארויף אפן צעהויקערטן וועג, וואס איז אפגעקערט געווארן

דורך די ווינטן און וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַן אײַז־שיכט, איז דער ווייטיק געוואָרן אַזוי אומדערטרעגלעך אַז מען האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן און ניט וואָגן צו געבן אַ טראָט ווײַטער. אַלעקסיי איז געבליבן שטיין מיט אומגעלומפּערט־צעשפּרייטע פיס און האָט זיך געדרייט ווי אַ בלאַט אַפן ווינט. מיטאַמאָל איז אַלץ פאַרטונקלט געוואָרן פאַר זײַנע אויגן. עס זײַנען פאַרשוווּנדן דער וועג, די סאָסנעס, די בלאָלעכע וואַלדגעדיכטעניש, דער האַלב־קײַלעכדיקער הימל־סופיט וואָס איז געהאַנגען איבער אים... ער איז געשטאַנען אַפן אַעראָדראָם לעבן אַן אַוויאָן, זײַן אַוויאָן, און לעבן אים, זײַן מעכאַניקער, דער אויסגעצויגענער יוראַ, מיטן ניט־ראַזירטן, אין שמירעכץ אײַנגעריכטן פּנים, און מיט די שײַנענדיקע העלפאַנטבייניקע ציין און אויגן־ווײַסלען. דער מעכאַניקער האָט אים אָנגעוויזן די קאַבינע און האָט אים, מיט אַ באַוועגונג, פאַרבעטן אַרײַנצושטײַגן: „אַלץ איז פאַרטיק! געפלויגן זאָל ווערן!" אַלעקסיי האָט געגעבן אַ טראָט צום אַוויאָן, אָבער דער באָדן האָט געפלאַמט און געברענט אים די פיס, ווי ער וואָלט געגאַנגען אַף אַ רויט־אָנגעגליטן אײַזן. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן דירעקט צום פליגל, אויסמײַדנדיק די אָנגעגליטע ערד, אָבער ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אַן קאַלטן אַוויאָן־קאָרפּוס, איז ער געבליבן איבעראַשט. דער אַוויאָן איז ניט געווען גלאַט און לוסטרירט, נאָר שאָרסטיק און באַדעקט מיט סאָסנע־קאָרע... ער האָט זיך ניט געפונען אין קיין שום אַוויאָן, נאָר אַפן וואַלד־שטעגל, טאַפּנדיק מיט דער האַנט דעם שטאַם פון אַ בוים.

„זאָלן עס זײַן האַלוצינאַציעס? דער פאַרפאַל האָט מיך אײַנגאַנצן צעמישט — האָט געטראַכט אַלעקסיי —. גיין איבערן וועג איז אומדערטרעגלעך. צוריק אָנהייבן גיין מיטן אָפענעם פעלד?, וועל איך זיך צופיל פאַרשפּעטיקן". ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אַפן שניי, האָט אַראָפּגעצויגן די שטיוול מיט די זעלבע האַסטיקע און אַנטשלאָסענע באַוועגונגען וואָס פריער, האָט פונאַנדערגעריסן מיט ציין און נעגל די נאָסקעס פון די שטיוול קעדיי זיי זאָלן ניט דריקן אַף די צעקוועטשטע פיס, האָט אַראָפּגענומען פון האַלדז זײַן גרויסן לײַוונטענעם שאַל, האָט אים צעריסן אַף צוויי העלפטן, אַרומגעוויקלט מיט זיי די פיס און צוריק אָנגעטאָן די שטיוול.

איצט איז געווען לײַכטער צו גיין. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז ניט געווען קיין גיין, נאָר אַ פּאַמעלעכדיקער און פאַרזיכטיקער פאַרויסרוקן זיך אַף די פּיאַטעס. ער האָט אויפגעהויבן הויך די פיס ווי ער וואָלט געשפּרײַזט איבער אַ זומפּ. נאָך יעדע פּאָר טריט פלעגט זיך אים פאַרדרייען דער קאָפּ פון ווייטיק און געשפּאַנטקייט. ער פלעגט זיך מוזן אָפּשטעלן, פאַרמאַכן די אויגן, אָנשפּאַרן דעם רוקן אַף אַ שטאַם, אָדער אַוועקזעצן זיך אַ ווײַלע אָפּרוען אַף אַ בערגל שניי. בישאַס־מײַסע האָט ער געפילט דעם ביז גאָר האַסטיקן קלאַפּן פונעם פולס.

אַזוי האָט ער זיך געשלעפּט עטלעכע שאָ. ווען ער האָט אָבער אַ קוק

געטאן אף הינטן, צום אנדערן ברעג פון דורכגעגאנגענעם אפשניט, האט ער נאך געזען דעם באלויכטענעם אויסבויג פון וועג, דארט ווו ס׳האט זיך געזען אינעם שניי, ווי א קליינער טונקעלער פלעק, דער קערפער פון אוזבעק. דאס איז ניט געפעלן געווארן אלעקסייען. ס׳איז אים ניט געפעלן געווארן, אבער ניט דערשראקן. ס׳האט זיך אים פארוואלט גיין גיכער. ער האט זיך אויפגעשטעלט פון שניי־בערגל, האט צונויפגעדריקט מיט קויעד די ציין און איז אוועק ווײַטער, אנמערקנדיק פאר זיך קליינע צילן — פון סאסנע צו סאסנע, פון שטאם צו שטאם, פון איין שניי־בערגל צום צווייטן — און האט קאנצענטרירט אין זיי זײַן גאנצע אויפמערקזאמקייט. הינטער אים, אף דעם אומבאפלעקטן שניי פון דער איינזאמער וואלד־סטעזשקע זײַנען געבליבן שוואכע, זיגזאגיקע און צעפלאנטערטע טראט־סימאנים, ענלעכע אף די שפורן וואס עס לאזט איבער א פארווונדיקטע כאיע.

## .4

אזוי האט ער זיך געשלעפט ביז פארנאכט. די זון האט, הינטער אלעקסייס פלייצעס, גענומען פאמעלעך אראפזינקען אפן האריזאנט; זי האט געווארפן אף די סאסנע־קרוינען דעם קאלטן אפגלאנץ פון בייז־האש־מאשעס, און די גראע פארנאכט־שאטנס האבן גענומען טונקעלער ווערן. אף איין זײַט פון וועג, אין א גראבן באדעקט מיט נאדל־קוסטעס, איז פאר אלעקסייס אויגן דערשינען א שוידערלעך בילד, וואס האט אים אזוי אויפגעטרייסלט, פונקט ווי מען וואלט א פיר געטאן מיט א נאסן, קאלטן האנטעך איבער זײַן רוקנביין, ביזן סאמע נאקן. זײַנע האר האבן זיך געשטעלט קאפויער אונטערן פלי־קאפטער.

בעיים אף דער וואלד־לאנקע איז אנגעגאנגען די שלאכט, איז אין ווילדגראזיקן קוסטן־גראבן קענטיק אײַנגעארדנט געווארן א סאניטארער פונקט. דארט האט מען אריבערגעפירט די פארווונדיקטע און פונאנדערגעלייגט זיי אף סאסנע־צווײַגן. איצט זײַנען זיי געלעגן אין א ריי, באשיצט פון די קוסטעס: אייניקע זײַנען געווען האלב־באגראבן אינעם שניי, אנדערע — אינגאנצן צוגעדעקט. אפן ערשטן קוק האט מען געקענט באמערקן אז זיי זײַנען ניט געשטארבן פון זייערע ווונדן. עמעץ, וואס האט געארבעט געשיקט מיט א מעסער, האט זיי אלעמען געקוילעט; אלע קערפערס זײַנען געלעגן אף אן ענלעכן אויפן — די קעפ שטארק פארווארפן אף הינטן, ווי זיי וואלטן זיך באמיט צו זען דאס וואס עס קומט פאר הינטער זיי. דארט האט מען אויך געקענט געפינען די אויפקלערונג פון דער מיסטעריע פון שוידערלעכן בילד. אונטער א סאסנע, ביזן גארטל אין שניי, האט זיך געפונען די קראנקן־שוועסטער. לעבן איר איז געלעגן, א באדעקטער מיט שניי, דער גוף פון א רויטארמייער, וואס האט אנגע־

שפּאַרט דעם קאָפּ אַף אירע קני. דאָס מיידל איז געווען קליין און שוואַך און די אויערן־דעקלעך פון איר ווינטער־היטל זײַנען געווען אונטערגעבונדן אונטער איר גאָמבע. פון צווישן אירע אַקסל־ביינער האָט אַרויסגעשטעקט דאָס גלאַנציקע הענטל פון אַ מעסער. לעבן איר זײַנען געלעגן פאַרשטײַפּט, אײַנגעשטשעמעטע איינער אין צווייטנס האַלדז, אַ דײַטש אין אַן ס.־ס.־אוניפאָרם און אַ רויטאַרמייער מיט אַ פאַרבלוטיקטן באַנדאַזש אַפן קאָפּ. אַלעקסיי האָט מאָמענטאַל פאַרשטאַנען אַז יענער פאַרשוין אין שוואַרצן אוניפאָרם איז געווען דער מערדער פון אַלע פאַרוווּנדיקטע און אַז אין מאָמענט ווען ער האָט געהאַלטן אין דערשטעכן די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אים אַ מענטש וואָס איז נאָך ניט געשאָכטן געוואָרן. אין די פינגער וואָס האָבן פאַרקלעמט דעם דײַטשס האַלדז האָט דער רויטאַרמייער קאָנצענטרירט די גאַנצע פאַרצווייפלטע קראַפט פון דער גסיסע.

און אַזוי האָט זיי באַגראָבן דער שניי־שטורעם: דאָס שוואַכע מיידל, וואָס האָט באַשיצט מיט איר קערפּער דעם פאַרוווּנדיקטן, און יענע צוויי — דעם טאַליען און דעם נעקאָמע־נעמער — אַרײַנגעפלאָנטערטע איינער אין צווייטן.

מערעסיעוו האָט זיך אַ פאַרגליווערטער אָפּגעהאַלטן עטלעכע רגעים, נאָכדעם האָט ער זיך דערנענטערט צו דער קראַנקן־שוועסטער און אַרויסגעצויגן פון איר קערפּער דעם מעסער. דאָס איז געווען אַן ס.־ס.־קינזשאַל, געמאַכט לויטן מוסטער פון אַן אַלטער גערמאַנישער שווערד, מיט אַ קאָאַבהענטל, אין וועלכן ס'איז געווען אַרײַנגעזעצט דער באַזילבערטער עמבלעם פון די ס. ס. אַפן פאַרזשאַווערטן קינזשאַל־מעסער איז נאָך געווען קענטיק די אויפשריפט: „אַללעס פיר דויטשלאַנד“. אַלעקסיי האָט אַראָפּגענומען פונעם דײַטש דעם פעלענעם שיידל פון קינזשאַל: אַפן וועג האָט ער זיך געניטיקט אין אַ מעסער. נאָכדעם האָט ער אויסגעגראָבן פון אונטערן שניי אַ שטײַפע און אָפּגעקראָכענע פעלד־פּאַלאַטקע און פאַרזיכטיק פאַרדעקט מיט איר דעם קערפּער פון דער קראַנקן־שוועסטער, אַרויפליינגדיק פון אויבן עטלעכע סאָסנע־צווײַגן...

בעיים ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט דעם אַלעם איז געוואָרן גוט טונקל. אין מײַרעוו איז די קלאָרקייט צווישן די ביימער פאַרלאָשן געוואָרן. אַ קאַלטע און טיפע פינצטערקייט האָט אַרומגענומען דעם גראָבן. אַלץ איז דאָרט געווען שטיל, אָבער דער נאָכטווינט האָט געשאָקלט די סאָסנע־קרוינען און דער וואַלד האָט געמורמלט, צײַטנווײַז פאַרשלעפערנדיק, ווי ער וואָלט פאַרצויגן אַ וויגליד, און צײַטנווײַז אימפּעטדיק און דראָענדיק. שניי־קרישטאָלעכלעך, וואָס מען האָט ניט געזען, זײַנען מיט אַ ווייכן שעפּטש געפאַלן אין גראָבן און געשטאָכן אַלעקסייס פּנים.

אַ געבוירענער אין קאַמישין, אינמיטן פון וואָלגע־סטעפּ, איז אַלעקסיי געווען אַ שטאָט־מענטש, אַן אומגעניטער אין וואַלד־לעבן. אים איז

ניט איינגעפאַלן אויסצוקלייבן באַציַיטנס אַז אָרט צו נעכטיקן און צוצו־
גרייטן אַ שיַיטער. ס'האָט אים פאַרכאַפּט די גענעמדיקע פינצטערניש און
ער האָט דערפילט אַז אומדערטרעגלעכן ווייטיק אין די צעפּלעטשטע און
פאַרמאַטערטע פיס. ער איז ניט געווען בעקויעך צו גיין זוכן האָלץ און
האָט זיך איַינגעאָרדנט אין געדיכטן, יונגן סאָסנע־וועלדל. ער האָט זיך
אָוועקגעזעצט אונטער אַ בוים, האָט זיך איַינגעדרייט אין אַ קניַילכל, האָט
באַהאַלטן דאָס פּאָנים צווישן ביידע פיס וואָס ער האָט אַרומגענומען מיט
די הענט, און, וואַרעמענדיק זיך מיט זיַין אייגענעם אָטעם, איז ער איַינ־
געשלאָפן מיט אַ שטאַרקן גענוס, וואָס דאָס אָפּרוען זיך און די אומבאַ־
וועגלעכקייט האָבן אים פאַרשאַפט.

ער האָט געהאַט גרייט דעם רעוואָלווער, אָבער ס'וואָלט אים אַלץ
איינס ניט אויסגעקומען צו נוצן אים אין זיַין ערשטער וואַלד־נאַכט. ער
איז געשלאָפן ווי אַ געהאַרגעטער און ניט געהערט דעם מאָנאָטאָנעם גע־
שורש פון די סאָסנעס, דאָס שריַיען פון דער סאָווע האַרט באַם וועג און
דעם וויַיטן געוואָי פון די וועלף. עס איז ניט דערגאַנגען צו אים קיין
איינער פון די וואַלד־געררוישן וואָס האָבן אָנגעפילט דעם אומנעמענדיקן,
טיפן און אומדורכדריגלעכן כווישעך.

פונדעסטוועגן, אַ שפּראָץ אַף טאָג, ווען בלויז די נאָנטסטע ביימער
האָבן גענומען אויסשיילן זייערע אומדייטלעכע קאָנטורן אין דער קאַל־
טער פינצטערקייט פונעם פאַרטאָג, האָט ער זיך מיט איין מאָל אויפגע־
כאַפּט פונקט ווי עמעץ וואָלט אים אַ שטויס געטאָן. אויפכאַפּנדיק זיך
האָט ער זיך דערמאָנט אַלץ וואָס איז פאַרגעקומען און ווו ער געפינט זיך,
און ער האָט זיך דערשראָקן וואָס ער האָט אַזוי אומפאַרזיכטיק דורכגע־
נעכטיקט אין וואַלד. די פּיַיכטע קעלט איז דורכגעדרונגען דורכן פוטער־
נעם אָווערראָל און האָט אים דורכגענומען די ביינער. אַפטע און אומאָפּ־
האַלטלעכע אויפשוידערן זיַינען דורכגעלאָפן דורך זיַין קערפּער, אָבער דאָס
שרעקלעכסטע איז געווען מיט די פיס: אָפגערוטערהייט האָט ער נאָך שאַר־
פער געפילט דעם ווייטיק. בלויז דער געדאַנק אַז ער דאַרף זיך אויפהייבן
האָט אים אָנגעפילט מיט ציטער. ער האָט זיך אָבער אָוועקגעשטעלט אַז
אַנטשלאָסענער, מיט איין שפּרונג: יעדע מינוט האָט געהאַט אַן אומ־
אָפּשאַצלעכן ווערט.

צו אַלע צרות וואָס האָבן זיך אויסגעשאָטן אַף אַלעקסייס קאָפּ איז
צוגעקומען דער הונגער. נעכטן, ווען ער האָט צוגעדעקט דעם קערפּער
פון דער קראַנקן־שוועסטער מיט דער פעלד־פּאַלאַטקע, האָט ער באַמערקט
אַ ברעזענטענעם זעקל מיט אַ רויטן קרייץ אַף אים. אייניקע כאַיעלעך
האָבן שוין אַרומגעשמעקט יענע ערטער, וויַיל אָפּן שניי, נאָנט פון די
לעכער וואָס זיַינען געווען אויסגעריזשעט אינעם ברעזענט, האָבן זיך
געוואַלגערט עטלעכע ברעקלעך. פריִער האָט ער זיך קימאַט ווי ניט אָפּגע־
שטעלט אַף דעם. איצט האָט ער אויפגעהויבן דעם זעקל. עס זיַינען געווען

אין אים פּעקלעד באַנדאַזשן, אַ גרויסע פּושקע קאָנסערוון, אַ פּאַק בריוו און אַ שפּיגעלע וואָס אַף זײַן לינקן זײַט האָט זיך געזען די פּאָטאָגראַפּיע פון אַן אויסגעדאַרטער אַלטיטשקער. ס'איז געווען קלאָר אַז אין זעקל איז געווען ברויט אָדער סוכאַרעס, אָבער די פייגעלעד און כאַיעלעד האָבן עס צורעכט געמאַכט. אַלעקסיי האָט אַרײַנגעלייגט די קאָנסערוון־פּושקע און די באַנדאַזשן אין די קעשענעס פון אָוועראָל און האָט געזאָגט אין זיך: „אַ דאַנק, שוועסטער!” ער האָט פאַרריכט די פעלד־פּאַלאַטקע וואָס דער ווינט האָט אונטערגעהויבן און איז פּאַמעלעך אַוועק פאָרויס. דער מיזרעך, הינטער דער געדיכטער צווײַגן־נעץ פון די ביימער, איז שוין געווען אָנגעצונדן אין אָראַנזש־פּלאַמען.

ער האָט איצט געהאַט צו זײַן דיספּאָזיציע אַ קילאָיקע פּושקע קאָנסערוון, און ער האָט באַשלאָסן צו עסן איין מאָל אַ טאָג — מיטאָגצײַט.

## .5

קעדיי צו דערשטיקן דעם ווייטיק וואָס יעדער טראָט האָט אים פאַרשאַפן, האָט ער זיך אָנגעהויבן צעשטרײַען דורך אַרומטראַכטן און אויסכעשבענען די שטרעקע וואָס ער דאַרף דורכמאַכן. אויב ער וועט יעדן טאָג דורכמאַכן 10 אָדער 12 קילאָמעטער, וועט ער אָנקומען צו די אייגענע אין דרײַ אָדער שפּעטסטנס פיר טעג.

„זייער גוט” — האָט געטראַכט אַלעקסיי — „וואָס מיינט עס איצט: דורכמאַכן 10 אָדער 12 קילאָמעטער? אַ קילאָמעטער דאָס זײַנען 2000 שפּאַן, דאָס הייסט אַז 10 קילאָמעטער זײַנען 20.000, — אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע צאָל, אויב מען נעמט אין אַכט אַז יעדע 500 אָדער 600 שפּאַן וועל איך זיך מוזן אָפּשטעלן און אָפּרוען זיך”...

נעכטן, קעדיי צו פאַרקירצן דעם וועג, האָט ער זיך אָנגעמערקט עטלעכע זע־פּונקטן — אַ סאָסנע, אַ שטאָם, אַ גרוב אַפן שטעג — און צו זיי איז ער געגאַנגען ווי צו אַן אָפּרו־פּונקט. איצט האָט ער אַלץ איבערגעזעצט אַף דער שפּראַך פון ציפער, אַף דער צאָל שפּאַנען. צווישן צוויי אָפּרו־פּונקטן האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן 1.000 שפּאַן, דאָס הייסט אַ האַלבן קילאָמעטער, און אָפּרוען זיך העכסטנס 5 מינוט, מיטן זייגער אין האַנט. אַף אַזאַ אויפן וועט ער פון אינדערפרי ביז זון־פאַרגאַנג דורכמאַכן 10 קילאָמעטער. ס'וועט קאָסטן מי, אָבער ער וועט דורכמאַכן.

ווי שווער זײַנען אים, אָבער, אָנגעקומען די ערשטע 1.000 טריט! קעדיי צו שטילן דעם ווייטיק האָט ער געפּרוווט קאָנצענטרירן זײַן גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אין כעשבן; נאָכן דורכשפּאַנען 500 טריט האָט ער אָבער אָנגעהויבן פּלאָנטערן זיך און פאַרלירן דעם כעשבן, און ער האָט שוין מער ניט געקענט טראַכטן אין קיין אַנדער זאַך ווי אין שנײַדיקן און אומדערטרעגלעכן ווייטיק. פונדעסטוועגן, ניט קוקנדיק אַף אַלץ, האָט ער

דורכגעמאַכט די 1.000 שפּאַן. אַן קויעד צו זעצן זיך אַפּילע, איז ער אַ פּאָל געטאַן מיטן פּאָנעם אַראָפּ אויפן שניי און גענומען לעקן דורשטיק די פאַר־פרוירענע אויבערפלאַך. ער האָט צוגעדריקט צו איר דעם שטערן און די שליפן, אין וועלכע ס'האָט געזעצט דאָס בלוט. דער קאַלטער קאָנטאַקט האָט אים פאַרשאַפט אַן אויסערגעוויינלעכן גענוס.

נאָכדעם האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. דער סעקונדן־מעסטער האָט אָנגעוויזן די לעצטע רעגעס פון די 5 מינוט. ער האָט געקוקט אויף אים מיט שרעק, פּונקט ווי עפּעס שרעק־לעכס וואָלט געקענט פּאַסירן ווען ער וועט צוקומען צו דער גרענעץ. ווען דער ווייזער איז צוגעקומען צו דער ציפער 60, האָט ער זיך אויפגע־שטעלט מיט איין שפּרונג, האָט אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ און איז אוועק פאָרויס.

מיטאָגצייַט, ווען אין האַלב־שאָטן פון וואַלד האָבן זיך געמיניעט די דינפּעדעמדיקע זון־שטראַלן, וואָס האָבן זיך דורכגעפילטרירט דורך דער געדיכטער פּאַרוואַקסנקייט, און ווען אין גאַנצן וואַלד האָט זיך גע־הערט אַ שטאַרקער רייעך פון סמאָלע און פון צעגאַנגענעם שניי, האָט ער געהאַט דורכגעמאַכט, אין סאַכאַקאַל, פיר שטרעקעס. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן שניי, אינמיטן פון שטעגל, אַן קויכעס צוצושאַרן זיך אַפילע צום שטאָם פון אַ גרויסער בעריאָזע, וואָס איז געווען קימאַט מיטן האַנט צו דערלאַנגען. ער איז געזעסן אַ לאַנגע צייַט מיט אַראָפּגע־לאָזענע אַקסלען, ניט טראַכטנדיק, ניט זעענדיק, ניט הערנדיק גאָרניט. ער האָט אַפילע ניט געפילט קיין הונגער.

ער האָט אַ זיפץ געטאָן, אַרייַנגענומען אין מויל עטלעכע הויפנס שניי און באַהערשנדיק דעם שווערן שלאָף, וואָס האָט פאַרגליווערט זייַן קערפער, האָט ער אַרויסגעצויגן פון קעשענע די פאַרזשאַווערטע פּושקע און האָט זי געעפנט מיטן קינזשאַל. ער האָט גענומען אין מויל אַ שטיק פאַרפרוירן, געשמאַקלאָז פעטס און האָט עס געוואָלט אַראָפּשלינגען, אָבער ווען עס איז אין וואַרעמען מויל אָפּגעגאַנגען און ער האָט דערפילט אַ טאַם, האָט אים באַהערשט אַזאַ הונגער אַז ס'האָט אים געקאָסט מי אָפּצורייַסן זיך פון דער פּושקע. ער האָט געמוזט נעמען עסן שניי, קעדיי צו שלינגען עפּעס.

איידער ער האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַרייַן, האָט ער זיך באַזאָרגט מיט עטלעכע שטעקנס. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיי, אָבער פון שאַ צו שאַ איז אים אַלץ שווערער געוואָרן צו גיין.

## 6.

...דער דריטער טאָג פון זייַן מאַרש דורכן געדיכטן וואַלד האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אומדערוואַרטער געשעעניש.

אלעקסיי האט זיך אויפגעכאפט מיט די ערשטע זון־שטראלן, טרייס־לענדיק זיך פון קעלט און פילנדיק אן אינערלעכן ציטער. אין א קעשענע פון זיין אוועראל האט ער געפונען א צינד־מאשינקע וואס זיין מעכאני־קער יורא האט, ווי אן אנדענק, געמאכט פאר אים פון א קויל־גילזע. ער האט זיך אינגאנצן געהאט פארגעסן אין דער מאשינקע, וואס האט גע־דארפט און געמוזט געבן פייער. ער האט אפגעריסן עטלעכע טרוקענע, מאכיקע יאדלע־צווייגן און, באדעקנדיק זיי מיט טרוקענע בלעטער, האט ער זיי אנגעצונדן. פון בלאלעכן רויך האט זיך באוויזן עטלעכע לעבעדיקע און געלבלעכע פלעמלעך. דאס טרוקענע, מיט סמאלע דורכ־גענומענע, האלץ האט געברענט גיך און פריילעך. דאס פייער האט ארומ־געכאפט די בלעטער און האט, אונטערן געבלאז פון ווינט, גענומען לע־בעדיק קנאקן און טרעשטשען.

דער שייטער האט געשפריצט און געקנאקט, און האט פארשפרייט א טרוקענע און געשמאקע ווארעמקייט. אלעקסיי האט זיך גענומען פילן א סאך בעסער, ער האט אפגעשפיליעט זיין אוועראל, ארויסגענומען פון א בלוזע־קעשענע עטלעכע זייער אפגענוצטע בריוו, געשריבענע מיט דער זעלבער קיילעכדיקער און ווייכער האנטשריפט. פון איין בריוו האט ער, פון צווישן צעלאפאן־פאפיר, ארויסגענומען א פאטאגראפיע פון א דין מיידל, וואס האט געטראגן א קלייד פון לעבעדיקע קאלירן און איז גע־זעסן אין גראז מיט אונטערגעקאשערטע פיס. ער האט זי באטראכט א לאנגע צייט, האט זי איינגעוויקלט אינעם צעלאפאן־פאפיר און צוריק אריינגעלייגט אינעם בריוו. פארטראכט אין זיך אליין, האט ער עטלעכע רעגעס געהאלטן דעם בריוו אין די הענט און אריינגעלייגט אים אין קעשענע.

— מען דארף זיך ניט אײַלן, מען דארף זיך ניט אײַלן, אלץ וועט זיך איינארדענען — האט מערעסיעוו געזאגט, אומבאוווּסט צי צום מיידל אדער צו זיך אליין; א פארטראכטער האט ער איבערגעכאזערט: — מען דארף זיך ניט אײַלן...

נאכדעם האט ער מיט די געוויינלעכע באוועגונגען זיינע אראפגע־צויגן די שטיוול, האט אפגעוויקלט די שטיקער שאל און האט באקוקט אויפמערקזאם זיינע פיס. זיי זיינען נאכמער געווען געשוואלן. די פינגער האבן געקוקט אין פארשיידענע ריכטונגען פונקט ווי די פוסטריט וואלטן געווען פון גומע, וואס איז אנגעבלאזן געווארן מיט לופט. זייער קאליר איז געווען נאך טינקעלער ווי מיט א טאג פריער.

אלעקסיי האט א זיפץ געטאן, געזעגענענדיק זיך מיטן שייטער וואס האט זיך שוין געהאלטן אין אויסלעשן, און האט ווידער אנגעהויבן גיין. דער שנייי האט געטרעשטשעט אונטער זיינע שטעקנס און ער אליין איז, מיט פארביסענע ליפן, שיר ניט געפאלן אין כאלאשעס.

מיטאמאל, צווישן די פארשיידענע גערוישן פון וואלד וואס זיין

צוגעוווינטער אויער האָט קימאַט ווי ניט אויפגעכאַפּט שוין, האָט ער דערהאָרכט אַ ווײַטן כריפּען פון מאַטאָרן אין גאַנג. פון אָנהייב האָט ער געמיינט אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ האַלוצינאַציע וואָס קומט פון פאַר־מאַטערטקייט, אָבער וואָס ווײַטער האָבן די מאַטאָרן געברומט מיט מער קראַפט, וואַיענדיק צײַטנווײַז אין ערשטער גיכקייט און צײַטנווײַז שטי־לער מאַכנדיק דעם געוויש. ס'איז קלאָר אַז דאָס זײַנען געווען דײַטשן און אַז זיי האָבן זיך באַוועגט אַפן זעלבן וועג וואָס ער. אַלעקסיי האָט דערפילט אַז דאָס בלוט ווערט אים פאַרקילט אין די אָדערן.

דער פּאַכאַד האָט אים געגעבן קויכעס. פאַרגעסנדיק די מידקייט און דעם ווייטיק פון די פיס איז ער אָפּגעטראָטן פון וועג און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דורכן אָפענעם פעלד צו אַ געדיכטן יאָדלע־וועלדל און דאָרט, פאַררוקנדיק זיך אין דער געדיכטעניש, איז ער אַ פאַל געטאָן אַפן שניי. פון וועג האָט מען אים ניט געקענט באַמערקן; ער גופע האָט אָבער אויסגעצייכנט געקענט זען דעם וועג, אַ באַלויכטענעם דורך דער מיטנ־טאָגיקער זון, וואָס האָט זיך שוין אויפגעהויבן איבערן פאַרשפּיצטן מויער פון די יאָדלע־קרוינען.

דער געוויש האָט זיך דערנענטערט. אַלעקסיי האָט זיך דערמאָנט אַז אַפן שניי פון אומבאַטראָטענעם וועג האָבן זיך דײַטלעך געזען זײַנע איינזאַמע טריט. ס'איז שוין אָבער געווען שפּעט צו רירן זיך פון אָרט. דער מאָטאָר פון פאָדערשטן אויטאָ האָט געכריפּעט גאַר נאָנט. אַלעקסיי האָט זיך נאָך מער אײַנגעפּלאַטשט אינעם שניי. צוערשט איז דערשינען צווישן די צווײַגן אַ געפּאַנצערטער, גלאַטער אויטאָ, ווי פון איין שטיק געגאָסן, אָפּגעמאָלן אין גיפּס־קאָליר. וויגנדיק זיך און סקריפּענדיק מיט זײַנע קייטן האָט ער זיך דערנענטערט צום אָרט וווּ אַלעקסיים שפּורן האָבן זיך ארײַנגעקערט אין וואַלד. אַלעקסיי האָט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. דער געפּאַנצערטער אויטאָ האָט זיך ניט אָפּגעהאַלטן. הינטער אים איז געפאָרן אַן אָפענער אויטאָ אַף טאַנק־קייטן. עמעץ אין אַ הויכן, פלאַכן היטל, אײַנגעדרייט אין אַ טונקעלן פוטער־קראַגן איז געזעסן לעבן שאָ־פער. פון הינטן, אַף אַ הויכן זיץ־אָרט, האָבן זיך געטרייסלט, צוזאַמען מיטן אויטאָ, עטלעכע סאָלדאַטן אין גראָ־גרינע שינעלן, מיט קאַסקעס אַף די קעפּ און באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטן. אַביסל ווײַטער האָט זיך באַוועגט מיט אַ געבלאָזערײַ און מיט אַ קייטן־סקריפּערײַ אַ גרעסערער קאַטש, אין וועלכן עס זײַנען געווען אויסגעזעצט אין אַ ריי אַ וואָסערע פופצן סאָלדאַטן.

אַלעקסיי האָט זיך ארײַנגעבויערט אינעם שניי. די אויטאָס זײַנען געווען אַזוי נאָנט, אַז ס'האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּאָנים דער אי־פעשדיקער און לעפּלעכער גערוך פונעם פאַרברענטן נאַפט. די האָר אַפן נאַקן האָבן זיך אים געשטעלט קאַפּויער און די מוסקולן זײַנען געוואָרן שטײַף ווי שטאָלענע ספּרענזשינעס. די אויטאָס זײַנען אָבער פאַרבײַגע־

פארן, דער געשטאנק איז פארשוווּנדן און דער גערויש פון די מאטארן האט זיך ביסלעכווייז דערווייטערט און איז געווארן קימאט ווי אומדערהארכלעך.

אלעקסיי האט געווארט ביז דער גערויש האט זיך אויסגעלאשן אינגאנצן. דאן האט ער זיך אומגעקערט אפן וועג, ווּ עס זיינען געבליבן איינגעדריקט די קלארע, טרעפלדיקע שפורן פון די טאנקען־קייטן; ער איז זיי נאכגעגאנגען. ער האט דורכגעמאכט די זעלבע רעגולערע שטרעקעס, האט זיך אפגערוט אף די זעלבע אינטערוואלן און האט געגעסן גענוי נאכדעם ווי ער פלעגט דורכמאכן א האלבן טאג גאנג. איצט איז ער אבער געגאנגען פארזיכטיק ווי א ווילדע כאיע. זיין וואך אויער האט אויפגעכאפט די קלענסטע געשורשן, זיינע אויגן האבן דורכגעגראבן אלץ ארום, פונקט ווי ער וואלט געוווּסט אז דארט נאנט שארט זיך פארביי, אויסבאהאלטנדיק זיך, א געפערלעכע כאיע־ראע.

אלעקסייען, א פליער וואס איז געוווינט געווען צו קעמפן אין דער לופטן, איז איצט צום ערשטן מאל אויסגעקומען אנצושטויסן זיך, אף דער ערד, מיט לעבעדיקע, עמעסע סאנים. איצט איז ער געגאנגען פאמעלעך אף זייערע שפורן, לאכנדיק סארקאסטיש: „אומאנגענעם און אומבאקוועם לעבט איר דא! ווייניק גאסטפריינטלעך איז צו אייך די ערד וואס איר האט אקופירט!״ אפילע אין בסולע־וואלד, ווּ אלעקסיי האט בעמעשעד פון דריי טעג ניט געזען קיין סימפטאם פון מענטשלעכן לעבן, מוז יענער אפיציר פארן מיט אזא שמירע.

„מען דארף זיך ניט איילן, מען דארף זיך ניט איילן, אלץ וועט זיך איינארדענען!״ — האט צו זיך אליין געזאגט אלעקסיי מערעסיעוו, באמיענדיק זיך ניט צו באמערקן ווי זיינע פיס טוען אים וויי אלץ שטארקער און ווי ער האלט אין איין פארלירן קויכעס. דער מאגן האט זיך שוין ניט געלאזט אפנארן דורך די שטיקער יאדלע־קארע וואס ער האט געקייט און געשלונגען נאכאנאנד, ניט דורך די ביטערע בעריאזע־קנאספן, ניט דורך דער ווייכער און גליטשיקער ליפע־קארע וואס האט זיך געקלעפט צו די ציינער.

ווען ס'איז אנגעקומען דער פארנאכט האט ער קוים געהאט דורכגעמאכט פינף שטרעקעס. פונדעסטוועגן האט ער צוגעגרייט אף באנאכט א גרויסן שייטער, האט צונויפגענומען טרוקענע בלעטער און צווייגן ארום א גרויסן שטאם פון א האלב־פארפוילטער בעריאזע, וואס איז געלעגן אן איבערגעדרייטע אף דער ערד. ווי לאנג ער איז, האט ער זיך אויסגעצויגן אפן שניי און איז איינגעשלאפן לעבן ברענענדיקן און צעגליטן שטאם, שפירנדיק די מעכאיעדיקע ווארעמקייט אט פון איין זייט און אט פון דער צווייטער זייט. אינסטינקטיוו פלעגט ער זיך איבערדרייען און אויפכאפן, קעדיי אונטערצוווארפן נאך טרוקענע צווייגן ארום שטאם, וואס פלעגט זיך אויסלעשן א געצערטלטער דורך א פוילן פלאם.

ארום האַלבער נאַכט האָט זיך אויפגעהויבן אַ שניי־שטורעם. די סאָס־נעם האָבן זיך ראַאשדיק געשאָקלט, זיפּצנדיק און סקריפּענדיק אומרויִקע איבער זײַן קאָפּ. וואָלקנס פון שטעכיקן שניי האָבן זיך געדרייט איבער דער ערד. די פינצטערניש, אַז איבערגעפּילטע מיט גערוישן, האָט אַרומ־געטאַנצט איבערן פּלאַץ וואָס האָט געשפּריצט און געטרעשטשעט. דער שניי־שטורעם האָט ניט באַאומרויִקט אַלעקסייען. באַשיצט דורך דער וואַ־רעמקייט פון שײַטער, איז ער געשלאָפן מיט אַ זיסן און האַרטן שלאָף.

דער פײַער האָט אים באַשיצט פון די כאַיעס. פאַר די דײַטשן האָט מען ניט געדאַרפט מוירע האָבן אין אַזאַ מין נאַכט: זיי וואָלטן אין אַ שטורעם ניט געוואַגט אַרײַנצודרינגען אין דער וואַלד־געדיכטעניש. פון־דעסטוועגן, ניט געקוקט אַף דעם וואָס זײַן קערפּער האָט גערוט אַז אַרומ־געוויקלטער מיט דער רויִקער וואַרעמקייט פון שײַטער, האָט זײַן גע־הער — וואָס האָט שוין איבערגענומען די פאַרזיכטיקייט פון דער ווילדער כאַיע — אויפגעכאַפּט אַלע גערוישן. פאַרטאָג, ווען דער שטורעם האָט זיך אײַנגעשטילט און אַף דער רויִקער ערד איז געהאַנגען אַ געדיכטער און ווײַסלעכער נעפּל, האָט זיך אַלעקסייען אויסגעדוכט אַז ער הערט, דורכן געמורמל פון די סאָסנע־קרוינען און דעם ווייכן געשורש פון די שנייעלער, ווײַטע שלאַכט־גערוישן, אויפרײַסן, קוילן־סעריעס פון אויטאָ־מאַטיש געווער, ביקסן־שאָסן.

„זאָל עס זײַן די פראָנט־ליניע? אַזוי גיך?", האָט ער צו זיך גע־זאָגט.

## 7.

ווען ס'איז געקומען דער פרימאָרגן האָט דער ווינט אָראָפּגעקערט דעם נעפּל, און דער וואַלד, וואָס איז דורך נאַכט אָפּגעזילבערט געוואָרן, האָט געשײַנט אַ גראָער און אַ פרייִלעכער, מיט די פינקלדיקע אָפּגלאַנצן פון זײַנע געפרויר־נאָדלען. די געפּליגלטע וועלט, אַ צופרידענע קענטיק פון דער דאָזיקער פלוצלינגדיקער איבעראַנדערשונג, האָט אָנגעפילט דעם רוים מיט אירע טרעלן, פײַפערײַען און פישטשערײַען, פאַרויספילנדיק דעם אָנקום פון פרילינג. אַלעקסיי האָט שטאַרק אָנגעשטרענגט זײַן געהער, אָבער ער האָט ניט געקענט אויפכאַפּן דעם ווײַטן שלאַכט־גערויש, ניט די שיסערײַ און אַפילע ניט דעם געדונער פון קאַנאָנען. ווי ווײַסע רויכ־לעך דורכגעשטאָכענע מיט זוניק־גלאַנציקע נאָדלען האָט אויסגעזען דער שניי וואָס איז געפאַלן פון די ביימער. אין אייניקע ערטער זײַנען שווע־רע פרילינג־טראָפּנס געפאַלן אַפן שניי מיט אַ לײַכטן „גליאַק"... דער פרילינג! אין יענעם פרימאָרגן איז אָנגעקומען, צום ערשטן מאָל, זײַן אַנטשלאָסענער אָנזאָג.

אַלעקסיי האָט באַשלאָסן אויפצועסן די אָרעמע שירײַאים וואָס זײַ־

נען געבליבן אין דער קאָנסערוון־פּושקע — עטלעכע פליישרעשטלעך באַדעקטע מיט שמעקעדיקן שמאַלץ — ווײַל ער האָט געפילט אַז ווען ער טוט עס ניט, וואָלט ער זיך ניט געקענט אויפהייבן פון אָרט. מיט אַ פינגער האָט ער גרינטלעך אויסגעלעקט די פּושקע און האָט זיך עטלעכע מאָל אײַנגעשניטן די האַנט מיט די שאַרפע בלעך־קאַנטן. ס'האָט זיך אים אָבער אויסגעדוכט אַז ס'איז נאָך אַלץ געבליבן פעטס. ער האָט אָנגעפילט די פּושקע מיט שניי, האָט אַ רודער געטאָן צווישן ווײַסלעכן אַש פון פאַרלאָשענעם שײַטער און האָט אַרײַנגערוקט די בלעכענע קיילע אין אַ ווינקל וואָס האָט נאָך געטליִעט. דערנאָך האָט ער מיט גרויס האַנאָע געזופּט פאַמעלעך דאָס הייסע וואַסער וואָס האָט אַביסל געשמעקט מיט פלייש. אַזוי ווי די פּושקע האָט געקענט דינען אויף אויפצוקאָכן טיי, האָט ער זי באַהאַלטן אין אַ קעשענע. טרינקען הייסן טיי! דאָס איז געווען אַן אָנגענעמע אַנטדעקונג וואָס האָט אַביסל אויפגעלעבט אַלעקסייען, ווען ער האָט זיך ווידער געלאָזט אין וועג.

ס'האָט אים אָבער דערוואַרט אַ גרויסע אַנטוישונג. דער נאַכט־שטורעם האָט אינגאַנצן פאַרשאָטן דעם וועג, באַדעקנדיק אים מיט קווערע און שפּיציקע שניי־בערגלעך. דער בלאָלעכער, מאָנאָטאָנער און כוואַליעדיקער אָפּגלאַנץ האָט געשניטן די אויגן. די פיס פלעגן אײַנזינקען אין פוכיקן שניי, וואָס האָט נאָך ניט באַוויזן אײַנצופרירן. ס'האָט געקאָסט אַ סאַך מי אַרויסצוציִען זיי. די שטעקנס פלעגן אויך אײַנזינקען און זיי האָבן ווייניק אַרויסגעהאָלפן.

מיטאָגצײַט, ווען די שאָטנס פון די ביימער זײַנען געוואָרן שוואַרץ און ווען די זון האָט, דורך די קרוינען, גענומען אַרויסקוקן אַפן וועג, האָט אַלעקסיי באַוויזן דורכצומאַכן בלויז אַ 1.500 מעטער און ער איז געווען אַזוי מיד אַז בלויז מיט אַ גרויסער ווילן־אָנשטרענגונג האָט ער געקענט מאַכן אַ נײַע באַוועגונג. ער האָט זיך געוואַקלט. די ערד פלעגט אַנטרינען פון אונטער זײַנע פיס. יעדע ווײַלע פלעגט ער אַנידערפאַלן און בלײַבן אייניקע מאָמענטן ליגן אַף אַ שפּיץ בערגל, מיט אַ צוגעדריקטן שטערן צום סקריפּענדיקן שניי־טעפּיך. ער פלעגט זיך ווידער אויפהייבן און געבן עטלעכע טריט ווײַטער. ער האָט געפילט אַן אומבאַזיגלעכן שלאָף. ער וואָלט געוואָלט אויסציִען זיך, פאַרגעסן אַלץ, ניט אַ ריר טאָן מיט אַ מוסקול אַפילו. זאָל געשען דאָס וואָס עס וויל! ער פלעגט זיך אָפּשטעלן אַ האַלב־דרעמלדיקער און אַ צעשאָקלטער, אָבער אין זעלבן מאָמענט פלעגט ער ביז ווייטיק אײַנבײַסן די אונטערשטע ליפּ, צוריקבאַקומען דעם באַוווּסטזײַן און שטעלן נאָך עטלעכע טריט, שלעפּנדיק מיט גרויס מי די פיס.

צום סאָף האָט ער דערפילט אַז ער קען שוין מער ניט, אַז ס'איז ניטאָ דער קויעך וואָס זאָל אים קענען אַ ריר טאָן פון אָרט, און אַז אויב ער וועט זיך צוזעצן וועט ער זיך שוין קיינמאָל ניט אויפהייבן. אַ טרויע־

ריקער האָט ער אַ קוק געטאָן ארום און ארום. נאָנט, באַם ראַנד פון וועג, האָט זיך געפונען אַ קליינינקע סאָסנע מיט אַ דאָפּלטער קרוין. מאַכנדיק די לעצטע אַנשטרענגונג, איז ער דערגאַנגען ביז איר און איז אַ פאַל געטאָן מיט דער גאָמבע אַפן פונאַנדערצווייַג פונעם ביימל. דאָס געוויכט וואָס האָט געדריקט אַף די צעבראָכענע פיס איז עטוואָס לייַכטער געוואָרן. ער האָט זיך דערפילט בעסער. אַפּרוענדיק זיך אַף די עלאַסטישע צווייַגן איז ער געקומען צו זיך. ער האָט זיך געוואָלט אויסציִען מיט מער באַקוועמלעכקייט; אָנשפּאַרנדיק די גאָמבע אַף דער ווידלע פון דער סאָסנע, האָט ער אַ ציִ געטאָן איין פוס און נאָכדעם די צווייטע. ביידע פיס, באַפרייַטע פונעם קערפּער־געוויכט, האָבן זיך לייַכט אָפּגעטיילט פון שניי־בערגל. אין יענעם מאָמענט איז אַלעקסייען אייַנגעפאַלן אַ גליקלעכער געדאַנק.

„אוואָדע אַזוי! אוואָדע אַזוי! מען קען אָפּשנייַדן דאָס דאָזיקע ביימל, מאַכן פון אים אַ לאַנגן שטעקן מיט דער ווידלע אַף אינדערהייך, אַ שטעל טאָן אים פאָרויס, אָנשפּאַרן זיך אַף דער ווידלע מיט דער גאָמבע, אריבערטראָגן אַף זיי דעם געוויכט פון קערפּער און נאָכדעם, ווי איצט אַף דער סאָסנע, מיטציִען די פיס. דאָס גייט צו פּאַמעלעך? זיכער, נאַטירלעך איז עס פּאַמעלעך, אָבער פונדעסטוועגן וועסטו זיך אַזוי ניט פאַרמאַטערן און וועסט קענען פאָרויסגיין ניט וואַרטנדיק ביז די שניי־בערגלעך וועלן זיך אייַנלייגן און פאַרהאַרטעווען".

ניט וואַרטנדיק מער, האָט ער זיך געשטעלט אַף די קני, האָט אָפּגעשניטן מיטן קינזשאַל דאָס ביימל, האָט אָפּגערייניקט די צווייַגן, האָט אַרומגעוויקלט די ווידלע מיטן נאָזטיכל און מיט די באַנדאַזשן און האָט אַ פּרוּוו געטאָן גיין. ער האָט אַ שטעל געטאָן פאָרויס דעם שטעקן, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף אים מיט דער גאָמבע און מיט די הענט, האָט געגעבן איין טראָט און אַ צווייטן; האָט ווידער אַמאָל אַ שטעל געטאָן דעם שטעקן פאָרויס, האָט זיך נאָכאַמאָל אָנגעשפּאַרט אַף אים און האָט ווידער געגעבן אַ טראָט, און אַזוי קעסיידער. ער האָט געציילט די טריט און האָט אייַנגעשטעלט נייַע נאָרמעס פאַר זייַן פאָרויסגאַנג.

## 8.

אַזוי האָט ער פּאַמעלעך געשפּאַנט איבערן פאַרשנייטן שטעגל נאָך צוויי טעג. ער פלעגט אַ וואָרף טאָן דעם שטעקן פאָרויס און אָנשפּאַרנדיק זיך אַף אים פלעגט ער מיטציִען די פיס. די פוסטריט זייַנען פאַרשטייניקט געוואָרן און ער האָט גאָרניט געפילט, אָבער יעדן מאָל וואָס ער פלעגט שטעלן אַ טראָט פלעגט אים אַ ווייטיק דורכלויפן דורכן קערפּער. דער הונגער האָט אים אויפגעהערט צו מאַטערן. אַנשטאָט די פריִערדיקע ספּאַז־

מען און שאַרפֿן ווייטיק אין מאָגן, האָט ער איצט געשפּירט אַ טויבן און שטענדיקן ווייטיק.

ער האָט זיך געגערט מיט סאָסנע־קאָרע, וואָס ער פֿלעגט אָפּרײַסן מיטן קינזשאַל בעיסן אָפּרוען זיך, מיט בעריאָזע־ און ליפּע־קנאָספּן און מיט ווייכן, גרינעם מאָך, וואָס ער פֿלעגט אַרויסגראָבן פֿון אונטערן שניי און אָפּקאָכן באַנאַכט. זײַן הויפּט־פּאַרגעניגן איז געווען דער „טיי" וואָס ער פֿלעגט צוגרייטן פֿון די גלאַנציקע אײַרעלן־בלעטער, אויפֿגעקליבענע דורך אים אָף די ערטער וווּ דער שניי האָט אָנגעהייבן צעגיין. דאָס הייסע וואַסער האָט געשטאַרקט זײַן קערפּער און האָט אים אָפּילע געשאָפֿן די אילוזיע פֿון קרעפֿטיקייט. זופּנדיק דעם דאָזיקן געטראַנק, וואָס האָט גע־שמעקט מיט רויך און מיט בעזעם־בלעטלעך, פֿלעגט זיך אַלעקסיי אײַנגאַנצן באַרויִקן, און דער וועג פֿלעגט אים שוין ניט אויסזען אַזוי אומענדלעך און אַזוי שווידערלעך.

די זעקסטע נאַכט האָט ער ווידעראַמאָל אויסגעקליבן אַן אָרט צו נעכטיקן אונטער אַ מעכטיקער יאָדלע. ער האָט אָנגעצונדן אַ שײַטער אַרום אַן אַלטן סמאָלע־פּעטן שטאָם, וואָס האָט, לויט זײַנע אויסרעכענונגען, געדאַרפֿט ברענען אַ גאַנצע נאַכט. ס'איז נאָך ניט געווען פֿינצטער. אָף דער יאָדלע־קרוין האָט אַרומגעשטיפֿט אַ פֿאַרבאָרגענע ווewerke. דאָס כאָיעלע האָט געעפֿנט די שישקעס און האָט זיי פֿון צײַט צו צײַט אַראָפּגעוואָרפֿן פּוסטע און צעפּליקטע. אַלעקסיי, פֿון וועמענס מויעד עס האָט זיך ניט דערווײַטערט דער געדאַנק וועגן עסן, האָט זיך פֿאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס דאָס כאָיעלע געפֿינט אין די שישקעס. ער האָט גענומען איינע פֿון זיי, האָט אָפּגעריסן די גאַנצע שופּן און האָט דערזען אונטער זיי אַ באַשאָלעכצטע זרִיע גרויס ווי אַ פּראָסע־קערנדל און אַן ענלעכע אָף אַ פּיטשינקן סאָסנע־קערל. ער האָט זי אויפֿגעקנאַקט מיט די ציין און האָט דערשפּירט אין מויל דעם אָנגענעמען אַראָמאַט פֿון צעדער־אייל.

אַלעקסיי האָט גלײַך צונויפֿגעקליבן עטלעכע גרינע, נאָך־ניט־געעפֿנטע שישקעס, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אַרום אים, האָט זיי אַרײַנגעלייגט אין פֿײַער, האָט זיי פֿאַרדעקט מיט צווײַגן און ווען זיי האָבן זיך געעפֿנט, האָט ער אָנגעהייבן אַרויסצונעמען פֿון זיי די קערנדלעך און צערײַבן זיי צווישן די דלאָניעס. ער פֿלעגט אַרויסבלאָזן די שאָלעכצלעך און אַרײַנוואַרפֿן אין מויל די קליינינטשקע זרִיעלעך.

דער וואַלד האָט שטיל געמורמלט. ס'האָט געברענט דער סמאָליקער שטאָם און אַרויסגעלאָזט אַ ווייכן, פֿאַרפֿומירטן רויך, אַן ענלעכן אָף ווײַרויך. דער פֿלאַם פֿלעגט אָט אויפֿלעבן און אָט אײַנזינקען; אין באַלויכטענעם קרײַז פֿלעגן זיך אָט באַווײַזן די באַגילדטע סאָסנע־שטאַמען און באַזילבערטע בעריאָזעס, און אָט פֿלעגן זיי ווידער פֿאַרשווינדן אין רויִשיקן כוישעך. דערנאָך האָט אַ געדיכטע פֿינצטערניש פּלוצלינג אַרומגעוויקלט דעם שטאָם, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין פֿאַרלעשן, און ס'האָט

דאז אויסגעזען ווי די מיסטעריעזע וועזנס, וואס לאזן ארויס יענעם גערויש, וואלטן ארויס פון דער נאכט און גערעדט צווישן זיך מיט א שטילער און אומרויִקער שטים.

אלעקסיי האט אונטערגעווארפן נאך צוויַיגן און האט וויַטער געפנט שישקעס. דער אראמאט פון צעדער־אייל האט אויפגעוועקט אין זיַין זיקארן אן אלט־פארגעסענע סצענע פון דער קינדהייט... א קליין צימער אנגעפילט מיט באקאנטע זאכן. דער טיש אונטערן הענגלאמפ. די מאמע אין א יאנטעוו־קלייד, נאכן אומקערן זיך פון צערקווע, נעמט פיַיערלעך ארויס פון קאסטן א פאפירענעם שקארמיץ פול מיט סאסנע־קערלעך און שיט זיי אריַין אין א וואזע. די גאנצע פאמיליע — די מוטער, די באבע, צוויי ברידער און אלעקסיי — דער קלענסטער צווישן זיי — זעצט זיך אויס ארום טיש און נעמט אויפקנאקן די קערלעך — די נאשעריַי פון די יאנטעוו־טעג. אלע זיַינען שטיל. די באבע נעמט ארויס די יאדערן מיט א צווענגל, די מאמע מיט א שפילקע. זי קנאקט אויף געשיקט די קערלעך, נעמט ארויס די יאדערלעך און לייגט פון זיי אויס א בערגל. דערנאך לייגט זי זיי צונויף אף דער דלאניע און ווארפט זיי אריַין מיט איין מאל אינעם מויל פון עמעצן פון די קינדער. דער זויבע־בעגוירל פילט אף זיַינע ליפן די הארטקייט פון דער אומדערמידלעכער, אויסגעארבעטער האנט, וואס שמעקט אין יענעם יאנטעווודיקן טאג מיט טואלעט־זייף.

קאמישין... די קינדהייט! מיט וואס פארא קאמפארט עס האט זיך געלעבט אין יענעם קליינעם היַיזל פון דער פארשטאט־גאס... דער וואלד רוישט; אלעקסיי פילט א ווארעמקייט אפן פאנים און א שניַידיקע קעלט אין רוקן. די סאווע שריַיט אין דער פינצטערניש, עס באקלאגן זיך די פוקסעכעס. לעבן שיַיטער, קוקנדיק פארטראכט אף די אנגעגליטע, ווינקענדיקע קוילן וואס האלטן זיך אין אויסלעשן, ליגט איַינגעדרייט א קראנקער, הונגעריקער, טויט־מידער מענטש, — דאס אייניציקע מענטשלעכע וועזן אין יענעם ריזיקן און געדיכטן וואלד. אין דער פינצטערניש ליגט זיַין וועג וואס איז פול מיט געפארן און אומבאקאנטע פאסירונגען.

— מען דארף זיך ניט איַילן, מען דארף זיך ניט איַילן, אלץ וועט זיך איַינארדענען! — האט מיטאמאל א זאג געטאן דער דאזיקער מענטש. אין ליכט פון די ערשטע רויטלעכע אפגלאנצן פון שיַיטער נעמט ער שמייכלען, מיט זיַינע צעשפאלטענע ליפן, אונטער דער ווירקונג פון עפעס א וויַיטן געדאנק.

## .9

דעם זיבעטן מארש־טאג האט זיך אלעקסיי דערוווּסט פון וואנען ס'האט זיך גענומען דער וויַיטער שלאכט־גערויש וואס ער האט געהערט אין יענער שטורעם־נאכט.

אינגאנצן אן אויסגעשעפטער, און אפעשטעלנדיק זיך יעדע מינוט קע־

דיי אָפּצוכאָפּן דעם אָטעם, האָט ער זיך געשלעפּט איבערן נאַסן וואַלדוועג. דער פּרילינג האָט שוין ניט געשמייכלט פון וויַיטן, נאָר האָט זיך אַריַינגעריסן טיף אין יענעם פאַרוואָרפענעם וואַלד, מיט זיַינע מילדע ווינטלעך, מיט זיַינע דינע זון־שטראַלן וואָס האָבן זיך פילטרירט צווישן דעם געצוויַיג און אָפּגעריייניקט דעם שניי פון די בערגלעך און היגלען; מיטן פאַרנאַכטיקן קראַקען פון די קראָען; מיט די פאַמעלעכדיקע און אַנגעבלאָזענע סאָיקעס וואָס האָבן געהיפּערט אָפּן שוואַרץ־געוואָרענעם וועג; מיטן נאַסן, צעלעכערטן שניי, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בלאַט האָניק־וואַקס; מיט די שפּיגלדיקע לוזשעס אַף יענע ערטער ווו דער שניי איז שוין צעגאַנגען; מיטן מעכטיקן און פאַרשיקערנדיקן אַראָמאַט וואָס רופט אַרויס אין יעדן לעבעדיקן וועזן אַ פריידיקע צערודערונג.

אַלעקסיי האָט פון קינדוויַיז אויף ליב געהאַט די דאָזיקע ציַיט פון יאָר, און אַפילע איצט, שלעפּנדיק דורך די לוזשעס זיַינע קראַנקע פיס אין די צעריסענע און נאַסע שטיוול, כאַלעשנדיק כון הונגער, פאַרלירנדיק דעם באַוווּסטזיַין צוליב ווייטיק און מידקייט, שילטנדיק די נעץ, דעם קלעפּיקן שניי און די פריציַיטיקע בלאָטע, האָט ער, ניט געקוקט אַף אַלץ, אַריַינגעאָטעמט מיט זשעדנעקייט דעם פאַרשיקערנדיקן און פיַיכטן אַראָמאַט. ער האָט שוין ניט געקוקט אַפּן וועג און ניט אויסגעמיטן די לוזשעס. ער פלעגט זיך פאַרטשעפּען, פאַלן, אויפהייבן זיך אָנשפּאַרנדיק זיך שווער אַף זיַין שטעקן, אַ שטעל טאָן זיך וואַקלדיק, און צוזאַמענגענעמענדיק די קויכעס פלעגט ער פאָרויסרוקן זיַין שטעקן ווי וויַיט ס'האָט זיך נאָר געלאָזן און פלעגט זיך לאַנגזאַם באַוועגן פאָרויס צו מיזרעך.

אַף אַן אויסבויג פון וועג, דאָרט ווו דאָס שטעגל פאַרקירעוועט זיך האַסטיק אַף לינקס, איז ער שטיין געבליבן אַ דערשטוינטער. דאָרט ווו דאָס שטעגל, אַן אַריַינגעקוועטשטס צווישן ביידע זיַיטן פון אַ יונגן, געדיכטן וואַלד, איז געווען שטאַרק שמאָל, האָט ער דערזען עטלעכע דיַיטשישע אויטאָס: די זעלבע וואָס זיַינען דאָן פאַרביַיגעפאָרן. צוויי ריזיקע סאַסנעס האָבן זיי פאַרשטעלט דעם וועג. דער ראַדיאַטאָר פון ערשטן געפאַנצערטן אויטאָ האָט אַריַינגעקראַכט אין די שטאַמען. ער איז שוין אָבער ניט געווען וויַיס ווי פריִער נאָר אַראַנזשקאָליריק; די גומעס זיַינען געווען פאַרברענט און ס'האָט זיך אַרויסגעזען דאָס איַיזן פון די רעדער. דאָס טורעמל וואָס האָט זיך געוואָלגערט אין שניי, אונטער אַ בוים, האָט אויסגעזען ווי אַ מאָנסטריעזער שוואָם. לעבן געפאַנצערטן אויטאָ איז געלעגן זיַין מאַנשאַפט — 3 גופים אָנגעטאָנענע אין קורצע, שוואַרצע און שמוציקע אַרבעט־קורטקעס און אין שטאָפּענע קאַפּטערס.

די צוויי קייטן־קאַטשן, רויטלעכע פון דרויסן און שוואַרצע אין זייער פאַרסאַרפּעטן אינעווייניק, האָבן אַריַינגעקראַכט אין פאַנצער־אויטאָ. זיי זיַינען געלעגן אַפּן ווייכן שניי, וואָס איז געווען פאַרשוואַרצט פון פּאָזשע, אַש און קוילן. אַרום און אַרום, פון ביידע זיַיטן וועג, צווישן די

דערבײַאיקע קוסטעס, זײַנען געלעגן צעוואָרפֿן אַפֿן שניי די קערפּערס פֿון די דײַטשישע סאָלדאַטן. לויט דער לאַגע זייערער איז קענטיק געווען אַז זיי זײַנען זיך צעלאָפֿן אין פּאַנישער שרעק, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון אַז דער טויט טשאַטעוועט פֿון הינטער יעדן בוים, פֿון הינטער יעטווידן ווילדגראַזיקן געפּלאָנטער וואָס איז געווען פֿאַרהוילן הינטערן שנייאיקן שלייער פֿונעם שטורעם. דער גוף פֿון אָפֿיציר, אינעם רעקל אָבער אָן הויזן, איז געווען צוגעבונדן צו אַ בוים. אַף זײַן שוואַרצקאָלנערדיקן, גרי־נעם רעקל איז געהאַנגען אַ פּאַפּיר מיט אַן אויפֿשריפֿט: „דער וואָס זוכט, געפֿינט“. און נידעריקער איז געווען צוגעשריבן מיט אַן אַנדער האַנטשריפֿט און מיט גרויסע אויסיעס אַ האַלב־אָפּגעמעקטע אויפֿשריפֿט: „הונט“.

אַלעקסיי האָט באַקוקט אַ לענגערע צײַט דאָס שלאַכט־אָרט, זוכנדיק עפּעס צו עסן. ער האָט בלויז געפֿונען אַן אַלטן, פֿאַרשימלטן, אַרומגעביסענעם סוכאַר, וואָס איז געווען אַרײַנגעטראָטן אינעם שניי. ער האָט אים צוגעטראָגן צו די ליפּן אַרײַנאָטעמענדיק טיף דעם זויערלעכן רייעך פֿון קאָרן־ברויט. ער וואָלט געוואָלט אַרײַנכאַפּן אין מויל דעם גאַנצן סוכאַר און קײַען, קײַען די שמעקעדיקע מאַסע. ער האָט אים אָבער צע־טיילט אין 3 טיילן; 2 האָט ער באַהאַלטן אין אַן אינעווייניקסטער קע־שענע און דעם דריטן האָט ער צעברעקלט און אויסגענאַגט יעדע קרישקעלע מיט אַן עמעסן גענוס, פּונקט ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט פֿון אַ צוקערל. ער האָט זיך באַמיט צו פֿאַרלענגערן וואָס מער די אומבאַ־שרײַבלעכע האַנאָע.

ער איז דורכגעגאַנגען נאָכאַמאָל דורכן שלאַכטפֿעלד. מיטאַמאָל איז אים אײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק: „די פּאַרטיזאַנער דאַרפֿן דאָ ערגעץ זײַן גאָר נאָענט!“ אינעם ווילדגראָז און אַרום די ביימער איז דער פּוכיקער שניי געווען צעטראָטן. עפּשער, בעיים ער האָט אַרומגעוואַנדערט צווישן די באַרמינענס, האָט אים אַן אויסשפּירער פֿון די פּאַרטיזאַנער אַנטדעקט. עפּשער לויערט ער פֿון אַ יאָדלע־קרוין אָדער פֿון אַ שניי־באַרג, אָדער פֿו־נעם ווילדגראָז. אַלעקסיי האָט צוגעטראָגן די דלאָניעס צום מויל און האָט מיט אַלע קויכעס פֿון זײַנע לונגען אַ געשריי געטאָן ווי דורך אַ הילכער:

— העי! פּאַרטיזאַנער! פּאַרטיזאַנער!

ער איז געוואָרן איבעראַשט פֿון דער נידעריקייט און שוואַכקייט פֿון זײַן קאָל. אַפֿילו דער עכאָ, וואָס האָט זיך אומגעקערט פֿון דער וואַלד־געדיכטעניש אין אַן אָפּגעהאַקטער פֿאָרם, האָט אים אויסגעזען מעכטיקער פֿון זײַן קאָל.

— פּאַרטיזאַנער! פּאַרטיזאַאַאַנעעער! העעעעי! — האָט גע־רופֿן אַלעקסיי זיצנדיק אַפֿן שניי, אַן אַרומגערינגלטער מיטן שוואַרצן ברוך פֿון די אויטאָס און מיט די שווײַגנדיקע קערפּערס פֿון די סאָנים.

ער האָט גערופֿן און אַנגעשטרענגט דעם געהער. ער איז הייזעריק

געוואָרן און פאַרלוירן די שטים. ער האָט פאַרשטאַנען אַז די פּאַרטיזאַנער, נאָכן דורכפירן זייער מיסיע און נאָכן צונויפנעמען דעם זאַקרויב, זײַנען לאַנג שוין אַוועק: צו וואָס זאָלן זיי בלײַבן אין דער אומפרײַנטלעכער געדיכטעניש פון וואַלד? פונדעסטוועגן, ניט געקוקט אַף אַלץ, האָט אַלעקסיי ווײַטער געשריִען, וואַרטנדיק פון איין מאָמענט אַפן צווייטן אַז עס זאָל געשען דער נעס, אַז עס זאָלן אַרויס פונעם ווילדגראָז יענע בערדיקע מענטשן וועגן וועלכע ער האָט אַזויפיל געהערט, אַז זיי זאָלן אים מיטנעמען און אַוועקפירן צו זיך. עפשער וואָלט ער דאַן געקענט אָפּרוען זיך, כאָטש איין טאָג אָדער איין שאָ, אונטערן שוץ פון מענטשלעכן גוטן ווילן, אָן קיינע שום דײַגעס און ניט שלעפנדיק זיך אין ערגעץ ניט.

בלויז דער וואַלד האָט אים געענטפערט מיט אַ קלאַנגפולן און אָפּגעהאַקטן עכאָ. מיטאַמאָל —עפשער איז עס געווען בלויז אַ האַלוצינאַציע זײַנע, אָן אַרויסגערופענע דורך דער ריזיקער נערוון־שפּאַנונג— האָט אַלעקסיי דערהערט, דורכן מעלאָדישן און טיפן גערויש פון דער געדיכטעניש, עטלעכע טויבע און אויסגעצויגענע קלעפּ. אָט האָט ער זיי געהערט אינגאַנצן קלאָר און אָט — אינגאַנצן צוגעשטיקט. זײַן גאַנצער קערפּער האָט אויפגעציטערט, פּונקט ווי פון די ווײַטקייטן וואָלט דערגאַנגען צו אים, אין דעם איינזאַמען ווילדוואַלד, אַ פרײַנטלעכער רוף. ער האָט אָבער ניט געגלויבט זײַנע אויערן און איז געבליבן זיצן אַ לאַנגע צײַט, מיטן האַלדז אויסגעצויגן אין דער ריכטונג פון וואַנען עס איז געקומען דער גערויש.

אָבער ניין, ער האָט ניט געהאַט קיין טאָעס. דער פײַכטער מיזרעדווינט האָט אים ווידער געבראַכט די טויבע, אָבער איצט אינגאַנצן קלאָרע, קלעפּ פון אַרטילעריע־שאָסן. דאָס איז ניט געווען די פוילע, צעצויגענע שיסערײַ פון די לעצטע כאַדאָשים, ווען די כאַיאָלעס וואָס זײַנען געווען באַפעסטיקט אַף אַ סאָלידער פאַרטיידיקונג־ליניע, האָבן זיך פון צײַט צו צײַט איבערגעוואָרפן מיט סנאַריאַדן. איצט האָט געקלאַפּט אָפּט און שטאַרק, פּונקט ווי עמעץ וואָלט צעוואָרפן אַ שווערן באַרג שטיינער אָדער וואָלט געפּלעמט מיט די פויסטן אין דעק פון אַ דעמבענער טון.

ס'איז געווען קלאָר! ס'איז פאַרגעקומען אַ שטאַרקער אַרטילעריעדועל! מישפּעטנדיק לויטן עכאָ, האָט זיך די פראָנט־ליניע געדאַרפט געפינען אַ צען קילאָמעטער ווײַטער, און עפּעס ערנסטס איז דאָרט פאַרגעקומען. איינער פון די צדאָדים האָט אַטאַקירט און דער צווייטער האָט זיך פאַרטיידיקט, שיסנדיק מיט פוריע. פרייד־טרערן זײַנען גערונען אַף אַלעקסייס באַקן.

ער האָט אַ קוק געטאָן אַף מיזרעד. אַף יענעם אָרט האָט זיך דער וועג האַסטיק פאַרקירעוועט אין אַ קעגנזײַצלעכער ריכטונג און פאַרויס האָט זיך געצויגן דער שניי־צודעק. פון דאָרטן זײַנען אָבער געקומען די

קלעפּ וואָס האָבן אים גערופן. אַהין האָבן זיך געצויגן די אויסגעצויגענע, שוואַרץ־געוואָרענע שפּורן פון די פּאַרטיזאַנער, — די העלדישע אײַנוווינער פון דעם אורוואַלד, וואָס דאַרפן זיך דאָ ערגעץ נאָנט געפינען.

שעפּטשענדיק צו זיך: „מען דאַרף זיך ניט אײַלן, מען דאַרף זיך ניט אײַלן, כאַווײרים, אַלץ וועט זיך אײַנאָרדענען", האָט אַלעקסיי מוטיק אַ שטעל געטאָן דעם שטעקן אַף דער ערד, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף אים מיט דער גאָמבע, האָט אַריבערגעוואָרפן אַף אים דעם גאַנצן געוויכט פון זײַן קערפּער און, מיט מי אָבער אַנטשלאָסן, האָט ער אַרויפגעשטעלט די פיס אַפן ווײַסן בערגל. ער איז אַראָפּ פון וועג און האָט פאַרגעזעצט זײַן גאַנג דורכן אָפענעם פעלד, דורכן שניי.

## 10.

יענעם טאָג האָט ער קיין 150 שפּאַן ניט געקענט דורכמאַכן איבערן שניי. דער בייז־האַשמאָשעם האָט אים אָפּגעהאַלטן. ער האָט אויסגעקליבן אַז אַלטן שטאָם, האָט אים באַדעקט מיט טרוקענע צווײַגן, האָט אַרויסגעצויגן זײַן געבענטשטע צינד־מאַשינקע, האָט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל אַ רײַב געטאָן דאָס רעדל, און ס'איז אים דורכגעלאָפן אַ שווידער: דער בענזין האָט זיך געענדיקט. ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, געבלאָזן, געפּרוווט אויסקוועטשן די רעשטלעך צינדשטאָף, אָבער אומזיסט. ס'איז אָנגעקומען די נאַכט. די פונקען זײַנען געשפּרונגען אונטערן רעדל ווי קליינע בליצן, פאַרטרײַבנדיק אַף אַ ווײַל די פינצטערניש וואָס האָט אײַנגעהילט זײַן פּאָנים. דאָס שטיינדל האָט זיך אָבער אויסגענוצט און האָט ניט באַוויזן צו געבן פײַער.

טאַפּנדיק האָט ער זיך דערשלעפּט צו אַ געדיכטן סאָסנע־וואַלד, האָט אַרײַנגערוקט די גאָמבע צווישן די קני, וואָס ער האָט צונויפגענומען מיט זײַנע אָרעמס און, אײַנדרייענדיק זיך אין אַ קנײַלכל, איז ער אײַנגעשלאָפן, צוהערנדיק זיך צו דער געמורמלעריי פון וואַלד. אין יענער נאַכט האָט די פאַרצווייפלונג שיר ניט באַהערשט אַלעקסייען, אָבער אין שלאָפנדיקן וואַלד האָט אָפּגעקלונגען מיט דער גאַנצער קלאָרקייט די קאַנאַנאַדע, און ס'האָט זיך אים אַפילע אויסגעדוכט אַז ער נעמט אונטערשיידן אין טויבן טראַסק פון די אויפרײַסן קורצע ביקסן־שאָסן.

אויפכאַפּנדיק זיך אינדערפרי מיט אַן אומקלאָרן געפיל פון אַליאַרם און פאַרביטערטקייט, האָט אַלעקסיי גלײַך אַ טראַכט געטאָן: „וואָס איז געשען? האָב איך דורכגעלעבט אַ קאָשמאַר?" — ער האָט זיך דערמאָנט: די צינד־מאַשינקע. פונדעסטוועגן, ווען די זון האָט אים גענומען צערטלען און וואַרעמען, און אַלץ אַרום אים —דער ווייכער און געגרײַפּלטער שניי, די סאָסנע־שטאַמען און די גאַנצע וואַלד־געדיכטעניש— האָט פרעכטיק געגלאַנצט און געמיניעט זיך, האָט ער פאַרגעסן אין דער צינד־

מאַשינקע. ערגער איז געווען מיטן צווייטן אומגליק: פֿונאַנדערנעמענדיק די פֿאַרגליווערטע אָרעמס, האָט ער באַמערקט אַז ער קען זיך ניט אויפֿהייבן. נאָך לאַנגע, אומנוצלעכע פּרוּוון אויפֿצושטעלן זיך, האָט זיך צעבראָכן די ווידלע און ער האָט זיך געגעבן אַ וואַלגער אַף דער ערד ווי אַ זאַק. ער האָט זיך איבערגעקערט מיטן פּנים אַרויף, קעדיי לעבעדיק צו מאַכן זײַנע שטאַרע ענדגלידער, און האָט גענומען קוקן, דורך די שפּיציקע צווײַגן פֿון אַ קליינער סאָסנע, אַף דער גלײַכגילטיקער הימל־בלאָקייט, איבער וועלכער עס האָבן זיך שנעל באַוועגט ריינע און פּוכיקע וואָלקנס מיט גאָלדענע און געקרײַזלטע קאַנטן.

דער קערפּער האָט אָנגעהויבן עטוואָס צו רעאַגירן, אָבער עפּעס איז פֿאַרגעקומען מיט די פֿיס. אָנכאַפּנדיק זיך פֿאַר אַ סאָסנע האָט ער זיך ווידער געפּרוּווט אַוועקשטעלן. סאַפּקאָלסאָף איז עס אים געלונגען, אָבער ווי נאָר ער האָט געפּרוּווט אַ שלעפּ טאָן די פֿיס צום ביימל, איז ער אַנידערגעפֿאַלן אַן אונטערגעשניטענער דורך דער שלאַפֿקייט און דורך אַ נײַעם מוירעדיקן און פּרעסנדיקן ווייטיק אין די פֿוססטריט.

איז עס שוין דער סאָף? וועט אויסקומען אויסצוגיין אָט־דאָ אונטער די סאָסנעס, וווּ קיינער וועט אים וואַרשײַנלעך קיינמאָל ניט געפֿינען און ניט באַערדיקן זײַנע ביינער, וואָס די כאַיעס וועלן צעפֿרעסן? די שוואַכקייט האָט אים אינגאַנצן צוגעדריקט צו דער ערד; אָבער פֿון ווײַטן האָט געהאַלטן אין איין קנאַקן די קאַנאָנאַדע. דאָרט האָט מען געקעמפֿט, דאָרט זײַנען די אייגענע. וועט ער ניט געפֿינען קיין קויכעס אַף צו באַזיגן די לעצטע 8 אָדער 10 קילאָמעטער?

די קאַנאָנאַדע האָט אים צוגעצויגן, האָט אים אונטערגעגעבן מוט, האָט אים נאָכאַנאַנד גערופֿן, און ער האָט געענטפֿערט אַפֿן דאָזיקן רוף שטעלנדיק זיך אַף אַלע פֿיר און שלעפּנדיק זיך ווי אַ כאַיע אין דער ריכטונג פֿון מיזרעך. פֿון אָנהייב האָט ער זיך געשלעפּט אומבאַוווּסטזיניק, היפּנאָטיזירט דורכן גערויש פֿון דער ווײַטער שלאַכט, אָבער נאָכדעם האָט ער זיך אָפּגעגעבן כעשבן אַז באַוועגן זיך אַזוי איז אַ סאַך לײַכטער ווי מיט דער הילף פֿון שטעקן און אַז אַזוי טוען אים ווינציקער וויי די פֿיס. ער האָט פֿעסטגעשטעלט אַז שלעפּנדיק זיך ווי אַ כאַיע קען מען אַוואַנסירן אַ סאַך גיכער און דאָס האָט אים אָנגעפֿילט מיט אַ פֿאַרפֿלייצנדיקער פֿרייד, וואָס האָט אַרומגענומען זײַן ברוסט און אויפֿגעהויבן זיך ווי אַ קנויף צום גאָרגל. און פּונקט ווי ס׳וואָלט אים אויסגעקומען צו ווענדן זיך ניט צו זיך אַליין נאָר צו אַ צווייטן, וואָס האָט פֿאַרלוירן די האָפֿענונג און געצווייפֿלט אין אײַנגעב פֿון דער דאָזיקער מעשונעדיקער פֿאָרם פֿון אַוואַנסירן, צו אַ צווייטן וואָס מען האָט געדאַרפֿט איבערצײַגן, האָט ער אַ זאָג געטאָן אַף אַ הויכן קאָל:

— מען דאַרף זיך ניט אײַלן, טײַערער, ערשט איצט וועט זיך אַלץ אײַנאָרדענען!

נאכן דורכמאכן איינע פון זײַנע שטרעקעס, האָט ער פונאַנדערגע־ וואָרעמט זײַנע פאַרפרוירענע הענט, אַרונטערדרוקנדיק זיי אונטער די פּאַכ־ וועס. ער האָט זיך צוגעשלעפּט צו אַ יאָדלע, אַראָפּגעריסן פון איר עט־ לעכע קוואַדראַטע שטיקער קאָרע, און צעברעכנדיק זיך די נעגל האָט ער אַראָפּגעשונדן פון אַ בעריאָזע עטלעכע לאַנגע ווײַסע פּאַסן. ער האָט אַרויסגעצויגן פון די שטיוול די שטיקער שאַל, האָט אַרומגעדרייט מיט זיי די הענט, האָט אונטערגעלייגט ווי אַ פּאָדעשווע אַ שטיק קאָרע, צוגע־ בונדן זי מיט די בעריאָזע־פּאַסן און אַרומגעוויקלט אַלץ מיט די באַנ־ דאַזשן וואָס ער האָט געהאַט. אױף דער רעכטער האַנט האָט זיך אים אײַנ־ געגעבן אויסצומײַסטרעווען אַ ברייטע און זייער באַקוועמע קישעלע. אױף דער לינקער, וואָס ער האָט געמוזט פאַרבינדן מיט די ציין, איז דער אַפּאַראַט געווען ווייניקער פּערפעקט. די הענט זײַנען שוין אָבער איצט געווען „באַשוכט" און אַלעקסיי האָט זיך ווײַטער געשלעפּט, פילנדיק אַז ס'איז אים לײַכטער צו אַוואַנסירן.

ארום מיטאָגצײַט, ווען די היץ האָט זיך שטאַרק געלאָזט שפּירן, האָט ער שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ באַדײַטנדיקע צאָל „טריט" מיט די „באַ־ שוכטע" הענט. די קאַנאָנאַדע, אָדער ווײַל אַלעקסיי האָט זיך דערנענ־ טערט צו איר אָדער צוליב אַן אַקוסטישן טאַעס, האָט געטראָסקעט מיט מער קראַפט. ס'איז געווען אַזוי הייס, אַז מען האָט געדאַרפט פונאַנדער־ עפענען דעם אָווערראָל און אָפּשפּיליען דעם קאָלנער.

ווען ער איז געקראָכן אױף אַלע פיר דורך אַ מאָכיקן זומפּ מיט גרינע בערגלעך, וואָס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פונעם שנײ, האָט אים דער גורל איבערראַשט מיט אַ נײַער מאַטאָנע: צווישן ווײַסלעכן, נאַסן און ווייכן מאָך האָט ער דערזען דיניטשקע שטענגלעך מיט ברייטע, פאַרשפּי־ ציקטע און גלאַטע בלעטער, און צווישן זיי, אױף דער סאַמע אויבערפלאַך פון יענע בערגלעך — שווערלעכע, זאַפטיקע און פורפורקאָליריקע ברוס־ ניצעס. אַלעקסיי האָט זיך צוגעבויגן צו אַ בערגל און האָט גענומען אַרויס־ רײַסן מיט די ליפּן פון סאַמעטענעם, לעפּלעכן און זומפּיק־שמעקעדיקן מאָך איין יאַגדע נאָך דער צווייטער.

די אָנגענעמע, זיסלעכע זײַערקייט פון די אונטערשנייאיקע ברוסני־ צעס, וואָס זײַנען אַגעוו געווען די ערשטע אויטענטישע שפּײַז וואָס ער האָט פאַרזוכט די לעצטע טעג, האָבן אַרויסגערופן מאָגן־קראַמפּן. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין ווילן־שטאַרקייט אויסצוּוואַרטן ביז דער שאַרפער, שטעכיקער ווייטיק וועט אַריבער. ער האָט זיך געשלעפּט אַי־ בער די בערגלעך און האָט, אָפּן שטייגער פון די בערן, געריסן מיטן צונג און מיט די ליפּן, די זיס־זויערע און שמעקעדיקע יאַגדעס. אױף אַזאַ אופן האָט ער אָפּגערייניקט עטלעכע בערגלעך, ניט פילנדיק די אײַז־קאַלטקייט פון פרילינגדיקן וואַסער, וואָס האָט זיך דורכגעפילטרירט דורך די שטיוול, ניט דעם שנײַדיקן ווייטיק אין די פיס, ניט די מידקייט. קיין

זאך האט ער ניט געפילט אויסער דעם טאאם פון דער זיס־ביטערער זויער־קייט אין מויל און אן אנגענעמע שווערקייט אין מאגן.

ס'איז אים ניט גוט געווארן. ער האט פארשטאנען אז ער האט צו־פיל געגעסן, אבער ניט קענענדיק זיך איינהאלטן האט ער געהאלטן אין איין שלינגען ברוסניצעס. ער האט אויסגעטאן די קישעלעך פון די הענט, האט אנגעפילט די פושקע מיט יאגדעס, האט אנגעפילט מיט זיי אויך דעם קאפטער, האט אים צוגעבונדן צו די רימענס און האט זיך וויַיטער גע־שלעפט, באזינגנדיק מיט גרוים מי דעם בליַיענעם שלאף וואס האט גע־האלטן אין פאראליזירן זיַין גאנצן ארגאניזם.

באנאכט האט ער זיך ארונטערגערוקט אונטערן קופאל פון אן אל־טער בעריאזע, האט געגעסן יאגדעס, געקיַיט קארע און יאדלע־קערנדלעך. ער איז איַינגעשלאפן מיט א פארזיכטיקן און אומרויקן שלאף. מער ווי איין מאל האט זיך אים אויסגעדוכט אז עמעצער דערנענטערט זיך צו אים שטילערהייט, אין דער פינצטערניש. ער פלעגט עפענען די אויגן און נעמען צוהערן זיך מיט אזא אויפמערקזאמקייט אז ס'פלעגט אים אזש נעמען זשומען אין די אויערן; ער פלעגט א נעם טאן דעם רע־וואלווער און שטיַיף אוועקזעצן זיך; ער פלעגט אויפציטערן פון די פאלנדיקע שישקעס, פון ליַיכטן סקריפ וואס דער פארפרוירן־ווערנדיקער שניי פלעגט ארויסלאזן, פון ווייכן געמורמל פון די אונטערשנייאיקע רימשקעס.

ס'איז שוין געווען פארטאג ווען דער שלאף האט אים באהערשט איננאנצן. ווען ס'איז שוין געווען גאר ליכטיק, האט ער דערזען ארום בוים, אונטער וועלכן ער איז געשלאפן, דעם געוועב פון דראבנע פוק־סענע שפורן און דעם לאנגן צייכן פון א פוכיקן, באיעשן עק.

זע נאר, ווער ס'האט אים געשטערט צו שלאפן! לויט די שפורן האט מען געקענט זען אז דער פוקס האט זיך ארומגעדרייט ארום אים, האט זיך געזעצט און ווידער ארומגעדרייט זיך... אלעקסייען איז איַינ־געפאלן עפעס ניט גוטס. די יעגער זאגן אז די דאזיקע ביטרע באיע פילט פארויס דעם טויט פון א מענטשן און הייבט אן נאכצוגיין דעם פארמיש־פעטן. האט עפשער דער דאזיקער פארגעפיל געשטויסן דעם פאכדאנעם־דיקן פלייש־עסער נאכצופאלגן אלעקסייען?

„נארישקייטן! א מין נארישקייט! אלץ וועט זיך איַינארדענען..." האט אלעקסיי זיך אליין צוגעגעבן מוט און האט אנגעהייבן שלעפן זיך, באמיַענדיק זיך וואס פריַער צו דערוויַיטערן זיך פון די שפורן.

יענער טאג איז אויך געווען א מאזלדיקער. אין א שמעקעדיקן יא־סינע־קוסט, פון וועלכן ער האט אראפגעשטשיפעט עטלעכע בלאע, מאטע יאגדעס, האט ער דערזען א מעשונעדיקע פילקע פון טרוקענע בלעטער. ער האט זי א שטויס געטאן, אבער זי איז זיך ניט צעפאלן. ער האט דאן אנגעהויבן פונאנדערנעמען די בלעטער און האט זיך צעשטאכן מיט

די שטעכלקעס וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט צווישן זיי. אַלעקסיי האָט זיך געכאַפּט: אַ יאָזש. דאָס איז געווען אַ גרויסער, אַלטער יאָזש, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אין די געדיכטענישן פון קוסט קעדריי איבערצווווינטערן דאָרט, און דערפאַר איז ער געווען באַדעקט מיט האַרבסטיקע בלעטער. אַן אומגעצוימטע פרייד האָט אַרומגעכאַפּט אַלעקסייען. בעיים זײַן גאַנצן טרויעריקן וועג האָט ער געטרוימט צו דערהאַרגענען אַ וואַסער ניט איז כאַיעלע אָדער פויגל. וויפל מאָל האָט ער אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און געצילט אין אַ סאַראָקע, אַ פאַלק, אָדער אַ האָז! אָבער שטענדיק, נאָך אַ גרויסער אָנשטרענגונג, פלעגט ער באַזיגן זײַן ווילן אויסצושיסן. אין רעוואָלווער זײַנען געבליבן בלויז דרײַ קוילן: צוויי פאַרן סוינע און איינע פאַר אים, אויב ס'וועט נייטיק זײַן. ער פלעגט זיך צווינגען צו באַ־האַלטן דעם רעוואָלווער. ער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו ריזיקירן.

און מיטאַמאָל איז אַ שטיק פלייש פון זיך אַליין אַרײַנגעפאַלן אין זײַנע הענט. ניט טראַכטנדיק אַפילו אַ רעגע אַז, לויט דער פאָלקס־טראַ־דיציע, זײַנען יאָזשן אומריינע כאַיעס, האָט ער שנעל אַראָפּגעריסן פון דער כאַיעלע דעם בלעטער־צודעק. דער יאָזש האָט זיך ניט אויפגעכאַפּט און ניט אויסגעצויגן, און האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער און קאָמישער באָב, וואָס איז אָנגעשטאָכן מיט נאָדלען. מיט איין שטאָך האָט אַלעקסיי דערהאַרגעט דעם יאָזש. ער האָט אים איבערגעקערט, האָט אַבי־ווי אַראָפּ־געריסן די געלבלעכע פעל פון בויך און דעם נאָדל־פאַנצער, האָט אים צעפּערטלט און האָט גענומען פונאַנדעררײַסן מיט די ציין דאָס בלאָע, עלאַסטישע פלייש, וואָס איז נאָך געווען וואַרעם און שטאַרק צוגעפּעס־טיקט צו די ביינער. ער האָט איינס און צוויי אויפגעגעסן דעם יאָזש, ניט איבערלאָזנדיק קיינע שום שירײַאים. ער האָט צעקײַט און אַראָפּגע־שלונגען אַלע ביינדעלעך און נאָכדעם ערשט האָט ער דערפילט אין מויל דעם אָפּשטויסנדיקן רייעך פון הינטיש פלייש. וואָס פאַר אַ באַדײַטונג אָבער האָט געהאַט דעם רייעך אין פאַרגלײַך מיטן פולן מאָגן, וואָס האָט אָנגעפילט דעם גאַנצן אָרגאַניזם מיט אַ געפיל פון פעסטקייט, פון וואַ־רעמקייט און פון שלעפערדיקייט.

אַלעקסיי האָט זיך אויסגעצויגן אַפן שניי, געניסנדיק פון דער וואַ־רעמקייט און פון דער רו, און ער וואָלט אײַנגעשלאָפן ווען עס וואָלט אים ניט אויסגעטשוכעט אַ פאַרזיכטיקער פוקסענער געוואַי וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם ווילדגראָז. אַלעקסיי האָט אָנגעשטרענגט דעם געהער און מיטאַמאָל האָט ער אין דער טויבער געקנאַלערײַ פון דער קאַנאָנאַדע אונטערשיידט דאָס קורצע שטעפּן פון אַ מיטראַליעזע.

ס'איז גלײַך אָפּגעטראָטן פון אים די מידקייט. פאַרגעסנדיק אינעם פוקס און אינעם אָפּרו, האָט ער זיך גענומען שלעפּן פאָרויס, טיפער אין וואַלד אַרײַן.

## 11.

פון אנדער זייט קליינעם זומפ, דורך וועלכן ער איז דורכגעקראכן, האט זיך געצויגן א וואלד־לאנקע, וואס איז געווען דורכגעקרייצט דורך אן אלטן צוים פון אפגעקראכענע לייסטן. די לייסטן זיינען געווען צונויפגעבונדן מיט רעצועס פון ליפענער קארע און זיינען מיט אאיר־בענדלעד געווען צוגעפעסטיקט צו פלעקענער אריינגעקלאפטע אין דער ערד.

צווישן דער דאפלטער שורע צוימען האבן זיך דא און דארט געזען אונטערן שניי די רעדער־צייכנס פון א פארלאזענעם וועג, אף וועלכן עס האט זיך ניט געמערקט קיין שום באוועגונג. דאס האט באטייט אז ניט ווייט פון דאנען דארפן זיין הייזער! אלעקסיים הארץ האט שנעל אנגעהויבן צו קלאפן. ס'איז געווען קימאט אוממעגלעך אז די דייטשן זאלן האבן אריינגעדרונגען אין אזא העק. און אויב אפילע יא, וואלט ער, ניט קוקנדיק אף דעם, געפונען די אייגענע, וואס וואלטן אים, נאטירלעך, אויסבאהאלטן, וואלטן אים באשיצט ווי א פארוואונדיקטן און וואלטן אים אזוי צי אזוי געהאלפן.

פארויספילנדיק דעם גיכן סאף פון זיינע וואנדערונגען, האט זיך אלעקסיי געשלעפט ניט זשאלעווענדיק קיין קויכעס, ניט אריענטירנדיק זיך. ער האט אוואנסירט א סאפענדיקער, פלעגט צוליב דער שפאנונג פאלן א באוווסטלאזער מיטן פאנים אראפ אפן שניי, פלעגט זיך ווידער נעמען אייליק שלעפן קעדיי אנצוקומען וואס פריער צו א בערגל, פון וועלכן עס וועט זיך מיסטאמע זען דער דארף וואס וועט אים ראטעווען. ער האט קאנצענטרירט אלע אנשטרענגונגען אין דער ריכטונג פון באפעלקערטן ארט און האט ניט באמערקט אז אויסער דעם צוים און די וועגן, וואס האבן אליץ דייטלעכער ארויסגעקוקט פון אונטערן שניי, האט קיין זאך ניט אנגעזאגט די נאנטקייט פון מענטשן.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום שפיץ פון בערגל. שיר ניט דערשטיקנדיק זיך און שלינגענדיק קאנווולסיוו די לופט האט אלעקסיי אויפגעהויבן דעם קאפ. ווי נאר ער האט אבער אויפגעהויבן דעם קאפ, האט ער אים געמויזט אראפלאזן: אזוי שרעקלעך האט אים אויסגעוויזן דאס וואס ער האט געזען.

דאס וואס ער האט געזען איז אי שום סאפעק געווען, ביז מיט א קורצער צייט צוריק, א קליין וואלד־דערפל. מען האט זיך געקענט לייכט אנשטויסן ווי דאס דערפל האט אויסגעזען, לויט די צוויי אומרעגולערע שורעס פון קוימענס, וואס האבן ארויסגעשטארטשעט פון די פארשנייטע בערגלעך אש.

דא און דארט זיינען איבערגעבליבן פארקנדלעך, צוימען פון קוסטעס און דאס פארברענטע געצוויי פון פארשיידענע ראבינע־ביימער. איצט האבן זיי געשטעקט אינעם שניי, פארקוילטע, דערהארגעטע דורכן פייער. ס'איז געווען אן איינזאם שניי־פעלד, אף וועלכן ס'האבן געשטעקט, ווי

פעניעם פון אן אויסגעהאקטן וואלד, די קוימענס פון די אויוונס. אין צענטער האט זיך געזען אן אסוויר פון א ברונעם מיט זיין הענגענדיקן הילצערנעם עמער; דער עמער, וואס איז געווען פארוואקסן מיט גראז און וואס די קאנטן זיינע זיינען געווען באדעקט מיט ראסט, האט זיך פאמעלעך געוויגט אף זיין פארזשאווערטער קייט. באם סאמע אריינגאנג פון דערפל, הארט בא א קליין גערטנדל, וואס איז געווען ארומגענומען מיט א גרינעם צוים, איז געבליבן שטיין אן אויסגעצאצקעטער בויגן, אף וועלכן ס׳האט זיך ארומגעוואקלט מיט א לייכטער סקריפעריי א פארזשאווערטע אייזערנע פארטקע.

קיין לעבעדיקער נעפעש, קיין גערויש, קיין דינסט רויכל. א מידבער. פונקט ווי קיינמאל וואלט דא ניט געלעבט קיין מענטש. א האז, וואס אלעקסיי האט דערשראקן, האט גענומען לויפן אין א גלייכער ליניע, אין דער ריכטונג פון דערפל. באוועגנדיק קאמיש מיטן הינטער-כיילעך, האט ער זיך אפגעשטעלט לעבן דער פארטקע, אויפגעהויבן די פאדערשטע פיסלעך און אויסגעגלייכט די אויערן. א פאר מינוט איז ער געווען אומבאוועגלעך, אבער ווען ער האט דערזען אז יענע אומפארשטענדלעך, גרויס און מעשונעדיק וועזן שלעפט זיך אים נאך האט ער אנגעהויבן צו גאלאפירן לטנגאויס די פארברענטע און פוסטע גערטנדלעך.

אלעקסיי האט אוואנסירט מעכאניש. גרויסע טרערן האבן זיך יעגליטשט איבער זיינע שארסטיקע באקן און אראפגעטריפט אין שניי. ער האט זיך אפגעשטעלט לעבן דער פארטקע, ווו א מינוט פריער איז שטיין געבליבן דער האז. עס איז איבערגעבליבן אף איר א שטיקל ברעטל מיט די אויסיעס „יאס...” ס׳איז ניט געווען שווער אנצושטויסן זיך אז הינטערן גרינעם צוים איז פריער געווען א יאסלע. עס זיינען נאך איבערגעבליבן די קליינינקע בענקעלעך, וואס דער איבערגעגעבענער דארפסטאלער האט ארומגעטשעסעט און ארומגעפאלירט מיט גלאז. אלעקסיי האט א שטויס געטאן די פארטקע. ער האט זיך געוואלט אוועקזעצן אף א בענקעלע, אבער אזוי ווי זיין קערפער איז שוין געווען צוגעוווינט צו דער האריזאנטאלער פאזיציע, האט ער דערפילט א שטארקן ווייטיק אין רוקן ווען ער האט זיך געפרוווט זעצן. קעדיי צו קענען געניסן פון אפרו איז קיין אנדער ברייירע ניט געווען ווי א ווארף טאן זיך א האלב-איינגעדרייטער אפן שניי, אזוי ווי די מידע כאיעם טוען.

זייז הארץ איז פול געווען מיט פיין און פארדרוס.

לעבן בענקעלע האט געהאלטן אין צעגיין דער שניי. ס׳האט זיך געשווארצט די ערד און איבער איר האט זיך ציטערדיק געהייבן א פייכטער און לטפלטכער רויך. א שטארקער מייסים-רייעך האט זיך געטראגן פון די אש-הערגלעך. דער דארף האט אויסגעזען מער אומבאוווינט ווי די סאמע טיפסטע געדיכטעניש פון וואלד. א מעשונעדיקער גערויש האט אים מיטאמאל געצוווּנגען צו ווערן אויפמערקזאם. הינטער די אש-בערגלעך האט ער דערזען א הונט. דאס איז געווען א האריקער יאגד-הונט

מיט אראפהענגענדיקע אויערן, א ווולגארער „באביק״ אדער א „זשוטשקא״. מיט א טויב בורטשען האט ער געריסן א שטיק ווייך פלייש וואס ער האט צוגעהאלטן מיט די פאדערשטע לאפעס. דערזעענדיק אלעקסייען האט דער הונט — א באשעפעניש וואס מען האלט פאר דער נאבלסטער פון אלע כאיעס — מיטאמאל גענומען בייזן כריפען און האט באוויזן די ציין. אין זיינע אויגן האט געפלאקערט אזא פלאם פון ווילדקייט, אז בא אלעקסייען האבן זיך די האר געשטעלט קאפויער.

ער האט אראפגעווארפן די האנט־קישעלע און האט א זוך געטאן אין קעשענע דעם רעוואלווער. א פאר רעגעס האבן דער מענטש און דער הונט — א פארוואנדלטער שוין אין א ווילדער כאיע — אנגעקוקט שארף איינער דעם צווייטן. דאן האט זיך דער הונט, קענטיק, דערמאנט אין עפעס: ער האט אראפגעלאזט די מארדע, א דריי געטאן אומצופרידן מיטן עק, האט אויפגעהויבן זיין רויב, האט פאררוקט דעם ווידל צווישן די פיס און האט זיך באהאלטן הינטער א שווארצן אש־בערגל. אלעקסיי האט נאך באוויזן צו זען וואס דער הונט האט געטראגן צווישן די ציין. דאס איז געווען א שטיק מענטשלעך פאנים: אף דער טונקעלער הויט האט זיך געזען דער בויגן פון א ברעם.

מען האט די מינוט געדארפט אוועקגיין פון דארט! אויסנוצנדיק די לעצטע רעגעס טאג־ליכט האט אלעקסיי, ניט זוכנדיק קיין וועגן, א שלעפ געטאן זיך אין א גלייכער ליניע, דורכן אפענעם פעלד, צום וואלד צו, ווענדנדיק זיך קימאט אינסטינקטיוו אהין פון וואנען ס׳האט זיך איצט מיט דער גאנצער קלארקייט געהערט די געקנאלעריי פון די קאנאנען. וואס נענטער ער איז צוגעקומען צו דער קאנאנאדע, האט זי אים, ווי א מאגנעט, צוגעצויגן מיט אן אלץ גרעסערער קראפט.

## .12

אזוי האט ער זיך געשלעפט נאך 2-3 טעג. ער האט פארלוירן דעם זין פאר צייט. אלץ האט זיך צונויפגעגאסן אין איין קייט פון נאכאנאנדיקע אויטאמאטישע אנשטרענגונגען. צייטנווייז פלעגט ער באהערשט ווערן פון שלאף אדער פון דרעמל. באוועגנדיק זיך פלעגט ער אנטשלאפן ווערן, אבער די קראפט וואס האט אים געצויגן צו מיזרעך איז געווען אזוי מעכטיק אז אפילע א שלאפנדיקער האט ער זיך ביסלעכווייז געשלעפט אלץ ווייטער און ווייטער ביז ער פלעגט זיך אנשטויסן אף א בוים אדער א פאל טאן מיטן פאנים אפן צעגייענדיקן שניי. זיין גאנצער ווילן, אלע זיינע צעפלאסענע געדאנקען האבן זיך קאנצענטרירט אין איין ברעגפונקט, אין איין פארלאנג: שלעפן זיך, אוואנסירן; אוואנסירן פאר יעדן פרייז.

אפן וועג האט ער דורכגעבויערט מיט די אויגן יעדן קוסט, אבער קיין יאזשן האט ער מער ניט געפונען. ער האט זיך דערנערט מיט אונ־

טערשנייאַיקע יאַגדעס און האָט געזויגן מאָד. איין מאָל האָט ער זיך אָנגעשטויסן אַף אַ גרויסן מוראַשניק, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ קליינער גלאַטער סטויג היי, אַן אָקערשט־אַרומגעגלעטער און אַן אַרומגעוואַשענער דורך די רעגנס. די מוראַשקעס האָבן זיך נאָך ניט געהאַט אויפגעוועקט און דער גאַנצער מוראַשניק האָט אויסגעזען טויט. אַלעקסיי האָט אַרײַנגעשטעקט אַ האַנט אין פוכקן סטויג און ווען ער האָט זי אַרויסגענומען איז זי אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט מוראַשקעס וואָס האָבן זיך שטאַרק צוגעפעסטיקט צו זײַן הויט. ער האָט זיי אָנגעהויבן עסן און האָט דערפילט מיט פאַרגעניגן אין זײַן פאַרטריקנטן מויל דעם ברענענדיקן און זויערלעכן טאַאַם פון פאָרמישן זײַערס. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרײַנשטעקן זײַן האַנט אינעם בערגל, ביז דער גאַנצער מוראַשניק איז ניט אויפגערודערט און אויפגעוועקט געוואָרן דורך דער אומדערוואַרטער אײַנוואַזיע.

די קליינע אינסעקטן האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט פוריע, בײַסנדיק אַלעקסייען אין האַנט, אין די ליפן, אין צונג. זיי זײַנען פאַרקראָכן אונטערן אָוועראַל און האָבן געביסן זײַן קערפער, אָבער די דאָזיקע ביסן זײַנען אַזש געווען אָנגענעם פאַר אים. דער בריאיקער טאַם פון פאָרמישן זײַערס האָט אים אויפגעלעבט. ס׳האָט זיך אים פאַרוואָלט טרינקען. צווישן די בערגלעך האָט ער דערזען אַ קליינע לוזשע מוטנע וואַסער און ער האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער איר. קוים ער האָט עס געטאָן, האָט ער זיך ווידער אויסגעגלײַכט. פון טונקעלן וואַסער־שפיגל, אַפן בלאָען פאָן פון הימל, האָט אַף אים אַרויסגעקוקט אַ שוידערלעכער, אַבסאָלוט אומדערקענלעכער פאָנים. דאָס איז געווען אַ שאַרבן, אַן אײַנגעדרייטער אין אַ טונקעלער, אויסגעצויגענער הויט, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ שמוציקן, אָנגעפלאָנטערטן אָנוווּקס. פון די שוואַרצע און אײַנגעזונקענע שאַרבן־לעכער האָבן געקוקט אַף אים צוויי גרויסע, קײַלעכדיקע, ווילדע אויגן. די צונויפגעקלעפטע מאָד־קודלעס זײַנען ווי סטאַלאַקטיטן געפאַלן אַף זײַן שטערן.

„איז מעגלעך אַז דאָס בין איך?״ — האָט געטראַכט אַלעקסיי, און אַ דערציטערטער פון געדאַנק אַז ער וועט זיך ווידער מוזן אָנבייגן איבערן וואַסער, האָט ער אָנשטאָט טרינקען געגעסן שניי, און האָט זיך ווײַטער גענומען שלעפן צו מיזרעד.

ער האָט זיך געגרייט צו נעכטיקן אין אַ באָמבע־גרוב, אַן אַרומגעשאָטענער מיט אַ שויץ־וואַל פון זאַמד, וואָס דער אויפרײַס האָט אַרויפגעוואָרפן אינדערהייך. אַפן דעק פון גרוב האָט מען געקענט געניסן פון רו און באַקוועמלעכקייט. דער ווינט איז ניט דערגאַנגען ביז אַהין, און מען האָט בלויז געהערט דעם גערויש פון די פאַלנדיקע זעמדעלעך וואָס ער פלעגט אַראָפשיטן. פון דער טיפעניש פון דער גרוב האָט די שײַן פון די שטערן אויסגעזען אויסערגעוויינלעך ליכטיק און ס׳האָט זיך אויסגעדוכט אַז זיי הענגען נאָנט איבערן קאָפ. אַ שפיציקער סאָסנע־צווײַג,

וואס האט זיך געוויגט אונטער זיי, האט אויסגעזען ווי א האנט וואס האלט אין איין רייניקן מיט א טיכל די ווינקענדיקע פײַערלעך. פארטאג האט זיך געשטארקט די קעלט. א קאלטער געפריר האט פארדעקט דעם וואלד. דער ווינט האט געביטן זײַן ריכטונג און האט שוין געבלאזן פון צאפן, פארוואנדלענדיק דעם געפריר אין אײַז. ווען דער מוטנער און שפעטיקער פארטאג האט זיך ענדלעך דורכגעריסן דורך די צווײַגן און דער געדיכטער נעפל האט זיך אראפגעלאזט און ביסלעכווײַז צעשוווּמען, איז אלץ געווען באדעקט מיט א גליטשיקער אײַז־שיכט. דער סאסנע־צווײַג וואס איז געהאנגען איבערן גרוב האט שוין מער ניט אויסגעזען ווי א האנט מיט א טיכל, נאר ווי א פאנטאסטישער קרישטאל־קאנדעלא־בער מיט קלייניטשקע פריזמעס, וואס גלעקלען שטיל און קאלט ווען דער ווינט גיט זיי א שאקל.

נאך יענער נאכט האט זיך אלעקסיי געפילט שוואכער ווי שטענדיק. ער האט אפילע אויפגעהערט צו קײַען די שטיקער סאסנע־קארע, וואס ער האט געהאט אנגעגרייט אין בוזעם־קעשענע. ס'האט אים געקאסט א סאך מי אפרײַסן זיך פון באדן: ס'איז אויסגעקומען ווי, דורך נאכט, וואלט זיך דער קערפער צוגעקלעפט צו דער ערד. ניט אראפטרייסלענדיק דאס אײַז־הײַטל וואס האט באדעקט זײַן אוועראל, זײַן בארד און וואנצעס, האט ער געפרוּווט אריבערקלעטערן די ווענט פון גרוב. די הענט האבן זיך אבער אראפגעגליטשט פון פארפרוירענעם זאמד. וויפל מאל ער האט ניט געפרוּווט קלעטערן, האט ער זיך אלץ אראפגעגליטשט ביזן סאמע דעק פון גרוב. די פרווון זײַנען געווארן אלץ שוואכער. צום סוף האט ער זיך מיט שרעק איבערצײַגט אז אן עמעצנס הילף וועט ער ניט קענען ארויס פון גרוב. דער דאזיקער געדאנק האט אים נאכאמאל א שטויס געטאן צו קלעטערן אף דער גליטשיק־מעשופעדיקער זאמד־וואנט. נאך א פאר באוועגונגען האט ער זיך אבער אויסגעגליטשט אן אויסגעשעפטער און אוממעכטיקער.

„ס'האט זיך געענדיקט! זאל זײַן וואס עס וויל!", האט ער געטראכט.

ער האט זיך אײַנגעקארטשעט אפן דעק פון גרוב, דערפילנדיק אין גאנצן קערפער יענע מוירעדיקע אפגעלאזנקייט, וואס צעברעכט און פאראליזירט דעם ווילן. מיט א שוואכער באוועגונג האט ער ארויסגענומען פון דער רעקל־קעשענע די אפגענוצטע בריוו, אבער ער האט ניט געהאט קיין קויעך צו לייענען זיי. ער האט ארויסגעצויגן די פאטאגראפיע אינעם צעלאפאן און האט מיט א טרויעריקן שמייכל געפרעגט דעם מיידל אינעם בלומיקן קלייד:

— „איז מעגלעך אז איך זאל דיר דארפן זאגן אדיע?" — און מיטאמאל האט ער אויפגעציטערט און געבליבן פארשטיינערט מיט דער פאטאגראפיע אין האנט: דארטן אויבן, איבערן וואלד, אין דער פארפרוי־

רענער און נאסער לופט, האט זיך אים אויסגעדוכט אז ער הערט זייער א באקאנטן גערויש.

אלעקסיי האט זיך גלייך אויפגעכאפט פון דער שווערער פארשלעפערטקייט. קיין שום ספעציעלס איז ניט געווען אין יענעם גערויש. ער איז געווען אזוי שוואך אז אפילו דער סובטעלער געהער פון א ווילדער כאיע וואלט אים ניט געקענט אונטערשיידן אין איינריטמיקן געמורמל פון די פארפרוירענע ביימער־קרוינען. אלעקסיי, אבער, האט אים אויפגעכאפט מיט דער גאנצער קלארקייט. לויטן ספעציפישן פייפנדיקן טאן איז פאר אים קיין ספק ניט געווען אז ס'האנדלט זיך פון א „יאגדלער", אזא ווי ער אליין האט פילאטירט.

דאס פרייכן פון מאטאר האט זיך דערנענטערט, איז געוואקסן, פארוואנדלענדיק זיך אט אין א פייפעריי און אט אין א געקרעכץ, ווען דער אוויאן האט געמאכט א ווירא‌זש אין דער לופטן. ענדלעך, פליענדיק זייער הויך און וואנסירנדיק פאמעלעך, האט זיך באוויזן אין גראען הימל א קליינטשיק קרייצעלע, וואס פלעגט זיך אדער צונויפגיסן מיטן גראלעכן פאן פון די וואלקנס אדער קלאר אויסטיילן זיך. איצט האט מען שוין געקענט אונטערשיידן די רויטע שטערן אף זיינע פליגל. פונקט איבער אלעקסייס קאפ האט דער אוויאן געמאכט א לופינג און ס'האבן זיך געמיניעט זיינע פליגל אף דער זון. ער האט געמאכט א ווירא‌זש און גענומען פליען אין דער קעגנזעצלעכער ריכטונג. דאס פרייכן פון מאטאר האט זיך שנעל אויסגעלאשן און האט זיך דערטרונקען אינעם גערויש פון פארפרוירענעם וואלד, וואס האט געגלעקלט דעליקאט מיט זיינע צווייגן אינעם ווינט, אבער אלעקסייען האט זיך אויסגעדוכט אז ער הערט נאך א לאנגע צייט יענעם פייפנדיקן און שארפן קלאנג.

ער האט זיך פארגעשטעלט אז ער איז אין דער קאבינע. עטלעכע מינוט פליען און ער וואלט זיך געפונען אין זיין וואלד־אעראדראם. ווער איז עס געפלויגן? איז עס עפשער געווען דעגטיארענקא? אים איז טאקע געפעלן געווען אויפצוהייבן זיך זייער הויך בעיים די אויסשפיר־פליען, מיט דער געהיימער האפענונג צו באגעגענען דעם סוינע... דעגטיארענקא... דער אוויאן... די כעוורע...

דערפילנדיק א נייעם צופלוס פון ענערגיע האט אלעקסיי באטראכט די פארפרוירענע ווענט פון גרוב. „קלאר! אזוי וועסטו ניט ארויסגיין!", האט ער צו זיך געזאגט. ער וועט זיך אבער ניט וואלגערן, ווארטנדיק אפן טויט! ער האט ארויסגעצויגן דעם קינזשאל און האט, מיט אומגעניטע און שוואכע קלעפ, גענומען מאכן טרעפלעך, אראפקראצנדיק דאס פארפרוירענע הייטל און סקראבענדיק מיט די נעגל אינעם פארהארטעוועטן זאמד. ער האט זיך צעבראכן די נעגל און פארבלוטיקט די פינגער, אבער וואס ווייטער האט ער מיט אלץ מער אקשאנעס געלאזט אין גאנג דעם מעסער און די נעגל. נאכדעם, אנשפארנדיק זיך מיט הענט און קני אף די טרעפלעך, האט ער פאמעלעך אנגעהייבן ארויפצושטייגן. ס'האט זיך

אים אײַנגעגעבן צוצוקומען צום אויבערשטן ראַנד. נאָך איין אָנשטרענגונג און ער וועט זיך אַ קוליע טאָן, און געפֿינען זיך פֿון דער אַנדער זײַט. זײַנע פֿיס האָבן זיך אָבער אויסגעגליטשט; צעקלאַפּנדיק שטאַרק דעם פּאָנים אָן דעם אײַז, איז ער אַראָפּגעפֿאַלן אונטן און זיך גוט צעשלאָגן. זײַנע אויערן זײַנען נאָך אָבער פֿול געווען מיטן פֿרײַכן פֿון מאָטאָר. אַלעקסיי האָט זיך ווידער אויפֿגעהויבן, האָט ווידער גענומען קלעטערן און האָט זיך נאָכאַמאָל אויסגעגליטשט. דאַן האָט ער באַטראַכט זײַן אַרבעט מיט אַ קריטישן גײַסט און האָט גענומען טיפֿער מאַכן די טרעפּלעך, פֿאַרשאַרפֿנדיק זייער אויבערשטן קאַנט. ער האָט נאָכאַמאָל גענומען קלעטערן, באַנוצנדיק פֿאָרזיכטיק אַלע ענערגיעס פֿון זײַן קערפּער, וואָס איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער.

מאַכנדיק די גרעסטע אָנשטרענגונג האָט זיך אים אײַנגעגעבן אַריבערצוהענגען זיך איבערן זאַמדענעם ראַנד און אַריבערצוקולעמען זיך אָן אויסגעשעפּטער אַף דער אַנדער זײַט. ער האָט זיך גלײַך אַ שלעפּ געטאָן אַהין ווו ס׳איז אַוועקגעפֿלויגן דער אַוויאָן, צו יענעם אָרט ווו ס׳איז צעגאַנגען דער פֿײַכטער נעפּל און ווו ס׳האָט זיך אויפֿגעהויבן איבערן וואַלד דער פֿײַער־דיסק פֿון דער זון, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אַרויסרײַסן אָפּגלאַנצן פֿון די אײַז־קרישטאַלעכלעך.

## .13

ס׳איז אים שוין שווער געווען צו שלעפּן זיך. די ציטערדיקע אָרעמס האָבן זיך געבויגן און זײַנען ניט פּעיִק געווען אויסצוהאַלטן דעם געוויכט פֿון קערפּער. אַ סך מאָל האָט ער אַרײַנגעגראָבן זײַן פּאָנים אין טייגיקן שניי. אים האָט זיך אויסגעדוכט אַז די ערד האָט שטאַרק פֿאַרגרעסערט איר צוציִונגס־קראַפֿט און אַז ער וועט שוין ניט קענען באַזיגן די דאָזיקע קראַפֿט. ס׳האָט אים אַרומגענומען אַן אומאָפּהאַלטלעכער ווילן אַ פֿאַל צו טאָן און אָפּרוען זיך, כאָטש אַ קאַפּעלע, כאָטש בלויז אַף אַ האַלבער שאָ. פֿונדעסטוועגן האָט אים גראָד איצט אַן אומבאַזיגלעכער אימפּולס געשטויסן פֿאָרויס; באַהערשנדיק די שרעקלעכע מידקייט האָט ער זיך אַוועקגעשלעפּט אָן אָפּרו; ער איז געפֿאַלן, האָט זיך אויפֿגעשטעלט און ווײַטער געפֿויזעט, ניט פֿילנדיק דעם ווייטיק און דעם הונגער, ניט זעענדיק און ניט הערנדיק קיין זאַך, אויסער דעם געקראַך פֿון דער קאַנאָנאַדע און דער שיסערײַ.

ווען די אָרעמס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אויפֿצוהאַלטן אים, האָט ער געפּרוּווט פֿויזען אַף די עלנבויגנס. דאָס איז געווען זייער אומבאַקוועם. האָט ער זיך דאַן אויסגעצויגן און, באַפֿעסטיקנדיק זיך מיט די עלנבויגנס אינעם שניי, האָט ער געפּרוּווט קײַקלען זיך. ס׳האָט זיך אים אײַנגעגעבן. קײַקלען זיך אַף אַ זײַט איז געווען לײַכטער, ס׳האָט ניט געפֿאָדערט קיין גרויסע אָנשטרענגונגען. ס׳פֿלעגט אים בלויז ווערן אַ פּוסטקייט אין קאָפּ

און ער פֿלעגט אַף אייניקע רעגעס פֿאַרלירן דעם באַוווּסטזייַן. דאָס האָט אים געצוווּנגען אָפּט אָפּצושטעלן זיך, אַוועקצוזעצן זיך אַפֿן שניי און וואַרטן ביז דער וואַלד, די ערד און דער הימל וועלן זיך אויפֿהערן צו דרייען.

דער וואַלד האָט גענומען ווערן שיטערער און אין אייניקע ערטער האָבן זיך באַוויזן פֿליכן פֿון אויסגעהאַקטקייט. לענטעס פֿון ווינטערדיקע וועגן האָבן זיך גענומען אויסטיילן אַפֿן שניי. אַלעקסיי האָט שוין ניט געטראַכט צי ער וועט באַוויַיזן צוצוקומען צו די אייגענע, אָבער איין זאַך האָט ער געוווּסט: ער וועט ניט אויפֿהערן צו שלעפּן זיך, ער וועט זיך קײַקלען ביז זײַן קערפּער וועט זײַן פֿעיִק צו באַוועגן זיך. ווען ער פֿלעגט, צוליב דער מוירעדיקער אָנשטרענגונג פֿון אַלע זײַנע מוסקולן, פֿאַרלירן דעם באַוווּסטזײַן, פֿלעגן זײַנע אָרעמס און זײַן גאַנצער קערפּער אינס־טינקטיוו מאַכן די זעלבע קאָמפּליצירטע באַוועגונגען, און ער פֿלעגט דאַן אַפּילע קײַקלען זיך אין דער ריכטונג פֿון די אַרטילעריע־זאַלפּן.

אַלעקסיי האָט זיך ניט דערמאָנט ווי אַזוי ער האָט דורכגעמאַכט די נאַכט און צי ער האָט זיך אַ סך געשלעפּט בעמעשעך פֿון פֿרימאָרגן. דאָס אַלץ איז געבליבן פֿאַרטרונקען אין די פֿינצטערקייטן פֿון אַ ווייטיק־דיק־פּײַנפֿולער פֿאַרשלאָפֿנקייט. ער האָט זיך בלויז אומקלאָר דערמאָנט אין די שטערונגען וואָס ער האָט באַגעגנט; דער באַגילדטער שטאָם פֿון אַן אָפּגעהאַקטער סאָסנע, פֿון וועלכער ס'איז גערונען די בורשטינענע סמאָלע; אָנגעוואַלגערטע העלצער; זעגעכץ און סטרוזשקעס וואָס זײַנען געווען אָנגעוואָרפֿן אין אַלע זײַטן, פּיִעניעס דאָ און דאָרט, און די דײַטלעכע יאָר־רינגען אַף די שניטן פֿון די ביימער.

אַ מעשונעדיקער געוויש האָט אים אויסגעטשוכעט, האָט אים אומ־געקערט דעם באַוווּסטזײַן און געצוווּנגען אים אַוועקצוזעצן זיך און נעמען זוכן מיטן בליק. ער האָט זיך געפֿונען אַף אַ גרויסער זון־באַגאָסענער פּאָ־ליאַנקע, וואָס איז פֿול געווען מיט אָפּגעהאַקטע ביימער, קלעצער און שטויסן האָלץ. די מיטנטאָגיקע זון האָט געשײַנט איבער זײַן קאָפּ; עס האָט זיך שטאַרק געשפּירט מיט סמאָלע, מיט איבערגעוואַרעמטע בלעטער, מיט שניי־פֿײַכטקייט. אויבן, הויך איבער דער ערד וואָס איז נאָך געווען פֿאַרפֿרוירן, האָט אַ זינגענדיקע שוואַלב זיך געריסן דעם גאָרגל, אַ באַ־צויבערטע פֿון איר אײַנפֿאַכן ליד.

אײַנגאַנצן באַהערשט דורך אַן אומבאַשטימטן געפֿיל פֿון געפֿאַר האָט אַלעקסיי באַטראַכט דעם אויסגעהאַקטן אָרט. די אויסהאַק־אַרבעט איז דאָ געווען אַ פֿרישע און אַ ניט־פֿאַרלאָזענע. די בלעטער פֿון די ניט־צעשפּאָל־טענע ביימער וואָס זײַנען געלעגן אַף דר'ערד האָבן נאָך ניט באַוויזן פֿאַרטריקנט און געל צו ווערן, די האָניקדיקע סמאָלע האָט געטריפֿט פֿון די שניטן, ס'האָט געשמעקט מיט פֿרישע שפּענער און מיט נאַסער קאָרע וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אומעטום. דאָס האָט באַטײַט אַז מען האַלט

נאָך אין האַקן. זיכער באַזאָרגן זיך דאָ די דײַטשן מיט האַלץ פּאָר זייערע קאַזעמאַטן און באַפעסטיקונגען. אויב אַזוי, דאַרף מען שנעל אַפּציִען. די האַלצהעקער האָבן אין יעדער רעגע געקענט אָנקומען. זײַן קערפּער איז אָבער געווען פאַרגליווערט, אײַנגעשמידט אין אַ שוידערלעכן ווייטיק, און ער האָט זיך אַפילו ניט געקענט אַ ריר טאָן.

„ווײַטער פּויזען?" דער אינסטינקט, אָבער, וואָס איז פאַרשאַרפט געוואָרן בעמעשעך פון די טעג וואָס ער איז געווען אין וואַלד, האָט אים געוואָרנט. ער האָט ניט אַזוי געזען ווי געפילט, פּונקט ווי די ווילדע כאַיעס, אַז עמעץ היט אים, ניט אָראָפּלאָזנדיק די אויגן פון אים. ווער? דער וואַלד איז געווען שטיל, ס'האָט געזונגען די שוואַלב, ס'האָט טויב געפּיקט דער פּיקהאָלץ, די וואָראָבייטשיקעס האָבן געשמועסט פּישטשענדיק נאָכאַנאַנד און שפּרינגענדיק גיך איבער די לויזע צווײַגן פון די אָפּגעהאַקטע סאָסנעס. און ניט געקוקט אַף אַלץ האָט אַלעקסיי געפילט מיט זײַן גאַנצן וועזן אַז מען לויערט אַף אים.

ס'האָט אַ סקריפּע געטאָן אַ צווײַג מיט אַ לײַכטן קנאַק. ער האָט אַ קוק געטאָן און געזען אַז אַף די בלאַלעכע שפּיצן פון אַ גרופּע קליינע סאָסנעס, וואָס זייערע געקרויזטע קרוינען האָבן זיך געבויגן אַלע מיטאַמאָל אונטערן אָנפאַל פון ווינט, האָבן זיך עטלעכע צווײַגן געבויגן אין אַן אַנדער ריכטונג, פּונקט ווי זיי וואָלטן געמאַכט שאַבעס פאַר זיך. עס האָט זיך אויסגעוויזן אַלעקסייען אַז פון דאָרט קומט אַן אַ לײַכטער געשעפּטש, אַן איבערגעהאַקטער מענטשלעכער געשעפּטש. פּונקט ווי דאָן ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיטן הונט, האָבן זיך אים איצט אויך געשטעלט די האָר קאַפּויער.

ער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם דעם פאַרזשאַווערטן און פאַרשטויבטן רעוואָלווער, און האָט געמוזט באַנוצן ביידע הענט אַף אויפצוהייבן דאָס צינגל. עמעץ אַף די סאָסנעס האָט זיך אַזוי ווי אַ וואָרף געטאָן אַף הינטן, ווען דאָס צינגל האָט אַ קנאַק געטאָן. עטלעכע ביימערקרוינדלעך האָבן אַ ציטער געטאָן פּונקט ווי עמעץ וואָלט זיך אָנגעשטויסן אָן זיי, און ווידער איז אַלץ געוואָרן רויִק.

„וואָס זאָל עס זײַן? אַ כאַיע צי אַ מענטש?" — האָט געטראַכט אַלעקסיי און ער האָט דערהערט ווי צווישן די ביימלעך גיט אויך עמעץ אַ פרעג: „איז עס אַן אילוזיע פון זײַנע כושים, אָדער דאָרט, צווישן די ביימלעך, האָט ווירקלעך עמעץ גערעדט אַף רוסיש? יאָ, אַוואַדע אַף רוסיש. דער פאַקט וואָס מען האָט גערעדט אַף רוסיש האָט באַ אים אַרויסגערופן אַזאַ פאַרפלייצנדיקע פרייד, אַז ניט פאַרטראַכטנדיק זיך ווער עס האָט געקענט זײַן דאָרט —אַ פרײַנט צי אַ סוינע— האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ טרײַומפאַלן געשריי, האָט זיך אוועקגעשטעלט אַף די פיס און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס, צו דער שטי־

מע. גלײַך איז ער אונטערגעשניטן געוואָרן, מיט אַ קרעכץ, ווי אַ בליץ וואָלט אים געטראָפן. דער רעוואָלווער איז אַראָפּגעפאַלן אַפן שניי.

## 14.

פאַלנדיק, נאָכן ניט־אײַנגעגעבענעם פּרוּוו אויפצושטעלן זיך, האָט אַלעקסיי פאַרלוירן דעם באַוווּסטזײַן, אָבער דאָס געפיל פון אַ באַלדיקער געפאַר האָט אים געצוווּנגען קומען צו זיך. ס'איז ניט געווען קיין ספק: אין סאָסנע־וועלדל האָבן זיך געפונען באַהאַלטענע מענטשן וואָס האָבן אים אָבסערווירט און דיסקוטירט מיט אַ פאַרשטיקטן קאָל.

ער האָט זיך אונטערגעהויבן אַביסל אַף די אָרעמס, האָט אויפגע־הויבן דעם רעוואָלווער פון שניי און האַלטנדיק אים פאַרבאָרגן נאָנט צו דער ערד, האָט ער אָנגעהויבן אָבסערווירן. זײַן מויעך האָט געאַרבעט מיט דער גאַנצער פּרעציזקייט. ווער זײַנען זיי? זײַנען עס האַלצהעקער וואָס די דײַטשן האָבן מיט געוואַלד געשיקט אַהער אַף צו האַקן האָלץ? עפשער זײַנען עס אַרומגערינגלטע רוסן וואָס האָבן דורכן דײַטשישן רע־טאַגוואַרד געשפּאַרט צו די אייגענע, דורך דער פראָנט־ליניע, אַזוי ווי ער? און עפשער אַרטיקע פּויערים? ער האָט געהערט ווי עמעץ האָט געפרעגט דײַטלעך: „איז עס אַ מענטש?"

דער רעוואָלווער האָט געציטערט אין זײַן האַנט, דער באַדעקטער מיט מאַזאָליעס פון אַזויפיל שלעפן זיך. אַלעקסיי האָט זיך געגרייט צו קעמפן און גוט אויסצונוצן די דרײַ קוילן וואָס זײַנען אים געבליבן...

פּונקט אין יענעם מאָמענט האָט אַ קינדערשע, אָפּגעהאַקטע שטים אַ קלונג געטאָן צווישן די ביימלעך:

— העי! דו! ווער ביסטו? דויטש? פערשטייס?

די מעשונעדיקע ווערטער האָבן באַאומרויִקט אַלעקסייען, אָבער ס'איז קיין ספק ניט געווען אַז אויסגעשריִען האָט זיי אַ רוס און אַ קינד. דאָס איז אַבסאָלוט זיכער.

— דו! וואָס טוסטו דאָרטן? — האָט געפרעגט אַ צווייטע קינ־דערשע שטים.

— און איר, ווער זײַט איר? — האָט, פון זײַן זײַט, געפרעגט אַלעקסיי און איז אַנטשוויגן געוואָרן, איבערראַשט פון דער שוואַכקייט און דינקייט פון זײַן קאָל.

זײַן פראַגע האָט אַרויסגערופן אַ צעטומלעניש אַף יענער זײַט ביימ־לעך, ווו מען האָט אַ לאַנגע צײַט גערעדט מיט אַזאַ מין זשעסטיקולאַציע אַז די סאָסנע־צווײַגלעך האָבן זיך שטאַרק באַוועגט.

— דערצייל ניט קיין באַבע־מײַסעס, וועסט אונדז ניט אָפּנאַרן! כ'דערקען די דײַטשן, לויטן רייעד, אַף פינף וויאָרסט! ביסט אַ דײַטש?

— און איר ווער זײַט?

— און וואָס גייט עס דיר אָן? ני פּערשטעיס...?
— כ'בין אַ רוס.
— ליגנער! זאָל איך אַזוי לעבן ווי דו ליגסט, פּריץ!
— איך בין אַ רוס, אַ רוס, אַן אַוויאַטאָר: די דײַטשן האָבן מיך אַראָפּגעשאָסן.

אַ זיכערער אַז אַף יענער זײַט ביימלעך האָבן זיך געפונען זײַנע אייגענע, האָט אַלעקסיי אויפגעהערט אײַנגאַנצן צו היטן זיך. זיי האָבן אים ניט געגלייבט, ווײַל די מילכאָמע האָט זיי אויסגעלערנט צו זײַן אײַבערגעשפּיצט. צום ערשטן מאָל אין זײַן לאַנגן גאַנג האָט ער זיך דערפילט פולשטענדיק אויסגעשעפּט, אָן קויעך צו באַוועגן זיך און צו פאַרטיידיקן זיך. אַף זײַנע שוואַרצע און אײַנגעזונקענע באַקן זײַנען געפלאָסן טרערן.
— זע, ער וויינט! — האָט זיך געהערט פון הינטער די ביימלעך. — העי! דו! פאַרוואָס וויינסטו?
— איך בין אַ רוס, אַ רוס, פון אײַערע, אַן אַוויאַטאָר.
— פון וועלכן אַעראָדראָם?
— און איר ווער זײַט?
— און דיר וואָס אַרט? דו ענטפער.
— פון מאַנטשאַלאָווע. העלפט מיר, קומט! וואָס פאַרא טײַוול אַף אײַך...?

הינטער די ביימלעך האָט מען לעבהאַפטיק גערעדט אַף אַ נידעריקן קאָל. אַלעקסיי האָט געהערט קלאָר אייניקע זאַצן:
— זע, ער זאָגט אַז פון מאַנטשאַלאָווע... עפּשער איז עס ריכטיק... און ער וויינט... העי! דו, פּילאָט! וואַרף אַוועק דעם רעוואָלווער — האָבן זיי צו אים געשריִען —. וואַרף אַוועק זאָג איך דיר, אַניט גייען מיר ניט אַרויס און מיר גייען אַוועק!

אַלעקסיי האָט אַ וואַרף געטאָן אַן אַ זײַט דעם רעוואָלווער. די ביימלעך האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט און פון צווישן זיי זײַנען אַרויס צוויי באָכערימלעך וואָס האָבן זיך שטאַרק געהאַלטן פאַר די הענט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו אים זייער פאָרזיכטיק ווי נײַגעריקע וואָראַביטשיקעס וואָס זײַנען גרייט אַ שפּרונג צו טאָן יעדן מאָמענט און פאַרשווינדן. דער עלטערער — איז אַ אַלטן, פּרווישן וואַטאָוון זשאַקעט, אַן אונטערגעבונדענעם מיט אַ שטריקל, און אין אַ דײַטשישן מיליטער־היטל — איז געווען דאַר, האָט געהאַט בלאַע אויגן און פלאַקסענע האָר. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ האַק אַף יעדן פאַל. באַהאַלטנדיק זיך הינטער זײַנע פּלייצעס און אַרויסקוקנדיק מיט אַן אומבאַזיגלעכער נײַגעריקייט, איז געגאַנגען דער צווייטער, אַ רויטהאָריק, באַשפּרענקלט ײַנגל, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו מורמלען:
— ער וויינט. ער וויינט אַף אַן עמעס. און ווי מאָגער ער איז! ווי מאָגער!

דער עלטערער, צוקומענדיק נאָנט צו אַלעקסייען, מיט דער גרייטער האַק אין האַנט, האָט אָפּגעשטופּט מיטן ריזיקן וואַליק דעם רעוואָלווער וואָס איז געלעגן אין שניי.

— זאָגסט אַז דו ביסט אַ אַוויאַטאָר? האַסט פּאַפּירן? אַנו, ווײַז זיי!

— ווער געפינט זיך דאָ? אונדזערע צי די דײַטשן? — האָט אַלעקסיי געפרעגט מיט אַ נידעריקן קאָל, שמייכלענדיק ניט־ווילנדיק.

— איך וויים דען? מיך אינפאָרמירט מען ניט. דאָ איז דער וואַלד — האָט אים דיפּלאָמאַטיש געענטפערט דער עלטערער.

ער האָט געמוזט אַ זוך טאָן אין רעקל זײַן קרעדענציאַל. דער רויטער אָפּיצירן־קאַרנעט מיטן פינפעקיקן שטערן האָט געמאַכט אַ מאַגישן אײַנדרוק אויף די יינגלעך, און ס'האָט אויסגעזען אַז זייער קינדהייט, וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען בעמעשעד פון דער אָקופּאַציע־צײַט, האָט זיך צוריק אומגעקערט גלײַך ווי זיי האָבן דערזען פאַר זיך איינעם פון זייערע, אַ אַוויאַטאָר פון דער רויטער אַרמיי.

— אונדזערע, אונדזערע! זינט דרײַ טעג, צום גליק, אונדזערע!

— פּעטער, פאַרוואָס ביסטו אַזוי דאַר?

— ... אַ גוטע גאָב האָבן דערלאַנגט אונדזערע! וואָס פאַרא סאַלאַט פון קלעפּ! מען האָט פון זיי געמאַכט קליאַטשקע! ס'איז געווען אַ מוירעדיקער קאַמף! מען האָט זיי אָנגעבייקערט די ביינער! נו־נו, אַ שרעק!

— און יעדער איינער איז אַנטלאָפן ווי ער האָט געקענט... איינער האָט צוגעשפּאַנט אַ דריקל צו אַ גרויסער לײמענער קיילע און האָט זיך באַהאַלטן אינעווייניק. צוויי פאַרוווּנדיקטע האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַר אַן עק פון אַ פערד און אַ דריטער איז געריטן אויף אים... ווי האָט מען דיך אַראָפּגעשאָסן, פּעטער?

נאָכן שמועסן אַ ווײַלע, האָבן זיך די יינגלעך גענומען צו דער אַרבעט. ביז צו זייער הויז איז געווען, לויט ווי זיי האָבן געזאָגט, אַ פינף קילאָמעטער. אַלעקסיי האָט זיך אפילו ניט געקענט איבערדרייען קעדיי אוועקצולייגן זיך באַקוועמער אויף די פּלייצעס. דאָס שליטל מיט וועלכן די יינגלעך זײַנען געקומען צונויפנעמען צווײַגן אין „דײַטשישן אויס־האַק־פּלאַץ", איז געווען צו קליין און אויסער דעם האָבן זיי ניט געהאַט קיין קויעך צו שלעפּן אַ מענטשן איבערן שניי, דורכן אָפענעם פעלד. דער עלטערער, וואָס האָט געהייסן סעריאָזשקאַ, האָט פאַראָרדנט זײַן ברודער פעדקאַן אַז ער זאָל שנעל לויפן אין דאָרף ברענגען מענטשן, און ער אַליין איז געבליבן אויף דער וואַך לעבן אַלעקסייען, קעדיי צו פאַרטיידיקן אים, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, פון די דײַטשן. טיף אין האַרצן האָט ער נאָך אָבער געהאַט אַ סאַפעק און האָט געטראַכט: „דער טײַוול וויים ווער ס'איז דער דאָזיקער פּעטער; די פּריצן זײַנען שטאַרק איבערגע־

שפיצט און ס'קען זיין אז אט דער מאכט זיך פאר א גויסעס, און אז די פאפירן זיינע זיינען אפילע פאלשע..." ביסלעכווייז, אבער, האבן זיך זיינע ספייקעס צעשוומען און דאס יינגל האט גענומען ריידן מיטן פולן מויל.

אלעקסיי, וואס האט אונטערגעדרעמלט מיט האלב־אפענע אויגן אפן לעבלעכן און ווייכן אונטערבעט פון בלעטער, האט געהארכט אבער ניט געהערט דעם יינגלס דערציילונג. דורך דער רויקער פארשלעפערטקייט, וואס האט פלוצלינג ארומגעכאפט זיין גאנצן קערפער, זיינען דערגאנגען צו זיין באוווסטזיין איינצלנע ווערטער, אן וועלכן ניט איז צוזאמענהאנג. א פארכאלעמטער האט אלעקסיי האנאע געהאט פון די קלאנגען און אינ־טאנאציעס פון דער מוטער־שפראך און האט ניט געפרווט כאפן זייער זין. די געשיכטע פון די צארעס, וואס די איינוווינער פון דערפל פלאווני האבן דורכגעלעבט, האט ער זיך דערוווסט שפעטער.

די דייטשן זיינען אנגעקומען אין יענע וואלדיקע און אזיערדיקע קאנטן אין אקטאבער. אין סעקטאר פון פלאווני זיינען ניט פארגעקומען קיין שלאכטן. נאכדעם ווי ס'איז פארטיליקט געווארן אן אפטיילונג פון דער רויטער ארמיי, וואס האט זיך געהאט איינגעגראבן א 30 קילאמע־טער אף מיירעוו אין באפעסטיקונגען איינגעארדנטע אין גרויס איילעניש, האבן די דייטשישע קאלאנעס און זייער מעכטיקער אוואנגארד פון טאנ־קען געלאזט אן א זייט פלאווני, וואס איז געווען באהאלטן באם זייט פון וועג, לעבן א וואלד־אזיערע, און זיי זיינען אוועק אף מיזרעך. זיי האבן געשפארט אפן גרויסן באן־קנופ באלאגאיע מיטן ציל צו פארנעמען אים און אפשניידן אף אזא אויפן דעם צאפן־מיירעוודיקן פראנט פון מיירעוודיקן.

דארט, אין די ווייטע צוטריטן צו באלאגאיע, האבן די איינוווינער פון קאלינינער קאנט — שטאט־מענטשן, פויערים, פרויען, זקיינים און יוגנט, פערזאנען פון אלע עלטערס און פון די פארשיידנסטע פראפע־סיעס — געגראבן און געבויט פארטיידיקונג־ליניעס, טאג און נאכט, אונ־טערן רעגן און אין שטיקנדיקע היצן, ליידנדיק פון מאסקיטן, פון זומפן־פייכטקייט און פון אומגעזונטן טרינק־וואסער. די באפעסטיקונגען האבן זיך געצויגן פון דארעם צו צאפן, אף א לענג פון הונדערטער קילאמע־טערס, דורך וועלדער און זומפן, דורך ברעגן פון אזיערעס, טייכן און טייכלעך.

די באפעסטיקער האבן געדארפט אריבערטראגן ניט ווייניק שוועריי־קייטן און מאטערנישן, אבער זייער אנשטרענגונג איז ניט געווען אומ־זיסט. די דייטשן האבן באוויזן צו צעברעכן איינס און צוויי פארשיידענע פארטיידיקונג־גארטלען, אבער אף איינעם פון די לעצטע זיינען זיי אפ־געהאלטן געווארן. ס'האט זיך אנגעהייבן א מילכאמע פון פאזיציעס. די דייטשן האבן ניט געקענט צוקומען צו באלאגאיע, זיי זיינען געווען גע־

צוונגען אַריבערצוטראָגן דעם צענטער פֿון זייער קלאַפּ מער אַף דאָרעם, און דאָ זײַנען זיי אַריבער צו אַ דעפֿענסיווע.

די אײַנוווינער פֿון פּלאָווני, וואָס האָבן געוויינלעך קאָמפּלעטירט דעם אָרעמען שניט פֿון זייערע האַלב־זאַמדיקע פֿעלדער מיטן רײַכן פֿישפֿאַנג פֿון די וואַלד־אָזיערעס, האָבן זיך שוין געהאַט אײַנגעשמועסט אַז די מילכאָמע איז פֿאַרבײַגעגאַנגען און האָט זיי ניט אָנגערירט. זיי האָבן אָנגערופֿן סטאַראָסטאַ דעם פֿאָרזיצער פֿון קאָלווירט, ווײַל אַזוי האָבן געפֿאָדערט די דײַטשן, און האָבן געלעבט ווי שטענדיק אין אַן אָרטעל־רעזשים, האָפֿנדיק אַז ניט אייביק וועלן די דײַטשן אונטערדריקן די סאָוועטישע ערד און אַז די אײַנוווינער פֿון פּלאָווני וועלן עפּשער אין זייער פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל לײַכט אַריבערטראָגן דעם אומגליק. הינטער די דײַטשן אין זומפּ־גרינעם אוניפֿאָרם, וואָס זײַנען געבליבן אַף דער פֿראָנט־ליניע, זײַנען געקומען אין אויטאָס אַנדערע דײַטשן, אָנגעטאָן אין שוואַרץ און מיט אַ שאַרבן און צוויי געקרייצטע קנאָכן־ביינער אַף זייערע מיליטערישע היטלען. זיי האָבן צו וויסן געטאָן די אײַנוווינער פֿון פּלאָווני אַז אין מעשעך פֿון 24 שאָ דאַרפֿן זיי צושטעלן 15 פֿרײַוויליקע אַף צו אַרבעטן פּערמאַנענט אין דײַטשלאַנד; אין קעגנפֿאַל, האָבן די דײַטשן געדראָט מיט גרויסע צאָרעס. די פֿרײַוויליקע האָבן זיך געדאַרפֿט צושטעלן אין דער לעצטער איזבע פֿון דערפֿל, וווּ ס'האָט זיך געפֿונען די פֿיש־קראָם פֿון אַרטעל און אויך די אָרטעל־ביוראָ. זיי האָבן געדאַרפֿט מיטנעמען מיט זיך אַ גאַנג וועש, אַ לעפֿל, אַ גאָפּל, אַ מעסער און שפּײַז אַף צען טעג. ס'איז אַריבער די באַשטימטע צײַט און קיינער האָט זיך ניט צוגעשטעלט. אַגעוו, האָבן די שוואַרצבגאָדימדיקע דײַטשן שוין פֿון זייער פֿריִערדיקער דערפֿאַרונג געוווּסט אַז קיינער וועט זיך ניט צושטעלן. זיי האָבן אַרעסטירט די פֿאָרזיצערן פֿון קאָלווירט, שוין דאָן סטאַראָסטאַ, וועראָניקאַ גריגאָריעוונאַ, די אַלטע דערציִערן פֿון דער יאַסלע, צוויי שעפֿן פֿון בריגאַדעס און צען צופֿעליק־אָנגעטראָפֿענע פּויערים, און דערשאָסן זיי אַנטקעגן פֿאַרוואַלטונג־ביניען פֿון קאָלכאָז, קעדיי דאָס זאָל דינען ווי אַ שטרענגע אָנלערנונג. זיי האָבן פֿאַרווערט צו באַערדיקן די מייסים און האָבן דראָענדיק אָנגעזאָגט אַז אויב אין מעשעך פֿון אַ טאָג וועלן זיך ניט צושטעלן די פֿרײַוויליקע אַפֿן אָנגעוויזענעם אָרט, וועט מען דאָס זעלבע טאָן מיטן גאַנצן דאָרף.

אָבער די פֿרײַוויליקע האָבן זיך אַלץ איינס ניט צוגעשטעלט. אַף מאָרגן, ווען די דײַטשן פֿון דער זאָנדערקאָמאַנדאָ פֿון די ס.־ס. זײַנען געקומען אין דאָרף, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַלע איזבעס זײַנען פּוסט. ס'איז ניט געבליבן אין זיי קיין לעבעדיקער נעפֿעש: אַפֿילע די זקיינים און קינדער זײַנען פֿאַרשוווּנדן. אין דער פֿאַרגאַנגענער נאַכט האָבן די מענטשן פֿאַרלאָזן זייערע הײַזער און ערדן, דעם גאַנצן אייגנטום וואָס זיי האָבן אָנגעקליבן בעמעשעך פֿון יאָרן און קימאַט דעם גאַנצן סקאָט.

באשיצט פון געדיכטן נאכט־נעפל, וואס איז א געוויינלעכע דערשיינונג אין יענע קאנטן, זיינען זיי פארשוואונדן, ניט איבערלאזנדיק קיין שפור. דער גאנצער דארף, ביזן לעצטן מענטשן, איז אוועק אין דער געדיכטע־ניש פון וואלד, צו אן אלטן אויסגעהאקטן ארט, וואס האט זיך געפונען 18 וויארסט פון דארטן. נאכן האבן אויסגעגראבן היילן אף צו וווינען, זיינען די מענער אוועק אין דער פארטיזאנקע און די פרויען מיטן קליינ־ווארג זיינען געבליבן ביז פרילינג אינעם וואלד, ווו זיי האבן געמוזט פירן א צארעדיק לעבן. דער אומגעהארכיקער דארף איז פארברענט גע־ווארן ביזן פונדאמענט דורך דער זאנדערקאמאנדא, פונקט ווי די מער־הייט דערפער און שטעטלעך פון יענער געגנט, וואס איז דורך די דייטשן אנגערופן געווארן „טויטע זאנע".

...מיין פאטער איז געווען דער פארזיצער פון קאלווירט, זיי האבן אים גערופן סטאראסטא — האט דערציילט סעריאנקא און זיינע ווערטער זיינען דערגאנגען צו אלעקסייען ווי דורך א וואנט—. און זיי האבן אים דערהארגעט ווי זיי האבן דערהארגעט מיין עלטערן ברודער, וואס איז געווען אן אינוואליד: ער האט פארלוירן א האנט באם דרעשן. 16 פער־זאן... איך אליין האב עס געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווייל מען האט אונדז געפירט אלעמען, מיט קויעד, קעדיי מיר זאלן ביי־זיין. דער פאטער האט געשריען מיט אלע קויכעס. ער האט זיי דערמאנט, א דער־צארנטער, זייערע מאמעס... „איר וועט שוין באצאלן, הינטישע זין! —האט ער געשריען—. איר וועט וויינען מיט בלוטיקע טרערן צוליב אונדז!"

הערנדיק דאס געריידעריי פון דאזיקן בלאנדן מענטשל מיט די טרויע־ריקע אויגן, האט דעם אוויאטאר ארומגענומען א מעשונעדיק געפיל. עס איז אים אויסגעקומען אז ער שווימט אין א קלעפיקן נעפל. אן אומבאַ־זיגלעכע מידקייט האט פארגליווערט זיין גאנצן קערפער, וואס איז געווען אויסגעשעפט דורך דער איבערמענטשלעכער שפאנונג. ער האט ניט גע־קאנט פירן מיט א פינגער און האט זיך אפילע ניט געקענט פארשטעלן ווי אזוי ס'איז אים מעגלעך געווען מיט בלויז צוויי שא צוריק צו שלעפן זיך פארויס.

„איר לעבט, הייסט עס, אין וואלד?" האט געפרעגט אלעקסיי דעם יינגל מיט א קוים דערהארכלעכער שטים און באהערשנדיק מיט גרויס אנשטרענגונג די שלעפעריקייט וואס האט אים פארגאסן.

„אוואדע. און אזוי ציט זיך עס. מיט זיינען איצט 3: די מאמע, פעדקע און איך. מיר האבן געהאט א שוועסטערל, ניושקא, אבער ווינ־טערציים איז זי געשטארבן, איז געשוואלן געווארן און געשטארבן; און אן אנדער ברודערל, א קליינס, איז אויך געשטארבן. זיינען מיר געבליבן דריי... ווי האלטסטו? וועלן זיך אומקערן די דייטשן? הא? אונ־דזער זיידע, דער טאטע פון מיין מאמען, וואס איז איצט אונדזער פאר־

זיצער, זאָגט אַז ניין, אַז די טויטע קערן זיך ניט אום. מײַן מאַמע, אָבער, איז דערשראָקן, שטענדיק וויל זי אַנטלויפן, ווײַל טאָמער קערן זיי זיך ווידער אום... זע נאָר, אָט קומען פּעדקאָ מיטן זיידן!

אויף דער גרענעץ פון וואַלד איז דערשינען פּעדקאָ. מיט אַ פינגער האָט ער דעם זאַקן אָנגעוויזן אויף אַלעקסייען. דער אַלטער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ צעפליקטער בעקעשע, אַן אַרומגעגאַרטלטער מיט אַ שטריק, און אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ הויכע דײַטשישע אָפיצירן־היטל.

דער אַלטער, דער זיידע מיכאַיל, ווי די יונגלעך האָבן אים גערופן, איז געווען אַ הויכער, אַן אײַנגעבויגענער, אַ מאָגערער. זײַן גוטמוטיק פּנים האָט געהאַט אַן אויסדרוק וואָס מען געפינט אויף די אַלטע איקאָנעס; זײַנע אויגן זײַנען געווען ריינע, קלאָרע, קינדערשע, און זײַן שיטערע, געקרויזטע באָרד איז געווען אינגאַנצן ווייס. ער האָט אײַנגעוויקלט אַלעקסייען אין אַן אַלטן שאָפּענעם פּעלצל, וואָס איז געווען אינגאַנצן צעלאַטעט, האָט אים אָן קיין שום אָנשטרענגונגען אויפגעהויבן און איבערדרייענדיק זײַן לײַכטן קערפּער, האָט ער גערעדט מיט נאַיווער איבעראַשונג:

„ווײ, ווײ, גאָט, וואָס פאַר אַן אומגליק! וואָס עס קען דאָס ווערן פון אַ מענטשן! ס'איז דאָך פון אים גאָרניט געבליבן, גאָט מײַנער, ער איז דאָך אינגאַנצן אַ סקעלעט! וואָס די מילכאָמע קען דאָס מאַכן פון די מענטשן! אײַ, אײַ, אײַ!"

פּאָרזיכטיק, ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט פון אַ פּריש־געבאָרענעם, האָט ער אַלעקסייען אַרויפגעלייגט אויפן שליטל, צוגעבונדן אים מיט אַ שטריק, האָט געטראַכט אַ ווײַלע, אויסגעטאָן די בעקעשע, האָט זי צונויפגעלייגט אין צווייען און געמאַכט פון איר אַ צוקאָפּנס פאַרן פּילאָט. נאָכדעם האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן פון פאָרנט, האָט זיך אײַנגעשפּאַנט אין אַ קליינעם כאָמעט געמאַכט פון זאַקשטאָף, און געבנדיק יעדן פון די יונגלעך אַ שטריק צו ציִען, האָט ער געזאָגט:

— גוט, מיט גאָט! — און זאַלבעדריט האָבן זיי געצויגן דאָס שליטל איבערן האַלב־צעגאַנגענעם שניי, וואָס האָט זיך געקלעפּט צו די שינעס און האָט געסקריפּעט אונטער די פיס.

## 15.

די 2 אָדער 3 ווײַטערדיקע טעג זײַנען דורכגעגאַנגען פאַר אַלעקסייען אײַנגעוויקלטע אין אַ געדיכטן און ברענענדיקן נעפּל, און אַלץ האָט אים אויסגעזען פאַנטאַסמאַגאָריש. די ווירקלעכקייט האָט זיך געמישט מיט פיבערדיקע כאָלומעס, און ערשט אַ לאַנגע צײַט שפּעטער האָט ער געקענט צונויפשטעלן און אויסיידערן ווי געהעריק די עמעסע געשעענישן.

דער אַנטלאָפענער דאָרף האָט געלעבט אין אַ הונדערטיאָריקן סאָס־

נע־וואַלד. די אונטערערדישע וווינונגען, באַדעקטע מיט שניי און באַהאַלטענע אין דער געדיכטעניש האָט מען זייער שווער געקענט באַמערקן פון אויבן. דער רויך וואָס איז אַרויפגעשטיגן פון זיי האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געשטאַמט פון דער ערד גופא. דער טאָג פון אַלעקסיים אָנקומען איז געווען אַ פּייַכטער און אַ רויִקער. דער רויך האָט געלעקט דעם מאָד און האָט זיך געזעצט אויף די ביימער, און אַלעקסייען האָט זיך אויסגעדוכט אַז די גאַנצע געגנט איז אַרומגעוויקלט מיט אַ וואַלד־סרייפע וואָס האַלט זיך אין אויסלעשן.

די גאַנצע באַפעלקערונג, וואָס איז אין איר מערהייט באַשטאַנען פון פרויען, קינדער און עטלעכע זקיינים, דערוויסנדיק זיך אַז מיכאַיל פירט פון וואַלד אַ סאָוועטישן אוויאַטאָר וואָס מען ווייס נאָך ניט ווו ער איז געפונען געוואָרן און וואָס זעט אויס, לויט פעדקען, ווי אַז „עמעסער סקעלעט", איז אַרויס באַגעגענען אים. ווען צווישן די ביימער האָט זיך באַוויזן די טראַיקע מיטן שליטל, האָבן די ווייַבער זי אַרומגערינגלט און, אָפּשטופנדיק דאָס קליינוואַרג וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס, האָבן זיי גענומען נאָכגיין, אַרומרינגלענדיק ווי מיט אַ מויער דאָס שליטל. זיי האָבן געכליפּעט, געזיפצט און באַדויערט. אַלע זייַנען געווען אָנגעטאָן אין טראַנטעס און האָבן אויסגעזען אַלט. די דינע סאַזשע פון די וווינונג־גריבער איז קיינמאָל ניט אַראָפּ פון זייערע פּענימער. בלויז לויטן גלאַנץ פון די אויגן און לויט דער ווייַסקייט פון די ציינער, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט אויף די פאַרשוואַרצטע פּענימער, האָט מען געקענט אונטערשיידן די יונגע פון די אַלטע.

— ווייַבער, ווייַבער, העי, ווייַבער! צו וואָס האָט איר זיך דאָ צונויפגעשטופּט? צו וואָס? איז עס אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג? אַ ספּעקטאַקל? — האָט געהאַט טייַנעם מיכאַיל, שלעפּנדיק אײַפערדיק דעם כאָמעט — שטערט ניט, אום גאָטס ווילן, בעהיימעס! זייַ זיי מויכל, ריבוינע שעל אוילעם, זיי זייַנען מעשוגע די אָרעמע!

פון האַמוין האָבן זיך דערטראָגן צו אַלעקסיים אויערן אַזוינע אויסרופן:

— אוי, ווי ער זעט אויס! ס'איז עמעס, ער איז אַ סקעלעט, הויט און ביינער! ער רירט זיך אַפילע ניט? לעבט ער דען?

— ער האָט פאַרלוירן דעם באַוווּסטזייַן... וואָס איז אים? אַ שרעק ווי מאָגער ער איז, ווייַבער, אַ שרעק ווי מאָגער!

דערנאָך האָט ער באַמערקט די כוואַליע פון שטויַנונג און מיטלייד. דער אומבאַקאַנטער אָבער אומסאַפעקדיק שרעקלעכער גוירל פון אוויאַטאָר האָט אויפגעטרייסלט די ווייַבער. ווען דאָס שליטל האָט זיך דערנענטערט צום אונטערערדישן דאָרף, האָט זיך אָנגעהייבן אַן אַמפּערניש:

„באַ וועמען וועט וווינען אַלעקסיי?"

— מייַן וווינאָרט איז אַ טרוקנס, ס'איז פון גוטן זאַמד און גוט

ווענטילירט... אויסער דעם האָב איך אַז אויוון — האָט געזאָגט אַ קליי־נע, רונדפּאָנימדיקע פרוי, וואָס אירע שוואַרצאַפּלען האָבן געגלאַנצט ווי בּאַ אַ יונגן נעגער.

— „אַז אויוון!” אָבער זאַלבעווייפלט וווינט איר דאָרט? ס'איז דאָרט אַ גערויך אַז מען קען כאַלעשן! מיכאַיל, לאָז אים איבער בּאַ מיר: מייַנע 3 זין זייַנען אין דער רויטער אַרמיי און ס'איז מיר נאָך געבליבן אַביסל מעל, וועל איך אים באַקן בּלינעס.

— ניין, ניין, לאָז אים צו מיר, איך האָב גענוג אָרט; מיר זייַנען זאַלבעצווייט. ער וועט קענען עסן בּאַ מיר די בלינעס וואָס דו וועסט באַקן, דאָס אָרט איז ניט וויכטיק. קסיוראַ און איך וועלן אים היטן. כ'האָב געפרוירענע פיש און עטלעכע קרענצלעך טרוקענע שוואָמען... כ'וועל אים קאָכן יאַיכלעך פון פיש און שוואָמען...

— גענוג שוין דאָרטן! וואָס פאַר אַ פיש־יאַיכלעך און וואָס פאַראַ זיבן גליקן, אַז ער איז מיט איין פוס אין קייווער! גיט אים מיר, זיידע מיכאַיל, מיר האָבן אַ קו און מיר וועלן אים קענען געבן מילך.

מיכאַיל האָט, אָבער, אַ רויקער, געשלעפּט דאָס שליטל צו זייַן הייל, אין צענטער פון אונטערערדישן דאָרף.

...אַלעקסיי געדענקט אַז ער איז געווען אויסגעצויגן אַף אַ געלע־גער אין אַ טונקעלער הייל; אַ קינעלע, אַרייַנגעשטעקט אין וואַנט, האָט געברענט און געשאָסן מיט פונקען, און האָט פאַרשפּרייט אַ לייַכטן גע־שמאַנק. צו אַ קלאָץ וואָס האָט געשטעקט אין דער ערד איז געווען צוגע־פּעסטיקט אַ טיש, געמאַכט פון אַ דייַטשישן מינען־קאַסטן. אַרום טיש האָבן זיך געפונען קליינע קלעצלעך וואָס האָבן געדינט ווי טאַבורעטן. אַ דאַרע פרוי, אָנגעטאָן ווי אַ זקיינע, מיט אַ שוואַרצן טיכל אַפן קאָפּ, האָט זיך אָנגעבויגן איבערן טיש; דאָס איז געווען וואַריאַ — די יינגסטע שנור פון זיידן מיכאַיל, וועלכער איז געזעסן בּאַם טיש. זייַן גלאַנציקער קאָפּ איז געווען באַדעקט מיט שיטערע, באַזילבערטע האָר־שירייַאים.

אַלעקסיי איז געווען אויסגעצויגן אַף אַ געשטרייַפטן, היימישן סע־ניק. ער איז געווען צוגעדעקט מיטן זעלבן געלאַטעטן שאָפּענעם פּעלצל, פון וועלכן ס'האָט זיך געטראָגן אַז אָנגענעמער, זויערלעכער מישפּאָכע־רייעך, וואָס האָט דערמאָנט אין היים און היימישקייט. ניט געקוקט וואָס זייַן גאַנצער קערפּער איז געווען צעטראַסקעט, פונקט ווי צעקלאַפּט מיט שטיינער, און וואָס די פיס האָבן געברענט, פונקט ווי זיי וואָלטן גע־שטאַנען אַף אָנגעגליטע ציגל, איז אים געווען אָנגענעם צו ליגן אַזוי, אַ וואַרעמינקער, אַ רויקער, וויסנדיק אַז קיינער וועט אים ניט טאָן קיין שלעכטס און אַז ער דאַרף זיך ניט באַוועגן, טראַכטן אָדער זייַן פאַר־זיכטיק.

דער רויך פון אויוון, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ ווינקל פון דער הייל, איז אַרויסגעשטיגן אין בלאַלעכע, פאַרענדערלעכע ספּיראַלן. אַלעק־

סייען האָט זיך אויסגעדוכט אַז ניט נאָר דער רויך, נאָר אויך דער באַ־זילבערטער קאָפּ פון זיידן מיכאַיל, וואָס איז שטענדיק געווען פּאַרנומען מיט עפּעס, און די דינע געשטאַלט פון וואַריאַן, צעגייען, וואַקלען זיך, ציִען זיך אויס... אַלעקסיי האָט פאַרמאַכט די אויגן. ער האָט זיי גע־עפנט ווען אַ שטראָם פרישע לופט האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון דער טיר, וואָס איז געווען באַשלאָגן מיט אַ גראָבן שטאָף, אַף וועלכן ס'האָט זיך געזען דער שוואַרצער, דייטשישער אָדלער. אַ פרוי האָט אַרויפגעשטעלט אַפן טיש אַ זעקל, וואָס זי האָט נאָך געהאַלטן אין האַנט, ווי זי וואָלט זיך געקווענקלט: יאָ איבערלאָזן אָדער ניט. די פרוי האָט אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט וואַריאַן:

— דאָס איז מאַנע־גרויפּן... כ'האָב עס אויסבאַהאַלטן זינט די שאַלעם־צייטן פאַר קאַסטיונקען. אָבער ער דאַרף שוין מער גאָרניט... אָרעמער קאַסטיונקע! נעמט, מאַכט אַ קאַשקע פאַרן גאַסט. ס'איז אויך גוט פאַר די קינדער. ער וועט זיך מעכאַיע זיין מיט דעם.

זי האָט זיך אויסגעדרייט און אַוועק אַ שווייַגנדיקע, אַנשטעקנדיק אַלעמען מיט איר טרויער. עמעץ האָט געבראַכט געפּרוירענע פיש; אַ צווייטע פרוי — בלינעס אָפּגעבאַקטע אַף שטיינער. די בלינעס האָבן פאַר־שפּרייט איבער דער גאַנצער הייל אַ זויערלעכן ריח פון הייסן ברויט.

עס זיינען געקומען סעריאָנקע און פעדקע. מיט פייערשער ערנסט־קייט האָט סעריאָנקע אויסגעטאָן דאָס מיליטערישע היטל און האָט גע־זאָגט „אַ גוט מאָרגן אַלעמען!" ער האָט אַרויפגעלייגט אַפן טיש צוויי קלעצלעך צוקער באַדעקטע מיט ברעקלעך טאַבאַק און מיט קלייַען.

— די מאַמע שיקט עס. צוקער איז שטענדיק גוט, עס דאָס אויך — האָט ער געזאָגט, און ווענדנדיק זיך, ווי אַ גאַנצער מענטש, צום זיידן, האָט ער צווויסן געגעבן: מיר זיינען ווידער געווען אַף די אַש־בערגלעך. מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ סקאָווראָדע, צוויי לאָפּעטעס וויניק פאַר־ברענטע און אַ האָק אָן אַ הענטל. מיר האָבן עס געבראַכט; אַף עפּעס וועט עס נוצן.

דערווייַל האָט פעדקע, אַרויסקוקנדיק פון הינטערן ברודער, געוואָרפן זשעדנע בליקן אַף די קלעצלעך צוקער און האָט הילכיק געשלונגען דאָס שפּייַעכץ.

ערשט אַ צייט שפּעטער, איבערטראַכטנדיק ווענן אַלץ, האָט אַלעקסיי געקענט ווי געהעריק אָפּשאַצן די מאַטאָנעס וואָס מען האָט אים געבראַכט אין יענעם דערפל, וווּ עס איז בעמעשעד פון ווינטער אויסגעשטאָרבן פון הונגער אַ דריטל פון די איינוווינער. עס איז ניט געווען קיין פאַמיליע וואָס זאָל ניט האָבן געהאַט באַערדיקט איינעם צי צוויי טייַערע וועזנס.

— איי, די ווייבער, די ווייבער! ניטאָ קיין פּרייַז אַף אונדזערע ווייבער! עמעס? הערסט, אַלעקסיי, וואָס איך זאָג דיר: די רוסישע פרוי, ווייסטו, האָט קיין פּרייַז ניט. רירסט איר אָן דאָס האַרץ, גיט זי

דיר אוועק דאס לעצטע. אפילע דעם אייגענעם לעבן! הא? ס׳איז ניט אזוי? — אזוי פלעגט טײַנען דער זיידע מיכאל באם אננעמען אלע מאטאנעס פאר אלעקסייען, און גלײַך טאקע פלעגט ער זיך נעמען צו זײַן ארבעט: פארריכטן א געשפאן, נייען א כאמעט, אדער לייגן פאדנאסקעס אף אפגעטראגענע וואליקעס. — און אין דער ארבעט, ברודער אלעקסיי, בלײַבט אונדזער פרוי אויך ניט הינטערשטעליק; צײַטנווײַז ברענט בא איר אזוי די ארבעט אונטער די הענט, אז דער מאנצביל בלײַבט מיט א נאז! און וואס שײַך דעם לאשן! אוי, האבן זיי א לאשן! די טײַוולשע ווײַבער האבן מיר פארדרייט דעם קאפ! אזוי ווי דו זעסט, האבן זיי געמאכט פון מיר דעם ריכטיקן טאלק אף שטענדיק! ווען ס׳איז אויסגעגאנגען מײַן אניסיע, האב איך, זינדיקער, געטראכט: „געלויבט זאל זײַן דער אויבערשטער, איצט וועל איך לעבן רויק!” האט מיך גאט געשטראפט. אונדזערע מענער זײַנען אדער אוועק אין מיליטער אדער אין דער פארטיזאנקע, און איך, צוליב מײַנע גרויסע זינד, בין געבליבן ווי אן אנפירער פון ווײַבער, ווי א באק צווישן א סטאדע שעפסן... אי, דאס לעבן, דאס לעבן!

אלעקסיי האט אין יענעם וואלד־דארף געזען א סאך זאכן וואס האבן געמאכט אף אים א טיפן אײַנדרוק. די דײַטשן האבן צוגענומען בא די אײַנוווינער פון פלאווני זייערע הײַזער, דאס אייגנטום, די ארבעט־מאכשירים, דעם סקאט, די שטוב־קיילים, דאס אנטועכץ: אלץ וואס איז אנגעקליבן געווארן בעמעשעך פון דוירעס אנגעשטרענגטער ארבעט. די מענטשן האבן איצט געוווינט אין וואלד: אריבערגעטראגן גרויסע צארעס, געוועזן נאכאנאנד אויסגעשטעלט אויפגעדעקט צו ווערן דורך די דײַטשן, האבן געהונגערט, זײַנען געשטארבן, אבער דער קאלווירט, וואס די פארגעשריטענע פויערים האבן נאך זעקס כאדאשים דיסקוסיעס און אמפערנישן געשאפן אין יאר 30, איז ניט פונאנדערגעפאלן. פארקערט, די גרויסע מילכאמע־אומגליקן האבן נאך מער פאראייניקט די דאזיקע מענטשן. אפילע די היילן זײַנען געגראבן געווארן קאלעקטיוו און זײַנען אויסגעטיילט געווארן ניט ווי אמאל — וו אײנעם ס׳האט זיך פארגלוסט, נאר לויט די בריגאדעס. פארבײַטנדיק זײַן דערהארגעטן איידעם, האט דער זיידע מיכאל איבערגענומען די פונקציעס פון פארזיצער. ער האט אויפגעקוקט אז אין וואלד זאלן אפגעהיט ווערן, ווי א הייליקע זאך, די קאלווירטישע מינהאגים. איצט האט דער „טראגלאדיטישער” דארף, א פארווארפענער אין די געדיכטענישן פון סאסנע־וואלד, געגרייט, אונטער מיכאלס אנפירונג, די בריגאדעס און גרופעס.

די הונגערנדיקע פויערטעס האבן צונויפגעבראכט און צונויפגעשאטן אין איין הייל ביזן לעצטן קערנדל פון דעם אלץ וואס זיי האבן אויסבאהאלטן נאכן גײַרעש. מען האט אנגענומען שטרענגע מיטלען אף אפצוהיטן די קעלבלעך פון די קי, וואס מען האט באוויזן אויסצובאהאלטן

פון די דײַטשן. מען האָט געהונגערט, אָבער מען האָט ניט געשאָכטן דעם קאָלעקטיוון סקאָט. אײַנשטעלנדיק דאָס לעבן זײַנען די יינגלעך געגאַנגען צו די אַלטע פּאַרבראַנטע כורוועס און האָבן געזוכט אונטער די האָלאַ־וועשקעס און אַש די פּלוגן, וואָס זײַנען בלאָ געוואָרן פונעם פײַער; די גאַנצערע פּלעגט מען באַזאָרגן מיט הילצערנע הענטלעך. מען האָט גע־מאַכט געשפּאַנען פון זאַקשטאָף קעדיי צו קענען אַנהייבן אַקערן מיט די קי אַנהייב פרילינג. לויט אַ באַשטימונג פון קאָלווירט האָבן פרויען־ברי־גאַדעס געכאַפּט פיש אין די אָזיערעס. אַדאַנק דעם האָט זיך די באַפעל־קערונג געקענט אויסהאַלטן דעם גאַנצןווינטער.

ניט געקוקט וואָס דער זיידע מיכאַיִל האָט געהאַט טײַנעס צו „זײַנע ווײַבער" און פלעגט זיך פאַרשטאָפּן די אויערן ווען זיי פלעגן זיך, אין זײַן וווינונג, אַרײַנלאָזן אין לאַנגע און קאַעסדיקע אַמפּערנישן וועגן אַר־בעט־איניאַנים, וואָס אַלעקסיי האָט ווינציק פאַרשטאַנען; ניט געקוקט וואָס דער זיידע פלעגט צײַטנווײַז אַרויס פון די קיילים און שרײַען אויף זיי מ'ט זײַן פאַלצעט־קאָל, האָט ער געוווּסט ווי אָפּצושאַצן זיי. אויסנוצנדיק די צוגעלאָזטקייט פון זײַן שווײַגנדיקן צוהערער, האָט ער אָפט געלויבט די „ווײַבערשע קאַסטע":

— „אַלעקסיי, פרײַנט מײַנער, זע נאָר וואָס עס קומט פאָר. פון שטענדיק אָן, זינט די עלטסטע צײַטן, כאַפּט אַרום די פרוי מיט ביידע הענט דאָס שטיקל ברויט. האַ? ניט אַזוי? און פאַרוואָס? ווײַל זי איז גיריק? ניין, ניט דערפאַר; זי דאַרף עס פאַשעט פאַר די קינדער וואָס זי שפּײַזט, פאַר דער מישפּאָכע ווו זי הערשט שטענדיק בעיאַד ראַמאַ. פונדעסטוועגן, זע ווי די זאַכן ענדערן זיך. מיר לעבן, ווי דו זעסט, ציילנ־דיק אַפילע די ברעקלעך. מיר הונגערן! זײַנען אין יאַנואַר געקומען אַהער די פאַרטיזאַנער, ניט אונדזערע, וואָס קעמפן, לויט ווי מען זאָגט, ערגעץ אַרום אָלעניִן, נאָר אַנדערע, עפּעס אײַזנבאַנער. זײַנען זיי, הייסט עס, געקומען און זאָגן „מיר שטאַרבן פון הונגער". נו, וואָס־זשע טראַכס־טו? אויף אַנדערן טאָג האָבן אונדזערע ווײַבער אַנגעפּאַקט זייערע רוק־זעק. און וויסן דאַרפסטו, אַז זייערע אייגענע קינדער זײַנען געשוואָלן, האַלטן זיך ניט אויף די פיס. האַ? ניט אַזוי? אַוואַדע אַזוי! אַד, ווען איך וואָלט געהאַט די מאַכט! נאָכן אַרויסיאָגן די דײַטשן, וואָלט איך צונויפגענומען מײַנע בעסטע כאַיאָלעס, כ'וואָלט אַוועקגעשטעלט אויבנאָן אַ פרוי און כ'וואָלט פאַראָרדנט אַז אַלע סאָלדאַטן זאָלן פאַרבײַדעפילירן פאַרבײַ איר, פאַרבײַ דער רוסישער פרוי און אָפּגעבן איר קאָוועד.

אַלעקסיי האָט זיס געדרעמלט צוהערנדיק זיך צו דער געריידערײַ פון אַלטן. הערנדיק אים, האָט ער אָפט כיישעק געהאַט אַרויסצונעמען פון דער קעשענע די בריוו, די פאָטאָגראַפיע פונעם מיידל און ווײַזן זיי, אָבער די הענט האָבן אים ניט געפאָלגט, אַזוי שוואַך האָט ער זיך גע־שפּירט. ווען דער זיידע מיכאַיִל פלעגט אָבער נעמען לויבן זײַנע ווײַבער,

פלעגט זיך אויסדרוקטן אלעקסייען אז דורכן שטאף פון רעקל פילט ער די ווארעמקייט פון יענע בריוו.

אין די אוונטן פלעגט זיך געפינען באם טיש מיכאל'ס שוויגנדיקע און פלינקע שנור, וואס איז אויך שטענדיק געווען פארנומען מיט עפעס. פון אנהייב האט אלעקסיי געמיינט אז זי איז א זקיינע, אז זי איז דעם אלטנס ווייב, אבער נאכדעם האט ער באמערקט אז זי איז אלט ניט מער ווי 20 אדער 22 יאר, אז זי איז שלאנק, הארמאניש געבויט און כיינעוודיק און אז ווען ער פלעגט א קוק טאן אף איר, פלעגט זי נעמען אטעמען האסטיקער און ס'פלעגט אויסזען אז זי איז אביסל דערשראקן, אומרויק און אז אט־אט וועט זיך פארקנופן איר גארגל. צייטנווייז באנאכט, ווען די קינעלע פלעגט זיך האלטן אין פארלעשן און אין דער פייכטער טונקלקייט פון דער הייל פלעגט נעמען זינגען מעלאנכאליש דער גריל, וואס מיכאל האט צופעליק געפונען אף די אש־בערגלעך און געבראכט אים אין א ענטשקע אהיים קעדיי „צו שאפן א הויז־אטמאספער", פלעגט זיך אויסדרוקטן אלעקסייען, אז עמעץ גראבט אריין דעם קאפ אין קישן, בייסט זיך אריין אין איר און וויינט שטיל אפן געלעגער...

## 16.

אפן דריטן טאג אינדערפרי האט דער זיידע מיכאל א זאג געטאן אנטשלאפן צו אלעקסייען:

— ביסט פארלויזט געווארן, אלעקסיי; ס'איז אן אומגליק, זעסט אויס ווי אן אפגעשאסענער זשוק. און אזוי ווי דו קענסט זיך אפילע ניט קראצן, האב איך געטראכט אז מען דארף דיר צוגרייטן א באד. ווי מיינסטו? א בעדעלע. כ'וועל דיך ארומוואשן, כ'וועל דיך א רייב טאן; דער דאמף וועט דיר אריין אין די ביינער. נאך דעם אלעמען וואס דו האסט דורכגעמאכט וועט דיר ניט שאדטן קיין בעדל. הא? ניט אזוי?

און ער האט אנגעהייבן גרייטן די באד. ער האט אזוי אנגעהייצט דעם אייזן־געשטעל וואס האט זיך געפונען אין א ווינקל, אז ס'האבן אזש גענומען טרעשטשען די שטיינער. אפן גאס האט אויך געברענט א שייטער אף וועלכן, לויט ווי מען האט געזאגט אלעקסייען, עס איז אנגעברענט געווארן א גרויסער שטיין. ווארע האט אנגעגאסן וואסער אין אן אלטער פאס. מען האט אויסגעשפרייט איבערן דיל גאלדיקן שטרוי. נאכדעם האט זיך מיכאל אויסגעטאן ביזן גארטל און איז געבליבן אין די גאטקעס. ער האט שנעל צעלאזן לויג אין א הילצערנער קיילע און האט פון ליפענער קארע געמאכט א מין וועכטשיק, וואס האט געשמעקט מיט זומער. ווען אין הייל איז שוין געווען אזוי הייס אז פון סופיט האבן אנגעהויבן פאלן קאלטע טראפנס, איז דער אלטער ארויס אינדרויסן, האט געבראכט פון דארט אף א בלעך דעם רויט־אנגעגליטן שטיין און האט

אים אריינגעווארפן אין פּאס. אַ שיפּענדיקער דאמף־וואלקן האט זיך אויפ־געהויבן צום סופיט און האט זיך דארט אויסגעשפּרייט ווי אַ ווייסע, גע־קרויזטע מאסע. ס׳האט זיך גארניט געזען און אלעקסיי האט דערפילט ווי די גענייטע הענט פון אלטן האבן אים גענומען אויסטאָן.

ווארי׳א האט געהאָלפן איר שוועד. די היץ האט זי געצוואונגען אויס־צוטאָן דעם וואטאווון יאקל און דאס קאפּ־טיכל. אַ פּאר דיקע צעפּ, וואס זיינען געווען באהאלטן אונטערן לעבערדיקן טיכל, זיינען אראפּגעפאלן אף אירע פּלייצעס. אַ ביינעוודיקע און אַ דינע, מיט אַ פּאר גרויסע אויגן, איז זי פון אַן אלטער באבע פּארוואנדלט געווארן אינגאנצן אין אַ יונג מיידל. פאר אלעקסייען איז געווען אזוי אומדערווארט די דאזיקע איבער־אַנדערשונג אַז ער האט זיך גענומען שעמען מיט זיין נאקעטקייט.

— רויק, אלעקסיי! העי, ברודער, זיי רויק! מיר מוזן זיך אַט אזוי נעמען צו דיר! כ׳האב געהערט אַז אין פינלאנד וואשן זיך די מענער און די פרויען צוזאמען, אין דער זעלבער באָד. וואס? מיינסט אַז ס׳איז ניט ריכטיק? עפּשער ליגן זיי. ווארי׳א, זיי וויסן, איז איצט ווי אַ קראנקן־שוועסטער וואס באדינט אַ פּארוואונדיקטן קעמפער. יאָ. און ניטאָ וואס צו שעמען זיך פאר איר... האלט אים אונטער, וועל איך אים אראפּ־ציען די העמד. ווי אַנגעשוויסט זי איז! אַז מען גיט זי אַ ריר, צע־פאלט זי זיך!

און אין יענעם מאמענט האט אלעקסיי דערזען אַז אויסדרוק פון גרוים שרעק אין די גרויסע און טונקעלע אויגן פון ווארי׳אן. דורכן באַ־וועגלעכן שלייער פונעם דאמף האט ער דערזען צום ערשטן מאל נאָך דער קאטאסטראפע זיין גרויליקן קערפער. אפן גאלדיקן שטרוי איז גע־לעגן אַ מענטשלעכער סקעלעט באצויגן מיט אַ טונקעלער הויט. דער בויך איז געווען אינגאנצן איינגעזונקען; ס׳האבן זיך שטארק אויסגעטיילט די ביינער פון די קני און די בויגנס פון די ריפּן.

דער אלטער האט ארומגעשמייעט ארום דער קיילע מיטן לויג. ער האט איינגעטונקט דעם וועכטשיק אין דער גראָער איילעקער פליסיקייט און ווען ער האט זיך געקליבן אַ רייב טאָן אלעקסייס קערפער, איז זיין האנט געבליבן הענגען אין הייסן נעפּל:

— וואס פאר אַן אומגליק!... דיין איניען איז אַן ערנסטער, ברו־דער! הא? אַן ערנסטער זאג איך דיר. ס׳האט זיך דיר איינגעגעבן ארויסצודרייען פון די דייטשן, ברודער, אבער פון אים, פון דעם וואס גייט מיט דער קאסע...

און מיטאמאל האט ער אַ געשריי געטאָן צו ווארי׳אן, וואס האט אונטערגעהאלטן אלעקסייען פון הינטן:

— און דו, וואס גלאצסטו מיט די אויגן אף אַ נאקעטן מאנצביל? אומאנשטענדיקע! וואס בייסטו זיך די ליפּן? אלע זייט איר די זעלבע! פּאראקעס און ניט מער! און דו, אלעקסיי, טראכט ניט איבער. זיי רויק,

ברודער, בעשום אויפֿן וועלן מיר דיך ניט איבערגעבן אין די הענט פֿון דעם וואָס האַלט די קאַסע. מיר וועלן דיך היטן, מיר וועלן דיך אויסהיילן... מעגסט זײַן זיכער!... וועסט געזונט ווערן!

מיט גענױטקייט און פּאָרזיכטיקייט, פּונקט ווי אַלעקסיי וואָלט געווען אַ קלײן קינד, האָט דער זײַדע מיכאַ:ל געוואַשן אים מיט לויג; ער האָט אים איבערגעקערט, געגאָסן אַף אים הייס וואַסער און האָט אים געריבן מיט אַזאַ קראַפֿט אַז ס'האָט זיך געהערט ווי עס קנאַקן אַלעקסייס ביינער.

וואַריאַ האָט צוגעלאָפֿן אינדערשטיל.

דער אַלטער האָט זי אומזיסט אויסגעזידלט. זי האָט ניט געקוקט אַף יענעם שרעקלעכן, ביינִיקן קערפּער, וואָס איז געהאַנגען אוממעכטיק אַף אירע אָרעמס. זי האָט זיך באַמיט אָפּצוקערן דעם בליק, אָבער ווען זי פֿלעגט ניט־ווילנדיק דערזען דורכן דאַמף־וואָלקן אַלעקסייס אַ האַנט אָדער אַ פֿוס, פֿלעגן זיך אָנצינדן אין איר פֿונקען פֿון שרעק. ס'האָט זיך איר אָנגעהויבן אויסדוכטן אַז דער דאָזיקער אַוויאַטאָר, וואָס מען ווייס ניט ווי אַזוי ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין איר מישפּאָכע, איז גאָרניט קיין פֿרעמדער נאָר איר אייגענער מישאַ; אַז ער איז ניט דער אומגעריכטער גאַסט, נאָר איר מאַן, מיט וועמען זי האָט געלעבט בלויז איין פֿרילינג, דער באַבורעץ מיט די גרויסע און גלאַנציקע זומערשפּרענקלעך אַפֿן לויכטנדיקן ניט־באַוואַקסענעם פּאָנים און מיט די ריזיקע מעכטיקע הענט. ס'האָט זיך איר אויסגעדוכט אַז דער דאָזיקער קערפּער אַז קויכעס, וואָס זי האַלט אין אירע אָרעמס און וואָס זעט אויס מינוטנווײַז ווי ער וואָלט געווען טויט, איז דער קערפּער פֿון אים פֿון איר מישאַן, וואָס די דײַטשן האָבן צוגעפֿירט צו אַזאַ צושטאַנד. אַ פּאַרציטערטע פֿון דעם האָט זי אָנגעהויבן פֿילן אַז זי פֿאַרלירט דעם קאָפּ און בלויז בײַסנדיק די ליפּן האָט זי געקענט אויסמײַדן דאָס אַוועקכאַלעשן...

אַביסל שפּעטער איז אַלעקסיי געלעגן אַפֿן געשטרײַפֿטן סעניק, אין מיכאַ:לס אַ צעלאַטעטער אָבער ווייכער העמד. אַ געפֿיל פֿון פֿרישקייט און שטאַרקייט האָט דורכגענומען זײַן גאַנצן קערפּער. נאָך דער באָד, ווען דער דאַמף וואָס האָט געהאַט אָנגעפֿילט די הייל איז אַרויס דורכן דאַךפֿענצטערל, האָט אים וואַריאַ געגעבן טרינקען הייסן, שמעקעדיקן אײַרעלן־טיי. ער האָט געטרונקען מיט שטיקעלעך צוקער, פֿון די קלעצלעך וואָס די ייִנגלעך האָבן געבראַכט און וואָס וואַריאַ האָט צעקרישלט פֿאַר אים אין קליינע שטיקעלעך. דאָס צעשטיקלטע צוקער איז געלעגן אין אַ ווײַסער גלאָז, געמאַכט פֿון בעריאָזענער קאָרע. נאָכדעם איז ער, ווי אַ קלאָץ, אַנטשלאָפֿן געוואָרן, און, צום ערשטן מאָל, האָבן אים ניט געפּײַניקט קיין קאָשמאַרע כאַלוימעס.

ס'האָט אים אויפֿגעוועקט אַ רוישיקער שמועס. אין הייל איז קימאַט

געוועזן פינצטער; די קינעלע האָט קוים געברענט. אין יענער רויכיקער טונקלקייט האָט געהילכט די שאַרפע טענאָר־שטים פון זיידן מיכאַיל:

— אַבער, באַבע אײַנע, ווו איז דײַן סייכל? אַ מענטש האָט עלף טעג ניט גענומען אַ ביסן אין מויל און דו ברענגסט אים האַרטע אייער!... די דאַזיקע אייער וועלן זײַן אַזוי ווי קוילן פאַר אים!...

נאָכדעם האָט מיכאַיל גענומען ריידן מיט אַ בעטנדיקער שטים:

— ער דאַרף ניט איצט קיין אייער. ווייסטו וואָס ער דאַרף איצט וואַסיליסע? איצט דאַרף ער אַביסל הינערשע יויך. אָט דאָס, זעסטו, דאַרף ער! דאָס וועט אים געבן לעבן. ס'וואָלט גוט געווען פאַר אים דײַן „פּאַרטיזאַנקע“! הא!

אַן אַלטע, זויערע און אומאָנגענעמע שטים האָט אים איבערגעהאַקט מיט שרעק:

— כ'וועל זי ניט געבן! איך כאַזער דיר איבער אַז כ'וועל זי ניט געבן! און פּרוּוו גאָרניט בעטן נאָכאַמאָל! אַלטער טײַוול! דערוועג זיך גאָרניט צו דערמאָנען עס! מײַן „פּאַרטיזאַנקע“!... איך! זע וואָס כ'האָב אָנגעטראָגן אַז דער יויך! ס'קלעקט אַף אַ כאַסענע! וואָס אַ מענטשן קען אײַנפאַלן!

— אײַ, וואַסיליסע! האָסט זיך געמעגט שעמען אין דײַן ווײַטן האַלדז, וואַסיליסע! — האָט געענטפערט שטרענג דעם אַלטנס טענאָר. דו וואָס דו האָסט צוויי אַפן פּראָנט, וואָס פּאַרא נאַרישקייטן רעדסטו? אַ מענטש וואָס איז, אַזוי צו זאָגן, געגעזיקט געוואָרן פאַר אונדזערטוועגן, וואָס האָט געגעבן זײַן בלוט...

איך נייטיק זיך ניט אין זײַן בלוט. פאַר מיר גיבן בלוט די מײַניקע. און שטיי ניט צו! געזאָגט איז געזאָגט: כ'וועל ניט געבן, כ'וועל ניט געבן!

דער טונקעלער סילועט פון דער אַלטער האָט זיך אַ גליטש געטאָן צום אַרויסגאַנג און דורך דער אָפענער טיר איז אַרײַנגעדרונגען אַזאַ שײַנענדיקער שטראָם פרילינג־לופט, אַז אַלעקסיי האָט ניט־ווילנדיק פאַר־מאַכט די אויגן און אַ זיפץ געטאָן אַ פאַרבלענדטער. דער אַלטער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים:

— אַ, ביסט ניט געשלאָפן, אַלעקסיי? הא? אײַ, אײַ! האָסט גע־הערט דעם שמועס? האָסט זיך צוגעהערט? נעם עס ניט פאַר אומגוט, אַלעקסיי: נעם זיך ניט צום האַרצן דאָס וואָס זי האָט געזאָגט, מײַן פּרײַנט. די ווערטער דאָס איז די שאָלעכץ, אָבער דער מאַנדל וואָס איז אינעווייניק איז אַ גוטער. מיינסטו אַז זי זשאַלעוועט דיר צו געבן די הון? ניין, אַלעקסיי. איר גאַנצע פאַמיליע —און זי איז געווען אַ גרויסע: צען נעפּאַשעם— האָבן אויסגעהאַרגעט די דײַטשן. איר עלטסטער זון איז אַ פּאָלקאָווניק. די דײַטשן האָבן זיך דערוווּסט אַז דאָס איז אַ פאַמיליע פון אַ פּאָלקאָווניק, האָבן זיי אַלעמען צוזאַמען געשיקט אין קיווער אוי־

סער וואסיליסעז. און זיי האבן פארטיליקט דאס גאנצע האב־און־גוטס. ס'איז א גרויס אומגליק צו בלייבן, אין אירע יארן, אן קיינעם פון דער מישפאכע! פון איר גאנצן פארמעגן האט זיך געראטעוועט א הון. א ביטערע הון, אלעקסיי! אין איין וואך האבן די דייטשן צונויפגעכאפט אלע הינער און קאטשקעס, ווייל פאר א דייטש איז אן אף דאס ערשטע צוקערל. איין זאך האט מען געהערט: „א הינדל, ווייבעלע, א הינדל!" אבער אט־די הון האט זיך געראטעוועט. ס'איז ניט קיין הון, נאר מאמעש אן ארטיסטן. ווען די דייטשן פלעגן קומען אפן הויף, פלעגט זי זיך פארקלייבן אפן בוידעם און זיצן דארט שטיל ווי זי וואלט ניט עקזיסטירט. אויב ס'פלעגט אבער קומען עמעץ פון אונדזערע פלעגט זי זיך ארומשפאצירן ווי ניט איר מיינט מען עס. דער טייוול וויים ווי אזוי זי האט זיי דערקענט! אין גאנצן דארף איז געבליבן בלויז די דאזיקע איינציקע הון, און צוליב איבערגעשפיצטקייט האבן מיר זי א נאמען געגעבן „פארטיזאנקע".

מערעסיעוו האט געדרעמלט מיט אפענע אויגן. אזוי האט ער זיך איינגעוווינט אין וואלד. מיכאילן האט קענטיק באומרויקט זיין שווייגן, ווייל נאכדעם ווי ער האט זיך א ווײַלע ארומגעדרייט און געטאן עפעס באם טיש, האט ער זיך אומגעקערט צו דער זעלבער טעמע:

— אלעקסיי, נעם ניט פאר אומגוט די דאזיקע פרוי! דו, טייערער פריינט, דארפסט פארשטיין: די דאזיקע פרוי איז געווען ווי אן אלטע בעריאזע, וואס איז פון אלע זייטן באשיצט געווען פון ווינט דורך א געדיכטן וואלד, און איצט, איז זי ווי א פארפוילטער קלאץ אין אן אויסגעהאקטן וואלד. בלויז איין טרייסט בלייבט איר: די הון. וואס שווייגסטו? ביסט אנטשלאפן געווארן? זון, שלאף, שלאף.

אלעקסיי איז געשלאפן און ניט געשלאפן. צוגעדעקט מיטן פעלצל —וואס האט געשמעקט מיט זויערן ברויט און מיט אלטער דארף־שטוב— האט זיך צוגעהערט צום פארוויגנדיקן געזאנג פון גריל און האט ניט געוואלט א ריר טאן מיט א פינגער. ס'האט זיך אים אויסגעדוכט אז ער האט קיין ביינער ניט, אז זיין קערפער איז אנגעפילט מיט לעפלעכער וואטע, אין וועלכער דאס בלוט האט קלאפנדיק צירקולירט. די צעריבענע און געשוואלענע פיס האבן געברענט. ס'האט אים געשניטן פון אינעווייניק א שטארקער ווייטיק, אבער ער האט ניט געהאט קיין קויעך איבערצוקערן זיך אדער אפילע א ריר טאן זיך.

אין דאזיקן האלב־וואכן צושטאנד האט אלעקסיי אויפגעכאפט דאס אונטערערדישע לעבן שטיקלעכווייז, פונקט ווי ס'וואלט זיך געהאנדלט ניט פון אן אויטענטיש לעבן, נאר פון א קייט אויסערגעווײנלעכע בילדער, אן קיין שום שייכעס צווישן זיך, בילדער וואס האבן זיך אזוי ווי פארבייגעטראגן אף א קינא־עקראן.

ס'איז אנגעקומען דער פרילינג. דער פלייטים־דארף האט דורכגע־

מאַכט זײַנע שווערסטע טעג. מען האָט געהאַלטן אין אויפעסן דאָס לעצטע ביסל שפּײַז, וואָס איז אַמאָל, אין דער געהעריקער צײַט, באַהאַלטן און באַגראָבן געוואָרן. אין די נעכט פלעגט מען עס אויסגראָבן פון אונטער אַש־ברעקלעך און ברענגען אין וואַלד. די ערד איז ווייך געוואָרן. די היילן, וואָס מען האָט געהאַט אויסגעגראָבן אין געאײַל, האָבן „גע־ווײנט" און פלעגן אײַנפאַלן. די מענער, וואָס האָבן געפּאַרטיזאַנעוועט אַף מײַרעוו פון דערפל, אין די אַלעניגער וועלדער, און וואָס פריִער פלעגן זיי אײנציקווײַז, פון צײַט צו צײַט, ווײַזן זיך אין אונטערערדישן דאָרף, זײַנען איצט געבליבן אָפּגעטיילט דורך דער פראָנט־ליניע. מען האָט גאָרניט געוווּסט וועגן זיי. אַ נײַע לאַסט איז אַרויפגעפאַלן אַף די איבערגעלאָדענע פּלייצעס פון די פרויען. דער פרילינג האָט געקלאַפּט אין טיר. דער שניי איז צעגאַנגען און מען האָט געדאַרפט טראַכטן וועגן פאַרזיי און וועגן די גרינס־גערטנער.

די ווײַבער זײַנען אַרומגעגאַנגען שווײַגנדיקע און אויפגערייצטע. אין מיכאַילס הייל פלעגן אויסברעכן צווישן זיי, יעדע ווײַלע, טומלדיקע קריגערײַען. איינער דער צווייטער האָט געמאַכט פאַרוואָרפן און מ'האָט אויסגעגראָבן אַלע אַלטע און נײַערע טײַנעס, עמעסע און אויסגעטראַכטע. דער טומל איז צײַטנווײַז דערגאַנגען ביזן הימל, אָבער ס'האָט געקלעקט אַז דער קלוגער אַלטיטשקער זאָל אַרײַנוואַרפן אַ וואָרט אָדער אַ פאָרשלאָג אין קאָעסדיקן ווײַבערשן האַרמידער, אַז די קריגערײַען זאָלן גלײַך אויפהערן. ער האָט, לעמאָשל, פאָרגעלייגט אַז מען זאָל גיין צו די אַש־בערגלעך אַ קוק טאָן צי די ערד באַווײַזט זיך שוין פון אונטערן שניי, אָדער מען זאָל אויסנוצן דעם ווינטל אַף דורכצולופטערן די זריִע־קערנער, וואָס זײַנען פאַרשימלט געוואָרן אין די היילן.

אַ געוויסן טאָג האָט זיך דער אַלטיטשקער אומגעקערט אַ פרײלעכער און אַ פאַרטראַכטער. ער האָט געוויזן אַלעקסייען דעם בינטל גרינעם גראָז וואָס ער האָט געהאַלטן אין זײַן פאַרהאַרטעוועטער דלאָניע.

— זעסט עס? כ'האָב עס געבראַכט פון פעלד. די ערד קריכט שוין אַרויס און דער האַרבסט־ווייץ —געלויבט זאָלסטו זײַן גאָט!— האָט אָנגענומען. ס'איז פאַראַן אַ סאַך שניי. כ'האָב גוט געקוקט. אַז מ'עט צושפּילן, וועט דאָס שטיקל ברויט זײַן פאַרזיכערט. כ'וועל עס אָנזאָגן די ווײַבער. זאָלן זיי זיך פרייען, די אָרעמע!

די ווײַבער, ווי אַ טשאַטע פרילינג־קראָען, האָבן געטומלט און געשריִען לעבן דער הייל. די געבראַכטע גרינע גרעזלעך האָבן דערוועקט אין זיי אַ נײַע האָפענונג. באַנאַכט האָט דער זיידע מיכאַיל געריבן זיך די הענט:

— זיי זײַנען גאָרניט אַזוי שלעכט מײַנע לאַנגהאָריקע מיניסטאָרן. האַ, אַלעקסיי? איין בריגאַדע וועט אַקערן מיט די קי די רויערד אין דער נידער, ווו אַקערן איז זייער שווער. כאָטש, גאָר ווייניק וועלן מיר קענען

אַקערן, ווײַל נאָר זעקס קיעלעד זײַנען אונדז געבליבן פֿון אונדזער סטאַדע! אַ צווייטע בריגאַדע וועט מיט לאָפּעטעס און רידלען באַאַרבעטן דעם העכערן און טריקענערן פֿעלד. מיר גראָבן דען ניט אַזוי די גערטנער? אַ דריטע וועט זיך נעמען צום בערגל; די ערד איז דאָרט זאַמדיק און מיר וועלן זי צוגרייטן אַף קאַרטאָפֿל. דאָס וועט זײַן זייער גרינג; מיט דעם וועלן זיך פֿאַרנעמען מיידלעך און שוואַכע ווײַבער. און אויסער דעם וועט אונדז אָנקומען רעגירונג־הילף. אויב זי וועט ניט אָנקומען, וועט עס אויך ניט זײַן קיין גרויסער אומגליק. ווי עס זאָל ניט זײַן, וועלן מיר זיך אַן אייצע געבן און ניט לאָזן פּוסטעווען די ערד. ס׳איז גוט וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפֿן די דײַטשן פֿון דאַנען; איצט וועלן מיר קענען אַרבעטן. אונדזער פֿאָלק איז פֿאַרהאַרטעוועט און איז פֿעיִק איבערצוטראָגן אַלצדינג.

אַ לאַנגע צײַט האָט דער אַלטער ניט געקענט צומאַכן אַן אויג. ער האָט זיך געדרייט אַפֿן שטרוי, געקראַצט זיך, געקרעכצט: „אָ, גאָט מײַנער! ריבוינע־שעל־אוילעם!” עטלעכע מאָל האָט ער זיך אויפֿגעהויבן פֿון געלעגער, איז צוגעגאַנגען צום שעפֿל וואַסער און האָט געטרונקען הילכיק, מיט גרויסע און זשעדנע זופּן, ווי אַ פֿערד וואָס לײַדט פֿון אַסטמע. סאַף־קאָל־סאָף האָט ער זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און האָט מיטן פּײַער־שטיינדל אָנגעצונדן די קינעלע. ער האָט אַ ריר געטאָן אַלעקסייען וואָס איז, מיט אָפֿענע אויגן, געווען אַרײַנגעטאָן אין זײַן טיפֿער פֿאַרדרעמלטקייט:

— דו שלאָפֿסט, אַלעקסיי? איך, זעסטו, האַלט אין איין איבערטראַכטן. עס דרייט זיך מיר אין קאָפּ. אַפֿן פּלאַץ פֿון אונדזער דאָרף, דאָרטן אַפֿן אַלטן אָרט, איז פֿאַראַן אַ דעמב. מיט 30 יאָר צוריק, בעמעשעך פֿון צאַר ניקאָלײַס מילכאָמע, האָט אַ בליץ אַראָפּגעריסן באַם דעמב די קרוין. ער איז אָבער געווען שטאַרק יענער דעמב! ער האָט געהאַט מעכטיקע וואָרצלען און אַ סאַך זאַפֿט. אַזוי ווי אַף אינדערהייך האָט ער ניט געהאַט קיין אַרויסגאַנג, האָט ער גענומען אַרויסלאָזן צווײַגלעך פֿון די זײַטן, און וואָלסט געדאַרפֿט זען וואָס פֿאַר אַ מין שאָטן ער דערלאַנגט איצט פּונדאָסנײַ!... אַזוי איז אויך אונדזער פֿלאַווני... זאָל נאָר אונדז אונטערוואַרעמען די זונעלע, זאָל נאָר די ערד נעמען פּרוכטיקן, לאָמיר נאָר האָבן אונדזער טײַערע סאָוועטישע ערד, וועלן מיר, ברודער אַלעקסיי, אין 5 יאָר ווידער אַלץ אויפֿשטעלן. מיר האָבן זיבן לעבנס. אָ, כאַ, כאָ! קיינער קען אונדז ניט אײַנברעכן! זאָל נאָר אַקאָרשט שנעלער ענדיקן זיך די מילכאָמע! מיר וועלן באַזיגן די דײַטשן און נאָכדעם, אַלע צוזאַמען, צו דער אַרבעט! האַ? ווי מיינסטו?

יענע נאַכט האָט זיך אַלעקסיי געפֿילט שלעכט.

דעם זיידנס באַד האָט אויפֿגעטרייסלט זײַן גאַנצן אָרגאַניזם, אַרויסציִענדיק אים פֿונעם צושטאַנד פֿון פֿאַמעלעכדיקער אויסלעשונג, פֿון פֿאַר־

שלעפערטקייט. ער האט גלייך דערשפירט די אומגעווײנלעכע קראפט פון זיין אויסשעפונג, די איבערמענטשלעכע מידקייט און דעם ווייטיק אין די פיס. אן אנטרעמלטער האט ער זיך געווארפן אפן סעניק; געקרעכצט, געסקריפעט מיט די ציין, גערופן עמעצן; האט געבעטן עפעס, האט גע־קעמפט מיט א צווייטן.

ווארי׳א איז א גאנצע נאכט געזעסן לעבן אים, מיט דער גאמבע צווישן די צונויפגעצויגענע פיס, און האט א צעווייטיקטע געקוקט אף אים מיט אירע קיילעכדיקע און טרויעריקע אויגן. זי האט אים צוגעלייגט צו דער ברוסט און צום קאפ טיכלעך געווייקטע אין קאלט וואסער, האט פארריכט דעם פעלצל, וואס ער פלעגט אלע ווײלע אראפציען פון זיך, און האט בישאס־מײסע געטראכט וועגן איר מאן, וואס גאט וויים, ווו די מילכאמע־ווינטן האבן אים אוועקגעטראגן.

פארטאג האט זיך אויפגעכאפט דער אלטער. ער האט א קוק געטאן אף אלעקסייען, וואס האט זיך שוין געהאט אײנגעשטילט. ער האט שטיל א רייד געטאן מיט ווארי׳אן און האט זיך גענומען גרייטן אין וועג. ער האט אנגעטאן אף די וואליקעס א פאר גרויסע קאלאשן, וואס ער האט אליין אויסגעמײסטרעוועט פון אויטא־גומעס, האט שטארק אונטערגעבונדן זיין בעקעשע מיט א שטריק, האט א נעם געטאן זיין גלאנציק־אפגענוצטן, יאסינענעם שטעקן — דעם שטענדיקן כאווער פון זיינע לאנגע מארשן...

און איז אוועק, ניט זאגנדיק א ווארט אלעקסייען.

## 17.

מערעסיעוו האט זיך געפונען אין אזא צושטאנד אז ער האט אפילע ניט באמערקט ווי דער ראש פון דער מישפאכע איז פארשוואונדן. דעם גאנצן צווייטן טאג איז ער געווען פארזונקען אין א טיפער פארשלעפערט־קייט און ערשט אפן דריטן טאג האט ער זיך אינגאנצן אויפגעכאפט. די זון איז שוין געשטאנען הויך; דורכן דאך־פענצטערל איז אריינגעדרונ־גען א ליכטיקער און געדיכטער סנאפ שטראלן, וואס האבן דורכגעבויערט דעם פארגליווערטן בלאען רויך פון דער הייל און געלייגט זיך צו אלעק־סייס פיס. דער ליכט־סנאפ האט נאך געדיכטער געמאכט די טונקלקייט, אנשטאט פונאנדערצוטרײבן זי.

קיינער איז אין שטוב ניט געווען. פון אינדערהייך, דורכן טיר, איז דערגאנגען די אײנגעהאלטענע און הייזעריקלעכע שטים פון ווארי׳אן, וועלכע איז קענטיק געווען פארנומען מיט עפעס און האט געזונגען אן אלט לידל, וואס איז שטארק פארשפרייט געווען אין יענע ווּאלדיקע קאנטן: ס׳איז געווען א ליד וועגן אן איינזאמען און אומעטיקן ראבינע־בוים, וואס האט געטרוימט צונויפצוקומען זיך מיט אן איינזאמען דעמב, וואס האט זיך געפונען ווײט־ווײט.

אַלעקסיי האָט ניט איין מאָל געהאַט די געלעגנהייט צו הערן דאָס ראַזיקע לידל. געזונגען האָבן עס די פריילעכע דאָרף־מיידלעך וואָס פלעגן גרופּעסווייַז קומען גיוועלירן און רייניקן דעם אַעראָדראָם. ס'איז אים געפעלן געוואָרן די פאַמעלעכדיקע און טרויעריקע מעלאָדיע. פריִער האָט ער זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט אויפן טעקסט; אין וויר־וואַר פון מיליטעריש לעבן האָבן זיך די ווערטער פון לידל פאַרבייַגעגליטשט פאַרביי זייַן אויער. איצט, אָבער, ווען פון מויל פון יענער פרוי מיט די גרויסע אויגן זייַנען אַרויס די ווערטער מיט אַזויפיל געפיל און מיט אַזאַ שטאַרקן — עכטן פרויען־פּייַן —, האָט אַלעקסיי גלייַך דערפילט די טיפקייט פון דער מעלאָדיע און האָט פאַרשטאַנען ווי שטאַרק עס האָט געליטן צוליב איר דעמב וואַריאַ די ראַבינע.

— ... עס קען אָבער ניט די ראַבינע
פאַראייניקן זיך מיטן דעמב.
זי וועט מוזן די יעסוימעלע
אייביק מאַטערן זיך אַליין...

האָט געזונגען וואַריאַ און אין איר שטים האָבן זיך געפילט דערשטיקטע שלוכצן. ווען די שטים איז שטיל געוואָרן, האָט זיך אַלעקסיי פאַרגעשטעלט ווי וואַריאַ זיצט דאָרט, אונטער די פרילינגדיקע באַזוניקטע ביימער, און ווי אירע גרויסע און אומעטיקע אויגן באָדן זיך אין טרערן. ער אַליין האָט אויך דערפילט עפּעס אַ מין קיצל אין גאָרגל און ס'האָט זיך אים פאַרוואָלט קוקן, ניט לייענען נאָר טאַקע קוקן אויף יענע אַלטע בריוו, וואָס ער האָט געקענט אויף אויסנווייניק און וואָס זייַנען געלעגן אין זייַן רעקל; ער האָט געוואָלט קוקן אויף דער פאָטאָגראַפיע פון יענעם מיידל וואָס איז געזעסן אויף דער לאָנקע. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג אויף צו דערגרייכן דעם רעקל, אָבער זייַן אָרעם איז אוממעכטיק אַ פאַל געטאָן אויפן סעניק און אַלץ האָט ווידער געגומען שווימען אין אַ כווישעד, וואָס איז געווען אָרומגענומען מיט רעגנבויגנדיקע קרייַזן. נאָכדעם האָט ער אין מיטן פון דאָזיקן כווישעד, אין וועלכן ס'האָבן זיך אויסגעטיילט עטלעכע מעטאַלענע אָפּגלאַנצן, דערהערט צוויי שטימען: וואַריאַס און אַ צווייטע, אַן אָפּגעהאַקטע, אויך אַ באַקאַנטע, פון אַן אַלטער פרוי. זיי האָבן גערעדט אינדערשטיל:

— ער עסט ניט?

— ווי עסן, ווער עסן?... נעכטן, לעמאַשל, האָט ער אַ קייַ געטאָן אַ בלינע, אַ ברעקעלע בלויז, און ס'איז אים ניט גוט געוואָרן. קען מען עס אָנרופן עסן? מילך, דאָס יאָ, זופּט ער צו ביסעלעך. און דאָס איז אַלץ וואָס מיר גיבן אים.

— כאַפּ זשע אַ קוק, כ'האָב געבראַכט אַ יאיכל... עפשער וועט ער עס פאַרדייען.

— מומע וואסיליסע! האט א געשריי געטאן ווארקא. — איז עס מעגלעך?

— נו, אוואדע, ס'איז פון הוז. וואס ווונדערסטו זיך? ס'איז א נאַ־טירלעכע זאך. גיב אים א טרייסל, וועק אים אויף, עפשער וועט ער טרינקען.

א האלב־באוווסטלאזער האט עם אלעקסיי אלץ געהערט. איידער ער האט געהאט צייט צו עפענען די אויגן האט אים שוין ווארקא, א שטארק צופרידענע, געטרייסלט מיט קויעד:

— אלעקסיי פעטראוויטש, אלעקסיי פעטראוויטש, כאפט זיך אויף! די מומע וואסיליסע האט אייך געבראכט א הינעריש יאיכל. כאפט זיך אויף, זאג איך אייך!...

דאס שטינקענדיקע און ציטערדיקע קינעלע וואס האט געברענט און געטרעשעטשעט אין וואנט, לעבן ארייַנגאנג, האט באלויכטן א קליינע, איינגעהויקערטע אלטיטשקע און האט אויסגעטיילט איר בערגלדיקן, נאַ־זיקן און בייזן פאנים. זי האט זיך געאייסעקט ארום אן איינגעוויקלטן פעקל וואס האט זיך געפונען אפן טיש. פון אנהייב האט זי אפגעוויקלט פון פעקל א שטיק זאקשטאף, דאן — אן אלטע וואלענע בלוזע, נאכדעם א פאפיר און ערשט דאן האט זיך באוויזן א טעפל, וואס האט גענומען פארשפרייטן איבער דער גאנצער הייל אן אפעטיטפולן, פעטן רייעך פון הינער־יויך. אלעקסיי האט אזש באקומען ספאזמעס אין פוסטן מאגן.

דאס בערגלדיקע פאנים פון דער מומע וואסיליסע איז געווען פונקט אזוי בייז און קאעסדיק ווי פריער.

— כ'האב אייך געבראכט יויך; שטערט זיך ניט, עסט און זאל אייך וויל באקומען. דאס וועט אייך, אימירצעשעם, זיין צו געזונט.

אלעקסיי האט זיך דערמאנט אין דער טראגישער פאמיליע־געשיכטע פון דער דאזיקער פרוי, אין דער מייַסע מיט דער „פארטיזאנקע"־הון, און אלץ —די פרוי, ווארקא און דאס טעפל וואס האט אזוי אפעטיטפול גע־דאמפט אפן טיש— האט זיך צעלאזן אין דער וואסער־מאסע פון זייַנע טרערן, דורך וועלכע עס האבן געקוקט אף אים, מיט אומענדלעכן ראכ־מאנעס און פאראינטערעסירונג, די שטרענגע אויגן פון דער אלטיטשקער.

— א דאנק, באבינקע! — איז געווען דאס איינציקע וואס ער האט געקענט ארויסריידן ווען די אלטיטשקע האט זיך געקליבן אוועקצוגיין.

פון דער טיר שוין האט ער דערהערט:

— ניטא פארוואס! איר האט מיר ניט וואס צו דאנקען. די מייַ־ניקע קעמפן אויך. ס'קען זייַן אז עמעץ גיט זיי יויך. עסט און זאל אייך זייַן צו געזונט. און דער איקער — פראוועט זיך!

— באבינקע! באבינקע! — אלעקסיי האט זיך א ריס געטאן צו איר, אבער ווארקא האט אים אפגעהאלטן און אוועקגעלייגט אפן סעניק.

— לייגט זיך! לייגט זיך! טרינקט בעסער דאס יאיכל. — איז אז

אַלטן, אַלומיניגעם דעקל פון אַ דיַטשישן, סאָלדאַטסקן קעסעלע האָט זי אים צוגעטראָגן די אַפּעטיטפולע, פעטע יויך; זי האָט אַ וויַל אָפּגעקערט דעם פּנים, קעדיי צו באַהאַלטן, קענטיק, אַן אומגעריכטע טרער, און געזאָגט אים:

— נעמט, פּאַרזוכט!

— און ווּ איז דער זיידע מיכאַיל?

— ער איז אַוועק... אַוועק דערלײדיקן איניאַנים אין שטעטל. עס וועט דויערן ביז ער וועט צוריקקומען. איר עסט, עסט.

און אַלעקסיי האָט דערזען לעבן זיַין פּנים אַ גרויסע, אָפּגענוצטע, פאַרשוואַרצטע האָלץ־לעפל, אַ פולינקע מיט גילדערנער יויך.

די ערשטע זופּן האָבן דערוועקט אין אים אַזאַ אַפּעטיט, אַז ער האָט אַזש דערפילט ווייטיקן און ספּאַזמעס אין מאָגן. ער האָט זיך בלויז דער־לויבט אָראָפּצושלינגען אַ צען לעפל און עטלעכע פּעדעם בייליק, ניט גע־קוקט אַף דעם וואָס דער מאָגן האָט געפאָדערט נאָך און נאָך. אַלעקסיי האָט אַנטשלאָסן אָפּגערוקט דאָס עסן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז, אין זיַין צושטאַנד, קען יעדער איבעריקער ביסן פאַרוואַנדלען זיך אין עמעסן סאַם.

דער באָבעס יאַיכל האָט אויפגעטאָן וווּנדער. נאָכן עסן איז אַלעקסיי איַינגעשלאָפן; דאָס איז ניט געווען דער גְעוויינלעכער שווערער דרעמל; זיַין שלאָף איז געווען אַ טיפער און דערפרישנדיקער. אויפכאַפּנדיק זיך, האָט ער געגעסן און איז וויַיטער איַינגעשלאָפן, און קיין זאַך האָט אים ניט געקענט אויפוועקן: ניט דער רויך פון היַיזל, ניט די וויַיבערשע שמועסן, ניט דער קאָנטאַקט פון וואַריאַס הענט. זי האָט געציטערט טאָ־מער שטאַרבט ער, און פלעגט פון ציַיט צו ציַיט אַריבערבייגן זיך איבער אים קעדיי צו הערן צי זיַין האַרץ קלאַפּט.

ער האָט געלעבט און האָט טיף און ריטמיש געאָטעמט. ער איז אָפּ־געשלאָפן די רעשט פון טאָג, די גאַנצע נאַכט און איז וויַיטער געשלאָפן; עס האָט זיך אויסגעדוכט אַז קיין זאַך אַף דער וועלט וועט ניט קענען איבעררײַסן זיַין שלאָף.

פאַרטאָג, אָבער, האָט זיך פון וואַלד, פון זייער וויַיט, דערטראָגן אַ קוים־קוים דערהערלעכער זשומען, אַ זשומען גאָר אַ וויַיטס, אַ מאָנאָ־טאָנס, אַ כריפּענדיקס. אַלעקסיי האָט אויפגעציטערט און, אינגאַנצן אַ פאַר־שטיַיפטער, ווי אַ ספּרענזשינע, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון קישן.

אַ געפיל פון ווילדער און אומאָפּהאַלטלעכער פרייד האָט אים באַ־הערשט. ער איז געבליבן אומבאַוועגלעך, מיט גלאַנציקע אויגן. אין הייל האָבן אונטערגעקנאַקט די שטיינער וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין אָפּ־קילן; דער גריל, אַ מידער פון דער נאַכט, האָט געזונגען פויל; ס'האָט זיך געהערט דער רויקער און איינטאָניקער גערויש פון די אַלטע סאָסנעס און אַפילע דאָס פרילינגדיקע קאַפּען פון טראָפּנס, באַם אַריַינגאַנג. אָבער דורך די דאָזיקע אַלע גערוישן איז דורכגעדרונגען דאָס ריטמישע זשומען.

אַלעקסיי האָט דערקענט די מאָטאָר־טראַסקערײַ פון אַן „או־2״. דאָס זשו־מען איז געוואָרן אַט שטאַרקער און אַט שטילער, אָבער איז נים פאַר־שווּנדן. אַלעקסייען האָט פּאַרפּעלט אָטעם. ס'איז געווען קלאָר אַז דער אַוויאָן איז גאַר נאָנט און אַז ער דרייט זיך איבערן וואַלד, אָבסערווירנדיק עפּעס אָדער זוכנדיק אַן אָרט צו לאַנדן.

— וואַריאַ, וואַריאַ! — האָט אויסגעשריִען אַלעקסיי, אָנשרענגענ־דיק זיך אָנצושפּאַרן אַף די עלנבויגנס.

וואַריאַ איז נים געווען. אין דרויסן האָבן זיך געהערט עמאָציאָנירטע שטימען פון פרויען, גיכע טריט. עפּעס איז דאָרט פּאָרגעקומען.

אַ ווײַל האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר און ס'האָט זיך באַוויזן פעדקעס געשפּרענקלט פּאָנים:

— מומע וואַריאַ! מומע וואַריאַ! — האָט גערופן דאָס יִנגל און האָט צוגעגעבן עמאָציאָנירט: — ער פליט!... ער קרײַזט!... ער קרײַזט איבער אונדז... — און איידער אַלעקסיי האָט געקענט אויסריידן אַ וואָרט איז דער קאָפּ פאַרשוווּנדן.

אָנשטרענגענדיק זיך, האָט זיך אַלעקסייען אײַנגעגעבן אָוועקצוזעצן זיך אַפן בעט. ער האָט דערפילט אין גאַנצן קערפּער דאָס קלאַפּן פון זײַן האַרץ, דאָס שנעלע פּולסירן פון זײַן בלוט אין די אַרטעריעס, אין די שלייפן און אין די קראַנקע פיס. ער האָט געציילט די קרײַזן וואָס דער אַוויאָן האָט געמאַכט: איינס, צוויי דרײַ... און ער איז אַנידערגעפאַלן אַפן געלעגער, אַ פאַרטומלטער פון דער עמאָציע. ער איז ווידער שנעל אײַנגעשלאָפן מיט אַ מעכטיקן און דערפרישנדיקן שלאָף.

ס'האָט אים אויפגעוועקט אַ יונגע, ווייכע, שאַרסטיקלעכע, באַסאָווע שטים. ער וואָלט דעם דאָזיקן קאָל דערקענט אין יעטווידן כאָר פון שטי־מען. אין „יאַגדלער״־פּאָלק האָט בלויז דער סקוואַדריליע־שעף אַנדריי דעגטיאַרענקאָ פאַרמאָגט אַזאַ שטים.

ער האָט געעפנט די אויגן, אָבער ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז ער שלאָפט נאָך און אַז ער זעט אין כאָלעם דעם ברייטן פּאָנים מיט די אַרויסשטראָטשענדיקע באַקן־ביינער; דעם פּראָסטלעכן, גוטן און ווינקל־דיקן פּאָנים פון זײַן פרײַנט, מיטן רויטלעכן שראָם אַפן שטערן און מיט די קלאָרע אויגן, אַרומגעזוימטע מיט פּונקט אַזוינע קלאָרע און קאָליר־לאָזע וויִעס, — „כאַזערשע וויִעס״, ווי ס'האָבן זיך אויסגעדריקט די וואָס האָבן געהאַט ווייניק סימפּאַטיע צו אים. די בלאָע אויגן האָבן דערשטוינ־טע גענישטערט אין דער רויקער האַלב־פינצטערניש.

— אַנו, זיידעניו, ווײַז מיר נאָר דעם טראָפעי — האָט אַ דונער געטאָן דעגטיאַרענקאָ.

די וויזיע איז נים פאַרשוווּנדן. ס'איז ווירקלעך געווען דעגטיאַרענקאָ, כאָטש ס'האָט אויסגעזען אַבסאָלוט אוממעגלעך אַז זײַן פרײַנט זאָל אים האָבן געפונען אין דעם דאָזיקן אונטערערדישן דערפל, אין די סאַמע טיפ־

קייטן פון וואַלד. ער האָט אויסגעזען הויך, גרויס, קאָרפּולענט, און זײַן קאָלנער איז, ווי שטענדיק, געווען אָפּגעשפּיליעט. אין די הענט האָט ער געהאַלטן זײַן קאַפּטער מיט די דראָטן פון ראַדיאָפאָן און עטלעכע פּעקלעך און שקאַרמוצן. דאָס פּײַערל פונעם קינעלע האָט אים באַלויכטן פון הינטן. זײַנע גאָלד־בערשטלדיקע האָר — אָפּגעשוירן קימאַט ביז די וואָרצ־לען — האָבן געגלאַנצט ווי אַן אָרעאָל אַרום זײַן קאָפּ.

הינטער דעגטיאַרענקאָן האָט זיך געזען דאָס בלייכע, מידע פּאָנים פון זיידן מיכאַיל; זײַנע אויגן האָבן אומרויִק אַרומגעטאַנצט. לעבן אים האָט זיך געפונען די נידעריקע, באַריידעוודיקע קראַנקן־שוועסטער לע־נאַטשקע, וואָס האָט מיט קעציִשער נײַגעריקייט אַרײַנגעקוקט אין דער טונקלקייט. דאָס מיידל האָט געהאַלטן אונטערן אָרעם אַ דיקן, ברעזענ־טענעם זעקל מיטן רויטן קרייץ און האָט געדריקט צו דער ברוסט עטלעכע מעשונעדיקע בלומען.

זיי זײַנען געשטאַנען שטיל און ניט גערירט זיך. אַנדריי דעגטיאַ־רענקאָ, אַ פאַרבלענדטער קעגנטיק פון דער טונקלקייט, האָט געקוקט אַ דער־שטוינטער אַף אַלץ אַרום. צוויי מאָל האָט זיך זײַן בליק אַ גלײַכגילטיקן גליטש געטאָן איבער אַלעקסיים פּאָנים, און אַלעקסיי גופא האָט אויך ניט געקענט קומען צו זיך פונעם אײַנדרוק וואָס זײַן פרײַנטס באַוויַיזן זיך האָט געמאַכט אַף אים, ווײַל ס'האָט זיך אים נאָך אַלץ אויסגעדוכט אַז דאָס וואָס ער זעט איז אַ האַלוצינאַציע.

— אָט איז ער, גאָט מײַנער, אָט ליגט ער! — האָט אַ מורמל גע־טאָן וואַריאַ, אויפהייבנדיק דאָס פּעלצל וואָס האָט צוגעדעקט אַלעקסייען.

דעגטיאַרענקאָ האָט נאָך אַ מאָל אַ גליטש געטאָן זײַן בליק אַף אַלעקסיים פּאָנים:

— אַנדריי! — האָט געזאָגט מערעסיעוו, באַמיִענדיק זיך אָנצו־שפּאַרן אַף די עלנבויגנס.

מיט אַ בוילעטן אויסדרוק פון שרעק האָט דער פּילאָט, אַ צעמיש־טער, אַ קוק געטאָן אַף אים.

— דערקענסט מיך ניט, אַנדריי? — האָט שטיל אַ מורמל געטאָן מערעסיעוו, דערפילנדיק אַז דער גאַנצער קערפּער נעמט אים ציטערן.

דער אוויאַטאָר האָט עטלעכע רעגעס ווײַטער געקוקט אַפן לעבעדיקן סקעלעט, וואָס איז באַדעקט געווען מיט אַ שוואַרצער, אַזוי ווי פאַרברענ־טער, הויט. ער האָט זיך באַמיט צו דערקענען דאָס פריילעכע פּאָנים פון זײַן פרײַנט און בלויז אין די אויגן, אין די ריזיקע און קימאַט קײַלעכדיקע אויגן, האָט ער דערקענט מערעסיעווס אויסדרוק פון אַקשאָנעס און אָפּנ־האַרציקייט. ער האָט אַ וואָרף געטאָן פאָרויס די אָרעמס. דער קאַפּטער איז אַראָפּגעפאַלן, עס האָבן זיך צעמאַכט די פּעקלעך און שקאַרמוצן, און עס האָבן זיך צעשאָטן איבער דער ערד עפּל, מאַראַנצן און קיכלעך.

— אַלעקסיי! דו? — די שטים פון פּילאָט האָט געציטערט, זײַנע

קאַלירלאָזע און לאַנגע וויִעס זיינען נאָס געוואָרן—. אַלעקסיי, אַלעקסיי!
—ער האָט אויפגעהויבן פון בעט דעם קראַנקן קערפּער, וואָס איז לייכט געווען ווי דער גוף פון אַ קליין יינגל, האָט אים צוגעדריקט צו זיין ברוסט ווי מען דריקט צו אַ קינד און האָט געהאַלטן אין איין אויסרופן: —אַלעק־סיי, פריינט מיינער, אַלעקסיי!

אַף אַ סעקונדע האָט ער אים אַפּגערוקט פון זיך, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן צי דאָס איז ווירקלעך זיין פריינט. ער האָט אים צוגעדריקט נאָך פעסטער צו זיך:

— יאָ, דאָס ביסטו! אַלעקסיי! טרייפענער ביין!

וואַריאַ און די קראַנקן־שוועסטער לענאַ האָבן זיך באַמיט אַרויסצו־רייסן פון זיינע מעכטיקע בערישע נעגל דעם האַלב־טויטן קערפּער.

— לאָזט אים אָפּ, ווי גאָט איז אייך ליב! איר זעט ניט אַז קוים וואָס ער אָטעמט? — האָט אַ דערצאָרנטע אויסגעשריִען וואַריאַ.

— לאָזט אים צורו, די עמאָציעס שאַדטן אים! — האָט, אַף איר לעבעדיקן שטייגער, אַ זאָג געטאָן די קראַנקן־שוועסטער.

און דער פּילאָט, אַן איבערצייגטער אינגאַנצן אַז דער שוואַרצער, אַלטער און קימאַט געוויכטלאָזער מענטש איז ווירקלעך אַלעקסיי מערע־סיעוו, זיין קאַמפּס־כאַווער, וואָס איז פאַרן גאַנצן פאָלק לאַנג שוין געווען טויט, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ און האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן טריִומף־געבריל. ער האָט גענומען טאַנצן אַרום טיש, אונטערזינגענדיק דעם ניגן פון אַ פרענעטישן גאָפּאַק און האָט מיט זיינע ווייכע, פילצענע שטיוול גענומען זעצן אין דער ערד, צעטרעטנדיק די מאַראַנצן און עפּל. נאָכדעם האָט ער זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן אַף מערעסיעוון, האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר די אַקסלען און אַריינשטעכנדיק זיין בליק אין אַלעקסייס שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן געגלאַנצט מיט פרייד אין די טונקעלע לעכער, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן אַפּן קאָל:

— אַ לעבעדיקער! אַך, בליצן און דונערן! אַ לעבעדיקער! טריי־פענער ביין! וווּ ביסטו אַהינגעקומען אַזאַ לאַנגע צייט? וואָס האָט פּאַ־סירט מיט דיר?

אָבער די קראַנקן־שוועסטער, יענע כיינעוודיק, דיקלעך און נידעריק מיידל, וואָס אַלע אין באַטאַליאָן האָבן, ניט קוקנדיק אַף איר לייטענאַנט־ראַנג, גערופן לענאָטשקאַ אָדער אויך „קראַנקן־שוועסטער פון מעדיציני־שע וויסנשאַפטן", —ווי זי האָט זיך, צו איר אומגליק, איינמאָל אויסגע־דריקט, ווען זי האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר איר שעף—, יענע צעזונגענע און פריילעכע לענאָטשקע, אַ פאַרליבטע אין אַלע לייטענאַנטן מיט איין מאָל, האָט שטרענג און אַנטשלאָסן אָפּגערוקט דעם צעיושעטן אוויאַטאָר.

— כאַוועך קאַפּיטאַן, רוקט זיך אָפּ פון קראַנקן!

נאָכן אַוועקוואַרפן אַפּן טיש די בלומען, צוליב וועלכע זי איז נעכטן ספּעציעל געפלויגן אין דער הויפּטשטאָט פון דער געגנט און וואָס זיינען

איצט געווען אינגאנצן איבעריק, האָט זי געעפנט דעם ברעזענטענעם סאַניטאַר־זעקל און האָט אָנגעהויבן געניי אַרומטאַפּן אַלעקסייען. אירע קורצע פינגער האָבן זיך פלינק באַוועגט איבער זײַנע פּיס. זי האָט נאָך אַנאַנד געפרעגט:

— ס׳טוט וויי? און דאָ? און דאָ?

אַלעקסיי האָט זיך צום ערשטן מאָל אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו זײַנע פּיס. זײַנע פוסטריט זײַנען געוואָרן שוואַרץ און זײַנען געווען מאָנסטעריעז געשוואָלן. יעדער קאָנטאַקט פלעגט אַרויסרופן אַזאַ מוירעדיקן ווייטיק אַז ס׳פלעגט זיך אים אויסדוכטן, אַז עלעקטרישער שטראָם בליצט אַדורך דורך אים. דאָס וואָס איז צום ווינציקסטן געפעלן געוואָרן לענאָטשקען זײַנען, קענטיק, געווען די שפּיץ פינגער, וואָס זײַנען געווען שוואַרץ און וואָס האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן זייער שפּירעוודיקייט.

מיכאַיל און דעגטיאַרענקאָ זײַנען געזעסן בײַם טיש. פײַערנדיק די גליקלעכע באַגעגעניש, האָבן זיי שטילינקערהייט געזופּט פון פילאַטס מענאַשקע און האָבן לעבעדיק געשמועסט. מיט זײַן אַלטימשקער, ציטערדיקער טענאָר־שטימעלע האָט דער זיידע מיכאַיל דערציילט אַלץ וואָס ס׳האָט פּאַסירט. ווי ס׳ווײַזט, האָט ער עס שוין געטאָן ניט צום ערשטן מאָל.

— האָבן, הייסט עס, אונדזערע באַכורעצלעך געפונען אים אויפן אויסהאַק־פּלאַץ. די דײַטשן פלעגן פון דאָרטן נעמען האָלץ פאַר זייערע טראַנשייען, און די מאַמע פון די באַכורעצלעך, מײַן טאָכטער, הייסט עס, האָט זיי געשיקט אַהין נאָך שפּענער. און דאָרט האָבן זיי אים דערזען. „אַהאַ, וואָס איז עס פאַר אַ מין מעשונעדיקע זאַך?" פון אָנהייב האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַ בער: ער האָט אויסגעזען צו זײַן פאַרוווּנדיקט און האָט זיך געקײַקלט אַזוי ווי כ׳האָב אײַך באַשריבן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן, אָבער די נײַגעריקייט האָט זיי צוריקגעבראַכט. „וואָס איז אים דעם דאָזיקן בער? פאַרוואָס קײַקלט ער זיך?" קוקן זיי זיך צו און זעען ווי ער קײַקלט זיך פון איין זײַט אויף דער צווייטער, קײַקלט זיך און קרעכצט.

— וואָס הייסט „קײַקלט זיך"? — האָט אַן אומגלייביקער געפרעגט דעגטיאַרענקאָ און האָט אויסגעשטרעקט זײַן פּאַטציגאַר צום אַלטן.

— רייכערסט?

דער אַלטער האָט אַרויסגענומען פון פּאַרטציגאַר אַ פּאַפּיראָס, האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ צײַטונג־פּאַפּיר, אָפּגעריסן אַ שטיקעלע, אויסגעשאָטן דעם טאַבאַק פון פּאַפּיראָס אינעם פּאַפּירל, פאַרדרייט, אָנגעצונדן און געגעבן אַ געשמאַקן ציִ.

— וואָס הייסט איך וועל ניט רייכערן?! מיר רייכערן, מיר גיבן פון צײַט צו צײַט אַ ציִ. עד־עד! אין דײַטשס צײַטן האָבן מיר ניט געזען קיין טאַבאַק. מיר האָבן געררייכערט מאָך, אָדער געטריקנטע ביטערע בלעטער!... ווי האָט ער זיך געקײַקלט? פרעג עס, אַדרבה, בײַ אים.

איך האָב עס ניט געזען. די קליינע זאָגן אַז ער האָט זיך געקײַקלט אַזוי: פון בויך אַפן רוקן און פון רוקן אַפן בויך, ווײַל ער האָט ניט געהאַט קיין קויעך צו שלעפּן זיך אַפן שניי.

דעגטיאַרענקאָ האָט געהייבן פון אָרט; ער האָט געוואָלט אָנקוקן זײַן פרײַנט, אָרום וועמען ס'האָבן זיך איצט זאָרגעווודיק מעטאָפּל געוועזן די פרויען; זיי האָבן אים אײַנגעוויקלט אין גראָע דעקעס וואָס די קראַנקן־שוועסטער האָט געבראַכט.

— דו, פרײַנט, זיץ, זיץ. וויקלען אין וויקעלעך איז ניט קיין אַרבעט פאַר מענער. הער, זײַ ווײסן און גיב עס איבער דײַנע עלטערע... דער דאָזיקער מענטש האָט אָפּגעטאָן אַ גרויסע זאַך! זעסט אַליין אַז דאָס איז אַ מײַדים. אַ גאַנצע וואָך האַלט אים דער קאַלווירט אין אײַן קעכלען, און ער קען זיך נאָך אַפילע ניט אַ ריר טאָן. און פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט קויכעס צו שלעפּן זיך איבער אונדזערע וועלדער און זומפּן. ווײ־ניק זײַנען פאַראַן אַזוינע אויפטועס, פרײַנט מײַנער! אַפילע די הייליקע פּאַטערס זײַנען אין זייער לעבן ניט געשטאַנען פאַר אַזוינע ניסיוינעס. ס'איז קיין פאַרגלײַך ניט! אַזאַ מין העלדישקייט! אַזאַ מין האַלטן זיך! ניין, עפּשער? עד־עד! און דו, יונגערמאַן, הער וואָס כ'וועל דיר זאָגן!...

דער אַלטער האָט זיך צוגעבויגן צו דעגטיאַרענקאָס אויער און, קיצ־לענדיק מיט זײַן ווייך בערדל דעם פּילאָטס באַק, האָט ער אים געזאָגט:

— כ'האָב מוירע אַז ער זאָל ניט ענדיקן אין קעסטל, האַ? פון די דײַטשן, זעסטו, איז ער קוים־קוים אַנטרונען, אָבער פון אים, פון דעם וואָס גייט מיט דער קאָסע, קען מען דען אַנטלויפן? ער איז דאָך אַ הויפן מיט ביינער און כ'הייב ניט אָן צו פאַרשטיין ווי אַזוי ער האָט זיך גע־שלעפּט. מיסטאָמע האָבן אים שטאַרק געצויגן די אייגענע. און שטענדיק רעדט אַרויס פון אים איין און די זעלבע זאַך: אָראַדראָאָם און אָראַ־דראָם, און עפּעס עטלעכע אַנדערע ווערטער; און אַ געוויסע אָליאַ. איך האָט דאָרטן אַזאַ? איז עס עפּשער זײַן ווײַב? דו הערסט מיר צי ניט, פּלוּער? העי, דו, פּלוּער! הערסט? האַ?...

דעגטיאַרענקאָ האָט ניט געהערט. האָט געמאַכט אַן אָנשטרענגונג פאַרצושטעלן זיך ווי אַזוי דער דאָזיקער מענטש, זײַן כאַווער, וואָס האָט אין פּאָלק אויסגעזען אַזאַ דורכשניטלעכער באָכער, האָט מיט אָפּגעפרוי־רענע אָדער צעבראָכענע פיס געקענט שלעפּן זיך, טעג און נעכט, איבערן צעגאַנגענעם שניי, דורך וועלדער און זומפּן, פויזען, קײַקלען זיך און פאַרלירן קויכעס, בלויז קעדיי צו אַנטלויפן פון סוינע און צוצוקומען צו די אייגענע. די פּראָפעסיע פון אַ יאַגד־פּלוּער האָט פאַרהיימישט דעגטיאַ־רענקאָן מיט געפאַרן. ווען ער פלעגט זיך וואַרפן אין לופט־שלאַכטן, פלעגט ער קיינמאָל ניט טראַכטן וועגן טויט; פאַרקערט, ער פלעגט באַ־הערשט ווערן פון אַ פריידיקער עמאָציע. אָבער אַזוי, אין וואַלד, אַליין...

— ווען האָט מען אים געפונען?

— ווען ? —האָט דער אַלטער אַ ריר געטאָן מיט די ליפּן, אַרויס־גענומען נאָך אַ פּאַפּיראָס פון צעעפנטן פּאָרטציגאַר, צעריבן אים און גענומען אים פּאַרדרייען— פרעגסט ווען ? עס ווערט טאַקע איצט פונקט אַ וואָך צייַט.

דער פּילאָט האָט, אין געדאַנק, געמאַכט אַ כעשבן און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַלעקסיי מערעסיעוו האָט זיך געשלעפּט 18 טעג. שלעפּן זיך אַזוי לאַנג, פאַרוווּנדיקט און אָן שפּייז האָט אויסגעזען אינגאַנצן אומוואַרשייַנלעך.

— נו, אַ דאַנק, זיידעניו ! —האָט געזאָגט דער אַוויאַטאָר, אַרומ־גענעמענדיק שטאַרק דעם אַלטן און צודריקנדיק אים צו דער ברוסט— אַ דאַנק, ברודער !

— פאַרוואָס ? פאַרוואָס ? וואָס איז דאָ פאַראַן צו דאַנקען ? לאָזט צורו מיטן דאַנקען ! וואָס בין איך אַ פרעמדער, צי אַן אויסלענדער ? —און ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן מיט אַ הילכיקן געבייזער צו זייַן שנור, וואָס איז געשטאַנען אין אַ פּאָזע פון פאַרביטערטער פרויען־פאַרטראַכט־קייט, מיט די אָרעמס געקרייצט אויף דער ברוסט און מיט אַ באַק אָנגע־שפּאַרט אויף אַ דלאָניע: קלייַב צונויף דאָס עסנוואַרג פון דער ערד ! בלייַע־נער פויגל ! אַזאַ אויצער זאָל זיך וואַלגערן אויף דער ערד ! . . . „אַ דאַנק“ זאָגט ער מיר גאָר ! אַזאַ מין געשיכטע !

דערווייַל האָט לענאַטשקע פאַרענדיקט אייַנוויקלען מערעסיעוון אין די דעקעס.

— ס'איז אינגאַנצן ניט געפערלעך, כאָוועך לייטענאַנט, אינגאַנצן ניט —האָט אייַליק און פּלאָנטערנדיק זיך איבערגעכאַזערט די קראַנקן־שוועסטער—. אין מאָסקווע וועט מען איינס און צוויי מאַכן פון אייַך אַ לייַט. ס'איז דאָך עפּעס די הויפּטשטאָט ! געפערלעכערע פון אייַך האָט מען אויסגעהיילט.

לויט דער צו גרויסער לעבעדיקייט מיט וועלכער זי האָט גערעדט און לויט איר נאָכאַנאַנדיקן איבערכאַזערן אַז מען וועט אַלעקסייען איינס און צוויי אויסהיילן, האָט אַנדריי פאַרשטאַנען אַז עס האַלט שמאָל און אַז די לאַגע פון זייַן פרייַנט איז אַ געפערלעכע. „וואָס פּלאַפּלט זי דאָרטן ווי אַ פּאַפּוגייַ“ האָט ער אַן אומצופרידענער געטראַכט וועגן דער „קראַנקן־שוועסטער פון מעדיצינישע וויסנשאַפטן“. אַזוי אָבער ווי אין באַטאַליאָן האָט קיינער ניט גענומען ערנסט דאָס דאָזיקע מיידל און מען האָט אין שפּאַס, געזאָגט וועגן איר אַז זי קען היילן בלויז ליבע־קראַנקייטן, האָט זיך דעגטיאַרענקאָ אַביסל באַרויִקט.

פון די אָנגעוויקלטע דעקעס האָט בלויז אַרויסגעקוקט אַלעקסייס קאָפּ. דער אַרומגעוויקלטער אַלעקסיי האָט דערמאָנט דעגטיאַרענקאָן אין איינעם פון יענע מומיפיצירטע פּאַרעס וואָס מען זעט אין די געשיכטע־ביכער פון אַלטערטום. דער אַוויאַטאָר האָט אַ גלעט געטאָן דעם פרייַנטס

באַקן מיט זײַן יאַד וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט האַרטלעכע, רויטלעך־פאַרפּלאָנטערטע האָר.

— ס׳איז גאָרניט, אַלעקסיי! מען וועט זיך אויסהיילן! ס׳איז פאַראַן אַ פאַראָרדענונג צו ברענגען דיך הײַנט נאָך אין מאָסקווע, אין אַן אויסגעצייכנטן שפּיטאָל. דאָרטן זײַנען פאַראַן בלויז פּראָפעסאָרן; און די דאָרטיקע קראַנקן־שוועסטער — ער האָט אַ קנאַק געטאָן מיטן צונג און אַ ווונק געטאָן צו לענאָטשקען — מאַכן לעבעדיק אַפילע די טויטע. מיר וועלן נאָך אַ גוטן שטיף טאָן אין דער לופטן. — אין דעם מאָמענט האָט זיך אָבער דעגטיאַרענקאָ געכאַפּט אַז ער רעדט פּונקט ווי לענאָטשקע, מיט דער זעלבער פּוסטער באַריידעוודיקייט. די הענט וואָס האָבן געצערטלט דעם פּרײַנטס פּאָנים האָבן מיטאַמאָל דערפילט אַ פײַכטקייט אונטער די פינגער. נו, גוט, ווו איז דאָס טראָג־בעטל? לאָמיר אים אַ נעם טאָן! אַף וואָס וואַרט מען? — האָט ער פאַראָרדנט מיט קאַעס.

צוזאַמען מיטן אַלטן האָט ער פאָרזיכטיק אַרויפגעלייגט אַלעקסייען אַפן טראָג־בעטל. וואַריאַ האָט צונויפגענומען אַלע קלענערע זאַכן פון קראַנקן און האָט זיי צונויפגעלייגט אין אַ פּעקל.

— וואַרט — האָט אַלעקסיי זי אָפּגעהאַלטן, ווען זי האָט געוואָלט אַרײַנלייגן אין פּעקל דעם ס.־ס.־קינזשאַל, וואָס דער זיידע מיכאַיל האָט ניט איינמאָל געהאַט באַקוקט מיט נײַגעריקייט, אויסגעפּרוּווט מיטן פינגער, אויסגערייניקט און אָנגעשאַרפט —. נעם עס, זיידעניו, ווי אַן אָנדענק.

— אַ דאַנק, אַלעקסיי, אַ דאַנק! אַ גוטער שטאָל. און עפּעס איז אָנגעשריבן אַף אים אין אַ מעשונעדיקער שפּראַך — האָט ער געזאָגט, באַווײַזנדיק דעגטיאַרענקאָן דעם קינזשאַל.

— „אַללעס פיר דויטשלאַנד" — „אַלץ פאַר דײַטשלאַנד" — האָט איבערגעזעצט דעגטיאַרענקאָ, איבערלייענענדיק דעם אײַנגעקריצטן אויפשריפט.

— „אַלץ פאַר דײַטשלאַנד" — האָט איבערגעכאַזערט אַלעקסיי, דערמאָנענדיק זיך ווי אַזוי ער האָט באַקומען דעם מעסער —. „אַלץ פאַר דײַטשלאַנד".

— נו, נעם אָן, נעם אָן, זיידע! האָט אַ געשריי געטאָן דעגטיאַרענקאָ, אַ נעם טוענדיק די פאָדערשטע הענטלעך פון טראָג־בעטל.

דאָס אויפגעהויבענע טראָג־בעטל האָט זיך אַ באַוועג געטאָן און האָט צעראַצט די ערד־ווענט. מיט גרויס מי האָט מען עס באַוויזן אַרויסצוטראָגן דורך דער שמאָלער עפענונג פון דער הייל.

אַלע וואָס האָבן זיך געפונען אינעווייניק האָבן זיך ריס געטאָן אינדערהייך קעדיי צו באַגלייטן און געזעגענען זיך מיטן „געפינס". בלויז וואַריאַ איז געבליבן אונטן. זי האָט פּאַמעלעך פאַרריכט דאָס קינעלע, האָט זיך דערנענטערט צום געשטרײַפטן סעניק, אַף וועלכן עס זײַנען נאָך גע־

ווען אפגעדריקט די קאנטורן פון מענטשלעכן קערפער, און האט אים א גלעט געטאן. זי האט דערזען דעם בוקעט בלומען וואס אלע האבן, פון גרויס איילעניש, פארגעסן. דאס זיינען געווען עטלעכע איבערגעפלאכטענע ספעקטן־ליליעס, בלייכע, האלב־פארוועלקטע, ענלעכע אף די איינוואוינער פון פליטים־דערפל, וואס האבן דורכגעמאכט דעם גאנצן ווינטער אין די פייכטע און קאלטע היילן. די פרוי האט אויפגעהויבן דעם בוקעט, האט אריינגעאטעמט דעם שוואכן, איידעלן פרילינג־אראמאט זיינעם, וואס איז שיר ניט פארלוירן געגאנגען אין דער שווערער פארשטיקטקייט פון דער הייל, און האט זיך פלוצלינג אראפגעלאזן א שלוכצנדיקע אפן געלעגער.

## .18

די גאנצע באפעלקערונג פון דארף איז ארויס באגלייטן דעם אומגעריכטן גאסט. דער אוויאן האט זיך געפונען אויסערן וואלד, אפן אייז פון א קליינער, אויסגעצויגענער אזיערע, וואס איז נאך געווען גוט פארפרוירן, האגאס אירע ברעגן האבן שוין גענומען נאכלאזן. ס'איז ניט געווען קיין שטעגל וואס זאל פירן אהין. אין אפענעם פעלד, אפן פוכיקן און געגרייפלטן שניי, האבן זיך געצויגן די שפורן וואס עס האבן איבערגעלאזט מיכאיל, דעגטיארענקא און לענאטשקע. איצט האט אף די זעלבע שפורן געטראטן דאס גאנצע דארף. פארויס זיינען געגאנגען דער ערנסטער סעריאנקע און דער ענטוזיאסטישער פעדקע.

מיט די רעכטן פון אן אלטן פריינט, וואס האט געפונען דעם אוויאטאר אין וואלד, איז סעריאנקע, מיט א בארימערישער מינע, געגאנגען פארויס, פארן טראג־בעטל, באמיענדיק זיך אז עס זאלן ניט איינזינקען אין שניי זיין דערהארגעטן פאטערס ריזיקע וואליקעס, וואס ער האט געטראגן, און שרייענדיק מיט אן אויטאריטעטן קאל אף דער באנדע שמוציקן קליינווארג, וואס איז געווען באדעקט מיט די מעשונעדיקסטע טראנטעם און געגלאנצט מיט די ווייסע ציין. דעגטיארענקא און דער זיידע, וואס האבן געטראגן דאס טראג־בעטל, האבן מארשירט צום טאקט, און פון זייט, אפן ווייסן שניי, איז געלאפן לענאטשקע, וואס האט געהאלטן אין איין פאררוכטן די דעקעם אדער אין פארדעקן מיט איר טיכל אלעקסייס פאנים. פון הינטן האבן זיך געשטופט די ווייבער, די מיידלעך און די באבעשים. פון האמוין האט זיך געטראגן א טויב מורמלען.

פון אנהייב האט דאס גלאנציקע ליכט, וואס דער שניי האט אפגעשפיגלט, פארבלענדט אלעקסייען. דער הויך פון פרילינגדיקן טאג האט זיך אזוי שטארק געלייגט אף זיינע אויגן, אז ער האט זיי געמוזט פארמאכן און ס'האט ווייניק געפעלט אז ער זאל פארלירן דאס באוווסטזיין. עפענענדיק לייכט די אויגן־לעפלעך האט ער ביסלעכווייז צוגעוואוינט זיינע אויגן צום ליכט, און דאן האט ער זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן. פאר

זיינע בליקן האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט די פּאַנאָראַמע פון אונטערער־דישן דאָרף.

אין וועלכער ריכטונג ער האָט ניט אַ קוק געטאָן, האָט זיך געהייבן ווי אַ מויער דער אַלטער וואַלד. די ביימער־קרוינען האָבן זיך קימאַט ווי פּאַראַייניקט איבערן קאָפּ. דער וואַלד איז געווען אַ געמישטער. די ווייסע שטאַמען פון די נאַקעטע בעריאָזעס, וואָס די קרוינען זייערע האָבן אויסגעזען ווי פּאַרגליווערטע בלאַלעכע רויכן, האָבן געהאַט פּאַר שכיינים גאָל־דיקע סאָסנעס; דאָ און דאָרט האָבן זיך אויסגעטיילט די טונקעלע דריי־עקן פון די יאָדלעס.

די היילן זיינען געווען אויסגעגראָבן אונטער די ביימער וואָס האָבן פּאַרשטעלט דעם דאָרף פון סוינעס אויגן, סיי פון דער לופטן און סיי פון דער ערד. די ערד אַרום איז געווען באַדעקט מיט האַרטן, איינגע־טראָטענעם שניי. אויף די צווייגן פון עטלעכע הונדערטיאָריקע יאָדלעס האָבן זיך געטריקנט וויגדעלעך. אויף יונגע סאָסנעס זיינען געהאַנגען ליי־מענע טעפּ און קריגלעך. אויף אַן אַלטער יאָדלע זיינען געהאַנגען לאַנגע בערד פון ווייסן מאָך, און אונטער איר, צווישן די קנופּיקע וואָרצלען, ווו ס׳וואָלט זיך געפילט באַקוועם אַ ווילדע כאַיע, האָט זיך געפונען אַן אַלטע שמוציקע שטאָף־ליאַלקע מיט אַ פּלאַכן און גוטמוטיקן פּאָנים, וואָס איז פּאַרשמירט געווען פון אַ כעמישן בלייער.

די פּראָצעסיע האָט זיך לאַנגזאַם באַוועגט דורך דער מאַכיקער, אויס־געטראָטענער „גאַס".

נאָכן אַרויסקומען אויף דער פרייער לופט האָט אַלעקסיי פון אַנהייב דערשפּירט אַן אימפּעטדיקן צופלוס פון אומבאַוווּסטזיניקער, כּאַיעשער פרייד. נאָכדעם האָט אים אַרומגענומען אַ זיסע, רויִקע מעלאַנכאָליע.

לענאָטשקע האָט מיט אַ קליין טיכעלע אָפּגעווישט די טרערן אויף זיין פּאָנים. אינטערפּרעטירנדיק אויף איר אויפן אַלעקסייס טרערן, האָט זי גע־הייסן די בעטל־טרעגער פּאַרקלענערן דעם טראַט.

— ניין, ניין, גיכער! געגאַנגען! גיכער! —האָט אונטערגעאייַלט אַלעקסיי.

ס׳האָט זיך אויסגעדוכט מערעסיעוון אַז מען טראָגט אים צו פּאַמע־לעך. ס׳האָט זיך אים אָנגעהייבן אויסצודוכטן אַז מען וועט ניט באַוויַזן אָפּצופּליִען; אַז דער אַוויאָן, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט נאָך אים פון מאָסקווע, וועט אָפּפּליִען ניט וואַרטנדיק אויף אים און אַז ער וועט שוין ניט באַוויַזן אָנצוקומען דעם זעלבן טאָג אין דער קליניק וואָס דאַרף אים ראַטעווען. דער גיכער גאַנג פון די בעטל־טרעגער האָט אים פּאַרשאַפט ווייטיק און האָט אים געצווונגען אונטערצוקרעכצן, אָבער ער האָט גע־פּאָדערט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל: „גיכער, טוט אַ טוויוע — גי־כער!" ער האָט צוגעאייַלט, ניט געקוקט אויפן סאָפּען פון זיידן מיכאַיִל, וואָס האָט זיך אַלע ווייַלע פּאַרטשעפּעט און ניט געקענט אָנהאַלטן דעם

טראָט. צוויי פּרויען האָבן פּאַרביטן דעם אָלטן. מיכאַל איז געגאַנגען לעבן טראָג־בעטל; פֿון דער אַנדער זײַט איז געגאַנגען לענאָטשקע. דער אַלטער, ווישנדיק מיטן דײַטשישן היטל דעם שווייסיקן פּליך, דעם פּאַררויטלטן פּאָנים און דעם צעקנייטשטן האַלדז, האָט געטײַנעט פֿריילעך:

— שטופּסט, האַ? אײַלסט זיך?... גוט טוסטו, אַלעקסיי, ביסט גערעכט! אײַלסט זיך, ווײַל דײַן לעבן איז ווערטיק, איז טײַער, „געפֿינס" אונדזערס! וואָס זאָגסטו? האַ? שרײַב אונדז פֿון שפּיטאָל! דערמאָן זיך גוט דעם אַדרעס: קאַלינינער געגנט, באָלאָגאָיער דיסטריקט, צוקונפֿטיקער דאָרף פּלאָווני. האַ? צוקונפֿטיקער, האַ? האָב קיין מוירע ניט, ס'וועט זײַן אַ דאָרף! פֿאַרגעס עס ניט: דער אַדרעס איז אַ גענויער.

ווען מען האָט אַרויפֿגעהייבן דאָס טראָג־בעטל אין אַוויאָן און אַלעקסיי האָט אַרײַנגעאָטעמט דעם דורכדרינגענדיקן און היימישן רייעך פֿון אַוויאַציע־נאַפֿט, האָט ער ווידער דערשפּירט אַ צופֿלוס פֿון פֿרייד. מען האָט איבער אים אַראָפּגעלאָזן דעם דורכזיכטיקן צודעק. ער האָט ניט געזען דאָס הענט־פּאָכען פֿון די וואָס האָבן זיך געזעגנט; אויך ניט די קליינע און נאָזיקע אַלטיטשקע, וואָס האָט אין איר טונקעלן טיכל אויסגעזען ווי אַ דערצאָרנטע קראָ, און וואָס האָט באַזינגנדיק די שרעק און דעם ווינט פֿון פּראָפּעלער, דערנענטערט זיך צו דעגטיאַרענקאָן — וועלכער איז שוין געזעסן אין קאַבינע — און איבערגעגעבן אים אַ פּעקל אָפּגעקאָכטע הון; אויך ניט מיכאַילן וואָס האָט געשמײַעט אַרום אַפּאַראַט, שרײַענדיק אַף די ווײַבער און אָוועקיאָגנדיק דאָס קליינוואַרג. ער האָט אויך ניט געזען ווי דער ווינט האָט אַראָפּגעריסן פֿון מיכאַילס קאָפּ דאָס היטל, וואָס האָט זיך אָוועקגעקײַקלט איבערן אײַז; ווי דער אַלטער איז געבליבן שטיין צווישן ווײַבערשן האַמוין מיטן נאַקעטן קאָפּ און מיט אַ צעשאָקלטער האַנט.

ווען דער אַוויאָן האָט זיך אויפֿגעהייבן פֿון דער אײַז־אויבערפֿלאַך, האָט ער זיך דורכגעטראָגן איבער די קעפּ פֿון די באַגלייטער און האָט פֿאָרזיכטיק, קימאַט אַנרירנדיק מיט די גליטשערס דעם אײַז, אַוועקגעלאָזט זיך לענגאויס דער אָזיערע, באַשיצט פֿון הויכן ברעג. שפּעטערצו איז ער פֿאַרשוווּנדן הינטער אַ וואַלדיקן אינדזל.

דאָס מאָל איז דעגטיאַרענקאָ — דער משוגענער קאָפּ פֿון פּאָלק, ווי מען האָט אים גערופֿן צוליב זײַן צו גרויסער היציקייט אין דער לופֿטן — געפֿלויגן פּאָרזיכטיק. ער האָט זיך מער אויסבאַהאַלטן ווי געפֿלויגן. ער האָט זיך געהאַלטן נאָנט בײַ דער ערד און האָט זיך באַשיצט מיט די ברעגן פֿון די אָזיערעס. אַלעקסיי האָט גאָרניט געזען און געהערט. די היימישע גערוכן פֿון נאַפֿט און פֿון אייל, און דאָס פֿריילעכע געפֿיל פֿון פֿליִען האָבן אים אַרײַנגעוואָרפֿן אין אַ באַוווּסטלאָזן צושטאַנד. ער איז געקומען צו זיך אין אַעראָדראָם, ווען מען האָט אַרויסגעטראָגן פֿון אַפּאַראַט זײַן טראָג־בעטל קעדיי אַריבערצוטראָגן עס אין גיכן סאַניטאַר־אַוויאָן וואָס איז אָנגעקומען פֿון מאָסקווע.

## 19.

ער איז אָנגעקומען אין זײַן אַעראָדראָם אין װיכטיקסטן מאָמענט פֿונעם טאָג, אַ טאָג װאָס איז ביז איבער די ברעגן איבערגעפֿולט געװען מיט פֿלי־אַרבעט, װי אַלע טעג פֿון יענעם פֿרילינג.

קײן אײן מינוט האָט ניט אױפֿגעהערט דאָס כריפּען פֿון די מאָטאָרן. יעדע סקװאַדריליע װאָס פֿלעגט אַראָפּנידערן אַף צו באַזאָרגן זיך מיט נײַעם ברענשטאָף פֿלעגט גלײַך פֿאַרביטן װערן מיט אַ צװײטער און מיט אַ דריטער. אַלע — די פּילאָטן, די שאָפֿערן פֿון די ציסטערנעס און די פֿאַראַנטװאָרטלעכע פֿאַר די נאַפֿט־רעזערװן, האָבן יענעם טאָג געשמײַעט װי אַף אַ יאַריד. דער שעף פֿון שטאָב איז געװאָרן הײזעריק און האָט גערעדט מיט אַ מעשונעדיקן קװיטש.

ניט געקוקט אַף דער אַלגעמײנער באַשעפֿטיקטקײט און אַף דער אומגעװײנלעכער שפּאַנונג, האָבן אַלע יענעם טאָג אױסגעקוקט די אױגן אַף מערעסיעװס אָנקומען.

— מען האָט אים נאָך ניט געבראַכט? —האָבן, אינמיטן פֿון פֿרײַבן פֿון די מאָטאָרן, אױסגעשריִען די פּילאָטן צו די מעכאַניקער, אײדער נאָך זײ האָבן אַרײַנגעקײַקלט די אַפּאַראַטן אין די באַהעלטענישן.

— מען װײס עפּעס װעגן אים? — האָבן זיך אינטערעסירט די „נאַפֿט־קעניגן”, װען אַ װעלכער ניט איז קאָמאַנדע־קאָטש פֿלעגט צופֿאָרן צו די אונטערערדישע ציסטערנעס.

אַלע האָבן געהאַלטן אין אײן אָנשטרענגען דעם געהער קעדײ אױפֿצוכאַפּן, איבערן װאַלד אָדער פֿון װאַנען עס זאָל ניט זײַן, דאָס באַקאַנטע זשומען פֿון סאַניטאַרן פֿאָלק־אַװיאָן.

װען אַלעקסײ איז געקומען צו זיך אַף דעם לײַכט־צעװאָקלטן טראָגבעטל, האָט ער דערזען אַן ענגן קרײַז באַקענטע פּענימער. ער האָט נאָך מער צעעפֿנט די אױגן. דער קרײַז האָט אױפֿגעלעבט; עמעץ האָט אױסגעשריִען „הוראַ!”. גאָר נאָענט פֿון בעטל האָט ער דערזען דעם יונגן, עקסטאַזפֿולן פּאָנים פֿון פֿאָלק־שעף; לעבן אים האָט זיך באַװיזן דאָס דיסקרעט־שמײכלענדיקע, ברײטע און רױט־שװײסיקע פּאָנים פֿון שטאָב־שעף, און די קײַלעכדיקע, פֿולע און װײַסע צורע פֿון שעף פֿון געהילף־דינסט פֿאַרן אַעראָדראָם. דעם דאָזיקן האָט אַלעקסײ ניט געקענט פֿאַרטראָגן צוליב זײַן פֿאָרמאַליזם און פֿאַרשלאָסנקײט אין זיך.

װיפֿל באַקאַנטע פּענימער! דער לאַנגער יורא װאָס האָט געטראָגן דאָס בעטל האָט זיך אַלע װײַלע באַמיט אױסצודרײען אַף הינטער קעדײ אָנצוקוקן אַלעקסײען אין פּאָנים. דאָס פֿלעגט זיך אים ניט אײַנגעבן און ער פֿלעגט זיך נאָכאַנאַנד פֿאַרטשעפּען. באַם זײַט איז נאָכגעלאָפֿן אַ רױטהאָריק מײדל — דער סערזשאַנט פֿון דער מעטעאָראָלאָגישער סטאַנציע. פֿריִער פֿלעגט זיך אַלעקסײען אױסדוכטן אַז זי פֿילט צו אים, צוליב אומ־

באַקאַנטע סיבעס, אַז אַנטיפּאַטיע; זי פּלעגט אים אויסמײַדן און פּלעגט אים מיין־האַצאַד נאָכקוקן מיט אַ מעשונעדיקן בליק; אין שפּאַס פּלעגט ער זי רופן „דער מעטעאָראָלאָגישער סערזשאַנט". נאָנט האָט אויך גע־שפּאַנט דער פּילאָט קוקושקין, אַ קליינוווקסיקער, מיט אַ פּאַרזײַערטן, אומאַנגענעמען פּאָנים; קיינער אין סקוואַדריליע האָט אים ניט ליב גע־האַט צוליב זײַן לײַכט־אויפרייציקן כאַראַקטער. ער האָט אויך געשמייכלט און האָט זיך באַמיט נאָכצוהאַלטן יוראַס ריזיקע שפּאַנען. מערעסיעוו האָט זיך דערמאָנט אַז פאַרן לעצטן פלי האָט ער בעקיוון אויפגעוואָרפן עפּנטלעך קוקושקינען דאָס ניט האָבן באַצאָלט אַ כויוו, און ער איז גע־ווען זיכער אַז דער דאָזיקער פאַרביטערטער מענטש וועט אים קיינמאָל ניט מויכל זײַן די באַליידיקונג. איצט, פונדעסטוועגן, איז ער געלאָפן לעבן טראָג־בעטל, אונטערהאַלטנדיק עס פאָרזיכטיק און אָפּשטופּנדיק בייז מיט די עלנבויגנס דעם האַמויז, קעדיי צו פאַרהיטן אַלעקסייען פון אַ שטויס.

אַלעקסיי האָט גאָרניט געוווּסט אַז ער האָט אַזויפיל פרײַנט. „אַ מענטש קען מען גאָרניט אָפּשאַצן, ביז מען דערקענט אים ניט ווי ס'באַדאַרף צו זײַן!" ס'האָט אים פאַרדראָסן דער איניען מיטן „מעטעאָ־ראָלאָגישן סערזשאַנט", וואָס האָט, ער ווייס ניט פאַרוואָס, מוירע געהאַט פאַר אים. ער האָט זיך געפילט אומבאַקוועם לעגאַבע דעם שעף פון גע־הילף־דינסט; ער האָט דאָך וועגן אים אַזויפיל געשפּאַסט און דערציילט אַזויפיל אַנעקדאָטן. ער האָט געוואָלט בעטן מעכילע בא קוקושקינען און זאָגן דער גאַנצער בעוורע אַז דער דאָזיקער פּילאָט איז גאָרניט אַזאַ אומ־אַנגענעמער און בייזער ווי ער זעט אויס. אַלעקסיי האָט געהאַט דאָס גע־פיל, אַז, נאָך די אַלע יעסורים וואָס ער האָט דורכגעליטן, איז ער אַרײַנ־געפאַלן אין זײַן אייגענער מישפּאָכע, וווּ אַלע האָבן אים אָף אַן עמעס ליב.

מען האָט אים געטראָגן פאָרזיכטיק דורכן פעלד צו אַ זילבערדיקן סאַניטאַר־אַוויאָן, וואָס איז געווען קאַמופלירט אָפּן ראַנד פון אַ שיטערן בעריאָזע־וועלדל. מען האָט געזען ווי די מעכאַניקער לאָזן שוין אַוועק אין גאַנג דעם קאַלט־געוואָרענעם מאָטאָר פון „סאַניטאַר", מיט דער הילף פון גומענע אײַנשטילער.

— כאַוּוער קאָמענדאַנט... — האָט מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן מע־רעסיעוו צום שעף פון פּאָלק, באַמיִענדיק זיך צו ריידן וואָס העכער און וואָס פעסטער.

דער שעף, שמייכלענדיק ווייך און רעטענישפול, ווי זײַן שטייגער איז געווען, האָט זיך צוגעבויגן צו אים.

— כאַוּוער קאָמענדאַנט... דערלויבט מיר צו בלײַבן דאָ, מיט אײַך, אַנשטאָט מען זאָל מיך אַוועקשיקן אין מאָסקווע...

דער שעף האָט אויסגעטאָן דעם קאַפּטער, וואָס האָט געשטערט צו הערן.

— ס'איז ניט נייטיק אַז מען זאָל מיך אוועקפירן קיין מאָסקווע; כ'וויל בלייבן דאָ, אין סאַניטאַר־פּונקט פון באַטאַליאָן.

דער קאָמענדאַנט האָט אויסגעטאָן זײַן פּעלענע הענטשקע, האָט אָנגענומען אונטער דער דעקע אַלעקסייס האַנט און האָט זי אַ דריק געטאָן:

— רעדט ניט קיין נאַרישקייטן. מען דאַרף זיך ערנסט אויסהיילן, אָף אַן עמעס.

אַלעקסיי האָט אַ שאָקל געטאָן דעם קאָפּ אָף ניין. ער האָט זיך געפילט גוט, רויִק. ניט די אַריבערגעטראָגענע צאָרעס, ניט דער ווייטיק אין די פיס האָבן אים שוין אויסגעזען שרעקלעך.

— וואָס וויל ער? — האָט אַ קוויטש געטאָן דער שעף פון שטאַב.

— ער בעט אַז מען זאָל אים איבערלאָזן מיט אונדז —האָט לאַכנדיק געענטפערט דער שעף.

און אין יענעם מאָמענט איז זײַן שמייכל ניט געווען רעטענישפול, ווי שטענדיק, נאָר וואַרעם, אומעטיק.

— נאַר! ראָמאַנטיקער! אַ בײַשפּיל פאַר אַ קינדער־צײַטונג, — האָט ווידעראַמאָל אַ קוויטש געטאָן דער שטאַב־שעף—. מען טוט אים אַן אַ קאָוועד און מען שיקט אים אַרויס אַז אַפּאַראַט פון מאָסקווע, לויט דער פאַראָרדענונג פון שעף אַליין פון דער אַרמיי, און ער... זעט נאַר, מיט וואָס ער איז אַרויס!...

מערעסיעוו האָט געוואָלט ענטפערן אַז ער איז קלאָר ניט קיין ראָמאַנטיקער; אַז דאָ, אין סאַניטאַר־פּונקט פון באַטאַליאָן, אין דער היימישער סוויווע, וועט ער שנעלער קומען צו זיך ווי אין דער מאָסקווער קליניק, מיט די אַלע דאַרטיקע אומבאַקאַנטע באַקוועמלעכקייטן. ער איז זיכער אין דעם. אָט איז אים שוין אויסגעקומען דורכצומאַכן עטלעכע טעג אין סאַניטאַר־פּונקט, ווו ער האָט זיך אויסגעהיילט פון אַ לײַכטן בראַך, נאָך אַ ניט־געלונגענעם לאַנדן אין אַ באַשעדיקטן אַוויאָן. ער האָט שוין צוגעקליבן די ווערטער אָף צו ענטפערן בײַסיק דעם שטאַב־שעף, אָבער ס'איז שוין ניט געווען קיין צײַט אַרויסצוברענגען זיי.

די סירענע האָט גענומען טרויעריק וואָיען. אַלע פּענימער זײַנען געוואָרן מיטאַמאָל אויפמערקזאַם און באַזאָרגט. דער אַעראָדראָם־שעף האָט געגעבן עטלעכע צימצעמדיקע באַפעלן און אַלע האָבן זיך גענומען פונאַנדערשפּרייטן ווי מוראַשקעס: אייניקע צו די אַוויאָנען אָפן ראַנד פון וואַלד; אַנדערע אין דער ריכטונג צו דער באַהעלטעניש פון קאָמאַנדע־פּונקט, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בערגל אָפן ראַנד פון פעלד; נאָך אַנדערע צו די אַפּאַראַטן וואָס זײַנען געווען באַהאַלטן אין וועלדל. אַלעקסיי האָט דערזען ווי ס'הייבט זיך אויף אין דער לופטן אַ פּילעקיקע ראַקעטע; אירע רויך־שפּורן זײַנען געבליבן אָפן הימל און איר ווײַסע שלעפּע האָט פּאַמעלעך גענומען פאַרשווינדן. ער האָט פאַרשטאַנען: „פּײַנטלעכע אַוויאָנען!" זײַן האַרץ האָט מעכטיק געקלאַפּט, ס'האָבן זיך אים

פֿונאַנדערגעשפּרייט די נאָז־פֿליגלען און ער האָט דערפֿילט אין זײַן גאַנצן קערפּער יענעם סטימולירנדיקן אויפֿשווידער וואָס פֿלעגט אים שטענדיק באַהערשן אין אַ מאָמענט פֿון געפֿאַר. לענאַטשקע, דער מעכאַניקער יורא און דער „מעטעאָראָלאָגישער סערזשאַנט" —וועלכע האָבן גאָרניט געהאַט וואָס צו טאָן אין דער פֿיבערדיקער אויפֿרודערונג וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם אַעראָדראָם בעמעשעד פֿון לאַפּט־אַלאַרם— האָבן אַ כאַפּ געטאָן דאָס טראָג־בעטל און גענומען לויפֿן צום ראַנד פֿון וואַלד. זיי האָבן זיך באַמיט אָנצוהאַלטן אַ געמיינזאַמען טאַקט אין לויפֿן, אָבער צוליב דער עמאָציע האָט זיך עס זיי, נאַטירלעך, ניט אײַנגעגעבן.

אַלעקסיי האָט געקרעכצט. זיי האָבן גענומען לויפֿן פּאַמעלעכער. פֿון ווײַטן האָבן שוין מיט פֿוריע „געבילט" די אויטאָמאַטישע אַנטילופֿט־באַטערייעס. איינע נאָך די אַנדערע האָבן די פֿאַרשיידענע אַוויאַנען־פּאַטרולן געגליטשט זיך איבערן אַעראָדראָם, געטראָגן זיך שנעל און געוואָרפֿן זיך אין רוים. דורכן היימישן געזשום פֿון זייערע מאָטאָרן האָט זיך גענומען דורכרײַסן אַן אומרעגולער פּרײַכן, וואָס איז געקומען פֿון וואַלד. אַלעקסיים מוסקולן האָבן זיך אויטאָמאַטיש צונויפֿגעצויגן, זײַנען געוואָרן שטײַף. דער דאָזיקער מאַכטלאָזער מענטש, אַ צוגעשמידטער צום טראָגבעטל, האָט זיך געפֿילט ווי ער וואָלט זיך געפֿונען אין אַ קאַבינע פֿון אַ יאַגדלער וואָס טראָגט זיך שנעל אין דער ריכטונג פֿון סוינע, פּונקט ווי אַ יאַגד־הונט וואָס דערשמעקט אַ האָז.

דאָס טראָג־בעטל איז ניט אַרײַן אין שמאָלן „גראָבן" פֿון דער באַהעלטעניש. ווען דער טיכטיקער יורא און די מיידלעך האָבן אים אַף די הענט געוואָלט אַראָפּטראָגן אונטן, האָט אַלעקסיי פּראָטעסטירט און געבעטן אַז מען זאָל איבערלאָזן דאָס בעטל אַפֿן וואַלד־ראַנד, אונטער אַ מעכטיקער, צעוואַקסענער בעריאָזע. דאָרט איז ער געבליבן ליגן און איר געווען אַן איידעס פֿון די געשעענישן וואָס האָבן זיך גלײַך אויסגעוויקלט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט, ווי אין אַ קאָשמאַר. זעלטן ווען עס קומט אויס אַן אַוויאַטאָר צוצוקוקן זיך פֿון דער ערד צו אַ לופֿט־שלאַכט. מערעסיעוו, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער מיליטערישער אַוויאַציע זינט די ערשטע טעג פֿון דער מילכאָמע, האָט קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ געלעגנהייט. צוגעוווינט צו דער בליץ־שנעלקייט פֿון די לופֿט־קאַמפֿן, האָט ער געקוקט אַן איבערראַשטער ווי פּאַמעלעכדיק און קינדיש עס זעט אויס דער געראַנגל, ווען מען אָבסערווירט אים פֿון אונטן, ווי קריכעוודיק עס זעט אויס די באַוועגונג פֿון די אַלטע און פֿלאַכע יאַגדלער און ווי ניט אָנגרײַפֿעריש עס קלינגען פֿון דער ערד, די שטעפּערײַען פֿון די מעטראַליעזעס, וואָס דערמאָנען אין עפּעס היימישס: אין גערויש פֿון אַ ניימאַשין אָדער אינעם געקרוך פֿון לײַוונט וואָס מען רײַסט פֿונאַנדער פּאַמעלעך.

12 דײַטשישע באָמבאַרדיר־אַוויאָנען, איינער הינטערן אַנדערן, האָבן

זיך פֿאַרבײַגעטראָגן, אין אַ שורע, פֿון איין זײַט אַעראָדראָם און זײַנע פֿאַרשווונדן צווישן די גלאַנציקע שטראַלן פֿון דער זון, וואָס האָט זיך געפֿונען זייער הויך. דאָרט, צווישן די געקרויזטע, זוניק־פֿלאַמיקע וואָלקנס, וואָס האָבן געבלענדט אין די אויגן ווען מען האָט געקוקט אַף זיי, האָבן טויב געפֿרײַכט די מאָטאָרן. אין וועלדל האָבן געווילדעוועט און געבילט מיט נאָך מער פֿוריע די אַנטילופּט־קאַנאָנען. די קײַקעלעך רויך פֿון די אויפֿרײַסן האָבן זיך צעשפּרייט איבערן הימל ווי די לופּטלעך פֿון אַ לייבנ־צאָן. מען האָט אָבער גאָרניט געזען. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן אַ פֿינקל טאָן די פֿליגל פֿון די יאַגדלער מיט אַ שנעלן גלאַנץ.

דאָס זשומען פֿון די באָמבאַרדיר־אַוויאָנען איז וואָס אַמאָל עפּטער איבערגעשניטן געוואָרן דורך קורצע קלאַנגען — ריס, ריס, ריס — פֿון געריסענעם לײַוונט. אין סאַמע גלאַנץ פֿון די זון־שטראַלן איז אָנגעגאַנגען אַ לופּטשלאַכט, וואָס מען האָט קימאַט ניט געקענט באַמערקן פֿון דער ערד. דאָס איז אָבער געווען אינגאַנצן אַנדערש פֿון דעם וואָס עס זעט אַן אָנטיילנעמער אין אַ לופּט־געראַנגל. פֿון אונטן האָט אַלץ אויסגעזען אַזוי אומבאַדײַטנדיק און ניט אינטערעסאַנט, אַז אַלעקסיי האָט זיך צו־געקוקט צו דעם וואָס עס קומט פֿאָר מיט פֿולשטענדיקער רויִקייט.

אַפֿילע ווען פֿון אויבן האָט זיך דערהערט אַ שאַרפֿער פֿײַף, אַ דורכ־דרינגענדיקער און וואַקסנדיקער, און ווען עטלעכע באָמבעס האָבן גענו־מען פֿאַלן, ווי שוואַרצע טראָפּנס אָראָפּגעטרייסלטע פֿון אַ פּענדזל, טראָפּנס וואָס האָבן בליץ־שנעל אָנגעהויבן וואַקסן, האָט ער זיך ניט דערשראָקן. נאָך מער: ער האָט זיך אַביסל אונטערגעהויבן קעדיי צו זען ווו זיי פֿאַלן.

אין יענעם מאָמענט האָט דער „מעטעאָראָלאָגישער סערזשאַנט" אי־בערראַשט אַלעקסייען אַף אַן אופֿן וואָס לאָזט זיך גאָרניט אויסדריקן. ווען דאָס פֿײַפֿן פֿון די באָמבעס האָט דערגרייכט דעם שאַרפֿסטן פּונקט, האָט דאָס מיידל — וואָס איז געווען האַלב־אײַנגעבויגן אין גראָבן פֿון באַ־העלטעניש און געקוקט אַף אים ווי שטענדיק מין־האַצאַד — אַ שפּרונג געטאָן פּלוצלינג, אַ וואָרף געטאָן זיך צום טראָג־בעטל און, צודעקנדיק אַלעקסייען מיט איר קערפּער, צוגעדריקט אים צו דער ערד, אַ צעציטער־טע פֿון עמאָציע און פֿון שרעק.

אַ ווײַלע האָט אַלעקסיי געזען פֿאַר זײַנע אויגן אַן אָפּגעברענטן, פֿול־שטענדיק קינדערשן פּאָנעם, דיקע ליפּן, אַ קליינע, אָפּגעקראָכענע נאָז. ס'האָט אָפּגעקלונגען אַן אויפֿרײַס אין וואַלד. אין דער זעלבער רגע האָט אַ הילך געטאָן, נענטער שוין, אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פֿערטער. דער פֿינפֿטער אויפֿרײַס איז געווען אַזאַ מוירעדיקער אַז די ערד האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און די ברייטע בעריאָזע־קרוין, אונטער וועלכער אַלעקסיי איז געלעגן, איז מיט אַ פֿײַף אַראָפּגעפֿלויגן אַ צעשטיקלטע דורך די שראַפּנעלן. ס'האָט נאָכאַמאָל אַ שווינדל געטאָן פֿאַר אַלעקסייס אויגן דער יונגער, בלייכער, אַף טויט צעשראָקענער פּאָנעם. איר קאַלטע באַק

האָט זי צוגעטוליעט צו זײַנעם און אין קורצן אינטערוואַל צווישן אויפ־
רײַס פון צוויי סעריעס באָמבעס, האָבן די ליפּן אירע געשעפּטשעט מיט
מוירע און לײַדנשאַפט:

— טײַערער!... טײַערער!...

אַ נײַע סעריע באָמבעס האָט צעוואַקלט די ערד. פון אַעראָדראָם צום
הימל האָבן זיך אויפגעהויבן, מיט אַ ביליקן קראַך, די זײַלן פון די אויפ־
רײַסן; ס'האָט אויסגעזען ווי פון דער ערד וואָלט אַרויסגעקוואָלט אַף
אינדערהייך אַ ריי ביימער, וואָס די קרוינען זייערע, צעוויקלטע אַ רעגע
ווי פעכערס, האָבן זיך גלײַך נאָכדעם אַראָפּגעקײַקלט מיט אַ שרעקלעכן
געקנאַק, פאַרוואַנדלט געוואָרן שפּעטער אין אַ פאַרפרוירענער מאַסע און
איבערגעלאָזט אין דער לופטן אַ שוואַרצן, שמוציקן, שאַרפן, קנאַבל־שטינ־
קענדיקן רייעך.

ווען ס'איז פאַרשווונדן דער רויך, איז שוין אַלץ אַרום געווען רויק.
קוים־קוים וואָס עס האָבן זיך געהערט הינטערן וואַלד די גערוישן פון
לופט־קאַמף. דאָס מיידל איז שוין געשטאַנען אַף די פיס. אירע גרינלעך־
בלייכע באַקן זײַנען געוואָרן שטאַרק רויט און ס'האָבן זיך באַוויזן אַף
זיי טרערן. ניט קוקנדיק אַף אַלעקסייען, האָט זי זיך גענומען אַנטשולדיקן:

— כ'האָב אײַך ניט פאַרשאַפט קיין ווייטיק? סאַראַ נאַר איך בין,
מער ווי אַ נאַר, גאָט מײַנער, אַנטשולדיקט מיר!

— צו וואָס טויג שוין איצטער דאָס כאַראָטע־האָבן? —האָט גע־
האַט טײַנעס יוראַ, אַ פאַרשעמטער וואָס ניט נאָר ער נאָר דאָס יונגע מיידל
פון דער מעטעאָראָלאָגישער סטאַציע האָט צוגעדעקט מיט איר קערפּער
זײַן פרײַנט.

ער האָט אַ בורטשע געטאָן, אָפּגעטרייסלט זײַן אָוועראָל, האָט זיך
אַ קראַץ געטאָן אין פּאַטילניצע און האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אָפּן
גלאַנציקן שניט פון דער געקעפּטער בעריאָזע. איר שטאַם האָט זיך שנעל
באַדעקט מיט דורכזיכטיקן זאַפט; די זשיווויצע פון פאַרווונדיקטן בוים
האָט געפינקלט אַף דער מאָכיקער קאָרע און האָט געטריפט אַף אַראָפּ מיט
קרישטאָל־ריינע טראָפּנס, ווי טרערן.

— זעט, די בעריאָזע וויינט —האָט געזאָגט לענאָטשקע, וואָס האָט
אָפילע אין מאָמענטן פון געפאַר ניט פאַרלוירן איר לעבעדיקע און אי־
בערראַשטע מינע.

— ס'איז דען ניטאָ אַף וואָס צו וויינען? —האָט אַ פאַרכמורעטער
געזאָגט יוראַ.— די פאַרשטעלונג איז געענדיקט, לאָמיר גיין. איז גאַנץ
דער „סאַניטאַר”? האָבן זיי אים ניט געטראָפן?

— פרילינג —האָט געזאָגט מערעסיעוו, קוקנדיק אָפּן צעשעדיקטן
בוים, אַף דער דורכזיכטיקער זשיווויצע וואָס האָט געגלאַנצט אַף דער זון
און געפאַלן טראָפּנווײַז אַף דער ערד, אַף דעם קליינעם „מעטעאָראָלאָגישן

מערזשאַנט", וואָס האָט געטראָגן אַ צו גרויסן שינעל און וואָס אַפילע דער נאָמען אירער איז אים געווען אומבאַקאַנט.

אַלע דרײַ — יוראַ פון פאָרנט און די מיידלעך פון הינטן — האָבן געטראָגן דאָס טראָג־בעטל צום אַוויאָן, אויסמײַדנדיק די לעבער וואָס האָבן נאָך געראָיכיקט און אין וועלכע ס'האָט זיך געזאַמלט דער צעגייענ־דיקער שניי. אַלעקסיי האָט מיט אַ זײַטיקן, נײַגעריקן בליק געכאַפּט אַ קוק אױף דער קליינער, שטאַרקער האַנט וואָס האָט אַרויסגעשטעקט פון גראָבן שינעל־אַרבל און וואָס האָט אונטערגעהאַלטן פעסט דאָס בעטל. וואָס איז מיט איר געשען? אָדער עפּשער האָט זיך אים, אין מאָמענט פון שרעק, אויסגעדוכט אַז ער הערט יענע ווערטער?

יענעם טאָג, אין וועלכן ער דערמאָנט זיך אַזוי שטאַרק, איז אַלעקסיי געווען אַן איידעם פון אַ צווייטער געשעעניש. דער זילבערדיקער אַוויאָן, מיטן רויטן קרייץ אױף זײַנע פליגל און אַפן קאָרפּוס, איז געווען נאָענט. מען האָט געזען ווי זײַן מעכאַניקער באַקוקט אים פון אַלע זײַטן, זוכנ־דיק אױף אים סימאָנים פון שראַפּנעלן אָדער צייכנס פון דער אויפרײַס־כוואַליע. דערווײַל האָבן געגומען לאַנדן די יאַגדלער. זיי זײַנען דערשינען פון הינטערן וואַלד און האָבן זיך גלײַך אַראָפּגעלאָזן, ניט מאַכנדיק דעם געוויינלעכן קרײַז. נאָכן לאַנדן האָבן זיי זיך מאָמענטאַל אַוועקגעקײַקלט צום וואַלד־ראַנד, אין דער ריכטונג פון די באַהעלטעניש.

אַפן הימל איז געוואָרן שטיל. דער אַעראָדראָם איז אויך געוואָרן ריין; ס'האָט אויפגעהערט דאָס פרײַכן פון די מאָטאָרן אין וואַלד. אַפן קאָמאַנדע־פּונקט איז מען נאָך אָבער געשטאַנען אױף די פיס און געקוקט אין הימל אַרײַן, פאַרשטעלנדיק זיך מיט די דלאָניעס פון דער זון.

— דער „נײַנטער" איז נאָך ניט צוריקגעקומען! קוקושקין שפּע־טיקט זיך! — האָט אינפאָרמירט יוראַ.

אַלעקסיי האָט זיך דערמאָנט אין קליינעם, גאַליקן און שטענדיק פאַרדרייטן פּאָנעם פון קוקושקינען, און האָט זיך דערמאָנט אַז מיט עט־לעכע מאָמענטן צוריק האָט דער זעלבער קוקושקין אונטערגעהאַלטן מיט אַזויפיל איבערגעגעבנקייט זײַן טראָג־בעטל. „זאָל עס מעגלעך זײַן?" דער דאָזיקער געדאַנק, וואָס איז אַזוי געוויינלעך בײַ די אַוויאַטאָרן אין די פיבערדיקע טעג, האָט איצט אויפגעשוידערט אַלעקסייען, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעוווינט פון אַזוינע איבערטראַכטעניש. פּונקט אין יענעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אין הימל אַ געכריפ.

יוראַ האָט אַ פריידיקן שפּרונג געטאָן:

— דאָס איז ער!

אין קאָמאַנדע־פּונקט האָט זיך געמערקט אַ גרויסע אויפרודערונג. דער „נײַנטער" האָט ניט געלאַנדעט נאָר איז פאַרבײַגעפלויגן דעם אַעראָ־דראָם, באַשרײַבנדיק פריִער אַ גרויסן קרײַז. ווען דער אַוויאָן איז געווען איבער זײַן קאָפּ, האָט אַלעקסיי באַמערקט אַז עס פעלט אים אַ שטיק

פֿליגל און — דאָס שרעקלעכסטע! — ער האָט געהאַט בלויז איין „לאַפּע“. איינע נאָך די אַנדערע זײַנען אַרויסגעשאָסן געוואָרן אין דער הייך עטלעכע רויטע ראַקעטעס. קוקושקין איז ווידער פֿאַרבײַגעפֿלויגן איבער אַלעמענס קעפּ. זײַן אַוויאָן האָט דערמאָנט אין אַ פֿויגל, וואָס קרײַזט אַרום זײַן צעשטערטער נעסט און ווייס ניט ווו אַוועקצושטעלן זיך. ער האָט שוין געהאַלטן אין מאַכן דעם דריטן קרײַז.

— איצט וועט ער אַרויסשפּרינגען, ס׳גייט אויס דער נאַפֿט, ער זויגט שוין די לעצטע טראָפּנס! — האָט געמורמלט יורא קוקנדיק אויפֿן זייגער.

אין אַזוינע פֿאַלן, ווען דאָס לאַנדן איז שוין געוועזן אוממעגלעך, פֿלעגט מען אויטאָריזירן דעם פּילאָט אויפֿהייבן זיך און אַראָפּנידערן מיט אַ פֿאַל־שירעם. ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט דער „נײַנטער“ שוין באַקומען די דאָזיקע פֿאַראָרדענונג. ער האָט אָבער, אַן אײַנגעאַקשנטער, ווײַטער געקרײַזט.

יורא האָט געקוקט דאָ אויפֿן אַוויאָן און דאָ אויפֿן זייגער. ווען ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז דער מאָטאָר נעמט אַרבעטן פֿאַמעלעכער, האָט ער זיך אײַנגעבויגן און אָפּגעקערט דעם קאָפּ קעדיי ניט צו זען ווי ער פֿאַלט. ווײַל דען קוקושקין ראַטעווען דעם אַפּאַראַט? „שפּרינג, שפּרינג!“ האָט יעדער איינער געזאָגט ווי פֿאַר זיך אַליין.

פֿון אַעראָדראָם האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ יאַגדלער מיט אַן „איינס“ אויפֿן עק. ער האָט זיך שנעל אויסגעגלײַכט מיטן באַשעדיקטן „נײַן“. לויטן רויִקן און מאַגיסטראַלן סטיל פֿון פֿליִען האָט זיך אַלעקסיי געכאַפּט אַז אין דער קאַבינע זיצט דער פֿאָלק־שעף אַליין. איבערצײַגט אַז בײַ קוקושקינען איז איבערגעפֿירט דער ראַדיאָ אָדער אַז ער איז סטאַם צעטומלט, האָט זיך דער שעף דערנענטערט צו אים און האָט אים געגעבן אַ צייכן „טו דאָס וואָס איך“. ער האָט אָנגעהויבן אַרויפֿצושטײַגן העכער און האָט אים באַפֿוילן אַראָפּצושפּרינגען. אָבער גראָד אין יענעם מאָמענט האָט קוקושקין אַראָפּגענידערט און געגרייט זיך צו לאַנדן.

דער באַשעדיקטער אַוויאָן, מיטן צעבראָכענעם פֿליגל, האָט אַ גיכן שוועב געטאָן איבער אַלעקסיים קאָפּ, דערנענטערנדיק זיך שנעל צו דער ערד. און דאָרט, אויפֿן סאַמע ראַנד פֿון פֿעלד, האָט ער זיך האַסטיק אַ בויג געטאָן אויף לינקס, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער גאַנצער „לאַפּע“, האָט זיך אַ ווײַלע געקײַקלט אויפֿן איינציקן ראָד, פֿאַרקלענערנדיק די גיכקייט, און איז אַ פֿאַל געטאָן אויפֿן רעכטן זײַט. דער ניט־באַשעדיקטער פֿליגל האָט זיך אַרײַנגעשטאָכן אין דער ערד און דער אַוויאָן גופֿא האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן דריי איבער איבער זײַן אַקס, אויפֿהייבנדיק גאַנצע וואָלקנס שניי־שטויב.

אין לעצטן מאָמענט איז ער אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן פֿון די אויגן. ווען ס׳האָט זיך אָפּגעזעצט דער שנייאיקער שטויב האָט מען דערזען אַז

לעבן איינגעבויגענעם, באַשעדיקטן אַוויאָן שוואַרצט זיך עפּעס אַפּן שניי. צו יענעם שוואַרצן פּונקט האָבן אַלע גענומען לויפן, און מיט דער גאַנ־צער גיכקייט האָט זיך אַהין אַ טראָג געטאָן דער סאַניטאַרער אויטאָ מיט דער צערעוועטער סירענע.

„ער האָט געראַטעוועט, געראַטעוועט דעם אַפּאַראַט! בראַוואָ, קור־קושקין! ווען האָט ער זיך דאָס אויסגעלערנט?!" — האָט געטראַכט מערעסיעוו אַף זײַן טראָג־בעטל און האָט מעקאַנע געווען זײַן כאַוואַר.

אויך אים האָט זיך געוואָלט לויפן מיט דער גאַנצער קראַפט אַהין, ווו ס'איז געלעגן אַפּן שניי דאָס קליינע מענטשל וואָס קיינער האָט ניט ליב געהאַט און וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעוויזן פאַר אַזאַ עקס־פּערט, פאַר אַזאַ קאַלטבלוטיקן. אַלעקסיי איז אָבער געווען אײַנגעוויקלט אין די דעקעס, צוגעפּעסטיקט צום בעטל, צוגעדריקט דורכן מוירעדיקן ווייטיק וואָס איז ווידער אויפגעקומען, ווי באַ יעטווידער נײַער נערוועזער געשפּאַנטקייט.

די דאָזיקע אַלע געשעענישן זײַנען פאָרגעקומען אין ניט מער ווי איין שאָ צײַט און אַלעקסיי האָט זיי ניט געקאָנט גלײַך אַנאַליזירן. בלויז ווען זײַן טראָג־בעטל איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין איינעם פון די ספּע־ציעלע קופּעען פון סאַניטאַר־אַוויאָן און ער האָט צופעליק באַמערקט אַף זיך דעם אויפמערקזאַמען בליק פון „מעטעאָראָלאָגישן סערזשאַנט", האָט ער געקענט פאַרשטיין, אין זייער גאַנצן באַטײַט, די ווערטער וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די בלייכע מיידלשע ליפּן, צווישן די אויפ־רײַסן פון צוויי סעריעס באָמבעס. ער האָט זיך פאַרשעמט וואָס ער ווייס אַפילע ניט ווי־אַזוי די דאָזיקע פּרעכטיקע און קאָרבאָנעסגרייטע מויד הייסט.

— באַווערטע סערזשאַנט... — האָט ער שטיל געזאָגט, קוקנדיק אַף איר מיט דאַנקבאַרקייט.

דער גערויש פון די מאָטאָרן וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין פונאַנ־דערוואַרעמען, האָט קוים דערלויבט אַז די דאָזיקע ווערטער זאָלן דער־גרייכן צו איר. דאָס מיידל איז אָבער צוגעקומען צו אים און האָט אים דערלאַנגט אַ קליינעם פּאַקעט.

— כאַוואַר לייטענאַנט, דאָס זײַנען בריוו פאַר אײַך. איך האָב זיי באַהאַלטן; איך בין געווען זיכער אַז איר לעבט און אַז איר וועט זיך אומקערן. איך האָב עס געוווּסט, דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט.

זי האָט אים אַוועקגעלייגט אַף דער ברוסט אַ קליינעם הײַפל בריוו. ער האָט דערקענט די דרײַקאַנטיקע בריוו פון זײַן מוטער, געשריבענע מיט אַן אַלטער, ציטערדיקער האַנטרישפט, און די באַקאַנטע קאָנווערטן, ענלעכע אַף די וואָס ער האָט געהאַט אין זײַן רעקל. דערזעענדיק זיי, האָט ער געמאַכט אַ באַוועגונג ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסציִען די הענט פון אונטער דער דעקע.

— דאָס זײַנען פֿון אײַער קאַלע? —האָט מיט פֿאַרביטערטקייט געפֿרעגט דער „מעטעאָראָלאָגישער סערזשאַנט", רויט ווערנדיק ווידער־אַמאָל אַזוי שטאַרק אַז אירע לאַנגע, ברוינלעכע ווינעס זײַנען אַזש באַ־דעקט געוואָרן מיט טרערן.

מערעסיעוו האָט דאַן פֿאַרשטאַנען אַז דאָס וואָס ער האָט געהערט בעיסן אויפֿרײַס איז ניט געווען קיין טאָעס פֿון זײַנע כושים; ער האָט עס פֿאַרשטאַנען און האָט זיך ניט דערוועגט צו זאָגן דעם עמעס.

— דאָס זײַנען בריוו פֿון אַ כאַסענע־געהאַטער שוועסטער. זי האָט אַן אַנדער פֿאַמיליע־נאָמען —האָט ער געזאָגט, פֿילנדיק אַן עקל צו זיך אַליין.

דורכן געוויש פֿון די מאַטאָרן האָבן זיך דערהערט עטלעכע שטימען. ס'האָט זיך געעפֿנט די זײַטיקע טיר און ס'איז אַרויפֿגעשטיגן אַן אומ־באַקאַנטער מעדיקער מיט אַ ווײַסן כאַלאַט אויף זײַן שינעל.

— עס געפֿינט זיך שוין דאָ איינער פֿון די קראַנקע? —האָט ער געפֿרעגט קוקנדיק אויף מערעסיעוון— אויסגעצייכנט! ברענגט דעם צווייטן און מיר פֿליִען גלײַך אָפּ. און איר וואָס טוט דאָ, מאַדאַם? —האָט ער אַ זאָג געטאָן, קוקנדיק דורך זײַנע פֿאַרלאָפֿענע ברילן אויפֿן מעטעאָראָלאָ־גישן סערזשאַנט", וואָס האָט זיך געפֿרוווט באַהאַלטן הינטער יוראַס פּלייצעס. זײַט אַזוי גוט און גייט אַרויס, ווײַל די מינוט פֿליִען מיר אָפּ. העי, אַהער דאָס טראָג־בעטל!

— שרײַבט, ווי גאָט איז אײַך ליב, שרײַבט! כ'וועל וואַרטן! — האָט אַלעקסיי דערהערט דעם געשעפּטש פֿונעם מיידל.

דער מעדיקער און יוראַ האָבן איבערגענומען פֿון אונטן אַ טראָג־בעטל, אויף וועלכן עמעץ האָט שטאַרק געזיפֿצט. ווען דאָס בעטל איז אַרײַנגעשטעלט געוואָרן אין קופּע, האָט זיך אַראָפּגערוקט דער לײַלעך און אַלעקסיי האָט דערזען קוקושקינס צעליטענעם פּאָנעם. דער דאָקטאָר האָט זיך געריבן די הענט, האָט אַרײַנגעקוקט אין דער קאַבינע, און האָט לײַכט אַ פּײַקל געטאָן אַלעקסייען איבערן בויך:

— אויסגעצייכנט, פּרעכטיק! אָט האָט איר, יונגערמאַן, אַ וועג־כאַווער קעדיי די רײַזע זאָל אײַך אויספֿאַלן פֿרײלעכער. האַ? איצט, אַלע זײַטיקע אַרויס! און די דאָזיקע לאַרעליי אין די סערזשאַנט־קליידער איז שוין אַוועק? זייער גוט. גערירט זיך!...

ער האָט אַרויסגעשטופּט יוראַן, וואָס האָט אָפּגעצויגן מיטן אַרויס־שטײַגן. מען האָט פֿאַרמאַכט די טירלעך, דער אַפּאַראַט האָט גענומען אַרומציטערן, האָט זיך אַ גליטש געטאָן, האָט געגעבן אַ האַסטיקן שפּרונג און נאָכדעם איז ער שוין געפֿלויגן רויִק און ווייך, פֿרײַכנדיק ריטמיש מיט זײַנע מאָטאָרן. אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דער וואַנט, איז דער דאָקטאָר צוגעקומען צו מערעסיעוון.

— ווי פֿילט איר זיך? ווײַזט מיר דעם פּולס —אַ נײַגעריקער האָט

ער אַנגעקוקט אַלעקסייען און האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: יאָ! איר זײַט אַ מערקווירדיקער מענטש! אײַערע פּרײַנט האָבן מיר דערציילט וועגן אײַערע פּאַסירונגען! ס׳איז עפּעס אומוואַרשײַנלעך, ס׳איז עפּעס אַ לאַ דזשעק לאָנדאָן!

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף זײַן בענקל, געמאַכט זיך באַקוועם, און גלײַך איז זײַן קערפּער ווייך אַראָפּגעזונקען. ער האָט אײַנגעבויגן דעם קאָפּ און איז אײַנגעשלאָפֿן. מען האָט געזען אַז דער דאָזיקער עלטערער מענטש איז מוירעדיק מיד.

„עפּעס אַ לאַ דזשעק לאָנדאָן!" —האָט געטראַכט אַלעקסיי און אין זײַן זיקאָרן האָט אויפגעטויכט אַ דערמאָנונג פון דער ווײַטער קינדהײַט: אַ דערציילונג וויִאַזוי אַ מענטש מיט אַ צעבראָכענעם פוס האָט דורכגעקרייצט אַ מידבער. און וויִאַזוי ער איז די גאַנצע צײַט פאַרפאָלגט געוואָרן דורך אַ קראַנקער און הונגעריקער כאַיע־ראָע. די מאָטאָרן האָבן געזשומעט מאָנאָטאָן און אײַנשלעפערנדיק, און אַלץ האָט אָנגעהויבן צעפליסן זיך, פאַרלירן די קאָנטורן, צעלאָזן זיך אין אַ גראָער מאַסע. פאַרן אַנטשלאָפן ווערן האָט אַלעקסייען אַרומגעכאַפּט אַ מעשונעדיקער געדאַנק: ס׳איז גאָר ניטאָ קיין מילכאָמע, קיין באָמבאַרדירונגען, קיין נאָכאַנאַנדיקער ברענענדיקער ווייטיק אין די פיס, קיין אַוויאָן וואָס טראָגט אים קיין מאָסקווע; דאָס אַלץ איז אַרויסגענומען פון אַ וווּנדערלעכן ביכעלע, וואָס ער האָט געלייענט אין זײַן קינדהײַט, אין דער ווײַטער שטאָט קאַמישין.

# צווייטער טייל

## 1.

אנדריי דעגטיארענקאָ און לענאָטשקאַ האָבן ניט איבערגעטריבן ווען זיי האָבן דערציילט זייער פרײַנט וועגן דער פּרעכטיקייט פון מאָסקווער שפּיטאָל, אין וועלכן מען האָט געבראַכט אַלעקסיי מערעסיעוון און דעם לייטענאַנט קוקושקין.

פאַר דער מיקכאָמע איז עס געווען אַן אינסטיטוט־קליניק פון אַ באַ־רימטן סאָוועטישן געלערנטן, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאָרשן נײַע מעטאָדן ווי אַזוי צו שטאַרקן שנעל דעם אָפּגעשוואַכטן מענטשלעכן אָר־גאַניזם נאָך דורכגעמאַכטע קראַנקייטן און אויסגעהיילטע ווונדן. ער איז געווען שטאַרק באַרימט און האָט געהאַט אַ וועלט־רעפּוטאַציע.

בעמעשעך פון קריג האָט דער געלערנטער פאַרוואַנדלט זײַן קליניק אין אַ שפּיטאָל פאַר אָפיצירן. פּונקט ווי פריִער האָט מען דאָרט אָנגע־ווענדט אַף די קראַנקע די לעצטע דערגרייכונגען פון דער מעדיצין. ווען דער פײַנט האָט זיך דערנענטערט צו דער הויפּטשטאָט, זײַנען פון די נאָנטע פראָנטן אָנגעקומען אַזויפיל פאַרוווּנדיקטע, אַז מען האָט געמוזט פאַרפירפאַכיקן די צאָל בעטלעך אין שפּיטאָל. אַלע הילפס־לאָקאַלן: דער וואַרט־זאַל, די לייען־ און שפּיל־סאַלאָנען, די צימערן פון מעדיצינישן פערסאָנאַל און די אַלגעמיינע עסזאַלן פאַר די קאָנוואַלעסצענטן, זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זאַלן פאַר קראַנקע. דער געלערנטער אַליין האָט אָפּגעטראָטן זײַן ביוראָ פאַר די פאַרוווּנדיקטע און האָט זיך מיט אַלע זײַנע ביכער און קיילים אַריבערגעצויגן אין אַ קליין צימערל, וואָס איז פריִער געווען באַשטימט פאַרן דיזשורירנדיקן דאָקטאָר.

צווישן די ווענט, וואָס האָבן געבלאַנקט פון ווײַסקייט און וואָס זײַנען אַזוי ווי באַשאַפן געוואָרן אַף אָפּצוהיטן די פײַערלעכע שטילקייט פון מעדיצין־טעמפּל, האָבן זיך פון אַלע זײַטן געהערט אויסגעצויגענע זיפצן, קרעכצערײַען, כראָפּערײַען פון שלאָפנדיקע און דאָס ריידן פון היץ פון די שווער־פאַרוווּנדיקטע. ס'האָט זיך אַרומגעטראָגן דאָרט אַ שווער־

שטיקנדיקער מילכאָמע־רייעך —דער רייעך פון פאַרבלוטיקטע באַנדאַזשן,
פון אָנגעריסענע ווונדן, פון לעבעדיק־פוילנדיקן מענטשן־פלייש— אַ רייעך,
וואָס קיין שום ווענטילאַציע האָט ניט געקענט באַזײַטיקן. לעבן די קאָמ־
פּאַרטפּולע בעטן, וואָס זײַנען אויסגעאַרבעט געוואָרן לויט פּראָיעקטן פון
געלערנטן אַליין, זײַנען, זינט אַ לענגערער צײַט שוין, געווען פונאַנדער־
געשטעלט פעלד־בעטלעך. ס'האָט אויסגעפעלט געשיר. לעבן דער פּרעכ־
טיקער פּאָרצעלײַ פון דער קליניק האָט מען געקענט זען צעבויגענע קיי־
לים פון אַלומיניום. די אויפרײַס כוואַליע פון אַ באָמבע, וואָס איז גע־
פאַלן נאָנט פון דאָרטן, האָט צעבראָכן די שויבן פון די ריזיקע פענצטער,
געבויטע אין רענעסאַנס־סטיל, און מען האָט זיי געמוזט פאַרשטעלן מיט
הילצערנע לײַסטן. ס'האָט אויסגעפעלט הייס וואַסער, אַלע ווײַלע פלעגט
איבערגעריסן ווערן דער צושטראָם פון גאַז און מען האָט געמוזט סטע־
ריליזירן די אינסטרומענטן אויף אַלטע אַלקאָהאָל־מאַשינקעס. פּאַרווונדיק־
טע האָבן געהאַלטן אין איין צוקומען. מען האָט זיי געבראַכט אין אַוויאָ־
נען, אין אויטאָס, אין באַנען און זייער צאָל איז געוואַקסן אין דער מאָס
ווי ס'איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אונדזער אָפענסיווע אויפן פראָנט.

ניט געקוקט אויף דעם האָט דער פּערסאָנאַל פון דער קליניק, אָנ־
הייבנדיק מיטן שעף, אַ פאַרדינסטפולער געלערנטער און דעפּוטאַט פון
העכסטן סאָוועט, און ענדיקנדיק מיט אַ וועלכער ניט איז אַסיסטענטקע,
באַאַמטער פון דער וועש־אָפּטיילונג אָדער פּאָרטיער, האָבן געאַרבעט
פאַנאַטיש, אין העסקעם מיט דער אָרדענונג וואָס איז אײַנגעשטעלט גע־
וואָרן אין דער אינסטיטוציע. זיי זײַנען געפאַלן פון מידקייט, זיי האָבן
קיינמאָל ניט דערשלאָפן און אָפטמאָל צוגעהונגערט, אָבער זיי זײַנען גע־
שטאַנען אויף זייערע פּאָסטנס. די אַסיסטענטקעס, וואָס האָבן אָפטמאָל
דורכגעמאַכט צוויי און דרײַ דיזשורן נאָכאַנאַנד, האָבן אויסגענוצט יעט־
ווידער פרײַע מינוט אויף צו רייניקן, וואַשן און שײַערן. די אויסגעמאָ־
גערטע קראַנקן־שוועסטער וואָס האָבן זיך ניט געקענט האַלטן אויף די פיס
פון מידקייט, פלעגן נאָך אַלץ קומען צו דער אַרבעט אין אָנגעקראָכמאַלטע
כאַלאַטן און האָבן אויסגעפילט, מיט דער זעלבער סקרופּולעזקייט וואָס
אַמאָל, די פאַראָרדענונגען פון די דאָקטוירים. ווי פריִער פלעגן די מע־
דיקער האָבן טײַנעס פאַר יעדן שפּרענקעלע וואָס מען פלעגט געפינען
אויף די וועש פון די בעטן. מיט אַ ווײַסן טיכל פלעגן זיי אויספּרוּוון די
ריינקייט פון די ווענט, פון די טרעפּ־פּאַרענטשן, פון די קליאַמקעס. דער
שעף אַליין, אַ ריזיקער רויט־פּאָנעמדיקער זאָקן, מיט אַ גראָען לעקל
וואָס פלעגט אים אַראָפּפאַלן אויפן שטערן, מיט פולע וואָנצעס און אַ גראָ־
ווערנדיקער קאָמעץ־בערדל, איז אויך געווען אַן אומדערמידלעכער באַל־
טײַנע. צוויי מאָל אַ טאָג פלעגט ער, אין באַשטימטע שעהן, באַזוכן די
זאַלן, אין דער באַגלייטונג פון אַ גאַנצער סוויטע מעדיקער און געהילפן,
אין לויכטנדיקע כאַלאַטן. ער פלעגט זיך באַקענען מיט די דיאַגנאָזן פון

די פריש־אָנגעקומענע און פלעגט זיך באַראַטן מיט זײַנע קאָלעגן מיקויעך די געפערלעכע פאַלן.

אין יענע שווערע מילכאָמע־טעג האָט דער שעף געהאַט פיל אַרבעט אויך אויסערן שפּיטאָל. ער פלעגט אָבער שטענדיק געפינען צײַט פאַר זײַן באַליבטסטער אַרבעט, אַראָפּרײַסנדיק שאָען פון זײַן רו און שלאָף. ווען ער פלעגט אויסזידלען עמעצן פון פערסאָנאַל פאַר נאָכלאָזיקייט, פלעגט ער עס טאָן בעקוילע־קוילעס, לײַדנשאַפטלעך און שטענדיק אַפן אָרט ווו דער פעלער איז באַגאַנגען געוואָרן, ניט זשעניִרנדיק זיך פאַר די קראַנקע. ער האָט געהאַלטן אַז גראָד איצט, אין דער פאַרטונקלטער טאָג־טעגלעך באָמבאַרדירטער מאָסקווע, דאַרף מען אַרבעטן אַפן זעלבן אויסגעצייכנטן אויפן ווי שטענדיק, און אַז דאָס דאַרף זײַן דער ענטפער וואָס אַלע דאַרפן געבן די היטלערס און די געריִנגס. ער האָט ניט געוואָלט הערן ריידן וועגן מילכאָמע־שוועריקייטן; זאָלן די פוילענצער און פוסטונפּאַסניקעס גיין אין אַלע העלן און צו אַלדי רוכעס, ווײַל דאַווקע איצט, ווען אַלץ איז אַזוי שווער, מוז הערשן אין שפּיטאָל אַ ספּעציעל־שטרענגע אָרדענונג. אַזוי ווי פריִער, האָט ער, אויך איצט, באַזוכט די זאַלן מיט אַזאַ גענויִקייט, אַז די אַסיסטענטן פלעגן אויסנוצן זײַן באַווײַזן זיך אַף צו קאָנטראָלירן די פּינקטלעכקייט פון זייערע זייגערס. דאָס אַלץ האָט געשטויסן דעם פּערסאָנאַל צו באַווײַזן ווונדער און אָנצוהאַלטן די אַבסאָלוט־אומגלויבלעכע, פאַרמילכאָמעדיקע באַדינגונגען פון אָרדענונג.

איינמאָל, בעמעשעך פון פרימאָרגן־וויזיט, האָט זיך דער שפּיטאָל־שעף, וועמען מיר וועלן רופן וואַסילי וואַסיליעוויטש, אָנגעשטויסן אַף צוויי בעטן וואָס האָבן זיך געפונען אַפן אָפּרו־פּלעצל פון די טרעפּ פון דריטן שטאָק.

— וואָס איז עס פאַר אַן אויסשטעלונג? —האָט ער אַ בריל געטאָן, אַ וואָרף טוענדיק פון אונטער זײַנע אָנגעשפּיזטע ברעמען אַ קאַעסדיקן בליק אַפן מעדיקער פון זאַל. דער דאָקטאָר, אַן עלטערער מענטש שוין, אַ הויכער, אַביסל אַן אײַנגעבויגענער, אַ האַדראַס־פּאָנעמדיקער, האָט זיך אַ שטעל געטאָן אַף אַכטונג ווי אַ שילער:

— מען האָט זיי געבראַכט די פאַרגאַנגענע נאַכט... דאָס זײַנען פליִער. דער האָט אַ בראָך אין בעקן־ביין און אין רעכטן אָרעם. זײַן צושטאַנד איז אַ נאָרמאַלער. דער אַנדערער —ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אַף אַ דאַרן מענטשן פון אַן אומבאַשטימטן עלטער, וואָס איז געלעגן אומבאַוועגלעך, מיט פאַרמאַכטע אויגן— איז געפערלעך. עס זײַנען בײַ אים אינגאַנצן צעריבן די ביינער פון מיטל־טראָט, גאַנגרענע אין ביידע פיס, און דאָס ערגסטע —ער איז אַבסאָלוט אויסגעשעפּט. איך גלויב עס ניט, נאַטירלעך, אָבער דער מעדיקער, וואָס האָט אים געבראַכט, האָט אינפאָרמירט שריפטלעך, אַז דער דאָזיקער כוילע האָט זיך אַכצן טעג

געשלעפּט, אַף זײַנע צעטראַסקעטע פּיס, פון דײַטשישן רעטאַגוואַרד ביז צו אַנדערע ליניעס. דאָס איז, נאַטירלעך, אַן איבערטרײַבונג...

ניט הערנדיק דעם מעדיקער, האָט וואַסילי וואַסיליעוויטש אויפגע־הויבן די דעקע. אַלעקסיי מערעסיעוו איז געלעגן מיט געקרייצטע הענט אַף דער ברוסט. אַף די דאָזיקע הענט, וואָס זייער טונקעלע און אָנגעצוי־גענע הויט האָט זיי שטאַרק אויסגעטייטלט אַף דער קלאָרקייט פון דעם העמד און פון די לײַלעכער, האָט מען געקענט שטודירן די ביינער־סטרוק־טור פון עם מענטשן. דער פּראָפעסאָר האָט פּאָרזיכטיק צוגעדעקט דעם פּליִער מיט דער דעקע און האָט מיט אַ בורטש איבערגעריסן דעם מע־דיקער:

— און פאַרוואָס געפינען זיי זיך דאָ?

— ס'איז שוין ניטאָ קיין אָרט אין קאָרידאָר... איר אַליין...

— „איר אַליין”! ניטאָ קיין „איר אַליין” און אויס מיט אַנדערע אײַנפאַלן! און אין 42?

— אָבער דאָס איז דער זאַל פון די פּאָלקאָווניקעס.

— דער זאַל פון די פּאָלקאָווניקעס? —האָט זיך דער פּראָפעסאָר מיטאַמאָל אויפגעקאָכט—. וועלכער שויטע האָט עס אויסגעטראַכט? דער זאַל פון די פּאָלקאָווניקעס!...

— מען האָט אונדז, אָבער, פּאָרט פאַראָרדנט אַז מיר זאָלן רעזער־ווירן אַן אָרט פאַר די העלדן פון ראַטנפאַרבאַנד.

— „העלדן!”, „העלדן!” אין דער דאָזיקער מילכאָמע זײַנען אַלע העלדן. איר וועט מיר דאָ לערנען וואָס צו טאָן? ווער איז דאָ דער שעף? וועמען עס געפעלן ניט מײַנע פאַראָרדענונגען, מעג אַרויספליִען פון דאַנען אַף אַלע זיבן ווינטן. זאָל מען גלײַך אַרײַנטראָגן די פּליִער אין 42! וואָס פאַרא נאַרישקייטן האָט איר דאָ אָנגערעדט? ! „דער זאַל פון די פּאָל־קאָווניקעס”!

ער איז אַוועק ווײַטער, באַגלייט פון זײַן שווײַגנדיקער סוויטע, אָבער מיטאַמאָל האָט ער זיך אומגעקערט, האָט זיך אָנגעבויגן איבער מערע־סיעווס בעט און אַרויפלייגנדיק אַפן אַקסל פון פּליִער זײַן דיקלעכע, שאָרסטיקע, דורך אומצאָליקע דעזינפעקציעס צעגעסענע האַנט, האָט ער קוים געפרעגט:

— איז עמעס אַז דו האָסט זיך געשלעפּט איבער צוויי וואָכן פון דעם סוינעס רעטאַגוואַרד?

— איז עמעס אַז איך האָב אַ גאַנגרענע? האָט, פון זײַן זײַט, גע־פרעגט מערעסיעוו מיט אַן אָנטמוטיקטער שטים.

דער פּראָפעסאָר האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בייזן בליק אַף זײַן סוויטע, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַלטן בײַ דער טיר, האָט אַרײַנגעקוקט אין די גרויסע שוואַרצאַפּלען פון פּילאָט, אין וועלכע ס'האָט זיך געשפּיגלט זאָרג און אומרויִקייט, און האָט מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז אַן אוויירע אַפּצונאַרן אַזאַ מענטשן ווי דו. האָסט אַ גאַנ־גרענע. מען דאַרף אָבער ניט פאַרלירן דעם מוט! אויף דער וועלט זיינען ניט פאַראַן קיין ניט אויסהיילעוודיקע קראַנקייטן, פונקט ווי עס זיינען ניטאָ קיין סיטואַציעס אָן אַן אויסוועג. געדענק עס גוט!

און ער איז אַוועק, אַ גרויסער, אַ טומלדיקער און זיין דונערדיקע געריידעריי האָט זיך שוין געהערט העט־ווייט, פון יענער זייט גלאָז־טירן, אין קאָרידאָר.

— אַן אינטערעסאַנטער זאַקן — האָט געזאָגט מערעסיעוו, נאָכ־פאָלגנדיק אים שווערלעך מיטן בליק.

— אַ ווילער כעוורעמאַן. האָסט זיך אָפּגעגעבן כעשבן? מיר זיינען אים געפעלן געוואָרן. מיר קענען שוין, אָבער, די דאָזיקע צוגעלאָזענע — האָט געענטפערט קוקושקין פון זיין בעטל, מיט אַ פּילבאַדייטנדיקן שמייכל —. מען טוט אונדז, הייסט עס, אַן דעם קאָוועד און מען נעמט אונדז אַריין אין „זאַל פון די פּאָלקאָווניקעס".

— גאַנגרענע — האָט אַ מורמל געטאָן מערעסיעוו און האָט איבער־געכאַזערט מיט זאָרג — : גאַנגרענע.

## 2.

דער אַזוי־גערופענער „זאַל פון די פּאָלקאָווניקעס" האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק, אין סאַמע סאָף פון קאָרידאָר. די פענצטער זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דאָרעם און אויף מיזרעך, אַזוי אַז די זון איז אַ גאַנצן טאָג געווען אין צימער און האָט פּאַמעלעך געוואַנדערט פון בעטל צו בעטל. דער צימער איז געווען אַ גאַנץ קליינער. מישפּעטנדיק לויט די טונקעלע פלעקן אויפן דיל, זיינען דאָ פאַר דער מילכאָמע געשטאַנען צוויי בעטן, צוויי נאַכט־טישלעך און אַ קיילעכדיקער טיש אין מיטן. איצט זיי־נען דאָ געווען פיר בעטן. אין איינער איז געלעגן אַ פּאָלקאָווניק, אײנ־געוויקלט אין באַנדאַזשירטער; ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַקערשט געבוירן קינד, וואָס איז איינגעדרייט אין זיינע וויקעלעך. ער איז שטענדיק געלעגן אויפן רוקן און האָט, פון אונטער די באַנדאַזשן, געקוקט מיט אַ פוסטן, אומבאַוועגלעכן בליק אויפן סופיט. אויף אַ צווייטער בעט, לעבן אַלעקסייען, האָט זיך געפונען אַ מענטש זייער אַ דינאַמישער; ער האָט געהאַט ווייסע וואָנצעלעך און זיין שאַרסטיקער סאָלדאַטן־פּאָנעם איז גע־ווען באַדעקט מיט פּאָקן־גריבלעך. ער איז געווען אַ דינסטגרייטער און אַ בארײַדעוודיקער.

אין שפּיטאָל האָבן זיך די מענטשן גלייך באַפריינדעט. באַנאַכט האָט אַלעקסיי שוין געוווּסט אַז דער מיט די פּאָקן איז געווען אַ סיבע־ריאַק, אַ פאָרזיצער פון אַ קאָלווירט און אַ יעגער. לויט זיין מיליטערי־

שער ספעציאַליטעט איז ער געווען אַ „סנײַפּער" *) און אַ מאַזלדיקער דערצו.

בעיים די באַרימטע שלאַכטן באַ יעלניאַ, איז ער צוזאַמען מיט זײַן סיבירער דיוויזיע —אין וועלכער ס'האָבן אויך געדינט זײַנע צוויי זין און אַ שוואָגער— אַרײַן אין מילכאָמע־פײַער. זינט דאַן האָט ער באַוויזן, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, „אַרויפצונעמען אַף זיך" 70 דײַטשן. ער איז געווען אַ העלד פון ראַטנפאַרבאַנד און ווען אַלעקסיי האָט דערהערט זײַן נאָמען, האָט ער זיך מיט אינטערעס צוגעקוקט צו זײַן וואָלגאַרער פיגור. אין יענע טעג איז זײַן נאָמען געווען זייער פּאָפּולער. די גרויסע צײַטונגען האָבן אַפילע געשריבן אין לייט־אַרטיקלען וועגן דאָזיקן „סנײַ־פּער". אין שפּיטאָל האָבן אַלע —די קראַנקן־שוועסטער, דער מעדיקער פון זאַל און וואַסילי וואַסיליעוויטש אַליין— גערופן אים רעספּעקטפול סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש.

דער פּערטער באַווינער פון זאַל —דער וואָס איז געווען אינגאַנצן פאַרבאַנדאַזשירט— האָט גאָרניט געזאָגט וועגן זיך דעם גאַנצן טאָג. ער האָט ביכלאַל ניט געעפנט די ליפּן, אָבער סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, וואָס האָט געוווּסט אַלץ וואָס איז געווען און וואָס ס'וועט זײַן, האָט אינדער־שטיל דערציילט מערעסיעוון די געשיכטע פון פאַרבאַנדאַזשירטן. ער האָט געהייסן גריגאָרי גוואָזדיעוו. ער איז געווען אַ טאַנקען־לייטענאַנט און אויך אַ העלד פון ראַטנפאַרבאַנד. ער איז אָנגעקומען אין דער אַרמיי דירעקט פון דער טאַנקען־אַקאַדעמיע און האָט געקעמפט זינט דעם ערשטן טאָג פון דער מילכאָמע; צום ערשטן מאָל איז ער אַרײַן אין שלאַכט־פײַער אַף דער גרענעץ, נאָענט פון דער פעסטונג ברעסט־ליטאָווסק. אין דער באַרימטער טאַנקען־שלאַכט באַ ביאַליסטאָק האָט ער פאַרלוירן זײַן מאַשין. ער האָט גלײַך איבערגענומען אַ צווייטן טאַנק, וואָס דער שעף זײַנער איז דערהאַרגעט געוואָרן, און האָט מיט די רעשטלעך פון זײַן דיוויזיע גענומען דעקן דעם צוריקצי פון די כאַיאָלעס וואָס האָבן אָפּגע־טראָטן צו מינסק. אין אַ שלאַכט וואָס איז פאָרגעקומען אַפן בוג האָט ער פאַרלוירן די צווייטע מאַשין, איז פאַרוווּנדיקט געוואָרן, איז אַרי־בער אין אַ דריטן טאַנק, וואָס דער שעף זײַנער איז אומגעקומען, און האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון דער קאָמפּאַניע. נאָכדעם, איבער־בלײַבנדיק אין רעטאַגוואַרד פון סוינע, האָט ער אָרגאַניזירט אַ בלאָנ־דזשענדיקע גרופּע פון 3 טאַנקען און האָט בעמעשעך פון קימאַט אַ כוי־דעש צײַט אַרומגעדרייט זיך מיט זיי פון איין אָרט אַפן צווייטן אין טיפן דײַטשישן רעטאַגוואַרד, אַטאַקירנדיק זייערע קאָנוואָיען און קאָלאָנעס. ער פלעגט באַקומען ברענשטאָף, אַמוניציע און מאַשין־טיילן אַף די פּרי־

*) אַ מיליטערמאַן, וועמען ס'ווערן אָנפאַרטרויט זייער געפערלעכע ס'ראַוו אינ־דיווידועלע מיסיעס, ווי: כאַפּן לעבעדיקע סאָנים, אויספירן דעם סוינעס רעטאַגוואַרד, דורכפירן סאַבאָטאַזש־אַקטן או"וו.

שע שלאַכטפעלדער. דאָרט, אין די גרינע קאַנאַוועס, לעבן די וועגן, אין די וועלדער און זומפּן זײַנען געווען צעוואָרפן אויף גאַנץ באַראַט באַשע־דיקטע טאַנקען פון אַלע מאַרקעס און פון אַלע סאָרטן.

ער איז געבוירן געוואָרן נאָנט פון דראָגאָבוזש. ווען ער האָט זיך דורך די ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן פון דער סאָוועטישער אינפאָרמאַציע־ביוראָ דערוווּסט אַז דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו זײַן געבוירן־דאָרף, האָט ער ניט געהאַט קיין געדולד מער צו וואַרטן. ער האָט אויפגעריסן זײַנע 3 טאַנקען און מיט די קעמפער וואָס זײַנען אים איבערגעבליבן, אַכט מענטשן אינגאַנצן, האָט ער זיך גענומען עפענען אַ וועג דורך די וועלדער.

ערעוו דער מילכאָמע האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט צו זײַן עט־לעכע טעג אין זײַן היים, אין אַ קליין דערפל, אויפן ברעג פון אַ געדריידלטן טײַכל וואָס איז געפלאָסן דורך פרוכטיקע פעלדער. זײַן מאַמע, אַ דאָרף־לערערן, איז געווען געפערלעך קראַנק, און איר פאָטער, אַן אַלטער אַגראָ־נאָם, אַ מיטגליד פון געגנטלעכן סאָוויעט, האָט געשיקט נאָכן זון, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין מיליטער.

גוואָזדיעוו האָט זיך דערמאָנט אין נידעריקן, הילצערנעם הײַזל, לעבן דער שול; אין דער קליינינקער, אויסגעצערטער מוטער, וואָס איז געלעגן אויף קויכעס אויפן דיוואַן; אין טאַטן, וואָס האָט זיך געפונען בײַם געלעגער פון דער קראַנקער, אין אַנגעטוענער אין אַן אַלטמאָדישן זשאַקעט פון רויען זײַד, אַ באַזאָרגטער, אַ הוסטנדיקער, מיט דער ווײַ־סער באָרד צווישן די אומרויִקע פינגער; אין די 3 יונגע שוועסטער, — קליינע, שוואַרצע, זייער ענלעכע אויף דער מוטער. ער האָט זיך דערמאָנט אין זשעניען, דער דאָרפישער פּראַקטיקאַנטקע, אַ שלאַנקע, אַ בלאָ־אויגיקע, וואָס האָט אים באַגלייט אין וואָגן ביז דער סאַמע סטאַנציע; ער האָט איר צוגעזאָגט צו שרײַבן אַלע טאָג. עפּענענדיק זיך אַ וועג, ווי אַ ווילדע כאַיע, דורך די וויסטע פעלדער, דורך די פאַרלאָזענע און פאַר־ברענטע דערפער פון ווײַסרוסלאַנד, דערוווײַטערנדיק זיך פון די שטעט און אויסמײַדנדיק די הויפּטוועגן האָט ער אַ שטאַרק באַזאָרגטער גע־טראַכט וועגן דעם וואָס ער וועט געפינען אין קליינעם הײַזל: האָט זײַן מישפּאָכע געהאַט צײַט צו אַנטלויפן? וואָס איז פון איר געוואָרן אויב זי האָט ניט באַוויזן?

דאָס וואָס גוואָזדיעוו האָט געזען אין זײַן געבורט־דאָרף האָט אי־בערגעשטיגן אַלע פאָרשטעלונגען. ער האָט ניט געפונען ניט דאָס הײַזל, ניט די מישפּאָכע, ניט זשעניען, ניט דעם דאָרף אַפילע. דורך אַ האַלב־מעשוגענער אַלטיטשקער —וועלכע האָט שטאַמלענדיק און בורטשענדיק געקאָכט עפּעס אין אַן אויוועלע וואָס האָט איינזאַם געשטעקט אין שוואַרצן אַש— האָט ער זיך דערוווּסט, אַז ווען די דײַטשן האָבן זיך דערנענטערט איז די לערערקע געווען זייער געפערלעך און דער אַגראָנאָם מיט די

טעכטער האָבן זיך ניט אַנטשלאָסן צו עוואַקויִרן זי אָדער צי לאָזן זי אַליין. די דײַטשן האָבן זיך דערוווּסט אַז אין דאָרף איז געבליבן די מישפּאָכע פון אַ דעפּוטאַט פון געגנטלעכן סאָוויעט. זיי האָבן אַלעמען אַרעסטירט און די זעלבע נאַכט אויפגעהאַנגען די גאַנצע מישפּאָכע אַף דער בעריאָזע וואָס איז געוואַקסן לעבן הײַזל; דאָס הײַזל האָבן זיי נאָכדעם אויך פאַרברענט. זשעניען, וואָס איז געלאָפן צום עלטסטן אָפיציר קעדיי אײַנצושטעלן זיך פאַר דער פאַמיליע גוואָזדיעוו האָט מען, קענטיק, געמוטשעט אַ לאַנגע צײַט. ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט זי דער אָפיציר געוואָלט פאַרגוואַלדיקן. וואָס דאָרט האָט פּאַסירט האָט די אַלטע ניט געוווּסט, אָבער אַפן צווייטן טאָג האָט מען אַרויסגעטראָגן דאָס מיידל פון דער איזבע, ווו דער אָפיציר האָט זיך געפונען, און צוויי טעג איז דער קערפּער געלעגן אַפן ברעג טײַכל. ס׳איז בלויז פינף טעג ווי דאָס דערפל האָט אינגאַנצן אָפּגעברענט. די דײַטשן האָבן עס אונטערגעצונדן, ווײַל עמעץ האָט באַנאַכט פאַרברענט די נאַפט־ציסטערנעס וואָס האָבן זיך געפונען אין די שײַערן פון קאָלווירט.

די אַלטיטשקע האָט אָוועקגעפירט דעם טאַנקיסט צום אַש פון הויז און האָט אים געוויזן די אַלטע בעריאָזע. ווען ער איז געווען אַ קינד, איז אַף אַ דיקן צווײַג געהאַנגען אַ זיץ־הוידלקע. איצט איז די בעריאָזע געווען אויסגעטריקנט און אַפן טויטן, פאַרברענטן צווײַג האָבן זיך געוויגט רעשטלעך פון שטריק. אונטערשפּרינגענדיק און דזשיאַמדזשענדיק טפילעם האָט די אַלטע אָוועקגעפירט גוואָזדיעוון צום טײַך און געוויזן אים דעם אָרט ווו ס׳איז געלעגן דער קערפּער פונעם מיידל, וועלכער ער האָט צוגעזאָגט צו שרײַבן אַלע טאָג און ניט מעקאַיעם געווען דעם צוזאָג אַפילע קיין איין מאָל אויך ניט. אַ שטיקל צײַט איז ער געשטאַנען צווישן מורמלענדיקן גרינס און נאָכדעם האָט ער זיך אומגעקערט אין וואַלד, ווו ס׳האָבן געוואַרט זײַנע סאָלדאַטן. ער האָט אַ וואָרט ניט געזאָגט און ניט אַרויסגעלאָזט קיין טרער.

סאָף יוני, בעיִס דער אָפענסיווע פון גענעראַל קאָניעוו אַפן מײַרעוודיקן פראָנט האָט זיך געאָרגי גוואָזדיעוו מיט זײַנע סאָלדאַטן געעפנט אַ וועג דורכן דײַטשישן פראָנט. אין אויגוסט האָט ער באַקומען אַ נײַע מאַשין, דעם באַרימטן טאַנק „ט־34" און איידער דער ווינטער איז אָנגעקומען האָט ער באַוויזן צו באַקומען אין באַטאַליאָן אַ שעם פון אַ מענטשן פאַר וועמען עס עקזיסטירן ניט קיין מעניעס. אין די צײַטונגען האָט מען דערציילט און געשריבן וועגן אים געשיכטעס, וואָס האָבן אויסגעזען אומוואַרשײַנלעך, אָבער וואָס האָבן געשטימט מיטן עמעס. איין מאָל, ווען ער איז אין זײַן מאַשין געשיקט געוואָרן אַף אַן אויסשפּיר־מיסיע, איז ער מיט דער גאַנצער שנעלקייט דורכגעדרונגען, אינמיטן נאַכט, די דײַטשישע באַפעסטיקונגען, האָט זיך גאַנצערהייט דורכגעשלײַכט דורך אַ מינעןפעלד, איז אַרײַנגעפאָרן שיסנדיק און אַרויסרופנדיק אַ פּאַניק אין אַ שטעטל

וואָס איז געווען אָקופּירט פון די דײַטשן און האַלב־אַרומגערינגלט פון דער רויטער אַרמיי, און איז אָנגעקומען צו די אייגענע דורכן צווייטן זײַט, נאָכן האָבן אָנגעמאַכט אַ שטיקל כורבן צווישן די דײַטשן. אַ צווייטן מאָל, ווען ער האָט זיך געפונען אין אַ באַוועגלעכער גרופּע, אין רעטאַ־גוואַרד פון סוינע, איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון זײַן באַהעלטעניש און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אַ קאָנוואָי פון דײַטשישע וועגענער; ער האָט צעקוועטשט מיט זײַנע טאַנקען־קייטן פערד, פורן און „פריצן".

ווינטער האָט ער בעראָש פון אַ קליינער גרופּע אָנגריף־טאַנקען אַטאַקירט אַ גאַרניזאָן פון אַ באַפעסטיקטן דערפל לעבן רזשעוו. ווו עס האָט זיך געפונען אַ קליינער אָפּעראַטיווער שטאַב פון סוינע. ווען ער האָט זיך נאָך געפונען באַם אַרײַנפאָר פון דערפל, גאָר נאָענט פון דער באַפעסטיקטער זאָנע, איז זײַן מאַשין געטראָפן געוואָרן מיט אַ פלעשל אויפפלאַמענדיקער פליסיקייט. אַ שטיקנדיקער פלאַם האָט אַרומגעכאַפּט דעם טאַנק, אָבער די מאַנשאַפט האָט ווײַטער געקעמפט. ווי אַ גיגאַנ־טישער פאַקל האָט זיך דער טאַנק דורכגעטראָגן דורכן דאָרף, שיסנדיק מיט אַלע זײַנע געווערן, דעריאַגנדיק און צעקוועטשנדיק מיט די קייטן די אַנטלויפנדיקע דײַטשישע סאָלדאַטן. גוואָזדיעוו און זײַן געקליבענע מאַנשאַפט האָבן געוווּסט אַז אין יעדן מאָמענט קענען זיי אומקומען דורכן אויפרײַס פונעם נאַפט אָדער פון דער אַמוניציע. דער רויך האָט זיי גע־שטיקט, זיי זײַנען צעברענט געוואָרן אין דער אָנגעגליטער אַרומפּאַנצע־רונג, זייערע קליידער האָבן שוין געברענט, אָבער זיי האָבן ווײַטער גע־קעמפט. אַ סנאַריאַד פון גרויסן קאַליבר האָט אויפגעריסן אונטער די קייטן און איבערגעקערט דעם טאַנק. די פלאַמען האָבן זיך אויסגעלאָשן; ס'קען זײַן אַז צוליב דער אויפרײַס־כוואַליע אָדער צוליבן אויפגעהויבע־נעם זאַמד און שניי. גוואָזדיעוון האָט מען אַרויסגענומען פון דער מאַשין אַ צעברענטן אַרום און אַרום. ער האָט זיך געפונען אין טורעמל, לעבן טויטן שיסער, ווען ער האָט פאַרביטן אין קאַמף.

שוין דעם צווייטן כוידעש ווי דער טאַנקיסט געפינט זיך צווישן לעבן און טויט. ער האָט ניט קיין האָפענונג אויסגעהיילט צו ווערן, ער אינ־טערעסירט זיך מיט גאָרניט און ס'טרעפט טעג ווען ער רעדט אַפילע ניט אַרויס קיין איינציקן וואָרט.

די וועלט פון די שווער־פאַרווונדיקטע איז געוויינלעך באַגרענעצט מיט די ווענט פון זייער שפּיטאָל־זאַל. אויסער די דאָזיקע פיר ווענט גייט אָן ווײַטער די מילכאָמע, קומען פאָר קליינע און גרויסע געשעענישן, עס צעשפּילן זיך לײַדנשאַפטן און יעדער טאָג קריצט אַרײַן אַ נײַעם שטריך אין דער מענטשלעכער נעשאָמע. אין זאַל פון די „געפערלעכע" לאָזט מען ניט אַרײַן דאָס לעבן פון דער דרויסנדיקער וועלט; די שטור־רעמס וואָס צעשפּילן זיך אויסערן שפּיטאָל דערגייען אַהין אײַנגעשטיל־טע, ווי ווײַטע און טויבע עכאָס.

דער זאָל האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי לעבן מיט זײַנע קליינע געשעענישן. די פֿאַרשלאָפֿענע, פֿאַרשטויבטע פֿליג וואָס האָט זיך באַוויזן, מען ווייס ניט פֿון וואַנען, אַפֿן פּרימאַרגנדיקן זוניק־אָנגעוואַרעמטן פֿענצטער, איז שוין געווען אַ געשעעניש. אַז די קראַנקן־שוועסטער פֿון זאַל קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר נײַע טופֿל מיט הויכע קנאַפּל, קעדיי גלײַך פֿון שפּיטאָל צו גיין אין טעאַטער, איז עס אויך געווען אַ וויכטיקע געשעעניש. דער פֿלוימען־קאָמפּאָט וואָס מען האָט דערלאַנגט נאָכן עסן אַנשטאָט דעם איבערדרייסיקן קיסעל פֿון טרוקענע פֿרוכטן, איז געווען אַ טעמע פֿאַר געשפּרעכן.

דאָס וואָס האָט נאָכאַנאַנד אויסגעפֿולט די פֿײַנלעך־לאַנגע שפּיטאָל־טעג פֿונעם „געפּערלעכן", דאָס וואָס האָט געשמידט אין קייטן זײַנע געדאַנקען, איז געווען די וווּנד, די וווּנד וואָס האָט אים אַרויסגעריסן פֿון די קאַמפּס־רייען, פֿון שווערן מילכאָמע־לעבן, און אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער ווייכער, באַקוועמער בעט, וואָס ער האָט, אָבער, גלײַך פֿײַנט גע־קראָגן. דער שוואַר־פּאַרווונדיקטער פֿלעגט אַנטשלאָפֿן ווערן מיטן געדאַנק וועגן דער וווּנד, אָנצינדונג אָדער בראַך; ער האָט זי געזען אין כאָלעם, און ווען ער פֿלעגט זיך אויפֿכאַפּן פֿלעגט ער גלײַך וועלן וויסן צי ס'איז פֿאַרשווונדן די אָנגעבראַקנטקייט, די פֿאַררויטלטקייט, צי ס'האָט זיך גע־הויבן אָדער געפֿאַלן די טעמפּעראַטור. פּונקט ווי דער געהער איז גענויגט אויפֿצוכאַפּן, אין דער נאַכט־שטילקייט, צען מאָל שטאַרקער דעם קלענסטן שאָרך אַזוי האָט אויך, דאָרטן אין זאַל, דאָס זײַן אַרײַנגעטאָן אין דער אייגענער קראַנקייט געמאַכט ווייטיקדיקער די וווּנד. די דאָזיקע נאָכאַנאַנ־דיקע זאָרג האָט אַרומגענומען אַפֿילע די מענטשן פֿון שטאַרקסטן ווילן און פֿעסטקייט, מענטשן וואָס האָבן אין שלאַכט געקוקט רויִק דעם טויט אין די אויגן; זי האָט געשטויסן די דאָזיקע מענטשן צו זוכן דערשראָ־קענערהייט און מיט אַ ציטערדיק האַרץ די לײַכטסטע נויאַנסן אין פּראָ־פֿעסאָרס שטים, די מינדסטע קנייטשן אַף זײַן פּאָנעם, קעדיי אָנצושטויסן זיך ווי ס'האַלט מיט זייער קראַנקייט.

קוקושקין האָט אַ סאַך געבורטשעט און איז שטענדיק געווען אין קאַעס. ס'האָט זיך אים נאָכאַנאַנד אויסגעדוכט אַז מען האָט אים שלעכט אײַנגעגיפּסירט, צו ענג, און אַז צוליב דעם וועלן זיך די ביינער שלעכט צוזאַמענוואַקסן און מען וועט זיי פֿונדאָסנײַ דאַרפֿן ברעכן. גוואָזדיעוו האָט זיך געפֿונען אין אַ האַלב־באַוווּסטלאָזן צושטאַנד און האָט געשוויגן. ס'איז אָבער ניט שווער געווען צו באַמערקן מיט וויפֿל אומגעדולד ער האָט געקוקט אַף זײַן פּורפּור־רויטן קערפּער, וואָס איז געווען באַדעקט מיט שטיקער פֿאַרברענטע הויט, ווען קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ פֿלעגט בײַטן די באַנדאַזשן און אײַנשמירן מיט וואַזעלין זײַנע וווּנדן. ער פֿלעגט שטאַרק אָנשטרענגען דעם געהער, קעדיי אויפֿצוכאַפּן דעם שמועס פֿון די מעדי־קער. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, דער אייציקער פֿון זאַל וואָס האָט גע־

קענט ארומגיין, איינגעדרייטערהייט און אנהאלטנדיק זיך אן די בעטן, האט מיט קאמישער אויפגערעגטקייט געהאלטן אין איין זידלען יעגע „אידיאטישע באמבע", וואס האט אים געטראפן, און דעם „דריי מאל פארשאלטענעם ראדיקוליטיס", וואס ער האט צוליב איר באקומען.

מערעסיעוו האט פארזיכטיק אויסבאהאלטן זיינע ליידן און האט זיך געמאכט אז עס אינטערעסירן אים ניט די שמועסן פון די דאקטוירים. אז מען פלעגט אבער אראפנעמען די באנדאזשן פון זיינע פיס, קעדיי צו באהאנדלען זיינע ענדגלידער מיט עלעקטרישן שטראם, פלעגן זיך זיינע אויגן צעעפענען מיט גרויס שרעק ווען ער פלעגט דערזען ווי דער זוים פון דער פארעטערישער בארדא־רויטקייט הייבט זיך, פאמעלעך, אבער נאכאנאנד, אלץ העכער און העכער.

ער איז געווארן אומרויק, כוישעכדיק און בייז. א ניט־געראטענער שפאס פון וועלכן ניט איז פון די כאוויירים, א קנייטש אפן ליילעך, א בערשטל וואס איז ארויסגעפאלן פון די הענט פון דער אלטער אסיס־טענטן, פלעגן אים אריינוווארפן אין א קאעם וואס ער פלעגט קוים קע־נען צוימען. עמעס, דאס אויסגעצייכנטע עסן פון שפיטאל, וואס איז אים צוגעטיילט געווארן אין אלץ גרעסערע פארציעס, האט אים צוריקגעקערט זיינע קויכעס; זיין מאגערקייט האט שוין אויך מער ניט ארויסגערופן קיין דערשראקענע בליקן בא די יונגע פראקטיקאנטן, ווען מען פלעגט אים באהאנדלען מיט אולטרא־פיאלעטע שטראלן; אבער מיט דער זעל־בער שנעלקייט ווי ס'איז געשטארקט געווארן זיין ארגאניזם איז פאר־ערגערט געווארן דער צושטאנד פון זיינע פיס. די רויטקייט האט שוין אריבערגעשטיגן דעם רוקן פון פוסטראט און האט געקלעטערט איבערן קנעכל. די פינגער האבן אינגאנצן פארלוירן זייער שפירעוודיקייט; מען פלעגט זיי דורכשטעכן דורך און דורך מיט שפילקעס און ער פלעגט ניט שפירן קיין ווייטיק. די געשווילעכץ איז אפגעהאלטן געווארן דורך א נייעם מעטאד וואס האט געטראגן דעם מעשונעדיקן נאמען „בלאקי־רונג", אבער דער ווייטיק האט זיך געשטארקט און איז געווארן אבסאלוט אומדערטרעגלעך. בעמעשעך פון טאג פלעגט אלעקסיי ליגן רויק, מיטן פנים אריינגעגראבן אין קישן. באנאכט פלעגט אים קלאוודיא מיכיי־לאוונא איינשפריצן מארפין.

אין די שמועסן פון די מעדיקער האט אלץ עפטער געקלונגען דאס מוירעדיקע ווארט „אמפוטאציע". וואסילי וואסיליעוויטש פלעגט זיך צייטנווייז אפשטעלן לעבן בעט און פרעגן אים:

— וואס הערט זיך, פויזער? ס'טוט ווי? מירן א שניט טאן, הא? דאס! א שניט און פארטיק.

אלעקסיי פלעגט דערפילן ווי דאס בלוט ווערט אים פארקילט אין די אדערן און ער פלעגט זיך איינקארטשען. ער פלעגט צונויפדריקן די

ציינער קעדיי ניט אַ געשריי צו טאָן און פלעגט אַ שאָקל טאָן דעם קאָפּ אַף ניין.

— אויב אַזוי, מאַטער זיך, מאַטער זיך; דאָס איז דײַן זאַך! מיר וועלן נאָך פּרוּוון אַט־דאָס־אַ — און ער פלעגט צושרײַבן אַ נײַע באַהאַנדלונג.

די טיר פלעגט זיך פאַרמאַכן הינטער אים. אין קאָרידאָר פלעגן שטיל ווערן די טריט פון די מעדיקער און מערעסיעוו פלעגט ווײַטער טראַכטן מיט פאַרמאַכטע אויגן: „מײַנע פיס, מײַנע פיס, מײַנע פיס!" וועט ער בלײַבן אַ קאַליקע, מיט הילצערנע קוליעס, ווי דער פעטער אַרקאַשקאַ, דער אַלטער שיפל־טרײַבער פון קאַמישין? ווען ער וועט זיך וועלן באָדן, וועט ער מוזן טאָן דאָס זעלבע וואָס יענער: אַראָפּנעמען די קוליעס, איבערלאָזן זיי אַפן ברעג און אָנשפּאַרנדיק זיך, ווי אַ מאַלפּע, אַף די הענט, אַרײַנקריכן אין וואַסער.

די דאָזיקע לײַדן זײַנען נאָך מער פאַרגרעסערט געוואָרן צוליב אַן אַנדער סיבע. דעם ערשטן טאָג פון זײַן געפינען זיך אין קליניק האָט ער געלייענט די בריוו פון קאַמישין. די קליינע בריוו־דרײַעקן פון דער מאַמען, ווי ביכלאַל אַלע מוטערלעכע בריוו, זײַנען געווען קורצע און מער ווי אַ העלפט פון זייער אינהאַלט האָבן פאַרנומען מישפּאָכע־גרוסן און די פאַרזיכערונגען אַז אַלץ אין שטוב איז, גאָט צו דאַנקען, אין אָרדענונג, און אַז ער, אַלעקסיי, מעג זײַן רויק; די צווייטע העלפט איז פול געווען מיט באַקאָשעס אַז ער זאָל זיך היטן, ניט פאַרקילן זיך, ניט פאַרקלײַבן זיך אין געפערלעכע ערטער, אַכטונג געבן נאָכאַנאַנד ניט צו זײַן אויסגעשעטעלט אַף דער דײַטשישער פאַרדאָרבנקייט וועגן וועלכער זי האָט אַ סאַך געהערט פון די שכיינים און ניט אײַננעצן די פיס. לויטן אינהאַלט זײַנע אַלע בריוו געווען גלײַך. דער אונטערשייד איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אין איין בריוו האָט די מאַמע דערציילט אַז זי האָט געבעטן דער שאַכנטע זי זאָל טפילע טאָן צו גאָט פאַרן קעמפער אַלעקסיי, ניט געקוקט וואָס זי אַליין גלויבט ניט אין אויבערשטן, אָבער, ווי די זאַך זאָל ניט זײַן, טאָמער איז פאָרט עמעץ פאַראַן אויבן; אין אַ צווייטן בריוו איז זי געווען אומרויִק וועגן די עלטערע ברידער וואָס האָבן געקעמפט אין דאָרעם און פון וועלכע ס'איז שוין לאַנג קיין בריוו ניט געווען; אין לעצטן האָט זי באַשריבן אַ כאַלעם אירן: ווען די וואַסערן פון דער וואָלגע זײַנען געשטיגן, זײַנען אַראָפּגעקומען צו איר אַלע זין צוזאַמען מיטן געשטאָרבענעם טאַטן, און געבראַכט אַ סאַך פיש פון טײַך; זי האָט זיי מעכאַבעד געווען מיטן געריכט וואָס די מישפּאָכע האָט צום מערסטן ליב געהאַט — בלינצעס פון פיש; דער כאָלעם באַטײַט, לויט די רייד פון די שכיינעס, אַז עמעץ פון אירע זין וועט זיך אומקערן אַהיים. די אַלטע האָט געבעטן אַלעקסייען אַז ער זאָל זיך באַמיִען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַראָפּצוכאַפּן זיך אַהיים כאָטש אַף איין־איינציקן טאָג.

אין די בלאָע קאָנווערטן, באַשריבענע מיט אַ קײַלעכדיקער, גרויסער שילערן־האַנטשריפט, האָבן זיך געפונען די בריוו פונעם מיידל, מיט וועמען ער האָט זיך געלערנט אין דער פאַבריק־שול. זי האָט געהייסן אָלגאַ. איצט אַרבעט זי ווי אַ טעכניקער אין גרויסן טאַרטאַק פון קאַמישין, וווּ אויך ער האָט געאַרבעט ווי אַ טאָקער אין זײַן פריִער יוגנט. יענץ מיידל איז ניט נאָר געווען אַ יוגנט־פריינדן, און אירע בריוו זײַנען ניט געווען קיין געוויינלעכע. עפּעס באַזונדערס איז געווען אין זיי. ניט אומזיסט האָט ער זיי געלייענט און געלייענט אָן אַ שיר מאָל; אין די איינפאַכסטע שורעס האָט ער געזוכט אַ באַהאַלטענעם זין, אַ זין פון וועלכן ער זאָל האָנאָע האָבן און וועלכן ער האָט נאָך אַליין ניט באַנומען.

זי האָט געשריבן אַז זי איז פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, אַז איצט קען זי אַפילע ניט גיין אַהיים שלאָפן און זי דרעמלט אין ביוראָ; אַז ער וואָלט ניט דערקענט די פאַבריק און וואָלט נישטוימעם געוואָרן ווען ער דערוויסט זיך וואָס אַזוינס דאָרט ווערט אויסגעאַרבעט. צווישן אַנדערע זאַכן האָט זי דערציילט אַז אין די זעלטענע פרײַע טעג —העכסטנס איין מאָל אַ כוידעש— באַזוכט זי זײַן מאַמען, וואָס ערגערט זיך שטאַרק צוליבן ניט האָבן קיין יעדיִעס פון זײַנע צוויי עלטערע ברידער; אַז זי לעבט אָרעם און אַז לעצטנס לײַדט זי פון פאַרשיידענע וויטיקן. דאָס מיידל האָט אים געבעטן אַז ער זאָל שרײַבן מער און עפּטער צו זײַן מאַמען, אַז ער זאָל אויסמײַדן צו באַומרויִקן זי מיט שלעכטע נײַעס, ווײַל ס׳קען זײַן אַז ער איז איצט איר איינציקע פרייד.

איבערלייענענדיק איין מאָל און אַ צווייטן מאָל אָלגאַס בריוו האָט אַלעקסיי פאַרשטאַנען וואָס זײַן מאַמע איז אויסן געווען מיטן באַשרײַבן אים איר כאָלעם. ער האָט פאַרשטאַנען ווי שטאַרק די מאַמע וואַרט אַף אים, ווי גרויס עס זײַנען די האָפענונגען וואָס זי לייגט אַף אים און ווי טראַגיש ס׳וועט זײַן דער סיורפּריז פון ביידע פרויען ווען ער וועט זיי שרײַבן וועגן זײַן אומגליק. ער האָט אַ סאַך געטראַכט וועגן דעם וואָס ער האָט צו טאָן, אָבער ס׳האָט אים געפעלט דרײַסטקייט צו שרײַבן זיי אַז ער לעבט גוט, אַז מען האָט אים אַריבערגעפירט אין אַ רויִקן סעקטאָר. קעדיי צו באַרעכטיקן דאָס בײַטן דעם אַדרעס און ניט אַרויסצורופן קיין כשאַד, האָט ער געשריבן אַז ער דינט אין אַן אייזהייט פון רעטאַגוואַרד, וווּ ער פילט אויס אַ ספּעציעלע מיסיע, און אַז, לויט אַלע וואַרשײַנלעכקייטן, וועט אים אויסקומען צו בלײַבן דאָרט אַ לענגערע צײַט.

דערפאַר, ווען ער האָט איצט אַלץ עפּטער געהערט אין די דאָקטוירימשע געשפּרעכן דאָס וואָרט „אַמפּוטאַציע”, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שוידער. וויִאַזוי וועט ער זיך באַווײַזן, ווי אַ קאַליקע, אין קאַמישין? וויִאַזוי וועט ער קענען ווײַזן אָלגאַן די אָפּגעשניטענע גלידער? וואָס פאַראַ מוירעדיקער קלאַפּ פאַר זײַן מאַמען, וואָס האָט פאַרלוירן

אױף די פּראַנטן אַלע אירע זין און געוואַרט אױפֿן צוריקקער פֿון לעצטן! וועגן דעם האָט ער געטראַכט אין דער פֿײַנלעכער, דרינגענדיקער שטילקייט פֿון זאַל, צוהערנדיק זיך ווי ס׳קרעכצן די ספּרענזשינעס פֿון מאַטראַץ אונטערן אומרויִקן קוקושקינען, ווי ס׳זיפֿצט דער שווײַגנדיקער טאַנקיסט און ווי ס׳פּײַקלט מיטן פֿינגער אױפֿן שויב דער פֿולשטענדיק אײַנגעבויגענער סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן באַם פֿענצטער.

„אַמפּוטאַציע!" אַלץ, נאָר ניט דאָס! בעסער שטאַרבן!... וואָס פֿאַר אַ קאַלט, שטעכיק וואָרט! אַמפּוטאַציע! ניין, ניין, קיינמאָל ניט! — האָט געטראַכט אַלעקסיי. דאָס שוידערלעכע וואָרט האָט זיך צו אים באַוויזן אַפֿילע אין כאָלעם, אין דער געשטאַלט פֿון אַ פֿאַרעמלאָזער, שטאָלענער שפּין וואָס האָט אים צעפּערטלט מיט אירע קנופּיקע און אָנגעשלײַפֿטע לאַפּעס.

## .3

אַ וואָך צײַט זײַנען זיי געווען זאַלבעפּערט אין זאַל 42. נאָכדעם איז קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ געקומען אַ באַזאָרגטע, אין דער באַגלייטונג פֿון צוויי בעטל־טרעגערס, און האָט צעוויסן געגעבן אַז מען דאַרף זיך צונויפֿרוקן. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשס בעט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן הארט באַם פֿענצטער, און ער איז געווען שטאַרק צופֿרידן פֿון דעם. קוקושקין איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין ווינקל, לעבן סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשן, און אױפֿן פֿרײַען אָרט האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ גוטע, נידעריקע בעט מיט אַ מאַטראַץ אױף ספּרענזשינעס.

קוקושקין איז אַרויס פֿון די קיילים. ער איז בלייך געוואָרן, האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער פֿויסט אין נאַכט־טישל און איז זיך פֿאַרגאַנגען אין גרילציקע זידלערײַען קעגן דער קראַנקן־שוועסטער, דעם שפּיטאָל און אַפֿילע וואַסילי איוואַנאָוויטשן אַליין. ער האָט געדראָט אַז ער וועט זיך באַקלאָגן פֿאַר עמעצן און אַז ער וועט ערגעץ שרײַבן. ער האָט זיך אַזוי אויפֿגערעגט, אַז ער האָט שיר־שיר ניט אַ וואָרף געטאָן אַ קרוג קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַן אין קאָפּ אַרײַן. זײַנע ציגײַנער־אויגן האָבן געפֿלאַקערט פֿון צאָרן, און ווען אַלעקסיי האַלט אים ניט אָפּ, וואָלט ער די קיילע אַ וואָרף געטאָן.

פּונקט אין יענעם מאָמענט האָט מען געבראַכט דעם פֿינפֿטן פֿאַרוווּנדיקטן.

ער איז קענטיק געווען זייער אַ שווערער, ווײַל די טראָג־שטאַנגען האָבן געסקריפּעט און שטאַרק אויסגעבויגן זיך אין די הענט פֿון די בעטל־טרעגער. אױפֿן קישן האָט זיך אָנמעכטיק געוואַקלט אַ קײַלעכדיקער, אַרומגעראַזירטער קאָפּ. דער ברייטער, אָנגעבלאָזענער, וואַקס־געלער פּאַ־

נעם האָט ניט געהאַט אַף זיך קיין סימען פון לעבן. אַ גרימאַסע פון ליַידן האָט אויסגעקרימט זיַינע דיקע, בלייכע ליפּן.

ס'האָט אויסגעזען אַז דער ניַיער איז באַוווסטלאָז. קוים אָבער האָט מען אוועקגעשטעלט דאָס בעטל אָפּן דיל, האָט דער כוילע געעפנט די אויגן, האָט זיך אונטערגעהויבן אַף די עלנבויגנס, האָט אַ ווונק געטאָן צו סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשן, ווי איינער זאָגט: „ווי גייט עס עפּעס?" און האָט אַ שטילן הוסט געטאָן. ער איז קענטיק געווען שטאַרק פאַר־וווּנדיקט און האָט מוירעדיק געליטן. אַף מערעסיעוון האָט דער דאָזיקער גרויסער, געשוואָלענער מענטש געמאַכט, גליַיך פון ערשטן מאָמענט, אַ ניט־אָנגענעמען איַינדרוק. געגוי פּאַרוואָס, האָט ער ניט געוווּסט. מיט פיַינטלעכע אויגן האָט ער זיך צוגעקוקט ווי די צוויי בעטל־טרעגער, צוויי אַסיסטענטן און די קראַנקן־שוועסטער האָבן אים מיט גרויס אָנשטרענ־גונג אויפגעהויבן און אַריַינגעלייגט אין בעט. ווען באַם ניַיעם האָט זיך ניט־ווילנדיק אַ דריי געגעבן אַ פוס, וואָס איז ענלעך געווען אַף אַ קלאָץ, האָט אַלעקסיי באַמערקט ווי זיַין פּאָנעם ווערט בלייך, באַדעקט זיך מיט שווייס און ווי די בלוטלאָזע ליפּן גיבן זיך אַ קנייטש איַין פון ווייטיק. ער האָט אָבער בלויז פאַרשטשירעט די ציין.

ווען ער איז שוין געלעגן אין בעט, האָט ער גליַיך אַריַינגערוקט די ברעגן פון דער דעקע אין וויַיסן טשעכאָל, האָט פונאַנדערגעלייגט אָפּן נאַכט־טישל, אין דער בעסטער אָרדענונג, די ביכער און בלאָקנאָטן, וואָס מען האָט אַריַינגעטראָגן, און האָט אוועקגעלייגט אַף דער אונטערשטער פּאָליצקע צאָן־פּאַסטע, אָדעקאָלאָן, ראַזיר־געציַיג און אַ זייף־שאַכטל. נאָכ־דעם האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ שנעלן בליק אַף דעם אַלץ, און גליַיך, ווי ער וואָלט זיך געפילט באַ זיך אינדערהיים, האָט ער אַ רייד געטאָן מיט אַ טיפן און דונערדיקן באַס:

— נו, גוט! איצט לאָמיר זיך פאַרשטעלן. סעמיאָן וואָראָביאָוו, פּאָלק־קאָמיסאַר. אַ פרידלעכער מענטש, ניט קיין רויבערער. כ'בעט איַיך אַריַיננעמען מיך אין איַיער געזעלשאַפט.

רויִק און טשיקאַווע האָט ער באַטראַכט זיַינע זאַל־כאַווײרים. אַלעק־סיי האָט אויפגעכאַפּט דעם אויפמערקזאַמען און פאַרשנדיקן בליק פון זיַינע שמאָלע, גאָלדיקע און זייער לעבעדיקע אויגן.

— לאַנג וועל איך מיט איַיך ניט זיַין. כ'ווייס ניט ווי איר, נאָר איך האָב קיין ציַיט ניט לאַנג דאָ צו בליַיבן. עס וואַרטן אַף מיר מיַינע קאַוואַלעריסטן. ווען ס'וועט צעגיין דער איַיז און ס'וועלן זיך אויסטרי־קענען די וועגן, איז געגאַנגען!, וויַיל „מיר זיַינען די רויטע קאַוואַלע־ריע און פון אונדז..."*) נו, וואָס זשע? — האָט אַ דונער געטאָן איבערן גאַנצן צימער זיַין אָנגענעמער, פרייִלעכער באַס.

---

*) אַ סטראָפע פון אַ פאָלקס־ליד, וואָס באַזינגט די העראָישע רויטע קאַוואַלעריע פון די צײַטן פון בירגער־קריג.

— אַ קורצע צייט וועלן מיר דאָ אַלע זיין. דער איז וועט נאָכלאָזן און מיר וועלן אַוועקגיין... אין זאַל 50, מיט די פיס צו דער טיר — האָט אַ זאָג געטאָן קוקושקין און אויסגעדרייט זיך צו דער וואַנט.

אין שפּיטאָל איז ניט געווען קיין זאַל 50. די קראַנקע האָבן אַזוי באַצייכנט דאָס מיימים־שטיבל. דער קאָמיסאַר האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט צו דערוויסן זיך וועגן דעם, אָבער ער האָט גלייך געכאַפּט דעם פינצטערן זין פון נעם שפּאַס. ער האָט זיך ניט באַליידיקט; אָן איבער־ראַשטער האָט ער בלויז אַ קוק געטאָן אויף קוקושקינען און געפרעגט:

— ווי אַלט זייט איר, טייערער פריינט? איי, בערדיקער, בערדיקער! גיך זייט איר אַלט געוואָרן.

## 4.

מיטן אָנקומען פון נייעם פּאָרוואַנדיקטן, וועמען אַלע האָבן אָנגע־הויבן רופן „דער קאָמיסאַר“, האָט זיך גלייך געביטן דער גאַנצער לעבנס־רעזשים אין זאַל 50. דער דאָזיקער קאָמפּעטענטער בוילע איז גלייך אָפּן צווייטן טאָג געוואָרן אינטים מיט אַלעמען, און, קוים ווי ס'האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט וועגן אים סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, האָט ער גע־קענט „געפינען יעדערנס שוואַכן פּונקט“.

מיט סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשן האָט ער פריינטלעך געשמועסט וועגן פערד און יאַגד, — זאַכן וואָס בײדע האָבן ליב געהאַט און גוט געקענט. מיט מערעסיעוון, וואָס האָט ליב געהאַט צו פּאַרטיפּן זיך אין מילכאָמע־פראַגן, האָט ער פייערדיק דיסקוטירט וועגן אָנווענדונג פון מאָדער־נע מעטאָדן אין דער אַוויאַציע, טאַנקען און קאַוואַלעריע. ער האָט אין אַ ליידנשאַפטלעכער פאָרעם דערוויזן אַז אַוויאַציע און טאַנקען זיינען זאַכן אויסגעצייכנטע, אָבער ער האָט ביז גאָר שטאַרק געהאַלטן פון דער קאַוואַלעריע. ווען מען זאָל איצט רעאָרגאַניזירן די קאַוואַלעריע־איינהייטן, פאַרשטאַרקן זיי מיט מאָדערנעם קריגס־מאַטעריאַל און צוהילף די אַלטע שעפּן, וואָס האָבן אַלץ געשטעקט אויף דרייסטקייט, צוגעבן אַ יוגנט, אַ דער־צויגענע אויף ברייטע און אונטערנעמערישע אידעען, קען נאָך אונדזער קאַוואַלעריע דערשטוינען די וועלט. אַפילו מיטן שווייגנדיקן טאַנקיסט האָט ער געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך. עס לאָזט זיך אויס אַז די די־וויזיע פון קאָמיסאַר האָט געקעמפט לעבן יאַרצעוואָ און נאָכדעם אין דוכאָוושטשינע, באַטייליקנדיק זיך אין דער קאָנטראָפענסיווע פון גענעראַל קאָניעווס אַרמיי. אין יענער געגנט האָט זיך דער טאַנקיסט און זיין גרופּע אַרויסגעדרייט פון דער דייטשישער אַרומרינגלונג. דער קאָמיסאַר האָט אויסגערעכנט מיט ענטוזיאַזם דערפער וואָס זיינען ביידן געווען באַקאַנט און ווו די דייטשן האָבן געכאַפּט קלעפּ. דער טאַנקיסט האָט, ווי געוויינלעך, געשוויגן, אָבער ער האָט זיך שוין ניט אויסגעדרייט צו

דער וואַנט, ווי ער פּלעגט עס פריִער טאָן. זײַן פאַרבאַנדאַזשירט פּאָנעם האָט מען ניט אַרויסגעזען, אָבער ער האָט האַסקאָמעדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ווען דער קאָמיסאַר האָט פאַרגעלייגט שפּילן אַ פּאַרטיע שאַך, איז אַפּילע קוקושקינס קאַעס אַוועק. דאָס שאַך־ברעטל האָט זיך געפונען אַפן לייטענאַנטס בעט און דער קאָמיסאַר האָט געשפּילט „אַף בלינד״, אויסגעצויגענערהייט און מיט פאַרמאַכטע אויגן. איינס און צוויי האָט ער באַזיגט דעם היציקן לייטענאַנט און אַזוי אַרום זײַנען זיי געוואָרן פרײַנט.

מיטן באַווײַזן זיך פון קאָמיסאַר, איז אין 42 פאַרגעקומען עפּעס אַזוינס וואָס איז ענלעך געווען אַף דער פרימאָרגנדיקער דורכלופטערונג פון צימער, ווען די אַסיסטענטן פלעגט עפענען דעם לופטשיק און אין דער שווערער רויִקייט פון שפּיטאָל פלעגט אַרײַנדרינגען, צוזאַמען מיטן פרייִלעכן גאַסן טומל, די דיינע פרישע לופט פון פרילינג נאָענטקומער פרילינג. דער קאָמיסאַר פלעגט זיך ניט קאָנטענטירן מיט באַטראַכטן זײַנע באַווייזן. ער האָט שפּילע געלעכט, געזונגען, דערציילט, פאַנטאַזירט, פאַרגעטנדיק זיך אָדער צווינגענדיק זיך צו פאַרגעסן זײַנע אויסמאַטערנ־דיקע ווייטיקן.

אינדערפרי, נאָכן אויפכאַפּן זיך, פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אַפן בעט, אויסציִען די אָרעמס אַף אינדערהייך און איןביידע זײַטן; פלעגט זיך אײַנבויגן און צוריק אויסגלײַכן זיך; ער האָט געדרייט אַן געבויגן ריט־מיש דעם קאָפּ: ער האָט געמאַכט גימנאַסטיק. ווען מען פלעגט אים ברענגען וואַסער צו וואַשן זיך, פלעגט ער בעטן קעלטערע, און פלעגט אַ לאַנגע צײַט שפּריצן און פליוסקען אין שיסל. נאָכדעם פלעגט ער זיך אַרומווישן מיט אַזאַ מין גערײַבעריי אַז זײַן גאַנצער געשוואָלענער קער־פּער פלעגט ווערן רויט. און אַלעמען פלעגט אָנכאַפּן אַ כיישעק צו טאָן דאָס זעלבע. ער פלעגט אַרויסרײַסן מיט אומגעדולד בא דער קראַנקן־שוועסטער די צײַטונגען און לייענען שנעל, אינדערהייך, דעם קריגס־קאָמוניקאַט. שפּעטער פלעגט ער פּראָטימדיק איבערלייענען, ביז איינעם, אַלע פראָנט־רעפּאָרטאַזשן. ער האָט אויך געהאַט אַ ספּעציעלן אויפן פון לייענען. מען וואָלט געקאָנט זאָגן אַז ער טוט עס אין אַן אַקטיווער פאָרעם. צײַטנווײַז פלעגט ער נעמען איבערכאַזערן, אַף אַ נידעריקן קאָל, אַ פּראַג־מענט וואָס איז אים געפעלן געוואָרן, און פלעגט צוגעבן „זיכער״ ; ער פלעגט עפּעס אונטערשטרײַכן. ער פלעגט אויך קענען נעמען שרײַען אַן אויפגערעגטער: „זשוליק, הונט, איך שטעל אײַן מײַן קאָפּ, קעגן אַ פּוס־טער ביר־פלעשל, אַז ער איז ניט געווען אַפן פראָנט! אַזאַ מין קאַנאַליע! און ער האָט נאָך די האָזע צו שרײַבן!״. איינמאָל איז ער אין קאַעס געוואָרן אַף אַ בלאָפנדיקן קאָרעספּאָנדענט און האָט גלײַך אָנגעשריבן אַן אויפגערעגט קאַרטל אין רעדאַקציע, דערוואַײַזנדיק אַז אין דער מילכאָמע זײַנען ניט פאָרגעקומען און קענען ניט פאָרקומען אַזוינע זאַכן, און בעטנ־

דיק אַז מען זאָל צוימען דעם לאַנגצונגיקן שאַרלאַטאַן. געווען אויך צײַטן ווען אינמיטן לייענען דעם בלאַט פלעגט ער זיך פאַרטראַכטן, אַנשפּאַרן דעם קאָפּ אַפן קישן און בלײַבן ליגן אַזוי מיט אָפענע אויגן, אָדער נעמען מיטאַמאָל דערציילן טשיקאַווע געשיכטעס וועגן זײַנע קאַוואַלעריסטן, וועלכע זײַנען, לויט זײַנע רייד, אַלע געווען גיבוירים, איינע אין איינע. נאָכדעם פלעגט ער זיך ווידער נעמען צום לייענען. און אינטערעסאַנט איז אַז זײַנע באַמערקונגען און לירישע אָפּווײַכונגען פלעגן אַף אַ האָר ניט שטערן און ניט אָפּציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די צוהערער; פאַרקערט — דאָס פלעגט זיי נאָך העלפן צו באַנעמען די באַדײַטונג פונעם געלייענטן.

צוויי שאָ אַ טאָג, צווישן עסן און די קוראַציעס, פלעגט ער לערנען די דײַטשישע שפּראַך. ער פלעגט איבערכאַזערן אַף אויסנווייניק די ווערטער, צונויפשטעלן זאַצן און, צײַטנווײַז, פאַרטראַכטנדיק זיך וועגן זין פון דער אויסלענדישער שפּראַך, פלעגט ער זאָגן:

— איר ווייסט, כעוורע, ווי מען זאָגט אין דײַטש אַף אַ קורטשוק? „קיכעלכען" זאָגט מען. פּרעכטיק! „קיכעלכען" שאַפט די פאָרשטעלונג פון עפּעס קליינס,, ווייכס, צאַרטס. און אַף אַ גלעקל ווייסט איר ווי מען זאָגט? „גלאָקלײַן". אַ קלאַנגפול וואָרט, ניט עמעס?

סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט זיך באַ אַ געוויסער געלעגנהייט, ניט געקענט אײַנהאַלטן:

— כאַווער פּאָלק־קאָמיסאַר, צוּוואָס דאַרפט איר קענען דײַטש? אַף וואָס פאַרא קלאָגן דאַרפט איר עס? איר דאַרפט היטן אײַערע קויכעס...

דער קאָמיסאַר האָט אַ קוק געטאָן שעלמיש אַפן אַלטן סאָלדאַט:

— אַך, בערדיקער, קען דען אַ רוסישער מענטש סטאַם אַזוי לעבן? און אַף וואָס פאַרא שפּראַך וועל איך ריידן מיט די דײַטשקעס אין בערלין, ווען מיר וועלן זיך דערקלײַבן אַהין? אַף סיבעריאַניש צי אַף וואָס? האַ?

סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש —וואָס איז געזעסן אַפן ראַנד פון קאָמיסאַרס בעט— האָט קענטיק געוואָלט נעמען אויפווײַזן סייכל־האַיאָשערדיק אַז די פראָנט־ליניע ציט זיך הינטער מאָסקווע און אַז עס פעלט נאָך אַ היפּש שטיקל וועג ביז צו די דײַטשקעס, אָבער אין קאָמיסאַרס שטים איז געווען אַזוי פיל פרייַלעכע איבערצײַגונג, אַז דער סאָלדאַט האָט אָפּגעבורטשעט און צוגעגעבן שנעל:

— קלאָר, אַז ניט אין אונדזער שפּראַך, אָבער פונדעסטוועגן דאַרפט איר זיך היטן כאַווער קאָמיסאַר, נאָכן קלאַפּ וואָס איר האָט געכאַפּט.

— דער גוט־אָפּגעהיטער פערד איז דער ערשטער וואָס פאַלט. האָסט עס ניט געהערט? דאָס איז שלעכט, בערדיקער!

קיינער פון די קראַנקע האָט ניט געהאַט קיין באָרד. פונדעסטוועגן פלעגט זיי דער קאָמיסאַר רופן, מען ווייס ניט פאַרוואָס, „בערדיקע".

ער פלעגט דעם אויסדרוק באַנוצן ניט מיטן מיין צו באַליידיקן, נאָר ווי סטאַם אַ ווערטל, וואָס איז טאַקע אַלעמען געפעלן געוואָרן.
אַלעקסיי האָט גאַנצענע טעג באַטראַכט דעם קאָמיסאַר, באַמיִענ־דיק זיך צו אַנטדעקן דעם סעקרעט פון זײַן שטענדיקער אויפגעלייגטקייט. ס׳איז קיין סאַפעק ניט געווען אַז ער האָט שטאַרק געליטן. ס׳האָט גע־קלעקט אַז ער זאָל אַנטשלאָפן ווערן און פאַרלירן דעם קאָנטראָל איבער זיך אַליין, ווי ער פלעגט גלײַך נעמען קרעכצן, וואַרפן זיך, סקריפען מיט די ציין; די ספּאַזמעס האָבן צעקרימט זײַן פּאָנעם. ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט ער געוווּסט וועגן דעם און דערפאַר פלעגט ער זיך באַמיִען ניט צו שלאָפן באַטאָג, נאָר פאַרנעמען זיך מיט עפּעס. ווען ער איז געווען וואַך, האָט ער זיך שטענדיק געפונען אין גלײַכגעוויכט און איז געווען רויִק, פּונקט ווי עס וואָלטן אים ניט געמאַטערט זײַנע מוירעדיקע ווייטיקן. ער האָט גערעדט מיט די מעדיקער אָן אײַלעניש און האָט גע־שפּאַסט ווען זיי פלעגן אויסטאַפּן אָדער אויסקלאַפּן די טויטווייעדיקע ערטער. בלויז לויטן אויפן וויִאַזוי זײַנע פינגער פלעגן זיך אײַנקראַמפּן אינעם לײַלעך און לויט די טראָפּנדלעך שוויים וואָס פלעגן זיך באַווײַזן צווישן די ברעמען האָט מען זיך געקענט אָנשטויסן וויפל מי עס קאָסט אים אײַנצוהאַלטן זיך. דער פליִער האָט ניט געקענט פאַרשטיין וויִאַזוי דער דאָזיקער מענטש האָט געקענט באַזיגן דעם שרעקלעכן ווייטיק און פון וואַנען האָט ער גענומען אַזוי פיל ענערגיע, מוט, לעבנס־פעיִקייט. אַלעקסיי האָט געוואָלט אַנטדעקן דעם סעקרעט, ביפראַט אַז ער אַליין, ניט געקוקט אַף די פאַרגרעסערטע דאָזעס פון נאַרקאָטישע אײַנשפּרי־צונגען, האָט ער ניט געקענט שלאָפן באַנאַכט און פלעגט צײַטנווײַז אָפּ־ליגן ביז פאַרטאָג מיט אָפענע אויגן און בײַסן די דעקע קעדיי ניט צו זיפצן.
בעיים די וויזיטן פון די דאָקטוירים האָט איצט, מיט אַלץ מער אָפטקייט און אַקשאָנעס, געקלונגען דאָס פינצטערע וואָרט „אַמפּוטאַ־ציע". פּאָרויספילנדיק די אומפאַרמײַדלעכע נאָנטקייט פון שוידערלעכן טאָג, האָט אַלעקסיי באַשלאָסן אַז אָן פיס לוינט ניט צו לעבן.

.5

און יענער טאָג איז געקומען. בעמעשעך פון וויזיט האָט וואַסילי וואַסיליעוויטש אָרומגעטאַפּט אַ לענגערע צײַט די שוואַרץ־געוואָרענע פיס, וואָס האָבן פאַרלוירן די מינדסטע שפּירעוודיקייט; מיטאַמאָל האָט ער זיך האַסטיק אויסגעגלײַכט, אַרײַנגעקוקט מערעסיעוון טיף אין די אויגן און אויסגערופן: „מען מוז שנײַדן!" דער פּילאָט איז בלייך גע־וואָרן און איידער ער האָט נאָך געהאַט צײַט צו ענטפערן, האָט דער

פּראָפעסאָר צוגעגעבן מיט קאַעס: „מען דאַרף שנײַדן און אַ וואָרט ניט מער! הערסט? אַניט ווועסטו אַוועקפּלאַצן! פֿאַרשטאַנען?"

און ניט קוקנדיק אַף זײַן סוויטע איז ער אַרויס פֿון צימער. אַ גע־דיכטע שטילקייט האָט אַרומגענומען דעם זאַל. מערעסיעוו איז געלעגן מיט אַן אויסדרוקלאָזן פּנים און מיט אָפענע אויגן. אין זײַן פֿאַרנעפּלטן דימיען האָבן גענומען אַרומטאַנצן די בלאָלעכע פּיס־רעשטלעך פֿון קאַ־ליקן שיפּל־פּירער, און ווידער האָט ער זיך דערמאָנט ווי יענער פּלעגט זיך אויסטאָן און ווי ער פּלעגט, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף די הענט אַפֿן שטיי־גער פֿון די מאַלפּעס, שלעפּן זיך איבערן נאַסן זאַמד צום וואַסער.

— ליאָשאַ —האָט מיט אַ נידעריקער שטים אַ רוף געטאָן דער קאָ־מיסאַר.

— וואָס? —האָט געענטפערט אַלעקסיי ווי ניט מיט זײַן קאָל.

— מען מוז, ליאָשאַ.

אין יענעם מאָמענט האָט זיך אויסגעוויזן אַלעקסייען אַז ניט דער שיפּל־פּירער נאָר ער אַליין שלעפּט זיך אַף די פּיס־רעשטלעך און אַז זײַן קאַלע אָלגאַ, וואָס געפינט זיך דערבײַ אַפֿן זאַמד אין איר בלומיקן, צעפלאַטערטן קלייד, אַ לײַכטע, אַן אָפּגעברענטע, אַ שיינע, קוקט אַף אים מיט פֿאַרדרוס, בײַסנדיק זיך די ליפּן. אַוואַדע וועט אַזוי זײַן! אַן אויפ־געציטערטער און צעטרייסלטער האָט ער אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און אויסגעבראָכן אין אַ טיפֿן געוויין. אַלעמען האָט אַרומגענומען אַן אומרויִקייט. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש איז אַ זיפּצנדיקער אַראָפּגעקראָכן פֿון בעט, אַרויפֿגעוואָרפֿן דעם שלאָפֿראָק און די שטעקשיך, און אָנשפּאַרנ־דיק די הענט אַף די בעטן האָט ער זיך גענומען שאַרן צו מערעסיעוון. דער קאָמיסאַר האָט אים אָבער אָפּגעהאַלטן מיט אַ צייכן, ווי ער וואָלט געזאָגט: „לאָז אים וויינען, שטער אים ניט".

און אַלעקסיי האָט זיך ווירקלעך גענומען פֿילן בעסער. ער האָט זיך שנעל באַרויִקט און האָט, ווי יעדער מענטש וואָס אַנטשליסט זיך סאָפּ־קאָלסאָף וועגן אַן איניען וואָס האָט אים לאַנג געמאַטערט, דערפֿילט אַפֿילע אַ דערלײַכטערונג. אַ שווײַגנדיקער איז ער געלעגן ביז אינאָוונט, ביז די בעטל־טרעגער זײַנען אים געקומען אַריבערפֿירן אין אָפּעראַציע־זאַל. און אין יענעם בלענדנדיק־ווײַסן צימער האָט ער אויך ניט געעפֿנט דאָס מויל. אַפֿילע ווען מען האָט אים צוווויסן געגעבן אַז מען קען אים ניט כלאָראָפֿאָרמירן צוליבן צושטאַנד פֿון זײַן האַרץ און אַז מען וועט מוזן אָפּערירן מיט אַ לאָקאַלער אַנעסטעזיע, האָט ער בלויז אַ שאָקל גע־טאָן מיטן קאָפּ אַז ער איז מאַסקים. בעמעשעך פֿון דער אָפּעראַציע האָט ער קיין איין זיפֿץ ניט געגעבן, קיין איין געשריי האָט זיך בײַ אים ניט אַרויסגעריסן. וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט פּערזענלעך דורכגעפֿירט די איינפֿאַכע אַמפּוטאַציע. ווי זײַן שטייגער איז, האָט ער זיך שטאַרק גע־בייזערט אַף די קראַנקן־שוועסטער און פּראַקטיקאַנטן, און האָט עטלעכע

מאָל געצוווּנגען זײַן אַסיסטענט אַ פּאָרש צו טאָן צי דער פּאַציענט איז ניט געשטאָרבן אונטערן מעסער.

ווען מען האָט אים געזעגט דעם ביין איז דער ווייטיק געווען אַ שווי־דערלעכער; ער איז אָבער געווינט געווען אַריבערצוטראָגן ליַידן. נאָך מער: ער האָט אַפילע ניט באַנומען ווי געהעריק וואָס אַזוינס די דאָזיקע אַלע וויַיסבלאַטיקע און פאַרמאַסקירטע פּערזאָנען טוען מיט זיַינע פיס.

ער איז געקומען צום באַוווסטזיַין ווען ער איז שוין געלעגן אין זאַל. דאָס ערשטע וואָס ער האָט דערזען איז געווען דאָס גוטע פּאָנעם פון קלאַוודיאַ מיכיַילאָוונאַ. ס׳איז עפּעס געווען אַזוי מאָדנע, אָבער ער האָט זיך וועגן גאָרניט דערמאָנט און ס׳האָט אים אַפילע איבעראַשט דער געפילפולער און פאַרשנדיקער אויסדרוק פון דער דאָזיקער בלאָנדער, צערטלעכער און איבערגעגעבענער פרוי. באַמערקנדיק אַז ער עפנט די אויגן, האָט קלאַוודיאַ מיכיַילאָוונאַס פּאָנעם אויפגעלויכטן און זי האָט לייַכט אַ דריק געטאָן זיַין האַנט אונטער דער דעקע:

— ווי העלדיש איר האָט זיך אויפגעפירט! —און זי האָט גלייַך אַ נעם געטאָן זיַין פּולס.

„וואָס קומט דאָ מיט אים פאָר?” האָט אַ טראַכט געטאָן אַלעקסיי, ווען ער האָט דערפילט אַז די פיס טוען אים איצט ווי אַביסל העכער, אָבער ניט מיטן זעלבן ברענענדיקן, רייַסנדיקן און שניַידיקן ווייטיק וואָס פריִער, נאָר מיט אַן אַפּגעלאָשענעם, אַ ווייכן, פּונקט ווי מען וואָלט אים העכער פון קנעכל איבערגעבונדן מיט שטריק. מיטאַמאָל האָט ער דער־זען, לויט די קנייטשן פון דער דעקע, אַז זייַן קערפּער איז געוואָרן קיר־צער. די זעלבע רעגע האָט ער זיך דערמאָנט דעם בלענדנדיקן גלאַנץ פון וויַיסן צימער, די קאַעסדיקע בורטשעריַיען פון וואַסילי וואַסיליעוויטשן און דעם טויבן קלאַפּ אין עמאַלירטן עמער. „שוין?” האָט ער זיך אַ וווּנ־דער געטאָן מיט אַ געוויסער נאָכגעלאָזטקייט, און האָט מיט אַ געצוווּנ־גענעם שמייכל אַ זאָג געטאָן צו דער קראַנקן־שוועסטער:

— לויט ווי כ׳זע, בין איך געוואָרן קירצער.

דער שמייכל האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן; באַקומען האָט זיך אַ גרימאַסע. קלאַוודיאַ מיכיַילאָוונאַ האָט אים אַ צאַרטן גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

— האָט ניט קיין פאַרדרוס, האָט ניט קיין פאַרדרוס, פריַינט. איצט וועט אייַך זיַין לייַכטער.

— אַוואַדע לייַכטער. מיט וויפל קילאָ?

— רעדט ניט אַזוי, טייַערער, רעדט ניט אויף אַזאַ אופן. איר זײַט געווען אַ העלד! אַנדערע שריַיען, מען דאַרף זיי צובינדן מיט רימענס און אַפילע נאָכדעם דאַרף מען זיי צוהאַלטן. איר, אָבער, האָט אַפילע ניט קיין פּיפּס געטאָן... אָך, די מילכאָמע, די מילכאָמע!

אין דעם מאָמענט האָט אין דער בײַן־האַשמאָשעסדיקער האַלב־פּינצטערקייט פֿון זאַל אַ הילך געטאָן די קאַעסדיקע שטים פֿון קאָמיסאַר:

— וואָס פּאַרא פּאַניכידעס דאָרטן? וואָס פּאַרא אייל־מאָלע־ראַכמימס? קומט אַהער, קראַנקן־שוועסטער, גיט אים די דאָזיקע בריוו. אַ מין מאַזלדיקער מענטש ביסטו, אַלעקסיי! אַפֿילע איך בין דיך מעקאַנע: אַזויפֿיל בריוו מיט איינמאָל!

דער קאָמיסאַר האָט איבערגעגעבן מערעסיעוון אַ פּעקל קאָרעספּאָנדענץ. דאָס זײַנען געווען בריוו פֿון זײַן פֿאָלק. זיי זײַנען געווען דאַטירט אין פֿאַרשיידענע טעג, אָבער אָנגעקומען זײַנען זיי, מען ווייס ניט פֿאַר וואָס, אַלע צוזאַמען. איצט, שוין אַן אָנפּיסיקער, האָט אַלעקסיי געלייענט איינע נאָך די אַנדערע די פֿרײַנטלעכע פּאַפּירלעך, וואָס האָבן אים געבראַכט נײַס פֿון יענעם ווײַטן, יאַרידיקן, אומבאַקוועמען און געפֿערלעכן לעבן, וואָס האָט אים צוגעצויגן מיט אַן אומאָפּהאַלטלעכער קראַפֿט און וואָס איז איצט געווען דעפֿיניטיוו פֿאַרלוירן פֿאַר אים. ער האָט האַנאַע געהאַט פֿון די גרויסע נײַסן און פֿון די טײַערע קלייניקייטן וואָס זײַנען פֿאָרגעקומען אין זײַן פֿאָלק. אַלץ האָט פֿאַר אים געהאַט דעם זעלבן אינטערעס: סײַ די ידיִעה, וואָס מען האָט צופֿעליק אויפֿגעכאַפּט באַם פּאָליטישן אינסטרוקטאָר פֿון אַרמיי־קאָרפּוס, אַז פֿאַרן פֿאָלק איז געבעטן געוואָרן דער אָרדען פֿון דער רויטער אַרמיי; סײַ איוואַנטשוקס טאָפּלטע קאָמפּענסאַציע; סײַ דאָס וואָס יאַשין איז געגאַנגען אַף יאַגד, דערשאָסן אַ פֿוקסעכע און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי האָט גאָר קיין עק ניט; סײַ וואָס סטיאָפּאַ ראַסטאָווס פֿלירט מיט דער קראַנקן־שוועסטער לענאָטשקען האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט צוליב אַ געשוויר. אַף אייניקע רעגעס האָט זיך אַלעקסיי אַריבערגעטראָגן מיטן געדאַנק אַהין, אינעם אַעראָדראָם צווישן די וועלדער און אָזיערעס, אַפֿן לופֿטפֿעלד אַף וועלכן די פֿליִער האָבן אָפּטמאָל אויסגערעדט אַלדאָס בייז צוליב זײַן אומרעגלמעסיקער אויבערפֿלאַך, אָבער וואָס איז איצט פֿאַר אַלעקסייען געווען דער בעסטער אין דער וועלט.

ער האָט זיך אַזוי אַרײַנגעטאָן אין די בריוו, אַז ער האָט אַפֿילע ניט דערזען דעם אונטערשייד אין די דאַטעס און נישט באַמערקט ווי דער קאָמיסאַר ווינקט צו דער קראַנקן־שוועסטער, טײַטלט אין זײַן זײַט און זאָגט אינדערשטיל: „מײַנע רעפּױעס זײַנען אַ סאַך בעסער ווי אַלע לומינאַלן און וועראָנאַלן צוזאַמענגענומען". אַלעקסיי האָט קיינמאָל ניט געוווּסט אַז דער קאָמיסאַר, פֿאָרויסזעענדיק די געשעענישן, האָט באַהאַלטן אַ טייל פֿון די בריוו, קעדיי איבערצוגעבן מערעסיעוון אין זײַן טראַגישן טאָג די גרוסן פֿון זײַנע פֿרײַנט און די נײַסן פֿון פֿאָלק און אַזוי אַרום מילדערן דעם מוירעדיקן קלאַפּ. דער קאָמיסאַר איז געווען אַ וועטעראַן. אים איז באַקאַנט געווען די אומגעהויערע קראַפֿט וואָס איז אײַנגעשלאָסן אין די דאָזיקע שנעל־אָנגעשריבענע, גיך־אָנגעוואָרפֿענע שטיק־

לעך פּאַפּיר, וואָס זײַנען אויפֿן פֿראָנט צײַטנווײַז וויכטיקער ווי רעפֿועס און סוכאַרן.

אין אַנדריי דעגטיאַרענקאָס בריוו — אַ פּראָסטס און אַן איינפֿאַכס ווי ער אַליין — איז געלעגן אַ פּאַפּירל אַ באַשריבנס מיט אַ דראָבנער און געציקלטער האַנטשריפֿט און אַן אָפּגעשאָטנס מיט אויסרוף־צייכנס:

„כּאַוועך לייטענאַנט! ס'איז זייער שלעכט וואָס איר האָט ניט געהאַלטן וואָרט!!! אין פּאָלק דערמאָנט מען אײַך זייער אָפֿט, און כ'לײַג אײַך ניט — מען רעדט נאָר וועגן אײַך. ניט לאַנג צוריק האָט דער כאַוועך שעף פֿון פּאָלק געזאָגט אין עסצימער: אַלעקסיי מערעסיעוו, אָט ער איז עפּעס ווערט!!! איר ווייסט דאָך אַז ער דריקט זיך אויס אַזוי נאָר וועגן די בעסטע. קערט זיך אום וואָס פֿריִער, מען וואַרט דאָ אויף אײַך!!! ליאָליע די גרויסע, פֿון עסצימער, בעט מיך איבערגעבן אײַך אַז זי וועט אײַך אָן קיינע שום טײַנעס אומײַנעס דערלאַנגען דרײַפֿאַכע פּאָרציעס; ס'מעג איר אַפֿילע קאָסטן די שטעלע. זאָל אָבער קלאָר זײַן, אַז ס'איז זייער שלעכט וואָס איר האָט ניט געהאַלטן וואָרט!!! צו אַנדערע האָט איר געשריבן, אָבער צו מיר אַ וואָרט ניט. דאָס האָט מיך שטאַרק באַליידיקט און דערפֿאַר שרײַב איך אײַך ניט קיין באַזונדערן בריוו. כ'בעט אײַך, שרײַבט מיר אַ באַזונדערן בריוו און דערציילט מיר ווי ס'לעבט זיך אײַך און ווי גייט אײַך!...“

אין עק פֿון ליבלעכן בלעטל איז געווען די אונטערשריפֿט: „דער מעטעאָראָלאָגישער סערזשאַנט“. מערעסיעוו האָט אַ שמייכל געטאָן אָבער זײַן בליק האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין דער פֿראַזע: „קערט זיך אום וואָס פֿריִער, מען וואַרט דאָ אויף אײַך!!!“ דער זאַץ איז געווען אונטערגעשטראָכן. אַלעקסיי האָט זיך געגעבן אַ זעץ אַוועק אין זײַן בעט און מיט דער מינע פֿון אַ מענטשן וואָס נעמט אַרומזוכן אין די קעשענעס אַ וויכטיקן דאָקומענט וואָס ער איז כּוישעד אַז ער האָט אים פֿאַרלוירן, האָט ער קאָנווולסיוו אַ טאַפּ געטאָן דאָס אָרט ווו ס'האָבן געדאַרפֿט זײַן די פֿיס. די האַנט האָט אָנגעטאַפּט די פּוסטקייט.

און ערשט דאַן האָט זיך אַלעקסיי אָפּגעגעבן כעשבן וועגן דער געפֿערלעכקייט פֿון זײַן פֿאַרלוסט. קיינמאָל וועט ער זיך שוין ניט אומקערן צום פּאָלק, צו דער אַוויאַציע, צום פֿראָנט. קיינמאָל וועט ער זיך שוין ניט אויפֿהייבן אינדערהייך אין אַן אַוויאָן און וועט ניט אָנטייל נעמען אין אַ לופֿט־שלאַכט. ק יי נ מ אָ ל נ י ט! איצט איז ער אַ קאַליקע, אָן זײַן באַליבטסטער באַשעפֿטיקונג, אַ צוגעשמידטער צו איין אָרט, אַ לאַסט פֿאַר זײַן מישפּאָכע: ער איז אַן איבעריקער אין לעבן. ס'איז שוין ניטאָ קיין טרופֿע צו דעם און אַזוי וועט זײַן ביזן טויט.

## .6

נאָך דער אָפּעראַציע האָט געטראָפן מיט אַלעקסייען דאָס שווידער־לעכסטע וואָס קען פּאַסירן אין אַזוינע פאַלן: ער האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיך אַליין. ער האָט זיך ניט באַקלאָגט, ניט געוויינט, ניט געקאָעסט זיך. ער האָט בלויז געשוויגן.

גאַנצענע טעג איז ער געלעגן אומבאַוועגלעך, מיטן פּנים אַרויף, קוקנדיק נאָכאַנאַנד אויף זעלבן קרומלעכן שפּאַלט פון סופיט. ווען די כאַוויירים פלעגן ריידן צו אים, פלעגט ער ענטפערן — אָפטמאָל ניט צו דער צייט — „יאָ", „ניין", און פלעגט זיך ווידער פאַרשפּאַרן אין זיין שטומקייט, און ווידער איינגראָבן די אויגן אין טונקעלן שפּאַלט פון דער שטוקאַטור, פּונקט ווי ער וואָלט געוועזן פאַרטאָן אין דעשיפרירן אַ הע־ראָגליף, פון וועלכן ס'איז אָפּהענגיק זיין ראַטעוונג. ער האָט אויסגע־פילט געהאָרכזאַם אַלע פאַרשריפטן פון די מעדיקער, האָט געטרונקען אַלע רעצעפּטן, האָט געגעסן מעכאַניש, אָן אַפּעטיט, און פלעגט זיך ווי־דער אויסציִען מיטן פּנים אַרויף.

— העי, בערדיקער, וועגן וואָס טראַכסטו? — פלעגט צו אים אַ גע־שריי טאָן דער קאָמיסאַר.

אַלעקסיי פלעגט צו אים אַ קער טאָן דעם קאָפּ, מיט אַ פאַרשטאַרטן אויסדרוק אויפן פּנים.

— וועגן וואָס טראַכסטו, פרעג איך דיך?

— וועגן גאָרנישט.

איינמאָל איז וואַסילי וואַסיליעוויטש אַריין אין זאַל און האָט אים געפרעגט:

— ווי לעבסטו, פּויזער? ווי גייט עס דיר? ביסט געוועזן אַ העלד, אַ גאַנצער העלד, האָסט אַפילע ניט קיין פּיפּס געטאָן. איצט, ברודער, גלויב איך שוין אַז דו האָסט זיך בעמעשעך פון אַכצן טעג געשלעפּט אויף אַלע פיר, אַנטלויפנדיק פון די דייטשן. כ'האָב אויף מיין לעבן געזען אַ סאַך מענטשן פון דיין מין, מער וויפל קאַרטאָפל דו האָסט אויפגעגעסן, אָבער קיינמאָל איז מיר ניט אויסגעקומען צו שניידן אַזאַ ווי דו — דער פּראָפעסאָר האָט זיך אַ רייב געטאָן זיינע שאַרסטיקע און רויטע הענט, וואָס די נעגל זייערע זיינען געווען צעגעסן פון סובלימאַט — וואָס ביסטו אַזוי פאַרקרימט? מען לויבט אים און ער איז פאַרזייערט. איך בין גע־נעראַל־לייטענאַנט פון סאַניטאַרן קאָרפּוס און איך באַפעל דיך דו זאָלסט שמייכלען!

אויף אַלעקסייס קוים־פונאַנדערגעעפנטע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוקלאָזער בלייכער שמייכל, ווען ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „וואָלט איך דען זיך געשלעפּט ווען כ'וואָלט געוווּסט אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן אַזוי? אין רעוואָלווער האָב איך דאָך געהאַט דריי קוילן".

דער קאמיסאר האט געלייענט אין צייטונג א רעפארטאזש וועגן אן אינטערעסאנטער לופט־שלאכט. זעקס פון אונדזערע יאגדלער האבן אנגעגריפן 22 דייטשישע אוויאנען, אראפגעשאסן אכט פיינטלעכע אפאראטן און פארלוירן בלויז איינעם. דער קאמיסאר האט זיך אזוי געפרייט מיטן רעפארטאזש פונקט ווי ס'וואלטן זיך אויסגעצייכנט זיינע אייגענע קאוואלעריסטן און ניט קיין אומבאקאנטע פליער. אפילו קוקושקין האט זיך צעווארעמט ווען זיי האבן דיסקוטירט און געפרוווט זיך פארשטעלן די אויסוויקלונג פון לופט־קאמף. אלעקסיי האט אויסגעהערט און געטראכט: „גליקלעכע מענטשן! זיי פליִען, קעמפן, און איך וועל שוין קיינמאל ניט קענען פילאטירן אן אוויאן".

וואס ווייטער זיינען די מילכאמע־קאמוניקאטן געווארן אלץ לאקאנישער. אלץ האט אנגעוויזן, אז אין רעטאגוואַרד פון דער רויטער ארמיי פארקוועטשט זיך שוין די מעכטיקע פויסט וואס וועט זיך אראפלאזן מיט א נייעם קנאק. דער קאמיסאר און סטיעפאן איוואנאוויטש האבן היים דיסקוטירט וועגן ארט ווו דער דאזיקער קלאפ וועט א קנאק טאן און וויאזוי ער וועט ווירקן אף די דייטשן. מיט א שטיקל צייט צוריק איז נאך אלעקסיי געווען דער ראש־המדברים אין אזוינע שמועסן. איצט האט ער זיך באמת ניט איינצוהערן זיך אפילו. אויך ער האט פארויסגעפילט דאס באלדיקע אנקומען פון געשעענישן, פון גיגאנטישע שלאכטן, וואס וועלן מעגלעך זיין דעצידירנדיק. דער געדאנק, אבער, אז זיינע באוויירים און אפילו קוקושקין, וועלכער איז שנעל געקומען צו זיך, וועלן אנטייל נעמען אין די שלאכטן, אין דער צייט ווען ער וועט וועגעטירן אין דער פרעמד, דער געדאנק אז אזוי מוז עס שוין זיין, איז פאר אים געווען אזוי ביטער, אז ווען דער קאמיסאר האט געלייענט די צייטונג אדער גערעדט וועגן דער מילכאמע, פלעגט זיך אלעקסיי אריבערדעקן מיט דער קאלדרע און נעמען רייבן מיט א באק די קישן, קעדיי ניט צו זען און ניט צו הערן. ער האט ניט געוווסט פארוואס, נאר ס'איז אים ניט ארויס פון קאפ די פראזע: „פליִען קען ניט דער, ווער ס'איז געבוירן געווארן צו פויזען". *)

קלאודיא מיכיילאוונא האט געבראכט עטלעכע ווערבע־צווייגלעך, וואס מען ווייס ניט פון וואנען זיי האבן זיך גענומען אין דער שטרענגער, מילכאמע־גרייטער און פארבאריקאדירטער מאסקווע. זי האט אוועקגעלייגט א צווייגל אף יעדערנס טישל. פון די רויטע צווייגלעך מיט די ווייסע האריקע קייקעלעך האט זיך געטראגן אזא רייעך אז ס'האט זיך אויסגעדוכט: דער פרילינג אליין האט זיך ארייַנגעריסן אין זאל 42. יענעם טאג זיינען אלע געווען פריילעך און אויפגערודערט. אפילו דער שווייגנדיקער טאנקיסט האט ארויסגעמורמלט עטלעכע ווערטער פון אונטער זיינע באנדאזשן.

*) א פראזע פון מאקסים גארקיס „דער שטורעם־פויגל" (באמ. פון איבערזעצער).

אַלעקסיי איז געלעגן אויסגעצויגן און געטראַכט: „אין קאַמישין פליסן איצט מוטנע ריטשקעס לענגאויס די פאַרבלאַטיקטע טראָטואַרן, אַפן גלאַנציקן ברוק־אַספאַלט; עס שמעקט מיט צעוואַרעמטער ערד, מיט פרישער פײַכטקייט, מיט פערד־מיסט". אין אַזאַ טאָג האָט ער זיך געפונען מיט אָלגאַן אַפן מעשופּעדיקן ברעג פון דער וואָלגע, און פאַרבײַ זיי האָט זיך געטראָגן לײַכט און פּאַמעלעך דער אײַז איבערן ריזיקן טײַך; ס'איז געווען שטיל און בלויז די שוואַלבן האָבן געקלונגען מיט זייערע זילבערנע גלעקעלעך. און ס'האָט זיך אויסגעוויזן אַז ניט די קרײַעס טראָגן זיך מיטן שטראָם איבערן טײַך, נאָר אַז — אָלגאַ און אַלעקסיי שווימען איבערן רוישיקן און צעשפּילטן וואַסער. זיי זײַנען אַזוי געשטאַנען און געשוויגן, און ס'האָט זיך זיי אויסגעדוכט אַז פאָרויס ליגט פאַר זיי אַזוי־פיל גליק, אַזוי פיל אַז ס'האָט זיי קימאַט פאַרפעלט אָטעם אַף די ברייטע וואָלגע־פעלדער און אַפן פרײַען פרילינג־ווינט. דאָס וועט זיך שוין מער ניט איבערכאַזערן. זי וועט זיך אויסדרייען צו אים מיט דער פלייצע. און אויב זי וועט זיך ניט אויסדרייען, צי קען ער דען אָננעמען אַזאַ קאָרבן? צי האָט ער דען דאָס רעכט צו דערלויבן אַז זי, אַזאַ ליכטיקע, אַזאַ שיינע, אַזאַ כיינעוודיקע, זאָל זיך פאַראייניקן מיט אים, מיט אים דעם אינוואַליד וואָס וועט זיך שלעפּן אַף זײַנע פיס־רעשטלעך?... און ער האָט געבעטן אַז מען זאָל אַראָפּנעמען פון זײַן טישל דעם אומשולדיקן גרוס פונעם פרילינג.

דאָס ווערבע־צווײַגל האָט מען אַראָפּגענומען, אָבער ס'איז אים שווער געווען צו באַפרײַען זיך פון די שווערע געדאַנקען: וואָס וואָלט אָלגאַ געזאָגט ווען זי דערוויסט זיך אַז ער איז געבליבן אָן פיס? זי וואָלט אַוועקגעגאַנגען, זי וואָלט פאַרגעסן, זי וואָלט אים אַף שטענדיק אויסגעמעקט פון איר לעבן. און אַלעקסיי האָט פּראָטעסטירט מיט זײַן גאַנצן וועזן: ניין, זי איז ניט געווען אַזאַ, זי וועט אים ניט פאַרלאָזן, זי וועט זיך ניט אויסדרייען מיט דער פלייצע! אָבער דאָס וועט דאָך זײַן נאָך ערגער. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַז צוליב איר אייִדעלן כאַראַקטער האָט זי כאַסענע מיט אים, דעם קאַליקע; אַז זי זאָגט זיך אָפּ, צוליב דעם, פון אַלע אירע כאַלוימעס צו דערגרייכן העכערע טעכנישע בילדונג; אַז זי אַרבעט און אַרבעט קעדיי צו שפּײַזן זיך און דעם מאַן דעם קאַליקע, און, ווער ווייס, עפּשער אויך אַ שטיקל קינד.

האָט ער געהאַט רעכט אָנצונעמען אַזאַ קאָרבן? קיין זאַך האָט זיי נאָך ניט פאַראייניקט דעפיניטיוו: זי איז געווען זײַן קאַלע אָבער ניט זײַן ווײַב. ער האָט זי ליב געהאַט. ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט און דערפאַר האָט ער באַשלאָסן אַז ער האָט ניט קיין רעכט אַף איר, אַז ער אַליין דאַרף אינגאַנצן איבעררײַסן אַלע זייערע פאַרבינדן און אַזוי אַרום אויסמײַדן די שווערע צוקונפט און די מאַטערניש, וואָס עס באַטײַט דאָס וואַקלען זיך.

אין יענער צייט זיינען אבער אנגעקומען עטלעכע בריוו מיטן פאסט־שטעמפל „קאמישין” און זיי האבן גלייך אנולירט אלע באשלוסן. אלגאס בריוו איז פול געווען מיט א געוויסן באהאלטענעם אומרו. פונקט ווי זי וואלט פארויספילן דעם אומגליק, האט זי געשריבן, אז וואס עס זאל ניט פארקומען וועט זי שטענדיק זיין לעבן אים, אז זי שטעלט זיך ניט פאר דאס לעבן אן אים, אז אין יעדער פרייער מינוט האט זי געטראכט וועגן אים און אז די דאזיקע געדאנקען העלפן איר אריבערטראגן דאס שווערע מילכאמע־לעבן, די שלאפלאזע נעכט אין דער פאבריק, דאס גראבן טראנשייען און אנטיטאנק־גריבער אין די פרייע טעג און נעכט און — פארוואס באהאלטן? — די טאג־טעגלעכע נויט. „דיין לעצטע קליינע פאטאגראפיע, אף וועלכער דו זיצסט אף א קלאץ צוזאמען מיט א הונט און שמייכלסט זיך אונטער, האב איך שטענדיק מיט זיך. ווען ס'איז מיר שווער, נעם איך זי ארויס און כ'קוק... און, ווייסט? כ'בין זיכער אז קאלזמאן מיר האבן זיך ליב, קען מיט אונדז קיין שום שרעקלעכע זאך ניט פאסירן”. זי האט אים אויך געשריבן אז די לעצטע טעג איז זיין מאמע זייער אומרויק און אז ער דארף איר זען צו שרייבן וואס עפטער און ניט אלארמירן זי מיט שלעכטע נייעס.

די בריוו פון זיין היימשטאט — וואס יעדער איינער פון זיי פלעגט פריער זיין א גליקלעכע געשעעניש פאר אים און שטארקן זיין גייסט אף א לאנגער צייט — האבן איצט, צום ערשטן מאל, ניט דערפרייט אלעקסייען. זיי האבן אריינגעבראכט א נייע צעמישונג אין זיין געמיט, און ער איז דאן באגאנגען א פעלער, וואס האט אים שפעטער אזוי געמאטערט: ער האט זיך ניט אנטשלאסן צו שרייבן אין קאמישין אז מען האט אים אפגעשניטן די פיס.

די איינציקע פערזאן, פאר וועלכער ער האט פראטימדיק באשריבן זיין אומגליק און אויסגעגאסן זיינע טרויעריקע געדאנקען, איז געווען דאס מיידל פון דער מעטעאראלאגישער סטאנציע. זיי האבן זיך קימאט ווי ניט געקענט און דערפאר איז אים געווען לייכטער צו שמועסן מיט איר. אזוי ווי ער האט אפילע ניט געוווסט ווי זי הייסט, האט ער אנגעשריבן דעם אדרעס אף אזא אויפן: פעלד־שטאפעט נומער... מעטעאראלאגישע סטאנציע... פארן „מעטעאראלאגישן סערזשאנט”. ער האט געוווסט ווי מען היט אפ א בריוו אפן פראנט און איז געווען זיכער אז אפילע מיט אזא מעשונעדיקן אדרעס וועט דער בריוו פריער צי שפעטער אנקומען. אבער דאס האט אים שוין ניט געארט. ער האט פאשעט געוואלט אויסגיסן דאס הארץ פאר עמעצן.

די מאנאטאנע שפיטאל־טעג זיינען פאר אלעקסייען דורכגעגאנגען אין איין ביטערן קלערן און איבערקלערן. כאטש זיין אייזערנער ארגאניזם האט לייכט אריבערגעטראגן די אמפוטאציע — וואס איז מייסטערהאפט דורכגעפירט געווארן —, און די וווּנדן האבן זיך שנעל פארצויגן,

איז ער אָבער באַדייַטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ניט געקוקט אַף דער גאַנצער וויגאָדע וואָס מען האָט אים געגעבן, איז ער פון טאָג צו טאָג געוואָרן מאָגערער און האָט מאַמעש געדאַרט און געקוואַרט.

## 7.

אויסערן שפּיטאָל האָט זיך צעשפּילט דער פרילינג.

ער איז אויך אַרײַנגעדרונגען אַהין, אינעם זאַל 42, אין יענעם צימער וואָס איז פול געווען מיטן רייעך פון יאָדאָפאָרם. ער איז אַרײַנגעדרונגען דורכן לופטשיק צוזאַמען מיטן פרישן און פײַכטן הויך פון צעגאַנגענעם שניי, מיטן טומלדיקן געסווישטש פון די וואָראָבייטשיקלעך, מיטן פרייליכן און הילכיקן געקריץ פון די טראַמווײַען וואָס האָבן זיך פאַרקירעוועט אַף די ראָגן, מיטן געפּויק פון די טריט אַפן אַספאַלט וואָס האָט גענומען אַרויסקריכן פון אונטערן שניי, און פאַרנאַכטלעך — מיט די האַרמאָנישע, מאָנאָטאָנע קלאַנגען פון אַ האַרמאָשקע. אין זײַטיקן פענצטער האָט זיך באַוויזן אַ באַזוניקט טאָפּאָל־צווײַגל, אַ באַדעקטס מיט לענגלעכע קנאָספּן, וואָס האָבן זיך געווייקט אין געלבלעכער קלעפּעכץ. דער פרילינג איז אַרײַנגעדרונגען אין זאַל אַן אָנגעטשעפּעטער אַף די גאָלד־פלעקעלעך פון די זומערשפּרענקלעך וואָס זײַנען געווען אָנגעשאָטן אַף קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַס בלאַסן און גוטמוטיקן פּאָנעם, אַף די זומערשפּרענקלעך, וואָס די קראַנקן־שוועסטער האָט געפּרוווט באַהאַלטן אונטער פאַרשיידענע פּודערן און וואָס האָבן איר פאַרשאַפט ניט ווייניק קלאָפּאָט. דער פרילינג האָט זיך אויך געמאָלדן דורך די פרייליכע און פאַמעלעכדיקע טראָפּנס וואָס האָבן געקאַפּעט פון די בלעכענע קאַרניזן פון די פענצטער.

ווי שטענדיק, האָט דער פרילינג יונג געמאַכט דאָס האַרץ און אויפגעוועקט די אילוזיעס.

— ווי מעכאַיעדיק דאָס וואָלט געווען אַרומצוגיין איצט מיט אַ יאַגדביקס אַפן אַקסל, ערגעץ אַף אַ וואַלד־לאָנקע! ווי מיינט איר, סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש?... אָוועקזעצן זיך פאַרטאָג אין אַ בודקע און לויערן... ס'אַ כיִעס! שטעל זיך פאָר: אַ ראַזיקער פרימאָרגן, אַ דערפרישנדיקע קאַלטקייט, און דו וואַרטסט מיט אַן אָנגעשפּיצטן אויער. און מיטאַמאָל: „גלו, גלו, גלו" און אַ פליגל־שוועבערײַ: „פרוף, פרוף, פרוף"... און איבער דיר שטעלט זיך אָוועק מיט אַ צעשפּרייטן פעכער־עק איינע, אַ צווייטע און נאָך איינע...

סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט הילכיק אַרײַנגעצויגן אין זיך אַ שטראָם לופט און ס'האָט אויסגעזען ווי ס'רינט אים, ווירקלעך, אַן סלינע אין מויל, אָבער דער קאָמיסאַר האָט ווײַטער גערעדט, ווי ניט אים מיינט מען עס:

— נאָכדעם שטעלסטו אויף די פעלד־פּאַלאַטקע לעבן שייַטער, דו זופּסט זיך פריש־פאַרפאַרעטן טיי, דו קערסט אַרייַן אַ קעלישיקל אין גאָרגל קעדיי עס זאָלן זיך צעוואַרעמען אַלע דייַנע מוסקולן. האַ? נאָך דער אָרנטלעכער אַרבעט...

— זעט, דערמאָנט עס מיר ניט, כאָווער פּאָלק־קאָמיסאַר... ווייסט איר וואָס מען פאַנגט איצט אַף יאַגד אין אונדזערע קאַנטן? איר וועט זיך ניט כאַפּן! דעם בעליגאַ־פיש. איך שווער אייַך! איר האָט ניט געהערט וועגן דעם? דאָס איז מערקווירדיק און ס'איז אַ נוצלעכער צייַטפאַרטרייַב. ווי נאָר ס'נעמט זיך אייַנברעכן דער אייַז פון די אָזיערעס און די טייַכן גייען אַרויס פון זייערע געלעגערס, דערנענטערט זיך דער פיש אַלץ מער און מער צום ברעג ווו ער קלייַבט זיך אָפּצולייגן זייַנע רויגן. ער פאַרקריכט קימאַט אַפן ברעג, אַפן גראָז און אַפן מאָך וואָס זייַנען באַדעקט מיט וואַסער. דאָרט פאַרקריכט ער, רייַבט זיך און פאַרזייט זייַנע אייעלעך. ווען מען גייט מיטן ברעג זעט מען עפּעס אַזוינע קיילעכדיקע העלצער וואָס וווייקן זיך אין וואַסער. דאָס איז דער בעליגאַ. שיסט אוים! ס'טרעפט אַז דו נעמסט צונויף אַזוי פיל אַז זיי קריכן ניט אַרייַן אין יעגער־זאַק. איך שווער אייַך! און צייַטנווייַז...

און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן זיכרוינעס וועגן יאַגדן. פון זיך אַליין איז דער שמועס אַריבער אַף פראָנט־איניאָנים און זיי האָבן אָנגעהויבן בויען סוואָרעס וועגן דעם וואָס מען טוט איצט אין דער דיוויזיע, אין דער קאָמפּאַניע. מען האָט זיך געפילפּלט צי די באַהעלטענישן וואָס מען האָט אויסגעבויט ווינטערצייַט „ווייַנען" איצט ניט, צי די באַפעסטיקונגען האָבן זיך ניט „אַ רוק געטאָן" און צי די דייַטשן, וואָס זייַנען געוווינט צום מייַרעווודיקן אַספאַלט, וועלן קענען לייַכט אַריבערטראָגן דעם פרילינג.

נאָכן עסן האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט שפּייַזן די וואָראָביייטשיקלעך. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשן, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקענט אייַנזיצן רויִק און וואָס האָט שטענדיק געמוזט עפּעס טאָן מיט זייַנע טרוקענע, אומרויִקע הענט, איז אייַנגעפאַלן צונויפצוזאַמלען די ברעקלעך פון עסן און אַרויסוואַרפן זיי דורכן לופטשיק פאַר די פייגל. דאָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוווינהייַט. מען האָט שוין ניט אַרויסגעוואָרפן בלויז ברעקלעך, נאָר מען פלעגט איבערלאָזן גאַנצע שטיקער און שפּעטער צעקרישלען זיי. אַף אַזאַ אויפן, האָבן זיי, לויט ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, גענומען אַף קעסט אַ גאַנצע טשאַטע פייגל. אַלעמען האָט האַנאָע געטאָן צוצוקוקן זיך ווי די קליינע און טומלדיקע פייגעלעך האָבן שטאַרק געהאָרעוועט באַם פּיקן אַ גרויסע סקאָרינקע, ווי זיי האָבן געפּישטשעט, געקריגט זיך און אַוועקגעפלויגן אָפּרוען זיך און אויסרייניקן די פעדערלעך אַפן טאָפּאָל־צווייַג, נאָכדעם ווי עס זייַנען פאַרשוווּנדן די ברעקלעך אַפן געזימס פון פענצטער; מיט־

אמאָל פּלעגן זיי אַלע אויפשפּרינגען און אָוועקפליִען ערגעץ דערליידיקן אַ וואַראַבייאישן איניען. דאָס געבן עסן די פייגעלעך האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין דער באַליבטסטער פאַרווײַלונג פון זאַל. מען האָט אָנגעהויבן דערקענען געוויסע וואָראָבייטשיקעס, וועלכע מען האָט אַפילו געגעבן נעמען. די גרעסטע סימפּאַטיעס האָט געהאַט דער זאַל פאַר איין עקלאָזן וואָראָבייטשיקל, אַן אומפאַרשעמטן און אַ לעבעדיקן, וואָס האָט קענטיק באַצאָלט מיט זײַן עק פאַר זײַן בייזקייט און קעמפעריטשקייט. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט אים אַ נאָמען געגעבן „שיסער".

און אַ טשיקאַווע זאַך — גראָד דער דאָזיקער אייסעק מיט די טומל־דיקע פייגעלעך האָט דעפיניטיוו אַרויסגעצויגן דעם טאַנקיסט פון זײַן פאַרשלאָסנקייט אין זיך אַליין. פון אָנהייב האָט ער זיך צוגעקוקט מיט אַ גלײַכגילטיקן און מידן בליק ווי סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, אַן אײַנגע־בויגענער אין גאַרטל, שפּאַרט זיך אָן אויף זײַנע שטעקנס, קריכט אַרויף אויפן ראַדיאַטאָר און פון דאָרט אויפן געזימס, קעדיי צו דערגרייכן דעם לופטשיק. אויפן צווייטן טאָג אָבער, ווען עס זײַנען געקומען די וואָראָ־בייטשיקעס, האָט זיך דער טאַנקיסט, ניט געקוקט אויף זײַנע ווייטיקן, אָוועקגעזעצט אויף זײַן בעט, קעדיי בעסער צו זען דעם טומלדיקן האַר־מידער פון די פייגעלעך. דעם דריטן טאָג, בעויסן עסן, האָט ער באַהאַלטן אונטערן קישן אַ שטיק זיסע בלינצע, פונקט ווי דאָס דאָזיקע נאַשוואַרג פון שפּיטאָל וואָלט ספּעציעל געפעלן געוואָרן די קוויטשענדיקע וואָראָ־בייטשיקעס. איינמאָל איז ניט געקומען דער „שיסער", און קוקושקין האָט זיך אויסגעדריקט אַז מיסטאָמע האָט אים געכאַפּט אַ קאַץ און אַז ער האָט זיך עס קאָשער פאַרדינט. דער שווײַגנדיקער טאַנקיסט איז מיט־אמאָל געוואָרן מאָלע־ביימע און האָט אָנגערופן קוקושקינען „רעכילעס־ניק". ווען אויפן צווייטן טאָג האָט זיך אויפן געזימס באַוויזן דער „שיסער", פּישטשענדיק, קריגנדיק זיך און דרייענדיק זיגרײַך מיט זײַן קעפּל און מיט זײַנע גלאַנציקע, אומפאַרשעמטע אייגעלעך, האָט זיך דער טאַנקיסט צע־לאַכט צום ערשטן מאָל אין אַ סאַך באַדאָשים.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט זיך גוואָזדיעוו אינגאַנצן געענדערט. צו אַלעמענס איבעראַשונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ פריי־לעכער, באַריידעוודיקער און געזעלשאַפטלעכער מענטש. דער דאָזיקער בײַט איז, נאַטירלעך, דערגרייכט געוואָרן דורכן קאָמיסאַר, וועלכער איז געווען אַ מײַסטער אין אויסגעפינען יעדערנס שוואַכן פונקט. ער האָט עס דערגרייכט אַט ווי־אַזוי:

דער פרייילעכסטער מאָמענט אין זאַל 42 איז געווען דאַן ווען אין טיר פלעגט זיך באַווײַזן, מיט אַ מיסטעריעזער מינע און מיט די הענט פאַרלייגט אַהינטער, קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ. קוקנדיק אויף אַלעמען פלעגט זי אויסרופן:

— נו, וועמענס ריי איז צו טאַנצן הײַנט?

דאָס האָט באַדײַט אַז עס זײַנען פֿאַראַן בריוו. דער וואָס פֿלעגט זיי באַקומען, פֿלעגט דאַרפֿן אונטערשפּרינגען — כאָטש אַ קאַפּעלע — אין בעט, סטימולירנדיק אַ טאַנץ. דער וואָס האָט עס געדאַרפֿט טאָן צום אָפֿטסטן איז געווען דער קאָמיסאַר, וואָס פֿלעגט צײַטנווײַז באַקומען ביז צען בריוו מיטאַמאָל. מען האָט אים געשריבן פֿון דער דיוויזיע אין רע־טאַגוואַרד; ס'האָבן אים געשריבן זײַנע קאַמפּס־כאַווײרים, אָפֿיצירן און פּאָליטישע אינסטרוקטאָרן; ס'האָבן אים געשריבן סאָלדאַטן; ס'האָבן אים געשריבן, לויט דער אַלטער געוווינהייט, פֿרויען פֿון געוויסע אָפֿי־צירן, בעטנדיק אַז ער זאָל „אַ צי טאָן פֿאַר די לייצעס" דעם מאַן וואָס איז אַראָפּ פֿון דערעך־האַיאָשער; ס'האָבן אים געשריבן די אַלמאָנעס פֿון די טויטע כאַווײרים, בעטנדיק בײַ אים אייצעס אָדער הילף; ס'האָט אים אַפֿילע געשריבן אַ „פּיאָנערקע" פֿון קאַזאַכסטאַן, אַ יעסוימע פֿון אַ פּאָלק־שעף, וועמענס שווערן נאָמען דער קאָמיסאַר האָט בעשום אויפֿן ניט געקענט געדענקען. די דאָזיקע אַלע בריוו האָט ער געלייענט מיט אינטערעס, האָט אומבאַדינגט געענטפֿערט אַף יעדן איינעם פֿון זיי, האָט גלײַך געשריבן אין דער געהעריקער אינסטיטוציע בעטנדיק אַז מען זאָל העלפֿן דער פֿרוי פֿון דעם אָדער יענעם אָפֿיציר, האָט שטרענג אויסגע־רעדט דעם „פּאַרזינדיקטן" מאַן, האָט געשריבן צום הויז־אַדמיניסטראַ־טאָר דראָענדיק אים אַז ער וועט אים אַראָפּנעמען דעם קאָפּ אויב ער וועט ניט אַרײַנשטעלן אַן אויוועלע אין דער מישפּאָכע־וווינונג פֿון דעם און דעם פֿראָנט־קעמפֿער, און ער האָט אַפֿילע אויסגערעדט דער מיידעלע פֿון קאַזאַכסטאַן — מיטן שווערן, פֿאַרפּלאָנטערטן נאָמען — פֿאַר איר האָבן באַקומען אַ צוויי אין לימעד פֿון דער רוסישער שפּראַך, אין צווייטן סע־מעסטער.

סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט אויך אָנגעהאַלטן אַ ברייטע קאָרעס־פּאָנדענץ סײַ מיטן פֿראָנט און סײַ מיטן רעטאַגוואַרד. עס פֿלעגן אָנ־קומען בריוו פֿון זײַנע זין, אויך אויסגעצייכנטע „סנײַפּערס", און פֿון זײַן טאָכטער — אַ בריגאַדע־שעפֿן אין אַ קאָלכאָז — מיט צאָלרײַכע גרוסן פֿון קרויווים און פֿרײַנט. זי האָט אים אינפֿאָרמירט אַז דער קאָלכאָז האָט מיט אַזויפֿיל און אַזויפֿיל פּראָצענט אַריבערגעשטיגן די עקאָנאָמי־שע פּלענער, ניט געקוקט וואָס ער האָט געמוזט צושטעלן נאָך מענטשן פֿאַר נײַע אונטערנעמונגען. מיט גרויס פֿרייד פֿלעגט סטיעפּאַן איוואַנאָ־וויטש גלײַך פֿאָרלייענען אינדערהייך אַלע בריוו, און דער גאַנצער זאַל, אַלע אַסיסטענטקעס, די קראַנקן־שוועסטער און אַפֿילע דער טרוקענער און גאַליקער מעדיקער פֿון זאַל זײַנען שטענדיק געווען באַקאַנט מיט זײַנע מישפּאָכע־איניאָנים.

אַפֿילע דער אומגעזעלשאַפֿטלעכער קוקושקין, וואָס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געווען צעקריגט מיט דער גאַנצער וועלט, האָט באַקומען בריוו פֿון זײַן מאַמען, פֿון באַרנאַול. ער פֿלעגט אַרויסרײַסן דעם בריוו

פון דער קראַנקן־שוועסטערס הענט, צוּוואַרטן ביז אַלע אין זאַל וועלן אײַנשלאָפֿן און דאַן ערשט פלעגט ער, זײַענדיק דורך די ציין, איבער־לייענען דאָס געשריפֿטס. אין יענע מאָמענטן פלעגט זיך אַף זײַן קליינעם פּאָנעם מיט די קאַנטיקע און אומאָנגענעמע שטריכן באַווײַזן אַ ספּע־ציעלער אויסדרוק פון פֿײַערלעכקייט און שאַלווע, אַן אויסדרוק וואָס האָט זיך ניט געפּאַסט צו אים. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זײַן מאַמען, אַן אַלטיטשקע פעלדשערן, אָבער, ניט וויסנדיק פאַרוואָס, האָט ער זיך געשעמט מיט דער דאָזיקער ליבע און האָט זי שטאַרק אויסבאַהאַלטן.

אין יענע פרייליכע רעגעס, ווען אין זאַל פלעגט איינער דעם צווייטן איבערגעבן די באַקומענע יעדיעס, פלעגט דער טאַנקיסט ווערן נאָך טרויע־ריקער; ער פלעגט זיך אַ קער טאָן צו דער וואַנט און איבערדעקן דעם קאָפּ מיט דער דעקע; ס'איז קיינער ניט געווען ווער עס זאָל אים שרײַבן. וואָס מער בריוו דער זאַל פלעגט באַקומען, אַלץ טיפער האָט ער געפילט זײַן איינזאַמקייט. אַ געוויסן טאָג איז אָבער אַרײַנגעקומען קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ זייער אַן עמאָציאָנירטע. באַמיִענדיק זיך ניט צו קוקן אַפן קאָמיסאַר האָט זי אײַליק אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווער מען פאַלט אויס הײַנט צו טאַנצן?

זי האָט אַ קוק געטאָן אַף דער בעט פון טאַנקיסט און איר גוטמו־טיקער פּאָנעם איז באַלויכטן געוואָרן מיט אַ ברייטן שמייכל. אַלע, פאַ־רויספילנדיק עפּעס אויסערגעוויינלעכס, זײַנען געוואָרן אויפמערקזאַם:

— לייטענאַנט גוואָזדיעוו, טאַנצט! אינטערעסירט עס אײַך ניט?

מערעסיעוו האָט געזען ווי גוואָזדיעוו, אַן אויפגעטרייסלטער, האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן קער, ווי ס'האָבן אַ פינקל געטאָן זײַנע אויגן אונטער די באַנדאַזשן. ער האָט זיך אָבער מאָמענטאַל אָפּגעהאַלטן און האָט מיט אַ ציטעריקער, קלוימערשט גלײַכגילטיקער שטים אַ זאָג געטאָן:

— ס'מוז זײַן אַ טאָעס. מיסטאָמע איז דאָ פאַראַן ערגעץ נאָכנט אַ צווייטער גוואָזדיעוו — זײַנע אויגן, אָבער, פולע מיט האָפענונג, האָבן זיך אַרײַנגעגראָבן אין די דרײַ קאָנווערטן וואָס די קראַנקן־שוועסטער האָט געהאַלטן אויפגעהויבן, ווי אַ פאָן.

— וואָס רעדט איר? ס'איז פאַר אײַך! זעט: לייטענאַנט גוואָז־דיעוו ק. מ., און אויסער דעם — זאַל 42. וואָס וועט איר מיר איצטער זאָגן?

די פאַרבאַנדאַזשירטע האַנט פון לייטענאַנט האָט זיך שנעל אויפ־געהויבן פון אונטער דער קאָלדרע. ער האָט צוגעהאַלטן דעם קאָנווערט מיט די ציין און מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָט ער אים מער אויפגע־קניפּט ווי אויפגעריסן. ער האָט געברענט פון אומגעדולד און זײַנע עמאָ־ציאָנירטע אויגן האָבן געגלאַנצט צווישן די באַנדאַזשן. דער פאַל איז געווען אַ מאָדנער. 3 פרײַנטלעכע מיידלעך, סטודענטקעס פון זעלבן קורס, פון זעלבן אוניווערזיטעט האָבן, מיט פאַרשיידענע האַנטשריפטן

און פארשיידענע ווערטער, געשריבן קימאט דאָס זעלבע. אזוי ווי זיי האָבן זיך דערוווסט אז דער טאנקען־העלד לייטענאנט גוואָזדיעוו געפינט זיך א פארוואונדיקטער אין א מאָסקווער שפּיטאל, האָבן זיי באשלאָסן איינצושטעלן א קאָרעספּאָנדענץ מיט אים. זיי האָבן געשריבן אז אויב ער איז ניט אין קאָעם פאר זייער האָזע, זאל ער זיי אָנשרײַבן ווי ער לעבט און וואָס ער מאכט; איינע פון זיי, וואָס האָט זיך אונטערגע־שריבן „אניוטא״, האָט אים געפרעגט צי זי קען אים העלפן מיט עפּעס, צי ער דאַרף גוטע ביכער; זי האָט אויך צוגעגעבן אז אויב ער דאַרף עפּעס, זאל ער זיך ניט שטערן און ווענדן זיך צו איר.

דער לייטענאנט האָט א גאנצן טאָג געהאלטן אין איין בלעטערן די בריוו; געלייענט דעם אדרעס, געקוקט אף די האנטשריפטן. אים איז, נאטירלעך, באקאנט געווען דער דאָזיקער מין קאָרעספּאָנדענץ. ער אליין אפילע האָט זיך דורכגעשריבן מיט אן אומבאקאנטער, וועמענס ליבלעכן צעטעלע ער האָט געפונען אין גראָבן פינגער פון א הענטשקע, וואָס איז געלעגן אין א פּעקל יאָנטעוו־מאטאָנעס. פון יענער קאָרעספּאָנדענץ איז אָבער גאָרניט געוואָרן, ווײַל ס'האָט זיך ארויסגעוויזן אז די אומ־באקאנטע איז אן עלטערע פרוי; צוזאמען מיט א שפּאסיקן צעטעלע האָט זי אים צוגעשיקט א בילד, ווו זי איז ארומגערינגלט מיט אירע פיר קינדער. די איצטיקע קאָרעספּאָנדענץ איז אָבער געווען אינגאנצן אן אנדערע. דאָס וואָס עס האָט צעמישט און געוואונדערט גוואָזדיעוון איז געווען דאָס גלײַכצײַטיקע באקומען פון די בריוו און די אומגע־ריכטקייט. ס'איז נאָך אויך געווען אומפארשטענדלעך וויאזוי די דאָזיקע מעדיצין־סטודענטקעס האָבן זיך מיטאמאָל דערוווסט וועגן זײַנע מיל־כאמע־אויפטוען. אלע פארוואונדיקטע פון זאל, און דער קאָמיסאר מער פון אלעמען, זײַנען געווען פאראינטריגירט מיט דער גאנצער געשיכטע. מערעסיעוו האָט אָבער אויפגעכאפּט אן איבערוווּנק צווישן קאָמיסאר, סטיעפּאן איוואנאָוויטש און דער קראנקן־שוועסטער, און ער האָט פאר־שטאנען אז אויך דאָס איז דעם קאָמיסארס א שטיקל ארבעט.

ווי די זאך זאל ניט זײַן, האָט גוואָזדיעוו, דעם צווייטן טאָג אינ־דערפרי, געבעטן פּאפּיר באם קאָמיסאר, האָט אָפּגעבאנדאזשירט אָן א דערלויבעניש די רעכטע האנט און האָט ביז באנאכט געהאלטן אין איין שרײַבן, פארריכטן, צערײַסן און ווידעראמאל שרײַבן די ענטפערס צו זײַנע אומבאקאנטע קאָרעספּאָנדענטקעס.

צוויי פון די מיידלעך האָבן אויפגעהערט צו שרײַבן. דערפאר אָבער האָט די איבערגעגעבענע אניוטא געשריבן פאר אלע דרײַ. אזוי ווי גוואָז־דיעוו האָט געהאט אן אָפענעם כאראקטער, האָט דער גאנצער זאל גע־וווּסט וואָס עס טוט זיך אפן דריטן קורס פון מעדיצינישן פאקולטעט; ווי פארכאפּנדיק ס'איז די ביאלאָגיע און ווי ניט אינטערעסאנט ס'איז די אָרגאנישע כעמיע; וואָס פארא סימפּאטישע שטים עס האָט דער

פּראָפעסאָר און ווי פּרעכטיק ער דערקלערט, און פּאַרקערט, ווידער, ווי נודנע און שווער ס'איז דער קורס פון דעם און דעם געהילף; וויפל האָלץ זיי האָבן אָנגעלאָדן אין אַנטשפּרעכנדיקן סטודענטישן „רויטן זונטיק" און ווי שווער ס'איז צו שטודירן און גלײַכצײַטיק אַרבעטן אין אַן עוואַקואַציע־שפּיטאָל; וויַאַזוי אַ געוויסע טעמפּע סטודענטקע האַלט אַז מען קען זיך אַלץ אויסלערנען אין געאײַל און געלאַף, און ווי ניט סימפּאַטיש זי איז ביכלאַל.

גוואָזדיעוו האָט ניט נאָר אָנגעהויבן צו ריידן. אַלץ האָט זיך אין אים געביטן. ער איז שנעל געקומען צו זיך.

קוקושקינען האָט מען אַראָפּגענומען דעם גיפּס. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט זיך אויסגעלערנט צו באַוועגן אָן אונטערשפּאַרערס און ער איז שוין געגאַנגען קימאַט ווי אויסגעגלײַכט. איצט האָט ער גאַנצע טעג פאַרבראַכט באַם פענצטער, באַטראַכטנדיק דאָס וואָס עס קומט פאָר אַף דער „פרײַער וועלט". בלויז דעם קאָמיסאַר און מערעסיעוון איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. ספּעציעל האָט זיך גאָר שנעל פאַרערגערט דער צושטאַנד פון קאָמיסאַר. ער האָט שוין ניט געקענט מאַכן אינדערפרי די גימנאַסטישע איבונגען. זײַן קערפּער האָט זיך אַלץ מער און מער באַדעקט מיט אַ בייזאַרטיקער, געלבלעכער און דורכזיכטיקער געשווילעכץ; ס'האָט אים געקאָסט מי אײַנצובויגן די אָרעמס און ער האָט שוין ניט געקענט האַלטן ניט דעם בלײַער אין האַנט און ניט די לעפל באַם עסן.

יעדן אינדערפרי פלעגט אים אַן אַסיסטענטקע אַרומוואַשן, אַרומווישן דעם פּאָנעם און געבן עסן מיט אַ לעפל. מען האָט געזען אַז ניט די מוירעדיקע ווייטיקן דערשלאָגן און צעטרייסלען אים, נאָר די דאָזיקע אוממעכטיקייט. פונדעסטוועגן האָט ער אויך איצט ניט פאַרלאָרן דעם מוט. זײַן באַס האָט לעבעדיק געדונערט בעמעשעך פון טאָג; מיט דער זעלבער פאַראינטערעסירטקייט האָט ער ווײַטער געלייענט די צײַטונגען און האָט אַפילע ניט איבערגעריסן דאָס לערנען זיך דײַטש. מען האָט אָבער געמוזט אַוועקלייגן פאַר אים די ביכער אַף אַ ספּעציעלן דראָטענעם געשטעל, וואָס סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט אויסגעמײַסטרעוועט; אויסער דעם פלעגט דער אַלטער סאָלדאַט מוזן זיצן אַפן ראַנד פון קאָמיסאַרס בעט און איבערמישן פאַר אים די זײַטלעך. אין די פרימאָרגנס, איידער ס'פלעגן נאָך אָנקומען די צײַטונגען, פלעגט דער קאָמיסאַר אויספרעגן אומגעדולדיק דער קראַנקן־שוועסטער וועגן די קאָמוניקאַטן, וועגן די נײַעס דורך ראַדיאָ, וועגן וועטער און וועגן דעם וואָס מען רעדט אין מאָסקווע. ער האָט געבעטן וואַסיליעוויטשן אַז מען זאָל אים צושטעלן אַ פאָר ראַדיאָ־טרײַבלעך.

ס'האָט אויסגעזען אַז וואָס שוואַכער און געליימטער זײַן קערפּער איז געוואָרן, אַלץ דורכדרינגענדיקער און מעכטיקער איז געוואָרן זײַן

גײַסט. ער האָט געלייענט מיטן זעלבן אינטערעס די צאָלרייַכע בריוו און האָט געענטפערט אַף זיי, דיקטירנדיק, לויט דער ריי, קוקושקינען און גוואָזדיעוון. איינמאָל איז מערעסיעוו, וואָס האָט אײַנגעדרעמלט נאָך דער מעדיצינישער באַהאַנדלונג, אויפגעוועקט געוואָרן דורכן דונערנדיקן באַס:

— טינט־זויגער! — האָט ער געדונערט מיט פוריע. אַפן דראָטע־נעם געשטעל איז געווען פונאַנדערגעלייגט די דיוויזיע־צײַטונג, וואָס האָט ניט געטאָרט „ארויסגיין פון דער אייגנהייט" און וואָס עמעץ פון זײַנע פרײַנט האָט אים דאָך געשיקט רעגולער —. זיי זײַנען דאָרט פאַר־אידיאָטישט געוואָרן, בלײַבנדיק אין דער דעפענסיווע. קראַווצאָוו — אַ ביוראָקראַט! דער בעסטער אַרמיי־וועטערינאַר — אַ ביוראָקראַט! גריגאָרי שרײַב, שרײַב גלײַך!

און ער האָט דיקטירט גוואָזדיעוון אַ באַריכט צו אַ מיטגליד פון מיליטערישן ראַט פון דער אַרמיי, בעטנדיק אַז מען זאָל אָנלערנען דעם צײַטונג־שרײַבערל וואָס האָט אַף אַן אומגערעכטן אויפן געזידלט אַ וויכ־טיקן מענטשן, אַ מענטשן וואָס דערפילט אייפערדיק זײַן כויוו. נאָכן אי־בערגעבן דעם בריוו דער קראַנקן־שוועסטער אַף אוועקצושיקן, האָט ער נאָך אַ לאַנגע צײַט געקערט מײַסים קעגן די „טינט־זויגער", און ס'איז געווען מאָדנע צו הערן וויאַזוי דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט קוים געקענט באַוועגן דעם קאָפּ אַפן קישן, האָט געשאָטן מיט אַזוינע לײַדנ־שאַפטלעכע ווערטער.

אינאָוונט פון יענעם טאָג איז פאָרגעקומען אַ נאָך מערקווירדיקערע פּאַסירונג. פאַרנאַכטלעך, ווען די ליכטער האָבן זיך נאָך ניט אָנגעצונדן, איז סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש געזעסן באַם פענצטער און האָט, אַ פאַר־טראַכטער אין זיך, געקוקט אַפן ברעג. אַפן טײַך האָט מען געשניטן און געהאַקט דעם אײַז. פרויען אין אומדורכנעצלעכע פאַרטעכער האָבן מיט אײַזערנע שטאַבעס געשפּאָלטן דעם אײַז לענגוים דעם טונקעלן קוואַדראַט פון שניט; שפּעטער האָבן זיי, מיט איינעם אָדער צוויי זעצן, איבערגע־בראָכן די בלאָקן אין קלענערע, לענגלעכע שטיקער, ארויסגעצויגן זיי מיט קאָטשערעס אַף ברעטער און ארויסגעשלעפּט זיי פון וואַסער. די שטיקער אײַז זײַנען געלעגן אין אַ ריי. אונטן זײַנען זיי געווען דורכ־זיכטיק־גרין און אויבן — געגרײַפּלט און געלבלעך. איבערן וועג, לענגוים דעם טײַך און אין דער ריכטונג צום האַק־פּלאַץ, האָט זיך געצויגן אַ לאַנ־גע שורע צונויפגעטשעפּעטע שליטנס. אַן אַלטיטשקער — אָנגעטאָן אין אַ פוטערן היטל, אין אַ וואַטאָווער קורטקע און הויזן, און מיט אַ האַק אין גאַרטל — האָט פאַר די ציימלעך צוגעפירט די פערד צום האַק־פּלאַץ, און די ווײַבער האָבן אָנגעלאָדן די שטיקער אײַז אַף די שליטנס.

דער געניטער סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט ארויסגעדרונגען אַז די וואָס אַרבעטן אַפן טײַך זײַנען קאָלווירט־מענטשן, אָבער ער האָט געזען

אַז זיי טוען די אַרבעט אָן אַ טאָלק און אָן אָרדענונג. עס זײַנען געוועזן אַ סאַך מענטשן, מען האָט זיך געשטופּט און געשטערט איינע די אַנדערע. אין זײַן אָרגאַניזאַטאָרישן קאָפּ איז פּאַרטיק געוואָרן אַ פּלאַן. אין געדאַנק האָט ער אײַנגעטיילט אַלעמען אין גרופּעס פון דרײַ; מער מענטשן האָט מען ניט געדאַרפט אַף אַרויסצוציִען באַקוועם די בלאָקן אַפן אײַז. יעדער גרופּע האָט ער, אין געדאַנק, צוגעטיילט אַ באַזונדערן סעקטאָר און האָט זיי געצאָלט ניט גלײַך, נאָר לויט דער צאָל אַרויסגעצויגענע בלאָקן. יענער פּוקפּאָנעמדיקער און ראָזער מיידל וואָלט ער געראָטן צו אָרגאַניזירן אַ פאַרמעסט צווישן די גרופּעס פון דרײַ... ער איז געוועזן אַזוי פאַרטאָן אין זײַנע פּראַקטישע מאַכשאָוועס, אַז ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג ווי איינס פון די פערד איז מיטאַמאָל אַזוי נאָנט צוגעקומען צום טײַך־אויפשניט, אַז זײַנע הינטערשטע פיס האָבן זיך אויסגעגליטשט און ער איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער. די שליטנס האָבן אויפגעהאַלטן דעם פערד אַף דער אויבערפלאַך, אָבער דער שטראָם האָט אים געצויגן אונטערן אײַז. דער אַלטיטשקער האָט אַ צעטומלטער אַרומגעשמײַעט אַרום פערד, שלעפנדיק אַף צוריק דעם שליטן אָדער ציִענדיק דעם פערד פאַר די לייצעס.

— דער פערד דערטרינקט זיך! —האָט מיטן גאַנצן קאָל אַ געשריי געטאָן סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש.

דער קאָמיסאַר, אָנשטרענגענדיק זיך אַף אַן אומגלויבלעכן אויפן און ווערנדיק גרין פון ווייטיק, האָט זיך אונטערגעהויבן אַף אַן עלנבויגן און אָנשפּאַרנדיק זײַן ברוסט אַפן געזימס האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער שויב.

— גוילעם!... —האָט ער אַ מורמל געטאָן—. וויִאַזוי פאַרשטייט ער עס ניט? דער געשפּאַן... מען דאַרף איבערשנײַדן די רימענס פון געשפּאַן און דער פערד וועט פון זיך אַליין אַרויס... אַן אומגליק דאָס איז! צוליב זײַן שולד וועט זיך דער פערד דערטרינקען.

סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש איז מיט גרויס מי אַרויפגעקראָכן אַפן פענצטער. דער פערד האָט זיך געטרונקען. די מוטנע כוואַליעס האָבן אים שוין געהאַלטן אין צודעקן, אָבער ער האָט נאָך געקעמפט פאַרצווייפלט; ער פלעגט זיך אַרויסרוקן פון וואַסער און פלעגט אָנהייבן גראַבלען מיט זײַנע פאָדערשטע קאָפּיטעס דעם אײַז.

— העי, שנײַד איבער די רימענס פון געשפּאַן! —האָט געליאַרעמט מיט זײַן גאַנצער ברוסט דער קאָמיסאַר, פונקט ווי דער אַלטער וואָלט אים געקענט דערהערן פון טײַך.

— העי, פרײַנט, שנײַד איבער די רימענס! מיט דער האַק, וואָס דו האָסט אין גאַרטל, שנײַד איבער די רימענס, שנײַד איבער! —האָט אַרויסגעשריִען סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש צו דער גאַס צו, צונויפדרייענדיק זײַנע דלאָניעס אין מעגאַפּאָן.

דער אַלטער האָט דערהערט די אייצע, וואָס איז אים אַראָפּגעפאַלן ווי פון הימל. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די האַק און מיט צוויי שניטן איבערגעהאַקט די רימענס. דער פערד, אַ באַפרייטער, איז אַרויפגעשפרונגען גלייך אַפן אייז און האָט זיך אָפּגעהאַלטן באַם ברעג פון אויפשניט, פּורסקענדיק, באַוועגנדיק מיט די גלאַנציקע זייטן און אָפּטרייסלענדיק זיך ווי אַ הונט.

— וואָס באַטייט עס? —האָט אַ הילך געטאָן איבערן זאַל.

וואַסילי וואַסיליעוויטש, מיט אַן אָפּגעשפּיליעטן כאַלאַט און אַן דער געווײנלעכער ווייסער יאַרמלקע אַפן קאָפּ, איז געשטאַנען אין טיר. ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו זידלען זיך, האָט געטופּעט מיט די פיס און האָט ניט געוואָלט וויסן פון קיין שום טײַנע־אומײַנע. ער האָט זיך געשוואָרן אַז ער וועט אַוועקשיקן צום טײַוול אַלעמען פון פאַרטומלטן זאַל, און ער איז אַוועק אַ צעשרײַענער און אַ שווער־אָטעמענדיקער, ניט באַנעמענדיק, ווי ס׳ווײַזט אויס, דאָס וואָס איז אין דער עמעסן פאָרגעקומען. אַ מינוט שפּעטער איז אַרײַנגעלאָפן אין זאַל קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ, אַ פאַרצווייפלטע און מיט פאַרוויינטע אויגן. זי האָט געכאַפּט פון וואַסילי וואַסיליעוויטשן די ריכטיקע גאָב, אָבער דערזעענדיק אַפן קישן דעם גרינעם, שטאַרן פאָנעם פון קאָמיסאַר, וואָס איז געלעגן אומבאַוועגלעך מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים.

באַנאַכט האָט זיך דער קאָמיסאַר געפילט שלעכט. מען האָט אים אײַנגעשפּריצט קאַנפער־אייל און אײַנגעגעבן אַ באַלאָן זויערשטאָף. עס האָט לאַנג געדויערט ביז ער איז געקומען צו זיך. ווען ער האָט צוריקבאַקומען דעם באַוווּסטזײַן, האָט ער זיך גלײַך באַמיט צו שמייכלען צו קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַן, וואָס האָט זיך געפונען לעבן אים מיטן באַלאָן זויערשטאָף אין די הענט. ער האָט גענומען שפּאַסן:

— באַומרויִקט זיך ניט, שוועסטערל. פון גענעם אַליין וואָלט איך זיך אומגעקערט, קעדיי צו ברענגען אײַך די רעפוע מיט וועלכער די שיידים באַזײַטיקן דאָרט די זומערשפּרענקלעך.

אומדערטרעגלעך און ווייטיקדיק איז געווען צוצוקוקן זיך מיט וואָס פאַראַ פוריע ער האָט זיך פאַרטיידיקט קעגן דער קראַנקייט, דער דאָזיקער גרויסער און מעכטיקער מענטש, וואָס איז פון טאָג צו טאָג שוואַכער געוואָרן.

## .8

אויך אַלעקסיי מערעסיעוו איז שוואַכער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. אין לעצטן בריוו צום „מעטעאָראָלאָגישן סערזשאַנט”, דער איינציקער פערזאָן וועלכער ער האָט איצט אָנגעטרויט זײַנע זאָרגן, האָט ער אַפילע אויסגעדריקט זײַן צווייפל צי ער וועט אַריבערלעבן; ער האָט זיך אויס־

געדריקט, אז דאס וואלט טאקע געווען דאס בעסטע, ווייל א פליער אן פיס איז דאס זעלבע וואס א פויגל אן פליגל, און אז ער איז גרייט אויפצונעמען רויק דעם ערגסטן פינאל, מיטן באדינג ער זאל קומען וואס פריער. שרייבן אזוי איז עפשער געווען גרויזאם; אין לויף פון דער קארעספאנדענץ האט זיך דאס מיידל מוידע געווען אז א לאנגע צייט שוין ווי זי איז ניט גלייכגילטיק צום „כאווער לייטענאנט" און אז ווען ניט דער אומגליק, וואס האט געטראפן מיט אים, וואלט זי עס קיינמאל ניט געבראכט פאר די ליפן.

— זי וויל כאסענע האבן; די מענער זיינען איצט א גאנצע מעציע —האט קוקושקין באמערקט מיט בייסיקייט, ווי זיין שטייגער איז געווען.

אלעקסיי האט זיך אבער דערמאנט אין יענעם בלאסן פאנעם, וואס האט זיך צוגעדריקט צו אים אין מאמענט ווען דער טויט האט געפייפט איבער זייערע קעפ. ער האט געוווסט אז ס'איז ניט אזוי. ער האט אויך געוווסט אז ס'וועט איר פיינלעך זיין צו לייענען זיינע טרויעריקע פארטרויונגען. ער האט איר פונדעסטוועגן ווייטער אנגעטרויט זיינע מעלאנכאלישע טראכטענישן, ניט געקוקט וואס ער האט נאך אלץ ניט געוווסט דעם עמעסן נאמען פון „מעטעאראלאגישן סערזשאנט".

דער קאמיסאר האט בא אלעמען אנגעטאפט דעם טויטן פונקט, אבער מערעסיעוו האט ארויסגעוויזן א ווידערשטאנד. אפן צווייטן טאג נאך דער אפעראציע האט זיך באוויזן אין זאל דאס בוך „אזוי האט זיך פארהארטעוועט דער שטאל".*) מען האט עס אנגעהויבן צו לייענען אינדערהייך. אלעקסיי האט פארשטאנען פאר וועמען ס'איז באשטימט די דאזיקע לעקטור, אבער דאס האט ווייניק וואס געטרייסט. זינט זיין קינדהייט האט ער שטארק געשעצט פאוועל קארטשאגינען. דאס איז געווען איינער פון זיינע באליבטסטע העלדן. „אבער קארטשאגין איז ניט געווען קיין פילאט" —האט געטראכט אלעקסיי. האט ער דען געוווסט וואס דאס איז אזוינס „האבן א לופט-שוואכקייט"? אויסער דעם האט אסטראווסקי, דער אינוואליד, ניט געשריבן זיין בוך אין א צייט ווען אלע מענער און א סאך פרויען פון לאנד קעמפן, ווען אפילע קליינווארג טאקט סנאריאדן, יענץ קליינווארג וואס מוז זיך שטעלן אף קעסטלעך קעדיי צו דערגרייכן די מאשינען".

מיט איין ווארט — דאס בוך, אין יענעם קאנקרעטן פאל, האט ניט געהאט קיין שום פעולע. דאן האט דער קאמיסאר אנגעהויבן אן ארומרינגלונג-באוועגונג. צופעליק, קלוימערשט, האט ער זיך גענומען באציען צו א צווייטן מענטשן, וואס האט, ניט געקוקט אף זיינע פאראליזירטע פיס, דורכגעפירט א גרויסע סאציאלע ארבעט. סטיעפאן איוואנאוויטש,

*) דער טיטל פון ניקאלײַ אסטראווסקיס אן אויטאביאגראפישן ראמאן, איז וועלכן דער מעכאבער גיט א בילד פון א יונגן באלשעוויק פאוועל קארטשאגין, א מענטש מיט א ריזיקער מאראלישער קראפט און רעוואלוציאנערן ווילן. (באמ. פון איבערז.)

וואָס האָט געהאַט אַן אינטערעס אין אַלץ, האָט רעאַגירט מיט אויסגעשרייען פֿון באַוווּנדערונג. ער האָט זיך דערמאָנט אַז אין זײַנע קאַנטאָן איז געווען אַ דאָקטאָר מיט איין האַנט, אַ גרויסער ספּעציאַליסט, וואָס איז געפֿאָרן רײַטנדיק און געגאַנגען אַף יאַגד. ער פֿלעגט אַפֿילו, מיט זײַן איינציקער האַנט, באַווײַזן דעם קונץ צו טרעפֿן מיט אַ שרויטעלע אַ וועווערקע אין סאַמע אויג אַרײַן. דער קאָמיסאַר האָט זיך דאַן דערמאָנט אין געשטאָרבענעם אַקאַדעמיקער וויליאַמס, וועמען ער האָט געקענט פּערזענלעך ווען ער האָט געאַרבעט אין דאָרף. יענער מענטש איז געווען האַלב־פּאַראַליזירט און ער האָט בלויז געקענט באַוועגן מיט אַן אָרעם. פֿונדעסטוועגן האָט ער אָנגעפֿירט מיטן פּאָרש־אינסטיטוט און האָט דורכגעפֿירט אַרבעטן פֿון אומגעהויערער וויכטיקייט.

מערעסיעוו האָט זיך צוגעהערט און געשמייכלט: מען קען טראַכטן, ריידן, שרײַבן, באַפֿעלן, היילן און אַפֿילו גיין אַף יאַגד אָן פֿיס, אָבער ער איז געווען אַ פֿליִער, אַ פֿליִער פֿון באַרוף, אַ פֿליִער פֿון קינדווײַז אויף, פֿון יענעם טאָג אָן ווען ער האָט היטנדיק אַ קאַווענע־פֿעלד, דערהערט דאָס זשומען און נאָכדעם דערזען אַ קליינעם, זילבערדיקן „ליבעלע"־פֿלאַטערל, וואָס איז געפֿלויגן פּאַמעלעך און זייער רויִק, און געגלאַנצט אַפֿן זון מיט זײַנע דאָפּלטע פֿליגעלעך. ער איז געפֿלויגן איבער דער טרוקענער, צעשפּאָלטענער ערד, ווו עס זײַנען געלעגן די באַרימטע, ריזיקע וואָלגע־קאַווענעס און איז פֿאַרשווּנדן אין שטויביקן סטעפּ, אין דער ריכטונג פֿון סטאַלינגראַד.

— אָבער דער דאָזיקער מענטש איז ניט געווען קיין אוויאַטאָר — האָט געזאָגט אַלעקסיי, אָפּקערנדיק דאָס פּאָנעם צו דער וואַנט.

דער קאָמיסאַר האָט זיך אָבער ניט אָפּגעזאָגט פֿון זײַנע פּרוּוון „אײַנצוברעכן" מערעסיעוון. איינמאָל, ווען דער פֿליִער האָט זיך געפֿונען אין זײַן געוויינלעכן צושטאַנד פֿון פֿאַרגליווערטער גלײַכגילטיקייט, האָט אַלעקסיי דערהערט דעם באַס פֿון קאָמיסאַר:

— אַלעקסיי, זע: אָט־דאָ שרײַבט מען וועגן דיר.

סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט צוגעטראָגן מערעסיעוון אַ זשורנאַל. דאָרט איז געווען אַ קליינער אַרטיקל, אונטערגעשטראָכן מיט אַ בלײַער. אַלעקסיי איז שנעל דורכגעלאָפֿן מיטן בליק דאָס אונטערגעשטראָכענע און האָט דאָרט אין ערגעץ ניט געפֿונען זײַן נאָמען. דער אַרטיקל האָט זיך באַצויגן צו רוסישע פּילאָטן פֿון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. פֿון די בלעטער פֿון זשורנאַל האָט געקוקט אַף אַלעקסייען אַן אָפּגעקראָכן פּאָנעם פֿון אַ יונגן אָפֿיציר, מיט דינע, פֿאַרדרייטע וואָנצעלעך און מיט אַ ווײַסער קאָקאַרדע אַפֿן היטל וואָס איז געווען שטאַרק אָנגעבויגן אַף אַן אויער.

— לייען, לייען, דאָס איז ווי אָנגעמאָסטן אַף דיר — האָט אײַנגעטײַנעט דער קאָמיסאַר.

מערעסיעוו האָט געלייענט. אין אַרטיקל האָט מען דערציילט וועגן רוסישן מיליטערישן אוויאַטאָר לייטענאַנט וואַלעריאַן אַרקאַדיעוויטש קאַר־פּאָוויטש. ווען ער איז געפלויגן איבער די פּאָזיציעס פונעם סוינע, איז קאַרפּאָוויטש געטראָפן געוואָרן אין פוס דורך אַ דײַטשישער דום־דום־קויל. ניט געקוקט אויף זײַן פאַרוווּנדיקטער פוס האָט ער באַוויזן צו קרייצן מיט זײַן „פאַרמאַן" די פראָנט־ליניע און צו לאַנדן צווישן די אייגענע. מען האָט אים אַמפּוטירט דעם פוס, אָבער דער יונגער אָפיציר האָט זיך ניט געוואָלט צוריקציִען פון מיליטער. ער האָט אויסגעפונען אַ ספּעציע־לע פּראָטעזע. אַ לאַנגע צײַט האָט ער געמאַכט גימנאַסטישע איבונגען און געניטונגען. אַ דאַנק דעם האָט ער זיך, צום סאָף פון דער מילכאָמע, אומגעקערט אין מיליטער. ער האָט געדינט ווי אַן אינספּעקטאָר אין אַ מיליטערישער פלי־שול און האָט אַפילע — ווי ס'האָט זיך געזאָגט אין אַרטיקל — „אײַנגעשטעלט צײַטנווײַז דאָס לעבן אויפהייבנדיק זיך מיט זײַן אַוויאָן". ער האָט באַקומען דעם אָפיצירן־קרייץ פון „הייליקן געאָרגי" און האָט געדינט מיט דערפאָלג אין דער רוסישער מיליטערישער אוויאַ־ציע, ביז ער איז אומגעקומען אין אַ לופט־קאַטאַסטראָפע.

מערעסיעוו האָט איין מאָל, אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל אי־בערגעלייענט דעם אַרטיקל. די פאָטאָגראַפיע פון יונגן, דאַרן לייטענאַנט, וועמענס פּנים ס'האָט אויסגעזען ענערגיש און מיד, האָט געשמייכלט צו אים מיט אַ האַלב־געצוווּנגענעם, אַביסל באַרימערישן שמייכל. אַלע האָבן שטיל געקוקט אויף אַלעקסיין. אַלעקסיי האָט אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט איבער די האָר און ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון אַרטיקל, האָט ער אַ טאַפּ געטאָן אַפן נאַכט־טישל, גענומען אַ בלײַער און אַרומגעראַמט גענוי און פּאַרזיכטיק דאָס אַרטיקעלע.

— האָסט געלייענט? — האָט כיטרע געפּרעגט דער קאָמיסאַר, בעיס אַלעקסיי האָט געשוויגן און נאָך אַלץ געהאַלטן אין דורכלויפן מיט די אויגן איבער די שורעס —. נו, וואָס זאָגסטו אויף דעם?

— דעם־אָ האָט געפעלט נאָר איין פוס.

— אָבער דו ביסט אַ סאָוועטישער מענטש.

— ער איז געפלויגן אין אַ „פאַרמאַן". איז עס דען געווען אַן אוויאָן? דאָס איז דאָך געווען אַ געשטעל. מען האָט ניט גענדאַרפט האָבן קיין גרויסע זיבן זאַכן צו פליִען אין אים! זײַנע אינסטרומענטן האָבן ניט געפאָדערט קיין געניטקייט און קיין גיכקייט.

— אָבער דו ביסט אַ סאָוועטישער מענטש — האָט איבערגעכאַזערט דער קאָמיסאַר.

— אַ סאָוועטישער מענטש — האָט איבערגעכאַזערט מעכאַניש אַלעק־סיי, ניט אָפּרײַסנדיק די אויגן פון אַרטיקל. נאָכדעם האָט אַ געוויסע אי־נעווייניקסטע ווארעמקייט אויפגעלויכטן אויף זײַן בלאַסן פּנים און ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אַלעמען מיט אַ שײַנענדיקן און איבערראַשטן בליק.

באַנאַכט האָט אַלעקסיי אַרונטערגערוקט אונטערן קישן דעם זשורנאַל און האָט זיך דערמאָנט אַז אין דער קינדהייט, ווען ער פּלעגט זיך לייגן מיט זײַנע ברידער אַפן געמיינזאַמען געלעגער, פּלעגט ער פּונקט אַזוי אַרונטעררוקן דעם אַנאַויערדיקן בער, וואָס די מאַמע האָט געמאַכט פון אַן אַלטער פראַנעלער בלוזע. די דאָזיקע דערמאָנונג האָט אַרויסגערופן בײַ אים אַ שטאַרקן געלעכטער, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין גאַנצן זאַל.

ער האָט ניט צוגעמאַכט די אויגן אַ גאַנצע נאַכט. אַלע זײַנען געשלאָפן מיט אַ שווערן שלאָף. גוואָזדיעוו האָט זיך געהאַלטן אין איין דרייען אין בעט און ס'האָבן געקרעכצט די ספּרענזשינעס פון זײַן מאַטראַץ. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט געכראָפּעט מיט אַזוינע גרילציקע פּײַפּעריען אַז ס'האָט זיך אויסגעדוכט: די קישקעס פּלאַצן אים. איבערדרייענדיק זיך פון צײַט צו צײַט, האָט דער קאָמיסאַר שטיל געזיפצט. אַלעקסיי האָט אָבער גאָרניט געהערט. ער פּלעגט אַרויסנעמען יעדע ווײַלע דעם זשורנאַל און בײַם ליכט פון לעמפּל אײַנקוקן זיך אין שמייכלענדיקן פּנים פון לייטענאַנט. „דיר איז שווער געווען, אָבער ניט געקוקט אַף אַלץ האָט זיך דיר אײַנגעגעבן —האָט ער געטראַכט—. מיר וועט זײַן צען מאָל שווערער, אָבער, וועסט שוין זען, איך וועל אויך ניט בלײַבן פון הינטן".

אַרום האַלבער נאַכט איז דער קאָמיסאַר פּלוצלינג שטיל געבליבן. אַלעקסיי האָט זיך אונטערגעהויבן און האָט דערזען אַז ער ליגט אַ בלייכער, אַ רויִקער און, ווי ס'ווײַזט, אָן אָטעם. דער פליִער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס גלעקל און געגומען שטאַרק קלינגען. ס'איז אָנגעלאָפן קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ, מיט אַ נאַקעטן קאָפּ, מיט אַ צעקנייטשטן פּנים און מיט אַ צעלאָזענעם צאָפּ. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז אָנגעקומען דער דיזשורנער דאָקטער. מען האָט דעם קאָמיסאַר אָנגענומען פאַרן פּולס, אײַנגעשפּריצט אים קאַנפער־אייל און אַרײַנגעלאָזט אין מויל די רער פון זויערשטאָף־באַלאָן. דאָס דאָזיקע אַרומשמײַען האָט געדויערט אַ וואָסער שאָ און צײַטנווײַז האָט זיך אויסגעדוכט אַז אַלץ איז פאַרלאָרן. סאָפּקאָלסאָף האָט דער קאָמיסאַר געעפנט די אויגן, האָט אין אַ קוים־קוים באַמערקלעכער פאָרעם אַ שמייכל געטאָן צו קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ און האָט צו איר אַ זאָג געטאָן מיט אַ ברעקל שטים:

— אַנטשולדיקט מיר, איך האָב אײַך אַלאַרמירט אומזיסט. איך בין ניט דערגאַנגען צום גענעם און כ'האָב ניט געקענט באַקומען די קרעם צו די זומערשפּרענקלעך. מען דאַרף בעכיין, טײַערע, האָבן געדולד מיט די זומערשפּרענקלעך, דערווײַל קען מען גאָרניט טאָן.

דער שפּאַס האָט דערמוטיקט אַלעמען. מעכטיק איז געווען דער דאָזיקער דעמב; עפּשער וועט ער אויך אויסהאַלטן דעם דאָזיקן שטורעם. דער דאָקטער איז אַוועק; דאָס סקריפּען פון זײַנע שיך האָט זיך אויסגעלאָשן פּאַמעלעך אין קאָרידאָר. עס זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען די

אַסיסטענטקעס און בלויז קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ איז געבליבן זיצן אױפֿן ראַנד בעט פֿון קאָמיסאַר. די קראַנקע זײַנען אַנטשלאָפֿן געוואָרן, אָבער מערעסיעוו איז געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און געטראַכט וועגן פּראָטעזן וואָס וואָלטן געקענט צוגעפּעסטיקט ווערן, זאָל זײַן מיט רימענס אפֿילע, צו די פֿעדאַלן פֿון אַוויאָן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז איינמאָל, ווען ער איז נאָך געווען אין לופֿט־קלוב, האָט ער געהערט ווי אַן אינסטרוקטאָר — אַן אַלטער פּילאָט פֿון די צײַטן פֿון בירגער־קריג — האָט געזאָגט אַז אַ פֿליִער מיט קורצע פֿיס בינדט צו צו די פֿעדאַלן אַזוינע מינע סאַנדאַלן אָדער אונטערשפּאַרערס.

„ברודער, כ'וועל ניט בלײַבן פֿון הינטן" — האָט אַלעקסיי פּאַרזיכערט קאַרפּאָוויטשן. „כ'וועל פֿליִען, כ'וועל פֿליִען" — האָט געקלונגען און געזונגען אין זײַן געדאַנק, צעטרײַבנדיק דעם שלאָף. ער איז געלעגן שטיל, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן. אַ ליאַדע פֿרעמדער האָט געקענט מיינען אַז ער שלאָפֿט טיף, שמייכלענדיק אין כאָלעם.

און אין יענעם מאָמענט האָט ער דערהערט אַ געשפּרעך, וואָס איז אים שפּעטער, אין די שווערע מאָמענטן פֿון זײַן לעבן, געקומען אױפֿט אױפֿן זיקאָרן.

— אָבער פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס זײַט איר אַזאַ? ס'איז גרוייליק צו שפּאַסן און צו לאַכן וועגן אײַערע לײַדן. פֿאַרוואָס האָט איר זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַ באַזונדערן זאַל?

ס'האָט אויסגעזען ווי די וואָס האָט גערעדט איז ניט געווען קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ, די שיינע, גוטע, אָבער עטוואָס אומפּערזענלעכע, קראַנקן־שוועסטער פֿון זאַל. ס'האָט גערעדט אַ געפֿילנפֿולע פֿרוי, וואָס האָט זייער שטאַרק פּראָטעסטירט. אין איר שטים זײַנען געווען טענער פֿון פֿאַרביטערטקייט און עפּשער פֿון עפּעס מער. מערעסיעוו האָט געעפֿנט די אויגן. בײַ דער שוואַכער שײַן פֿון נאַכט־לעמפּל, וואָס איז נאָך געווען פֿאַרטונקלט דורכן קאָפּ־צודעק פֿון דער קראַנקן־שוועסטער, האָט ער דערזען אױפֿן קישן דעם בלייכן און געשוואָלענעם פּנים פֿון קאָמיסאַר, אין וועמענס אויגן ס'האָט אַרומגעשפּילט אַ מילדער, ליבלעכער גלאַנץ, און דעם צאַרטן פּרויען־פּראָפֿיל פֿון קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַן. דאָס ליכט, וואָס האָט זי באַלויכטן פֿון הינטן, האָט אַרומגענומען מיט אַ ליכטיקן קרײַז אירע געדיכטע בלאָנדע האָר, און מערעסיעוו, וויסנדיק אַז ס'איז ניט גוט דאָס וואָס ער טוט, האָט ניט געקענט אָפּווענדן די אויגן פֿון איר.

— אײַ, אײַ, אײַ, שוועסטערל!... און טרערעלעך אויך? עפּשער וואָלט געווען גענוג? ס'וואָלט אײַך עפּשער ניט געשאַדט אַ ביסעלע בראָמור? — האָט געזאָגט צו איר דער קאָמיסאַר ווי צו אַ קליין מיידעלע.

— איר שפּאַסט שוין ווידער! אָבער וואָס פֿאַרא מענטש זײַט איר? איר זײַט מאָנסטעריעז, איר פֿאַרשטייט? לאַכן ווען עס זײַנען פֿאַראַן

מאַטיוון צו וויינען, באַרויִקן די אַנדערע ווען מען ווערט אַליין צעריסן אַף שטיקער, דאָס איז מאַנסטעריעז. סאַר אַ גוטער איר זייט, סאַר אַ גוטער! איר האָט ניט קיין רעכט, איר הערט, איר האָט ניט קיין רעכט אויפצופירן זיך אַזוי לעגאַבע זיך אַליין.

און אַ לאַנגע ווײַלע האָט זי געוויינט שטיל מיט אַן אײַנגעבויגענעם קאָפּ. דער קאָמיסאַר האָט באַטראַכט מיט אַ מעלאַנכאָלישן און צאַרטן בליק די דינע אַקסלען וואָס האָבן אַרומגעציטערט אונטערן כאַלאַט.

— ס'איז שפּעט, שפּעט, טײַערע. אין די פּערזענלעכע איניאַנים האָב איך זיך שטענדיק פּאַרשפּעטיקט אַף אַן אויפן וואָס מען קען מיר גאָרניט מויכל זײַן. כ'האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין צײַט און קיין אויפגעלייגטקייט און איצט, ווי ס'ווײַזט, איז שוין צו שפּעט.

דער קאָמיסאַר האָט אַ זיפץ געטאָן. די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך אויפגעשטעלט און, אַ פאַרשווומענע אין טרערן, האָט זי געקוקט אַף אים, מיט זאָרגיקער אויסוואַרטונג. ער האָט אַ שמייכל געטאָן, האָט ווידער אַ זיפץ געטאָן און האָט, מיט זײַן געוויינלעכן גוטברודערלעכן און עטוואָס איראָנישן טאָן, גערעדט ווײַטער:

— הערט אויס, פרײַנט מײַנס, אַ געשיכטע. זי איז מיר איצט מיטאַמאָל געקומען אַפן געדאַנק. דאָס איז פאָרגעקומען לאַנג שוין, אין דער עפּאָכע פון בירגער־קריג, אין טורקעסטאַן. איך בין דאָרט געווען. אַן עסקוואַדראָן, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט נאָכיאָגן אַ באַנדע באַסמאַטשן *), האָט זיך פאַרקליבן אין אַ מידבער, ווו די פערד — די פערד זײַנען געווען רוסישע, ניט־צוגעוווינטע צו זאַמד — האָבן אָנגעהויבן אומצוקומען. מיט איינמאָל זײַנען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פוסגייער. יאָ, אין פוסגייער. דער שעף האָט אָנגענומען אַ באַשלוס: איבערלאָזן אַלצדינג און בלויז מיטן געווער אין האַנט דורכרײַסן זיך, צופוס, צו אַ גרויסער שטאָט. קעדיי צוצוקומען צו דער דאָזיקער שטאָט האָט מען געדאַרפט דורכמאַכן 160 קילאָמעטער דורך אַ זאַמדיקער וויסטעניש. ווי זעט עס אײַך אויס, פרײַנט? מיר האָבן געשפּאַנט אַ טאָג, אַ צווייטן, אַ דריטן. די זון האָט געסמאַליעט. ס'איז ניט געווען וואָס צו טרינקען. דאָס מויל האָט אָנגעהויבן שפּאַלטן זיך און דער ברענענדיקער זאַמד האָט געשוועבט אין דער לופטן, געשאָרבט אונטער די פיס, געסקריפּעט צווישן די ציין, אַרײַנגעשטאָכן זיך אין די אויגן, אָנגעפילט דעם גאָרגל; מיר האָבן ניט געקענט מער... אַ מענטש פלעגט אַ פאַל טאָן אַף אַ זאַמד־בערגל, אײַנגראָבן דאָס פּאָנעם אין דער ערד און ניט האָבן קיין קויעך אויפצוהייבן זיך. אונדזער קאָמיסאַר איז געווען יאַקאָוו פּאַוולאָוויטש וואָלאָדין. ער

*) באַנדיטן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער אַנטיסאָוועטישער באַוועגונג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין צענטראַל־אַזיע, בעמעשעך פון בירגער־קריג, דורכן שפּיאָנאַזש־דינסט פון די אינטערווענץ־מעלוכעס, קעדיי צו קעמפן קעגן דער ראַטנמאַכט. (באַמערקונג פון איבערזעצער).

איז געווען א היסטאָריקער און האָט אויסגעוויזן צו זײַן אַ שוואַכער אינ־טעלעקטואַל... ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז ער איז אַ פעסטער באָלשעוויק. לויט אַלע וואַרשײַנלעכקייטן האָט ער געדאַרפט דער ערשטער פאַלן און פונדעסטוועגן איז ער געגאַנגען און געמונטערט נאָכאַנאַנד די איבעריקע; ער האָט זיי געזאָגט: „מיר זײַנען שוין נאָנט, מיר וועלן שנעל אָנקומען", און צו די וואָס פלעגן זיך אויסציִען פלעגט ער אויס־שטרעקן דעם רעוואָלווער און אויסשרײַען צו זיי: „הייב זיך אויף אָדער איך שיס"...

דעם פערטן טאָג, ווען עס זײַנען בעסאַכאַקל געבליבן בלויז אַ פופצן קילאָמעטער צו דער שטאָט, זײַנען שוין די מענטשן געווען אינגאַנצן אויסגעשעפּט. שאָקלענדיק זיך און שלעפּנדיק זיך אין זיג־זאַגן ווי שי־קערע, האָבן מיר געלאָזן הינטער זיך אומרעגולערע שפּורן, ווי פון פאַר־וווּנדיקטע כאַיעס. מיטאַמאָל האָט אונדזער קאָמיסאַר גענומען זינגען. זײַן שטים איז קיין שטים ניט געווען און דאָס לידל, וואָס ער האָט פאַר־צויגן, איז געווען אַן אַבסורדאַלער און אַלטער סאָלדאַטן־געזאַנג „טשובאַ־ריקי, טשובטשיקי". פונדעסטוועגן האָבן אַלע מיטגעזונגען אין אַ כאָר. איך האָב פאַראָרדנט „פאַרמירן זיך". כ'האָב געציילט דעם טראָט און, איר ווייסט, ס'איז אונדז לײַכטער געווען צו גיין. נאָך יענעם ליד איז געקומען אַ צווייטס און אַ ווײַטערדיקס. פאַרשטיי, שוועסטערל, מיט טרו־קענע גאָרגלען און אין אַזאַ סמאָלעניש! מיר האָבן געזונגען אַפן וועג אַלע לידער וואָס מיר האָבן געקענט און מיר זײַנען אָנגעקומען אַלע, קיי־נער איז ניט געבליבן אַפן זאַמד... זעט איר שוין ווי זאַכן פּאַסירן?!

— און דער קאָמיסאַר? —האָט געפרעגט קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ.

— ער איז שטאַרק און געזונט ביז איצט. ער איז אַ פּראָפעסאָר, אַן אַרכעאָלאָג. ער מאַכט אויסגראָבונגען ערגעץ, אין פּרעהיסטאָרישע וווינערטער. נאָך יענעם עפּיזאָד איז ער טאַקע געבליבן אָן אַ שטים. ער רעדט הייזעריק. אָבער צו וואָס דאַרף ער אַ שטים? ער איז ניט קיין אָפּערע־זינגער... נו, גענוג שוין צו שמועסן, איר מעגט מיך פאַרלאָזן, פרײַנט מײַנע; איך גיב אײַך מײַן מיליטערישן ערן־וואָרט אַז כ'וועל שוין מער ניט שטאַרבן הײַנט.

מערעסיעוו איז סאַפּקאָלסאָף אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ טיפן און רויִקן שלאָף. ס'האָט זיך אים געכאָלעמט די זאַמד־וויסטעניש —וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געזען אין זײַן לעבן— און צעטריקנטע מײַלער, פון וועלכע עס גיסט זיך בלוט. פון די זעלבע מײַלער האָבן זיך געטראָגן לע־בעדיקע קלאַנגען פון אַ ליד. ער האָט אויך געזען וואָלאָדינען אַליין, וועלכער איז, אין כאַלעם, אינגאַנצן ענלעך געווען אַפן קאָמיסאַר וואָ־ראָביאָוו.

אַלעקסיי האָט זיך אויפגעכאַפּט שפּעט, ווען די זון־שטראַלן האָבן שוין דערגרייכט דעם צענטער פון זאַל; דאָס האָט באַטײַט אַז ס'איז

מיטנטאָג. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ פריילעך געפיל. „דער כאַ־לעם? וואָס מיר כאָלעם?...״ זײַן בליק איז געפאַלן אין זשורנאַל, וואָס ער האָט ניט געהאַט אַרויסגעלאָזט פון האַנט אַפילע ווען ער איז גע־שלאָפן. פון צעקנייטשטן בלעטל האָט דער לייטענאַנט קאַרפּאָוויטש נאָך אַלץ געקוקט אַף אים מיט זײַן געצווונגענעם און האַלב־באַרימערישן שמייכל. מערעסיעוו האָט אַ ווונק געטאָן צו אים און פאַרזיכטיק אויס־געגלײַכט דעם זשורנאַל.

דער קאָמיסאַר, וואָס איז שוין געווען וואַך און פאַרקעמט, האָט אַ שמייכלענדיקער באַטראַכט אַלעקסיין.

— וואָס ווינקסטו צו אים? — האָט ער געפרעגט אַ צופרידענער.

— מיר וועלן פליִען — האָט געענטפערט אַלעקסיי.

— ווי קען דאָס זײַן? אים האָט דאָך געפעלט איין פוס און דיר —ביידע.

— יאָ, אָבער איז בין אַ סאָוועטישער רוס! האָט געענט־פערט מערעסיעוו.

דאָס וואָרט „סאָוועטישער״ האָט ער אַרויסגערעדט אַף אַזאַ אויפן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ זיכערע און פולשטענדיקע גאַראַנטיע אַז ער וועט איבערשטײַגן דעם לייטענאַנט קאַרפּאָוויטש און אַז ער וועט אומ־באַדינגט פליִען.

בעייסן מיטיק האָט ער אויפגעגעסן אַלץ וואָס די אַסיסטענטקע האָט געבראַכט, געקוקט אָן איבעראַשטער אַף די פּוסטע טעלער און געבעטן נאָך. ער האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון נערוועזער אויפרודערונג. האָט אונטערגעזונגען, געפּרוּווט פײַפן, גערעדט אינדערהייך צו זיך אַליין. בעייסן וויזיט פון פּראָפעסאָר האָט ער אים פאַרוואָרפן מיט פראַגן וועגן אַלץ וואָס ער דאַרף טאָן קעדיי וואָס גיכער געזונט צו ווערן. דערוויסנ־דיק זיך אַז מען דאַרף וואָס מער עסן און שלאָפן, האָט ער צו מיטיק געבעטן צוויי פלייש־געריכטן און אָנשטרענגענדיק זיך האָט ער אַרײַנ־געכאַפּט נאָך אַ ביפשטעק. באַטאָג האָט ער ניט געקענט שלאָפן, ניט געקוקט וואָס ער איז בעמעשעך פון אָנדערטהאַלבן שאָ געלעגן אויסגע־צויגן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

דאָס גליק איז געוויינלעך עגאָיִסטיש. בעיים אַלעקסיי איז צוגע־שטאַנען צום פּראָפעסאָר מיט זײַנע פראַגעס, האָט ער ניט באַמערקט דאָס וואָס אַלע אין זאַל האָבן שוין גוט געהאַט באַמערקט. ווי געוויינ־לעך האָט וואַסילי וואַסיליעוויטש געמאַכט זײַן וויזיט פּינקטלעך, ווען די זון־שטראַלן — וואָס פלעגן זיך בעמעשעך פון טאָג דורכשאַרן איבערן גאַנצן דיל — האָבן שוין דערגרייכט דעם אָפּגעריבענעם טייל פון פּאַר־קעט. דער פּראָפעסאָר איז געווען אויפמערקזאַם ווי שטענדיק, אָבער אַלע האָבן באַמערקט אַף אים אַ געוויסע אינערלעכע צעשטרײַונג, וואָס איז געווען אַבסאָלוט ניט צוגעפּאַסט צו אים... ער האָט זיך ניט געקריגט,

ניט געוואָרפן זײַנע געוויינלעכע פעפערדיקע ווערטלעך און לעבן זײַנע
פאַררויטלטע, אָנגעבראַקנעטע אויגן האָבן געציטערט עטלעכע אָדערלעך.
פאַרנאַכטלעך איז ער דערשינען אַ פאַרענדערטער, אַ שטאַרק־פאַרעלטער־
טער. מיט אַ פאַמעלעכער שטים האָט ער אויסגערעדט דער אַסיסטענטן
פאַרן איבערלאָזן אַ שמאַטקע אַף דער קליאַמקע פון טיר, האָט דורכגע־
קוקט די טעמפּעראַטור־גראַפיק פון קאָמיסאַר, געענדערט די מעדיצינישע
באַהאַנדלונג און איז אַוועק שטילערהייט, באַגלייט פון זײַן שווײַגנדיקער
און דאָס מאָל אומרויִקער סוויטע. אַרויסגייענדיק, האָט ער זיך פאַר־
טשעפּעט אָן שוועל פון דער טיר און ווען זײַנע באַגלייטער וואָלטן אים
ניט אונטערגעכאַפּט וואָלט ער אַנידערגעפאַלן. די אַרויסגעוויזענע העפ־
לעכקייט און באַזאָרגטקייט האָבן זיך עפּעס ניט געקלעפּט צום דאָזיקן
טומלדיקן, הייזעריקן שרײַער. די אײַנוווינער פונעם 42 האָבן אים נאָכ־
געקוקט מיט איבערראַשטע בליקן. אַלע, וואָס האָבן ליב באַקומען דעם
דאָזיקן נאָבעלן, איבערגעוואַקסענעם מענטשן, זײַנען געווען דערשטוינט.

אַף מאָרגן איז אַלץ קלאָר געוואָרן: וואַסילי וואַסיליעוויטשס אייני־
ציקער זון איז געפאַלן אַפן מײַרעוודיקן פראָנט. ער האָט אויך געהייסן
וואַסילי וואַסיליעוויטש און איז, ווי זײַן פאָטער, געווען אַ מעדיקער. דער
יונגערמאַן האָט זיך געשניטן אַף אַ גרויסן געלערנטן און איז געווען
דעם טאַטנס שטאָלץ און פרייד. אין דער באַשטימטער שאָ האָט זיך
דער גאַנצער שפּיטאָל געקווענקלט: וועט דער פּראָפעסאָר מאַכן אָדער
ניט זײַן טעגלעכן וויזיט? אינעם 42 האָט מען מיט שפּאַנונג נאָכגעקוקט
די פאַמעלעכע, קימאַט אומבאַמערקלעכע, באַוועגונג פון זון־שטראַל אַף
דער ערד. דער שטראַל איז סאָפּקאָלסאָף צוגעקומען צו דעם אָפּגעריבע־
נעם טייל פון פאַרקעט; אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט: „ער וועט ניט
קומען”. אָבער פּונקט אין דער זעלבער רעגע האָט אָפּגעהילכט אין קאָ־
רידאָר דער אַזוי גוט באַקאַנטער, שווערלעכער גאַנג און די טריט פון
דער צאָלרײַכער סוויטע. דער פּראָפעסאָר האָט אַפילע אויסגעזען עט־
וואָס בעסער ווי נעכטן. זײַנע אויגן זײַנען נאָך געווען פאַררויטלט, די
אויגן־לעדלעך און די נאָז — פאַרפלאַמט, ווי בעיים אַ קאַטער, און די
שאָרסטיקע הענט האָבן שטאַרק געציטערט ווען ער האָט אַראָפּגענומען
די טעמפּעראַטור־גראַפיק פון קאָמיסאַרס טישל. ער איז אָבער געווען
ענערגיש און אַקטיוו ווי שטענדיק; בלויז זײַן געוווינהייט צו קריגן זיך
איז פאַרשוווּנדן.

פּונקט ווי זיי וואָלטן פאַרויס אָפּגערעדט צווישן זיך, האָבן די פאַר־
ווונדיקטע און קראַנקע געפּרוּווט אַריבערשטײַגן איינע די אַנדערע אין
דערפרייען מיט עפּעס דעם פּראָפעסאָר. אַלע האָבן זיך יענעם טאָג גע־
שפּירט בעסער. אַפילע די סאַמע געפערלעכע האָבן אויפגעהערט צו באַ־
קלאָגן זיך און האָבן געמאָלדן אַז זיי פּראַוועון זיך שוין. מיט אַביסל
אָן איבערגעטריבענעם ברען האָבן אַלע געלויבט דעם שפּיטאָל־רעזשים

און די ווונדערלעכע ווירקונג פון די פארשיידענע באהאנדלונגען. ס'איז געווען איין איינשטימיקע פאמיליע, א פאראייניקטע דורך א גרויסן, געמיינזאמען פיין.

וויזיטירנדיק די זאלן איז וואסילי וואסיליעוויטש געווען איבערראשט יענעם פרימארגן פון זיינע היילערישע דערפאלגן.

איז ער טאקע געווען איבערראשט? מעגלעך אז ער האט אויפגעדעקט די שטילע און אומשולדיקע פארשווערונג. און אויב ער האט זי ווירקלעך אנטדעקט, איז מעגלעך אז זי האט אים געהאלפן אריבערטראגן זיין גרויסן אומגליק.

## .9

פון יענעם זייט פענצטער, וואס האט געקוקט אף מיזרעך, האבן זיך שוין אפן טאפאל־צווייג אויסגעפיקט עטלעכע געלב־בלייכע, קלעפיקע בלעטלעך, אונטער וועלכע ס'האבן זיך געעפנט רויטע, האריקע בערעלעך, ענלעכע אף פעטע גארטן־ווערעמלעך. אין די פרימארגנס פלעגן די בלעטלעך גלאנצן אף דער זון און פלעגן אויסזען ווי אויסגעשניטענע פון קאמפרעס־פאפיר. זיי האבן אויסגעטיילט פון זיך א שטארקן, שארפן רייעך, א פרישן, עטוואס זאלציקן אראמאט, וואס פלעגט אריינדרינגען דורך די אפענע לופטשיקעס און פארטרייבן דעם שפיטאל־רייעך.

סטיעפאן איוואנאוויטשעס וואראבייטשיקעס זיינען געווארן האזערדיק. באם „שיסער" האט, לעקאוועד פרילינג, געגומען וואקסן א נייער עק; ער איז געווארן נאך מער טומלדיקער און קריגערישער. אין די פרימארגנס פלעגן די פייגעלעך מאכן אזוינע טומלדיקע סקאנדאלן אפן קארניז, אז די אסיסטענטן, וואס פלעגט רייניקן דעם זאל, האט עס שוין מער ניט געקענט אריבערטראגן. א צעבייזערטע פלעגט זי ארויפקריכן אפן ביישטידל פון פענצטער, ארויסבויגן זיך דורכן לופטשיק און צעטרייבן זיי מיט א שמאטע.

אפן טייך מאסקאווא איז דער אייז פארשוואונדן. זיינע בארויקטע וואסערן האבן זיך צוריקגעקערט צו זייער נארמאלן געלעגער און איבער זיין אונטערטעניקן רוקן האבן זיך געטראגן שיפן, שיפלעך און וואסערטראמווייען, וואס האבן, אין יענעם שווערן פעריאד, פארביטן די באגרענעצטע מאטאריזירטע פארקער־מיטלען פון דער הויפטשטאט. אין קעגנזאץ צו קוקושקינס בייזע פארויסזאגונגען, האט די פארפלייצונג ניט מיטגעשלעפט מיט זיך קיינעם פון זאל 42. אלעמענס איניאנים, אויסער דעם קאמיסארס, זיינען געגאנגען גוט און מען האט בלויז גערעדט וועגן פארלאזן דעם שפיטאל.

דער ערשטער וואס האט פארלאזן דעם זאל איז געווען סטיעפאן איוואנאוויטש. ערעוו יענעם טאג האט ער זיך ארומגעדרייט איבערן שפי־

טאָל. ער איז געווען אומרויִק, באַהערשט פון אַ פריילעכער צערודערונג און האָט אַ סעקונדע ניט געקענט אײַנשטיין אױף איין אָרט. נאָכן כאַפּן אַ שמועס אין קאָרידאָר פלעגט ער זיך אומקערן אין זאַל, זעצן זיך באַם פענצטער, נעמען קנעטן ברויט־ברעקלעך און ווידער אויפהויבן זיך און ארויסגיין. פאַרנאַכטלעך ערשט האָט ער זיך באַרויִקט, האָט זיך צוגע־זעצט צום בײַשטידל אַ טיף־פאַרטאָנענער אין זיך און האָט גענומען אונטערזיפּצן. צו דער שאָ פון די באַהאַנדלונגען זײַנען אין זאַל געבליבן דרײַ מענטשן: דער קאָמיסאַר, אַ שווײַגנדיקער, האָט ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, און מערעסיעוו וואָס האָט גע־מאַכט ריזיקע אָנשטרענגונגען אײַנצושלאָפן.

ס'האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט. מיטאַמאָל האָט דער קאָמי־סאַר אַ ווענד געטאָן דעם קאָפּ צו סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, וועמענס סילועט ס'האָט זיך אויסגעטיילט אױפן זון־באַגילדעטן פענצטער, און האָט אָנגעהויבן ריידן מיט אַ גאָר נידעריקן קאָל:

— און אין דאָרף, אין דער דאָזיקער ביין־האַשמאָשעסדיקער שאָ איז אַלץ שטיל, שטיל. ס'שמעקט מיט צעוואַרעמטער ערד, מיט מיסט, מיט רויך. אין שטאָל מאַלעגיירעט די קו אױף איר געלעגער און באַומ־רויִקט זיך; ס'איז די צײַט פון קעלבן זיך. דער פרילינג... וויִאַזוי האָבן זיך ספּראָוועט די ווײַבער? האָבן זיי געהאַט צײַט אויסצושפּרייטן דאָס מיסט איבער די פעלדער? איז שוין צוגעגרייט די זריִע און די גע־שפּאַנען?

מערעסיעוון האָט זיך אויסגעדוכט אַז סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט אַ קוק געטאָן אױפן קאָמיסאַר, אַז ער האָט אַ שמייכל געטאָן, אָבער שוין ניט מיט איבערראַשונג אַפילע, נאָר מיט אַ מין שרעק:

— איר זײַט אַ קישעפּמאַכער כאַווער פּאָלק־קאָמיסאַר צי וואָס? וויִאַזוי לייענט איר פרעמדע געדאַנקען?... יאָ־אָ־אָ... די ווײַבער, נאַ־טירלעך, זײַנען אַקטיוו, דאָס איז זיכער; פונדעסטוועגן זײַנען זיי ניט מער ווי ווײַבער און דער טײַוול ווייס וויִאַזוי זיי באַווײַזן אַלץ אָן אונדז... בעעמעס.

זיי זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן. אױפן טײַך האָט אַ הילך געטאָן אַ שיף־סירענע און איר קלאַנג האָט זיך אַ קײַקל געטאָן פריילעך איבערן וואַ־סער, אַוועקטראָגנדיק זיך זיגזאַגיק צווישן די גראַניטענע בערג.

— און ווי מיינט איר: די מילכאָמע וועט זיך שנעל ענדיקן?

—האָט סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש סטאַם אַ פרעג געטאָן מיט אַ נידעריקן קאָל—. וועט זי זיך עפּשער ענדיקן צום היי־שניט?

— און וואָס גייט עס דיך אָן? דײַן יאָרגאַנג קעמפט ניט, ביסט אַ פרײַווויליקער, האָסט זיך שוין גענוג אָנגעקעמפט. בעט אַז מען זאָל דיך פרײַ לאָזן, וועסטו קאָמאַנדעווען מיט די ווײַבער. אין רעטאַגוואַרד

איז אַן אַקטיווער מענטש אויך ניט איבעריק. נו? ווי מיינסטו, בערדיקער?

דער קאָמיסאַר האָט געקוקט אויפֿן אַלטן סאָלדאַט מיט אַ צערטלעכן שמייכל. סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, אַן עמאַציאָנירטער און אַן אויפֿגעלעבטער, האָט מיט איין שפּרונג אַראָפּגעטאַנצט פֿון פֿענצטער:

— מען וועט מיך פֿרײַ לאָזן? איך האַלט אויך אַז אַזוי וואָלט געדאַרפֿט זײַן. איך האָב געטראַכט איצט צי איך זאָל זיך ווענדן צו דער קאָמיסיע. בעסעמעס, 3 מיקבאָמעס שלעפּ איך שוין אויף מײַנע פּלייצעס: די אימפּעריאַליסטישע, די בירגערלעכע און איצט אָט־די. איז עס ניט גענוג? וואָס ראָט איר מיר כאַווער פּאָלק־קאָמיסאַר?

— שרײַב גלײַך: „לאָזט מיך גיין מיט די ווײַבער אין רעטאַגוואַרד און זאָלן אַנדערע פֿאַרטיידיקן מיך פֿונעם דײַטש!" האָט אויסגעשריִען מערעסיעוו פֿון זײַן בעט, ניט קענענדיק זיך אײַנהאַלטן מער.

סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט אַ קוק געטאָן אויף אים אַ דערשלאָגענער. דער קאָמיסאַר איז געוואָרן בייז און האָט צונויפֿגעצויגן די ברעמען:

—וואָס זאָל איך דיר ראָטן סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש? פֿרעג דײַן האַרץ: ס'איז אַ רוסיש האַרץ און עס וועט דיר ענטפֿערן.

אויפֿן צווייטן טאָג איז סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש אויסגעשריבן געוואָרן פֿון שפּיטאָל. נאָכן אָנטאָן דעם אוניפֿאָרם איז ער געקומען אין זאַל געזעגענען זיך. אַ קליינער, אָנגעטאָן אין זײַן אַלטן, אָפּגעקראָכענעם, איבערגעוואַשענעם רעקל, וואָס דער פּאַס האָט ענג אַרומגעשטײַפֿט אַרום זײַן קערפּער און אַזוי שטאַרק אײַנגעצויגן אַז ס'האָט זיך קיין קנייטשעלע ניט געזען, האָט ער אויסגעזען מיט 15 יאָר יִינגער. אויף זײַן ברוסט האָבן געגלאַנצט: דאָס העלדן־שטערנדל, דער לענין־אָרדען, דער גוואַרדע־מעדאַל, און לעבן זיי איז געהאַנגען אויף אַן אַלטער, פֿאַרפֿעסטער און פֿאַרשוואַרצטער לענטע דער סאָלדאַטישער געאָרגי־קרייץ. ער האָט זיי אויסגערייניקט מיט קרײַט און זיי האָבן געשײַנט און געפֿינקלט. אויף די פּלייצעס האָט ער אַרויפֿגעוואָרפֿן אַ ווײַסע פֿעלערינע, וואָס האָט אויסגעזען אויף אים ווי אַ גאַנצע פֿעלד־פּאַלאַטקע. זי האָט אָבער ניט פֿאַרבאָרגן זײַן זגראַבנעקייט פֿון אַ סאָלדאַט. פֿון די שפּיצן פֿון זײַנע מיליטערישע שטיוול ביז די דינע וואָנצעלעך, וואָס ער האָט באַנעצט, ווייך געמאַכט און פֿאַרדרייט אויף אינדערהייך, האָט ער אויסגעזען ווי אַ העלדישער רוסישער קעמפֿער, וואָס איז אַזוי ווי לעבעדיק אַרויסגענומען געוואָרן פֿון די פּאַסכעדיקע ווינטשעוואַניע־קאַרטלעך פֿון 1914.

דער סאָלדאַט האָט זיך דערנענטערט צו יעדן זאַל־כאַווער און האָט זיך געזעגנט אויף אַ מיליטערישן אויפֿן, געבנדיק יעדן מאָל אַזאַ מין ענערגישן קנאַק מיט די קנאַפּל, אַז ס'איז מאַמעש געווען אַ פֿאַרגעניגן צו קוקן אויף אים.

— אויב איר דערלויבט, כאַווער פּאָלק־קאָמיסאַר, וועל איך זיך גע־

זעגענען — האָט ער מיט אַ באַזונדערער צופרידנקייט געזאָגט בײַ דער לעצטער בעט.

— צום ווידערזען, סטיאָפּאַ. אַלדאָס גוטס — און דער קאָמיסאַר, באַהערשנדיק דעם וויײטיק, האָט זיך אויסגעדרייט צו אים.

דער סאָלדאַט האָט אַ פּאָל געטאָן אַף די קני, האָט אַרומגענומען דעם קאָמיסאַרס גרויסן קאָפּ און זײַ האָבן זיך, לויטן אַלטן רוסישן מינ־הער, צעקושט דרײַ מאָל.

— מען דאַרף געזונט ווערן, סעמיאָן וואָראָביאָוו. זאָל דיר גאָט געבן געזונט און אַ סאַך יאָרן, גאָלדענע נעשאָמע דו! קיין שום פּאָטער וואָלט אונדז ניט אַרויסגעוויזן אַזויפיל צערטלעכקייט: איך וועל דיך דערמאָנען דאָס גאַנצע לעבן — האָט געמורמלט אַן עמאָציאָנירטער דער סאָלדאַט.

— גענוג, גענוג, סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש, די עמאָציעס שאַדטן — האָט איבערגעכאַזערט קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ, ציִענדיק פּאָרן אַרבל דעם סאָלדאַט.

— אויך אײַך, שוועסטערל, אַ דאַנק פאַר אײַער צערטלעכקייט און פאַר אַלע באַמיִונגען — האָט זיך סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש געווענדט צו דער קראַנקן־שוועסטער פײַערלעך און מיט אַ טיפן נויג — איר זײַט גע־ווען אונדזער סאָוועטישער מאַלעך, יאָ, דאָס זײַט איר געווען...

אַ פאַרלוירענער אינגאַנצן, און ניט וויסנדיק וואָס צוצוגעבן מער, האָט ער גענומען אָפּטרעטן אַף הינטערווײַלעכץ צו דער טיר.

— און ווו דאַרף מען דיר שרײַבן אין סיביר? — האָט שמייכלענ־דיק אַ פרעג געטאָן דער קאָמיסאַר.

— ס'איז גאָר קיין רייד ניט וועגן דעם, כּאָווער קאָמיסאַר! ס'איז באַוווּסט וואָהין מען דאַרף שרײַבן צו אַ סאָלדאַט אין קריג — האָט געענטפערט אַ צעמישטער סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש. ער האָט זיך נאָכאַמאָל אַ טיפן נויג געטאָן, איצט שוין צו אַלעמען, און איז פאַרשוווּנדן הינ־טער דער טיר.

און גלײַך איז דער זאַל פאַרזונקען געוואָרן אין שטילקייט און אין אַ מין פוסטקייט. נאָכדעם האָט מען גערעדט וועגן די מיליטערישע אײַנ־הײַטן, וועגן די כאַווײרים, וועגן די מילכאָמע־אויפטועכץ וואָס וואַרטן אַף אַלעמען. אַלע האָבן זיך טאַקע געבעסערט, אַזוי אַז ס'האָט זיך שוין גע־האַנדלט ניט וועגן כאַלוימעס נאָר וועגן זאַכלעכע שמועסן. קוקושקין איז שוין אַרומגעגאַנגען איבער די קאָרידאָרן, האָט זיך געקריגט מיט די קראַנקן־שוועסטער, האָט געלאַכט פון די פאַרוווּנדיקטע און איז געווען אַף מעסערס מיט אַ סאַך פון די אַרומגייענדיקע כווילאָים. דער טאַנקיסט פלעגט זיך שוין איצט אויך אויפהויבן פון בעט און פלעגט זיך לאַנג צוקוקן אין שפּיגל פון קאָרידאָר אַף זײַן פּאָנעם, האַלדז און אַקסלען, וואָס זײַנען שוין מער ניט געווען פאַרבאַנדאַזשירט און געהאַלטן זיך

אין פאַרהיילן. וואָס לעבעדיקער ס׳איז געוואָרן די קאָרעספּאָנדענץ מיט אַניוטאַן, וואָס טיפער ער איז אַרײַנגעדרונגען אין אירע אוניווערזיטעט־אָנגעלעגנהייטן, אַלץ מער אומרו האָט אַרויסגערופן בא אים זײַן פּאָנעם, וואָס איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט בראַנד־סימאָנים. פאַרנאַכטלעך און אין אַ האַלב־פינצטערן צימער האָט זײַן פּאָנעם מיט די איידעלע שטריכן, קלאָרן שטערן, קליינעם, עטוואָס אָדלערישן נאָז, קורצע און שוואַרצע וואָנצעלעך וואָס ער האָט געלאָזט וואַקסן אין שפּיטאָל און פרישע יוגנטלעך־ענערגישע ליפּן, אויסגעזען אינגאַנצן גוט און אַפילע שיין, אָבער אין דער קלאָרער שײַן האָט מען באַמערקט אַז די הויט איז באַדעקט מיט שראַמען און שטאַרק אָנגעצויגן. ווען ער פלעגט אין קאַעם ווערן אָדער אומקערן זיך אַ צעהיצטער פון דער הידראָטעראַפּישער באַהאַנדלונג, פלעגן די דאָזיקע שניטן אינגאַנצן צעקרימען זײַן פּאָנעם. ווען ער פלעגט אין אַזאַ מאָמענט אַ קוק טאָן אין שפּיגל, פעלגט ער שיר ניט אויסברעכן אין אַ געוויין.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרצאָגט? קלערסט צו ווערן אַ קינאָ־אַרטיסט צי וואָס? אויב דײַן מיידל איז אַזאַ ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן וועט עס איר ניט דערשרעקן; און אויב דאָס וועט איר דערשרעקן, איז אַ סימען אַז זי איז אַ נאַר; אין אַזאַ פאַל מעג זי גיין צו אַלדי רוכעס. פאַרלאָז זיך, וועסט שטענדיק געפינען אַ גוט מיידל! — האָט אים געטרייסט דער קאָמיסאַר.

— אַלע פרויען זײַנען איין שטיק כאַזערײַ — האָט אַ זאָג געטאָן קוקושקין.

— און אײַער מוטער — האָט אַ פרעג געטאָן דער קאָמיסאַר; קוקושקין איז געווען דער איינציקער אין זאַל וועמען ער האָט געאירצט.

ס׳איז שווער צו באַשרײַבן דעם אײַנדרוק וואָס די דאָזיקע רויִקע פראַגע האָט געמאַכט אַפן לייטענאַנט. קוקושקין האָט אַ שפּרונג געטאָן אַפן בעט מיט ווילד־ברענענדיקע אויגן און איז אַזוי שטאַרק בלייך געוואָרן אַז זײַן פּאָנעם איז געוואָרן ווײַסער פונעם לײַלעך.

— זעט איר שוין? הייסט עס, אַז אַף דער וועלט זײַנען פאַראַן גוטע פרויען אויך? איז פאַרוואָס־זשע זאָל טאַקע גריגאָרין ניט אָפּגליקן? אין לעבן, כעוורע, טרעפט אַזוי: יעדער איינער געפינט דאָס וואָס ער זוכט.

אַרום און אַרום האָבן אַלע אין זאַל אויפגעלעבט. בלויז דער קאָמיסאַר האָט געצאַנקט. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אַף מאָרפין און קאַנפעראייל, און ס׳פלעגט טרעפן אַז גאַנצע טעג פלעגט ער זיך וואַרפן אין ווייטיקן און געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון לעטאַרגישן האַלב־באַווּסטזײַן. זינט סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש איז אַוועק, האָט ער זיך שטאַרק פאַרערגערט. מערעסיעוו האָט געבעטן אַז מען זאָל צורוקן זײַן בעט וואָס

נעענטער צום קאָמיסאַר קעדיי צו קענען אים העלפֿן אין אַ נויטפֿאַל. וואָס ווײַטער האָט אים דער דאָזיקער מענטש אַלץ שטאַרקער צוגעצויגן.

אַלעקסיי האָט פֿאַרשטאַנען אַז ס'וועט אים אומפֿאַרגלײַכלעך שווע־רער זײַן צו לעבן אָן פֿיס ווי וועמען עס איז אָן אַנדערן. דערפֿאַר האָט אים אינסטינקטיוו געצויגן צום דאָזיקן מענטשן וואָס האָט, ניט געקוקט אַף אַלץ, געוווּסט וויאַזוי צו לעבן אויטענטיש, און וויאַזוי, ניט געקוקט אַף זײַן אָנמאַכט, צוצוציִען צו זיך מענטשן, ווי ער וואָלט געווען אַ מאַג־נעט. דער קאָמיסאַר פֿלעגט איצט זעלטענער קענען אַרויסגיין פֿון זײַן שווערן פֿאַרגליווערונג־צושטאַנד, אָבער אין די מאָמענטן פֿון קלאָרקייט איז ער געווען דער זעלבער וואָס שטענדיק.

איינמאָל, באַנאַכט, ווען דער גאַנצער שפּיטאָל האָט אָנגעהויבן אײַנ־צושטילן זיך און אין זײַנע באַזונדערע אָפּטיילונגען האָט געהערשט אַ טי־פֿע שטילקייט, וואָס איז בלויז איבערגעריסן געוואָרן דורך פֿאַרשטיקטע קרעכצן, כראָפּערײַען און פֿיבער־רייד, האָבן אָפּגעקלונגען אין קאָרידאָר באַקאַנטע, שווערע און הילכיקע טריט. מערעסיעוו האָט דורך דער גלאָז־טיר געזען דעם גאַנצן שוואַך־באַלויכטענעם קאָרידאָר. אין צווייטן ווײַטן עק האָט זיך געזען די געשטאַלט פֿון דער דיזשורירנדיקער קראַנקן־שוועס־טער, וואָס איז געזעסן בײַ איר טישל און געשטריקט אַ סוועטער. אין אַרײַנגאַנג פֿון קאָרידאָר האָט זיך באַוויזן די הויכע געשטאַלט פֿון וואַ־סילי וואַסיליעוויטשן. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט די הענט פֿאַר־לייגט אַהינטער. די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך אַ שנעלן הייב געטאָן, אָבער דער פּראָפֿעסאָר האָט זי, מיט אַ האַנט־באַוועגונג, אָפּגעהאַלטן און איז געגאַנגען ווײַטער. זײַן ווײַסער כאַלאַט איז געווען צעשפּיליעט און אַף זײַן שטערן זײַנען געפֿאַלן עטלעכע גראָע לעקלעך.

— וואַסיאַ קומט — האָט אַ מורמל געטאָן מערעסיעוו צום קאָמי־סאַר, ווען ער האָט אָקערשט געהאַט באַקענט מיטן פּראָיעקט פֿון ספּע־ציעלע פּראָטעזן וואָס ער האָט פֿאַרטראַכט.

ס'האָט אויסגעזען ווי וואַסילי וואַסיליעוויטש וואָלט זיך אָן עפּעס פֿאַרטשעפּעט; ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן, האָט זיך מיט אַ האַנט אָנגע־שפּאַרט אָן דער וואַנט, האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן צווישן די ציינער און איז אַרײַן אינעם 42. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אינמיטן זאַל און האָט אָנגעהויבן רײַבן דעם שטערן ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס געוואָלט דערמאָנען. ס'האָט געשמעקט פֿון אים מיט אַלקאָהאָל.

— זעצט זיך וואַסילי וואַסיליעוויטש, מיר וועלן אַביסל שמועסן — האָט פֿאָרגעלייגט דער קאָמיסאַר.

מיט אַ וואַקלדיקן טראָט און שלעפּנדיק די פֿיס האָט זיך דער פּראָ־פֿעסאָר דערנענטערט צום בעט, האָט זיך אַזאַ שטאַרקן זעץ געטאָן אַז די ספּרענזשינעס פֿון מאַטראַץ האָבן אַזש אַ קרעכץ געטאָן און האָט זיך גענומען רײַבן די שלייפֿן. פֿריִער נאָך, בעיים די וויזיטן, פֿלעגט ער

זיך אָפּשטעלן לענגער באַם בעט פון קאָמיסאַר קעדיי אַרומצורייד̇ן דעם גאַנג פון דער מילכאָמע. ס'איז קלאָר געווען אַז ער טיילט אויס דעם קאָמיסאַר פון צווישן די איבעריקע כוילאָים און דערפאַר האָט דער דאָזיקער נאַכט־וויזיט ניט געהאַט, אין דערווירקלעכקייט, קיין שום ספּעציעלע באַדײַטונג. מערעסיעוו, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס, האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל אַז צווישןביידע מענער וועט פאָרקומען אַן אינטימער געשפּרעך און אַז קיין שום אַנדער פּערזאָן דאַרף ניט בײַזײַן. ער האָט דערייבער פאַרמאַכט די אויגן און געמאַכט זיך שלאָפנדיק.

— הײַנט איז דער 29סטער אַפּריל. זײַן געבורטסטאָג. ער איז געוואָרן, אָדער בעסער געזאָגט — ער האָט געדאַרפט ווערן 36 יאָר —האָט שטיל געזאָגט דער פּראָפעסאָר.

מיט גרויס מי האָט דער קאָמיסאַר אַרויסגעצויגן פון אונטער דער קאָלדרע זײַן רעזיקע, געשוואָלענע האַנט און האָט זי אַרויפגעלייגט אַף וואַסילי וואַסיליעוויטשעס פינגער. און ס'האָט פּאַסירט עפּעס אומוואַרשײַנלעכס: דער פּראָפעסאָר האָט זיך צעוויינט. ס'איז פּײַנלעך געווען צו קוקן ווי דער דאָזיקער מעכטיקער, ווילן־שטאַרקער מענטש וויינט. אַלעקסיי האָט ניט־ווילנדיק אײַנגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און האָט זיך אַריבערגעדעקט מיט דער דעקע.

— איידער ער איז אַוועק, איז ער געקומען זען זיך מיט מיר. ער האָט מיר געזאָגט אַז ער האָט זיך געמאָלדן ווי אַ פרײַוויליקער און האָט מיך געפרעגט ווען ער דאַרף איבערלאָזן אַף זײַן אַמט. ער האָט דאָ געאַרבעט מיט מיר. איך בין געווען אַזוי צעטומלט אַז כ'האָב אפילע אָנגעשרי̇ען אַף אים. איך האָב ניט פאַרשטאַנען צו וואָס אַ קאַנדידאַט דאָקטער פון מעדיציניש̇ע וויסנשאַפטן, אַ טאַלאַנטירטער געלערנטער, דאַרף זיך נעמען צום ביקס. ער האָט מיר אָבער געזאָגט, איך דערמאָן זיך וואָרט אין וואָרט: „פּאַפּאַ, עס זײַנען פאַראַן פאַלן ווען אַ קאַנדידאַט אַף דאָקטער פון מעדיציניש̇ע וויסנשאַפטן מוז זיך נעמען צום ביקס”. און נאָכדעם האָט ער מיך ווידער געפרעגט: „ווען דאַרף איך איבערגעבן מײַן אַמט?” ווען איך גיב דאַן אַ נעם דאָס טעלעפאָן־טרײַבל, וואָלט גאָרניט פּאַסירט, איר פאַרשטייט? גאָרניט! ער האָט דאָ אָנגעפירט מיט אַן אָפּטיילונג, ער האָט געאַרבעט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל... ניט אַזוי?

וואַסילי וואַסיליעוויטש איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט שווער און הייזעריקלעך געאָטעמט.

— ...נעמט אַראָפּ די האַנט, טײַערער. וואָס טוט איר? איך ווייס גוט ווי וויטיקדיק אײַך איז צו באַוועגן זיך... יאָ, אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געדרייט מיטן קאָפּ און געטראַכט וואָס צו טאָן. איר פאַרשטייט? איך האָב געוווּסט אַז אַ צווייטע פּערזאָן —איר ווייסט שוין ווען איך מיין— האָט געהאַט אַ זון, אַן אָפיציר, וואָס מען האָט דערהאַרגעט אין

די ערשטע טעג פון קריג. און ווייסט איר וואָס דער דאָזיקער פּאָטער האָט געטאָן? ער האָט אוועקגעשיקט אַפּן פראָנט דעם צווייטן זון; פאַר א לופט־יאַגדלער האָט ער אים אוועקגעשיקט; די שווערסטע מילכאָמע־פּראָפעסיע האָט ער פאַר אים אויסגעקליבן... איך האָב דאָן געטראַכט וועגן דער דאָזיקער פּערזאָן, איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר מײַנע אייגענע געדאַנקען און איך האָב ניט טעלעפאָנירט...

— אײַך פאַרדריסט וואָס איר האָט עס ניט געטאָן?

— וואָס מיינט איר צו זאָגן?... אַ, יאָ!... כ׳ווייס ניט, כ׳ווייס ניט.

— און אויב איצט וואָלט זיך אַלץ איבערגעכאַזערט, וואָלט איר ניט געטאָן דאָס זעלבע?

ס׳איז פאַרגעקומען אַ פּויזע. מען האָט געהערט דאָס רעגולערע אָטע־מען פון די שלאָפנדיקע. די בעט האָט ריטמיש געסקריפּעט: ווי ס׳ווײַזט, האָט דער פּראָפעסאָר באַגלייט זײַנע שווערע טראַכטענישן מיט אַ רעגל־מעסיקן באַוועגן זיך. אין די ראַדיאַטאָרן פון דער צענטראַל באַהייצונג האָט געקלאַפּט דאָס וואַסער מיט אַ טויבן גלו־גלו.

— וואָס זשע זאָגט איר? —האָט געפרעגט דער קאָמיסאַר און אין זײַן שטים האָט זיך געפילט אַ טיפער און וואַרעמער הויך.

— כ׳ווייס ניט... אַף אייער פראַגע קען מען אָט אַזוי, מיט איין קנאַק, ניט ענטפערן. כ׳ווייס ניט, אָבער מיר דוכט אַז ווען אַלץ כאַזערט זיך איבער פון אָנהייב אָן, וואָלט איך נאָכאַמאָל געטאָן דאָס זעלבע. איך בין ניט בעסער און ניט ערגער פון אַלע אַנדערע טאַטעס... ווי שווי־דערלעך די מילכאָמע איז!...

— און גלייבט מיר, — ווען אַנדערע טאַטעס באַקומען די שרעק־לעכע יעדיִעס, לײַדן זיי ניט ווינציקער ווי איר. ניין, זיי לײַדן ניט ווינ־ציקער.

וואַסילי וואַסיליעוויטש איז אַ לאַנגע צײַט געזעסן מיט פאַרשלאָ־סענע ליפּן. וועגן וואָס האָט ער געטראַכט? וואָס פאַרא געדאַנקען זײַנען דורכגעלאָפן אין יענע ווייטיקדיקע מינוטן אונטער זײַן הויכן, צעקאַרבטן שטערן?

— יאָ, איר זײַט גערעכט. אים איז ניט ווייניקער פּײַנלעך געווען און פונדעסטוועגן האָט ער געשיקט דעם צווייטן... אַ דאַנק, טײַערער, אַ דאַנק, פרײַנט מײַנער! אַך! צו וואָס ריידן?...

ער האָט זיך אויפגעהויבן, איז אַ ווײַל געשטאַנען לעבן בעט, האָט פאַרזיכטיק אָנגענומען דעם קאָמיסאַרס האַנט און האָט זי אַרונטערגע־רוקט אונטער דער קאָלדרע, האָט אים גוט אײַנגעדעקט און איז שטי־לערהייט אַרויס פון זאַל.

באַנאַכט איז דעם קאָמיסאַרס צושטאַנד פאַרערגערט געוואָרן. ער האָט פאַרלוירן דעם באַוווסטזײַן, האָט זיך גענומען וואַרפן אין בעט, האָט

געסקריפעט מיט די ציין און האט שטארק געקרעכצט. מיטאמאל פלעגט ער זיך באַרויִקן, אויסציִען זיך ווי לאַנג ער איז און אַלעמען פלעגט זיך נעמען אויסדוכטן אַז ס'איז געקומען זײַן לעצטע שעה.

ער איז געווען אַזוי געפערלעך, אַז וואַסילי וואַסיליעוויטש — וואָס האָט זיך זינט דעם טויט פון זײַן זון אַרויסגעצויגן פון זײַן ריזיקער, פוסטער וווינונג און געשלאָפן איצט אויף אַ צעראַטעטענעם דיוואַן אין זײַן קליינעם אַרבעט־צימער — האָט געהייסן אָפּטיילן אים מיט אַ פּאַראַוואַן פון די איבעריקע כוילאָים. מען האָט עס שטענדיק געטאָן, לויט ווי אַלע האָבן געוווּסט, מיט יענע קראַנקע וואָס זײַנען געווען קאַנדידאַטן פאַרן „זאַל 50".

נאָכדעם, ווען דער כוילע האָט אַדאַנק דעם קאַנפער־אייל און דעם זויערשטאָף צוריק באַקומען זײַן פּולס, זײַנען דער דיזשור־דאָקטער און וואַסילי וואַסיליעוויטש אַוועק דערשלאָפן די נאַכט. הינטערן פּאַראַוואַן איז בלויז געבליבן די וויינענדיקע און דערשראָקענע קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ. מערעסיעוו איז אויך ניט געשלאָפן און האָט געטראַכט מיט פּאַכאַד: „זאָל עס זײַן דער סאָף?" דער קאָמיסאַר האָט ניט אויפגעהערט צו לײַדן. ער האָט זיך געדרייט און אין זײַנע פיבער־רייד און קרעכצערײַען האָט ער די גאַנצע צײַט הייזעריקלעך איבערגעכאַזערט איין וואָרט. מערעסיעוו האָט זיך אויסגעדוכט אַז ער בעט:

— טרינקען, טרינקען...

קלאַוודיאַ מיכלאָוונאַ איז אַרויס פון הינטערן פּאַראַוואַן און מיט ציטערדיקע פינגער האָט זי אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער.

דער כוילע האָט אָבער ניט געטרונקען. די גלאָז פלעגט זיך אָן שום פּעולע אָנקלאַפּן אָן די ציין און די פליסיקייט פלעגט זיך צעגיסן איבערן קישן. דער קאָמיסאַר האָט מיט אַ טאָן פון באַקאָשע, פאָדערונג און באַפעל געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן דאָס דאָזיקע וואָרט. מיטאַמאָל האָט זיך אַלעקסיי געכאַפּט אַז דאָס דאָזיקע וואָרט איז ניט „טרינקען" נאָר „לעבן". אין זײַן אומבאַוווּסטזײַן אַפילע האָט זיך דער דאָזיקער מעכטיקער מענטש געבונטעוועט קעגן טויט מיט אַלע קויכעס פון זײַן וועזן.

נאָכדעם האָט זיך דער קאָמיסאַר באַרויִקט און געעפנט די אויגן.

— אַ דאַנק גאָט! — האָט אַ שעפּטשע געטאָן קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ און האָט, אַ דערלײַכטערטע, גענומען צונויפלייגן דעם פּאַראַוואַן.

— לאָזט אים איבער, לאָזט אים איבער — האָט זי אָפּגעהאַלטן די שטים פון קאָמיסאַר —. באַמיט זיך ניט, שוועסטערל, אַזוי איז באַקוועמער. און מען דאַרף ניט וויינען: עס זײַנען אויף דער וועלט פאַראַן געגנוּג טרערן אָן אײַערע. באַרויִקט זיך, סאָוועטישער מאַלעך!... אַ שאָד בלויז וואָס אַזוינע מאַלאָכים ווי איר געפינט מען בלויז אויפן שוועל... פון אוילעם־האַבע.

# 10.

אַלעקסיי פּלעגט פֿאַרברענגען זײַן צײַט אין אַ מעשונעדיקער שטימונג.

זינט ער האָט זיך איבערצײַגט אַז דורך איבונגען וועט ער זיך קענען אויסלערנען פֿליִען אָן פֿיס און ווערן אַ פֿולקאָמער פֿליִער, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ דורשט צום לעבן און צו אויפֿטוערישקייט.

זײַן לעבן האָט איצט געהאַט אַ ציל: אומקערן זיך צו דער פּראָפֿעסיע פֿון אַ יאַגד־פּילאָט. מיט דער זעלבער פֿאַנאַטישער אײַנגעאַקשנטקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך אַ פֿאַרוווּנדיקטער געשלעפּט צו די אייגענע, האָט ער איצט געשטרעבט צום נײַעם ציל. פֿון זײַן יוגנט אָן איז ער געוווינט געווען צו אָריענטירן זײַן לעבן; דאָס ערשטע וואָס ער האָט געטאָן איז געווען: באַשטימען גענוי זײַן וועג, קעדיי צו דערגרייכן וואָס פֿריִער דאָס וואָס ער וויל, ניט פֿאַרלירנדיק אומזיסט די טײַערע צײַט. ער האָט אַרויסגעדרונגען אַז, ערשטנס, מוז ער זיך שנעל שטאַרקן, געזונט ווערן און אָפּכאַפּן די קויכעס וואָס ער האָט פֿאַרלוירן אין פּעריאָד פֿון הונגער; צו דעם איז נייטיק מער עסן און מער שלאָפֿן. צווייטנס, מוז ער צוריקבאַקומען די שלאַכט־אייגנשאַפֿטן פֿון אַ פּילאָט; צו דעם איז נייטיק פֿיזיש צו שטאַרקן זיך דורך גימנאַסטישע איבונגען וואָס זײַנען צוגעפּאַסט פֿאַר אַ כוילע וואָס ליגט אין בעט. דריטנס, — און דאָס איז געווען דאָס וויכטיקסטע און דאָס שווערסטע — שטאַרקן די אָפּגעשניטענע פֿיס, אַרונטערצו אונטער די קני, קעדיי זיי זאָלן ניט פֿאַרלירן זייער קויעך און באַוועגלעכקייט; שפּעטער, ווען ס׳וועלן צוגעפּאַסט ווערן די פּראָטעזן — אויסלערנען זיך אויספֿירן מיט זיי אַלע באַוועגונגען וואָס זײַנען נייטיק אַף צו פּילאָטירן אַן אַוויאָן.

פֿאַר אַ מענטשן אָן פֿיס איז אַפֿילע גיין אַ שווערע אויפֿגאַבע. מערעסיעוו האָט זיך פֿונדעסטוועגן געקליבן צו פּילאָטירן אַן אַוויאָן, און דערצו נאָך אַ יאַגד־אַוויאָן. קעדיי עס צו דערגרייכן, ספּעציעל אין די קורצע רעגעס פֿון אַ לופֿט־קאַמף, ווען אַלץ איז אויסגערעכנט אין סעקונדעס און ווען דאָס צונויפֿפֿאַלן פֿון די באַוועגונגען דערהייבט זיך צו דער קאַטעגאָריע פֿון אַן אַבסאָלוטן רעפֿלעקס, דאַרפֿן די פֿיס אויספֿילן אַן אַרבעט וואָס דאַרף זײַן ניט ווייניקער גענוי און גענִיט — און איבערהויפּט גיכער נאָך — ווי די אַרבעט פֿון די אָרעמס. מען האָט זיך געדאַרפֿט אַזוי אײַנאיבן, אַז די שטיקער האָלץ און פֿעל וואָס וועלן זײַן צוגעפּעסטיקט צו זײַנע פֿיס־רעשטלעך זאָלן אַזוי ווי אַ לעבעדיקער אָרגאַן קענען פֿאַרווירקלעכן די דאָזיקע דעליקאַטע אַרבעט.

יעדן איינעם, וואָס קען די טעכניק פֿון פּילאָטירן, וואָלט עס אויסגעוויזן אומוואַרשײַנלעך, אָבער אַלעקסיי איז איצט געווען איבערצײַגט אַז דאָס גייט אַרײַן אין די גרענעצן פֿון די מענטשלעכע מעגלעכקייטן,

און אויב אזוי, וועט ער, מערעסיעוו, דערגרייכן עס אומבאדינגט. און אַלעקסיי האָט גענומען פאַרווירקלעכן זײַן פּלאַן. מיט אַ פּעדאַנטישער גענויקייט, וואָס האָט אים גופא דערשטוינט, האָט ער גענומען אויספירן די פאָרגעשריבענע באַהאַנדלונגען און נעמען די אַנטשפּרעכיקע רעפוּעס. ער האָט געגעסן אַ סאַך, האָט שטענדיק געבעטן מער, אַפילע דאַן ווען ער האָט ניט געהאַט קיין אַפּעטיט. ער האָט זיך אַליין געצוווּנגען צו שלאָפן אַ באַשטימטע צאָל שאָען און האָט זיך אַפילע צוגעוווינט צום מיטאָג־שלאָף. האַגאַם זײַן אַקטיווע און דינאַמישע נאַטור האָט זיך קעגנגעשטעלט קעגן דעם.

אַרויפצווינגען אַף זיך דאָס עסן, דאָס שלאָפן און דאָס נעמען די רעפוּעס איז ניט געווען שווער. דאָס ערגסטע איז געווען די גימנאַסטיק. דער געוויינלעכער מעטאָד, לויט וועלכן ער האָט פריִער געמאַכט זײַנע גימנאַסטישע איבונגען, האָט מען ניט געקענט אָנווענדן אַף אַ מענטשן אָן פיס, וואָס איז צוגעשמידט צום בעט. ער האָט דערפונדן אַ נײַעם מעטאָד: שאָענווײַז פלעגט ער זיך בייגן און אויסגלײַכן; אַרויפלייגן די הענט אַף די לענדן און דרייען דעם קערפּער; באַוועגן דעם קאָפּ מיט אַזאַ ענערגיע אַז עס פלעגן קנאַקן די ביינדלעך פון כוט־האַשעדרע. די זאָל־כאַווײרים פלעגן גוטמוטיק לאַכן פון אים. קוקושקין פלעגט זיך רייצן מיט אַלעקסייען, אָנרופנדיק אים „די ברידער זנאַמענסקי”, אָדער „לאַדומעזש” אָדער מיט נעמען פון אַנדערע באַרימטע אַטלעטן. ער האָט ניט געקענט זען ווי אַלעקסיי מאַכט זײַנע איבונגען, ווײַל ער האָט געקוקט אַף דער גימנאַסטיק ווי אַף אַ נאַרישקייט, ווי אַף אַ פויעל־יוצע פון אַ לאַנגן שפּיטאָל־לעבן. ווען אַלעקסיי פלעגט זיך נעמען צו זײַנע איבונגען, פלעגט קוקושקין אַ דערצאָרנטער און אַ מרוקענדיקער אַרויסגיין פון צימער.

ווען מען האָט אַראָפּגענומען די באַנדאַזשן פון זײַנע פיס און אַלעקסיי האָט זיך געקענט נעמען פרײַער באַוועגן אין די ענגע גרענעצן פון זײַן בעט, האָט ער אויסגעברייטערט זײַנע איבונגען. ער פלעגט אָנשפּאַרן די עקן פון זײַנע אָפּגעשניטענע פיס אַף די זײַטיקע ווענטלעך פון בעט און פלעגט, מיט די הענט אַף די לענדן, בייגן און אויסגלײַכן זיך, פאַרקלענערנדיק וואָס ווײַטער דעם ריטם און פאַרגרעסערנדיק די צאָל בויגן. נאָכדעם האָט ער פאַרטראַכט אַ ריי איבונגען פאַר די פיס. ליגנדיק מיטן פּאָנעם אַרויף פלעגט ער זיי צוציִען צו זיך, פריִער איינעם נאָכדעם דעם צווייטן, פלעגט זיי אָנציִען און אַ וואָרף טאָן פאָרויס. ווען ער האָט עס אויסגעפירט צום ערשטן מאָל, האָט ער גלײַך באַנומען די ריזיקע און קימאַט אומבאַזיגלעכע שוועריקייטן וואָס עס האָבן אים דערוואַרט. די דאָזיקע בויגן האָבן אים פאַרשאַפט אַ שאַרפן ווייטיק אין די שפּיצן פון די אָפּגעשניטענע פיס. די באַוועגונגען זײַנען געווען שוואַכע און אומזיכערע. ס'איז געווען אַזוי שווער אויסצורעכענען זיי, ווי, צום בײַשפּיל,

פליען אין אן אוויאן וואס א פליגל זיינס אדער דער עק זיינען באשעדיקט. פארגלייכנדיק, ניט ווילנדיק, זיך אליין מיט אן אוויאן, האט אלעקסיי פארשטאנען, אז די גאנצע פערפעקטקייט פון דער סטרוקטור פון מענטשלעכן קערפער איז צעשטערט געווארן אין זיין גוף און אז, הַאגאם ער איז נאך גאנץ און שטארק, וועט ער קיינמאל ניט דערגרייכן צו דער פריערדיקער הארמאניע פון באוועגונגען, וואס איז אויסגעארבעט געווארן בא אים זינט דער קינדהייט.

די פוס־גימנאסטיק האט אים פארשאפט א שארפן ווייטיק, אבער יעדן טאג האט זיך מערעסיעוו געאיבט מיט א מינוט מער ווי נעכטן. דאס זיינען געווען שרעקלעכע מינוטן, בעמעשעך פון וועלכע ס'פלעגן אים ארוים טרערן פון די אויגן און ער פלעגט דארפן בייסן די ליפן ביז בלוט, קעדיי איינצוהאלטן אן אומווילִיקן קרעכץ. ניט געקוקט אף דעם האט ער פארט ארויפגעצוווּנגען אף זיך די דאזיקע גימנאסטיק; פון אנהייב — איין מאל א טאג און שפעטער — צוויי, פארגרעסערנדיק נאכאנאנד איר דויער. נאך אזוינע איבונגען פלעגט ער א פאל טאן אפן קישן, טראכטנדיק: „וועל איך זיי קענען איבערכאזערן?” באנאכט פלעגט ער ארומטאפן די מוסקולן פון די לענדן און פון די פיס, און מיט פרייד פלעגט ער דערפילן אונטער זיינע פינגער ניט קיין ווייך און פעט פלייש ווי פון אנהייב, נאר געשפאנטע מוסקולן ווי אמאל.

די פיס האבן אויסגעפילט אלע מערעסיעווס געדאנקען. אין א מאמענט פון פארגעסונג פלעגט ער דערפילן א ווייטיק אין די פוסטריט; ערשט ווען ער פלעגט זיך איבערדרייען, פלעגט ער זיך כאפן אז ער האט זיי ניט. צוליב א געוויסער נערוון־אומנארמאלקייט האט זיך אים א שטיקצייט אויסגעדוכט אז די אמפוטירטע טיילן לעבן און זיינען צוגעפעסטיקט צום קערפער. אין די פייכטע טעג פלעגן זיי אים אנהייבן צו שטעכן, דריקן און אפילע וויי טאן. ער האט אזויפיל געטראכט וועגן די פיס, אז צייטנווייז פלעגט זיך אים כאלעמען אז ער איז שטארק און געזונט; אז בעיים אן אלארעם טראגט ער זיך אין איין געלאף צום אוויאן, שפרינגט ארויף, ניט אפשטעלנדיק זיך, אף א פליגל, זעצט זיך אריין אין קאבינע און פרוווט אוים מיט די פיס די פעדאלן, אין דער צייט וואס יורא ציט אראפ דעם שויץ־צודעק פון מאטאר. אן אנדערש מאל פלעגט זיך אים כאלעמען אז ער און אלגא האלטן זיך פאר די הענט און לויפן מעשוגענערווייז איבערן צעבליטן סטעפ; זיי פלעגן בײדע לויפן בארוועס, פילנדיק אף די פיס דעם צערטל פון דער פייכטער און ווארעמער ערד. ווי אנגענעם דאס איז געווען, אבער אויך ווי פיינלעך ווען ער פלעגט זיך אויפכאפן און דערזען אז ער האט קיין פיס ניט.

נאך אזוינע כאלוימעס פלעגט אלעקסיי ארייַנפאלן אין א גדריקטער שטימונג. עס פלעגט זיך אים נעמען אויסדוכטן אז ער מאטערט זיך אומזיסט, אז ער וועט שוין קיינמאל ניט פליען און אז ער וועט

שוין אויך מער ניט לויפן באַרוועס איבערן סטעפּ צוזאַמען מיט יענער כיינעוודיקער מיידל פון קאַמישין. וואָס לענגער ער איז געווען דערווייטערט פון איר אַלץ טײַערער און ליבער איז זי אים געוואָרן.

די באַציִונגען מיט אָלגאַן האָבן ניט געפרייט אַלעקסייען. קימאַט יעדע וואָך פלעגט אים קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ מאַכן „טאַנצנדיק", דאָס הייסט ער פלעגט אויפשפּרינגען אין בעט און פּאַטשן מיט די דלאָניעס, קעדיי צו באַקומען פון איר דעם קאָנווערט וואָס איז געווען באַשריבן מיט אַ קינדלעכדיקער און אָפּגעהיטער האַנטשריפט פון אַ שילערן. די בריוו זײַנען געוואָרן אַלץ לענגער, אַלץ וואַרעמער, פּונקט ווי די יונגע און קורצע ליבע, וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן דורך דער מילכאָמע, וואָלט זיך פאַרוואַנדלט פאַר אָלגאַן אין אַן אַלץ מער און מער רײַפערן געפיל. אַלעקסיי האָט געלייענט אירע ליניעס מיט אַן אומרויִקער זאָרג, ווײַל ער האָט געוווּסט אַז ער האָט קיין רעכט ניט צו ענטפערן איר מיטן זעלבן געפיל.

זיי האָבן זיך צוזאַמען געהאַט געלערנט אין דער פּראָפעסיאָנעלער שול פון די גרויסע קאַמישינער טאַרטאַקן. פון קינדווײַז אויף האָבן זיי געפילט צו זיך אַ קעגנזײַטיקע ראָמאַנטישע סימפּאַטיע וואָס זיי האָבן, בלויז קעדיי נאָכצומאַכן די גרויסע, אַ נאָמען געגעבן ליבע. דאַן האָבן זיי זיך צעשיידט אַף 6 צי 7 יאָר. פריִער איז דאָס מיידל אָוועקגעפאָרן לערנען אין אַן אינדוסטריעלער שול. נאָכדעם, ווען זי האָט זיך אומגעקערט און גענומען אַרבעטן ווי אַ מעכאַניקערן אין די טאַרטאַקן, איז שוין אַלעקסיי ניט געווען אין שטאָט. ער האָט זיך געלערנט אין אַן אַוויאַציע־שול. קורץ פאַרן אָנהייב פון דער מילכאָמע האָבן זיי זיך ווידער באַגעגנט. ניט ער און ניט זי האָבן זיך באַמיט צו באַגעגענען און, מעגלעך, אַז זיי האָבן זיך אַפילע ניט דערמאָנט איינער אין צווייטן. דורך דער מיל פון זייערע לעבנס איז דורכגעפלאָסן צופיל וואַסערן זינט דאַן. איינמאָל, אָבער, אין אַ פרילינגדיקן אָוונט, ווען אַלעקסיי איז צוזאַמען מיט זײַן מוטער געגאַנגען אין גאַס, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן מיט דער מיידל, וואָס איז זיי אָנגעקומען אַנטקעגן. אַלעקסייען האָט זי אַפילע ניט אָנגעהויבן צו אַרן; ער האָט בלויז באַמערקט אירע שלאַנקע פיס.

— פאַרוואָס האָסטו זי ניט געגריסט? דערמאָנסט זיך שוין גאָרניט אין איר? דאָס איז דאָך אָלגאַ — און די מאַמע האָט אָנגערופן איר פאַמיליע־נאָמען.

אַלעקסיי האָט אַ קוק געטאָן אַף צוריק. דאָס מיידל האָט אויך געטאָן דאָס זעלבע און האָט געקוקט אַף אים. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און אַלעקסיי האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי ס'וואַרפט זיך זײַן האַרץ. פאַרלאָזנדיק די מוטער, האָט ער זיך אַ טראָג געטאָן צום מיידל, וואָס איז געבליבן שטיין לעבן אַ נאַקעטן טאָפּאָל.

— דאָס ביסטו? — האָט אַן איבערראַשטער אויסגערופן אַלעקסיי,

ווי עס וואָלט געשטאַנען פאַר די אויגן אַ שיין וואַסער־מיידל, וואָס איז מיטאַמאָל, מען ווייס ניט וויאַזוי, דערשינען אין יענער רויִקער, בלאָטיקער און פרילינגדיקער גאַס.

— אַלעקסיי? — האָט זי אויך געפרעגט אַן איבערראַשטע און קימאַט אַן אומגלויביקע.

זיי האָבן זיך געזען צום ערשטן מאָל נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג. לעבן אַלעקסייען איז געשטאַנען אַ קליינוווּקסיק, שלאַנק, בויגעוודיק מיידל, מיט אַ קײַלעכדיק, אָנגענעם פּענעמל, וואָס איז, אַרום נאָז, קוים־קוים באַדעקט געווען מיט גאָלדיקע זומערשפּרענקלעך. זי האָט געקוקט אַף אים מיט גרויסע, גראָע, ליכטנדיקע אויגן פון אונטער קאַשטאַן־קאָליריקע ברעמען, וואָס זײַנען געווען עטוואָס צעשויבערט אין זייערע עקן. דאָס דאָזיקע ·ביינעוודיקע מעכאַיעדיקע און אָנגענעמע מיידל איז גאָרניט ענלעך געווען אַף יעניץ פּעסט, רונדפּאָנעמדיק, פּעטלעך און עטוואָס פּראָסטלעך מיידעלע, וואָס האָט געבלאָזן פון זיך און אַרומגעגאַנגען אין איר טאַטנס פאַרפעטסטן אַרבעט־רעקל מיט די פאַרקאַשערטע אַרבל. אַזוי האָט זי אויסגעזען ווען זיי האָבן זיך צום לעצטן מאָל באַגעגנט אין דער פּראָפעסיאָנעלער שול.

פאַרגעסנדיק אין דער מאַמען האָט אַלעקסיי געקוקט אַף אָלגאַן מיט עקסטאַז און ס'האָט זיך · אים אויסגעדוכט אַז בעמעשעך פון די אַלע פאַרגאַנגענע יאָרן האָט ער זי ניט פאַרגעסן און אַז ער האָט שטענדיק געטרוימט וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש.

— זע נאָר ווי דו האָסט זיך געענדערט! — האָט ער ענדלעך געזאָגט.

— וויאַזוי האָב איך זיך געענדערט? — האָט זי געפרעגט מיט אַ קלאַנגפולער, טיפער שטים, וואָס איז אויך ניט געווען ענלעך אַף איר שול־קאָל.

אַ ווינט איז אָנגעלאָפן פון ראָג, האָט אַ פײַף געטאָן אין די נאַקעטע צווײַגן פון קליינעם טאָפּאָל און האָט אַ הייב געטאָן דאָס קליידל איבער אָלגאַס שלאַנקע פיס. מיט אַ ביינעוודיקער, נאַטירלעכער באַוועגונג האָט זי צוגעהאַלטן דאָס קליידל און צעלאַכנדיק זיך האָט זי זיך אײַנגעבויגן.

— ווי דו האָסט זיך געביטן! — האָט איבערגעכאַזערט אַלעקסיי, ניט באַהאַלטנדיק שוין זײַן באַוווּנדערונג.

— אָבער וואָס אַזוינס האָט זיך געביטן אין מיר? — האָט זי געלאַכט.

די מאַמע, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אָנגעקוקט אַף זיי, האָט אַ שמייכל געטאָן מעלאַנכאָליש און איז אַליין אַוועק איר וועג. זיי זײַנען ווײַטער געבליבן שטיין פאַרכאַפּטע, איבעררײַסנדיק איינער דעם צווייטן מיט

אויסרופן: „און דו דערמאָנסט זיך?״, „און דו ווייסט?״, „און ווו איז איצט?...״, „און וואָס טוט אַצינדערט?...״.

אזוי זײַנען זיי געשטאַנען אַ לאַנגע צײַט, ביז אַלגאַ האָט אים אָנגעוויזן אױף די נאָנטע שטיבלעך. פון די פענצטער, באַצירטע מיט גראַניעס און קלייניטשקע יאָדלעלעך, האָבן אַרויסגעקוקט נײַגעריקע פּענעמער.

— האָסט צײַט? לאָמיר צוגיין צו דער וואָלגע — האָט זי געזאָגט.

נעמענדיק זיך פאַר די הענט — אַ זאַך וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געטאָן אַפילע אין די גאָר ערשטע יוגנט־יאָרן — און פאַרגעסנדיק זיך אין אַלץ וואָס אױף דער וועלט איז פאַראַן, זײַנען זיי אַוועק צום מעשופּעדיקן וואָלגע־ברעג, אין דער ריכטונג פון אַ הויכן, פּערפּענדיקולאַר־שטאַרצנדיקן באַרג. פון דאָרט האָט זיך געזען די ברייטע פּאַנאָראַמע פון דער פונאַנדערגעפּלייצטער וואָלגע, אױף וועלכער עס זײַנען מאַיעסטעטיש געשוווּמען די אײַז־קריִעס.

פון יענעם טאָג אָן האָט די מאַמע זעלטן געזען אין שטוב איר באַליבטסטן זון. אַלעקסיי, וואָס האָט פריִער ניט אַכטונג געגעבן אױף זײַן הילעך, האָט אָנגעהויבן יעדן טאָג צו פּרעסן זײַנע הויזן און צו רייניקן מיט קרײַט די קנעפּלעך פון זײַן אוניפאָרם. ער האָט אַרויסגענומען פון זײַן רענצל דאָס היטל מיטן ווײַסן דעקל און מיטן פּאַראַד־עמבלעם פון די אוויאַטאָרן. ער פלעגט זיך גאָלן צוויי מאָל אַ טאָג, און פאַרנאַכטלעך, נאָכן אַרײַנקוקן אַ סאַך מאָל אין שפּיגל, פלעגט ער זיך אַוועקלאָזן צו דער פאַבריק איבערנעמען אַלגאַן. בעמעשעך פון טאָג פלעגט ער אויך קעסיידער פאַרפאַלן ווערן, אַרומגיין צעשטרייט און ענטפערן ניט צו דער זאַך. די אַלטיטשקע האָט, מיט איר מוטער־אינסטינקט, אַלץ פאַרשטאַנען. זי פלעגט פאַרשטיין און ניט באַליידיקן זיך: „ס'איז נאַטירלעך — דאָס אַלטע ווערט אַלט און דאָס יונגע וואַקסט״.

קיין איין מאָל אַפילע האָבן זיי ניט גערעדט וועגן זייער ליבע. זיי האָבן שפּאַצירט איבערן ברעג פון דער רויִקער, זון־צעפינקלטער וואָלגע, אָדער אױף די אַרומיקע קאַוונע־פעלדער וואָס האָבן אויסגעזען שוואַרץ ווי סמאָלע און וואָס זײַנען שוין געווען באַדעקט מיט דיקע האָריזאָנטאַלע שטענגלעך און מיט טונקל־גרינע, פינגעראַרטיקע בלעטער. יעדן טאָג, אין די אָוונטן, ווען זיי פלעגן זיך אומקערן פון די דאָזיקע שפּאַצירן, פלעגט אַלעקסיי ציילן די טעג פון אורלויב וואָס זײַנען אים נאָך איבערגעבליבן און ער פלעגט זיך געבן אָן ערן־וואָרט אַז ער וועט דערציילן אַלגאַן אַלץ וואָס ער פילט. ס'פלעגט אָנקומען דער צווייטער אָוונט. ער פלעגט זי גיין איבערנעמען לעבן דער פאַבריק, פלעגט זי באַגלייטן ביזן הילצערנעם, צווייִשטאָקיקן שטיבל, ווו זי האָט געהאַט אַ קליינעם, קלאָרן און ריינעם צימערל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אוויאָן־קאַבינע. ער פלעגט וואַרטן געדולדיק אַז זי זאָל, אַ באַהאַלטענע הינטער דער טיר פון שראַנק, בײַטן דאָס קלייד, און בישאַס־מײַסע פלעגט ער זיך באַמיִען ניט

צו קוקן אױף די נאַקעטע עלנבױגנס, אַקסלען און פיס װאָס פלעגן זיך באַװײַזן פון הינטער דער טיר. נאָכדעם פלעגט זיך אָלגאַ ארומװאַשן און אומקערן זיך אַ פרײלעכע, אַ ראָזלעכע, אַ פרישע, מיט פײַכטע האָר, און אַן אָנגעטאָנענע אין דער זעלבער זײַדענער, שנײ־װײַסער בלוזע, װאָס זי פלעגט שטענדיק טראָגן.

זײ פלעגן גײן אין קינאָ, אין צירק אָדער אין פּאַרק. אַלעקסײען האָט ניט אױסגעמאַכט װוּ; ער פלעגט ניט קוקן אױפן עקראַן, ניט אױף דער אַרענע און ניט אױף די פאַרבײַגײער. ער פלעגט קוקן נאָר אױף איר און טראַכטן: „איצט זאָג איך איר שױן באַשטימט; יאָ, איך װעל זיך דערקלערן װען מיר װעלן זיך אומקערן אַהײם". אַז זײ פלעגן אָבער קו־מען אַהײם, פלעגט אים אױספעלן מוט.

אַ זונטיק האָבן זײ באַשלאָסן צו פאַרברענגען אױף יענער זײַט װאָל־גע. ער איז זי אָװעק נעמען אַן אָנגעטאָנענער אין זײַנע בעסטע װײַסע הױזן און אין אַ העמד מיט אַן אָפּגעלײגטן קאָלנער, װאָס האָט, לױט זײַן מאַמעס מײנונג, שטאַרק האַרמאָנירט מיט זײַן אָפּגעברענטן פּאָנעם און מיט זײַנע אַרױסשטאַרטשענדיקע באַקן־בײנער. אָלגאַ איז שױן גע־װען פאַרטיק. זי האָט אים געגעבן אַ פּעקל, אײַנגעװיקלט אין אַ סער־װעטקע, און זײ זײַנען בײדע אַװעק צו דער װאָלגע. דער אַלטער אָנפֿי־סיקער שיפל־פירער — אַן אינװאַליד פון דער ערשטער װעלט־מילכאָמע, װעמען אַלע יונגלעך האָבן ליב געהאַט און װאָס האָט אַמאָל אױסגע־לערנט אַלעקסײען כאַפּן פיש אױף אַ זאַמד־באַנק — האָט, קלאַפּנדיק מיט זײַנע קוליעס, אָפּגעבונדן דאָס שװערע שיפל און האָט גענומען פּאַמעלעך װיאַסלעװען. דאָס שיפל, שנײַדנדיק אין דער קװער דעם שטראָם, האָט זיך פּאַמעלעך געגליטשט איבערן טײַך אין דער ריכטונג פון אַנטקעגנ־דיקן לײַכט־אָנגעבױגענעם ברעג, װאָס האָט לעבעדיק געגרינט. דאָס מײדל, װאָס איז געזעסן אין הינטערשטן טײל שיפל, האָט אַ פאַרטראַכ־טע אונטערגעטױכט איר האַנט אינעם װאַסער.

— פּעטער אַרקאַשאַ, דערמאָנסט זיך ניט אין אונדז? — האָט גע־פרעגט אַלעקסײ.

דער שיפל־פירער האָט אַ גלײַכגילטיקער געקוקט אױף די יונגע פּע־נעמער.

— איך דערמאָן זיך ניט — האָט ער געזאָגט.

— װי קומט עס? איך בין אַלעקסײ מערעסיעװ. און דו, פּעטער, האָסט מיך געלערנט כאַפּן פישלעך מיט אַ װידלע אױפן אַלטן זאַמד־באַנק.

— איז װאָס? עס קען זײַן אַז כ'האָב דיך געלערנט; איר זײַט גע־װען אַזױ פיל און איר האָט מיר אָנגעטאָן אַזױפיל צעלאָכעס. איז װי זשע קען איך זיך איצט דערמאָנען אין אַלעמען?

זײ זײַנען פאַרבײַגעשװוּמען פאַרבײַ אַ קלײנער װאַסער־סטאַנציע, װוּ ס'איז געװען צוגעפּעסטיקט אַ בײַכיק מאָטאָר־שיפל, װאָס אױף זײַנע צע־

פאַרענע זײַטן האָט זיך שטאָלץ צעלייגט די אויפשריפט „אוראַרא". נאָכ־דעם האָט זיך זייער שיפל אַרײַנגעשניטן מיט אַ הילכיקן געקרוך אינעם גראָבן זאַמד פון ברעג.

— דאָ איז מײַן אָרט, איך געהער ניט צום אָפיציעלן דינסט; איך פיר בלויז אַריבער מענטשן אַף מײַן שיפל —האָט אויפגעקלערט פעטער אַרקאַשאַ. בישאַס־מײַסע איז ער אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער מיט זײַנע קוליעס און האָט געגומען שטופּן דאָס שיפל צום ברעג. די קוליעס זײַנען אײַנגעזונקען געוואָרן אינעם זאַמד און דאָס שיפל האָט זיך קוים באַוועגט—. איר דאַרפט אַרויסשפּרינגען —האָט פלעגמאַטיש געזאָגט דער שיפל־פירער.

— וויפל קומט דיר? —האָט געפרעגט אַלעקסיי.

— וויפל אײַער האַרץ גלוסט. לויט אײַערע פּענעמער, וואָלט איך געמעגט געבן וואָס מער. איך דערמאָן זיך אָבער ניט אין אײַך, איך דער־מאָן זיך ניט.

אַרויסשפּרינגענדיק פון שיפל, האָבן זיי אײַנגעגעצט די פיס, און אָלגאַ האָט פאַרגעלייגט אויסטאָן זיך באָרוועס. זיי האָבן אַזוי געטאָן. באַרירנדיק מיט זייערע פיס דעם לעבעדיקן און נאַסן טײַך־זאַמד, האָבן זיי זיך דערפילט אַזוי פרײַ און פרייליך אַז ס'האָט זיך זיי פאַרגלוסט לויפן, מאַכן קאָזשעלקעס און קײַקלען זיך אין גראָז ווי צוויי הירשלעך.

— כאַפּ מיך! —האָט אַ געשריי געטאָן אָלגאַ, און באַוועגנדיק שנעל־שנעל אירע אָפּגעברענטע און שטאַרקע פיסלעך האָט זי געגומען לויפן לענגאויס דעם זאַמד־באַנק, איבערן לײַכטן אָנבויג פון ברעג ביז צו דער שמאַראַגד־גרינקייט פון די בליִענדיקע פעלדער.

אַלעקסיי איז געלאָפן הינטער איר מיט אַלע זײַנע קויכעס, זעענדיק פאַר זײַנע אויגן בלויז דעם געבלימטן פלעק פון איר לײַכטן קליידל. ער איז געלאָפן, פילנדיק ווי די בלומען און די שטענגלעך פון די פלאַנצן שטעכן ווייטיקדיק זײַנע באָרוועסע פיס; די פײַכטע, פונאַנדערגעוואַ־רעמטע ערד, ווידער, האָט זיך אונטערגעגעבן אַ לעפּלעכע און אַ ווייכע אונטער די פיס. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז פאַר אים איז זייער וויכטיק צו דערגרייכן אָלגאַן, אַז פון דעם איז אַ סאַך אָפּהענגיק ביידנס צוקונפטיק לעבן און אַז איצט, וואַרשײַנלעך, אַפן דאָזיקן בלומיקן, פאַר־שיקערנדיק־שמעקעדיקן פעלד, וועט ער איר זאָגן אַלץ וואָס ער האָט ביז איצט קיין מוט ניט געהאַט צו זאָגן. קוים אָבער פלעגט ער זי שוין האַלטן אין דערגרייכן און אויסציִען צו איר זײַנע אָרעמס, פלעגט זי זיך אויסדרייען, אָפּשפּרינגען ווי אַ קאַץ און פלעגט, מיט אַ פרייליכן גע־לעכטער, נעמען לויפן אין אַן אַנדער ריכטונג.

דאָס מיידל האָט זיך אײַנגעאַקשנט און ער האָט זי ניט געכאַפּט. מיטן אייגענעם ווילן האָט זי זיך אומגעקערט פון פעלד צום ברעג און

האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אױף גאָלדיקן און הייסן זאַמד. זי איז געלעגן מיט אַן אָפענעם מויל, אַ פאַרסאָפּעטע; איר ברוסט האָט זיך געהויבן צום טאַקט פון מידן אָטעם; אַ פאַרשמאַכטע האָט זי געשעפּט די לופט און האָט געלאַכט אַ צופרידענע. אין צעבליטן פעלד, צווישן די ווײַסע בלימעלעך פון די ראָמאַשקעס, האָט ער איר אַראָפּגענומען אַ פאָטאָגראַפיע. נאָכדעם האָבן זיי זיך געבאָדן. נאָכן באָדן זיך האָט ער זיך אונטערטעניק אַוועקגעשטעלט הינטער אַ ברעג־קוסט, אָפּקערנדיק זיך פון איר מיט די אַקסלען כּל־זמן זי האָט זיך געהאַלטן אין אָנטאָן און אין אויסדרייען איר נאַסן באָד־קאָסטיום.

ווען זי האָט אים אַ רוף געטאָן, איז זי שוין געזעסן אױף זאַמד מיט אונטערגעקאַשערטע פּיס. זי איז געווען אָנגעטאָן בלויז אין איר לײַכטן קליידל און איר קאָפּ איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ באָד־האַנטעך. זי האָט אויסגעשפּרייט אױף זאַמד די ריינע סערוועטקע, האָט זי צוגעפּעסטיקט מיט שטיינער און האָט אויסגעפּאַקט דאָס פּעקל. זיי האָבן געגעסן סאַלאַט, קאַלטע פיש אײַנגעוויקלטע אין פּוטער־פּאַפּיר. עס איז אַפילע געווען היימיש געבעקס. אָלגאַ האָט אַפילע ניט פאַרגעסן קיין זאַלץ און קיין זענעפט, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין קליינע סלאָיִקלעך אױף אימפּראָוויזירטן טישטעך. עס איז געווען אָנגענעם און עמאָציאָנירנדיק צוקוקן זיך וויִאַזוי דאָס דאָזיקע כיינעוודיקע און שײַנענדיקע מיידל האָט געבאַלעבאַטעוועט, מיט ערנסטקייט און גענויקייט, אַרום טישטעך. אַלעקסיי האָט דעציידירט: „געווען מיט אָפּלייגעניש. איצט איז שוין זיכער". דעם זעלבן אָוונט וועט ער זיך דערקלערן. ער וועט איר איבערצײַגן, ער וועט איר דערווײַזן, אַז זי מוז אומבאַדינגט ווערן זײַן פרוי.

זיי זײַנען געלעגן אױף דער פּליאַזשע, נאָכאַמאָל געבאָדן זיך און, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אָפּגערעדט צו זען זיך דעם זעלבן אָוונט באַ אים אין שטוב, האָבן זיי זיך מידע און גליקלעכע אַוועקגעלאָזט פּאַמעלעך צו דער טײַך־סטאַנציע. עס איז דאָרט ניט געווען קיין שום שיפל, קיין שום לאָדקע. זיי האָבן אַ לאַנגע צײַט גערופן דעם פּעטער אַרקאַשאַ און זײַנען שיר ניט הייזעריק געוואָרן. די זון האָט שוין אָנגערירט דעם סטעפּ. אירע ראָז־גלאַנציקע שטראַלן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון מעשופּעדיקן ברעג פון יענעם זײַט טײַך און האָבן באַגילדט די דעכער פון די שטאָטישע הײַזער; די פאַרשטויבטע און רויִקעביימער, אָפּגעפאַרבענע אין בלוט־קאָליר, האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די שויבן. ס'איז געווען אַ הייסער זומערדיקער אָוונט, אַן אײַנגעהילטער אין רו און שאַלווע. עפּעס האָט אָבער פּאַסירט אין שטאָט. אױף די גאַסן, וואָס זײַנען געוויינלעך פּוסט אין דער דאָזיקער שעה, האָט געקאָכט פון מענטשן, עס זײַנען דורכגעפאָרן צוויי פולע קאַמיאָנען און עס איז פאַרבײַגעגאַנגען אַ פאָרמירטע גרופּע מענער.

— זאָל מעגלעך זײַן אַז פּעטער אַרקאַשאַ האָט זיך אָנגעשיקערט?

—האָט אַ זאָג געטאָן אַלעקסיי—. מיר דוכט, אַז מיר וועלן דאָ מוזן איבערנעכטיקן.

— מיט דיר האָב איך קיין מוירע ניט פאַר גאָרניט —האָט זי געזאָגט, קוקנדיק אַף אים מיט אירע גרויסע, שײַנענדיקע אויגן.

ער האָט זי אַרומגענומען און קוש געטאָן. ער האָט זי געקושט צום ערשטן און איינציקן מאָל. אָפּן טײַך האָבן געליאַרעמט די וואַסערפייגל. פון צווייטן ברעג איז געשווומען דאָס שיפל, אָן איבערגעפולטס מיט מענטשן. איצט האָט זיי פאַרדראָסן דאָס אָנקומען פון שיפל, אָבער, ניט ווילנדיק פאַרוואָס, זײַנען זיי אויטאָמאַטיש געגאַנגען באַגעגענען עס, אַזוי ווי זיי וואָלטן פאַרויסגעפילט אַז עפּעס ברענגט עס פאַר זיי.

די מענטשן זײַנען שטילערהייט אַרויסגעשפּרונגען פון שיפל. אַלע זײַנען געווען זונטיקדיק אָנגעטאָן, אָבער זייערע פּענעמער זײַנען געווען פאַרזאָרגט און צונויפגעצויגן. זיי זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען שווײַגנדיקע פאַרבײַ דעם פּאָרל. די מענער זײַנען געווען ערנסט און האָבן זיך געאײַלט, די פרויען זײַנען געווען אויפגערעגט און האָבן אונטערגעוויינט. ניט פאַרשטייענדיק וואָס דאָ קומט פאָר זײַנען אַלעקסיי און אָלגאַ אַרײַנגעשפּרונגען אין שיפל, און דער פעטער אַרקאַשי האָט, ניט קוקנדיק אַף זייערע גליקלעכע פּענעמער, אַ זאָג געטאָן:

— מילכאָמע... הײַנט האָט עס געזאָגט דער ראַדיאָ. ס'האָט גערעדט דער כאַווער מאָלאָטאָוו.

— מילכאָמע?... מיט וועמען? —האָט אַלעקסיי אַ שפּרונג געטאָן אַף זײַן בענקל.

— מיט וועמען קען דען זײַן? ווידער מיט זיי, מיט די פאַרשאָלטענע דײַטשן —האָט געענטפערט אַ דערצאָרנטער פעטער אַרקאַשאַ, אַראָפּלאָזנדיק די וועסלעס און באַוועגנדיק זיי מיט רוגזע—. די מענטשן שטעלן זיך שוין צו צום מאָביליזאַציע־פּונקט... מאָביליזאַציע.

אַלעקסיי איז ניט אַוועק אַהיים, נאָר גלײַך צום מאָביליזאַציע־פּונקט. מיטן באַן פון 12.40 איז ער אָפּגעפאָרן צו זײַן לופט־איינהייט. ער האָט קוים באַוויזן צולויפן אַהיים אַ כאַפּ צו טאָן זײַן רענצל און האָט זיך אַפילע ניט געזעגנט מיט אָלגאַן.

זיי האָבן זיך געשריבן גאַנץ זעלטן, אָבער ניט דערפאַר ווײַל זייער קעגנזײַטיקע סימפּאַטיע האָט זיך אָפּגעקילט. ניין, אַלעקסיי האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אַף אירע בריוו, געשריבענע מיט דער קײַלעכדיקער האַנטשריפט פון אַ שילערן; ער האָט זיי געטראָגן אין קעשענע און ווען ער פלעגט בלײַבן אַליין פלעגט ער זיי נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל לייענען. דאָס זײַנען געווען די זעלבע בריוו וואָס ער האָט צוגעדריקט צו זײַן האַרצן אין די שווערע טעג, ווען ער האָט זיך געשלעפּט איבערן וואַלד. די פאַרבינדונגען צווישןביידן זײַנען אָבער איבערגעריסן געוואָרן אַזוי אומגעריכט, אין אַזאַ אומדעפינירטן עטאַפּ, אַז אין זייערע בריוו

האבן זיי גערעדט צו זיך ווי אלטע און גוטע באקענטע, ווי צוויי גוטע פריינט, וואס האבן מוירע אריינצומישן אין זייערע רייד עפעס אויסער־געוויינלעכס וואס איז געבליבן ניט ארויסגעזאגט.

און איצט, ווען ער האט זיך געפונען אין שפיטאל, האט זיך אלעקסיי צוגעקוקט מיט אן אליץ גרעסערער איבערראשונג, ווי אלגא גייט אים אליין אנטקעגן, ווי זי רעדט צו אים אן קיין שום שטערונג וועגן אירע ליידן, ווי זי באקלאגט זיך וואס פעטער ארקאשא איז דאן אונטערגעקומען אזוי ניט צו דער צייט. זי האט אים געבעטן, אז וואס עס זאל ניט פארקומען, זאל ער שטענדיק זיין זיכער אז ס'איז פאראן א פערזאן אף וועלכער ער קען זיך שטענדיק פארלאזן און געדענקען זאל ער אין דער פרעמד אז ער האט א ווינקל וווּ אומצוקערן זיך נאך דער מילכאמע, ווי איינער פון דער מישפאכע. ס'האט אויסגעוויזן ווי עס וואלט אים געשריבן אן אנדער אלגא, אינגאנצן א נייע. ווען ער האט געקוקט אף איר פאטאגראפיע, האט ער שטענדיק געטראכט: ווען עס וואלט א בלאז געטאן א ווינט וואלט ער זי אויפגעהויבן אין דער לופטן מיט איר בלומיקן קלייד, פונקט אזוי לייכט ווי יענע פיצינקע פאראשוטן פון לופטלדיקן לייבנצאן. די דאזיקע בריוו האט אבער געשריבן א גוטע, הארציקע פרוי וואס האט זיך געפייניקט צוליב איר געליבטן, אף וועמען זי האט געווארט. דאס האט אים סיי געפרייט און סיי באאומרויקט. עס האט אים געפרייט קעגן זיין ווילן, און עס האט אים צעמישט, ווייל אלעקסיי האט געהאלטן אז ער האט קיין רעכט ניט אף דער דאזיקער ליבע, אז ער איז אומווירדיק לעגאבע אזא מין אפנהארציקייט. ער האט דאך ניט געהאט קיין מוט צו שרייבן, אין דער געהעריקער צייט, אז ער איז שוין ניט יענער ציגיינערדיקער באכער, פול מיט לעבן, נאר אן אינוואליד אן פיס, אן ענלעכער אף פעטער ארקאשא. צוליבן ניט האבן דעצידירט זיך צו שרייבן דעם עמעס, קעדיי ניט אוועקצוהארגענען די קראנקע מוטער, האט ער איצט געמוזט אפנארן אלגאן אין די בריוו, פארפלאנטערנדיק זיך אליץ מער און מער אין די נעצן פון די ליגנס.

דערפאר פלעגן די בריוו, וואס פלעגן אנקומען פון קאמישין, ארויסרופן בא אים די סאמע קעגנזועצלעכע געפילן — פרייד און ליידן, האפענונג און אומרו — און זיי פלעגן מונטערן און מאטערן גלייכצייטיק. ער האט געזאגט א ליגן איין מאל און ער האט שוין געמוזט ווייטער לייגן, און אזוי ווי ער האט עס ניט געקענט טאן, זיינען די בריוו זיינע צו אלגאן ארויסגעקומען קורץ און טרוקן.

לייכטער איז אים געווען צו שרייבן צום „מעטעאראלאגישן סערזשאנט”. דאס איז געווען א פאשעטע נעשאמע, אבער אן איבערגעגעבענע און אן ארנטלעכע. נאך דער אפעראציע, אין א מאמענט פון פארצווייפלונג, ווען ער האט געשפירט די נויטווענדיקייט אויסצוגיסן פאר עמעצן זיין ביטער הארץ, האט אלעקסיי אנגעשריבן צו איר אן אויספירלעכן

און טרויעריקן בריוו. ווי אַן ענטפער האָט ער באַקומען אַ העפט־זײַטל, אַ באַדעקטס מיט אַ ציקלדיקער האַנטשריפט, אַן אָפּגעשאָטנס מיט אויס־רוף־צייכנס און אַ באַצירטס מיט טרערן־פלעקן. דאָס מיידל האָט געשריבן, אַז ווען ניט די מיליטערישע דיסציפּלין, וואָלט זי אַלץ אַוועקגעוואָרפן און וואָלט גלײַך געקומען אָפּהיטן אים און טיילן מיט אים זײַנע צאָרעס. זי האָט זיך געבעטן בײַ אים אַז ער זאָל שרײַבן מער. ס'איז געווען אין צעוואָרפענעם בריוו אַזאַ מין אומשולדיק, קימאַט קינדיש, געפיל, אַז עס האָט אַלעקסייען שטאַרק פאַרדראָסן וואָס ער האָט זי אָפּגענאַרט, זאָגנדיק איר אַז אַלגאָס בריוו שטאַמען פון זײַנער אַ כאַסענע־געהאַטער שוועסטער. אַזאַ פּערזאָן טאָר מען ניט אָפּנאַרן. ער האָט איר אָנגעשריבן אַן אָרנטלעכן בריוו, דערציילנדיק איר וועגן זײַן קאַמישינער קאַלע און אויך אַז ער דעצידירט זיך ניט צוווייסן צו געבן דער מאַמען און אַלגאָן וועגן זײַן אומגליק.

דער ענטפער פון „מעטעאָראָלאָגישן סערזשאַנט" איז אָנגעקומען מיט אַ שנעלקייט וואָס איז געווען אומגעווייינלעך אין יענע צײַטן. זי האָט געשריבן אַז זי שיקט אים דעם בריוו דורך אַן אָפיציר, אַ קריגס־קאָרעספּאָנדענט, וואָס האָט זי געוואָלט געווינען, אָבער אַף וועלכן זי האָט זיך ניט אומגעקוקט, האָגאָם ער איז אַ פריילעכער און אַן אינטערעסאַנטער. לויטן בריוו האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי איז פאַרביטערט און באַליידיקט, אַז זי וויל זיך אײַנהאַלטן אָבער זי קען ניט. זי האָט אים פאָרגעוואָרפן וואָס ער האָט איר דאַן ניט געזאָגט דעם עמעס, אָבער גלײַכצײַטיק האָט זי געבעטן אַז ער זאָל זי באַטראַכטן פאַר אַ פרײַנדן. צום סאָף בריוו האָט זי צוגעשריבן, שוין ניט מיט טינט נאָר מיט בלײַ, אַז דער „כאַווער לייטענאַנט" מעג וויסן אַז זי איז אים אַ טרײַ פרײַנדן און אויב יענע פון קאַמישין וועט אים פאַרראַטן (זי האָט געוווּסט ווי עס פירן זיך אויף די פרויען פון רעטאַגוואַרד), אָדער אויפהערן צו ליבן, אָדער דערשרעקן זיך פאַר זײַן אינוואַלידנטום, זאָל ער זיך גלײַך דערמאָנען אין „מעטעאָראָלאָגישן סערזשאַנט", אָבער ער זאָל איר שטענדיק שרײַבן דעם עמעס.

צוזאַמען מיטן בריוו האָט מען איבערגעגעבן אַלעקסייען אַ פײַן־אײַנגעפּאַקטן פּעקעלע. עס זײַנען געווען דאָרט פאַרשיידענע טיכעלעך, געמאַכט פון פּאַראַשוטן־זײַד און אויסגענייט מיט זײַנע איניציאַלן; אַ טאַבאַק־בײַטל, אַף וועלכן עס איז געווען אויסגעצייכנט אַ פליִענדיקער אַוויאָן; אַ קאַם; אַ פלעשל אָדעקאָלאָן „מאַגנאָליאַ" און אַ שטיקל טואַלעט־זייף. אַלעקסיי האָט געוווּסט ווי טײַער עס זײַנען בײַ די מיידלעך־סאָלדאַטן די דאָזיקע אַלע קלייניקייטן און דערצו נאָך אין אַזאַ מין שווערער צײַט. ער האָט געוווּסט אַז זייף און אָדעקאָלאָן —מאַטאָנעס פון רעטאַגוואַרד פאַרן פראָנט— היטן זיי געווייינלעך אָפּ ווי אומבאַרירלעכע אַמולעטן, וואָס דערמאָנען דאָס פריִערדיקע ציווילע לעבן. אַלעקסיי האָט געוווּסט דעם ווערט פון די דאָזיקע מאַטאָנעס און ער האָט געפילט אַ פרייד און

אַן אומאָנגענעמלעכקייט ווען ער האָט די דאָזיקע אַלע זאַכן אויסגעלייגט אַף זײַן נאַכט־טישל.

איצט, ווען ער האָט אײַנגעאיבט מיט זײַן גאַנצער ענערגיע זײַנע קאַליקע פיס, ווען ער האָט געטרוימט צוריקצוקריגן די מעגלעכקייטן צו פליִען און צו קעמפן, האָט ער דערפילט אין זיך אַ פאַרדריסלעכע צווייאיקייט. ס'איז אים געווען פײַנלעך צו לײַגן און צו ריידן אומקלאָרע רייד אין זײַנע בריוו צו אָלגאַן — ווען ער האָט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער ליב באַקומען — און צו זײַן אַזוי אָפנהאַרציק מיט אַ מיידל, וואָס ער האָט אַפילו ניט געוווּסט ווי זי הייסט.

ער האָט זיך אָבער געגעבן דאָס פײַערלעכע וואָרט, אַז ערשט נאָכן פאַרווירקלעכן זײַן טרוים אומצוקערן זיך אין מיליטער, נאָכן ווידערבאַקומען זײַנע פעיִקייטן צו אַרבעטן, ערשט דאַן וועט ער ווידער נעמען ריידן מיט אָלגאַן וועגן ליבע. דערפאַר האָט ער מיט נאָך מער פאַנאַטיזם גענומען שטרעבן צו זײַן ציל.

## .11

דער קאָמיסאַר איז געשטאָרבן דעם ערשטן מײַ.

דאָס איז געשען קימאַט אומבאַמערקט. אינדערפרי, נאָכן אָרומוואַשן און פאַרקעמען זיך, האָט ער נאָך אויסגעפרעגט באַם ראַזירער אַלע פראַטים וועגן וועטער און אויך ווי עס זעט אויס די יאָנטעוודיקע מאָסקווע. ער האָט זיך געפרייט וואָס מען נעמט שוין באַזײַטיקן די באַריקאַדן פון די גאַסן, האָט באַדויערט וואָס אין אַזאַ לויכטנדיקן און פרעכטיקן פרילינג־טאָג וועט ניט פאָרקומען קיין מאַניפעסטאַציע און האָט געשפּאַסט מיט קלאַוודיאַ מיכאַײַלאָוונאַ, וואָס האָט לעקאָוועד יאָנטעוו געמאַכט אַ נײַע, הערצישע אָנשטרענגונג צו פאַרפודערן אירע זומערשפּרענקלעך. ס'האָט אויסגעזען אַז ער פילט זיך בעסער און עס איז באַ אַלעמען געבוירן געוואָרן די האָפענונג: „עפשער וועט ער זיך שוין נעמען פראַוועון".

מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק — זינט דעם מאָמענט ווען ער האָט שוין מער ניט געקענט לייענען די צײַטונגען — איז ער באַזאָרגט געוואָרן מיט ראַדיאָ־טרײַבלעך. גוואָזדיעוו, וואָס האָט זיך פאַרשטאַנען אַף ראַדיאָ, האָט אין זיי עפּעס איבערגעמאַכט, און איצט האָבן זיי גערעדט און געזונגען פאַרן גאַנצן זאַל. 9 אַזייגער האָט די באַקאַנטע שטים פון לאָקוטאָר גענומען פאָרלייענען דעם טאָג־באַפעל פון פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר פאַרטיידיקונג. אַלע זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן, האָבן אויפגעהויבן די קעפּ צו די ראַדיאָ־טרײַבלעך וואָס זײַנען געהאַנגען אַף דער וואַנט און באַמיט זיך ניט צו פאַרלירן קיין איין וואָרט. עס האָבן שוין אָפּגעקלונגען די ווערטער: „אונטער דער אומבאַזיגלעכער פאָן פון גרויסן לענינען, פאָרויס, צום זיג !", אָבער אין זאַל האָט נאָך געהערשט אַ געשפּאַנטע שטילקייט.

— נו, גוט; דערקלערט מיר כאַווער קאָמיסאַר דאָס ווײַטערדיקע... האָט אָנגעהויבן ריידן קוקושקין, און מיטאַמאָל האָט ער אַ מוירעדיקן געשריי געטאָן: — כאַווער קאָמיסאַר!

אַלע האָבן אַ קער געטאָן די קעפּ. דער קאָמיסאַר איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעט, אַ גלײַכער, אַ שטײַפער, אַ שטרענגער, מיט אומבאַוועגלעכע אויגן וואָס האָבן געגליווערט צום סופיט. אויף זײַן אויסגעמאָגערטן טויט־בלייכן פּנים איז געבליבן פאַרשטאַרט אַ פײַערלעכער, רויִקער, מאַיעסטעטישער אויסדרוק.

— ער איז געשטאָרבן! — האָט געשריִען קוקושקין, אַ פאַל טוענדיק אויף די קני לעבן בעט —. ער איז געשטאָרבן!

די צעטומלטע אַסיסטענטקעס זײַנען אַרײַנגעלאָפן און אַרויסגעלאָפן; די קראַנקן־שוועסטער האָט ניט אײַנגערוט; פאַרשפּיליענדיק זיך נערוועז דעם כאַלאַט איז אײַליק אַרײַנגעקומען דער זאַל־דאָקטער. ניט קוקנדיק אויף קיינעם, האָט דער לייטענאַנט קאָנסטאַנטין קוקושקין, דער ברויגעזער און אומגעזעלשאַפטלעכער מענטש, אַרײַנגעגראָבן, ווי אַ קינד, זײַן פּנים אין קאָמיסאַרס דעקע און זײַנע שטאַרקע שלוכצן האָבן קאָנוווּלסיוו אויפגעטרייסלט זײַנע אַקסלען און זײַן גאַנצן קערפּער.

אויפן פרײַגעוואָרענעם אָרט אין זאַל 42 האָט מען אין אָוונט פון זעלבן טאָג אַוועקגעלייגט אַ נײַעם פאַרוווּנדיקטן. דאָס איז געווען אַ יאַגד־פּילאָט — דער קאָמאַנדיר פּאַוועל איוואַנאָוויטש סטרוטשקאָוו, וואָס האָט געהערט צו דער דיוויזיע פון לופט־פאַרטיידיקונג פון דער הויפּטשטאָט.

בעייסן יאָנטעוו האָבן די דײַטשן באַשלאָסן צו מאַכן אַ גרויסן לופט־אָנגריף אויף מאָסקווע. זייערע איינהײַטן, וואָס האָבן אַוואַנסירט גרופּנווײַז, זײַנען פאַרהאַלטן געוואָרן אין דער זאָנע פון פּאָדסאָלניעטשנאַיאַ און זײַנען, נאָך אַ שווערער שלאַכט, באַזיגט געוואָרן. בלויז איין יונקער האָט באַוויזן דורכצורײַסן זיך דורכן פאַרטיידיקונגס־גאַרטל, האָט זיך אויפגעהויבן העכער און איז ווײַטער געפלויגן צו דער הויפּטשטאָט. זײַן מאַנשאַפט האָט, קענטיק, באַשלאָסן אויסצופילן פאַר יעדן פּרײַז איר אויפגאַבע, קעדיי צו פאַרשטערן דעם יאָנטעוו. הינטערן יונקער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן סטרוטשקאָוו, וואָס האָט אים באַמערקט אין סאַמע ברען פון דער לופט־שלאַכט. ער איז געפלויגן אין איינעם פון די פּרעכטיקע סאָוועטישע אַפּאַראַטן, מיט וועלכע מען האָט דאַן גענומען באַזאָרגן די יאַגד־אַוויאַציע. ער האָט דערגרייכט דעם דײַטש אויף דער הייך פון 6.000 מעטער — נאָנט פון די דאַטשע־פאָרשטעטלעך פון מאָסקווע — און האָט אויסגעמאַרקירט צו געפינען זיך פונקט הינטער זײַן עק. ער האָט געפּאַקט דעם סוינע אין ציל־רעמל און האָט אָנגעקוועטשט דאָס צינגל. ער איז איבערראַשט געוואָרן וואָס ער הערט ניט די געוויינלעכע שטעפּערײַ. דער שיס־מעכאַניזם האָט זיך איבערגעפּירט.

דער דײַטש איז געפלויגן אַביסל פאָרויס. סטרוטשקאָוו, וואָס איז

אים נאָכגעפֿלויגן, האָט זיך געהאַלטן אין דער „טויטער זאָנע", וואָס
האָט ניט געקענט געטראָפֿן ווערן דורך די צוויי הינטערשטע דײַטשישע
מיטראַליעזעס, ווײַל זי איז געווען פֿאַרשטעלט דורכן אויפֿגעהויבענעם
שפּיץ עק פֿון „יונקער". אַפֿן האָריזאָנט, אין ליכט פֿון קלאָרן מײַ־פֿרי־
מאָרגן, האָט זיך צעפּלאָסענערהייט גענומען אויסטיילן מאָסקווע, וואָס
האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקע, גראָע מאַסע, אײַנגעוויקלט אין אַ דורכ־
זיכטיקן נעפּל. און סטרוטשקאָוו האָט זיך אַנטשלאָסן. ער האָט אָפּגע־
בונדן די רימענס, אויפֿגעהויבן דעם צודעק און עס האָט אויסגעזען ווי
ער אַליין צית אָן אַלע זײַנע מוסקולן קעדיי אַ שפּרונג צו טאָן אַפֿן דײַטש.
צופּאַסנדיק די גיכקייט פֿון זײַן אַפּאַראַט צו דער גיכקייט פֿונעם „יונ־
קער", האָט ער זיך אָנגעצילט. אַ ווײַלע זײַנען ביידע אַוויאָנען אַזוי ווי
געהאַנגען איינער הינטערן אַנדערן און עס האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן
געווען צונויפֿגעבונדן מיט אַן אומבאַמערקלעכן פֿאָדעם. דורכן דורכזיכ־
טיקן צודעק פֿון „יונקער" האָט סטרוטשקאָוו געזען די אויגן פֿון דײַ־
טשישן מיטראַליסט, וואָס האָט געהיט זײַן יעדן ריר און געוואַרט אַז
ער זאָל אַרויסרוקן פֿון דער „טויטער זאָנע" כאָטש אַ שטיקעלע פֿליגל.
ער האָט אָפּילע געקענט באַמערקן דעם קאָליר פֿון זײַנע האָר: דאָס זײַ־
נען געווען העל־שאַטינענע, לאַנגע האָר, וואָס זײַנען לאָקנווײַז געפֿאַלן
אַפֿן שטערן. די שוואַרצע פּיסקעס פֿון דער טאָפּלטער, שווערקאַליבערדי־
קער מיטראַליעזע האָבן נאָכאַנאַנד געקוקט צו סטרוטשקאָוון צו און האָבן
זיך לויערנדיק באַוועגט, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיקע. אַ רעגע
האָט זיך סטרוטשקאָוו געפֿילט ווי אַן אומבאַוואָפֿנטער מענטש, וואָס האָט
קעגן זײַן ברוסט אַ ראַצכישן רעוואָלווער. ער האָט געטאָן דאָס וואָס מור־
טיקע, אומבאַוואָפֿנטע מענטשן טוען אין אַזוינע פֿאַלן: ער האָט זיך
אַ וואָרף געטאָן אַפֿן סוינע, אָבער ניט מיט די פֿויסטן — ווי ער וואָלט
עס געטאָן אויף דער ערד — נאָר מיטן אַוויאָן, קעדיי אַ שטויס צו טאָן
מיט פֿינקלדיקן קרײַז פֿון זײַן פּראָפּעלער דעם עק פֿון דײַטשישן אַפּאַראַט.

ער האָט אָפּילע ניט געהערט דעם טראַסק. אַ רעגע שפּעטער איז ער
אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן דורך אַ מוירעדיקן שטויס און ער האָט דערפֿילט
ווי ער קולערט זיך אינדערלופֿטן. די ערד האָט זיך שנעל גענומען דרייען
אַרום זײַן קאָפּ, האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך פּײַפֿנדיק אַ טראָג
געטאָן קעגן אים. זי איז געווען העל־גרין און האָט געשײַנט. ערשט דאַן
האָט ער אַ צי געטאָן דעם רונג פֿון פּאַראַשוט. איידער ער איז געבליבן
הענגען אַפֿן פּאַראַשוט און אַ רעגע פֿאַרן פֿאַרלירן דעם באַוווּסטזײַן, האָט
ער נאָך באַוויזן צו באַמערקן ווי דער „יונקער" פּלאַטערט ווי אַ בלאַט
וואָס דער האַרבסט־ווינט האָט אַראָפּגעפּליקט און ווי זײַן ציגאַראַרטיקער
קערפּער, מיטן אָפּגעשניטענעם עק, נעמט שנעל פֿאַלן, אַריבעריאָגנדיק
סטרוטשקאָוון. סטרוטשקאָוו, וואָס האָט זיך אָן אַנמעכטיקער געוויגט
צווישן די שטריק, האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן אַ דאַך פֿון אַ הויז און איז

אראָפּגעפֿאַלן אַ באַוווּסטלאָזער אין אַ גאַס פֿון אַ מאָסקווער פֿאַרשטאָט. די יאָנטעוודיקע אײַנוווינער האָבן געזען פֿון דער ערד זײַן פּרעכטיקן צוזאַמענשטויס. מען האָט אים אויפֿגעהויבן און אַרײַנגעטראָגן אין נאָנטסטן הויז. די דערבײַיאיקע גאַסן זײַנען גלײַך אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אַזאַ מין האַמוין, אַז דער דאָקטער האָט זיך קוים געקענט דורכשפּאַרן. צוליבן קלאַפּ איז דער פּילאָט פּאַרווּנדיקט געוואָרן אין די קני.

די ידיעה וועגן דער העלדישקייט פֿון קאָמאַנדיר איז גלײַך איבער־געגעבן געוואָרן דורך ראַדיאָ, אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע פֿון ביולעטין „נײַעס פֿון לעצטן מאָמענט”. דער פּאָרזיצער פֿון מאָסקווער סאָוועט האָט אים פּערזענלעך באַגלייט אין בעסטן שפּיטאָל פֿון דער שטאָט. ווען מען האָט אַרײַנגעטראָגן סטרוטשקאָוון אין זאַל, זײַנען די סאַניטאַרן, וואָס האָבן אים געבראַכט, באַלאָדן געווען מיט בלומען, שקאַרמוצן פּרוכט און באָמבאָניערקעס; דאָס זײַנען אַלץ געווען מאַטאָנעס פֿון די מאָסקווער אײַנוווינער.

ער איז געווען אַ פֿריילעכער און געזעלשאַפֿטלעכער מענטש. קימאַט אַף דער שוועל פֿון זאַל האָט ער געפֿרעגט די קראַנקע ווי־אַזוי איז די „אַכילע” אין שפּיטאָל, צי דער רעזשים איז אַ שטרענגער און צי עס זײַנען פֿאַראַן שיינינקע קראַנקן־שוועסטער. ווען מען האָט אים געביטן די באַנדאַזשן, האָט ער באַוויזן צו דערציילן קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַן אַ פּע־פּערדיקן וויץ און געבן איר אַ צו געוואַגטן קאָמפּלימענט.

ווען די קראַנקן־שוועסטער איז אַרויס, האָט סטרוטשקאָוו אַ ווונק געטאָן הינטער איר:

— אַ ביז גאָר סימפּאַטישע. איז זי שטרענג? זיכער לאָזט זי אויך ניט צו צו זיך. ס'מאַכט, אָבער, ניט אויס. וואָס איז דאָ מוירע צו האָבן? האָט מען אײַך ניט געלערנט קיין טאַקטיק? עס זײַנען ניטאָ קיין אומ־צוטריטלעכע פֿרויען, פּונקט ווי עס זײַנען ניטאָ קיין אומבאַזיגלעכע פֿעס־טונגען —און ער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט.

אין שפּיטאָל האָט ער זיך אויפֿגעפֿירט ווי אַ וועטעראַן, ווי ער וואָלט שוין דאָרט געווען אַ יאָר צײַט. אין זאַל איז ער גלײַך מיט אַלע־מען געוואָרן אַף דו, און אַז ער האָט געדאַרפֿט אויסשנײַצן די נאָז, האָט ער אָן קיינע שום צערעמאָניעס גענומען פֿון מערעסיעוו טישל אַ זײַדן טאַשנטיכל מיט די זאָרגעוודיק־אויסגעהאָפֿטענע איניציאַלן.

— אַ מאַטאָנע פֿון אַ פֿרײַנדן? —האָט ער געפֿרעגט אַלעקסייען מיט אַ ווונק און האָט באַהאַלטן דאָס טיכל אונטער זײַן אייגענער קישן—. דו האָסט גענוג, און אויב ס'איז דיר ווייניק, וועט די פֿרײַנדן אויסהעפֿטן נאָך. עס וועט פֿאַר איר זײַן אַ צוגאָב־פֿאַרגעניגן.

ניט געקוקט אַף די קאָלירן פֿון זײַנע בראָנדזיקע באַקן, איז ער שוין געווען ניט קיין יונגערמאַנטשיק. פֿון די שלייפֿן און פֿון די אויגן־ווינקלען האָבן זיך אויסגעשטראַלט טיפֿע קנייטשן ווי העגער־לאַפּקעס. אין אַלץ

האָט ער זיך געפילט ווי אַ וועטעראַן וואָס איז געווינט צו פילן זיך ווי אין שטוב אומעטום ווו ער שטעלט אַוועק זײַן רוקזאַק, זײַן זייף־שאַכטל און זײַן צאָן־בערשטל. ער האָט אַרײַנגעבראַכט אין זאַל אַ סאַך פריילעכן טומל, אָבער ער האָט עס געטאָן אַף אַזאַ אויפן אַז קיינער האָט זיך ניט געפילט אומבאַקוועם און אַלעמען האָט זיך אויסגעדוכט אַז זיי קענען אים שוין פון לאַנג. דאָס איינציקע וואָס איז מערעסיעוון ניט געפעלן געוואָרן איז סטרוטשקאָווס לײַדנשאַפט צו קליידלעך, אַ לײַדנשאַפט וואָס ער האָט ניט אויסבאַהאַלטן און וועגן וועלכער ער האָט מיט פאַרגעניגן גערעדט.

אַפן צווייטן טאָג האָט מען מעקאַבער געוועזן דעם קאָמיסאַר.

מערעסיעוו, קוקושקין און גוואָזדיעוו האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַפן בײַשטידל פון פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום הויף, און האָבן געזען ווי אַ געשפּאַן אַרטילעריע־פערד ציט אַ האַרמאַטן־געשטעל, ווי עס גלאַנצן אַף דער זון די מעטאַלענע אינסטרומענטן פון אַ מיליטערישן אָר־קעסטער און ווי ס'איז אָנגעקומען אַ מיליטערישע איינהײַט. קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ איז אַרײַן און האָט אַראָפּגעטריבן די כוילאָים פון פענצטער. זי איז געווען די זעלבע וואָס שטענדיק — אַ צאַרטע און אַן ענערגישע, אָבער מערעסיעוו האָט באַמערקט אַז איר שטים האָט זיך געביטן: זי האָט געציטערט, אָפּגעהאַקט זיך, געבראָכן זיך. זי איז געקומען אַרײַנ־שטעלן אַ טערמאָמעטער דעם נײַעם כוילע. אין דעם מאָמענט האָט דער אָרקעסטער אָנגעהויבן צו שפּילן אין גאָרטן אַ טרויער־מאַרש. די קראַנקן־שוועסטער איז בלייך געוואָרן, דאָס קרישטאָלענע רערל איז אַרויסגע־פאַלן פון אירע הענט און די גלאַנציקע טראָפּנדלעך קוועקזילבער האָבן זיך פונאַנדערגעקײַקלט איבערן דיל. פאַרשטעלנדיק איר פּנים מיט די הענט, איז זי אַרויסגעלאָפן פון זאַל.

— וואָס איז מיט איר? איז עס איר געליבטער צי וואָס?... —האָט געפרעגט סטרוטשקאָוו, אַ ווײַז טוענדיק מיטן פּנים דאָס פענצטער דורך וועלכן עס איז אַרײַנגעדרונגען די טרויער־מוזיק.

קיינער האָט ניט געענטפערט.

אַלע זײַנען אַרויפגעקראָכן אַפן געזימס און געקוקט אַפן גאַס. אַ רויִ־טע טרונע אַף אַן אַרטילעריע־געשטעל איז פּאַמעלעך אַרויסגעפירט גע־וואָרן דורכן טויער. דעם קאָמיסאַרס גוף איז געלעגן צווישן בלומען און גרינע קרענץ. הינטער אים האָט מען געטראָגן אַף קישעלעך זײַנע מע־דאַלן: איינער, צוויי, פינף, אַכט. עטלעכע גענעראַלן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ האָבן זיך באַטייליקט אין דער לעוואַיע. צווישן זיי האָט זיך געזען וואַסילי וואַסיליעוויטש אין אַ שינעל פון אַ גענעראַל אָבער מיט אַ נאַ־קעטן קאָפּ. פון הינטן, עטוואָס אָפּגעטיילט פון דער באַגלייטער־גרופּע, איז געגאַנגען קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ אין איר ווײַסן כאַלאַט; זי האָט זיך פאַרשעפּעט אַלע ווײַלע און האָט, קענטיק, קיינעם ניט געזען. הינ־

טער איר, האָבן פּאַמעלעך, טראָט אין טראָט, מאַרשירט די סאָלדאַטן. באַם טויער האָט עמעץ אַרויפגעוואָרפן אַף אירע אַקסלען אַ מאַנטל. זי איז ווײַטער געגאַנגען און דער מאַנטל האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון אירע אַקסלען און אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד. די סאָלדאַטן האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט אין צענטער פון זייער קאָלאָנע קעדיי ניט אַרויפצו־טרעטן אַפן מאַנטל.

— כעוורע, ווער מען איז מען מעקאַבער? — האָט געפרעגט דער קאָמאַנדיר.

אויך ער האָט געפרווט צושאַרן זיך צום פענצטער, אָבער זײַנע אײַנגעגיפּסעוועטע פיס האָבן אים געשטערט און ער האָט עס ניט גע־קענט טאָן.

די לעוואַיע האָט זיך דערוויַטערט. די פּאַמעלעכדיקע און פײַערלעכע אַקאָרדן האָבן שוין וויברירט ווײַט, אויסשפּרייטנדיק זיך איבערן טײַך, און זייער עכאָ האָט אָפּגעקלונגען צווישן די הײַזער. די הינקענדיקע פאַר־טיערן האָט זיך שוין אומגעקערט פון טויער, נאָכדעם ווי זי האָט אַף אַ רידל צונויפגענומען דאָס פערדן־מיסט און פאַרמאַכט מיט אַ גערויש די שטאַכעטן־טירן. די אײַנוווינער פון זאַל 42 האָבן נאָך אָבער אַלץ ניט אָפּגעטראָטן פון פענצטער, באַגלייטנדיק דעם קאָמיסאַר אַף זײַן לעצטער נעסיִע.

— ווער מען איז מען מעקאַבער? האַ? וואָס איז מיט אײַך, וואָס איר זעט אַלע אויס ווי פון האַלץ? —האָט אומגעדולדיק געפרעגט דער קאָמאַנדיר, באַמיִענדיק זיך אָן אויפהער אַרויפצוקלעטערן אַפן געזימס.

ענדלעך האָט קוקושקין געענטפערט מיט אַ שטילער, טויבער און געבראָכענער שטים, וואָס איז געווען אַזוי ווי דערטרונקען אין שלוכצן.

— מען איז מעקאַבער אַ עכטן מענטשן... מען איז מעקאַבער אַ באָלשעוויק.

און מערעסיעוו האָט גוט פאַרגעדענקט: אַ עכטער מענטש! קיין בעסערע באַצייכענונג פאַרן קאָמיסאַר האָט מען גאָרניט געדאַרפט האָבן. און ער האָט אויך דערפילט אַ שטאַרקן ווילן צו זײַן אַ עכטער מענטש, ווי יענער וועלכן מען האָט איצט געפירט צו זײַן לעצטן מאָקעם־מענוכע.

## 12.

מיטן טויט פון קאָמיסאַר האָט זיך דער לעבנס־רעזשים אין זאַל 42 אינגאַנצן געביטן.

עס איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל מיט אַ האַרציקן וואָרט אי־בעררײַסן די דריקנדיקע שטילקייט, יענע דריקנדיקע שטילקייט וואָס באַ־הערשט די שפּיטאָל־זאַלן, ווען אַלע קראַנקע פאַרטיפן זיך, ניט־אָפּגע־רעדטערהייט, אין זייערע מאָרע־שכוירעדיקע געדאַנקען און ווען זיי ווערן

אַרומגענומען דורך פײַנפולע שטימונגען. עס איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל אויפלעבן מיט אַ שפּאַס דעם מוטלאָזן גוואַזדיעוון; וואָס זאָל געבן אַן אײַצע מערעסיעוון און וואָס זאָל האַלטן אין די ראַמען — מיט געניטקייט און אַן באַליידיקונגען — דעם אָנגעברויגעזטן קוקושקינען. עס איז פאַרשוואונדן דער צענטער פון צוציִונג און האַרמאָניזירונג פון די דאָזיקע אַלע פּערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט אַזוינע פאַרשיידענע כאַראַקטערן.

שטאַרק נייטיק איז עס שוין אָבער איצט ניט געווען. די באַהאַנדלונגען און די צײַט האָבן געטאָן זייערס. אַלע זײַנען שנעל געקומען צו זיך, און וואָס גיכער ס׳האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, אַלץ ווייניקער האָט מען געטראַכט וועגן די שוואַכקייטן. זיי האָבן געטרוימט וועגן דעם וואָס עס דערוואַרט זיי אויסערן שפּיטאָל, וועגן אויפן ווי מען וועט זיי אויפנעמען אין זייערע אײַנהײַטן, וועגן זייערע צוקונפטיקע אויפטוען. אַלע האָבן זייער שטאַרק געבענקט נאָכן געוויינלעכן מיליטערישן פעלד־לעבן און ס׳האָבן זיי מאַמעש געשמאַרצט די הענט פון ווען עפּעס טאָן. זיי האָבן געוואָלט באַווײַזן אָנצוקומען באַצײַטנס צו דער נײַער אָפענסיווע, וואָס זיי האָבן דערשמעקט אינדערלופטן, ווי מען דערפילט אַ שטורעם וואָס דערנענטערט זיך. די פּלוצלונגדיקע שטילקייט אויף די פראָנטן האָט זיי איבערצײַגט אין דעם.

אומקערן זיך פון שפּיטאָל צו מיליטערישער אַקטיווקייט איז אַ געוויינלעכע זאַך אין לעבן פון אַ קעמפער. בלויז פאַר אַלעקסייען האָט זיך געשטעלט אַ פּראָבלעם: וועלן זײַנע איבונגען און געניטקייט קענען קאָמפּענסירן דאָס אויספעלן פון די פיס? וועט ער ווידער קענען זיצן אין דער קאַבינע פון אַ יאַגדלער? וואָס ווײַטער האָט ער מיט אַלץ מער אַקשאָנעם געשטרעבט צו זײַן אָוועקגעשטעלטן ציל. בעהאַדראַגעדיק האָט ער פאַרגרעסערט די צײַט פון די פיס־איבונגען און פון דער אַלגעמיינער גימנאַסטיק ביז צוויי שאָ אינדערפרי און אינאָוונט. אָבער אַפילו דאָס האָט אים אויסגעוויזן צו ווייניק. ער האָט אָנגעהויבן מאַכן גימנאַסטיק מיטאָגצײַט. דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו, וואָס האָט באַהאַלטענערהייט נאָכגעקוקט אַלעקסייען מיט פריילעכע און שפּאַסיקע אויגן, פלעגט שטענדיק מעלדן:

— און איצט, בירגער, וועט איר זען אַ רעטעניש פון דער נאַטור: דער גרויסער קישעפמאַכער אַלעקסיי מערעסיעוו, אַן קאָנקורענטן אין די וועלדער פון סיביר, וועט אויפטרעטן אין זײַן רעפּערטואַר.

אוןווירקלעך — אין די איבונגען, וואָס אַלעקסיי פלעגט מאַכן מיט אַזויפיל ברען, איז געווען עפּעס פאַנטאַסטישעס און ער פלעגט בעעמעס עטוואָס ענלעך ווערן אויף אַ מאַגיקער. עס איז שווער געווען אַריבערצוטראָגן זײַנע אומענדלעכע אַהין־און־אַהער־באַוועגונגען, זײַן גלײַכמעסיקן דרייען זיך, זײַנע האַלדז־ און אָרעם־איבונגען, זײַן וויגן זיך מיט דער

רעגולערקייט פון אַ זייגער־אומרו. זײַנע כאַווײרים, וואָס האָבן שוין געקענט אַרומגיין, פלעגן פאַרלאָזן דעם זאַל, ווען ער פלעגט זיך נעמען איבן, און סטרוטשקאָוו, אַ צוגעשמידטער צום בעט, פלעגט אַריבערדעקן דעם קאָפּ מיט דער דעקע און באַמיִען זיך אײַנצושלאָפן. קיינער פון זאַל האָט, נאַטירלעך, ניט געגלייבט אַז ס׳איז מעגלעך צו פליִען אָן פיס, אָבער אַלע האָבן רעספּעקטירט אַלעקסייס אײַנגעשפּאַרטקייט. כאָטש זיי האָבן אויסבאַהאַלטן דעם דאָזיקן רעספּעקט הינטער שפּאַסערײַען, האָבן זיי אים, אין טאָך גענומען, באַוווּנדערט.

די שפּאַלטן אין קאָמאַנדיר סטרוטשקאָווס קני האָבן זיך אַרויסגעוויזן קאָמפּליצירטער ווי מען האָט געמיינט לעכאַטכילע. זיי האָבן זיך זייער פּאַמעלעך פאַרמאַכט און די פיס האָבן ווײַטער געמוזט בלײַבן אײַנגעגיפּסירט. האַגאַם ס׳איז ניט געווען קיין סאָפעק אַז עס וועט זיך אויסהיילן, האָט דער קאָמאַנדיר אומאויפהערלעך געהאַט טײַנעס צו די „פאַרשאָלטענע קני־ביינער", וואָס האָבן אַזוי באַשווערט זײַן לעבן. די דאָזיקע גערײדערײַ האָט זיך גענומען פאַרוואַנדלען בײַ אים אין אָנפאַלן פון קאַעס. צוליב יעדער קלייניקייט פלעגט ער זיך אויפקאָכן און נעמען שילטן אַלעמען. אין אַזוינע מאָמענטן האָט אויסגעוויזן אַז ער איז פעיִק צו שלאָגן יעדערן וואָס וואָלט אים געוואָלט צוריקברענגען צום סייכל־האַיאָשער. לויט אַ שטילן העסקעם האָבן אים די כאַווײרים דאַן געלאָזט צורו, געבנדיק אים צײַט אַז ער זאָל „אויסשיסן אַלע זײַנע קוילן", ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז די נאַטירלעכע וויטאַליטעט וועט נעמען די אויבערהאַנט איבער דער נערוון־צעשרויפטקייט וואָס איז אים געקומען פון דער מילכאָמע.

די דאָזיקע וואַקסנדיקע אומגעדולדיקייט האָט סטרוטשקאָוו געפּרוּווט דערקלערן אַף זײַן אויפן: די צוגעשמידקייט צום בעט האָט אים געשטערט אַפילע אַרויסצוגיין רייכערן באַהאַלטענערהייט אין באָד־צימער און ס׳איז אַגעוו ניט געווען קיין מעגלעכקייט צו זען זיך, אַפילע אין קאָרידאָר, מיט דער רויטהאָריקער קראַנקן־שוועסטערל פון אָפּעראַציעזאַל, מיט וועלכער ער האָט זיך שוין, קענטיק, באַוויזן צו פאַרשטענדיקן, ווען מען האָט אים אַוועקגענומען בײַטן די באַנדאַזשן. עס איז מעגלעך אַז, אין אַ געוויסער מאָס, איז טאַקע געווען אַזוי, אָבער מערעסיעוו האָט באַמערקט אַז דעם קאָמאַנדירס אָנפאַלן פון קאַעס האָבן דערגרייכט דעם העכסטן פונקט נאָכדעם ווי אין פענצטער פלעגן זיך באַווײַזן אַוויאָנען וואָס פליִען איבער מאָסקווע, אָדער נאָכן איבערלייענען אין די צײַטונגען וועגן אַ נײַעם און אינטערעסאַנטן לופט־קאַמף, אָדער נאָכן דערוויסן זיך וועגן די דערפאָלגן פון זײַנעם אַ באַפרײַנדעטן פליִער. מערעסיעוון גופע פלעגן די אַלע זאַכן אויך אַרײַנוואַרפן אין אַ צושטאַנד פון אומגעדולדיקייט און אויפגערעגטקייט. ער פלעגט עס אָבער ניט אַרויסווײַזן, און איצט, פאַרגלײַכנדיק זיך מיט סטרוטשקאָוון, האָט ער

געפילט אַן אינערלעכע באַפרידיקונג וואָס ער איז שטאַרקער פון אים. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ער נעמט שוין אַ קאַפּעלע ווערן ענלעך אַפן בילד פון „עכטן מענטשן", וואָס ער האָט זיך אויסגעמאָלט אין זײַן דימיען.

דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו איז געווען טרײַ זײַנע פּרינציפּן; ער האָט אַ סאַך געגעסן, געלאַכט פריידיק צוליב יעדער קלייניקייט און גערעדט מיט אַ ספּעציעלן פאַרגעניגן וועגן פרויען. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן סײַ פאַר אַ באַוואונדערער און סײַ פאַר אַ ביטערן סוינע פון ווײַבלעכן מין. באַזונדערס האָט ער זיך אָנגעזעצט אַף די פרויען פון רעטאַגוואַרד.

אַלעקסיי האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן די דאָזיקע שמועסן סטרוטשקאָווס. צוהערנדיק זיך צו זײַנע רייד, פלעגט ער ניט־ווילנדיק דערזען פאַר זיך אַלגאָן אָדער דאָס ביינעוודיקע מיידל־סאָלדאַט פון דער מעטעאָראָלאָגישער סטאַציע, וועגן וועלכער מען האָט דערציילט אין פאָלק אַז זי האָט, אין אַ מאָמענט פון קאַעס, אָפּגעטריבן און שיר ניט דערהאַרגעט מיט אַ ביקס־קאָלבע דעם צו־דרייסטן אונטעראָפיציר פון דער אינטענדענץ פון געהילף־באַטאַליאָן. אַלעקסייען האָט זיך אויסגעדוכט אַז סטרוטשקאָוו רעדט רעכילעס אַף די דאָזיקע צוויי פרויען. איינמאָל, נאָכן האָבן אויסגעהערט די באַקאַנטע רייד פון קאָמאַנדיר, ווי אויך זײַן סענטענץ אַז „אַלע זײַנען זיי אַזוינע", און נאָכדעם ווי סטרוטשקאָוו האָט זיך באַרימט אַז ער קען זיך „איינס און צוויי" אַן אייצע געבן מיט יעדער פרוי, האָט זיך מערעסיעוו ניט געקענט אײַנהאַלטן:

— מיט יעדערער? —האָט ער געפרעגט און האָט אַזוי שטאַרק צונויפגעדריקט די ציין, אַז זײַנע באַקן זײַנען אַזש בלייך געוואָרן.

— מיט יעדערער —האָט געענטפערט אַ זעלבסטצופרידענער דער קאָמאַנדיר.

אין זאַל איז אַרײַן קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ און איז געוואָרן איבעראַשט פון דער פײַנלעכער געשפּאַנטקייט וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אַף די פּענעמער פון די כווילאָים.

— וואָס האָט פּאַסירט? —האָט זי געפרעגט, פאַרריכטנדיק מיט אַן אויטאָמאַטישער באַוועגונג די האָר אונטערן קאָפּ־צודעק.

— מירריידן וועגן לעבן, שוועסטערל; מיר האַלטן אין איין שמועסן, אַזוי ווי די אַלטיטשקע —האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר, שמייכלענדיק צו איר אַ שײַנענדיקער.

— און מיט איר? —האָט בײַסיק געפרעגט מערעסיעוו, ווען די קראַנקן־שוועסטער איז אַרויסגעגאַנגען.

— איז זי דען פון אַן אַנדער טייג געבאַקן, צי וואָס?

— לאָזט צורו קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַן —האָט שטרענג געזאָגט גוואָזדיעוו—. אַן אַלטער האָט זי דאָ אָנגערופן „סאָוועטישער מאַלעך".

— ווער וויל גיין אין געוועט?

— אין געוועט? —האָט אַ מורמל געטאָן מערעסיעוו און זײַנע ציי־גײַנער־אויגן האָבן בייז געפינקלט—. אין וואָס ווילסטו גיין אין געוועט?

— אויב דו ווילסט, אין אַ פּיסטאָלעטן־שאָס, ווי דאָס פלעגן אַמאָל טאָן די אָפיצירן. אויב דו געווינסט, דערשיסטו מיך; אויב איך געווין, דערשיס איך דיך —האָט געזאָגט לאַכנדיק סטרוטשקאָוו, באַמיִענדיק זיך צו פאַרוואַנדלען דעם גאַנצן איניען אין אַ שפּאָס.

— גיין אין געוועט? און אַזוי אַ? האָסט פאַרגעסן, אַפּאַנים, אַז דו ביסט אַ סאָוועטישער אָפיציר? אויב דו ביסט גערעכט, קענסטו מיר אַ שפּײַ טאָן אין די ליפּן —האָט געזאָגט אַלעקסיי, אַ וואָרף טוענדיק אַ בייזן קוק אַף סטרוטשקאָוון—. זײַ, אָבער, פאַרזיכטיק, ווײַל עס קען טרעפן אַז איך זאָל אַף דיר דאַרפן אַ שפּײַ טאָן.

— אויב דו ווילסט ניט גיין אין געוועט, דאַרף מען ניט. קאָך זיך אַזוי ניט. אַ גרויסע זאַך! איך וועל אײַך ווײַזן, כעוורע, אַז עס לוינט ניט אַזוי צו קאָעסן זיך צוליב איר.

פון יענעם טאָג אָן האָט סטרוטשקאָוו גענומען אָפּגעבן זיך מיט קלאַוודיאַ מיכײַלאָווגאַן, זײַן אויפמערקזאַם צו איר און דערציילן איר, אַף אַ מײַסטערדיקן אויפן, אַלערליי אַנעקדאָטן, פון וועלכע זי האָט זיך שטאַרק אָנגעלאַכט. קעגן דער געוווינהייט פון די אַוויאַטאָרן ניט צו דערציילן פאַר זײַטיקע זייערע מילכאָמע־אויפטוען, האָט ער איר דער־ציילט אַלערליי געשעענישן פון זײַן בעעמעס אינטערעסאַנטן לעבן. ער האָט אַפילע אָנגעדײַט, מיט אַ זיפץ, וועגן געוויסע פאַמיליע־אומאָנגע־נעמלעכקייטן זײַנע, כאָטש אַלע אין זאָל האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ באָכער און אַז ער האָט קיינמאָל ניט געליטן קיין ערנסטן דורכפאַל.

קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ, וואָס האָט אים, אינדערעמעסן, ניט שטאַרק אויסגעטיילט פון די איבעריקע, פלעגט זיך פונדעסטוועגן צוזעצן אַף זײַן בעט און צוהערן זיך צו זײַנע מילכאָמע־געשיכטעס; ער פלעגט קלויי־מערשט סטאָם אַזוי זיך, אָננעמען איר האַנט און זי פלעגט די האַנט ניט צוריקציִען. מערעסיעוו האָט געברענט פון צאָרן. אַלע זײַנען געווען מאָלע־כיימע אַף סטרוטשקאָוון, וועלכער האָט זיך אויפגעפירט פונקט ווי ער וואָלט ווירקלעך געגאַנגען אין געוועט. זיי האָבן אים געוואָרנט אַז ער זאָל ניט אָנגײַן מיט דער דאַזיקער אומווירדיקער שפּיל. ווען דער זאָל איז שוין געווען אַנטשלאָסן אַרײַנצומישן זיך ערנסט אין סטרוטש־קאָווס איניען, האָט אָבער פּאַסירט אַט־וואָס:

אין אַן אָוונט, ווען זי האָט געהאַט דיזשור, איז קלאַוודיאַ מיכײַ־לאָוונאַ אַרײַן אין 42, אָן אַ קאָנקרעטער מיסיע: זי האָט, ווי געוויינלעך, פּאָשעט געוואָלט אַ שמועס טאָן מיט זיי און דערפאַר האָבן זי די פאַר־וווּנדיקטע שטאַרק ליב געהאַט. דער קאָמאַנדיר האָט אָנגעהויבן דערציילן און זי האָט זיך צוגעזעצט צו זײַן בעט. קיינער האָט ניט געזען וואָס

אזוינס עס איז פֿאַרגעקומען. אַלע האָבן זיך אַ קער געטאָן ווען זיי האָבן דערהערט ווי זי הייבט זיך האַסטיק אויף. אַ בייזע, מיט אָנגעשפּיזטע ברעמען, מיט טונקל־רויטע באַקן, האָט זי געקוקט אָפֿן צעמישטן און דערשראָקענעם סטרוטשקאָוון.

— כאַווער קאָמאַנדיר, ווען איר וואָלט ניט געווען קיין פּאַרטיונג־דיקטער און איך — אַ קראַנקן־שוועסטער, וואָלט איך אייַך דערלאַנגט אַ פּאַטש.

— אָבער וואָס פּאַסירט מיט אייַך, קלאַודיאַ מיכײַלאָווגאַ? בעעמעס, איך האָב גאָרניט געמיינט... און בכלל, וואָס פֿאַר אַ וויכטיקייט האָט עס...

— וואָס פֿאַר אַ וויכטיקייט? —און זי האָט שוין געקוקט אויף אים ניט מיט צאָרן נאָר מיט פֿאַראַכטונג—. זייער גוט, האָבן מיר, הייסט עס, מער ניט וועגן וואָס צו ריידן. איר הערט? פֿאַר אייַערע כאַוויירים אין די אויגן בעט איך אייַך, אַז אויף לעהאַבאַ זאָלט איר זיך ווענדן צו מיר בלויז אין דינסט־אָנגעלעגנהייטן, ווען איר וועט דאַרפֿן מעדיצינישע הילף. אַ גוטע נאַכט, כאַוויירים.

און זי איז אַרויס מיט אַ פֿעסטן טראָט, מיט אַ גאַנג וואָס האָט ניט געהערט צו איר, מאַכנדיק, ווי ס׳ווייַזט, אָנשטרענגונגען, אויסצוזען רויִק.

אַ ווייַל האָט געהערשט אַ שטילקייט אין גאַנצן זאַל. דערנאָך האָט אָפּגעקלונגען אַלעקסיים טריומפֿאַלער, סאַרדאָנישער געלעכטער און אַלע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צום קאָמאַנדיר.

— וואָס הערט זיך? האָסט זי געפּאַקט?

מערעסיעוו, מיט שייַנענדיקע אויגן, האָט העפֿלעך געפֿרעגט:

— כאַווער קאָמאַנדיר, איר דערלויבט אַ שפּײַ צו טאָן אויף אייַך אָדער איך דאַרף נאָך וואַרטן?

סטרוטשקאָוו איז געווען צעמישט. פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך אונ־טערגעגעבן און האָט געזאָגט, ניט זייער זיכער אין זיך:

— דאָס מאָל איז דער אָנגריף אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן. מען דאַרף זיך, אָבער, ניט אײַלן. מיר וועלן איבערכאַזערן.

ביז באַנאַכט איז ער געלעגן שטיל, אומטערפּײַפֿנדיק עפּעס, גאָר נידעריק; פֿון צײַט צו צײַט, ווי ער וואָלט ענטפֿערן אויף אַ געדאַנק, פֿלעגט ער אויסרופֿן אינדערהייך: „יאָ”...

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט קוקושקין פֿאַרלאָזט דעם שפּיטאָל. ער האָט דערקלערט אַז ס׳איז אים שוין איבערדריסיק די מעדיצין און עס האָט אים אויף אַ האָר ניט באַנג געטאָן דאָס אוועקגיין. ער האָט זיך אַבי־ווי געזעגנט און האָט עטלעכע מאָל אָנגעזאָגט מערעסיעוון און די קראַנקן־שוועסטער אַז אויב עס וועלן אָנקומען בריוו פֿון זײַן מאַמען, זאָל מען זיי גלײַך איבערשיקן אין פּאָלק.

— שרײַב ווי דיר גייט און ווי מען האָט דיך אויפגענומען אין פֿאָלק — האָט אים רעקאָמענדירט מערעסיעוו.

— צוליב וואָס זאָל איך דיר שרײַבן? וואָס גיי איך דיר אָן? איך וועל דיר ניט שרײַבן, ניטאָ אַף וואָס צו פּאַטערן קיין פּאַפּיר אומזיסט; וועסט אַלץ איינס ניט ענטפֿערן.

— נו גוט, ווי דו ווילסט.

ווי עס ווײַזט, האָט קוקושקין שוין ניט געהערט די דאָזיקע פֿראַזע. ער איז אַרויס פֿון זאַל ניט אומקוקנדיק זיך. ער האָט אויך ניט אָפּגעקערט דעם קאָפּ ווען ער איז אַרויס פֿון שפּיטאָל־טויער. ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם ברעג טײַך און איז פֿאַרשוווּנדן הינטערן ראָג, ניט געקוקט וואָס ער האָט גוט געוווּסט אַז, לויטן אײַנגעשטעלטן שפּיטאָל־מינהעג, זײַנען אַלע פֿון זאַל געווען צוגעקלעפּט צום פֿענצטער, קעדיי נאָכאַמאָל צו געזעגענען זיך מיטן כאַווער.

ניט געקוקט אַף אַלץ, האָט ער פֿונדעסטוועגן זייער שנעל אָנגעשריבן אַלעקסייען. דער בריוו איז געווען אַ טרוקענער און אַ קורצער. ער האָט דערציילט אַז אין פֿאָלק האָט מען זיך, ווײַזט אויס, דערפֿרייט מיט זײַן קומען, און ער האָט גלײַך צוגעגעבן, אַז אַזוי ווי אין די לעצטע שלאַכטן זײַנען געווען אַ סאַך געפֿאַלענע, פֿרייט מען זיך מיט יעדן מענטשן וואָס קומט צו און וואָס איז מער־ווייניקער געניט. ער האָט אויסגערעכנט די פֿאַמיליע־נעמען פֿון די טויטע און פֿאַרוווּנדיקטע כאַווײרים, האָט געשריבן אַז אין מערעסיעוון דערמאָנט מען זיך קעסיידער, אַז דער פֿאָלק־שעף — וועלכער איז שוין איצט פֿאָדפֿאָלקאָווניק — ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן אַלעקסייס גימנאַסטישע אויפֿטוען און וועגן זײַן ווילן אומצוקערן זיך צו דער אַוויאַציע, האָט געזאָגט: „מערעסיעוו וועט זיך אומקערן. אויב ער האָט עס באַשטימט, וועט ער אויספֿירן", און אַז דער שטאַבשעף האָט געזאָגט אַז מען קען ניט דערגרייכן דאָס אומדערגרייכלעכע, אָבער אַז דער שעף האָט געענטפֿערט אַז פֿאַר אַזוינע מענטשן ווי מערעסיעוו זײַנען ניטאָ קיין אומדערגרייכלעכע זאַכן.

צו אַלעקסייס שטוינונג, זײַנען אויך געווען עטלעכע ליניעס וועגן „מעטעאָראָלאָגישן סערזשאַנט". קוקושקין האָט דערציילט אַז דער דאָזיקער סערזשאַנט האָט אים אַזוי דערקוטשעט מיט אירע פֿראַגעס, אַז ער איז געווען געצוווּנגען צו באַפֿעלן איר: „אַ האַלבן קער אַף רעכטס, מאַרש!..." צום סאָף בריוו האָט דערציילט קוקושקין אַז שוין דעם ערשטן טאָג איז ער צוויי מאָל געפֿלויגן, אַז די פֿיס האָבן זיך אינגאַנצן אויסגעהיילט און אַז בעקאָרעוו וועט דער פֿאָלק באַקומען די נײַע אַוויאָנען „לאַ־5", וועגן וועלכע אַנדריי דעגטיאַרענקאָ — וועלכער איז געשיקט געוואָרן באַגעגענען אים — האָט געזאָגט, אַז אין פֿאַרגלײַך מיט זיי זײַנען אַלע דײַטשישע אַפּאַראַטן ניט מער ווי טשעמאָדאַנעס און אַלטע טראַנטעס.

# 13.

דער זומער איז געקומען פאַר דער צײַט. אין זאַל 42 האָט ער אַרײַנגעקוקט פון זעלבן טאָפּאָל־צווײַג, וואָס די בלעטער זײַנע זײַנען געוואָרן שטײַפע און גלאַנציקע. זיי האָבן געמורמלט און געשעפּטשעט, און אונטצײַט פלעגן זיי זיך באַדעקן מיטן שטויב פון דער גאַס. די שיינע בערעלעך פונעם צווײַג האָבן זיך שוין לאַנג פאַרוואַנדלט אין גלאַנציקע פערעלעך, וואָס האָבן זיך, פון זייער זײַט, צעעפנט און אַרויסגעלאָזט אַ ווײַסן פוך. מיטאָגצײַט, ווען די היץ איז געווען שטאַרק, פלעגט דער דאָזיקער טאָפּאָל־פוך אַרומשוועבן איבער מאָסקווע, פאַרקלײַבן זיך, דורך די אָפענע פענצטער, אין זאַל און אָנקלײַבן זיך בײַ דער טיר און אין די ווינקלען. די הייסע צוקווינטן פלעגן דעם דאָזיקן שטויב פונאַנדעריאָגן און אויפהייבן אים אין פרעכטיקע ראָזלעכע ווירבל־זײַלן.

אין אַ פרישן, גאָלדיקן און לויטערן זומער־פרימאָרגן האָט קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ אַרײַנגעפירט פײַערלעך אין זאַל אַן עלטערן מענטשן. ניט געקוקט אויף זײַנע ברילן און אויף זײַן שניי־ווײַסן כאַלאַט, וואָס האָט געסקריפּעט פון צופיל קראָכמאַל, האָט מען גלײַך דערקענט אין אים אַן אַלטן מײַסטער. דעם ווײַס־אײַנגעוויקלטן פּעקל, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, האָט ער אָוועקגעלייגט אויף דר'ערד, לעבן מערעסיעווס בעט און האָט אים גענומען זאָרגעוודיק פונאַנדערפּאַקן, מיט אַזאַ מין כשיוועס און וויכטיקייט, ווי ער וואָלט געווען אַ קונצן־מאַכער. אונטער זײַנע הענט האָט געסקריפּעט לעדער. אין זאַל האָט זיך פאַרשפּרייט דער אָנגענעמער, דורכדרינגלעכער און שאַרפער רייעך פון טאַנין.

אין אַלטנס פּעקל האָט זיך באַוויזן אַ פּאָר נײַע, געלע, סקריפּענדיקע פּראָטעזן, געמאַכטע לויט דער מאָס און מיט אַ סאַך גענויקייט. די פּראָטעזן, —און דאָס איז שיר ניט געווען דער הויפּט־שטאָלץ פון מײַסטער— זײַנען געווען באַשוכט מיט אַ פּאָר ברוינע שיך, ווי ס'פאָדערט דער רעגלאַמענט. די שיך האָבן זיך אַזוי גוט געפּאַסט, אַז מען האָט געהאַט דעם אײַנדרוק פון עלעגאַנט־באַשוכטע, עמעסע פיס.

— ווען מען טוט אָן אויף זיי אַ פּאָר קאַלאָשן, קען מען אַפילע גיין באַסענע האָבן אין זיי —האָט געזאָגט דער מײַסטער, שפּיגלענדיק זיך אין זײַן ווערק—. וואַסילי וואַסיליעוויטש אַליין האָט מיר אָנגעזאָגט: „געדענק, זויעוו, דו מוזט מאַכן אַ פּאָר פּראָטעזן וואָס זאָלן זײַן בעסער פון עמעסע פיס”. און אָט האָט איר זיי! זויעוו האָט זיי געמאַכט! אימפּעריאַלע!

דערזעענדיק זײַנע קינסטלעכע פיס האָט זיך מערעסיעוון פײַנלעך צונויפגעצויגן דאָס האַרץ; עס האָט זיך צונויפגעצויגן, פאַרקילט געוואָרן, אָבער זײַן שטאַרקער ווילן אויסצופּרוּוון וואָס פריִער די פּראָטעזן, צו גיין, צו גיין איינער אַליין, האָט באַזיגט אַלדאָס איבעריקע. ער האָט

אַרויסגעצויגן זײַנע שטיקלעך פּיס פֿון אונטער דער דעקע און האָט אָנגעהויבן אונטערצואײַלן דעם אַלטן מיטן אָנמעסטן. דעם אַלטן פּראָטעזיסט —וואָס, לויט ווי ער האָט געזאָגט, האָט „אין די אַלטע צײַטן" געמאַכט אַ פּראָטעזע פֿאַר אַ גרויסן פּרינץ, וועלכער האָט צעבראָכן אַ פֿוס בעיים אַ פֿערד־געיעג— איז אָבער ניט געפֿעלן געוואָרן אַזאַ מין אײַלן זיך. ער איז געווען זייער שטאָלץ מיט זײַן ווערק און האָט געוואָלט וואָס מער פֿאַרלענגערן די פֿריידיקע צערעמאָניע פֿון איבערגעבן די פּראָטעזן.

ער האָט אַ ריב געטאָן די פּראָטעזן מיט אַן אַרבל, האָט אויסגעקראַצט מיט אַ נאָגל אַ פּלעקעלע, האָט אַ הויך געטאָן אַף יענעם אָרט, האָט דאָס אָרט אַ רייניק געטאָן מיט דער פּאָלע פֿון זײַן שניי־ווײַסן כאַלאַט, האָט נאָכדעם אַוועקגעלייגט די פּראָטעזן אַפֿן דיל, האָט פּאַמעלעך צונויפֿגעלייגט דאָס טיכל, אין וועלכן זיי זײַנען געווען אײַנגעוויקלט, און האָט דאָס טיכל אַרײַנגעלייגט אין קעשענע.

— קומט זשע, פֿרײַנט, לאָמיר זיי אַ פּרוּוו טאָן —האָט אונטערגעאײַלט מערעסיעוו, וואָס איז געזעסן אַפֿן בעט און באַוועגט אומגעדולדיק מיט זײַנע פּיס־רעשטלעך.

מיט די אויגן פֿון אַ נייטראַלן מענטשן האָט ער באַטראַכט די נאַקעטע אָפּגעשניטענע פּיס און איז געבליבן צופֿרידן פֿון זיי. זיי זײַנען געווען שטאַרקע, שפּירעוודיקע און ניט באַדעקטע מיט פֿעטס, ווי געווײַנלעך, נאָך אַ לאַנגן פּעריאָד פֿון געצוווּנגענער אומבאַוועגלעכקייט. די האַרטע מוסקולן האָבן זיך אויסגעטיילט אונטער דער פֿאַרברוינטער הויט, פּונקט ווי דאָס וואָלטן געווען גאַנצע פּיס פֿון אַ מענטשן וואָס איז געגאַנגען אַ סאַך און אײַליק.

— וואָס איז עס פֿאַר אַ „קומט, קומט?..." אויב דו אײַלסט זיך, טו זיך אָן פּאַמעלעך —האָט זיך געקאַעסט דער אַלטער—. מיר האָט געזאָגט וואַסילי וואַסיליעוויטש: „זויעוו, גיב זיך אַ סטאַרע מיט די דאָזיקע פּראָטעזן: אַ לייטענאַנט אָן פּיס קלײַבט זיך צו פֿליִען". און איך? כ'האָב זיך גלײַך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און אָט האָט איר זיי. מיט אַזוינע פּראָטעזן קען מען ניט נאָר גיין, נאָר אַפֿילו פֿאָרן אַף אַ וועלאָסיפּעד און טאַנצן מיט מיידלעך אַ פּאָלקע... ס'איז אַ מײַסטער־ווערק!

ער האָט אַרײַנגערוקט אַלעקסייס רעכטן פֿוס־אָפּשניט אין דעם וואַלענעם און ווייכן אינעווייניקסטן טייל פֿון דער פּראָטעזע און האָט שטאַרק פֿאַרצויגן אַרום פֿוס די רימענס. ער האָט אָפּגעטראָטן אַ ווײַלע, האָט זיך אַ שפּיגל געטאָן אין דער פּראָטעזע און האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג:

— אויסגעצייכנטע שוכוואַרג!... ס'טוט אײַך ניט וויי? אַכאַכאַ! אין גאַנץ מאָסקווע, קען מען זאָגן, איז ניטאָ קיין בעסערער מײַסטער ווי זויעוו. זויעוו האָט גאָלדענע הענט.

ער האָט פלינק אָנגעטאָן די צווייטע פּראַטעזע און קוים האָט ער צײַט געהאַט צו פּאַרציִען די רימענס, ווי מערעסיעוו האָט זיך מיטאַמאָל, מיט איין שטאַרקן און עלאַסטישן שפּרונג אַ שטעל געטאָן אַף דער ערד. ס׳האָט אָפּגעהילכט אַ טרוקענער קלאַפּ. מערעסיעוו האָט אַ געשריי געטאָן פון ווייניק און האָט זיך גלײַך אַראָפּגעלאָזט אַף דער ערד.

פון איבערראַשונג זײַנען באַם אַלטן מײַסטער אַרויפגעשפּרונגען די ברילן אַפן שטערן. ער האָט ניט דערוואַרט פון זײַן קליִענט אַזאַ מין צעריצטקייט. אַן אַנמעכטיקער, אַ דערשטוינטער איז מערעסיעוו געלעגן אַפן דיל; זײַנע קינסטלעכע פיס מיט די נײַע שיך זײַנען געווען שטאַרק פונאַנדערגעשפּרייט. אין זײַנע אויגן האָט זיך געשפּיגלט צעטומלונג, באַליידיקונג, מוירע! זאָל עס הייסן אַז ער האָט זיך אָפּגענאַרט?

קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים און האָט אים, מיט דער הילף פון אַלטן מײַסטער, אויפגעהויבן און אַוועקגעזעצט אַפן בעט. מערעסיעוו איז געווען אַנטוישט, אַנטמוטיקט און אַף זײַן פּאַנעם איז געווען אַן אויסדרוק פון טיפער זאָרג.

— עי, גוטער ברודער, וויִאַזוי האָט עס געקענט מיט דיר פּאַסירן? —האָט אַ ברום געטאָן דער מײַסטער—. געזען אַ ביסל: שפּרינגען פּונקט ווי מען וואָלט אים אָנגעטאָן עמעסע פיס! מען דאַרף ניט אַרײַנפאַלן אין פאַרצווייפלונג, ליבער פרײַנט. דאָס וואָס דו האָסט איצט צו טאָן איז אָנהייבן פון אָנהייב. פאַרגעס אַז דו ביסט אַ קעמפער. איצט ביסטו אַ קליין קינד. דאַרפסט זיך נעמען לערנען גיין טריטעלע נאָך טריטעלע: פריִער מיט אונטערשפּאַרערס, דאַן — אָנהאַלטנדיק זיך אָן דער וואַנט, און שפּעטער — מיט אַ שטעקן. מיט איין קנאַק, ראַפּטום, קען מען ניט, מען דאַרף ביסלעכווײַז, אָבער דו... האָסט אַן אָנונג וואָס דו האָסט געוואָלט טאָן? די פיס זײַנען גוטע אָבער ניט קיין נאַטירלעכע. אַזוינע פיס ווי עס האָבן דיר געמאַכט דער פּאַפּאַ און די מאַמאַ וועט דיר שוין קיינער ניט מאַכן.

צוליבן אומגליקלעכן שפּרונג האָבן מערעסיעוון וויי געטאָן די פיס, אָבער ער האָט געפאָדערט אַז מען זאָל אים גלײַך דערלויבן אויספּרוּוון די פּראָטעזן. מען האָט אים געבראַכט לײַכטע אַלומינענע אונטערשפּאַרערס. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף זיי, האָט זיך אָנגעלענט אַף די קישעלעך אונטער די פּאַכוועס און פּאַמעלינקע אַראָפּגעשאַרט זיך פון בעט און אַוועקגעשטעלט זיך אַף די פיס. איצט האָט ער ווירקלעך אויסגעזען ווי אַ קליין קינד, וואָס האַגאַם עס קען נאָך ניט גיין, שפּירט עס מיטן אינסטינקט אַז עס וועט יאָ קענען, אָבער דערווײַל האָט עס נאָך מוירע אָפּצוטרעטן פון דער וואַנט וואָס האַלט אים אונטער. קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ און דער אַלטער פּראָטעזיסט האָבן אים צערטלעך אונטערגעהאַלטן פוןביידע זײַטן, און ער האָט אויסגעזען ווי אַן אויפעלע, וואָס די מאַמע און די באָבע לערנען אים שטעלן די ערשטע טריט, אונטערהאַלטנדיק

אים מיט אַ האַנטעך אונטער די פּאַכוועס. עטלעכע רעגעס האָט ער זיך ניט גערירט, פילנדיק אַ שאַרפן ווייטיק אין די ערטער ווו די פּראָטעזן זײַנען געווען צוגעפּעסטיקט צו די פיס. נאָכדעם האָט ער אַן אומזיכערן באַוועג געטאָן איין אונטערשפּאַרער און גלײַך — דעם צווייטן. ער האָט אָנגעלענט אַף זיי דעם קערפּער און האָט אַ צי געטאָן איין פוס און שפּעטער דעם צווייטן. דער אָנגעקוועטשטער לעדער האָט אַ שאַרפן סקריפּ געטאָן און עס האָבן אָפּגעהילכט צוויי שווערע קלעפּ אַפן דיל: בום, בום!

— אין אַ גוטער שעה, מאַזל־טאָוו! —האָט געמורמלט דער אַלטער מײַסטער.

מערעסיעוו האָט געגעבן נאָך עטלעכע פּאַרזיכטיקע טריט. די דאָזיקע ערשטע טריט אַף די פּראָטעזן האָבן אים געקאָסט אַזויפיל מי, אַז ווען ער האָט געענדיקט זײַן מאַרשרוט ביז צו דער טיר און צוריק, האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז ער האָט אַרויפגעשלעפּט אַ קאָנצערט־פּיאַנאָ אַפן פינפטן שטאָק. צוקומענדיק צום געלעגער איז ער אַ פאַל געטאָן אַף אים מיטן פּאָנעם אַראָפּ, אַן אויסגעווייקטער אין שוויים און אַן קויכעס איבערצודרייען זיך אַפילע.

— נו, ווי זײַנען עפּעס די פּראָטעזן? מעגסט דאַנקען גאָט וואָס עס איז דאָ אַף דער וועלט אַזאַ מײַסטער ווי זויעוו —האָט געזאָגט דער פּראָטעזיסט, לויבנדיק זיך אַליין ווי עס זײַנען געווינט צו טאָן די אַלטע. ער האָט לויז געמאַכט די רימענס און האָט באַפרײַט אַלעקסייס פיס, וואָס זײַנען געווען ראָזלעך און עטוואָס געשוואָלן—. מיט אַזוינע פיס קען מען פליִען און אַפילע אָנקומען צום אייביקן פאָטער. אַן עמעס מײַסטער־ווערק!

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, זיידע, ס'איז אַן אויסגעצייכנטע אַרבעט — האָט אַ מורמל געטאָן אַלעקסיי.

דער מײַסטער האָט זיך געדרייט אַן אומאַנטשלאָסענער, האָט גאָרניט געזאָגט, אָבער ס'איז געווען קענטיק אַז ער וויל און דערוועגט זיך ניט עפּעס צו פרעגן, אָדער, פאַרקערט, — ער וואַרט מען זאָל אים עפּעס פרעגן.

— נו, גאָט זאָל דיר העלפן. טראָג זיי געזונטערהייט —האָט ער אָפּגעזיפצט אביסל אַנטוישט און איז זיך פאַמעלעך אַוועק צו דער טיר.

— העי, מײַסטער! —האָט אים אַ רוף געטאָן סטרוטשקאָוו—. נאַ, נעם; וועסט אויסטרינקען אַ פּאָר גלעזלעך פאַר דער האַצלאָכע פון די דאָזיקע ,,אימפּעריאַלע" פּראָטעזן.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! —האָט אַן אויפגעלעבטער געזאָגט דער אַלטער—. וויאַזוי זאָל מען ניט טרינקען באַ אַזאַ געלעגנהייט? —מיט דער גאַנצער פּײַערלעכקייט האָט ער אַרײַנגעלייגט די באַנקנאָטן אין דער הינטערשטער הויזן־קעשענע און האָט צוליב דעם אויפגעהויבן דעם כאַלאַט מיט דער זעלבער באַוועגונג ווי אַ באַלמעלאָכע פאַרקאַשערט זײַן פאַר־

טעך—. אַ דאַנק, מיר וועלן טרינקען, און וואָס שײַעך די פּראָטעזן זאָל מען געדענקען אַז זיי זײַנען גוט געמאַכט, געוויסנהאַפטיק. וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט מיר געזאָגט: „דאָס דאַרפֿן זײַן ספּעציעלע פּראָטעזן, זויעוו, אַניט וועסטו מיך אַוועקשטעלן אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע". צי איז זויעוו געווינט דען אַוועקצושטעלן עמעצן אין אַ שלעכטער לאַגע? אַז איר וועט האָבן אַ געלעגנהייט, זאָלט איר טאַקע זאָגן וואַסילי וואַסיליעוויטשן אַז איר זײַט צופֿרידן מיטן דער אַרבעט.

דער אַלטער האָט זיך עטלעכע מאָל פֿאַרנייגט און איז אַוועק, פּרעפּלענדיק עפּעס. מערעסיעוו האָט געקוקט אַף זײַנע נײַע פֿיס וואָס זײַנען געלעגן באַם זײַט פֿון זײַן געלעגער. וואָס מער ער האָט געקוקט אַף זיי, אַלץ מער איז אים געפֿעלן געוואָרן זייער פֿײַנע קאָנסטרוקציע, די מײַסטערהאַפֿטיקייט פֿון דער אַרבעט און זייער לײַכטקייט: „מען קען פֿאָרן אַף אַ וועלאָסיפּעד, טאַנצן אַ פּאָלקע און פֿליִען אין אַן אַוויאָן אַזש ביז צום אייביקן פֿאָטער". „כ׳וועל עס דערגרייכן, כ׳וועל עס אַלץ דערגרייכן, אומבאַדינגט דערגרייכן", האָט ער געטראַכט.

יענעם טאָג האָט ער אַוועקגעשיקט אַלגאָן אַ לאַנגן און פֿריילעכן בריוו, אין וועלכן ער האָט איר געמאָלדן אַז זײַן אַרבעט באַם אויספּרוּוון אַוויאָנען ענדיקט זיך שוין; אַז ער האָפֿט אַז די שעפֿן וועלן נאָכקומען זײַנע באַקאָשעס און וועלן, צו האַרבסט צו אָדער שפּעטסטנס ווינטערצײַט, באַפֿרײַען אים פֿון דער דאָזיקער אומאָנגענעמער אַרבעט אין דעם טויזנט מאָל נודנעם רעטאַגוואַרד און וועלן אים אַוועקשיקן אַפֿן פֿראָנט, צום פּאָלק, ווּ די כאַווײרים האָבן אים ניט פֿאַרגעסן און וואַרטן אַף אים. דאָס איז געווען דער ערשטער פֿריילעכער בריוו זינט דער קאַטאַסטראָפֿע, דער ערשטער אין וועלכן ער האָט געשריבן זײַן קאַלע אַז ער טראַכט און זאָרגט צוליב איר דעם גאַנצן טאָג. אַף אַ זייער שעמעוודיקן אויפֿן האָט ער אויסגעדריקט זײַן האָפֿענונג אַז עפּשער וועלן זיי זיך באַגעגענען נאָך דער מילכאָמע און אַז אויב זי וועט ניט האָבן געענדערט איר מיינונג, וועלן זיי פֿאַרבינדן זייערע לעבנס אַף שטענדיק. ער האָט איבערגעלייענט עטלעכע מאָל דעם בריוו און נאָכדעם האָט ער, מיט אַ זיפֿץ, גוט אויסגעמעקט די דאָזיקע לעצטע שורעס.

צום „מעטעאָראָלאָגישן סערזשאַנט", ווידער, האָט ער אַוועקגעשיקט אַ שפּאַסיקן בריוו, אין וועלכן ער האָט לעבעדיק באַשריבן יענעם טאָג. ער האָט בײַגעלייגט צום בריוו אַ צייכענונג פֿון די פּראָטעזן — פּראָטעזן, וואָס דער אימפּעראַטאָר אַליין האָט אַזוינע ניט געטראָגן — און האָט איר באַשריבן זײַנע ערשטע טריט מיט זיי. ער האָט אויך געשריבן וועגן אַלטן פֿלאַפּלדיקן מײַסטער און האָט אויסגעדריקט זײַן האָפֿענונג אַז ער וועט נאָך פֿאָרן אַף אַ וועלאָסיפּעד, טאַנצן אַ פּאָלקע און פֿליִען ביזן סאַמע הימל. „אַזוי אַרום וואַרט אַף מיר איצט אין פּאָלק, פֿאַרגעסט מיך ניט און זאָגט דעם קוואַרטיר־אָפֿיציר, אַז אַפֿן נײַעם פּונקט זאָל ער

רעזערווירן פאַר מיר אַן אָרט״ —האָט געשריבן מערעסיעוו, וואַרפנדיק בליקן אַף דער ערד. די פּראָטעזן זײַנען געלעגן אַף אַזאַ אויפן, אַז ס׳האָט אויסגעזען ווי עמעץ באַהאַלט זיך אונטערן בעט און אַז עס שטעקן אַרויס פון דאָרט די פונאַנדערגעשפּרייטע פיס זײַנע אין די ברוינע שיך. אַלעקסיי האָט זיך אַרומגעקוקט און, איבערצײַגנדיק זיך אַז קיינער לייגט אַף אים קיין אַכט ניט, האָט ער אַ גלעט געטאָן צערטלעך דעם קאַלטן, סקריפּענדיקן לעדער.

דאָס באַווײַזן זיך פון די „אימפּעריאַלע פּראָטעזן״ אין זאַל 42 איז אויך לײַדנשאַפטלעך דיסקוטירט געוואָרן אין אַ צווייטן אָרט, אַפן דריטן קורס פון מאָסקווער מעדיצינישן פאַקולטעט. לויט אַניוטאַן, איז דער פּרויען־עלעמענט —וואָס האָט אין יענער צײַט פאַרגעשטעלט מיט זיך די גרויסע מערהײַט פון קורס— געווען זייער גוט אינפאָרמירט וועגן די איניאַנים פון זאַל 42. אַניוטאַ האָט אויסגעדריקט איר שטאָלץ מיט איר קאָרעספּאָנדענט, און האַגאַם די בריוו פון לייטענאַנט גוואָזדיעוו זײַנען בעשום אויפן ניט געווען באַשטימט פאַר אַ ברייטער אוידיטאָריע, האָט מען געלייענט אינדערהייך פראַגמענטן פון זיי און צײַטנווײַז אַלץ טאַקע, אויסער יענע אינטימע שטעלן וואָס זײַנען, אַגעוו־אורכע, געוואָרן אַלץ ברייטער און ברייטער, אין דער מאָס ווי די קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך פאַרלענגערט.

דער גאַנצער דריטער קורס מעדיצין־סטודענטן, מיט אַניוטאַן בעראָש, האָבן סימפּאַטיזירט מיטן העלדישן גריגאָרי גוואָזדיעוו, האָבן געפילט אַן אַנטיפּאַטיע צום אָנגעברויגעזטן קוקושקינען און האָבן באַוווּנדערט דעם שטאַרקן גײַסט פון מערעסיעוון. זיי האָבן אויפגענומען ווי אַן אייגענעם אומגליק דעם טויט פון קאָמיסאַר, וועמען אַלע האָבן שטאַרק געשעצט און געליבט אַף אַן עמעס. ווען ס׳איז געלייענט געוואָרן דער בריוו מיט דער באַשרײַבונג ווי!אַזוי ס׳איז אויסגעגאַנגען דער דאָזיקער גרויסער און לעבנספולער מענטש, האָבן אַ סאַך פון זיי ניט געקענט אײַנהאַלטן די טרערן.

די קאָרעספּאָנדענץ צווישן דעם שפּיטאָל און דעם אוניווערזיטעט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. די מיידלעך זײַנען געווען אומצופרידן מיט דער פּאָסט, וואָס האָט אין יענער צײַט פונקציאָנירט זייער לאַנגזאַם. גוואָזדיעוו האָט זיי, אין אַ בריוו, איבערגעכאַזערט די פראַזע פון קאָמיסאַר: איצט קומען אָן די בריוו צום אַדרעסאַט ווי דאָס ליכט פון די ווײַטע שטערן. דער אַרויסשיקער האָט געקענט אויסגיין, אָבער זײַנע בריוו האָבן נאָך אַלץ געוואַנדערט און געוואַנדערט בעמעשעך פון אַ לאַנגער צײַט און סאָף־קאָל־סאָף דערציילט דעם אַדרעסאַט וועגן לעבן פון אַ פּערזאָן וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבן. די אַקטיווע און אונטערנעמערישע אַניוטע האָט אָנגעהויבן זוכן אַ מער פּערפעקטערן קאָמוניקאַציע־מיטל. זי האָט אויסגענוצט אַן עלטערע קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָט

געאַרבעט סײַ אין דער אוניווערזיטעט־קליניק און סײַ אין וואַסיליעוויטשעס שפּיטאָל.

זינט דאַן האָט זיך דער אוניווערזיטעט דערוווּסט, שפּעטסטנס אָפּן דריטן טאָג, וועגן די געשעענישן אין זאַל 42 און האָט געקענט שנעל רעאַגירן אויף זיי. אין שײַכעס מיט די „אימפּעריאַלע פּראָטעזן" איז אין עס־צימער אויפגעקומען אַ לעבעדיקע דעבאַטע וועגן דעם צי מערעסיעוו וועט פליען אָדער ניט. דאָס איז געווען אַ פײַערדיקער, יוגנטלעכער דיספּוט, אין וועלכן בײדע צדדים האָבן סימפּאַטיזירט מיט מערעסיעוו. נעמענדיק אין אַכט די קאָמפּליצירטקייט פון די אינסטרומענטן פון אַ יאַגד־אוויאָן, האָבן די פּעסימיסטן געזאָגט: ניין. די אָפּטימיסטן האָבן געהאַלטן אַז פאַר אַ מענטשן וואָס האָט זיך אַרויסגעדרייט פונעם סוינעס און געשלעפּט זיך אַ האַלבן כוידעש דורך אַ ווילדן וואַלד, דורכמאַכנדיק גאָט ווײס וויפל קילאָמעטער, איז ניטאָ קיין אוממעגלעכע זאַך אויף דער וועלט. קעדײי צו באַקרעפטיקן זײערע אַרגומענטן, האָבן די אָפּטימיסטן געבראַכט בײַשפּילן פון דער געשיכטע און פון ביכער.

אַניוטע האָט ניט אָנטייל גענומען אין די דיספּוטן. די פּראָטעזן פון אומבאַקאַנטן אוויאַטאָר האָבן איר ווייניק אינטערעסירט. אין די זעלטענע פרײַע מינוטן האָט זי געטראַכט וועגן אירע באַציִונגען מיט גריגאָרי גוואָזדיעוון, באַציִונגען, וואָס האָבן זיך, לויט איר מיינונג, גענומען אַלץ מער קאָמפּליצירן. פון אָנהייב, דערוויסנדיק זיך וועגן העלדישן אָפּיציר און וועגן זײַן טראַגישער ביאָגראַפיע, האָט זי אים געשריבן, באַוועגט פונעם אויפריכטיקן ווילן צו פאַרלײַכטערן זײַן פּײַן. שפּעטער, אין דער מאָס ווי ס'האָט זיך געשטאַרקט איר פרײַנטשאַפט דורך קאָרעספּאָנדענץ, האָט די אַבסטראַקטע פיגור פונעם העלד פון דער פּאָטערלענדישער מילכאָמע גענומען אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַרן לעבעדיקן, רעאַלן יונגנמאַן, און דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט איר גענומען אַלץ מער אינטערעסירן. ווען זי פלעגט ניט באַקומען קיין בריוו פון אים, פלעגט זי באַמערקן אַז זי ווערט אומרויִק און באַזאָרגט. דאָס דאָזיקע נײַע געפיל האָט זי דערפרייט און געשראָקן. „זאָל עס זײַן ליבע? איז דען מעגלעך ליב צו באַקומען אַ מענטשן בלויז דורך זײַנע בריוו, ניט האָבנדיק געזען אים קיין איין מאָל און ניט האָבנדיק געהערט אַפילו זײַן שטים?" אין די בריוו פון טאַנקיסט האָבן זיך פאַרמערט די שטעלן וואָס זי האָט ניט געקענט לייענען פאַר אירע כאַווערטעס. ווען גוואָזדיעוו אַליין האָט מודיע געווען, באַ געוויסער געלעגנהייט, אַז דאָס זעלבע געפיל פון „ליבע דורך קאָרעספּאָנדענץ", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, האָט אים באַהערשט, האָט זיך אַניוטע איבערצײַגט אַז זי איז פאַרליבט, און ניט קינדעריש ווי ס'האָט געטראָפן מיט איר אין דער שול, נאָר אויף אַן עמעס. ס'האָט זיך איר אויסגעדוכט אַז ס'וועלן אויפהערן אָנצוקומען די דאָזיקע בריוו,

אף וועלכע זי האָט איצט געוואָרט מיט אַזויפיל אומגעדולד, וועט דאָס לעבן פאַרלירן פאַר איר יעדן זין.

אף אַזאַ אופן, ניט האָבנדיק זיך געזען, האָבן זיי זיך דערקלערט אין ליבע. נאָך דעם אַלעמען האָט זיך אין גוואַזדיעוום בריוו גענומען מערקן אַ מעשונעדיקע ענדערונג. זיי זײַנען געוואָרן נערוועז, פאַרפּלאָנ־טערט און זײַנען פול געווען מיט ניט־דערזאָגטקייטן. נאָכדעם האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט איר אָנגעשריבן אַז דאָס אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען טויג ניט; אַז זיי האָבן זיך דערקלערט אין ליבע ניט אָנקוקנדיק זיך אפילו; אַז זי שטעלט זיך וואַרשײַנלעך ניט פאָר ווי ווײַט די בראַנד־ווונדן האָבן דעפאָרמירט זײַן פּנים; אַז ער איז אינגאַנצן ניט ענלעך אף יענער אַלטער פאָטאָגראַפיע וואָס ער האָט איר געהאַט געשיקט. ער האָט איר ניט געוואָלט אָפּנאַרן און האָט געבעטן אַז זי זאָל מער ניט שרײַבן וועגן אירע ליבע־געפילן ביז זי וועט ניט זען מיט אירע אייגענע אויגן מיט וועמען זי שטייט אין פאַרבינדונג.

דאָס מיידל האָט זיך, פון אָנהייב, אויפגערעגט, און שפּעטער — דערשראָקן זיך. זי האָט אַרויסגענומען פון קעשענע די פאָטאָגראַפיע. זי האָט געקוקט אָפן איידעלן, יוגנטלעכן פּנים, מיט די בוילעטע באַקן־ביינער, גלײַכן נאָז, קליינע וואָנצעלעך און דינע ליפּן. „און איצט? ווי זעסטו איצט אויס, אָרעמער געליבטער מײַנער?" — האָט זי אַ שעפּטש געטאָן, קוקנדיק אף דער פאָטאָגראַפיע. ווי אַ מעדיצין־סטודענטן האָט זי געוווּסט אַז בראַנד־ווונדן פאַרצײַען זיך שווער און לאָזן איבער טיפע סימאָנים אף שטענדיק. ניט ווייסנדיק פאַרוואָס, האָט זי זיך אף אַ ווײַלע פאַרגעשטעלט אַ מענטשן־קאָפּ נאָך אַ סקראָפל־קראַנקייט, וואָס אַזאַ מין מאָדעל האָט זי געזען אין אַנאַטאָמישן מוזיי. דאָס פּנים פון מאָדעל האָט אויסגעזען צעקאָרבט און באַדעקט מיט בלאָלעכע בערגלעך; די ליפּן זײַנען געווען דעפאָרמירט, צעפּרעסן; אָנשטאָט ברעמען האָבן זיך געזען אייניציקע הערעלעך; די אויגן־ראַנדן זײַנען געווען רויט און אָן וויִעס. זעט ער אויך אַזוי אויס? דאָס מיידל האָט זיך דערשראָקן, איז אפילו בלייך געוואָרן, אָבער גלײַך האָט זי זיך אַליין געמאַכט אַ פאָר־וווּרף... „נו, און אויב ער איז אַזוי, איז וואָס? ער האָט געקעמפט קעגן די סאָנים אין אַ ברענענדיקן טאַנק. ער האָט פאַרטיידיקט מײַן פרײַהייט, מײַן רעכט צו לערנען, מײַן קאָוועד און מײַן לעבן". און זי? וואָס האָט זי דען געטאָן פאַר דער מילכאָמע? זי האָט געגראָבן טראַנ־שייען און איז געשטאַנען אף דער וואַך איבער די דעכער; איצט האָט זי געאַרבעט אין אַן עוואַקואַציע־שפּיטאָל. קען מען דער פאַרגלײַכן איינס און דאָס צווייטע? „איך, איך בין אים ניט ווערט, שוין בלויז צוליב די דאָזיקע ספּייקעס" — האָט זי אויסגערעדט זיך אַליין, אָפּשטויסנדיק פון זיך אינסטינקטיוו די וויזיע פון שראַמיקן, דעפאָרמירטן פּנים.

זי האָט אים אָנגעשריבן אַ בריוו, וואָס איז געווען צערטלעכער און

אויספירלעכער פון אַלע ביז איצטיקע. גוואָזדיעוו, וואָס האָט נאַטירלעך גאָרניט געוווּסט פון איר שלאָגן זיך מיט דער דייע, האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט איר פּרעכטיקן ענטפער אַף זײַנע אומרויִקע אָנדײַטן, און האָט אַפילע אינפאָרמירט וועגן דעם סטרוטשקאָוון. דער קאָמאַנדיר האָט אים גוטמוטיק אויסגעהערט און האָט אַזוי געפּאַסקנט:

— נעם זיך ניט איבער און שרעק זיך ניט, טאַנקיסט; איצט איז פאַראַן אַ גרויסער דעפיציט אין מענער.

דער דאָזיקער ענטפער האָט, פאַרשטייט זיך, ניט באַרויִקט גוואָזדיעוון. ס'האָט זיך דערנענטערט די דאַטע פון פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל און ער האָט מיט אַלץ מער אָפּטקייט גענומען קוקן אין שפּיגל, סײַ פון דערווײַטן, מיט אַ שנעלן בליק, און סײַ פון נאָענטן, צורוקנדיק זײַן צעמאַזיקטן פּנים צום סאַמע שפּיגל־גלאָז. ער פלעגט אויך גאַנצע שעהן מאַסאַזשירן די שניטן און שראַמען.

אַף זײַן באַקאָשע האָט אים קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ אײַנגעקויפט פּודערס און זאַלבן צום פּנים. ער האָט זיך אָבער גלײַך איבערצײַגט אַז מיט קיין שום קאָסמעטישן מיטל קען מען ניט פאַרדעקן זײַנע שראַמען. באַנאַכט, פונדעסטוועגן, ווען אַלע פלעגן שלאָפן, פלעגט ער שטילערהייט אַרויסגיין אין באָד־צימער און פלעגט דאָרט אַ לאַנגע צײַט מאַסאַזשירן זײַנע רויטלעכע שניטן און קאַרבן; ער פלעגט זיי נאָכדעם שטאַרק אײַנפּודערן און ווידער מאַסאַזשירן, און פלעגט, פול מיט האָפענונג, פון דאָסנײַ אַ קוק טאָן אין שפּיגל. פון ווײַטן האָט ער אויסגעזען פּרעכטיק: שטאַרק, ברייטפּלייציק, שלאַנק אין די לענדן, און פיס — גלײַכע, פעסטע. פון נאָענטן, אָבער, פלעגן אים אַרײַנוואַרפן אין פאַרצווייפלונג די רויטע שראַמען אַף זײַנע באַקן און גאָמבע, די שאָרסטיקע און אָנגעצויגענע הויט. ער האָט געטראַכט אַ דערציטערטער: ווי וועט זי אים אויפנעמען? און אויב זי וועט זיך דערשרעקן גלײַך ווי זי וועט אים דערזען און וועט זיך אָפּקערן מיט צונויפגעצויגענע אַקסלען? דאָס ערגסטע וועט זײַן, ווען זי וועט צוליב העפלעכקייט ריידן מיט אים אַ שאָ אָדער צוויי, און נאָכדעם, מיט אַ קאַלטער און צערעמאָניאַלער איידלקייט, אַ זאָג טאָן „צום ווידערזען!"... גוואָזדיעוו האָט זיך באַליידיקט, אויפגערעגט און בלייך געוואָרן, פונקט ווי דאָס אַלץ וואָלט שוין בעעמעס געהאַט פּאַסירט.

דאַן פלעגט ער אַרויסנעמען פון אַ קעשענע פון זײַן קורצן שלאָפראָק אַ קליינע פאָטאָגראַפיע און באַטראַכטן מיט אַ פאָרשנדיקן בליק דאָס פולבלעכע מיידל, מיטן הויכן שטערן, מיט די גלאַטע זײַדענע האָר פאַרקעמט אַף הינטן, מיטן דיקלעכן, עטוואָס פאַרריסענעם, עכט־רוסישן נעזל און מיט די דעליקאַטע קינדערשע ליפּן. אַף איר אויבערשטער ליפּ האָט זיך געשוואַרצט אַ קוים־באַמערקלעכער כיין־פינטל. די עטוואָס בוילעטע אויגן — ווי ס'ווײַזט בלויע אָדער גרויע — האָבן געקוקט אַף אים אָפן

און ערלעך, און דאָס גאַנצע פּנים אירס איז געווען אַן איינפאַכס און אַ פריינטלעכס.

„אַ וואָסערע ביסטו? זאָג מיר, וועסט זיך ניט דערשרעקן? וועסט ניט אַנטלויפן? וועסטו זיין געגוג שטאַרק אַף ניט צו באַמערקן ווי צע־מאַזיקט איך בין? —האָט ער געזאָגט קוקנדיק אַף דער פאָטאָגראַפיע, פּונקט ווי ער וואָלט זי ווירקלעך געהאַלטן אין אויספרעגן.

אַנטקעגן אים האָט דערווייל דער אומדערמידלעכער מערעסיעוו גע־שפּאַצירט פון איין עק קאָרידאָר ביזן צווייטן, קלאַפּנדיק מיט זיינע אונטערשפּאַרערס און סקריפּענדיק מיט זיינע פּראָטעזן. ער איז פאַרביי־געגאַנגען איין מאָל, צוויי, צען, פופצן, צוואַנציק מאָל. ער האָט געשפּאַ־צירט אינדערפרי און אינאָוונט, אין העסקעס מיט אַ פּראָגראַם וואָס ער האָט אַליין איינגעשטעלט. יעדן טאָג האָט ער זיך געשטעלט נייע אויפ־גאַבן און האָט פאַרגרעסערט בעהאַדראָגעדיק די שטרעקעס.

„בראַוואָ, כעוורעמאַן! —האָט געטראַכט גוואָזדיעוו—. מעכטיק איז דער ווילן פון דאָזיקן אויסגעהאַלטענעם און איינגעאַקשנטן מענטשן! אין איין וואָך האָט ער זיך אויסגעלערנט צו גיין גיך און פלינק מיט די אונטערשפּאַרערס. בא אַנדערע דויערט דאָס כאַדאָשים גאַנצע. נעכטן האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו באַנוצן דאָס טראָג־בעטל און איז אַליין אַוועק אין היילונג־זאַל, אַראָפּגייענדיק און אַרויפגייענדיק אַף די טרעפּ. טרערן זיינען אים גערונען איבערן פּנים, אָבער ער איז אַליין אַרויף. ער האָט אַפּילע אַנגעשריען אַף דער סאַניטאַרקע וואָס האָט אים געוואָלט העלפן. און ווי ער האָט עס געשיינט ווען ער איז אַרויפגעקומען! פּונקט ווי ער וואָלט דערגרייכט דעם שפּיץ פון עלברוס".

גוואָזדיעוו האָט זיך דערוויטערט פון שפּיגל און האָט זיך צוגע־קוקט ווי שנעל מערעסיעוו שפּאַנט, וואַרפנדיק, לויט דער ריי, מיט די פיס און מיט די אונטערשפּאַרערס. „זע נאָר ווי ער גייט און וואָס פאַרא אָנגענעם און סימפּאַטישן פּנים ער האָט. דער קליינער שראַם וואָס שניידט זיך אַריין אין זיינער אַ ברעם מאַכט אים אַף אַ האָר ניט מיעסער; פאַרקערט, ער ווערט נאָך מער אינטערעסאַנטער. אַך ווען איך האָב דאָס דאָזיקע פּנים! די פיס — אויך מיר אַ זאַך! די פיס זעען זיך ניט און אַגעוו וועט ער זיך אויסלערנען גיין נאַטירלעך און פלינקן אויך. אָבער דאָס פּנים! ווו וועסטו גיין מיטן דאָזיקן רעטעך, וואָס זעט אויס ווי שיקערע טייוולאָנים וואָלטן אים געגריזשעט אַ גאַנ־צע נאַכט...”

אַלעקסיי מערעסיעוו —וואָס האָט דורכגעמאַכט לענגאַויס דעם קאָ־רידאָר זיין 23טן אָוונטדיקן רייד— האָט דערפילט אין זיין גאַנצן קער־פּער אַ מידקייט און אַן אויסגעשעפּטקייט. די לענדן זיינען אָנגעשוואָלן געוואָרן און האָבן געשמאַרצט; ס'האָט אים ווי געטאָן די פּאַכוועס וואָס זיינען אָנגעריבן געוואָרן דורך די אונטערשפּאַרערס. פאַרבייגייענדיק פאַר־

ביי גוואָזדיעוו האָט ער מין־האַצאַד אַ קוק געטאָן אָפן טאַנקיסט, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם וואַנט־שפּיגל. „נו, נו, אַ נאַר: צוליב וואָס מאַטערט ער זיין אָרעמען פּאָנעם? קיין קינאָ־שטערן וועט ער שוין נאָ־טירלעך ניט קענען זיין, אָבער אַ טאַנקיסט — בעקאָוועד גאָדל!... אַ צעמאַזיקט פּאָנעם איז ניט קיין אומגליק. דער איקער איז — גאַנץ האָבן דעם קאָפּ, די הענט און די פיס. יאָ, זיכער, די פיס, עמעסע פיס און ניט די דאָזיקע פיס־רעשטלעך וואָס טוען וויי און ברענען, אַקוראַט ווי די פּראָטעזן וואָלטן געווען פון רויט־צעגליטן אייזן און ניט פון לעדער".

טוק, טוק, טשיר, טשיר, טוק, טוק, טשיר, טשיר!...

בייסנדיק די ליפּן, איינהאַלטנדיק די טרערן, וואָס דער שאַרפער ווייטיק האָט דאָך אַרויסגעקוועטשט פון זיינע אויגן, האָט דער לייטע־נאַנט מערעסיעוו דורכגעמאַכט מיט גרויס מי זיין 29טן מאַרשרוט אי־בערן קאָרידאָר און האָט מיט דעם געענדיקט זיין אַרבעטס־טאָג.

## .14

גריגאָרי גוואָזדיעוו איז אַרויס פון שפּיטאָל אַרום העלפט יוני.

אַ טאָג אָדער צוויי פאַר דעם האָט ער לאַנג און אויסשעפּיק גע־רעדט מיט אַלעקסייען, און ביידע זיינען אינערלעך געווען צופרידן וואָס זיי זיינען אַכים־לעצאָרע און וואָס ביידנס פּערזענלעכע איניאָנים זיינען אָפן זעלבן אויפן קאָמפּליצירט. ווי ס'טרעפט אין אַזוינע פאַלן, האָבן זיי דערציילט איינער דעם צווייטן, ניט שטערנדיק זיך אַף אַ האָר, אַלץ וואָס האָט זיי געדריקט אָפן האַרצן. זיי האָבן זיך אויסגעדערציילט דאָס וואָס יעדן איינעם, פאַר זיך, איז געווען טאָפּלט שווער אַריבערצוטראָגן, ווייל דער שטאָלץ האָט זיי ניט געהאַט דערלויבט מיטצוטיילן עמעצן זייערע ספּייקעס. זיי האָבן באַוויזן איינער דעם צווייטן די פאָטאָגראַ־פיעס פון זייערע קאַלעס.

אַלעקסיי האָט געהאַט אַן אומקלאָרע, אָפּגעקראָכענע, ליבהאָבערי־שע פאָטאָגראַפיע. ער אַליין האָט פאָטאָגראַפירט אָלגאָן אין יענעם ליכ־טיקן און שיינענדיקן יוני־טאָג, ווען זיי זיינען אַרומגעלאָפן באַרוועסער־הייט איבערן צעבליטן וואָלגע־סטעפּ. מיט די פיס אונטער זיך און מיט אַ בינטל צעשאָטענע בלומען אָפן שויס, האָט זי אין איר בלומיקן קליידל אויסגעזען ווי אַ דאַר, קליין מיידל, ווי אַ ווייס־קלאָרער, ריינער, טוי־באַדעקטער ראַמאַשקע־בלימל אָפן צעבליטן ראַמאַשקע־פעלד. אַ פאַר־טראַכטע, מיטן קאָפּ אָן אַ זייט, האָט זי געקליבן די בלומען און האָט געהאַלטן ברייט־צעעפנט אירע פאַרוווּנדערטע אויגן, ווי זי וואָלט צום ערשטן מאָל דערזען די מאַיעסטעטישקייט פון דער וועלט.

נאָכדעם ווי ער האָט באַקוקט די פֿאָטאָגראַפֿיע, האָט דער טאַנקיסט געזאָגט אַז דאָס דאָזיקע מיידל איז ניט פּעיִק צו פֿאַרלאָזן אַלעקסייען. און אויב יאָ, איז זאָל זי גיין צום טײַוול! דאָס וואָלט געווען אַ באַווײַז אַז איר אויסערלעכקייט איז אַ פֿאַלשע, און ס׳וואָלט אַפֿילע געווען בע־סער אַזוי, ווײַל דאָס וואָלט באַשטעטיקט אַז זי איז גאָרניט ווערט; און צי קען מען דען פֿאַרבינדן דאָס לעבן מיט אַ פֿרוי וואָס איז גאָרניט ווערט?

אַלעקסייען איז אויך געפֿעלן אַניוטאַס פּאָנעם. ער האָט אַפֿילע ניט באַמערקט ווי ער האָט איבערגעכאַזערט פֿאַר גוואָזדיעוון, מיט אַנדערע ווערטער דאָס אַלץ וואָס ער האָט פֿון אים געהערט. ס׳איז געווען אַ פּאָ־שעטער שמועס וואָס האָט, נאַטירלעך, ניט אַרײַנגעבראַכט קיין קלאָר־קייט אין זייערע פּערזענלעכע איניאָנים, אָבער ביידע האָבן זיך געפֿילט דערלײַכטערט, פּונקט ווי ס׳וואָלט געפּלאַצט בײַ זיי אַ האַרטער געשוויר.

זיי האָבן אָפּגערעדט אַז ווען גוואָזדיעוו וועט אַרויס פֿון שפּיטאָל מיט אַניוטאַן — זי האָט טעלעפֿאָניש צוגעזאָגט קומען נאָך אים —, וועט ער פֿאַרבײַגיין פֿאַרבײַ דעם פֿענצטער פֿון זאַל, און אַז, אַלעקסיי וועט גלײַך נאָכדעם אָנשרײַבן דעם טאַנקיסט זײַנע אײַנדרוקן וועגן איר. גוואָז־דיעוו, פֿון זײַט זײַט, האָט צוגעזאָגט אָנצושרײַבן ווי אַזוי אַניוטאַ האָט אים אויפֿגענומען, וואָס פֿאַראַ ווירקונג ס׳האָט אויף איר געמאַכט זײַן צעמאַזיקט פּאָנעם און ווי ס׳גייט אים בכלל. מערעסיעוו האָט דעצי־דירט: אויב מיט גריגאָרים איניען וועט האַלטן גוט, וועט ער גלײַך אָנשרײַבן אַ בריוו אָלגאַן און אויסדערציילן איר אַלץ וואָס ס׳איז געשען, בעטנדיק איר אַז זי זאָל ניט דערציילן דער מאַמען, וואָס איז נאָך אַלץ געווען שוואַך און האָט זיך קוים אויפֿגעהויבן פֿון בעט.

ביידע האָבן, אַזוי אַרום, געוואַרט מיט דער זעלבער עמאָציע אויפֿן טאָג ווען דער טאַנקיסט וועט אַוועקגיין. זיי זײַנען געווען אַזוי אויפֿגע־רודערט אַז זיי פֿלעגן ניט קענען שלאָפֿן אין די נעכט און פֿלעגן שטי־לערהייט אַרויסגיין אין קאָרידאָר: גוואָזדיעוו, קעדיי אַרײַנצוכאַפּן נאָך אַ מאַסאַזש באַם שפּיגל, און מערעסיעוו, קעדיי נאָכאַמאָל אַן איב טאָן זיך אין גיין. דערבײַ פֿלעגט ער אַרומוויקלען די שפּיצן פֿון די אונטער־שפּאַרערס מיט טיכער קעדיי מען זאָל ניט הערן ווי זיי טראַסקען.

דער טאָג איז געקומען. צען פֿרי האָט קלאַוודיאַ מיכײַלאָווגאַ אָנגע־זאָגט גוואָזדיעוון מיט אַ שעלמישן שמייכעלע אַז מען איז געקומען נאָך אים. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט פּונקט ווי אַ ווינט וואָלט אים אַראָפּגעטראָגן און איז געוואָרן אַזוי רויט אַז די שראַמען זײַנען אַזש געוואָרן אָנזעעוודיקער. ער האָט שנעל גענומען צונויפֿכאַפּן זײַנע זאַכן.

— דאָס איז אַ זייער אָנגענעם מיידל און זי ווײַזט אויס אַן ערנ־סטע — האָט געזאָגט די שמייכלענדיקע קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו גוואָזדיעווס צעטומלטע צוגרייטונגען.

גוואַזדיעוו האָט גענומען שײַנען:

— בעעמעס? זי איז אײַך געפעלן געוואָרן? זאָגט מיר דעם עמעס, איז זי אַ שיינע? — און ער האָט זיך אַזוי שטאַרק עמאָציאָנירט אַז ער איז גלײַך אַרויסגעלאָפן, פאַרגעסנדיק זיך צו געזעגענען.

— סאַר אַ קינד דאָס איז! — האָט אַ מורמל געטאָן דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו. — אַזוינע כאַפּט מען אַפילע אָן אַ ווענדקע.

אין די לעצטע טעג איז מיטן זאָרגלאָזן סטרוטשקאָוון פאָרגעקומען עפּעס אומגעוויינלעכס. ער איז געוואָרן אַ שווײַגנדיקער, פלעגט אין קאַעס ווערן אָן שום מאָטיוו און אַזוי ווי ער האָט זיך שוין איצט געקענט אויפהייבן אין בעט, פלעגט ער גאַנצע טעג אָפּזיצן באַם פענצטער מיט די פויסטן אונטער די באַקן און פלעגט ניט ענטפערן אַז מען פלעגט ריידן צו אים.

אַלע פון זאַל — דער אָנגעברויגעזטער קאָמאַנדיר, מערעסיעוו און צוויי נײַע — האָבן זיך אָנגעבויגן צום פענצטער און געוואָרט אַז דאָס פּאָרל זאָל זיך באַווײַזן. ס'איז געווען הייס. די ווײַסע, געקרויזטע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבערן הימל, האָבן שנעל געביטן זייערע פאָרמען. איבערן טײַך האָט זיך דורכגעטראָגן אַ גראָלעכער, שיטערער וואָלקן, און האָט פאַרלוירן אַפן וועג דיקע, שיטער־צעשפּרייטע טראָפּנס, וואָס האָבן געגלאַנצט אַף דער זון. די באַנעצטע גראַניטענע פאַסאַדן האָבן געפינקלט ווי מען וואָלט זיי אָקערשט אָפּגעפּאָלירט; דער אַספאַלט האָט זיך באַדעקט מיט טונקעלע, מירמלאַרטיקע פלעקן און האָט אויסגעהויכט אַזאַ אָנגענעמענע פײַכטקייט, אַז ס'האָט זיך געגלוסט אַרויסשטעקן דעם קאָפּ דורכן פענצטער און אָפּגעפרישט ווערן דורכן דאָזיקן רעגן.

— אָט גייט ער — האָט אַ מורמל געטאָן מערעסיעוו.

די שווערע דעמבענע טיר פון אַרויסגאַנג האָט זיך פּאַמעלעך צעעפנט און ס'איז אַרויס אַ פּאָר: אַ פולבלעכע מיידל, אָן אַ הוט, איינפאַך פאַרקעמט, אין אַ ווײַסער בלוזע און טונקעלער קלייד, און לעבן איר — אַ יונגער מיליטערמאַן, אין וועלכן מערעסיעוו אַפילע האָט קוים דערקענט דעם טאַנקיסט. דער מיליטערמאַן האָט געהאַלטן אַפן אָרעם דעם שינעל און אין האַנט — אַ רענצל; ער האָט געשפּרײַזט מיט אַזאַ לײַכטקייט און עלאַסטישקייט, מיט אַזאַ פעסטקייט, אַז ס'איז געווען אַ כיעס צו קוקן. ער איז ניט אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ נאָר מאַמעש אַראָפּגעגליטשט זיך, ווי ער וואָלט געוואָלט אויספּרוּוון זײַנע קויכעס און אויסדריקן זײַן פרייד וואָס ער קען זיך פרײַ באַוועגן. ער האָט גענומען אונטערן אָרעם זײַן באַגלייטערן און זיי האָבן זיך פאַרנומען צום ברעג טײַך. אונטער אַ גאָלדיקן, קלאָרן און גרויסטראָפּנדיקן רעגן האָבן זיי זיך דערנענטערט צום פענצטער פון זאַל.

אַלעקסיי האָט געקוקט אַף זיי און זײַן האַרץ איז פול געוואָרן מיט פרייד. דאָס מיידל האָט גוט רעאַגירט; ניט אומזיסט האָט זי געהאַט

יענעם אַפּענעם, איינפּאַכן און אַנגענעמען פּאָנעם. אַזאַ ווי זי וועט ניט אָפּטרעטן אַף צוריק. אַזוינע מיידלעך ווי זי וועלן זיך ניט אויסדרייען מיט דער פּלייצע צו אַ פּאַראומגליקלעכטן מענטשן.

דאָס פּאָרל האָט זיך, פון ווײַטן, אויסגעגלײַכט מיטן פענצטער. ביי־דע האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אויפגעהויבן די קעפּ. דער גראַניטענער אַנלען פון קאַנאַל, לעבן וועלכן זיי זײַנען שטיין געבליבן, האָט געגלאַנצט אַפן רעגן און די פאַלנדיקע קווערע רעגן־שנירלעך האָבן געפינקלט פון הינטן. אין דעם מאָמענט האָט אַלעקסיי באַמערקט אַפן פּאָנעם פון טאַנ־קיסט אַן אויסדרוק פון אַנטמוטיקונג און פון שטאַרקן אומרו; אַניוטאַ —וואָס איז געווען פונקט אַזוי שיין ווי אַף דער פאָטאָגראַפיע— האָט אויסגעזען ווי צעמישט און באַזאָרגט צוליב עפּעס. זי האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אַפן טאַנקיסטס אָרעם אַן פעסטקייט און אין איר האַלטונג האָט זיך געמערקט אַ מין קווענקלען זיך, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך גע־קליבן אָפּלאָזן גוואַזדיעווס אָרעם און אַנטלויפן.

אַ מאַך טוענדיק מיט די הענט און אַרויסברענגענדיק אַ געצוווּנ־גענעם שמייכל, איז דאָס פּאָרל אַוועק לענגאויס דעם טײַך־ברעג און איז פאַרשוווּנדן הינטער אַ ראָג. אין זאַל האָט זיך יעדער איינער אומגעקערט אַף זײַן אָרט.

— ס'ווײַזט ניט אַז גוואָזדיעווס געשעפטן זאָלן גיין גוט —האָט באַמערקט דער קאָמאַנדיר; דערהערנדיק קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַס טריט אין קאָרידאָר, האָט ער אַ ציטער געטאָן און האָט זיך האַסטיק אַ קער געטאָן צום פענצטער.

אַלעקסיי האָט זיך געפילט אומרויִק דעם גאַנצן טאָג. באַנאַכט האָט ער אַפילע ניט געמאַכט זײַנע געוויינלעכע מאַרש־איבונגען און האָט זיך געלייגט פריִער פון אַלעמען, אָבער אַפילע נאָכדעם ווי אַלע זײַנען שוין לאַנג אײַנגעשלאָפן האָט נאָך זײַן בעט נערוועז געסקריפּעט.

אַפן צווייטן טאָג, ווי נאָר די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך באַוויזן אַף דער שוועל, האָט ער זי געפרעגט צי מען האָט ניט געבראַכט קיין בריוו פאַר אים. ס'איז ניט געווען קיין בריוו. צעקראַכענערהייט האָט ער זיך אַרומגעוואַשן און געגעסן אָן אַפּעטיט. ער האָט זיך אָבער געאיבט אין גיין מער ווי געוויינלעך. ווי אַ שטראָף פאַר זײַן נעכטיקער שוואַכ־קייט האָט ער דורכגעמאַכט 15 שטרעקעס מער אַפן כעשבן פון דער ניט אויסגעפילטער נאָרמע פון פריִערדיקן טאָג. דער דאָזיקער אומגעריכטער אײַנגעב האָט צעשטרייט זײַנע טרויעריקע מאַכשאָוועס. ס'האָט זיך אַרויס־געוויזן אַז ער קען פרײַ אַרומגיין מיט די אונטערשפּאַרערס אַן ספּעציעלע אָנשטרענגונגען. ווען מען זאָל קויפלען די פופציק מעטער פון קאָרידאָר אַף 45, דאָס הייסט אַף דער צאָל שטרעקעס, וועלן זיך באַ־קומען 2250 מעטער, אָדער אַ קײַמעלאָן פון צוויי קילאָמעטער מיט אַ פערטל. דאָס איז אומגעפער דער זעלבער מעהאַלעך וואָס טיילט אָפּ

דעם אעראדראם פון עסזאל פון די אפיצירן. ער האט גלייך דערזען אי־
נעם דימיען דעם גוט־באקאנטן וועג, וואס האט זיך געצויגן פארביי אן
אלטער דארף־צערקווע; פארביי דעם ציגלנעם סקעלעט פון א פארברענ־
טער שול, וואס האט טרויעריק געקוקט צום וועג מיט די פוסט־שוואר־
צע לעכער פון אירע פענצטער; דורך א וועלדל, ווו עס זיינען געווען
קאמופלירט די נאפט־אויטאס; פארביי דעם קאמאנדע־פונקט און נאנט
פון קליינעם שטעלכל וואס איז געווען צונויפגעקלאפט פון ברעטער און
אין וועלכן ס'האט געבאלעבאטעוועט דער „מעטעאראלאגישער סער־
זשאנט" איבער מאפעס און סכעמעס. ניין, ס'איז ניט געווען קיין קליי־
נער מעהאלעך; ס'איז, דאנקען גאט, געווען ניט ווייניק!

מערעסיעוו האט באשלאסן צו פארגרעסערן זיינע טעגלעכע איבונ־
גען ביז צו 46 שטרעקעס —23 אינדערפריי און 23 אינאוונט— און אפן
צווייטן טאג, מיט פרישע קויכעס, — פרובירן גיין אן די אונטערשפא־
רערס. דאס האט אים צעשטרייט און דערמוטיקט, און האט אים געשטויסן
צו ווערן אויפטועריש. אינאוונט האט ער זיך געאיבט מיט אזא ענטוזיאזם,
אז ער האט אפילע ניט באמערקט ווי ער האט אריבערגעשטיגן דרייסיק
שטרעקעס. אין יענעם מאמענט האט זיך באוויזן די פרוי פון גארדעראב
מיט א בריוו פאר אים. ער האט א נעם געטאן דאס קליינע קאנווערטל,
וואס איז געווען אדרעסירט צום „לייטענאנט מערעסיעוו — איבערגעבן
פערזענלעך". די ווערטער „איבערגעבן פערזענלעך" זיינען געווען אונ־
טערגעשטראכן און דאס איז מערעסיעוון ניט געפעלן געווארן. אינדער־
הייך אפן קאנווערט איז געווען נאך אן אונטערגעשטראכענע פראזע
„בלויז פארן אדרעסאט".

אלעקסיי האט זיך אנגעשפארט אפן פענצטער און געעפנט דעם
בריוו. וואס ווייטער ער האט געלייענט דעם לאנגן בריוו, וואס גוואז־
דיעוו האט באנאכט אנגעשריבן אף דער באן־סטאנציע, אלץ מער איז
זיין פאנעם געווארן אנגעכמורעטער. גוואזדיעוו האט דערציילט אז אניו־
טא איז טאקע אזא ווי זיי האבן זיך פארגעשטעלט. און אז אין מאסקווע
איז, מעגלעך ניט פאראן נאך אזא מעכאיעדיק מיידל; אז זי האט אים
אויפגענומען ווי איינעם פון איר פאמיליע און אז זי איז אים נאך מער
געפעלן געווארן.

„... ס'האט אבער געטראפן דאס וועגן וואס מיר האבן געשמועסט.
זי איז א גוטע. זי האט מיר א ווארט ניט געזאגט און האט מיר קיין
זאך ניט געגעבן אנצוהערן. אלץ איז געגאנגען גוט. אזוי ווי כ'בין אבער
ניט קיין בלינדער, האב איך באמערקט אז זי דערשרעקט זיך פאר מיינע
פארשאלטענע קארבן. אלץ איז, דוכט זיך, צוגעגאנגען גאנץ פיין, אבער
פון צייט צו צייט פלעג איך איבערכאפן אירן א בליק אף מיין פאנעם,
א בליק א פארשעמטן, א דערשראקענעם אדער א ראכמאנעסדיקן...

זי האָט מיך אָוועקגעפירט אין אוניווערזיטעט. ס'וואָלט בעסער געווען ווען מיר גייען ניט אַהין. עס האָבן מיך אַרומגערינגלט די סטודענטקעס און באַטראַכט מיך פון אַלע זייטן. ס'לאָזט זיך אויס אַז זיי קענען אונדז אַלעמען: אַניוטאַ האָט זיי דערציילט... כ'האָב זיך אָפּגעגעבן כעשבן אַז אַניוטאַ האָט געקוקט אויף זיי ווי אַ שולדיקע, פּונקט ווי זי וואָלט געוואָלט בעטן מעכילע פֿאַר האָבן אַראָפּגעבראַכט אַזאַ סטראַשידלע. זי האָט עס אָבער אַלץ פֿאַרבאָרגן, איז צערטלעך אַרומגעגאַנגען אַרום מיר און האָט גערעדט, גערעדט ווי אַ קאַלעקאַטקע, פּונקט ווי זי וואָלט מוירע געהאַט אַנטשוויגן צו ווערן. נאָכדעם זײַנען מיר אַוועק צו איר אַהיים. זי וווינט אַליין: אירע עלטערן זײַנען עוואַקויִרט געוואָרן. מען זעט אַז דאָס איז אַ פֿײַנע פֿאַמיליע. זי האָט מיך פֿאַרבעטן אויף אַ גלעזל טיי און האָט די גאַנצע צײַט ניט אויפֿגעהערט צו קוקן אויפֿן סאַמאָוואַר, ווו ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מײַן פּאָנעם; דערבײַ האָט זי ניט אויפֿגעהערט אונטערצווזיפֿצן. מיט איין וואָרט: כ'האָב געפֿילט אַז מער וועל איך ניט אויסהאַלטן; זאָל געשען וואָס עס וויל! און כ'האָב איר אָפֿן געזאָגט מער ווייניקער אַט־וואָס: „כ'זע אַז מײַן אויסזען געפֿעלט אײַך ניט. נו, מיילע; איר זײַט גערעכט. איך פֿאַרשטיי עס און פֿיל זיך אינגאַנצן ניט באַליידיקט צוליב דעם". זי האָט אָנגעהויבן וויינען און איך האָב ווײַטער גערעדט: „וויינט ניט, איר זײַט אַ גוט מיידל, יעדער איינער קען זיך אין אײַך פֿאַרליבן. צוליב וואָס זאָלט איר אָוועקפּאַטערן אײַער לעבן?" און כ'האָב צוגעגעבן: „איצט ווייסט איר שוין אַ וואָסערער איך בין; באַטראַכט זיך גוט, כ'קער זיך אום צו מײַן איינהייט און פֿון דאָרט וועל איך אײַך געבן צו וויסן וועגן זיך. אויב איר וועט ניט בײַטן אײַער מיינונג, שרײַבט מיר אָן". צום סאָף האָב איך געזאָגט: „נעמט זיך ניט אַזוי שטאַרק צום האַרצן. איר האָט געהאַט אַ כאָסן און איר האָט אים שוין מער ניט: ס'איז מילכאָמע־צײַט". זי האָט מיר, נאַטירלעך, געענטפֿערט: „ניין, ניין, וואָס רעדט איר?" און האָט ניט אויפֿגעהערט צו וויינען. אין יענעם מאָמענט איז פֿאָרגעקומען אַ נארישער לופֿט־אַלאַרם; זי איז אַרויס, און איך, אויסנוצנדיק דעם טומל, בין אַוועק דירעקט אין מאָביליזאַציע־פּונקט פֿאַר אָפֿיצירן. כ'האָב גלײַך באַקומען אַ באַשטימונג. אַלץ האָט זיך מיר אײַנגעגעבן, כ'האָב דעם בילעט אין קעשענע, כ'פֿאָר אַוועק. כ'האָב זיך, אָבער, נאָך מער פֿאַרליבט אין איר און כ'ווייס ניט, אַלעקסיי, וויאַזוי כ'וועל לעבן אָן איר אין דער צוקונפֿט".

אַלעקסיי האָט געלייענט זײַן פֿרײַנטס בריוו און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ער זעט זײַן אייגענעם גוירל. מיט אים וועט זיכער פּאַסירן דאָס זעלבע. אָלגאַ וועט אים ניט אָפּשטויסן, וועט אים ניט ווײַזן די פּלייצע. מיט דער זעלבער גרויסמוטיקייט וועט זי זיך וועלן מאַקריוו זײַן, זי וועט שמייכלען דורך טרערן, זי וועט אים גלעטן, דערשטיקנדיק דעם ווידערווילן.

— ניין, ניין, ס'קען ניט זײַן! ס'קען ניט זײַן! —האָט אויסגע־
רופן אַפּן קאָל אַלעקסיי.

אונטערהינקענדיק איז ער שנעל אַוועק אין זאַל, געזעצט זיך צום
טיש און אָנגעשריבן אַלגאַן, מיט איין קנאַק, אַ לאַנגן און לאַקאָנישן
בריוו. שרײַבן דעם עמעם האָט ער זיך ניט אַנטשלאָסן. צו וואָס? די
מוטער איז געווען קראַנק און ער האָט זי ניט געטאָרט מעצאַער זײַן.
ער האָט געשריבן אַלגאַן אַז ער האָט אַ סאַך געטראַכט וועגן זייערע
באַציִונגען און אַז ס'וועט איר מיסטאָמע זײַן זייער שווער צו וואַרטן
אַף אים. ווי לאַנג וועט דויערן די מילכאָמע? די יאָרן גייען און די
יוגנט טראָגט זיך פאַרבײַ. די מילכאָמע איז אַזאַ, אַז עפּשער וואַרט זי
גאָר אומזיסט. יעדן טאָג קען מען אים דערהאַרגענען און זי וועט בלײַבן
אַן אַלמאָנע ניט האָבנדיק געווען אַפילע זײַן ווײַב; ס'קען אָבער פּאַסירן
נאָך ערגערס: ער קען בלײַבן אַ קאַליקע און זי וועט דאַרפן כאַסענע
האָבן מיט אַן אינוואַליד. צוליב וואָס? ניין, זי דאַרף ניט לאָזן פאַרלאָרן
גיין איר יוגנט; און אים דאַרף זי פאַרגעסן וואָס פריִער. זי מעג אים
אַפילע ניט ענטפערן, ער וועט זיך ניט באַליידיקן. האַגאַם אַזאַ מין זאַך
איז שווער אַריבערצוטראָגן, פאַרשטייט ער אַז דאָס איז אומפאַרמײַדלעך.
אַזוי וועט זײַן בעסער.

דער בריוו האָט אים געברענט די הענט. ער האָט אים אַ ניט־אַי־
בערגעלייענטן אַרײַנגעלייגט אין קאָנווערט און גלײַך פאַרקלעפּט. אַף
זײַנע אונטערשפּאַרערס איז ער שנעל אַוועק צום בלאָען פּאָסט־קעסטל
וואָס איז געהאַנגען אין עק קאָרידאָר, הינטערן גלאַנציקן וואַסער־פילטער.

צוריקקומענדיק אין זאַל, האָט ער זיך ווידער געזעצט צום טיש.
פאַר וועמען אויסגיסן זײַן האַרץ? פאַר דער מאַמען האָט ער ניט גע־
קענט. פאַר גוואָזדיעוון? ער וועט אים, נאַטירלעך, פאַרשטיין, אָבער ווו
איז ער איצט? ווער וועט אים געפינען אינעם אומענדלעכן געפּלאָנטער
פון די פראָנט־וועגן? פאַרן פּאָלק אויסדערציילן זײַן וויי? צי וועלן
זיי אים אָבער פאַרשטיין, יענע גליקלעכע מענטשן, וואָס זײַנען אַרײַנ־
געטאָן אין זייערע מילכאָמע־באַשעפטיקונגען? פאַרן „מעטעאָראָלאָגישן
סערזשאַנט”! אָט פאַר וועמען! און ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן. ער
האָט געשריבן לײַכט, מיט דער זעלבער לײַכטקייט מיט וועלכער מען
וויינט זיך אויס אַף דער ברוסט פון אַ פרײַנט. מיטאַמאָל האָט ער זיך,
אָבער, אָפּגעהאַלטן אינמיטן פון אַ זאַץ, האָט אַ טראַכט געטאָן, אַ קנייטש
געטאָן מיט רוגזע דאָס פּאַפּיר און צעריסן עס.

— ניטאָ קיין שווידערלעכערע מאַרטירערשאַפט ווי דאָס וואָרט —
האָט אַ דעקלאַמיר געטאָן מיט כויזעק סטרוטשקאָוו.

ער איז געזעסן אַפן בעט און געהאַלטן גוואָזדיעווס בריוו. מיט זײַן
געוויינלעכן אומרעספּעקטס צו דיסקרעטקייט האָט ער, קענטיק, אָראָפּ־
גענומען דעם בריוו פון מערעסיעווס נאַכט־טישל און דורכגעלייענט אים.

— וואָס האָט מיט אײַך אַלעמען פּאַסירט הײַנט ?... אפילו גוואַז־דיעוו האָט זיך באַנאַרישט ! זע נאָר פֿאַר אַן אומגליק — דאָס מיידל האָט געמאַכט ניט אַזאַ מין גוטע מינע ! אַרויסגיין פֿון דאַנען מיט אַ דאָס־טאָיעווסקישער פּסיכאָלאָגיע !... ביסט ניט אין קאַעס וואָס כ'האָב גע־לייענט ? וואָס פֿאַרא סוידעס קענען זײַן צווישן אונדז, פּראָנט־מענטשן ?

אַלעקסיי איז ניט אין קאַעס געוואָרן. ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „וואָלט ניט בעסער געווען צוואָרטן מאָרגן דאָס אָנקומען פֿון פּאָסט־באַאַמטן און בעטן אים צוריק דעם בריוו ?"

יענע נאַכט איז אַלעקסיים שלאָף געווען אַן אומרויִקער. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז אויף אַ שנײַ־באַדעקטן אַעראָדראָם געפינט זיך דער וואַיאַן „לאַ־5, מיט וועלכן ער איז נאָך ניט געווען באַקאַנט, און וואָס האָט געהאַט פויגלשע לאַפּעס אַנשטאָט רעדער. יורא, וואָס איז אַרײַנ־געקראָכן אין דער קאַבינע האָט געזאָגט אַז „אַלעקסיי איז שוין אָפּגע־פלויגן דאָס זײַניקע" און אַז איצט איז זײַן ריי. ס'האָט זיך אויך באַ־וויזן דער זיידע מיכאַיל אין אַ ווײַסן העמד און אין אויסגענעצטע גאַט־קעס. ער האָט געהאָלפֿן אַלעקסייען, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף שטרוי, נעמען אַ דאַמף־באַד און האָט, מיטן בעזעמל אין האַנט, געזאָגט אַ לאַכנדיקער : „פֿאַר דער כאַסענע מעג מען זיך גוט אויספּאַרען". פֿאַר־טאָגצו האָט זיך אים געכאָלעמט אָלגאַ. זי איז געזעסן אויף אַן איבערגע־קערטן שיפֿל ; די שטאַרקע און אָפּגעברענטע פיסלעך אירע האָבן זיך געפּליוסקעט אין וואַסער און אײַנגאַנצן האָט זי אויסגעזען כיינעוודיק און שלאַנק און ווי אַרומגעהילט מיט אַ שטראַליקער שײַן. מיט איר קליין הענטל האָט זי זיך פֿאַרשמעלט פֿון דער זון און האָט אים, מיט צייכנס, גערופֿן צו זיך. ער איז געשווומען צו איר, קעמפנדיק מיטן שטאַרקן און רוישיקן שטראָם, וואָס האָט אים געשלעפּט אַהינטער און דערווײַטערט פֿון ברעג און פֿון אָלגאַן. מיט די הענט און מיט די פיס, מיט אַלע מוס־קולן, האָט ער זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אָנגעשטרענגט, און גע־נומען צוקומען אַלץ נענטער און נענטער... ער האָט שוין געזען ווי דער ווינט צעפּלאַטערט אירע לאָקן און ווי אויף דער אָפּגעברענטער הויט פֿון אירע פיס גלאַנצן וואַסער־טראָפּנס...

אין יענעם מאָמענט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ פֿרייִלעכער און אַן אָפּגעפרישטער. אַ לאַנגע צײַט איז ער געלעגן אויסגעצויגן מיט פֿאַר־מאַכטע אויגן, באַמיִענדיק זיך ווידער אײַנצושלאָפֿן און אומצוקערן זיך צום אָנגענעמען כאַלעם. אַזוינע זאַכן קען מען אָבער דערגרייכן נאָר אין דער קינדהייט. דאָס בילד פֿון דער דעליקאַטער, אָפּגעברענטער אָלגאַן, וואָס האָט זיך אים געוויזן אין כאַלעם, האָט אויפגעלויכטן אַלץ אַרום אים. אַן קווענקלעניש, אַן דערשלאָגנקייט, אַן דאָסטאָיעווסקישן פּײַן — ווי דער קאָמאַנדיר האָט זיך אויסגעדריקט — דאַרף מען שווימען צו איר, שווימען קעגן שטראָם, שווימען פֿאַר יעדן פּרײַז פֿאָרויס און, באַנוצנדיק

אַלע קויכעס, אָנקומען צו דער מעטע. און דער בריוו? ער האָט געוואָלט גלײַך אַוועקשטעלן זיך באַם פּאָסט־קעסטל און אָפּוואַרטן דעם קעסטל־אויסליידיקער, אָבער ער האָט גלײַכצײַטיק אַ הייב געטאָן די אַקסלען, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „זאָל ער גיין זײַן וועג". אַזאַ בריוו קען ניט אַרײַנברענגען קיין צעמישעניש אין אַן עמעסער ליבע. איצט איז ער געווען איבערצײַגט אַז די ליבע איז אַן עמעסע, אַז ס'אַרט איר ניט צי ער איז פריילעך צי אומעטיק, געזונט צי קראַנק. ערשט איצט האָט ער דערפילט אין זיך אַ צושטראָם פון קויכעס.

אינדערפרי האָט ער געפּרוווט שפּרײַזן אָן אונטערשפּאַרערס. ער איז פּאַמעלעך אַראָפּ פון בעט און האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געשטאַנען רויק מיט צעשפּרייטע פיס און האָט באַוועגט מיט די אָרעמס קעדיי צו כאַפּן דעם גלײַכגעוויכט. נאָכדעם האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אָן דער וואַנט און האָט געשטעלט אַ טראָט. ס'האָט אַ סקריפּע געטאָן דאָס לעדער פון די פּראָטעזן. דער קערפּער האָט זיך אַ דריי געטאָן אָבער מיטן אָרעם האָט אַלעקסיי אײַנגעשטעלט דעם גלײַכגעוויכט. ניט אָפּטרעטנדיק פון דער וואַנט האָט ער אַ שטעל געטאָן אַ צווייטן טראָט. ער האָט גאָרניט געוווּסט אַז ס'וועט אַזוי שווער זײַן צו גיין. אין דער קינדהייט האָט ער זיך געלערנט גיין אַף שטאָלצן; ער פלעגט אַרויפגיין אַף זיי און, נאָכדעם ווי ער פלעגט מיט דער פּלייצע אָפּשטויסן זיך פון דער וואַנט, פלעגט ער שטעלן אַ טראָט, צוויי, דרײַ. ווען ער פלעגט דערפילן אַז ער האַלט באַם פאַלן, פלעגט ער אַראָפּשפּרינגען און די שטאָלצן פלעגן אַ פאַל טאָן אינעם שטויביקן גראָז פון דער פאָרשטאָטגאַס. גיין אַף שטאָלצן איז געווען לײַכטער, מען האָט געקענט אַראָפּשפּרינגען פון זיי. פון די פּראָטעזן האָט מען ניט געקענט אַראָפּשפּרינגען. נאָכן דריטן טראָט האָט זיך זײַן קערפּער אַ נייג געטאָן, ס'האָט זיך אים אויסגעדרייט אַ פוס און ער האָט אַ שווערן פאַל געטאָן אַפן דיל מיטן פּאָנעם אַראָפּ.

אַף דורכצופירן די דאָזיקע איבונג האָט ער אויסגעקליבן די שאָ פון די באַהאַנדלונגען, ווען די קראַנקע זײַנען אַריבערגעפירט געוואָרן אין הייל־זאַל. ער האָט קיינעם ניט גערופן צו הילף און האָט זיך אַליין צוגעשאַרט צו דער וואַנט. ביסלעכווײַז, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף איר, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, האָט אַ טאַפּ געטאָן די צעקלאַפּטע זײַט, האָט באַטראַכט דעם צעראַצטן עלנבויגן וואָס האָט גענומען רויט ווערן, האָט זיך אָפּגערוקט פון דער וואַנט און געגעבן נאָך אַ טראָט פאָרויס. איצט האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ער האָט אַנטדעקט דעם סאָד. זײַנע קינסטלעכע פיס האָבן זיך אונטערגעשיידט פון עמעסע איבערהויפּט דורך זייער ניט־עלאַסטישקייט. מערעסיעוו האָט נאָך ניט געקענט זייערע אייגנשאַפטן און האָט זיך נאָך ניט געהאַט צוגעוווינט צו בײַטן די לאַגע פון די פיס בעייסן גיין, אַריבערצוטראָגן דעם קערפּער־געוויכט פון דער

פּיאַטע אַפן פּוסטראַט באַם געבן אַ שפּאַן און ווידער אַריבערצוטראָגן
דעם געוויכט פון גוף אַף דער פּיאַטע פון צווייטן פוס. ער האָט זיך נאָך
אויך ניט איַנגעוווינט צו שטעלן די פיס ניט פּאַראַלעל נאָר פונאַנדער־
געעפנט אין אַ ווינקל, מיט די שפּיץ פינגער געווענדט פאַרויס נאָר עט־
וואָס אין אַ זיַט, קעדיי עס זאָל איַנגעשטעלט ווערן אַ גרעסערע סטאַ־
בילקייט בעייסן באַוועגן זיך.

דאָס אַלץ לערנט זיך אויס דער מענטש אין זיַן פריִער קינדהייט,
ווען די מאַמע העלפט אים שטעלן די ע׳ושטע וואַקלדיקע טריט אַף זיַנע
קורצע, ווייכע פיסלעך. די דאַזיקע געוווינהיַט בליַבט שוין אַפן גאַנצן
לעבן און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ נאַטירלעכן אימפּולס. אַז מען טוט אָן
פּראָטעזן, ביַטן זיך די קעגנזיַטיקע נאַטירלעכע פאַרבינדונגען פון אָר־
גאַניזם, און דער דאָזיקער אימפּולס, וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן אין
דער קינדהיַט, העלפט ניט, נאָר באַשווערט די באַוועגונגען. אויסאַר־
בעטנדיק די ניַע געוווינהיַטן, דאַרף מען אָן אויפהער באַזיגן די אַלטע.
אַ סאַך מענטשן אָן פיס האָבן גיט די גענוגנדיקע ווילנס־קראַפט צו
אַסימילירן נאָכאַמאָל די גיי־קונסט, וואָס איז אַזוי גרינג דערוואָרבן גע־
וואָרן אין דער קינדהיַט.

מערעסיעוו איז געווען אַ מענטש וואָס גיט זיך ניט אונטער. ער
האָט געוווּסט וויַאַזוי צו דערגרייכן אַלץ וואָס ער האָט פאַרטראַכט. נע־
מענדיק אין אַכט די פּעלערן, האָט ער זיך ווידעראַמאָל דערוויַטערט
פון דער וואַנט, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף דער פּיאַטע און אַריבערגע־
פירט דעם קערפּער־געוויכט צו די שפּיץ פינגער. די פּראָטעזע האָט
קאַועסדיק אַ סקריפּע געטאָן. נאָכדעם האָט אַלעקסיי האַסטיק אַ רוק גע־
טאָן דעם צווייטן פוס. דער קנאַפּל האָט אַ שווערן קלאַפּ געטאָן אַפן
דיל. ער איז שטיין געבליבן אין מיטן צימער, באַוועגנדיק מיט די הענט
קעדיי צו כאַפּן דעם גליַכגעוויכט. ער האָט זיך ניט דערוועגט צו שטעלן
אַ טראָט וויַטער. איז ער געשטאַנען אַזוי און האָט זיך געוואַקלט, פאַר־
לירנדיק אַלע וויַלע די סטאַבילקייט און פילנדיק ווי אַ קאַלטער שווייס
באַדעקט זיַן שטערן.

אין דער דאָזיקער לאַגע האָט אים „געכאַפּט" וואַסילי וואַסיליע־
וויטש. נאָכדעם ווי ער איז אַ וויַל שטיין געבליבן אין טיר און באַ־
טראַכט מערעסיעוון, האָט ער זיך דערנענטערט צו אים און האָט אים
אַ נעם געטאָן אונטער די פאַכוועס:

— בראַוואָ, פּויזער! פאַרוואָס אַליין, אָן אַ קראַנקן־שוועסטער, אָן
סאַניטאַרן? אַך, דאָס ווילן אויספּיַנען זיך!... נו, מיילע; אין יעדער
אונטערנעמונג איז דאָס וויכטיקסטע דער ערשטער טראָט, און דו האָסט
שוין, אַזוי אַרום, אָפּגעטאָן דאָס סאַמע שווערסטע.

לעצטנס האָט מען וואַסילי וואַסיליעוויטשן נאָמינירט אַף אַן אָנ־
פירער־אַמט פון אַ זייער הויכער מעדיציניִשער אינסטיטוציע. זיַן מיסיע

איז געווען זייער אַ וויכטיקע און האָט צוגענומען בײַ אים אַ סאַך צײַט. ער האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל. ער האָט זיך, אָבער, ווי פריִער, באַטראַכט פאַרן שעף און האָט מיטן שפּיטאָל האָבן אָנגעפירט אַנ־דערע, פלעגט ער זיך יעדן טאָג באַווײַזן אין די זאַלן; ווען ער פלעגט האָבן צײַט פלעגט ער מאַכן זײַן וויזיט און געבן אייצעס. זינט דעם טויט פון זײַן זון האָט ער אָבער פאַרלוירן אויף שטענדיק זײַן פריילעכע באַריידעוודיקייט און זײַן פריִערדיקע ענערגיע. ער האָט זיך שוין מיט קיינעם ניט געקריגט און ניט באַנוצט קיין שטאַרקע ווערטער. די וואָס האָבן אים גוט געקענט, האָבן געזען אין דעם אַ סימפּטאָם פון דער שנעל־אָנקומענדיקער עלטער.

— נו, מערעסיעוו, לאָמיר זיך לערנען צוזאַמען. און איר אַלע — קענט אוועקגיין, גייט אַוועק; דאָס איז ניט קיין צירק, ניטאָ דאָ וואָס צו זען. ענדיקט דעם וויזיט אָן מיר — האָט ער אַ געשריי געטאָן צו זײַנע באַגלייטער —. נו קום, מײַערער, קום. איינס!... האַלט זיך אָן שטאַרק, האַלט זיך אָן אָן מיר! שטער זיך ניט! האַלט זיך אָן, איך בין אַ גענעראַל און מען דאַרף מיך פאָלגן. צוויי! אָט אַזוי, זייער גוט. איצטער מיטן רעכטן פוס. גוט. מיט דער לינקער פוס. אויסגעצייכנט!

דער באַרימטער מעדיקער האָט פריילעך אַ רײַב געטאָן די הענט פונקט ווי מיטן אויסלערנען גיין אַ מענטשן וואָלט רעאַליזירט געוואָרן גאָט ווייס וואָס פאַראַ וויכטיקער מעדיצינישער עקספּערימענט. אַזאַ איז אָבער געווען זײַן נאַטור: עס האָט אים באַגײַסטערט אַלץ וואָס ער האָט געטאָן און אין יעדער זאַך האָט ער אַרײַנגעלייגט זײַן גרויסע און ענער־גישע נעשאָמע. ער האָט מיט מערעסיעוון דורכגעשפּאַנט דעם גאַנצן זאַל און ווען אַלעקסיי האָט זיך אַ פולשטענדיק אויסגעשעפּטער, אראָפּ־געלאָזט אויף זײַן שטול, האָט ער זיך צוגעזעצט צו אים:

— נו, און פליִען? מיר וועלן פליִען? ביסט גערעכט. איצט איז די מילכאָמע אַזאַ אַז מענטשן מיט אויסגעריסענע אָרעמס פירן קאָמ־פּאַניעס גאַנצע אין אָנגריף, טויט־פאַרוואונדיקטע שיסן פון מיטראַליעזעס, אַנדערע פאַרדעקן מיט זייערע קערפּערס די שיס־לעכער פון די פעס־טונגען... בלויז די טויטע קעמפן ניט — האָט דער אַלטער אַ זיפץ געטאָן און זיך אָנגעכמורעט —. אָבער אויך זיי נעמען אָנטייל אין דער שלאַכט... מיט זייער גלאָריע. נו, לאָמיר אָנהייבן נאָכאַמאָל, כעוורע־מאַן.

ווען מערעסיעוו האָט זיך אָפּגערוט נאָכן צווייטן מאָל דורכמאַר־שירן דעם זאַל, האָט דער פּראָפעסאָר מיטאַמאָל אַ טײַטל געטאָן אויף גוואָזדיעווס בעט.

— און וואָס איז מיטן טאַנקיסט? ער איז געזונט געוואָרן? איז ער שוין אויסערן שפּיטאָל?

מערעסיעוו האָט איבערגעגעבן אַז גוואָזדיעוו איז געזונט געוואָרן

און אוועק קעמפן. שלעכט איז בלויז וואָס זײַן פּאָנעם, ספּעציעל דער אונטערשטער טייל, איז געבליבן פאַרקריפּלט אַף שטענדיק דורך די בראַנד־ווונדן.

— ער האָט שוין געשריבן? איז ער שוין אַנטוישט? ער געפּעלט ניט די מיידלעך? ראָט אים אַז ער זאָל זיך פאַרלאָזן אַ באָרד מיט וואָנצעס. ערנסט. ער וועט אַפילע צוליב דעם באַרימט ווערן און דאָס וועט זיכער געפעלן ווערן די מיידלעך!

אין טיר האָט זיך באַוויזן אַ פּאַרסאָפּעטע קראַנקן־שוועסטער און האָט געמאָלדן וואַסילי וואַסיליעוויטשן אַז מען רופט אים אין ראָט פון די פּאָלקס־קאָמיסאַרן. ער האָט זיך שווערלעך אויפגעהויבן פון שטול. לויטן אויפן פון אָנשפּאַרן זײַנע געשוואָלענע הענט אַף די קני און לויט דער שווערקייט מיט וועלכער ער האָט אויסגעגלײַכט זײַן פּלייצע, האָט מען געקענט זען ווי שטאַרק ער האָט זיך געעלטערט אין די לעצטע וואָכן. שוין אין טיר שטייענדיק האָט ער זיך אַ קער געטאָן אַף צוריק און אויסגערופן לעבעדיק:

— שרײַב־זשע אומבאַדינגט צום דאָזיקן —ווי הייסט ער?, צום דאָזיקן פרײַנט דײַנעם, אַז איך פאַרשרײַב אים אַ באָרד. דאָס איז אַן אויסגעפּרוּווטע רעפּוע! זי האָט אַ געוואָלטיקן דערפאָלג באַ די דאַמען!

אינאָוונט האָט אַן אַלטער אָנגעשטעלטער פון דער קליניק געבראַכט מערעסיעוון אַ פּרעכטיקן אַנטיק־שטעקן פון שוואַרצן האָלץ, מיט אַ באָק־וועם הענטל פון העלפאַנטביין און מיט צוגעפּעסטיקטע איניציאַלן.

— פון פּראָפעסאָר, פון וואַסילי וואַסיליעוויטשן. ער שיקט עס אײַך ווי אַ מאַטאָנע. ער האָט באַפוילן אַז איר זאָלט גיין מיט אַ שטעקן.

יענער זומער־אָוונט איז ניט געווען קיין נודנער אין שפּיטאָל. אין זאָל 42 האָבן זיך גענומען צוזאַמענקומען באַזוכער. די שכיינים פון רעכטס, פון לינקס און אַפילע פון די אייבערשטע שטאָקן זײַנען געקו־מען זען דעם פּראָפעסאָרס מאַטאָנע. דער שטעקן איז ווירקלעך געווען אַ פּרעכטיקער.

## .15

אַפן פראָנט האָט זיך געצויגן די שטילקייט פון פאַר אַ שטורעם. די קריגס־קאָמוניקאַטן האָבן גערעדט וועגן לאָקאַלע קאַמפן און וועגן אויסשפּיר־פּאַטרולן. אַזוי ווי עס זײַנען געווען ווינציק פאַרוווּנדיקטע האָט די שפּיטאָל־אָנפירערשאַפט פאַראָרדנט פרײַער צו מאַכן דעם זאָל 42. מען האָט דאָרט איבערגעלאָזט בלויז צוויי בעטן: מערעסיעווס, אַף רעכטס און דעם קאָמאַנדיר סטרוטשקאָווס, אַף לינקס, לעבן פענצטער וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום טײַך.

באַוועגונגען פון אויסשפּיר־פּאַטרולן! מערעסיעוו און סטרוטשקאָוו

זײַנען געווען געניטע קעמפּער און האָבן געוווּסט אַז וואָס גרעסער ס'איז די פּויזע, וואָס לענגער ס'ציט זיך די געשפּאַנטע שטילקייט, אַלץ שטאַרקער און מעכטיקער וועט אויסברעכן דער שטורעם.

איינמאָל האָט דער קריגס־קאָמוניקאַט אינפאָרמירט אַז אין אַ געוויסן אָרט פון דאָרעמדיקן סעקטאָר האָט דער „סנײַפּער" סטיעפּאַן איווושקין, העלד פון ראַטנפּאַרבאַנד, דערהאַרגעט 25 דײַטשן און אַזוי אַרום פאַרגרעסערט די צאָל פון זײַנע קאָרבאָנעס ביז צו 200. ס'איז אָנגעקומען אַ בריוו פון גוואָזדיעוון. ער האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געזאָגט ווו ער געפינט זיך און וואָס ער טוט; ער האָט אָבער קאָמוניקירט אַז ער איז ווידער מיט זײַן אַלטן שעף — פּאַוועל אַלעקסייעוויטש ראָטמיסטראָוו — און אַז ס'לעבט זיך אים אויסגעצייכנט. ער האָט דערציילט אַז אין יענע קאַנטן איז אַ גרויסע גערעטעניש פון טשערעשניעס און אַז אַלע עסן זיך איבער מיט זיי. ער האָט געבעטן אַלעקסייען, אַז גלײַך ווי ער וועט באַקומען דעם בריוו זאָל ער אָנשרײַבן אַ פּאָר ווערטער אַניוטאַן. ער האָט איר געשריבן באַזונדער, אָבער ווער ווייס צי זײַנע בריוו וועלן אָנקומען, ווײַל ער באַוועגט זיך נאָכאַנאַנד פון איין אָרט אַפן צווייטן און יעדע ווײַלע געפינט ער זיך אַנדערשוווּ.

פּאַר אַ מיליטערמאַן זײַנען געווען גענוג די דאָזיקע צוויי קליינע יעדיעס קעדיי אַרויסצודרינגען אַז דער שטורעם וועט אויסברעכן ערגעץ אין דאָרעם. אַלעקסיי האָט אָנגעשריבן אַניוטאַן און אויך גוואָזדיעוון, איבערגעבנדיק אים די אייצע פון פּראָפעסאָר וועגן דער באָרד, הגם ער האָט געוווּסט אַז גריגאָרי געפינט זיך איצט אין אַן ערעוו־שלאַכטיקן פיבער־צושטאַנד און אַז עס ליגט אים אין קאָפּ ניט די באָרד און עפּשער אַניוטאַ אויך ניט.

אין זאָל 42 איז פאָרגעקומען נאָך אַ פּײַערלעכע געשעעניש: ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער דעקרעט לויט וועלכן דער קאָמאַנדיר פּאַווער איוואַנאָוויטש סטרוטשקאָוו באַקומט דעם טיטל „העלד פון ראַטנפּאַרבאַנד". די דאָזיקע גרויסע פרייד האָט אָבער ווייניק וואָס דערמונטערט דעם קאָמאַנדיר. ער איז ווײַטער געווען פאַרכמורעט. ס'האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן וואָס די „פאַרשאָלטענע קני־ביינער" האַלטן אים צוגעשמידט צום בעט אין אַזאַ פיבערדיקער צײַט. זײַן צעקראָכנקייט איז פאַרגרעסערט געוואָרן אויך צוליב אַן אַנדער סיבע, וואָס ער האָט שטאַרק אויסבאַהאַלטן און וואָס אַלעקסיי האָט צופעליק אַנטדעקט.

איצט ווען אַלעקסיי מערעסיעוו האָט מיט זײַן גאַנצער ווילנסקראַפט געשטרעבט צו זײַן ציל — אויסלערנען זיך גיין — האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ קנאַפּן כעשבן וועגן אַלץ וואָס עס קומט פאָר אַרום אים. ער האָט אײַנגעטיילט זײַן אַרבעטס־טאָג לויט אַ שטרענגן שאָען־פּלאַן. דרײַ שאָ אַ טאָג — אַ שאָ אינדערפרי, אַ שאָ מיטיקצײַט און נאָך אַ שאָ אינאָוונט — פלעגט ער זיך געפינען אַף די פּראָטעזן און שפּרײַזן אַן

אויפהער איבערן קאָרידאָר. פון אָנהייב האָט די דאָזיקע פיגור אין בלאָען כאַלאַט — וואָס פלעגט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל פאַרבײַשאַרן זיך פאַרבײַ די טירן פון די זאַלן מיט דער געניויקייט פון אַ זייגער־מעכאַניזם — און דאָס מאָנאָטאָנע סקריפּען פון די פּראָטעזן וואָס פלעגן אָפּהילכן אין דורכגאַנג, אויפרעגן די קראַנקע. זיי האָבן זיך אָבער שפּעטער אַזוי צוגעוווינט צו דעם, אַז באַשטימטע שאָען פון טאָג זײַנען שוין געווען ענג פאַרבונדן בײַ זיי מיט דער דאָזיקער כראָנאָמעטרישער געשטאַלט. איינמאָל, ווען מערעסיעוו איז קראַנק געוואָרן אַף גריפּע, זײַנען געקומען אינעם 42 עמיסאַרן פון די שכיינעסדיקע זאַלן קעדיי צו דערוויסן זיך וואָס עס האָט פּאַסירט מיטן אָנפּיסיקן לייטענאַנט.

אין די פרימאָרגנס האָט אַלעקסיי געמאַכט גימנאַסטיק. נאָכדעם פלעגט ער, זיצנדיק אַף אַ שטול, מאַכן מיט זײַנע פיס אַוויאָן־איבונגען. צײַטנווײַז פלעגט ער זיך אַזויפיל איבן, אַז ס'פלעגט זיך אים נעמען מישן אין קאָפּ און זשומען אין די אויערן; פאַר די אויגן פלעגן זיך נעמען טראָגן גרינע ליכט־קרײַזן און די ערד פלעגט זיך נעמען וואַקלען אונטער זײַנע פיס. ער פלעגט דאַן גיין אין וואַש־צימער, אײַננעצן דעם קאָפּ און צולייגן זיך אַ ווײַלע, קעדיי צו קומען צו זיך וואָס פריִער און ניט פאַרלירן די ווײַטערדיקע שאָ פון שפּרײַזן און פון גימנאַסטיק.

איינמאָל, נאָכדעם ווי אַלעקסיי האָט אַזויפיל געשפּרײַזט אַז ס'האָט זיך אים אַזש פאַרדרייט דער קאָפּ, האָט ער קוים דערטאַפּט די טיר פון זײַן זאַל און האָט זיך שטיל אויסגעצויגן אַף זײַן בעט. ערשט דאַן האָט ער דערהאָרכט צוויי שטימען: איינע אַ רויִקע און אַביסל אַן איראָנישע — קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַס שטים, און די צווייטע אַן אײַליקע און באַליידיקטע — דעם קאָמאַנדיר סטרוטשקאָווס. ביידע זײַנען אַזוי שטאַרק געווען פאַרטאָן אין זייער שמועס אַז זיי האָבן ניט באַמערקט ווי מערעסיעוו איז אַרײַנגעקומען.

— פאַרשטייט מיך, איך רייד צו אײַך מיט דער גאַנצער ערנסטקייט. באַנעמט איר עס? זײַט איר אַ פרוי אָדער ניט?

— פאַרשטייט זיך אַז איך בין אַ פרוי, אָבער כ'פאַרשטיי גאָרניט. איר קענט ניט ריידן ערנסט אַף דער דאָזיקער טעמע. און אויסער דעם איז מיר ניט נייטיק אײַער ערנסטקייט.

סטרוטשקאָוו האָט זיך אָנגעצונדן. מיט אַ רוגזעדיק־פײַערלעכן טאָן, ווי ער וואָלט געשווירן, האָט ער אויסגעשריִען מיטן גאַנצן קאָל:

— אָבער, כ'ליב אײַך, צום טײַוול! מען דאַרף זײַן אַ טאָפּאָלקלאָץ און ניט קיין פרוי, קעדיי עס ניט צו באַמערקן! איר האָט נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען? —און אָפּקערנדיק זיך פון איר האָט ער גענומען פײַקלען מיט די פינגער איבער די שויבן.

מיטן ווייכן און פאָרזיכטיקן גאַנג פון אַ געניטער קראַנקן־שוועסטער האָט זיך קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ געלאָזט צו דער טיר.

— ווארט, ווו גייט איר ? וואס ענטפערט איר מיר ?
— ס'איז ניט די שאַ און ניט דאָס אָרט צו ריידן וועגן אַזעלכע זאכן. איך בין בא דער אַרבעט.
— צוואס די דאַזיקע אַלע דריידלעך ? פאַרוואָס מאַטערט איר מיך ? ענטפערט מיר —און די שטים פון קאָמאַנדיר איז פול געוואָרן מיט זאָרג.
קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ איז שטיין געבליבן אַף דער שוועל. איר שלאַנקע געשטאַלט האָט זיך קלאָר אויסגעטיילט אַפן טונקעלן פאַן פון קאָרידאָר. מערעסיעוו האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אַז די דאָזיקע געלאַסענע און שוין ניט־יונגע קראַנקן־שוועסטער זאָל קענען האָבן אַזויפיל פרויען־רייץ. זי איז געשטאַנען מיט אַן עטוואָס פאַרריסענעם קאָפּ, קוקנדיק אַפן קאָמאַנדיר ווי פון אַ פעדעסטאַל אַראָפּ:
— נו גוט, כ'וועל אײַך ענטפערן. כ'האָב אײַך ניט ליב און כ'וועל אײַך, זיכער, קיינמאָל ניט קענען ליב האָבן.
זי איז אַרויס. דער קאָמאַנדיר האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַפן בעט און האָט אײַנגעגראָבן זײַן קאָפּ אין קישן. מערעסיעוו האָט פאַרשטאַנען דאָס מעשׂונעדיקע אויפפירן זיך סטרוטשקאָווס אין די לעצטע טעג, זײַן אויפגערייצטקייט און נערוועזקייט ווען די קראַנקן־שוועסטער פלעגט זיך באַווײַזן אין זאַל, זײַנע פלוצלינגדיקע איבערגאַנגען פון פריילעכקייט צו אָנפאַלן פון גרימצאָרן.
ס'האָט אויסגעזען אַז ער לײַדט אַף אַן עמעס. אַלעקסיי האָט ראַכמאָנעס געהאַט אַף אים, אָבער גלײַכצײַטיק האָט אים געפרייט דאָס געשעענע און ער האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן אַרײַנצוּוואַרפן אַ האָלאַצעלע:
— נו, כאַווער קאָמאַנדיר, איר דערלויבט אַ שפּײַ צו טאָן אַף אײַך ?
ווען ער וואָלט זיך געריכט אַף דעם וואָס עס וועט פּאַסירן, וואָלט ער עס ניט געזאָגט, אַפילע ניט אין דער פאָרעם פון אַ שפּאַס. דער קאָמאַנדיר איז צוגעלאָפן צו אַלעקסייס בעט און האָט זיך צעשריִען מיט באַנומענע קוילעס:
— שפּײַ שפּײַ, ביסט גערעכט ! האָסט איבערגעגנוג מאָטיוון. ווילסט ניט ?... וואָס וועל איך איצט טאָן, הא ? וואָס ? ווײַז מיר וואָס מען דאַרף טאָן, זאָג מיר... דו האָסט געהערט...
ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן בעט און האָט זיך נערוועז גענומען שאָקלען, צודריקנדיק דעם קאָפּ מיט ביידע פויסטן.
— זיכער טראַכסטו: אַ לײַכטער צײַט־פאַרטרײַב. אַ לײַכטער ! כ'האָב זיך דאָך, אָבער, דער דאָזיקער נאַרישער מויד דערקלערט אַף אַן עמעס !
פאַרנאַכט איז קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ אַרײַן אין זאַל מיט די רעפועס. זי איז געווען אַזוי ווי שטענדיק: אַ געלאַסענע, אַ צערטלעכע,

אַ גערולדיקע. ס'האָט זיך אויסגעדוכט אַז עס שלאָגט פון איר מיט שאַלווע. זי האָט אויך געשמייכלט צום קאָמאַנדיר, אָבער געקוקט האָט זי אַף אים מיט אַ געוויסער אויפרודערונג און צוריקגעהאַלטנקייט. סטרוטשקאָוו איז געזעסן אַן אָנגעברויגעזטער באַם פענצטער און האָט זיך געביסן די נעגל. ווען קלאַוודיאַ מיכײַלאָווגאַס טריט האָבן זיך דערוויַיטערט אין קאָרידאָר, האָט ער איר נאָכגעקוקט מיט קאַעס און באַוווּנדערונג:

— „סאָוועטישער מאַלעך”... ווער איז עס געווען דער נאַר וואָס האָט איר אַזאַ נאָמען געגעבן? דאָס איז אַ טײַוול אין אַ ווײַסן כאַלאַט!

ס'איז אַרײַן די קראַנקן־שוועסטער פון ביוראָ, אַ דאַרע, עלטערע פרוי.

— אַלעקסיי מערעסיעוו, זײַט איר בעקויעך צו גיין? —האָט זי אַ פרעג געטאָן.

— ער איז בעקויעך צו לויפן —האָט אַ זאָג געטאָן סטרוטשקאָוו.

— איך בין ניט געקומען שפּאַסן —האָט שטרענג געוואָרנט די קראַנקן־שוועסטער—. לייטענאַנט אַלעקסיי מערעסיעוו, מען רופט אײַך צום טעלעפאָן.

מערעסיעוו איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. קלאַפּנדיק לעבעדיק מיטן שטעקן האָט ער אַריבערגעיאָגט די קראַנקן־שוועסטער און ער איז, ווירקלעך, געלאָפן איבערן קאָרידאָר. שוין אַ כוידעש ווי ער האָט געוואַרט אַף אַן ענטפער פון אָלגאַן און ס'איז אים אײַנגעפאַלן אַן אַבסורדאַלער געדאַנק: עפשער איז עס זי? ניין, ס'קען ניט זײַן. אַ שפּילכל עפּעס — קומען אין יענער צײַט פון דער סטאַלינגראַדער זאָנע קיין מאָסקווע! און אויסער דעם — ווי וואָלט זי אים אָפּגעפונען אין שפּיטאָל אַז געשריבן האָט ער איר גאָר אַן אַנדער זאַך: ער אַרבעט אין אַן אָרגאַניזאַציע פון רעטאַגוואַרד און ניט אין מאָסקווע נאָר אין אומגעגנט. אין יענעם מאָמענט אָבער האָט מערעסיעוו געגלויבט אין אַ נעס, און ער האָט אַליין ניט באַמערקט ווי ער לויפט. ער איז געלאָפן צום ערשטן מאָל, אַף אַן עמעס, אַף די פּראָטעזן, אָנשפּאַרנדיק זיך פון צײַט צו צײַט אַפן שטעקן, וועגנדיק זיך אַף ביידע זײַטן און הערנדיק ווי די פּראָטעזן קרוכען: טשיר, טשיר, טשיר!

אין טרײַבל האָט ער דערהערט אַן אָנגענעמע, טיפע אָבער אַבסאָלוט אומבאַקאַנטע שטים. די שטים האָט געפרעגט צי ער איז אַלעקסיי פּעטראָוויטש מערעסיעוו פון זאַל 42. אַן אויפגערעגטער און אַ בייזער, פונקט ווי די פראַגע וואָלט אים באַליידיקט, האָט ער אַרײַנגעשריִען אין מיקראָפאָן:

— יאָ!

אין טרײַבל איז די שטים אַ ווײַל פאַרשטומט געוואָרן. נאָכדעם

האָט זי זיך, מיט אַ קענטיקער שפּאַנונג, אַנטשולדיקט קאַלט פאַרן באַ־אומרויִקן.

— ס'רעדט צו אײַך אַנאַ גריבאָוואַ. איך בין די פרײַנדין פון אײַער כאַווער, דעם לייטענאַנט גוואַזדיעוו. איר קענט מיך ניט — האָט אַ זאָג געטאָן דאָס מיידל מיט אַ געוויסער אָנשטרענגונג און ס'איז קענטיק געווען אַז זי איז באַליידיקט פון אַלעקסייס ווייניק פרײַנטלעכן ענטפער.

אַלעקסיי, אָנכאַפּנדיק דאָס טרײַבל מיט ביידע הענט, האָט שוין אָבער געשריִען אַפן גאַנצן קאָל:

— איר זײַט אַניוטאַ? די זעלבע? כ'קען אײַך אויסגעצייכנט. גרי־גאָרי האָט מיך...

— ווו איז ער? וואָס איז מיט אים? ער איז אַנטלאָפן אַזוי מער־שונעדיק! איך בין אַרויס פון צימער צוליבן לופט־אַלאַרעם. כ'געהער צום הילפס־פּונקט. ווען כ'האָב זיך אומגעקערט, איז שוין קיינער ניט געווען; ניט קיין צעטל, ניט קיין אַדרעס. כ'פאַרשטיי גאָרניט. ווו איז ער? פאַרוואָס איז ער פאַרשווונדן? וואָס האָט פּאַסירט מיט אים? אַלעקסיי, טײַערער פרײַנט, אַנטשולדיקט וואָס איך רוף אײַך אַזוי, אָבער איך קען אײַך אויך, און איך בין זייער עמאַציאָנירט. ווו איז ער? פאַרוואָס עפּעס מיטאַיינמאָל?...

אַלעקסיי איז געווען גערירט און האָט זיך געפרייט פאַר זײַן פרײַנט. הייסט עס אַז יענער שוויטע בען פּיקהאַליץ האָט אַ טאָעס געהאַט, אַז ער איז געווען צופיל שפּירעוודיק. דאָס מיינט אויך צו זאָגן אַז די רעכטע מיידלעך דערשרעקן זיך ניט פאַר מילכאָמע־פאַרקריפּלטקייטן. אויב אַזוי, קען ער זײַן זיכער אַז אים וועט מען אויך קומען זוכן מיט דער זעלבער עמאָציע. דאָס אַליץ איז דורכגעפלויגן דורך זײַן קאָפּ מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ און בישאַס־מײַסע האָט ער, פאַרבלינענדיק זיך, געשריִען אין מיקראָפאָן:

— אַניוטאַ! אַליץ איז גוט, אַניוטאַ! ס'איז פאַרגעקומען אַ פאַר־דריסלעכע קאָנפוזיע. ער איז גאַנץ און געזונט, און האַלט אין קעמפן. יאָ. פעלד־שטאַפּעט ב־42531. ער פאַרלאָזט זיך אַ באָרד. אַניוטאַ, איך שווער אײַך, אַ פּרעכטיקע באָרד, ווי... ווי... ווי די באָרד פון אַ פאַר־טיזאַן. עס פּאַסט אים זייער גוט.

אַניוטאַ האָט ניט געהאַלטן פון דער באָרד. פאַר איר איז עס געווען אַן איבעריקע זאַך. מערעסיעוו איז נאָך מער דערפרייט געוואָרן און האָט דערקלערט אַז אויב אַזוי, וועט זי גריגאָרי אָפּגאָלן מיט איין שניט און וועט זי אַוועקשיקן צום טײַוול, ניט געקוקט אַף דעם וואָס לויט אַלע־מענס מיינונג, קליידט זי אים זייער.

אין סאַך־האַקל, ווען זיי האָבן אויפגעהאַנגען די טרײַבלעך, זײַנען זיי שוין געווען פרײַנט און זיי האָבן אָפּגערעדט אַז ווען מערעסיעוו וועט אַרויס פון שפּיטאָל, וועט ער אָנקלינגען אַניוטאַן. אומקערנדיק זיך

אין זאַל, האָט זיך אַלעקסיי דערמאָנט אַז ווען ער איז געגאַנגען ריידן איז ער געלאָפן. ער האָט געפרווווט אַ צווייטן מאָל און האָט ניט גע־קענט. צוליב די שטאַרקע קלעפּ פון די פראָטעזן איבערן דיל, האָט אַ שאַרפער ווייטיק דורכגעשניטן זײַן גאַנצן קערפּער. „מען דאַרף זיך נאָר ניט אײַלן: אויב ניט הײַנט, איז מאָרגן, איז איבערמאָרגן; כ'וועל אָבער לויפן. צום טײַוול! אַלץ וועט זיך אײַנאָרדענען!” ער האָט ניט געצווייפלט אַז ער וועט ווידער לויפן, פליִען, קעמפן און אַזוי ווי עס איז אים געפעלן געוואָרן דאָס שווערן זיך, האָט ער זיך געשוואָרן אַז גלײַך נאָכן ערשטן לופט־קאַמף, נאָכן ערשטן אַראָפּגעשאָסענעם דײַטשישן אַוויאָן, וועט ער אָנשרײַבן אַלגאַן וועגן אַלץ. וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, וועט ער אָנשרײַבן.

# דריטער טייל

## 1.

אין רעכטן מיטן זומער 1942 איז דורך די שווערע דעמבענע טירן פֿון מאָסקווער שפּיטאָל איקס אַרויסגעגאַנגען אַ קרעפּטיקער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף אַ שוואַרצהאָלציקן שטעקן, און וואָס אַף זײַן אוויאַטאָר־רעקל האָבן זיך געזען די אָפּצייכענונגען פֿון אַ לייטענאַנט. ער האָט געטראָגן לאַנגע אוניפֿאָרם־הויזן. ס'האָט אים אַרויסבאַגלייט אַ פֿרוי אין אַ ווײַסן כאַלאַט. דער קאָפּ־צודעק מיטן רויטן קרייץ האָט צוגעגעבן איר גוטמוטיקן און סימפּאַטישן פּאָנעם אַן אויסדרוק פֿון אַ געוויסער פֿײַערלעכקייט. זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן באַם אַרײַנגאַנג. דער פּילאָט האָט אויסגעטאָן זײַן אָפּגעקראָכן און צעקנייטשט היטל און האָט אַף אַן עטוואָס אומגעלומפּערטן אויפֿן צוגעטראָגן דער קראַנקן־שוועסטערס האַנט צו די ליפּן. זי האָט אָנגענומען זײַן קאָפּ מיט ביידע הענט און האָט אים אַ קוש געטאָן אין שטערן. נאָכדעם איז ער מיט אַ לײַכטן געוואַקל אַראָפּ שנעל פֿון די טרעפּ און ניט אָפּקערנדיק דעם קאָפּ איז ער אַוועק מיטן אַספּאַלטענעם ברעג פֿון טײַך, וואָס האָט זיך געצויגן פֿאַרבײַ דעם לאַנגן שפּיטאָל־ביניען.

די פּאַרוווּנדיקטע — אין בלאָע, געלע און ברוינע פּיזשאַמעס — האָבן זיך מיט אים געזעגנט דורך די פֿענצטער. זיי האָבן געשאָקלט מיט די הענט, מיט שטעקנס, מיט אונטערשפּאַרערס; זיי האָבן געשריִען, געבנדיק אים, ווי ס'ווײַזט, לעצטע אייצעס און ווינטשנדיק אים אַ גליקלעכע רײַזע. אויך ער האָט זיך געזעגנט מיט אַ האַנט־שאָקל, אָבער עס איז געווען קענטיק אַז ער וויל וואָס פֿריִער אַנטלויפֿן פֿון דאָזיקן גרויסן, גראָען ביניען און אָפּקערן זיך פֿון די פֿענצטער, קעדיי צו באַהאַלטן די געפֿילן וואָס האָבן פֿאַרפֿלייצט זײַן געמיט. ער האָט שנעל געשפּרײַזט מיט אַ מאָדנעם, אָנגעצויגענעם, אונטערשפּרינגענדיקן גאַנג, אָנשפּאַרנדיק זיך לײַכט אַפֿן שטעקן. ווען ניט דער לײַכטער סקריפּ פֿון זײַן יעדן טראָט, וואָלט קיינעם ניט געקענט אײַנפֿאַלן אַז דעם דאָזיקן שלאַנקן, פֿעסטן און פֿלינקן מענטשן פֿעלן ביידע פֿיס.

פון שפּיטאָל איז אַלעקסיי מערעסיעוו געשיקט געוואָרן דערהיילן זיך אין אַ סאַנאַטאָריע פון די לופט־קרעפטן, אין דער אומגעגנט פון מאָסקווע. אַהין איז אויך געשיקט געוואָרן דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו. פון סאַנאַטאָריע האָט מען געשיקט נאָך זיי אַן אויטאָ. מערעסיעוון האָט זיך אָבער איינגעגעבן איבערצוצייגן דער שפּיטאָל־אָנפירונג אַז ער האָט אין מאָסקווע קרויווים און אַז ער קען ניט אַריבערפאָרן אין דער סאַנאַטאָריע, ניט האָבנדיק זיי פריִער באַזוכט. ער האָט איבערגעגעבן זיין רוקזאַק סטרוטשקאָוון און איז אַוועק פון שפּיטאָל צופוס, צוזאָגנדיק צוצושטעלן זיך אין סאַנאַטאָריע דעם זעלבן אָוונט, מיטן עלעקטרישן באַן.

מערעסיעוו האָט ניט געהאַט קיין קרויווים אין מאָסקווע. עס האָט זיך אים אָבער שטאַרק געוואָלט זען די שטאָט. ער האָט אויך געוואָלט אויספּרוּוון זיינע קויכעס, באַוועגנדיק זיך פריי, און אויסמישן זיך מיטן טומלדיקן האַמוין, וואָס האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט אים. ער האָט אָנגעקלונגען אַניוטאַן און האָט זי געבעטן אַז אויב זי קען, זאָל זי וואַרטן אַף אים 12 אַזייגער. ווו? נו... לאָמיר זאָגן, צופוסנס פון פּושקינס דענקמאָל... איצט האָט ער געשפּרייזט אַליין, לענגאויס דעם מאַיעסטעטישן טייך, דעם איינגעצוימטן אין גראַניט; דאָס וואַסער האָט זיך לייכט געכוואַליעט און דער דין־געקרויזלטער שוים האָט געגלאַנצט אַף דער זון. אַלעקסיי האָט טיף אַריינגעאָטעמט די וואַרעמע זומער־לופט, וואָס האָט געשמעקט מיט עפּעס באַקאַנטס, אָנגענעמס און זיס׳.

ווי שיין ס׳איז געווען אַלץ וואָס האָט אים אַרומגערינגלט!

אַלע פרויען זיינען אים געפעלן געוואָרן. די גרינקייט פון די ביימער האָט אים איבערראַשט מיט איר פּרעכטיקער העלקייט. די לופט איז געווען אַזוי ריין, אַז זי האָט אים פאַרשיקערט ווי האָפּן, און אַזוי דורכזיכטיק, אַז ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט: מען דאַרף בלויז אויסשטרעקן די הענט קעדיי צו דערגרייכן די געציינדלטע קרעמל־ווענט, — וועלכע ער האָט נאָך ביז איצט קיינמאָל ניט געזען —, דעם קאַטעדראַל־קופּאָל פון איוואַן דעם גרויסן, דעם ריזיקן בריק־בויגן וואָס הענגט שווער און קרומלעך איבערן טייך. דער מילדער און זיסלעכער אַראָמאַט, וואָס האָט געשוועבט איבער דער שטאָט, האָט אים דערמאָנט זיין קינדהייט. פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? פאַרוואָס האָט אים אַזוי שטאַרק גענומען קלאַפּן אין האַרצן און פאַרוואָס האָט ער זיך דערמאָנט אין זיין מאַמען, ניט אין זיין איצטיקער אויסגעדאַרטער און אַלטער מאַמען, נאָר אין אַ מאַמען אַ יונגער אַ הויכער, מיט אַ געדיכטן קאָפּ האָר? קיינער פון זיי איז דאָך אין מאָסקווע ניט געווען...

ביז דאַן האָט מערעסיעוו געקענט די הויפּטשטאָט פון זשורנאַל־פאָטאָגראַפיעס און ציישטונגען, פון ביכער און גרוסן פון די אַלע וואָס זיינען געווען דאָרט, פון לייכטן קלאַנג פון קאַריליאָן־זייגער וואָס פלעגט זיך האַלבע נאַכט צעקלינגען איבער דער אַנטשלאָפענער וועלט, פון די

טומלדיקע מאַניפעסטאַציע־געררויש וואָס ער האָט געהערט דורך די היל־
כערם פון ראַדיאָ. און איצט ליגט זי פאַר אים, אַ ריזיקע און אַ שיינע,
און בראָט זיך אויף דער גלאַנציקער זומערדיקער זון.

אַלעקסיי איז דורכגעגאַנגען דעם פוסטן ברעג טײַך, וואָס האָט זיך
געצויגן פּאַראַלעל צום קרעמל. ער האָט זיך אָפּגערוט, אָנשפּאַרנדיק זיך
אויפן פרישן גראַניטענעם אָנלען, און האָט זיך צוגעקוקט צו די גראָע,
געקרויזטע וואַסערן, וואָס האָבן געשווענקט דער שטיינערנער מויער.
ביסלעכווײַז האָט ער אָנגעהויבן אַראָפּנידערן צום רויטן פּלאַץ. די ליפּעס
זײַנען געווען באַדעקט מיט צוויט. אינמיטן פונעם אַספאַלט פון גאַסן און
פּלעצער זײַנען די אַרומגעשניטענע קרוינען פון די געל־בלומיקע, זיס־
דופטנדיקע ביימער פול געווען מיט אַרבעטזאַמע בינען, וואָס האָבן זיך
ניט צוגעהערט צו די אויטאָ־סירענעס און צום גערויש און געקוויטש פון
די טראַמוויען; ס'האָט זיי אויך ניט געאַרט די גערדיכטע לופט וואָס
איז געווען אָנגעזאָפּט מיטן רייעך פון גאַזאָלין און וואָס איז געהאַנגען
איבערן אָנגעהיצטן אַספאַלט.

„ווי שיין דו ביסט, מאָסקווע!”

נאָך פיר כאַדאָשים פאַרשפּאַרט זײַן אין שפּיטאָל איז אַלעקסיי אַזוי
באַצויבערט געווען פון דער דאָזיקער זומערדיקער שעפע, אַז ס'האָט גע־
דויערט ביז ער האָט זיך געכאַפּט וואָס אַרום אים טוט זיך; ביז ער
האָט פאַרשטאַנען אַז מאָסקווע איז אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישן אוני־
פאָרם און אַז זי געפינט זיך, ווי עס זאָגן די פּילאָטן, אין צושטאַנד פון
גרייטקייט נומער איינס, דאָס הייסט: גרייט אַ וואָרף צו טאָן זיך אין
יעדן מאָמענט קעגן סוינע. גאָנט פון בריק איז די ברייטע גאַס געווען
איבערגעשניטן דורך אַ ריזיקער, פאַרמלאָזער באַריקאַדע, געמאַכט פון
צונויפגעשלאָגענע באַלקנס און אָן אויסגעפילטע מיט זאַמד. אין די
ווינקלען פון בריק האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט, ווי שפּיל־קלעצלעך וואָס
אַ קינד האָט פאַרגעסן אויפן טיש, עטלעכע קוואַדראַטע בעטאָנענע קאַזע־
מאַטן, מיט פיר שיס־לעכער אין יעדן איינעם. אויף דער גראָער אויבער־
פלאַך פון רויטן פּלאַץ האָט מען אָנגעמאָלט שטיבער פון פאַרשיידענע
קאָלירן, פּאַרק־לאָנקעס און עטלעכע רייען ביימער. די שויפענצטער פון
די געשעפטן אויף דער גאָרקי־גאַס זײַנען געווען באַשיצט מיט ברעטער
און מיט זעק זאַמד. אויף די זײַטיקע גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט פאַר־
זשאַווערטע „יאָזשן” געמאַכטע פון צונויפגעשמאָלצענע שינעס; דאָס
האָט אויך אויסגעזען ווי צעוואָרפן שפּילצײַג, וואָס אַ שטיפערישע כעוור־
רע האָט איבערגעלאָזט. דאָס אַלץ האָט ניט געקענט שאָקירן אַ מיליטער־
מאַן וואָס איז געקומען פון פראָנט און וואָס האָט ניט געקענט די פריִער־
דיקע מאָסקווע. ס'האָבן אים בלויז געקענט איבערראַשן די מעשונעדיקע
קאָלירן פון אייניקע הײַזער און ווענט, וואָס האָבן דערמאָנט אין די
אַבסורדאַלע בילדער פון די פוטוריסטן; ס'האָבן אים אויך געקענט פאַר־

ווינדערן די פאַלשע „טאָס־פענצטער", וואָס האָבן פון די אָפּצוימונגען און שויפענצטער אַראָפּגעקוקט אַף די דורכגייער און געמאַכט דעם אײַנדרוק ווי זיי וואָלטן אַרויס אָפּן גאַס דירעקט פון מאַיאַקאָווסקים ווערק.

סקריפּענדיק מיט די פּראָטעזן און אָנשפּאַרנדיק זיך וואָס אַמאָל שווערער אָפּן שטעקן, איז דער מידער מערעסיעוו אַרויפגעשטיגן מיט דער גאָרקי־גאַס, זוכנדיק די לעכער און גריבער פון די באָמבעס, די צעשטערטע הײַזער, די גראָבנס, די אויסגעריסענע פענצטער. ווען ער האָט געוווינט אין זײַן אַעראָדראָם, איינעם פון די סאַמע מײַרעווודיקסטע, האָט ער קימאַט יעדע נאַכט געהערט ווי ס'טראָגן זיך צו מיזרעך די צאָלרײַכע סקוואַדריליעס דײַטשישע באָמבאַרדיר־אַוויאָנען. עס פלעגט זיך נאָך ניט באַווײַזן אײַנצושטילן דער געזשום פון איין כוואַליע באָמבאַרדירער, ווי ס'פלעגט שוין אָנקומען אַ צווייטע, און צײַטנווײַז פלעגט הילכן די לופט אַ גאַנצע נאַכט. די פּילאָטן האָבן געוווסט אַז די „פריצן" פליִען אַף מאָסקווע און זיי פלעגן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ גענעם דאָרט איז.

און איצט, באַטראַכטנדיק די קריגס־מאָסקווע, האָט מערעסיעוו געזוכט מיט די בליקן די סימאָנים פון די לופט־אָנגריפן און האָט זיי אין ערגעץ ניט געפונען. דער אַספּאַלט־ברוק איז געווען גאַנץ און צווישן די רייען הײַזער איז ניט געווען קיין שום דורכריס. אַפילע די שויבן פון די פענצטער, האַגאַם אַרומגעקלעפּטע מיט פּאַסן פּאַפּיר, זײַנען, מיט גאָר זעלטענע אויסנאַמעס, געווען גאַנץ. דער פראָנט איז אָבער געווען נאָנט און דאָס האָט מען געקענט זען אַף די באַזאָרגטע פּנעמער פון די אײַנוווינער, וואָס מער ווי אַ העלפט פון זיי זײַנען געווען מיליטערלײַט אין הויכע פאַרשטויבטע שטיוול, אין שווייסיק־נאַסע גימנאַסטיאָרקעס צוגעקלעפּטע צו די רוקנס און מיט רוקזעק אַף די פּלייצעס.

מיטאַמאָל האָט זיך פון אַ קווער־גאַס אַרײַנגעקירעוועט אין דער זוניקער הויפּטגאַס אַ קאָלאָנע שטויביקע קאַמיאָנען מיט צעבויגענע בלאָטע־שיצערס און מיט דורכגעשאָסענע קאַבינע־שויבן. די קעמפער — אויך באַדעקטע מיט שטויב — האָבן נײַגעריק אַרויסגעקוקט פון הינטער די צעפּאָרענע האָלצערנע קאַמיאָנען־ווענטלעך און פון הינטער די צעפּלאַטערטע ברעזענטן. די קאָלאָנע האָט אַריבערגעיאָגט די טראָלעבוסן, די לײַכטע אויטאָס און טראַמווײַען, ווי זי וואָלט געוואָלט וואָרענען, מיט איר באַווײַזן זיך, אַז דער סוינע איז נאָנט. מערעסיעוו האָט לאַנג נאָכגעקוקט די קאָלאָנע. ער האָט בלויז געדאַרפט אַרײַנשפּרינגען אין איינעם פון די שטויביקע קאַמיאָנען און שוין דעם זעלבן אָוונט וואָלט ער געווען אָפּן פראָנט, אין זײַן אַעראָדראָם! ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די הייל ווו ער האָט געוווינט מיט דעגטיאַרענקאָן; דעם געלעגער וואָס האַלט זיך אַף געשטעלן פון יאָדלע־האָלץ; די דורכדרינגענדיקע רייכעס פון סמאָלע, בלעטער און קעראָסין פונעם לעמפּל, וואָס זיי האָבן אַליין

געמאכט פון א צוגעפּלעטשטן סנאַריאַד; דעם געברום פון די מאָטאָרן ווען מען צעוואַרעמט זיי אינדערפרי; דעם אומאויפהעריקן געמורמל פון די סאָסנעס טאָג און נאַכט. יענע הייל־באַהעלטעניש האָט אים אויס־געזען אַ רויִקע און אַ קאָמפאָרטפולע. אָן אויטענטישע היים! ווי שטאַרק ס'האָט זיך אים געוואָלט אומקערן אַהין, צווישן יענע זומפּן, וואָס די פּילאָטן האָבן געשאָלטן פאַר זייער פייַכטקייט, פאַרן בלאָטיקן באָדן, פאַרן שטענדיקן געזשום פון די מאָסקיטן.

מיט גרויס מי איז מערעסיעוון געלונגען צוצוקומען צו פּושקינס מאָנומענט. אויף וועג האָט ער עטלעכע מאָל געדאַרפט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, אָנשפּאַרן זיך מיט ביידע הענט אויף שטעקן און מאַכן זיך אַז ער באַטראַכט קלוימערשט פאַרשיידענע קלייניקייטן פון די שויפענצ־טער. מיט וואָס פאַרא פאַרגעניגן האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אָדער בע־סער געזאָגט — אַ פאַל געטאָן אויף גרינעם, אָנגעוואַרעמטן באַנק, ניט ווייט פון מאָנומענט. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף באַנק און אויס־געצויגן זיינע צעווייטיקטע, אָפּגענומענע פיס, וואָס זיינען געווען אָנ־געריבן פון די רימענס. ניט קוקנדיק אויף זיין מידקייט, איז זיין פרייליע־כער געמיט־צושטאַנד פונדעסטוועגן ניט פאַרשוווּנדן. ווי פּרעכטיק ס'איז געווען יענער ליכטיקער טאָג! דער אומענדלעכער הימל האָט זיך אויס־געשפּרייט איבער דער שטיינערנער געשטאַלט פון אַ פּרויען־סקולפּטור, וואָס איז געווען אויסגעשטרעקט אויף ראָג־טורעמל פון לעצטן הויז. אַ לייַכט, גלעטנדיק ווינטל האָט אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן גאָרטן דעם ריינעם און זיסן אַראָמאַט פון ליפּע־צווייט. די טראַמווייַען האָבן געגלעקלט און געראַאַשט, און דאָס קליינע און דאַרע מאָסקווער קליינ־וואַרג האָט זיך פריידיק געשפּילט אין לעפּלעכן, שטויביקן זאַמד, צו־פוסנס פון דענקמאָל. אַביסל ווייטער, טיפער אין פּאַרק, האָט זיך צווישן אַ שטריק־אַרומצוימונג געפונען דער ריזיקער ציגאַר פון אַ געפאַנגענעם לופט־באַלאָן, וואָס האָט געוואָרפן אין אַלע זייטן זילבערדיקע אָפּגלאַנצן. צוויי ראָזלעכע מיידלעך אין שיינע גימנאַסטיאַרקעס האָבן אים אָפּגע־היט. דער דאָזיקער מילכאָמע־טאַכשיט האָט אויסגעזען אין מערעסיעווס אויגן ניט ווי אַ נאַכט־שוימער פון מאָסקווער הימל, נאָר ווי אַ ריזיקע און נאָבעלע כאַיע, וואָס איז אַנטלאָפן פון זאָאָלאָגישן גאָרטן און וואָס האָט איצט געדרעמלט אין פּאַרק, אונטערן שאָטן פון די צעבליטע ביימער.

מערעסיעוו האָט צוגעשלאָסן די אויגן און האָט אויסגעשטעלט אויף דער זון זיין שמייכלענדיקן פּאָנעם.

עמעץ האָט אַ רוף געטאָן זיין נאָמען. מיט איין שפּרונג האָט ער זיך אויפגעשטעלט. אַנטקעגן אים האָט זיך געפונען אַניוטאַ. ער האָט זי טייקעף דערקענט לויט דער פאָטאָגראַפיע, האָגאַם אין דער ווירק־לעכקייט איז זי ניט געווען אַזאַ שיינע. אויף איר בלייכן פּאָנעם האָט זיך

געמערקט מידקייט. זי האָט געטראָגן אַ האַלב־מיליטערישן אוניפאָרם: אַ גימנאַסטיאָרקע און הויכע שטיוול. איר קאָפּ איז געווען צוגעדעקט מיט אַן אַלטן, צוגעפּלעטשטן קאַזאַרמע־היטל. אירע העל־גרינע און עט־וואָס בוילעטע אויגן זײַנען געווען אַזוי לויטער און אײנפאַך, האָבן אויס־געשטראַלט אַזויפיל סימפּאַטיע, אַז דאָס דאָזיקע אומבאַקאַנטע מיידל האָט אויסגעוויזן מערעסיעוון ווי אַן אַלטע פרײַנדן, עפּעס ווי זיי וואָלטן בײדע דערצויגן געוואָרן אַף איין הויף.

אַ ווײַל האָבן זיי זיך, שווײַגנדיקערהייט, באַטראַכט קעגנזײַטיק.

— איך האָב געהאַט וועגן אײַך אינגאַנצן אַן אַנדער פאָרשטעלונג.

— אַ וואָסערע? —מערעסיעוו איז ניט געווען בעיכוילעם אָפּצו־מעקן פון זײַן פּאָנעם אַ מעשונעדיק־נאַרישעוואַטן שמייכל.

— ווי זאָל איך אײַך זאָגן? כ׳האָב געטראַכט אַז איר דאַרפט האָבן אַ העראָישן אויסזען, אַז איר דאַרפט זײַן אַ הויכער, אַ שטאַרקער... אָדער, לאָמיר זאָגן, מיט אַ שטאַרקער קין און מיט אַ לולקע, יאָ מיט אַ לולקע... גריגאָרי האָט מיר אַזויפיל געשריבן וועגן אײַך!

— אײַער גריגאָרי, זעט איר, איז טאַקע אַן עמעסער העלד —האָט איר אַלעקסיי איבערגעריסן, און זעענדיק ווי דאָס מיידל שײַנט פון צופרידנקייט, האָט ער נאָכאַנאַנד אונטערגעשטראָכן די ווערטער „אײַער", „אײַערער": —אײַערער איז טאַקע בעעמעס אַ גאַנצער מענטש. איך, וואָס בין איך דען? אָבער ער, אײַער גריגאָרי, וואַרשײַנלעך האָט ער אײַך ניט אַלץ דערציילט וועגן זיך...

— הערט זיך אײַן, אַליאָשאַ... איר דערלויבט מיר צו רופן אײַך אַליאָשאַ? איך בין צוגעוווינט צום דאָזיקן נאָמען דורך גריגאָרים בריוו. איר האָט נאָך עפּעס וואָס צו טאָן אין מאָסקווע? קומט צו מיר, איך האָב געענדיקט מײַן דיזשור און בין דעם גאַנצן טאָג פרײַ. קומט, איך האָב וואָדקאַ. געפעלט אײַך וואָדקאַ? כ׳פאַרבעט אײַך.

אַף אַ סעקונדע האָט אויפגעטויכט פאַר אַלעקסיים אויגן דאָס שפּאַ־סיק־איראָנישע פּאָנעם פון קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו, וועלכער האָט אים אַ ווונק געטאָן: „זעסט? זי וווינט אַליין, זי האָט וואָדקאַ. כאַפּ אַרײַן!" סטרוטשקאָוו האָט זיך שוין אָבער געהאַט אַף אַזוי ווײַט בלאַמירט, אַז אַלעקסיי האָט זיך גלײַך אָפּגעשאָקלט פון אים. ביז אינאָוונט איז גע־בליבן אַ סאַך צײַט; האָבן זיי שפּאַצירט איבערן פּאַרק און געשמועסט פריילעך ווי אַלטע, גוטע פרײַנט. מערעסיעוון איז געפעלן געוואָרן וואָס דאָס דאָזיקע מיידל האָט קוים געקענט אײַנהאַלטן איר עמאָציע און גע־ביסן זיך די ליפּן ווען ער האָט איר דערציילט וועגן גוואָזדיעוום אומגליקן אין אָנהייב קריג. די העל־גרינע אויגן אירע האָבן אויפגעלויכטן ווען ער האָט דערציילט וועגן די מילכאָמע־אויפטועז פון טאַנקיסט. ווי שטאָלץ זי איז געווען מיט אים! מיט וואָס פאַר אַן אויפציטער זי האָט געפאָ־דערט נאָך און נאָך פּראָטים! ווי שטאַרק זי האָט זיך אויפגערעגט ווען

זי האָט דערציילט אַז גוואַזדיעוו האָט איר צוגעשיקט אַ באַשטעטיקונג לויט וועלכער זי קען באַקומען אַ טייל פון זײַן מיליטערישן געהאַלט! און פאַרוואָס איז ער אַזוי ווילד אַנטלאָפן? אָן שום אָנדײַט אַפילע, ניט איבערלאָזנדיק קיין פּאָר ווערטער, קיין אַדרעס? איז עס געווען אַ מי־ליטערישער סאָד? אָבער אַז אַ מענטש גייט אַוועק ניט געזעגענענדיק זיך, טאָ ווי קען דאָ שטעקן אַ מיליטערישער סאָד?

— און, אַגעוו, פאַרוואָס האָט איר אַזוי שטאַרק אונטערגעשטראָכן אין טעלעפאָן, אַז ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ באָרד? —האָט געפרעגט אַניוטאַ מיט אַ פאָרשנדיקן בליק.

— כ׳האָב געלײַגט, ס׳איז געווען אַ נאַרישקייט —האָט אַלעקסיי געפּרוווט אויסמײַדן די פראַגע.

— ניין, ניין, זאָגט מיר! כ׳וועל אײַך ניט צורו לאָזן, זאָגט מיר! איז עס עפּשער אויך אַ מיליטערישער סאָד?

— וואָס פאַרא סאָד קאָן דאָ זײַן? ס׳איז גאָר פּאָשעט: אונדזער פּראָפעסאָר וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט ווי אַ רעצעפּט פאַרשריבן גרי־גאָרין אַ באָרד... קעדיי ער זאָל געפעלן ווערן די מיידלעך... קעדיי ער זאָל געפינען כיין בײַ אַ געוויסער פרײַלן...

— אַך, יאָ, איצט פאַרשטיי איך שוין אַלץ! קלאָר!

ס׳האָט אויסגעזען ווי אַניוטאַ ווערט מיטאַמאָל פאַרכמורעט, על־טער, פונקט ווי ס׳וואָלט זיך פּלוצלינג פאַרלאָשן דאָס ליכט אין אירע בוילעטע, העל־גרינע אויגן. די בלייכקייט פון איר פּאָנעם, די דינינקע קנייטשעלעך אַף איר שטערן און אַרום די אויגן זײַנען געוואָרן קענטי־קער. אין איר אַלטער גימנאַסטיאָרקע און אין אָפּגעקראָכענעם היטל אַף איר גלאַטהאָריקן, טונקל־בלאָנדן קאָפּ האָט זי אויסגעזען מיד און אויסגעשעפּט. בלויז איר גלאַנציקער, זאַפטיקער און קליינער מויל, מיט אַ קוים באַמערקלעכן פּוך און מיט אַ קליינינטשקן כיין־פינטל אַף איר אייבערשטער ליפּ, האָט איידעס געזאָגט אַז זי איז נאָך זייער יונג, עפּ־שער קיין צוואַנציק יאָר ניט אַלט.

אין מאָסקווע טרעפט אַז ווען מען גייט איבער אַ ברייטער גאַס מיט פּרעכטיקע ביניאָנים און מען גיט צען טריט אָן אַ זײַט, שטויסט מען זיך אָן מיטאַמאָל אַף אַן אַלטער, בײַכיקער הויז, וואָס איז האַלב־אײַנגעגראָבן אין דער ערד און וואָס קוקט אַרויס מיט אַלט־פאַרצוויגענע שויבן דורך קליינע פענצטערלעך. אין אַזאַ מין הויז האָט געוווינט אַניוטאַ.

אַף שמאָלע און שמוציקע טרעפּלעך, פון וועלכע ס׳האָט זיך גע־טראָגן אַ רייעך פון קעץ און פון קעראָסין, זײַנען זיי אַרויפגעשטיגן ביז צום ערשטן שטאָק. דאָס מיידל האָט מיט אַ שליסל געעפנט אַ טיר. זיי זײַנען דורכגעגאַנגען אונטער עטלעכע קאָשיקעס מיט שפּײַז, וואָס מען האָט אויפגעהאַנגען אַף דער פרישער לופט צווישן ביידע טירן און

זײַנען אַרײַן, דורך אָנגעשטעלטע טעפּ און געפּעס, אין דער פינצטערער און פּוסטער קיך. פון דאָרט זײַנען זיי אַרײַן אין אַ קלײנעם קאָרידאָרל, וואָס איז פול געווען מיט פאַרשיידענע קיילים און אָראָפּגענומענע פּאָר־האַנגען, און האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ קלײנער טיר. אַ מאָגעריטש־קע אַלטיטשקע האָט אַרויסרוקט דעם קאָפּ פון דער אַנטקעגנדיקער טיר.

— אַנאַ דאַנילאָוונאַ, אָט איז אַ בריוו פאַר אײַך —האָט זי געזאָגט און האָט נאָכגעקוקט נײַגעריק דאָס פּאָרל.

אַניוטאַס פאָטער איז געווען אַ פּראָפעסאָר. זײַן פאַמיליע איז עוואַ־קוירט געוואָרן צוזאַמען מיטן אינסטיטוט ווו ער האָט געאַרבעט. די צוויי קלײנע צימערן, אָנגעפּראָפּטע ווי אַ מעבל־געשעפט מיט אַלטן, אין טשע־כאָלן אײַנגעהילטן מעבל, זײַנען געבליבן אונטער דער השגחה פון אַניוטאַן. דאָס גאַנצע מעבל, די געשטריקטע פאָרהאַנגען, די טולן, די בילדער, די רעפּראָדוקציעס, די סטאַטועטקעס און די וואַזעס, וואָס זײַ־נען געווען אָנגעשטעלט אויף דער פּיאַנאָ, האָבן געשמעקט מיט פײַכטקייט און פאַרלאָזנקייט.

— אַנטשולדיקט מיר; מײַן קאַזאַרמע־לעבן צווינגט מיר צו לויפן פון שפּיטאָל גלײַך אין אוניווערזיטעט און דאָ קום איך בלויז אויף באַ־זוכן — האָט געזאָגט אַניוטאַ, פאַררויטלענדיק זיך און אַראָפּנעמענדיק פון טיש דעם טישטעך און פאַרשיידענע שירײַאים.

אַניוטאַ איז אַרויס; אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי זיך אומגעקערט, האָט אויסגעשפּרייט דעם טישטעך און האָט זאָרגעוודיק אויסגעגלײַכט זײַנע ברעגן.

— און ווען איך באַווײַז שוין צו קומען אַהיים, בין איך אַזוי מיד, אַז איך גיב אַ פאַל אויפן דיוואַן און שלאָף אײַן אָנגעטאָנענערהייט. ווו ליגט אין קאָפּ צוצוקלײַבן די שטוב!

עטלעכע מינוט שפּעטער האָט שוין געזשומעט דער עלעקטרישער טשײַניק. אויפן טיש האָבן געפינקלט אַ פּאָר אַלטע, געשניצטע און אָפּגע־נוצטע גלעזער. אין אַ קרישטאָלענעם ברויט־קערבל זײַנען געלעגן עטלע־כע דינע מויצקעס שוואַרץ ברויט, און אויפן דעק פון אַ פּאָרצעלײַענעם קוביק האָבן זיך געפונען געציילטע דין־צעשפּאָלטענע שטיקעלעך צוקער. אונטער אַן אַלטמאָדישן, געשטריקטן הײַבל מיט וואָלענע פּאָמפּאָנטשיק־לעך האָט זיך אָנגעצויגן דער טיי, וואָס דער אַראָמאַט זײַנער האָט דער־מאָנט אין די פאַרמילכאָמעדיקע צײַטן. אינמיטן טיש האָט געפינקלט אַ בלאָ פאַרקאָרקעוועט פלעשל און צוויי ריינע גלעזלעך.

מערעסיעוו איז פאַרבעטן געוואָרן אַוועקצוזעצן זיך אין טיפן גראָ־סאַמעטענעם פאָטעל. די אויסגעהאָפטענע סערוועטלעך וואָס האָבן צוגע־דעקט דעם פאָטעל האָבן ניט געקענט אויסבאַהאַלטן די אַרויסקריכנדיקע אָנשטאָפּעכץ, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון אַלע זײַטן. דער פאָטעל איז אָבער געווען אַזוי באַקוועם, האָט אַרומגענומען און אַרומגעטוליעט אַזוי

גוט, אַז אַלעקסיי איז מאַמעש אַרײַנגעזונקען אין אים מיט גרויס האַנאָע און אויסגעצויגן זײַנע אָפּגענומענע, ברענענדיקע פיס.

אַניוטאַ האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן אַלעקסייען אויף אַ קליינעם טאַבורעטל און, קוקנדיק אויף אים פון אונטן אַרויף ווי אַ קליין מיידעלע, האָט זי אים ווידער געבעטן אויסדערציילן וועגן גוואַזדיעוון. מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן, האָט אויסגערעדט זיך אַליין, גענומען באַלעבאַטעווען און צוגעשלעפּט אַלעקסייען צום טיש.

— איר וועט, פאַרשטייט זיך, טרינקען? גריגאָרי האָט געזאָגט אַז די טאַנקיסטן, נו און, נאַטירלעך, די אַוויאַטאָרן...

זי האָט אונטערגערוקט אַ גלעזל. די וואָדקאַ האָט בלאָלעך געפינקלט אונטער די זון־שטראַלן וואָס זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין צימער. דער אַלקאָהאָל־רייעך האָט אים דערמאָנט אין ווײַטן וואַלד־אַעראָדראָם, אין עס־צימערל פון די אָפיצירן, אין פריילעכן טומל וואָס פלעגט אַנטשטיין ווען מען פלעגט פונאַנדערטיילן די „פאַרציע ברענשטאָף". באַמערקנדיק אַז דאָס צווייטע גלעזל איז פּוסט, האָט ער געפרעגט:

— און איר?

— איך טרינק ניט — האָט פּאַשעט געענטפערט אַניוטאַ.

— און אויב מיר וועלן טרינקען פאַר אים, פאַר גריגאָרין?

דאָס מיידל האָט אַ שמייכל געטאָן, האָט אָנגעפילט דאָס גלעזל, אָנגענומען עס פאַרן דינעם פיסל און אַ פאַרטראַכטע אָנגעקלאַפּט עס אָן אַלעקסייס גלעזל.

— ער זאָל האָבן האַצלאָכע! — האָט זי געזאָגט פעסט און מיט איין שלונג אַרײַנגעקערט דאָס גלעזל. זי האָט זיך אָבער פאַרכליניעט, אָנגעהויבן הוסטן, רויט געוואָרן און גענומען שטיקן זיך.

מערעסיעוו האָט דערפילט אַז, פון אָפּגעוווינטקייט, גייט אים דער בראָנפן גלײַך אין קאָפּ אַרײַן, פאַרשפרייטנדיק איבערן גאַנצן קערפּער וואַרעמקייט און געמיטלעכקייט. ער האָט ווידער אָנגעגאָסן די גלעזלעך, אָבער אַניוטאַ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין:

— ניין, ניין, כ'טרינק קיינמאָל ניט, איר זעט דאָך.

— און פאַר מײַן האַצלאָכע? — האָט געזאָגט אַלעקסיי —. אַניוטאַ, ווען איר ווייסט ווי שטאַרק איך דאַרף מאַצלעך זײַן!

דאָס מיידל, קוקנדיק אויף אים זייער ערנסט, האָט אויפגעהויבן דאָס גלעזל מיט אַ צערטלעכער מינע, האָט לײַכט אָנגעדריקט זײַן אָרעם נאָענט פון עלנבויגן און האָט ווידער אויסגעטרונקען. זי האָט זיך ווידער פאַרשטיקט און ערשט נאָכן אויסהוסטן זיך האָט זי אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

— וואָס טו איך? נאָך אַ דיזשור פון 24 שאָ. דאָס טו איך נאָר צוליב אײַך, אַליאָשאַ. איר... גריגאָרי האָט מיר אַ סאַך דערציילט וועגן אײַך אין זײַנע בריוו. כ'וויל מיטן גאַנצן האַרצן אַז איר זאָלט האָבן האַצלאָכע! און איר וועט אומבאַדינגט מאַצלעך זײַן, איר הערט?

אומבאדינגט! — און איר קלאנגפולער געלעכטער האט זיך צעהילכט אי־בערן צימער —. פארוואס עסט איר ניט? עסט ברויט. זארגט זיך ניט, כ׳האב נאך. דאס איז נעכטיק ברויט, דאס היינטיקע האב איך נאך ניט געקויפט — א שמייכלענדיקע האט זי אים אונטערגעטראגן דאס ברויט־קערבל; דאס ברויט איז געווען אזוי דין אנגעשניטן, פונקט ווי ס׳וואלט זיך געהאנדלט פון קעז —. עסט, עסט, שטערט זיך ניט. אניט, קענט איר נאך שיקער ווערן, און דאן וואס?

אלעקסיי האט אפגערוקט דאס ברויט־קערבל און האט ארייגעקוקט אניוטאן טיף אין אירע גרינלעכע אויגן און אין איר קליינעם, דיקלעכן, פרישן מויל.

— און וואס וואלט איר געטאן ווען איך וואלט אייך איצט געגעבן א קוש? — האט ער געפרעגט מיט א פארשטיקטן קאל.

זי האט א קוק געטאן אף אים א דערשראקענע, אבער אן קאעס און מיט א פארשנדיקן בליק, ווי ס׳וואלט איר עפעס געהאלטן אין קלאר ווערן. זי איז געווען אנטוישט ווי עמעץ וואס קוקט אף די שערבלעך פון א קרישטאלענער קיילע וואס איז מיט א מינוט פריער געווען גאנץ און געפינקלט מיט דימענטענע גלאנצן.

— איר מעגט זיין זיכער אז כ׳וואלט אייך געוויזן די טיר און כ׳וואלט געשריבן גריגארין אז ער איז א קנאפער מייוון אף מענטשן — האט זי אים געזאגט קאלט און האט אים ווייטער אונטערגערוקט דאס ברויט־קערבל —. עסט, איר זייט שיקער.

מערעסיעווס פאנעם האט אויפגעלויכטן:

— זייער גוט! כ׳דאנק אייך זייער פאר דעם! א דאנק אין נאמען פון דער גאנצער רויטער ארמיי! כ׳וועל שרייבן גריגארין אז ער איז א מייוון, אן אויסגעצייכנטער מייוון אף מענטשן.

זיי האבן געשמועסט ביז דריי אזייגער, ביז די ליכטיקע און שטוי־ביקע שטראלן, וואס האבן געקרייצט דעם צימער אין דער קווער, האבן אנגעהויבן ארויפצוקלעטערן אף די ווענט. ס׳איז שוין צייט געווען צו גיין צום באן. מיט פארדרוס האט זיך אלעקסיי אויפגעהויבן פון באק־ווענען, גרינעם פאטעל, מיטשלעפנדיק אף זיינע קליידער שטיקלעך אנ־שטאפעכץ. אניוטא האט אים באגלייט. זיי זיינען געגאנגען געארעמט און ער האט אזוי זיכער געשפרייזט, נאכן אפרוען זיך, אז דאס מיידל האט א טראכט געטאן: „צי האט דען גריגארי ניט געשפאסט ווען ער האט מיר געזאגט אז זיין פריינט פעלן ביידע פיס?” אניוטא האט דער־ציילט אלעקסייען וועגן עוואקואציע־שפיטאל ווו זי ארבעט מיט אנדערע מעדיצין־סטודענטן, וועגן דער קלאסיפיקאציע פון די פארוווּנדיקטע, וועגן דער שווערקייט פון דער דאזיקער ארבעט ספעציעל איצט, ווען יעדן טאג קומען אן פון דארעם עשעלאנען מיט צעמאזיקטע, וואס זיינען אלע

אויסגעצייכנטע מענטשן און טראָגן לײַכט אריבער זייערע לײַדן. מיט־אַמאָל איז זי געבליבן שטיין אינמיטן פון אַ פראַזע און האָט געפרעגט:

— האָט איר גערעדט ערנסט וועגן גריגאָרים באָרד? —אַ ווײַל האָט זי געשוויגן, אַ טראַכט געטאָן און צוגעגעבן פּאַמעלעך: —כ'האָב פאַרשטאַנען אַלץ. כ'וועל זיך מוידע זײַן פאַר אײַך אָפן, ווי פאַר מײַן אייגענעם פאָטער: פון אָנהייב איז מיר געווען שווער צו קוקן אויף זײַנע שראַמען. ניין, שווער ניט. ניט דאָס איז דאָס וואָרט. מעגלעך אַז איך בין געווען אַביסל דערשראָקן, אָבער ניין, דערשראָקן אויך ניט, ניט דאָס איז עס געווען... כ'ווייס ניט וויאַזוי אויסצודריקן עס. איר פאַרשטייט מיר? ס'איז געווען ניט גוט אַזוי, מיסטאָמע, אָבער וואָס האָב איך געקענט טאָן? אָבער אַנטלויפן, אַנטלויפן פון מיר: נאַר! מער ווי אַ נאַר! אויב איר וועט אים שרײַבן, טאָ זאָגט אים אַז מיט דעם האָט ער מיך שטאַרק באַליידיקט, גאָר שטאַרק!

דער ריזיקער וואָקזאַל איז געווען קימאַט ליידיק. די מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זײַנען אין זייער גרויסער מערהײַט געווען מיליטערלײַט; אייניקע, פאַרזאָרגטע, האָבן זיך באַוועגט שנעל; אַנדערע, שווײַגנדיקע, זײַנען געזעסן אויף די זײַטיקע בענק, אויף זייערע פעקלעך, מיט די פיס אונטער זיך און אַפילע אויף דער ערד. אַלע זײַנען געווען פאַרטראַכט, פאַרטאָן אין זיך און ווי פאַרזונקען אין די זעלבע געמיינזאַמע געדאַנקען. דורך דער דאָזיקער הויפּט־ליניע האָט מען זיך פרײַער פאַרבונדן מיט מײַרעוו־אייראָפּע. איצט איז דער וועג אויף מײַרעוו געווען איבערגעשניטן דורכן סוינע, אַ וואָסערע אַכציק קילאָמעטער פון מאָסקווע. דער דאָזיקער קורצער און איבערגעהאַקטער באַן־פּלאַנט האָט איצט געדינט פאַר הינטערשטאָטישע קאָמוניקאַציעס און פאַר באַנען וואָס זײַנען געגאַנגען אויסשליסלעך צום פראָנט. אין צוויי שאָ פלעגן די מיליטערלײַט אָנקומען פון מאָסקווע דירעקט צום פראָנט־סעקטאָר פון זייערע דיוויזיעס. עלעקטרישע באַנען פלעגן יעדע האַלבע שאָ אַרויספאָרן אויף די פעראָנען האָמוינים אַרבעטער וואָס האָבן געוווינט אין די פאַרשטעט און אויך פויערטעס מיט קאַנען מילך און מיט קערב שויטן, שוועמלעך און גרינס. אַזאַ מין כוואַליע פלעגט טומלדיק פאַרפלייצן דעם וואָקזאַל, אָבער זי פלעגט זיך גלײַך צעשפרייטן איבערן פּלאַץ און ס'פלעגן ווידער בלײַבן בלויז מיליטערלײַט.

אין צענטראַלן האָל איז געהאַנגען אַ גרויסע, ביז צום סופית גרייכנדיקע, מאַפּע פון סאָוועטיש־דײַטשישן פראָנט. אַ דיקלעך, רויטפּאָנעמדיק מיידל, אין אַ מיליטערישן מונדיר, איז אַרויפגעשטיגן צו דער מאַפּע אויף אַ שער־לייטערל, מיט אַ צײַטונג אין האַנט. אין העסקעם מיטן לעצטן קריגס־קאָמוניקאַט האָט זי געביטן אויף דער מאַפּע די לאַגע פון שנור וואָס האָט אָנגעוויזן די פראָנט־ליניע און וואָס איז געווען צוגעפעסטיקט מיט שפּילקעס.

אין אונטערשטן טייל פון דער מאַפּע האָט זיך דער שנור פאַרקי־רעוועט, אין אַ שאַרפן ווינקל, אַף רעכטס. די דײַטשן האָבן אַטאַקירט אַף דאָרעם. זיי האָבן זיך דורכגעריסן אין דער ריכטונג איזיום־באַרווענס־קאָיע. דער פראָנט פון זייער זעקסטער אַרמיי, וואָס האָט זיך ווי אַ טעמ־פּער קלין אַרײַנגעשפּאַרט טיף אין לאַנד, האָט שוין אַוואַנסירט צום בלאָען אָדער פון דאָן־אויסבויג. דאָס מיידל האָט צוגעשפּיליעט דעם שנור האַרט צום טײַך. זייער נאָנט האָט זיך, ווי אַ דיקע אַרטעריע, געשלענגלט די וואָלגע מיטן גרויסן סטאַלינגראַדער קרײַז און מיטן קליינעם פּינ־טעלע פון קאַמישין איבער אים. ס'איז געווען קלאָר אַז דעם סוינעם קלין אַפן דאָן האָט געצילט אין דער דאָזיקער ערשטראַנגיקער טײַך־אַרטעריע און אין דער היסטאָרישער שטאָט, וואָס איז שוין געווען אַזוי נאָנט פון אים. אַ גרויסע גרופּע מענטשן האָט זיך שטיל און טרויעריק, צוגעקוקט ווי די דיקלעכע הענט פון מיידל בײַטן די שפּילקעס.

— זיי שפּאַרן די הינט... זע נאָר, ווי זיי שפּאַרן!... —האָט פאַרדראָסיק אַ זאָג געטאָן אַ יונגער סאָלדאַט, וואָס האָט שטאַרק גע־שוויצט און געווען אָנגעטאָן אין אַ נײַעם שינעל, וואָס האָט זיך נאָך ניט צוגעפּאַסט צו זײַן קערפּער און איז ווינקלדיק אָפּגעשטאַנען אַף זײַ־נע אַקסלען.

אַ מאָגערער, גראָ־וואָנציקער אײַזנבאַנער, מיט אַ פאַרפּעטסטן אוי־ניפאָרם־היטל אַפן קאָפּ האָט פון אויבן אַראָפּ אָפּגעמאָסטן בייז דעם סאָלדאַט:

— אַזוי? זיי שפּאַרן, האַ? און דו, פאַרוואָס לאָזטו זיי? פאַר־שטייט זיך אַז זיי שפּאַרן אויב דו טרעטסט אָפּ... אויך מיר קעמפער! ביז צו דער סאַמע וואָלגע האָט איר זיי געלאָזט צוקומען —אין זײַן טאָן האָט זיך געפילט אַ ציטער פון ווייטיק און פון פּײַן, ווי ער וואָלט אויסגערעדט אָן אייגענעם זון פאַר אַ באַגאַנגענעם שווערן פעלער.

דער סאָלדאַט האָט זיך אַ פאַראומערטער אַרומגעקוקט און אײַנ־ציִענדיק אַף די אַקסלען זײַן נײַעם שינעל איז ער פאַרשוווּנדן צוגיישן האַמוין.

— יאָ, מיר האָבן צופיל לאַנד אָפּגעטראָטן —האָט עמעץ אַ זיפץ געטאָן און פאַרביטערט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ—. אַך!...

— וואָס האָסטו צו אים?... וואָס איז ער שולדיק? האָבן דען ווינציק באַצאָלט מיט זייער לעבן? מען דאַרף פאַרשטיין וואָס פאַראַ קויכעס עס שפּאַרן! מיר קענען זאָגן אַז גאַנץ אייראָפּע איז אַוועקגע־זעצט געוואָרן אַף טאַנקען. אַנו, פּרוּווט זיי אַקאָרשט אָפּשטעלן אָט אַזוי אָ, ניט דיר, ניט מיר —האָט זיך אָנגענומען פאַרן סאָלדאַט אַן עלטערער מענטש אין אַ ברעזענטענעם כאַלאַט און וואָס אויסגעזען האָט ער ווי אַ דאָרף־לערער אָדער אַ פעלדשער—. פאַרטראַכט זיך נאָר גוט. איך און איר וואָלטן זיך געדאַרפט פאַרנייגן פאַרן דאָזיקן סאָלדאַט און דאַנ־

קען אים וואָס מיר לעבן און וואָס מיר קענען זיך פרײַ באַוועגן איבער מאָסקווע. גיט נאָר אַ קוק וויפל לענדער די דײַטשן האָבן צעטראָטן מיט זייערע טאַנקען אין געציילטע וואָכן! און מיר, מיר קעמפן שוין איבער אַ יאָר, און מיר האַלטן זיך, און מיר דערלאַנגען, און וויפל האָבן מיר שוין אויסגעלייגט! אַלע וואָלטן זיך געדאַרפט פאַרנייגן פאַר אים, פאַרן דאָזיקן סאָלדאַט און איר זאָגט אים אַז ער „טרעט אָפּ”...

— איך ווייס, איך ווייס. טוט מיר אַ טויווע און לאָזט צורו מיט דער פּראָפּאַגאַנדע. דער קאָפּ ווייס עס אַלץ, אָבער דאָס האַרץ טוט וויי און די נעשאָמע ווערט צעשפּאָלטן — האָט געענטפערט אַ פאַרכמורעטער דער אײַזנבאַנער —. די ערד וואָס די דײַטשן צעטרעטן איז אונדזער ערד, די הײַזער וואָס זיי צעשטערן זײַנען אונדזערע...

— ער איז דאָרטן? — האָט אַניוטאַ געפרעגט, אָנווײַזנדיק מיטן פינגער אױף דאָרעם.

— יאָ, דאָרט. און זי אויך — האָט געענטפערט אַלעקסיי.

האָרט לעבן בלאָען בויגן פון דער וואָלגע, אַביסל העכער פון סטאַלינגראַד, האָט זיך געזען אַ קליין קײַקעלע מיט דער אויפשריפט „קאַמישין”. פאַר אים איז עס ניט געווען קיין איינפאַכער געאָגראַפישער פּונקט. ס'איז געווען די קליינע, גרינע שטאָט; די הינטערשטאָטישע באַגראָזטע גאַסן; די שפּעטשענדיקע טאָפּאָלן מיט די גלאַטע, פאַרשטויבטע בלעטער; דער רייעך פון קימל, שוואָמען און גאָרטנוואַרג; די געשטרײַפטע קאַווענע-באַלאָנען וואָס זעען אויס ווי מען וואָלט זיי אוועקגעוואָרפן אָפּן טונקעלן, טרוקענעם ליים פון די קאַווענע-פעלדער און אױף די גרויסע פאַרוועלקטע בלעטער; די שאַרף-שמעקעדיקע סטעפּ-ווינטן; די ריזיקע, גלאַנציקע אויבערפלאַך פון טײַך; די שלאַנקע, אָפּגעברענטע קאַלע, מיט די גרויע אויגן; די גרויע, פאַרהאָרעוועטע און קראַנקע מאַמע...

— זיי זײַנען דאָרטן — האָט ער נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט.

## 2.

די עלעקטרישע באַן האָט זיך שנעל געטראָגן איבער דער מאָסקווער אומגעגנט. האָט שטאַרק געטראַסקעט מיט אירע רעדער און געליאַרעמט מיט איר מעכטיקער סירענע. אַלעקסיי מערעסיעוו איז געזעסן לעבן פענצטער, אַ צוגעדריקטער צו דער וואַגאָן-וואַנט דורך אַן אָרומגעגאָלטן אַלטיטשקן, וואָס האָט געטראָגן אַ ברייטראַנגיקן הוט און גאָלדענע פענסנע מיט אַ שוואַרצן שנירל. צווישן דעם אַלטנס קני האָט געשטעקט אַ העקל פון אַ גערטענירער, אַן אונטערגראָבער און אַ גראַבליע, וואָס זײַנען געווען גוט אָרומגעוויקלט מיט צײַטונגען און פאַרבונדן מיט שפּאַגאַט.

דער אַלטער, ווי אַלע אין יענע מוירעדיקע טעג, איז מיטן געדאַנק אַרײַנגעטאָן געווען אין דער מילכאָמע. ער האָט זיך צעפּאָכעט מיט זײַנע הענט סאַמע אונטער די נאָזלעכער פֿון מערעסיעוו און האָט אים, מיט אַ פֿאַרטרויליכן טאָן, אַרײַנגעשעפּטשעט אין אויער:

— כאָטש איך בין אַ ציווילער מענטש, האָב איך אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען אונדזער פּלאַן: אַרײַנציִען דעם סוינע אין די וואָלגע־סטעפּעס, צווינגען אים צו פֿאַרלענגערן זײַנע קאָמוניקאַציעס, אָדער, ווי מען זאָגט איצט, דערווײַטערן אים פֿון זײַנע באַזעס, און נאָכדעם, — פֿון דאַנען, פֿון מײַרעוו און פֿון צאָפֿן — ריס, ראַס! איבערשנײַדן זײַנע קאָמוניקאַציעס און פֿאַרניכטן אים יאָ, יאָ... ס'איז אַ גוט־פֿאַרטראַכטער פּלאַן. קעגן אונדז קעמפֿט ניט היטלער אַליין. מיט זײַן בײַטש טרײַבט ער אַף אונדז גאַנץ אייראָפּע. מיר קעמפֿן אַליין, אין אַן אויסערגעוויינלעכער שלאַכט, קעגן זעקס לענדער. מען דאַרף האַמעווען דעם דאָזיקן שווידערלעכן קלאַפּ, אַפֿילע פֿאַרן פּרײַז פֿון שעטעך, יאָ. דאָס איז דער איינציקער סייכלדיקער אויסוועג, ווײַל אונדזערע טײַערע אַליאירטע האַלטן נאָך אַלץ אין שווײַגן... האַ? ווי מיינט איר?

— כ'האַלט אַז איר זאָגט אַ נאַרישקייט. אונדזער ערד איז אַ צו טײַערער מאַטעריאַל אַז מיר זאָלן זי באַנוצן סטאַם אַף צו האַמעווען —האָט טרוקן געענטפֿערט מערעסיעוו, דערמאָנענדיק זיך גלײַך אין די כורוועס פֿון טויטן דאָרף, דורך וועלכן ער האָט זיך דורכגעשלעפּט בעמעשעך פֿון ווינטער.

דער אַלטער האָט אים אָבער ניט אויפֿגעהערט צו בורטשען אין אויער און האָט אים אַרומגעוויקלט מיט אַ רייעך פֿון טאַבאַק און פֿון גערשטן־קאַפֿע.

אַלעקסיי האָט אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער. אָנשטעלנדיק זײַן פּאַנעם אַפֿן וואַרעמען, שטויביקן ווינט, האָט ער מיט בענקשאַפֿט געקוקט אַף די זומערדיקע פֿעראָנען, וואָס האָבן זיך פֿאַרבײַגעטראָגן פֿאַרבײַ אים מיט זייערע אָפּגעקראָכענע געפֿלאָכטענע פּלויטלעך; אַף די קאָקעטישע קיאָסקן מיט די פֿאַרלייגטע שטאַבעס; אַף די דאַטשעס וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון צווישן וואַלד־גרינס; אַף די שמאַראַגדענע לאָנקעלעך מיט די אײַנגעטריקנטע ווערבעס און פּיטשינקע טײַכעלעך; אַף די סאָסנע־שטאַמען וואָס זײַנען ענלעך געווען אַף וואַקסענע ליכט און וואָס האָבן געוואָרפֿן בורשטעניק־גאָלדיקע אָפּגלאַנצן אונטער די שטראַלן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון; אַף דער ברייטער, בײַן־האַשמאָשעסדיקער ווײַטקייט וואָס האָט געבלויט פֿון יענעם זײַט וואַלד.

— ...איר, וואָס איר זײַט אַ מיליטערמאַן, זאָגט מיר: איז עס גוט אַזוי? שוין מער ווי אַ יאָר ווי מיר קעמפֿן אַליין קעגן פֿאַשיזם; נו, און די אַליאירטע? און דער צווייטער פֿראָנט? שטעלט זיך פֿאָר אַזאַ מין סצענע: באַנדיטן זײַנען אָנגעפֿאַלן אַן אָנשטענדיקער פֿערזאָן,

וואָס איז, אָן קיין שום פֿאַרדאַכט, געווען אַרײַנגעטאָן אין איר אַרבעט. די דאָזיקע פּערזאָן האָט זיך ניט דערשראָקן, האָט זיך קעגנגעשטעלט, האָט געקעמפּט און האַלט נאָך אין קעמפן מיט זיי. זי פֿאַרלירט אַ סאַך בלוט, אָבער זי קעמפּט, זי דערלאַנגט מיט וואָס נאָר עס לאָזט זיך. זי איז אַליין און זיי זײַנען אַ סאַך. זיי זײַנען באַוואָפּנט און האָבן געלויערט אַ לאַנגע צײַט. אַזוי איז עס. די שכיינים, אָבער, וואָס קוקן זיך צו צו דער דאָזיקער סצענע, זיצן זיך גאַנץ רויִק באַ די טירן פֿון זייערע הײַזער און ווײַזן אַרויס סימפּאַטיע: „בראַוואָ! אַך, סאַך אַ העלד!“ — זאָגן זיי — „אָט אַזוי דאַרף מען אָנלערנען די גאַנאָווים! רײַבט זיי די מאָרדע, רײַבט זיי!“ אַנשטאָט איר צו העלפֿן פּאָטער ווערן פֿון די גאַנאָווים, טראָגן זיי איר אונטער שטיינער און אײַזנס: „נאַ, זאָגן זיי, שלאָג זיי שטאַרקער מיט דעם“, אָבער זיי ווילן נאָך אַלץ ניט ווערן אויס צוקוקערס. יאָ, יאָ, אָט דאָס טוען איצט די אַליאירטע... איינפאַכע צוקוקערס...

מערעסיעוו האָט זיך, אַ פֿאַראינטערעסירטער, אַ קער געטאָן צום אַלטיטשקן. אַ סאַך מענטשן האָבן שוין איצט געקוקט אין זייער זײַט און פֿון אַלע ווינקלען פֿון אָנגעשטאָפּטן וואַגאָן האָבן זיך צעטראָגן מיינונגען:

— אַוואַדע איז ער גערעכט. מיר קעמפן אַליין. ווו איז דער צווייטער פראָנט?

— ס'מאַכט ניט אויס. די אַרבעט, מיט גאָטס הילף, וועלן מיר אָפּטאָן אַליין, אָבער צו דער שאָ פֿון עסן, וועט איר זען ווי אויך זיי וועלן זיך באַווײַזן מיט זייער צווייטן פראָנט.

די באַן האָט טאָרמאָזירט באַם פּעראָן פֿון אַ דאַטשע־סטאַנציע. אין וואַגאָן זײַנען אַרײַן עטלעכע פֿאַרוווּנדיקטע, אין פּיזשאַמעס, מיט אונטערשפּאַרערס און שטעקנס. ווי ס'ווײַזט, זײַנען זיי פֿון אַ הויז־שפּיטאָל פֿאַר געזונט־ווערנדיקע געפֿאָרן אָפּן מאַרק פֿון יענער סטאַנציע און איצט האָבן זיי זיך צוריקגעקערט. דער אַלטיטשקער האָט זיך גלײַך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט.

— זעץ זיך טײַערער, זעץ זיך — און קימאַט מיט געוואַלד האָט ער געצוווּנגען אַ רויטהאָריקן יונגנמאַן, מיט אונטערשפּאַרערס און מיט אַ פֿאַרבאַנדאַזשירטן פֿוס, אַוועקצוזעצן זיך אַף זײַן אָרט —. אײַל זיך ניט, אײַל זיך ניט, זעץ זיך, שטער זיך ניט, איך דאַרף באַלד אַראָפּגיין.

און דער אַלטער, קעדיי מען זאָל אים גלייבן, האָט אַפילע געגעבן עטלעכע טריט אין דער ריכטונג צו דער טיר, מיט זײַן אונטערגראָבער און גראַבליע אין די הענט. די מילכיקערגס האָבן זיך גענומען צונויפּשפּאַרן אַף די בענק קעדיי צו מאַכן אַן אָרט פֿאַר די פֿאַרוווּנדיקטע. הינטער אַלעקסייען האָט אַ פּרוּוו אַ זאָג געטאָן מיט אַ פֿאָרוווּרף־טאָן:

— און ער שעמט זיך גאָרניט? לעבן אים שטייט אַ מילכאָמע־

אינוואַליד און לײַדט אַן אײַנגעפּרעסטער פון אַלע זײַטן, און ער, אַ גע־זונטער מענטש, זיצט זיך ווי ניט אים מיינט מען עס. פונקט ווי ער וואָלט געהאַט אַן אָפּמאַך מיט די קוילן. און דערצו נאָך אַן אָפיציר און אַן אַוויאַטאָר!

אַלעקסיי איז אויפגעקאָכט געוואָרן פון דער דאָזיקער אומגערעכטער באַליידיקונג. זײַנע נאָז־לעפלען האָבן בייז אַ ציטער געטאָן. מיטאַמאָל, אָבער, האָט זײַן פּאָנעם גענומען שײַנען און ער האָט זיך אויפגעהויבן מיט איין שפּרונג.

— זעץ זיך, ברודער.

דער פאַרוווּנדיקטער האָט צעמישט גענומען אָפּטרעטן:

— צו וואָס, כאַוועָר לייטענאַנט. באַמיִרוזקט זיך ניט, כ׳קען שטיין. כ׳בין נאָנט פון דאַנען: צוויי סטאַנציעס, ניט מער.

— זעץ זיך, זאָגט מען דיר! —האָט אַף אים אַ געשריי געטאָן מערעסיעוו, דערפילנדיק אַ צושטראָם פון גרויסער פרייד.

ער האָט זיך צוגערוקט צו דער וואַנט פון וואַגאָן און האָט זיך אַ שמייכלענדיקער אָנגעשפּאַרט אַף איר, און גלײַכצײַטיק אָנגעלענט זיך מיט ביידע הענט אַפן שטעקן. די אַלטע, מיט אַ געקעסטלט טיכל אַפן קאָפּ, האָט קענטיק פאַרשטאַנען איר טאָעס.

— אַך, איר מענטשן!... איר, די נענטערע, טרעט אָפּ אַן אָרט פאַרן אָפיציר מיטן שטעקן. ווי שעמט איר זיך ניט? דו, דו מיטן הוט, דיך מיין איך עס! ביסט געזונג ברייט!... כאַוועָר אָפיציר קומט אַהער אַף מײַן אָרט. רוקט זיך פונאַנדער, אום גאָטס ווילן, לאָזט דורכגיין דעם אָפיציר.

אַלעקסיי האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק. די פרייד וואָס האָט אים געהאַט פאַרפלייצט, האָט זיך אָפּגעקילט. די קאָנדוקטאָרקע האָט אָנגע־רופן די סטאַנציע ווו ער האָט געדאַרפט אַראָפּשטײַגן און די באַן האָט אָנגעהויבן לײַכט צו טאָרמאָזירן. אַלעקסיי האָט זיך דורכגעשפּאַרט צווישן די מענטשן, און בא דער טיר האָט ער זיך ווידער אָנגעשטויסן אַפן אַל־טיטשקן אין די פענסנע. דער אַלטער האָט צו אים אַ ווונק געטאָן, ווי צו אַ גוטן באַקאַנטן.

— ווי מיינט איר, וועלן זיי, ניט געקוקט אַף אַלץ, עפענען דעם צווייטן פראָנט? —האָט ער געפרעגט אינדערשטיל.

— אויב זיי וועלן ניט עפענען, וועלן מיר אַליין אונדזער שטעטל באַשטיין —האָט געענטפערט אַלעקסיי, אַראָפּשטײַגנדיק אַפן הילצערנעם פּעראָן.

די באַן איז פאַרשוווּנדן הינטער אַן אויסבויג, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ זײַל שטויב און אַן אָפּהילך פון זײַן רעדער־טראַסקערײַ און פון זײַן מעכטיקער סירענע. דער פּעראָן, אַף וועלכן ס׳זײַנען געבליבן וויניק פּאַסאַזשירן, איז גלײַך אײַנגעהילט געוואָרן אין אַ שמעקעדיקער, פאַר־

נאַכטיקער שאַלווע. פאַר דער מילכאָמע איז דאָ קענטיק געווען אַ רויִק און שיין ווינקעלע. דער סאָסנע־וואַלד, וואָס איז דערגאַנגען ביז צום סאַמע פעראָן, האָט געמורמלט שטיל און שאַלוועדיק מיט זײַנע קרוינען. אַ יאָר פריִער, אין אַזוינע רויִקע אָוונטן ווי דער איצטיקער, פלעגט דאָ מיסטאָמע קאָכן פון מענטשן, וואָס פלעגן זיך, מיט די סטעזשקעס וואָס פירן דורכן שאָטנדיקן וואַלד, צעשיטן איבער די דאַטשעס. פון די באַנען פלעגן מיסטאָמע אַראָפּשטײַגן עלעגאַנטע פרויען אין לופטיקע, פאַרביקע קליידער, צעשטיפטע קליינוואַרג, פריילעכע, אָפּגעברענטע מענער, וואָס פלעגן זיך אומקערן פון שטאָט מיט שפּײַז־פּאַקעטן און מיט פלעשער ווײַן פאַר די דאַטשניקעס. איצט זײַנען אַראָפּ פון באַן עטלעכע פּאַסאַ־זשירן מיט אונטערגראָבערס, גראַבליעס און אַנדערע גערטענירער־מאַכ־שירים. זיי האָבן שנעל פאַרלאָזן דעם פעראָן און זײַנען אַוועק פאַרדײַ־געטע און פאַרטראַכטע אין וואַלד אַרײַן. בלויז מערעסיעוו, וואָס האָט מיט זײַן שטעקן דערמאָנט אין אַ שפּאַצירער, האָט האַנאָע געהאַט פון דער שיינקייט פון זומער־אָוונט, האָט געאָטעמט מיט פולע לונגען און האָט פאַרמאַכט די אויגן ווען ער האָט דערפילט אַף זײַן הויט דעם וואַ־רעמען קאָנטאַקט פון די זון־שטראַלן, וואָס האָבן זיך דורכגעפילטרירט דורך די סאָסנע־צווײַגן.

אין מאָסקווע האָט מען אים אויפגעקלערט גענוי דעם וועג. ווי אַ געניטן מיליטערמאַן האָבן אים געקלעקט בלויז עטלעכע אָנדײַטן, קעדיי אָפּצוגעפינען דעם וועג צו דער סאַנאַטאָריע, וואָס האָט זיך געפונען אַ צען מינוט גאַנג פון דער סטאַנציע, אַפן ברעג פון אַ קליינער, רויִקער אָזיע־רע. מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק, פאַר דער רעוואָלוציע, האָט אַ רוסישער מיליאָנער באַשלאָסן אויסצובויען נאָנט פון מאָסקווע אַ זומער־פּאַלאַץ, וואָס זאָל ניט האָבן זײַן גלײַכן. ער האָט באַפוילן זײַן אַרכיטעקט אַז ער זאָל ניט זשאַלעווען קיין געלט און אַז דער פּאַלאַץ זאָל זײַן אַבסאָלוט אָריגינעל. ווײַלנדיק צופרידנשטעלן דעם באַלעבאָס, האָט דער אַרכיטעקט אויפגעשטעלט אַפן ברעג פון דער אָזיערע אַ גיגאַנטישע און מעשונע־דיקע ציגלנע געבײַדע, מיט שמאָלע פאַרקראַטעוועטע פענצטער, טורעמ־לעך, אַרײַנגאַנג־טרעפּ, שמאָלע און שפּיציקע דעכער. די דאָזיקע געשמאַק־לאָזע ריזן־געבײַדע האָט אויסגעזען ווי אַ לאַטע אַפן ריינעם רוסישן פּייזאַזש און אַפילע אַף דער אָזיערע מיט אירע וואַסער־געוויקסן. דער פּייזאַזש גופע איז אָבער געווען פרעכטיק! לעבן דעם וואַסער, וואָס האָט אין אַ רויִקן וועטער אויסגעזען גלאַט און גלאַנציק ווי קרישטאָל, איז געוואַקסן אַ וועלדל פון יונגע טאָפּאָלן מיט ציטערדיקע בלעטער. דאָ און דאָרט האָבן זיך דורכגעלויכטן די ווײַסע שטאַמען פון בעריאָזעס, וואָס זײַנען געווען באַדעקט מיט גרינע קלעטער־פלאַנצן. דער בלאָלעכער רינג פון אַן אַלטן סאָסנע־וואַלד האָט אַרומגענומען די אָזיערע מיט אַ ברייטן, געציינדלטן קרײַז. און דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מיטן קאָפּ אַראָפּ

אין די וואסערן, צעלאזנדיק זיך אין דער פרישער בלאקייט פון דער העלער, דורכזיכטיקער פליסיקייט.

א סאך בארימטע מאלער האבן א לאנגע צייט פארבראכט באם גאסטפריינטלעכן באלעבאס פון דאזיקן פאלאץ. דער שיינער פייזאזש, אין זיין גאנצקייט און אין יעדן איינעם פון זיינע פראטים, איז פאראייביקט געווארן אף צאלרייכע ליוונטן, ווי א מוסטער פון דער אימפאזאנטער און איינפאכער שיינקייט וואס איז כאראקטעריסטיש פאר דער נאטור פון צענטראל־רוסלאנד.

אין דאזיקן פאלאץ איז געווען איינגעאָרדנט א סאנאטאריע פון די לופט־קרעפטן. פאר דער מילכאמע פלעגן זיך די פילאטן אפרוען דארט צוזאמען מיט זייערע פרויען און צייטנווייז מיט זייערע פאמיליעס. בעייסן קריג זיינען זיי געשיקט געווארן אהין דערהיילן זיך, נאכן פארלאזן דעם שפיטאל. אלעקסיי איז אנגעקומען אין סאנאטאריע ניט מיטן ברייטן, אספאלטירטן שאסיי, נאר מיט א זייטיקן וועג, וואס האט, דורכן וואלד, געפירט דירעקט פון דער סטאנציע צו דער אזיערע. ער איז אריין, אזוי צו זאגן, דורכן רעטאגווארד און קיינער האט אים ניט באמערקט. ער האט זיך אויסגעמישט מיט א גרעסערער טומלדיקער גרופע וואס האט, באם הויפט־אריינפאר, ארומגערינגלט צוויי אויטאבוסן אנגעפראפטע מיט מענטשן.

לויט די שמועסן, ענטפערס און געזעגענונגס־אויסגעשרייען, האט ער פארשטאנען אז א גרופע פילאטן פארט אפ צום פראנט. די פאסאזשירן זיינען געווען פריילעך, עקזאלטירט, פונקט ווי זיי וואלטן געפארן צו זייערע פרידלעכע גארניזאנען און ניט אהין, ווו הינטער יעדן וואלקנדל לויערט אף זיי דער טויט. אין די פענעמער פון די וואס האבן זיך געזעגנט מיט זיי האט זיך געמערקט אומגעדולדיקייט און אומעט. אלעקסיי האט עס פארשטאנען. זינט דעם אנהייב פון דער נייער גיגאנטישער דערעם־שלאכט האט ער אליין געפילט אף זיך די אומבאזיגלעכע צוציקראפט פון פראנט, די מאגנעט־קראפט וואס איז פארגרעסערט געווארן אין דער מאס ווי די געשעענישן האבן אנגענומען גרעסערע פראפארצן און ווי ס'איז ערנסטער געווארן די לאגע. ווען אין די מיליטערישע קרייזן האט מען אנגעהויבן דערמאנען, דערווייל נאך מיט א שטילער און פארזיכטיקער שטים, דאס ווארט „סטאלינגראד", האט זיך די דאזיקע צוציקראפט פארוואנדלט אין אן אויסמאטערנדיקער, נאגנדיקער זארג און די געצווונגענע אומאקטיווקייט פון שפיטאל איז געווארן אומדערטרעגלעך.

פון די פענצטערלעך פון די עלעגאנטע אויטאבוסן האבן זיך ארויסגעבויגן בראנדזענע, צעהיצטע פענעמער. א קליינוווקסיקער ארמענער, א הינקעדיקער און פליכעוואטער, אין א געשטרייפטער פיזשאמע, אייגער פון יענע אלגעמיין־אנערקענטע פריוויליקע שפאסער און וויצלער וואס פעלן ניט אין קיין שום אפרו־ארט, האט ארומגעשמייעט ארום די

אויטאָבוסן און האָט, זשעסטיקולירנדיק מיטן שטעקן, געזעגנט זיך מיט יעדן איינעם פֿון די אַפּפּאָרנדיקע:

— העי, פּעדיאַ, גרים דאָרטן, אינעדרלופּטן, די „פּריצן״! לערן זיי גוט אָן פֿאָרן ניט האָבן געלאָזן דיר ענדיקן דײַן לעוואָנעדיקע קוראַציע! פּעדיאַ, פּעדיאַ! ווײַז זיי דאָרט, אינדערלופּטן, אַז ס׳איז ניט קאָרעקט פֿון זייער זײַט איבערצורײַסן די לעוואָנע־בעדער פֿון אַ סאָוועטישן לופּט־העלד.

דער אָנגערופֿענער פּעדיאַ, אַ פֿאַרברוינטער באָכער, מיט אַ קײַלעכדיקן קאָפּ און מיט אַ גרויסן שראַם איבערן גאַנצן שטערן, האָט זיך אַרויסגעבויגן דורכן פֿענצטערל און האָט שרײַענדיק פֿאַרזיכערט אַז דער לעוואָנע־קאָמיטעט פֿון דער סאַנאַטאָריע מעג זײַן רויִק.

אין דער גרופּע און אין די אויטאָבוסן איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער. די מאַשינען האָבן זיך אַ ריר געטאָן אין דער ריכטונג צום טויער.

— זײַט מאַצליִעך! אַ גליקלעכע רײַזע! — האָבן זיך געהערט קוילעם אין דער גרופּע.

— פּעדיאַ, פּעדיאַ! שיק שנעל דעם נומער פֿון פֿעלד־שטאַפּעט! זינאָטשקאַ וועט דיר אומקערן דײַן האַרץ אין אַ רעקאָמענדירטן פּאָסטפּעקל!...

די אויטאָבוסן זײַנען פֿאַרשוווּנדן הינטער אַן אויסבויג פֿון וועג. דער שטויב, אַ באַגילדטער דורך דער פֿאַרגייענדיקער זון, האָט זיך אָפּגעזעצט. די געזונטוווּרנדיקע כוילאָיִם, אין כאַלאַטן און געשטרײַפּטע פּיזשאַמעס, האָבן זיך צעשאָטן איבערן פּאַרק. מערעסיעוו איז אַרײַן אין וועסטיביול פֿון דער סאַנאַטאָריע; אַף די הענגערס זײַנען געווען אָנגעהאַנגען היטלען מיט בלאַנקעטענע קענטלעך; אין די ווינקלען און אַפֿן דיל זײַנען געווען אָנגעוואָרפֿן ראָשן, באַלאָנען פֿון וואָלי־באָל, קראָקעט־האַמערס און טעניס־ראַקעטן. דער הינקעדיקער אַרמענער האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין ביוראָ. זײַן פּאָנעם, געזען פֿונדערנאָנטן, האָט אויסגעזען ערנסט און אינטעליגענט; זײַנע גרויסע אויגן זײַנען געווען שיין און מעלאַנכאָליש. אַפֿן וועג האָט ער זיך שפּאַסיק פֿאָרגעשטעלט ווי דער פֿאָרזיצער פֿון לעוואָנע־קאָמיטעט פֿון דער סאַנאַטאָריע, און האָט דערקלערט אַז די לעוואָנע־בעדער, לויט ווי ס׳האָט דערוויזן די מעדיצין, זײַנען די בעסטע טרופּע פֿאַר קאָלערליי ווונדן; וואָס שײַעך דעם אַלעמען, טאָלערירט ער ניט קיין צופֿעליקייטן און קיין אומאָרדענונג; ער אַליין גיט אַרויס די דערלויבענישן אַף די פֿאַרנאַכטיקע שפּאַצירן. ער האָט געשפּאַסט אויטאָמאַטיש. פֿון זײַנע אויגן איז ניט פֿאַרשוווּנדן דער ערנסטער אויסדרוק און ער האָט מיט אַ נײַגעריקן און שאַרפֿן בליק געפֿאָרשט זײַן מיטשמועסער.

אין ביוראָ האָט מערעסיעוו אויפֿגענומען אַ מיידל אין אַ ווײַסן

כאַלאַט און מיט אַזוינע רויטע האָר, אַז ס'האָט זיך אויסגעדוכט: איר קאָפּ איז אַרומגענומען מיט פלאַמען.

— מערעסיעוו? — האָט זי שטרענג אַ פרעג געטאָן, אַוועקלייגנדיק דעם בוך וואָס זי האָט געלייענט —. מערעסיעוו, אַלעקסיי פעטראָוויטש? — און דורכשטעכנדיק דעם אַוויאַטאָר מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק, האָט זי צוגעגעבן: — איר מאַכט פון מיר כויזעק? דאָ איז באַ מיר פאַרשריבן: „מערעסיעוו, לייטענאַנט, פון שפּיטאָל איקס, אָן פיס”, און איר...

דאַן ערשט האָט אַלעקסיי גוט דערזען איר קײַלעכדיק און ווײַס פּענעמל, וואָס האָט זיך פולשטענדיק פאַרלאָרן צווישן דער צעוואַקסענער שעוועליורע פון אירע קופּערדיקע האָר. אונטער איר דינער הויט האָבן זיך געביטן און געצונדן די קאָלירן. זי האָט געקוקט אַף אַלעקסייען מיט אַ פרײלעכער איבעררַאשונג, מיט קײַלעכדיקע, קלאָרע און עטוואָס האָזעדיקע סאָווע־אויגן.

— פונדעסטוועגן בין איך פּאָרט מערעסיעוו אַלעקסיי; אָט איז מײַן באַשטעטיקונג... און איר זײַט ליאָליאַ?

— ניין; וואָס פעלט אײַך אײַן? איך בין זינאַ. איר נוצט פּראָטעזן, צי וואָס? — האָט זי אים געפרעגט און האָט אַן אַפּיקוירעסדיקן קוק געטאָן אַף זײַנע פיס.

— אַהאַ! הייסט עס אַז איר זײַט די זעלבע זינאָטשקאַ, וועמען פעדיאַ האָט אָנגעטרויט זײַן האַרץ?

— דאָס האָט אײַך געזאָגט דער קאָמאַנדיר בורנוזיאַן? שוין, ער האָט זיך שוין ספּראַוועט. אוי, ווי כ'האָב אים פײַנט דעם דאָזיקן בורנוזיאַן. ער לאַכט אָפּ פון אַלעמען, פון אַלעמען. און אַז כ'האָב אויסגעלערנט פעדיאַן טאַנצן, איז וואָס אַזוינס? אויך מיר אַן איניען!

— און מיך וועט איר אויסלערנען? איר וועט עס טאָן? בורנוזיאַן האָט מיר צוגעזאָגט אויסצושטעלן אַ דערלויבעניש פאַר די לעוואַנעבעדער.

— טאַנצן? אָן פיס? לאָזט געמאַך! איר זײַט אויך פון די וואָס לאַכן אָפּ פון אַלעמען.

אין יענעם מאָמענט איז אַרײַנגעלאָפן אין ביוראָ דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו און האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט אַלעקסייען:

— זינאָטשקאַ, געדענקט: דער לייטענאַנט בלײַבט אין מײַן צימער.

מענטשן, וואָס זײַנען אַ לאַנגע צײַט אָפּגעווען אין איין שפּיטאָל, באַגעגענען זיך נאָכדעם ווי ברידער. אַלעקסיי האָט זיך דערפרייט מיטן קאָמאַנדיר פונקט ווי ער וואָלט אים יאָרן ניט געזען. סטרוטשקאָוו האָט זיך אין דער סאַנאַטאָריע געפילט ווי אינדערהיים; ער האָט שוין אַלעמען געקענט און אַלע האָבן אים געקענט. אין איין איינציקן טאָג האָט

ער געהאַט צײַט צו באַפרײַנדן זיך און צו צעקריגן זיך מיט אַ סך מענטשן.

די פענצטער פון קליינעם צימערל, וואָס ביידע פרײַנט האָבן פאַר־נומען, זײַנען אַרויס אין פּאַרק. סאַמע אונטער די פענצטער זײַנען גע־וואַקסן שלאַנקע סאָסנעס; אויף דער ערד האָט זיך העל־גרין געשפּרייט דאָס געבלעטערוואַרג פון ברוסניצעס; ס׳האָט זיך אויך געשאָקלט אָפן ווינט אַ דעליקאַטער ראָבינע־בוים און געשורשעט מיט זײַנע אויסגע־שניטענע בלעטער, פון צווישן וועלכע ס׳האָט אַרויסגעקוקט איין איינ־ציק הענגל גלאַנציקע ראָבינעס. גלײַך נאָך וועטשערע האָט זיך אַלעקסיי געלייגט; ער האָט זיך אויסגעצויגן צווישן די פרישע לײַלעכער, וואָס זײַנען עטוואָס פײַכטלעך געווען פון פאַרנאַכטיקן נעפּל, און איז גלײַך אײַנגעשלאָפן.

יענע נאַכט האָבן זיך אים געכאָלעמט מעשונעדיקע און באַומרויִקנ־דיקע כאָלוימעס.

*

בלאָלעכער שניי. לעוואָנע. דער וואַלד, ווי אַ האַריקע נעץ, פאַר־דעקט אים און ער מוז זיך אַרויסקריגן פון דער דאָזיקער נעץ. דער שניי האַלט אים אָבער צו באַ די פיס. אַלעקסיי מאַטערט זיך, פּאָרויספּילנדיק אַז ס׳רוקט זיך אָן אויף אים אָן אומבאַשטימטער אָבער שוידערלעכער אומגליק. זײַנע פיס זײַנען אָבער אײַנגעפרוירן אינעם שניי און ס׳איז ניטאָ די קראַפט וואָס זאָל אים קענען פון דאָרט אַרויסציִען. ער קרעכצט. ער דרייט זיך איבער. אַרום אים איז שוין ניט דער וואַלד, נאָר דער אַעראָ־דראָם. דער לאַנגער יורא זיצט אין דער קאַבינע פון אַ מעשונעדיקן, ווייכן, אָנפּליגלדיקן אַוויאָן. ער מאַכט מיט די הענט, לאַכט און הייבט זיך אויף ווערטיקאַל צום הימל. דער זיידע מיכאַיִל נעמט אַלעקסייען אויף די הענט און רעדט צו אים ווי צו אַ קינד: „לאָז אים, לאָז אים! און מיר, מיר וועלן זיך אויסבאָדן און אויסוואַרעמען די ביינדעלעך! וועסט זען סאַראַ מעכאַיע דאָס איז!” ער לייגט אים אָבער ניט אַוועק אויף דער הייסער באַנק פון דאַמף־בעדל, נאָר אָפן שניי. אַלעקסיי וויל זיך אויפהייבן, אָבער ער קען ניט: די ערד ציט אים שטאַרק צו. אָבער ניין, ניין, ניט די ערד ציט אים צו; ס׳איז גאָר אַ בער וואָס האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים מיטן גאַנצן געוויכט פון זײַן וואַרעמען קערפּער. די כאַיע דערשטיקט אים, צעקוועטשט אים, כריפּעט איבער אים. ס׳פאָרן פאַרבײַ אויטאָבוסן מיט פּילאָטן, וואָס קוקן אַרויס פרייליך דורך די פענצטערלעך אָבער זיי באַמערקן אים ניט. אַלעקסיי וויל שרײַען אַז זיי זאָלן אים העלפן, ער וויל לויפן צו זיי, אָדער לעכאָל־האַפּאָכעס מאַכן צייכנס מיט דער האַנט, אָבער ער קען ניט. ער עפנט דעם מויל, אָבער מער ווי אַ שעפּטש גייט ניט אַרויס. אַלעקסיי שפּירט אַז ער ווערט דערשטיקט, אַז עס שטעלט זיך אים אָפּ דאָס האַרץ; ער מאַכט אַ לעצטע אָנשטרענגונג; ס׳נעמט

שווינדלען פֿאַר זײַנע אויגן זינאַטשקאַס לאַכנדיק פּנים, וואָס איז אײַנגעהילט אינעם פּלאָס־פֿײַער פֿון איר קופּערדיקער שעוועליורע, און די אויגן אירע, אַביסל האָזעדיקע און פֿולע מיט נײַגעריקייט, שײַנען אָפּלאַכעריש.

*

אַלעקסיי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ געפֿיל פֿון אומבאַשטימטער אומרויִקייט. ס'איז געווען שטיל. דער קאָמאַנדיר האָט לײַכט אונטערגעכראָפּעט. אַ געשפּענסטיקער לעוואָנע־שטראַל, וואָס האָט דורכגעקרייצט דעם צימער, איז געלעגן אומבאַוועגלעך אַף דער ערד. פֿאַרוואָס האָבן זיך צוריקגעקערט די בילדער פֿון יענע שוידערלעכע טעג, אין וועלכע אַלעקסיי האָט זיך קימאַט קיינמאָל ניט דערמאָנט? אַ לײַכטער, איינהייטלעכער גערויש, אַ פֿאַרוויגנדיקער געמורמל, וואָס איז געווען צונויפֿגעגאָסן מיט דער פֿערפֿומירטער און פֿרישער לופֿט פֿון דער נאַכט, איז אַרײַנגעדרונגען דורכן אָפֿענעם לעוואָנע־באַזילבערטן פֿענצטער. אָט פֿלעגט דער גערויש אַלאַרמירן, פֿאַרשטאַרקן זיך; אָט — שטילער ווערן, דערווײַטערן זיך, און האָט — קאָנדענסירן זיך אין אַן אומרויִקן און שאַרפֿן טאָן: דאָס האָט דאָס סאָסנע־וועלדל געמורמלט פֿון יענער זײַט פֿענצטער.

דער פּילאָט האָט זיך אַוועקגעזעצט אין בעט און האָט זיך אַ לאַנגע צײַט צוגעהערט צום מיסטעריעזן געמורמל פֿון די סאָסנעס. נאָכדעם האָט ער אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געוואָלט דערווײַטערן פֿון זיך אַ האַלוצינאַציע, און ער האָט ווידער דערפֿילט אין זיך אַ פֿעסטע און אָפּטימיסטישע ענערגיע. ער האָט געדאַרפֿט זײַן אין סאַנאַטאָריע 28 טעג. שפּעטער וועט מען אים שטענדיק אָפּטרעטן אַן אָרט אין טראַמוווײַ און מען וועט אים נאָכקוקן באַגלייטן מיט ראַכמאָנעסדיקע בליקן. אויב אַזוי, דאַרף יעדע מינוט פֿון די דאָזיקע לאַנגע און גלײַכצײַטיק קורצע 28 טעג ווערן אַ שלאַכט פֿאַר פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַ נאָרמאַלן מענטשן.

און אַזוי זיצנדיק אַפֿן בעט, אין מילדער לעוואָנע־שײַן און אונטער דער באַגלייטונג פֿון קאָמאַנדירס כראָפּערײַען, האָט אַלעקסיי אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פֿון איבונגען. אין דאָזיקן פּלאַן זײַנען אַרײַן: פּרימאָרגנדיקע און פֿאַרנאַכטיקע גימנאַסטיק, מאַרשן, געלאָפֿן, ספּעציעלע איבונגען פֿאַר די פֿיס; אָבער דאָס וואָס עס האָט אים צום מערסטן ענטוזיאַזמירט, דאָס וואָס עס וואָלט אים דערלויבט געניט צו מאַכן, אין אַלע הינזיכטן, זײַנע קינסטלעכע פֿיס, איז געווען פֿאַרבונדן מיטן געדאַנק וואָס איז אַרויפֿגעשווומען בעייסן שמועס מיט זינאַטשקאַן:
ער האָט באַשלאָסן אויסלערנען זיך טאַנצן.

## 3.

אין אַ רויִקן, לויטערן מיטנטאָג פון כוידעש אויגוסט, ווען די גאַנצע נאַטור האָט געגלאַנצט און געפינקלט, האָבן עטלעכע פּילאָטן געגנומען זונען־וואַנעס אַפן זאַמדיקן ברעג פון אַ שמאָל טײַכל, וואָס האָט זיך, מיט אַ שטילן געמורמל, געשלענגלט צווישן די קוסטעס. דורך אומבאַשטימטע, קוים־קוים באַמערקלעכע סימפּטאָמען, האָט מען שוין אָנגעהויבן דערפילן אין דער הייסער לופט די לײַכטע מעלאַנכאָליע פון פאַרוועלקונג.

מידע פון היץ, האָבן זיי געדרעמלט. אַפילע דער אומדערמידלעכער בורנאַזיאַן, וועלכער האָט געהאַלטן אײַנגעגראָבן אין זאַמד זײַן דעפּאָרמירטן פוס, וואָס האָט זיך נאָך דער אָפּעראַציע שלעכט צונויפגעוואַקסן, האָט געשוויגן. זיי זײַנען געווען פאַרשטעלט דורך גראָע בלעטער פון אַ נוסבוים, אָבער זיי האָבן געזען דאָס שטעגל וואָס האָט זיך געשניטן פּאַראַלעל צום ברעג טײַכל. בורנאַזיאַן, וואָס איז געווען פאַרטאָן מיט זײַן פוס, האָט אַף יענעם שטעגל דערזען אַן איבעררעשנדיקן ספּעקטאַקל.

פון וועלדל איז אַרויס דער וואָס איז נעכטן אָנגעקומען. ער האָט געטראָגן די געשטרײַפטע הויזן פון דער פּיזשאַמע און די שיך, אָבער ביזן גאַרטל איז ער געווען נאַקעט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן און ניט זעענדיק קיינעם, האָט ער גענומען לויפן און מעשונעדיק אונטערשפּרינגען, האַלטנדיק צוגעדריקט די עלנבויגנס צום קערפּער. נאָכן אָפּלויפן אַ צוויי הונדערט מעטער, האָט ער פאַרקלענערט די שנעלקייט ביז אַ נאָרמאַלן שפּרײַזן און האָט שווער געאָטעמט, אַן אָפּגעבאָדענער אין שוויים. ער האָט זיך אָפּגערוט און איז ווײַטער געלאָפן. זײַן קערפּער האָט געגלאַנצט ווי די זײַטן פון אַ מידן פערד. בורנאַזיאַן האָט געגעבן אַ צייכן זײַנע כאַווײרים אַז זיי זאָלן זיך צוקוקן, און אַלע האָבן גענומען אָבסערווירן דורכן גערדיכטן גראָז.

דער נײַער, אַ פאַרסאָפּעטער פון די דאָזיקע אײַנפאַכע איבונגען, האָט זיך געקרימט פון ווייטיק, האָט פון צײַט צו צײַט געקרעכצט, אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט צו לויפן.

— הער, גוטער ברודער! עס לאָזן דיך ניט צורו די לאָרבער־קרענץ פון די זנאַמענסקים? — האָט צום סאָף אַ געשריי געטאָן בורנאַזיאַן, ניט קענענדיק זיך מער אײַנהאַלטן.

דער נײַער האָט זיך אָפּגעשטעלט. די מידקייט און דער ווייטיק זײַנען אַף אַ ווײַל פאַרשוווּנדן פון זײַן פּאָנעם. ער האָט גלײַכגילטיק אַ קוק געטאָן צום גראָז און, ניט ענטפערנדיק אַ וואָרט, איז ער אַרײַן אין וועלדל מיט אַ מעשונעדיקן און צעוויגטן גאַנג.

— ווער איז דער דאָזיקער אַקראָבאַט? איז ער מעשוגע? — האָט געפרעגט אַ פאַראינטריגירטער בורנאַזיאַן.

דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו, וואָס האָט זיך אָקערשט געהאַט אויסגעטשוכעט, האָט אויפגעקלערט:

— ער האָט קיין פּיס ניט. ער איבט זיך אַף פּראָטעזן. ער וויל זיך אומקערן צו דער יאַגד־אַוויאַציע.

די דאָזיקע אַלע מענטשן, וואָס זײַנען געווען צוגעפּלעטשט דורך דער היץ, האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי מען וואָלט זיי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער. זיי האָבן גענומען ריידן אַלע צוזאַמען. ס'האָט זיי איבערראַשט אַז אַ באָכער אַף וועלכן זיי האָבן קיין שום אויסערגעוויינלעכס ניט באַמערקט, אויסער זײַן אַביסל מעשונעדיקן אויפן פון גיין, זאָל ניט האָבן קיין פּיס. זײַן אײַנפאַל צו פליִען אָן פּיס אין אַ יאַגדלער האָט זיי אויסגעזען אַבסורדאַל, אומוואַרשײַנלעך און אַפילע לעסטערנדיק. זיי האָבן אויסגערעכנט פאַרשיידענע פאַלן פון עלימינירן לופטפליִער צוליב קליינִיקייטן, ווי: דאָס פאַרלירן צוויי פינגער פון אַ האַנט, נערוועִישע צערודערונג אָדער אַפילע פּלאַטפּיס. וואָס שײַעך דעם געזונטצושטאַנד פון פּילאָטן, איז מען שטענדיק —און אויך בעיים דער מילכאָמע— געווען זייער שטרענג און אָפּקלײַבעריש אין דעם זינען, אין פאַרגלײַך מיט מיליטערלײַט פון אַנדערע פאָרמאַציעס. זיי האָבן אויך געהאַלטן אַז ס'איז אוממעגלעך צו באַהערשן אַזאַ דעליקאַטן און שפּירעוודיקן אַפּאַראַט ווי אַ יאַגדלער מיט פּראָטעזן אַנשטאָט פּיס.

אַלע האָבן, פאַרשטייט זיך, מאַסקים געווען, אַז מערעסיעוום אײַנפאַל קען מען ניט פאַרווירקלעכן. עס האָט זיי אָבער פאַראינטערעסירט דער דרײַסטער און פאַנאַטישער דראַנג פון דאָזיקן אָנפּיסיקן מענטשן.

— דײַן פרײַנט איז אָדער אַ פאַרלוירענער אידיאָט אָדער אַ גאָען; קיין דורכשניט איז דאָ ניט מעגלעך — האָט בורנאַזיאַן רעזומירט די דיסקוסיע.

די יעדיִע אַז אין סאַנאַטאָריע וווינט אַ מענטש אָן פּיס וואָס טרוימט וועגן פליִען אין אַ יאַגדלער, האָט זיך גלײַך פאַרשפּרייט אומעטום. בעייסן עסן איז אַלעקסיי געוואָרן דער צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. ס'האָט אָבער, אויסגעזען אַז ער באַמערקט עס ניט. ער האָט זייער פריילעך פאַרבראַכט מיט זײַנע טיש־שכיינים; האָט געגעסן אַ סאַך און מיט אַפּעטיט; האָט, אין העסקעם מיט דער טראַדיציע, געכאָכמעט זיך מיט די שיינע קעלנערקעס; האָט געשפּאַצירט מיט די פרײַנט איבערן פּאַרק, האָט זיך געלערנט שפּילן אין קראָקעט און האָט אַפילע אַביסל געקלאַפּט אין פּילקע אַפן פעלד פון וואָלי־באָל. די וואָס האָבן אים אָבסערווירט, האָבן קיין שום זאַך ניט באַמערקט אַף אים, אויסער זײַן גיין פּאַמעלעך און זײַן אונטערשפּרינגען. קיין שום אויסערגעוויינלעכס איז ניט געווען אין דעם. זיי האָבן זיך גלײַך צוגעוווינט צו אים און געלאָזט אים צורו.

אַפן צווייטן טאָג נאָך זײַן אָנקומען אין סאַנאַטאָריע, איז אַלעקסיי

פאַרנאַכטלעך אַרײַן אין ביוראָ זען זיך מיט זינאָטשקאַן. ער האָט איר געבראַכט אַ שטיק טאָרט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון עסן, און האָט זיך אָן שום צערעמאָניעס אַוועקגעזעצט באַם טיש. געפרעגט האָט ער ווען וועט זי אויספילן איר צוזאָג.

— וואָס פאַר אַ צוזאָג? האָט זי זיך אַ וווּנדער געטאָן, אויסבייגנדיק שטאַרק אירע אונטערגעפירטע ברעמען.

— זינאָטשקאַ, איר האָט מיר צוגעזאָגט אויסלערנען טאַנצן.

— אָבער... —האָט זי געפּרוווט דערווידערן.

— מען האָט מיר געזאָגט אַז איר זײַט אַ לערערן פון אַזאַ גרויסן טאַלאַנט אַז איר קענט אַפילע אויסלערנען טאַנצן מענטשן אָן פיס, און אַז ווען איר נעמט זיך צו נאָרמאַלע מענטשן, געשעט מיט זיי דאָס פאַר־קערטע — זיי פאַרלירן ניט נאָר די פיס נאָר אויך דעם קאָפּ, ווי ס'האָט פּאַסירט מיט פעדיאַן. ווען הייבן מיר אָן? מאַכט ניט קיין שפּעס און לאָמיר ניט פאַרלירן קיין צײַט אומזיסט.

אינדערעמעסן איז איר דער דאָזיקער נײַער שטאַרק געפעלן געוואָרן. אָן פיס און ער וויל מען זאָל אים אויסלערנען טאַנצן! און פאַרוואָס ניט? ער איז געווען זייער אַ סימפּאַטישער, האָט געהאַט אַ טונקעלן, גלאַטן פּנים און אַ שיינעם געקרײַזלטן קאָפּ האָר. ער איז געגאַנגען פּונקט ווי אַ געזונטער מענטש און זײַנע אויגן זײַנען געווען אײַנדרוק־פולע, אַביסל מעשוגעוואַטע און עפּשער אויך אַ קאַפּעלע מעלאַנכאָלישע. דאָס טאַנצן האָט פאַרנומען אַ ניט־קליינעם אָרט אין זינאָטשקאַס לעבן. זי האָט ליב געהאַט טאַנצן און זי האָט געקענט די מעלאָכע... און מערעסיעוו, ניט געקוקט אַף אַלץ, איז געווען אַ באָכורעץ מיט ביינער!

מיט איין וואָרט — זי האָט מאַסקים געווען. זי האָט דערציילט אַז אויסגעלערנט טאַנצן האָט זי זיך מיט באָב גאָראָכאָוון, וואָס איז געווען באַרימט אין גאַנצן קוואַרטאַל פון סאָקאָלניקי און וואָס איז געווען דער בעסטער שילער און נאָכפאָלגער פון פּאַול סודאַקאָווסקי. דער דאָזיקער סודאַקאָווסקי איז געווען באַרימט אין גאַנץ מאָסקווע און איז געווען טאַנץ־פּראָפעסאָר אין אייניקע מיליטערישע אַקאַדעמיעס און אַפילע אין פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אויסערלעכע איניאָנים. זי האָט געיאַרשנט פון יענע צוויי גרויסע מענטשן די בעסטע טראַדיציעס פון סאַלאָן־טאַנץ, און עפּשער וועט זיך איר טאַקע אײַנגעבן אויסלערנען אים טאַנצן, כאָטש זי איז, נאַטירלעך, ניט שטאַרק איבערצײַגט אַז מען קען טאַנצן אָן אויטענטישע פיס. די באַדינגונגען אירע זײַנען געווען זייער שטרענגע: ער האָט געדאַרפט זײַן געהאָרכיק און פּינקטלעך, באַמיִען זיך ניט צו פאַרליבן אין איר —ווײַל דאָס שטערט די לעקציעס—, און דאָס וויכ־טיקסטע — ניט זײַן איפּערזיכטיק, ווען אַנדערע קאַוואַליערן וועלן זי פאַרבעטן טאַנצן. טאַנצנדיק מיט איין איינציקן, קען מען שנעל פאַרלירן די פאָרעם און, אַגעוו, איז עס נודנע.

מערעסיעוו האָט מאַסקים געווען אַף אַלץ. זינאָטשקאַ האָט אַ טרייסל געטאָן מיט אירע פֿײַערדיקע האָר און, באַוועגנדיק פֿלינק אירע קליינע, שלאַנקע פֿיסלעך, האָט זי דאָרטן אַף אַן אָרט, גענומען לערנען אים שטעלן דעם ערשטן טראָט. פֿריִער האָט מערעסיעוו גאָר פֿײַן געטאַנצט דעם רוסישן נאַציאָנאַלן טאַנץ און אייניקע אַלטע טענץ, וואָס די מעלאָדיעס זייערע האָט געשפּילט אין קאַמישינער פּאַרק דער אָרקעסטער פֿון די פֿײַערלעשער.

ער האָט געהאַט אַ זין פֿאַר ריטם און האָט שנעל באַנומען די פֿרייַלעכע לערע. איצט איז די שוועריקייט באַשטאַנען אין באַהערשן מיט געניטקייט און אין רירן ניט מיט קיין לעבעדיקע, עלאַסטישע און באַוועגלעכע פֿיס, נאָר מיט אַפּאַראַטן פֿון לעדער, וואָס זײַנען מיט רימענס געווען צוגעפֿעסטיקט צו זײַנע ליטקעס. עס זײַנען נייטיק געווען איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען און אַן איבערמענטשלעכע אָנשפּאַנונג פֿון די מוסקולן און פֿונעם ווילן, קעדיי מיט די באַוועגונגען פֿון די פּאַרשטײַפֿטע פֿיס אַרײַנצוגעבן לעבן אין די שווערע און אומגעלומפּערטע פּראָטעזן.

ער האָט זיי, פֿונדעסטוועגן, געצוווּנגען אונטערצוגעבן זיך. יעדע נײַע אויסגעלערנטע פֿיגור, אַלע גליטשעניש, אָפּהאַלטונגען, גערדרייען און פֿונקטירונגען, די גאַנצע קאָמפּליצירטע טעכניק פֿון סאַלאָן־באַל וואָס איז טעאָריזירט געוואָרן דורכן באַרימטן פּאַול סודאַקאָווסקי און וואָס איז געווען אויסגעפּוצט אין אַן אימפּאָזאַנטער און קלינגעדיקער טערמינאָלאָגיע — האָט פֿאַרשאַפֿט אַלעקסייען גרויס פֿרייד. מיט יעדער נײַער טאַנץ־פֿיגור האָט ער זיך געפֿרייט ווי אַ קליין קינד. גלײַך ווי ער פֿלעגט זיך עפּעס אויסלערנען, פֿלעגט ער אַרומקרײַזן אַרום זיך זײַן לערערן אָדער אַ הייב טאָן זי אינדערלופֿטן, פֿײַערנדיק אַף אַזאַ אויפֿן דעם ניצחון וואָס ער האָט דערגרייכט איבער זיך אַליין. און קיינער, אַפֿילע ניט זײַן לערערן, האָט געקענט כווישעד זײַן וואָס פֿאַראַ ווייטיק עס פֿאַרשאַפֿט אים דאָס קאָמפּליצירטע און פֿאַרשיידנאַרטיקע דרייען זיך, און וואָס עס קאָסט אים דאָס באַהערשן די דאָזיקע לערע. קיינער האָט ניט באַמערקט ווי צוזאַמען מיטן שווייס ווישט ער אָפּ צײַטנווײַז ווייטיקדיקע טרערן, וואָס ער פֿרווּט באַהאַלטן מיט אַ שמייכל.

איינמאָל איז ער אַרײַן אין זײַן צימער אַ הינקעדיקער, אַ פֿולשטענדיק צעבראָכענער, אָבער אַ פֿריילעכער:

— איך לערן זיך טאַנצן! — האָט ער פֿײַערלעך דערקלערט סטרוטשקאָוון, וואָס איז אַ פֿאַרטראַכטער געשטאַנען באַם פֿענצטער און געקוקט ווי דער זומערדיקער טאָג לעשט זיך פּאַמעלעך אויס און ווי די לעצטע זון־שטראַלן שפּילן מיט זייערע גאָלדיקע אָפּגלאַנצן צווישן די ביימערקרוינען.

דער קאָמאַנדיר האָט ניט געענטפֿערט.

— און כ'וועל זיך אויסלערנען! —האָט צוגעגעבן אַקשאָנעסדיק מערעסיעוו, אויסטוענדיק אַ צופרידענער די פּראָטעזן און קראַצנדיק מיט אַלע זײַנע קויכעס די אָפּגעשניטענע פיס, וואָס זײַנען געווען אָנגעבראַקנעט פון די רימענס.

סטרוטשקאָוו האָט זיך ניט אָפּגעקערט, אָבער ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ מעשונעדיקן קלאַנג, ווי ער וואָלט געכליפּעט, און זײַנע אַקסלען האָבן קאָנוואָלסיוו אַ ציטער געטאָן. אַלעקסיי האָט זיך שטילערהייט אַרונטערגערוקט אונטער דער דעקע. עפּעס מעשונעדיקס איז פאָרגעקומען מיטן קאָמאַנדיר. דער דאָזיקער שוין ניט־יונגער מענטש, וואָס האָט מיט אַ שטיקל צײַט צוריק פאַרווײַלט און אויפגערודערט אַלעמען פון זאַל מיט זײַן פרײלעכן ציניזם און מיט זײַן כוואַסטעדיקער גרינגשעצונג לעגאַבע דעם ווײַבלעכן געשלעכט, האָט זיך מיטאַמאָל פאַרליבט ווי אַ שילער, אַף אַן אומבאַוווּסטזיניקן, אומאָפּהאַלטלעכן אויפן און, ווי ס'ווײַזט, צו זײַן אומגליק, אָן קיין שום האָפענונג. עטלעכע מאָל אַ טאָג פלעגט ער גיין אין ביוראָ אָנרופן טעלעפאָניש קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ פון מאָסקווע. דורך יעדן איינעם וואָס פלעגט אָפּפאָרן פלעגט ער שיקן פאַר איר בלומען, פרוכט, קאָנפעקטן; פלעגט שרײַבן קליינע צעטעלעך און גאָר לאַנגע בריוו, און פלעגט זיך דערפרייען און שפּאַסן ווען מען פלעגט אים איבערגעבן די באַקאַנטע קאָנווערטן.

זי האָט אים, אָבער, ניט געוואָלט קענען, ניט געגעבן קיין האָפענונגען און אַפילו ניט ראַכמאָנעס געהאַט אַף אים. קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט אים געשריבן אַז זי האָט ליב אַ צווייטן, איינעם וואָס איז געשטאָרבן; זי האָט אים פרײַנטלעך געראָטן אַז ער זאָל אַ סאָף מאַכן, אַז ער זאָל זי פאַרגעסן, ניט פאַרלירן קיין געלט און קיין צײַט אומזיסט... און גראָד דער דאָזיקער טרוקענער טאָן, אַ טאָן פון פרײַנטלעכן מיטגעפיל —וואָס איז אַזוי באַליידיקנדיק אין ליבע־איניאָנים— האָט אים אַרויסגעבראַכט פון גלײַכגעוויכט.

אַלעקסיי האָט זיך שוין געהאַט געלייגט, ער האָט זיך אײַנגעטוליעט אין דער קאָלדרע און געשוויגן דיפּלאָמאַטיש. מיטאַמאָל האָט זיך דער קאָמאַנדיר האַסטיק דערווײַטערט פון פענצטער, האָט אים אַ שטורך געטאָן אין די אַקסלען און האָט אים אַרײַנגעשריִען אין אויער אַרײַן:

— אָבער וואָס וויל זי דען, וואָס וויל זי? וואָס בין איך דען, אַ פאַרזעעניש, אַ זאָקן, אַ האָלעדריגע עפּעס? אַן אַנדערע אַף איר אָרט... אָבער, וואָס איז דאָ צו ריידן!

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף אַ בענקל, האָט אָנגענומען דעם קאָפּ מיט ביידע הענט און האָט זיך אָנגעהויבן שאָקלען אַזוי שטאַרק, אַז די ספּרענזשינעס האָבן אַזש אָנגעהויבן קרעכצן.

— איז זי דען קיין פרוי ניט? זי האָט געדאַרפט פילן צו מיר, נו, לאָמיר זאָגן, כאָטש אַ קאַפּעלע נײַגעריקייט. יאָ, איך בין פאַרליבט, צום

טײַוול! און ווי נאָך! אַך, אַליאָכאַ, אַליאָכאַ! דו האָסט דאָך געקענט אָט דעם, אַטײַערן... זאָג מיר: מיט וואָס איז ער געווען בעסער פון מיר? מיט וואָס האָט ער זיך אַזוי אַרײַנגעשניטן אין איר האַרצן? איז ער געווען אַ גאָען, אַ האַדראַס־פּאָנעמדיקער? וואָס פאַרא סאָרט העלד איז ער געווען?

אַלעקסיי האָט זיך דערמאָנט אין קאָמיסאַר וואָראָביאָוון, אין זײַן אָנגעשוואָלענעם, געלבלעכן קערפּער צווישן די ווײַסע לײַלעכער, אין דער אומבאַוועגלעכער קראַנקן־שוועסטער בײַ זײַן זײַט מיט דער אייביקער פּאָזע פון פרויען־פּײַן און אין דער אומגעריכטער דערציילונג וועגן מאַרש פון די רויטאַרמייער אין מידבער.

— דאָס איז געווען אַן עכטער מענטש, קאָמאַנדיר, אַ באָלשעוויק. האַלעווײַ דו און איך זאָלן ווען ניט איז קענען זײַן אַזוינע ווי ער.

## .4

אין סאַנאַטאָריע האָט זיך פאַרשפּרייט אַ יעדיע וואָס האָט אויסגעזען אַבסורדאַל: „דער פּילאָט אָן פיס איז... אַרײַנגעטאָן אין טאַנצן".

ווי נאָר זינאָטשקאַ פלעגט ענדיקן איר אַרבעט אין ביוראָ, פלעגט ער שוין וואַרטן אויף איר אין קאָרידאָר מיט אַ פּעקל טרוסקאַווקעס, אַ טאָוועלע שאָקאָלאַד אָדער אַ מאַראַנץ. זינאָטשקאַ פלעגט אים מיט אַן ערנסטער מינע אויסשטרעקן איר אָרעם און ביידע פלעגן אַוועק אין שפּיל־זאַל, וואָס האָט ווינטער געפּוסטעוועט. דער פליִסיקער שילער האָט שוין פון פריִער געהאַט אָפּגערוקט צו דער וואַנט די שפּיל־טישלעך און דעם פינג־פּאָנג־טיש. זינאָטשקאַ פלעגט אים גראַציעז ווײַזן אַ נײַע פיגור. מיט אָנגעצויגענע ברעמען און מיט אַ שטרענגער ערנסטקייט פלעגט דער פּילאָט אָבסערווירן דעם געוועב וואָס עס פלעגן אויסמײַסטערעווען אַפן דיל די קליינע, עלעגאַנטע פיסעלעך. נאָכדעם פלעגט דאָס מיידל ווערן זייער ערנסט, פלעגט אָנהייבן ציילן און צופּאַטשן מיט די דלאָניעס:

— איינס, צוויי, דרײַ; איינס, צוויי, דרײַ; גיט זיך אַ דריי אויף רעכטס... איינס, צוויי, דרײַ; איינס, צוויי, דרײַ; אַ קער אויף לינקס... אַ האַלבן קרײַז. אָט אַזוי. איינס, צוויי, דרײַ... איצט אָן אַכט. לאָמיר עס מאַכן צוזאַמען.

זינאָטשקאַ האָט אָפּגעגעבן איר גאַנצע פרײַע צײַט פאַר די דאָזיקע לעקציעס און האָט אין זיי אַרײַנגעלייגט איר גאַנצע נעשאָמע. געטאָן האָט זי עס, ווײַל ס'האָט איר פאַרכאַפּט, קענטיק, די אויפגאַבע פון אויסלערנען טאַנצן אַ מענטשן אָן פיס, — אַ זאַך וואָס ניט באַב גאָראָכאָוון ניט פּאָול סואָראָקאָווסקין, איז, מיט דער גאַנצער זיכערקייט,

ניט אויסגעקומען צו טאָן. ס'קען אויך זײַן, אַז גיכער איז איר געפעלן געוואָרן איר פאַרבראַנזיקטער שילער מיט די שוואַרצע האָר און „ווילדע", אַקשאָנעסדיק־קוקנדיקע אויגן. צום וואַרשײַנלעכסטן, אָבער, האָבן זי פאַר־אינטערעסירט ביידע זאַכן צוזאַמען.

פאַרנאַכטלעך, ווען די פלאַזשעס און די שפּיל־פעלדער פון וואָלי־באָל פלעגן בלײַבן פוסט, איז די באַליבטסטע פאַרווײַלונג אין סאַנאַ־טאָריע געווען דאָס טאַנצן. אַלעקסיי פלעגט קיין מאָל ניט פעלן. ער האָט געטאַנצט גוט, ניט איבערלאָזנדיק קיין איין טאַנץ, און זײַן לערערן פלעגט אָפט באַדויערן וואָס זי האָט אַרויפגעצוווּנגען אַף אים אַזוינע שטרענגע נאָרמעס פון לערנען זיך. ס'פלעגט שפּילן די האַרמאָשקע און די פאָרן פלעגן זיך דרייען. מערעסיעוו, אַ צעוואַרעמטער, מיט שײַנענ־דיק־צעשפּילטע אויגן, פלעגט אויספירן אַלע געדרייען, פיגורן, קרײַזן און פונקטירונגען, פירנדיק פלינק און, ווי ס'ווײַזט, אָן אָנשטרענגונג, זײַן לײַכטע און עלעגאַנטע דאַמעלע מיט די פײַערדיקע לאָקן. און קיי־נעם פון די, וואָס האָבן אָבסערווירט דעם דאָזיקן פײַנעם טענצער, האָט געקענט אײַנפאַלן דאָס וואָס ער טוט אין דרויסן, ווען ער פלעגט פון צײַט צו צײַט אַרויסגיין פון זאַל.

ער פלעגט אַרויסגיין מיט אַ שמייכל אַף זײַן צעפלאַמטן פּאָנעם און פלעגט זיך פאָכען מיט אַ טיכעלע, אָבער גלײַך ווי ער פלעגט אַרי־בערטרעטן די שוועל און אַרײַנגיין אין דער האַלב־פינצטערקייט פון נאַכ־טיקן וואַלד, פלעגט גלײַך אַ ווייטיק־גרימאַסע פאַרבײַטן דעם שמייכל. אָנכאַפּנדיק זיך פאַר דער באַלוסטראַדע, פלעגט ער אַ וואַקלדיקער און אַ קרעכצנדיקער אַראָפּגיין פון די טרעפּלעך פון דער אַרײַנגאַנג־גאַלע־רייע, פלעגט זיך אַ וואָרף טאָן אַפן נאַסן מיט טוי־באַדעקטן גראָז, צודריקן זײַן קערפּער צו דער פײַכטער ערד —וואָס האָט נאָך ניט פאַרלוירן איר טאָגיקע וואַרעמקייט— און פלעגט נעמען וויינען פון שנײַדנדיקן ווייטיק וואָס ער האָט געפילט אין די מידע, פאַרשטײַפטע פיס.

ער פלעגט פונאַנדערשפּיליען די רימענס און פלעגט לאָזן אויסרוען די פיס. נאָכדעם פלעגט ער צוריק אָנטאָן די פּראָטעזן, אויפשטעלן זיך מיט איין שפּרונג און אומקערן זיך אין פּאַוויליאָן. אומבאַמערקטערהייט פלעגט ער זיך באַווײַזן אין זאַל —ווי אַן אומדערמידלעכער, פאַרשוויצ־טער אינוואַליד האָט געשפּילט אָן אויפהער—, פלעגט זיך דערנענטערן צו דער רויטער זינאָטשקאָן, וואָס האָט אים שוין אַרומגעזוכט מיט די אויגן, פלעגט ברייט שמייכלען מיט זײַנע פאָרצעלײַ־ווײַסע ציין, און דאָס פלינקע און שיינע פּאָרל פלעגט זיך ווידער נעמען טאַנצן. זינאָטשקאַ פלעגט אים אויסריידן פאָרן האָבן געלאָזן זי אַליין. ער פלעגט פאַר־ריידן די ציין, שפּאַסנדיק פריילעך. און זיי פלעגן אַזוי ווײַטער און ווײַ־טער טאַנצן, ניט אונטערשיידנדיק זיך פון די איבעריקע פּאָרן.

די שווערע טאַנץ־איבונגען האָבן געגעבן פרוכט. וואָס ווײַטער האָט

אַלעקסיי אַליץ ווינציקער געהאַט דעם געפיל פון געפּענטעטקייט. די פּראָ־טעזן האָבן זיך גענומען אַזוי ווי צוזאַמענוואַקסן מיט די אָפּגעשניטענע פיס.

אַלעקסיי איז געווען צופרידן. איין זאַך האָט אים אַלאַרמירט: ער האָט ניט געהאַט קיין בריוו פון אָלגאַן. שוין אַ כוידעש ווי ער האָט אַוועקגעשיקט, נאָך גוואַזדיעווס דורכפאַל, יענעם בריוו, וואָס האָט אים איצט אויסגעזען פאַטאַל און פולשטענדיק ווילד. ער האָט ניט באַקומען קיין ענטפער. יעדן אינדערפרי, נאָך דער גימנאַסטיק און די געלאָפן, וואָס ער פלעגט יעדן טאָג פאַרלענגערן מיט הונדערט מעטער, פלעגט ער צוגיין אין ביוראָ א קוק טאָן אין בריוו־עלמערל. אין קעסטל פון אָס „מ" זײַנען שטענדיק געווען מער בריוו ווי אין אַנדערע. מערעסיעוו פלעגט אָבער פאַר זיך גאָרניט געפינען.

איינמאָל, אָבער, אינמיטן ברען פון אַ טאַנץ־לעקציע, האָט זיך באַוויזן אין פענצטער בורנאַזיאַנס שוואַרצער קאָפּ. ער האָט געהאַלטן זײַן שטעקן און אַ בריוו. איידער ער האָט נאָך באַוויזן עפּעס צו זאָגן האָט אַלעקסיי אַרויסגעריסן פון זײַנע הענט דעם קאָנווערט מיט דער גרויסער, קײַלעכדיקער שילערן־האַנטשריפט און איז אַרויסגעלאָפן, איבערלאָזנדיק באַם פענצטער דעם דערשטוינטן בורנאַזיאַנען, און אינמיטן זאַל — די אויפגעבראַכטע לערערן.

— זינאָטשקאַ, אַזוי זײַנען זיי די איצטיקע קאַוואַליערן. —האָט געבורטשעט בורנאַזיאַן מיט אַ טאָן פון אַן אַלטער רעכילעסניצע—. האָב צו זיי קיין צוטרוי ניט, מיידל, און האָב פאַר זיי מוירע ווי דער טײַוול פאַר הייליק וואַסער. בעסער וואָלט געווען ווען איר לאָזט אים צורו און לערנט מיר אויס טאַנצן. אַרײַנוואַרפנדיק דעם שטעקן אינעווייניק, האָט בורנאַזיאַן גענומען שווערלעך קלעטערן דורכן פענצטער, לעבן וועלכן ס'איז געשטאַנען די צעטומלטע און פאַראומערטע זינאָטשקאַ.

דערווײַל איז אַלעקסיי מיטן בריוו אין האַנט געלאָפן צו דער אָזיע־רע, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט אַז מען וועט אים נאָכלויפן און צורויבן זײַן אויצער. עפּענענדיק זיך אַ וועג צווישן די וואַסער־גראָזן, האָט ער זיך דערקליבן צו אַ זאַמד־באַנק, אַוועקגעזעצט זיך אַף אַ מאָכיקן שטיין און, אַ פאַרשטעלטער פון אַלע זײַטן, האָט ער גענומען באַקוקן דעם טײַערן בריוו, וואָס האָט געציטערט צווישן זײַנע פינגער. וואָס איז פאַראַן אין אים? וואָס פאַר אַן אורטייל? דער קאָנווערט איז געווען צע־קנייטשט און איז, קענטיק, דורכגעגאַנגען דורך אַ סאַך הענט. ער האָט מיסטאָמע לאַנג אַרומגעוואַנדערט איבערן לאַנד זוכנדיק דעם אַדרעסאַט. אַלעקסיי האָט פאַרזיכטיק אויפגעריסן דעם בריוו און האָט גלײַך אַ קוק געטאָן אַף דער אונטערשטער שורע. „קושן, טײַערער. אָלגאַ" איז דאָרט געשטאַנען. ער האָט דערפילט אַ דערלײַכטערונג אין האַרצן. אַ באַרויִק־טער שוין, האָט ער אויסגעגלײַכט אַף די קני די העפט־בלעטלעך, וואָס

זײַנען געווען אײַנגעריכט אין לײַם, אין עפּעס שוואַרצם און אויך באַטריפט מיט טראָפּנס כײַלעוו. וואָס האָט דאָרט פּאַסירט מיט דער אָפּגעהיטער אָליענקאַן? און האַן האָט ער איבערגעלייענט עפּעס אַזוינס וואָס האָט אָנגעפילט זײַן האַרץ מיט שטאָלץ און מיט אומרו. ס׳ווײַזט זיך אַרויס אַז שוין אַ כוידעש ווי אָלגאַ האָט פאַרלאָזן די פאַבריק און אַז איצט לעבט זי ערגעץ אין סטעפּ, ווו די פרויען און מיידלעך פון קאַמישין גראָבן אַנטיטאַנק־גריבער און בויען אַ פאַרטיידיקונג־גאַרטל אַרום אַ „גרויסער שטאָט, וואָס איר נאָמען איז הייליק פאַר אונדז אַלעמען". אין ערגעץ איז ניט געווען דערמאָנט אַ וואָרט וועגן סטאַלינגראַד, אָבער לויט דער אַרויסגעבראַכטער זאָרג און ליבע, אומרו און האָפענונג, איז קלאָר געווען וועגן וועלכער שטאָט עס האַנדלט זיך.

אָלגאַ האָט דערציילט אַז טויזנטער פרײַוויליקע פרויען, מיט רידלען, לאָמען און האַנט־וועגעלעך אַרבעטן טאָג און נאַכט אין סטעפּ, גראָבן, פירן ערד, גיסן צעמענט, בויען. דער בריוו איז געווען אַ הײַטערער און בלויז לויט אַ פּאָר זאַצן, וואָס האָבן זיך באַ איר אַרויסגעכאַפּט, האָט מען זיך געקענט אָנשטויסן ווי שווער ס׳איז געווען דאָס לעבן אין סטעפּ. נאָכן דערציילן וועגן איר אַרבעט, וואָס האָט זי, קענטיק, פאַרשלונגען אינגאַנצן, האָט זי געענטפערט אַף זײַן פראַגע. זי איז געווען אויפגעבראַכט און האָט געשריבן אַז זײַן לעצטער בריוו האָט זי באַליידיקט: זי האָט באַקומען דעם בריוו אין די „טראַנשייען" און ווען ניט דער מילכאָמע־צושטאַנד, וואָס צערודערט אַזוי די נערוון, וואָלט זי אים ניט מויכל געווען די דאָזיקע באַליידיקונג.

„מײַן טײַערער —האָט זי געשריבן— וואָס פאַר אַ מין ליבע איז עס וואָס האָט מוירע פאַר קאָרבאָנעס? אַזאַ ליבע עקזיסטירט ניט, טײַערער, און אויב זי עקזיסטירט איז עס, לויט מײַן מיינונג, קיין ליבע ניט. איצט, לעמאָשל, האָב איך זיך שוין אַ וואָך צײַט ניט געוואַשן, כ׳טראָג הויזן און דורך די שיך, וואָס כ׳טראָג, קוקן אַרויס די פינגער. איך בין אַזוי אָפּגעברענט, אַז די הויט שיילט זיך מיר שטיקערווײַז און די נײַע הויט איז אַ ניט־גלײַכמעסיקע און אַ רויטלעכע. און אויב כ׳וואָלט איצט דערשינען פאַר דיר, אַ מידע, שמוציקע אויסגעדאַרטע און מיִעסע? וואָלסטו זיך אָפּגעקערט פון מיר אָדער וואָלסט מיר פאָרגעוואָרפן עפּעס? נאַר, גרויסער שויטע! וואָס עס זאָל מיט דיר ניט פּאַסירן, קום; און וויסן זאָלסטו אַז כ׳וועל וואַרטן אַף דיר שטענדיק און אַז דו ביסט מיר טײַער אַזאַ ווי דו ביסט... כ׳טראַכט אַ סאַך וועגן דיר און ביז איך בין ניט געקומען אין די „טראַנשייען", ווו מיר שלאָפן אײַן ווי קלעצער גלײַך ווי מיר גיבן אַ פאַל אַפן גלעגער, האָב איך דיך אָפט געזען אין כאָלעם. כ׳וויל אַז דו זאָלסט וויסן, אַז קאָל־זמאַן איך לעב וועט זײַן אַן אָרט ווו מען וואַרט אַף דיר, ווו מען וועט וואַרטן אַף דיר שטענדיק, אַזאַ ווי דו ביסט... זאָגסט אַז ס׳קען עפּעס מיט דיר פּאַסירן איז קריג. און

אויב מיט מיר וועט טרעפן אַן אומגליק אין די „טראַנשייען" אָדער איך וועל בלײַבן אַ קאַליקע, וועסטו מיר דען פאַרלאָזן? דערמאָנסט זיך ווי מיר פלעגן אין דער שול באַשיידן אַלגעבראַישע אויפגאַבעס דורכן מעטאָד פון אונטערשטעלן? נו, טאָ שטעל מיך אַוועק אויף דײַן אָרט און גיב אַ טראַכט. וועסט זיך פאַרשעמען פון דײַנע רייד..."

מערעסיעוו איז אַ לאַנגע צײַט געזעסן מיטן בריוו אין האַנט. די זון האָט געברענט און האָט זיך, אַ ליכטנדיקע, אָפּגעשפּיגלט אין טונקעלן וואַסער. ס'האָבן געשעפּטשעט די וואַסער-פּלאַנצן און עטלעכע בלאַ-לעך-סאַמעטענע ליבעלעך זײַנען אַרומגעפלויגן פון איין שטענגל אַפן צווייטן. די טומלדיקע וואַסער-זשוקעס זײַנען אַרומגעלאָפן מיט זייערע לאַנגע, דינע פיסלעך איבער דער אויבערפלאַך פון דער אָזיערע, נאָענט פון די וואָרצעלעך פון די וואַסער-געוויקסן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דעם געוועב פון זייערע ציטערדיקע שפּורן. אַ קליינע כוואַליע האָט געהאַלטן אין איין אַרומלעקן דעם זאַמדיקן ברעג.

— וואָס איז עס? —האָט געטראַכט אַלעקסיי—. אַ פּאַרגעפּיל? אַ פעיִקייט צו טרעפן? „דאָס האַרץ איז אַ נאָווי" —האָט אים אַמאָל געזאָגט די מאַמע—. און עפּשער האָט די שווערע אַרבעט אין די טראַנשייען געמאַכט סייכלדיקער און געזעצטער דאָס דאָזיקע מיידל, און זי האָט, דורך אינטויִציע, פאַרשטאַנען דאָס וואָס ער אַליין האָט זיך ניט דערוועגט צו זאָגן איר. ער האָט נאָכאַמאָל געלייענט דעם בריוו. ניין, ס'איז ניט געווען קיין שום פּאַרגעפּיל. וואָס איז אים עפּעס אײַנגעפאַלן? זי האָט פּאַשעט געענטפערט אויף זײַנע ווערטער. אָבער אַ מין ענטפערן!

אַלעקסיי האָט אַ זיפץ געטאָן, האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעטאָן און האָט אַוועקגעלייגט זײַנע זאַכן אַפן שטיין. ער האָט זיך שטענדיק געבאָדן לעבן דאָזיקן אָרט, וואָס איז בלויז אים באַקאַנט געווען און וואָס איז פון אַלע זײַטן פאַרשטעלט געווען מיט הויכע וואַסער-געוויקסן. נאָכן אויסטאָן די פּראָטעזן האָט ער זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעגליטשט פון שטיין און האָט ס'איז געווען זייער ווייטיקדיק צו טרעטן אַפן גראָבן זאַמד מיטן פלאַך פון די אָפּגעשניטענע פיס, האָט ער זיך ניט געוואָלט אַראָפּלאָזן אויף אַלע פיר. מיט אַ ווייטיק-גרימאַסע אַפן פּאָנעם איז ער אַרײַן אין קאַלטן און גערדיכטן וואַסער. ער האָט זיך שווימענדיק דערווײַטערט פון ברעג, האָט זיך איבערגעדרייט מיטן פּאָנעם אַרויף און האָט זיך געהאַלטן אומבאַוועגלעך אַפן וואַסער. ער האָט געקוקט אַפן בלויען, טיפן הימל. מאַכנעסווײַז, האָבן זיך געטראָגן איינע איבער די אַנדערע ווײַסע וואָלקנדלעך מיט געגילדטע ראַנדן. איבערדרייענדיק זיך, האָט ער געזען: דעם ברעג אַן איבערגעקערטן אין וואַסער און אַן אָפּגעשפּיגלטן אויף דער בלאָער און פרישער אויבערפלאַך פון דער אָזיערע; די געלע נענופאַרן צווישן זייערע שווימענדיקע און קײַלעכדיקע בלעטער; די ווײַסע, באַפליגלטע שפּיצן פון די וואַסער-ליליעס. מיטאַמאָל איז דערשינען אַלגאַ

אױפֿן מאָכיקן שטײן, אַזאַ װי ער האָט זי געזען אין זײַנע כאַלומעס. זי איז געזעסן אין איר בלומיקן קלײד און געשאָקלט מיט די פּיס. דער אײנציקער אונטערשײד איז באַשטאַנען אין דעם װאָס אירע פּיס האָבן איצט ניט דערגרײכט צום װאַסער. אירע פּיס זײַנען געװען אָפּגעשניטן, אַזױ װי זײַנע און האָבן ניט דערגרײכט די װאַסער־אױבערפֿלאַך. אַלעקסײ האָט אַ פּאַטש געטאָן איבערן װאַסער קעדײ צו פֿאַרטרײַבן די דאָזיקע װיזיע. דער מעטאָד פֿון אונטערשטעלן, װאָס אָלגאַ האָט פֿאָרגעלײגט, האָט קײן שום רעזולטאַט ניט געגעבן.

### .5

די סיטואַציע אין דאָרעם איז געװאָרן קאָמפּליצירט. שױן אַ לענגערע צײַט װי די בלעטער האָבן ניט דערמאָנט די שלאַכטן אױפֿן דאָן. מיטאַמאָל זײַנען דערשינען אין די קריגס־קאָמוניקאַטן נעמען פֿון סטאַנציעס פֿון יענעם זײַט דאָן, װאָס זײַנען געלעגן אױפֿן װעג צו דער װאָלגע און געצױגן זיך אין דער ריכטונג פֿון סטאַלינגראַד. װער ס׳האָט ניט געקענט יענע קאַנטן, האָט פֿון די נעמען גאָרניט געקענט אַרױסדרינגען. אַלעקסײ, אָבער, װאָס האָט זיך דערצױגן אין יענע געגנטן, האָט פֿאַרשטאַנען אַז די באַפֿעסטיקטע ליניע פֿון דאָן איז דורכגעבראָכן געװאָרן און אַז די מילכאָמע אַװאַנסירט צו די מױערן פֿון סטאַלינגראַד.

סטאַלינגראַד! דאָס דאָזיקע װאָרט האָט זיך נאָך ניט באַװיזן אין די קאָמוניקאַטן, אָבער עס איז שױן געװען בײַ אַלעמען אױף די ליפּן. אין האַרבסט 1942 איז עס אַרױסגערעדט געװאָרן מיט אומרו, מיט װײטיק; מען האָט שױן גערעדט װעגן סטאַלינגראַד ניט װי װעגן אַ שטאָט נאָר װי װעגן אַ טײַער װעזן װאָס געפֿינט זיך אין טױט־געפֿאַר. די דאָזיקע אַלגעמײנע אומרויִקײט האָט נאָך שטאַרקער אַרומגענומען מערעסיעװן, װײַל אָלגאַ האָט זיך געפֿונען דאָרט, אין סטעפּ, נאָנט פֿון דער שטאָט, און װער װײס װאָס עס דערװאַרט איר! איצט האָט ער איר געשריבן יעדן טאָג. װאָס פֿאַראַ באַדײַטונג האָבן אָבער געהאַט זײַנע בריװ, אַרױסגעשיקטע צו אַ פֿעלד־שטאַפּעט? װעט מען זי געפֿינען אינעם הו־האַ פֿון אָפּטרעטן, אינעם געגנעם פֿון דער ריזיקער װאָלגע־שלאַכט?

די פּילאָטן־סאַנאַטאָריע האָט געזשומעט װי אַ װאַלד־בינשטאָק. אַלע געװײנלעכע באַשעפֿטיקונגען, װי: דאַמקעס, שאַך, בריװ און װאָלי־באָל, זײַנען אַװעקגעװאָרפֿן געװאָרן. מען האָט זיך ניט געקענט קאָנצענטרירן אױף גאָרניט. אַ שאָ פֿאַרן נאָרמאַלן אױפֿשטײן פֿלעגן שױן אַפֿילו די גרעסטע פּױליאַקעס שטײן אױף די פּיס קעדײ צו הערן דעם ערשטן קריגס־קאָמוניקאַט פֿון 7 אינדערפֿרי. װען עס פֿלעגן, נאָכן קריגס־קאָמוניקאַט, איבערגעגעבן װערן עפּיזאָדן װעגן פּלי־העלדישקײטן, פֿלעגן אַלע אַרומ־

גיין פארכמורעטע, אומצופרידענע; פלעגן זיך קריגן מיט די קראנקן־שוועסטער, באקלאגן זיך אפן סאנאטאריע־רעזשים און אפן עסן, פונקט ווי די אדמיניסטראציע וואלט געהאט די שולד וואס אין יענע פיבער־דיקע טעג זיינען די פליער געצווונגען געווען צו פארברענגען אין דער רויקייט פון וואלד, צו נעמען זון־בעדער בא דער צעשפיגלטער אזיערע אנשטאט צו קעמפן דארט, אף די סטעפן פון סטאלינגראד. צום סאף האבן א סאך דערקלערט אז זיי האבן שוין איבערן קאפ דאס אפרוען זיך און האבן געפאדערט אז מען זאל זיי, פאר דער באשטימטער צייט אפשיקן אין זייערע קריגס־איינהייטן.

יענעם טאג, פארנאכטלעך, איז אנגעקומען א קאמיסיע פון דעפאר־טאמענט פאר אויספילן פארלוסטן. פון א שטויביקן אויטא זיינען אראפ עטלעכע אפיצירן מיט אפצייכענונגען פון סאניטארן קארפוס. פון פאר־דערשטן זיך־ארט איז, מיט גרויס מי און אנשפארנדיק זיך מיט ביידע הענט אן אנלען, אראפגעשטיגן דער מעדיקער מיראוואלסקי, א סאני־טאר־פאלקאווניק, וואס איז געווען בארימט אין אלע מיליטערישע לופט־קרייזן. ער איז געווען א דיקלעכער און איז געווען פאפולער צווישן די אוויאטארן פאר זיין פריינטלעכער באהאנדלונג. נאך וועטשערע איז גע־מאלדן געווארן אז אנהייבנדיק פון מארגן פרי וועט די קאמיסיע אנהייבן סעלעקציאנירן די אינטערנירטע וואס ווילן איבעררייסן זייער אפרו און אפגעשיקט ווערן אין א קריגס־איינהייט.

אפצומארגנס האט זיך אלעקסיי אויפגעהויבן פארטאג. ער האט ניט געמאכט זיינע געוויינלעכע איבונגען, נאר איז אוועק אין וואלד און האט דארט ארומגעשפאנט ביז פרישטיק. ער האט גארניט געגעסן און האט זיך באצויגן גראב צו דער קעלנערקע, וואס האט אים פארגעווארפן זיין איבערלאזן אלץ אין טעלער. ווען סטרוטשקאוו האט אים באמערקט אז זי מיינט זיין טויווע און אז ס׳איז ניטא פארוואס צו זידלען זי, האט ער זיך א בייזער אויפגעהויבן פון טיש און איז ארויס פון עס־צימער. אין קארידאר, באם טאוול פון די קריגס־קאמוניקאטן, האט זיך געפונען זינא. ווען ער איז פארבייגעגאנגען, האט זי זיך געמאכט אז זי זעט אים ניט און האט בלויז א הייב געטאן די אקסלען מיט אן אומצופרידענער מינע. ווען אלעקסיי איז פארבייגעגאנגען, ניט האבנדיק זי ווירקלעך בא־מערקט, האט זי זיך א באליידיקטע שיר ניט צעוויינט און האט אים א רוף געטאן. א ברויגעזער האט אלעקסיי אויסגעדרייט דעם קאפ און געפרעגט:

— וואס ווילט איר? וואס פאסירט מיט אייך?

— כאווער לייטענאנט, פארוואס קומט עס מיר?... —האט זיך זינא לייכט באקלאגט, רויט ווערנדיק אזוי שטארק אז דער קאליר פון איר פאנעם האט זיך צונויפגעגאסן מיטן קופער פון אירע האר.

אַלעקסיי האָט זיך ערשט איצט אַזוי ווי אויפֿגעכאַפּט און האָט אַ דערשלאָגענער אַ זאָג געטאָן מיט אַ פֿאַרשטיקטן קאָל:

— הײַנט ווערט באַשטימט מײַן גורל. גיט מיר אײַער האַנט און ווינטשט מיר האַצלאָכע...

נאָכדעם, הינקענדיק מער ווי שטענדיק, איז ער אַרײַן אין זײַן צי־מער און האָט פֿאַרשלאָסן הינטער זיך די טיר.

די קאָמיסיע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין גרויסן זאַל, ווו מען האָט אַרײַנגעשטעלט פֿאַרשיידענע אַפּאַראַטן: אָטעם־מעסטערס, קראַפֿט־מעס־טערס, אָפּטישע מאַכשירים אאַ"וו. אַלע סאַנאַטאָריע־אײַנוווינער האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין די דערבײַאיקע צימערן און די אַלע וואָס האָבן געוואָלט פֿאַרלאָזן דאָס אָפּרו־הויז פֿאַרן טערמין, דאָס הייסט קימאַט אַלע, האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי. זינאָטשקאַ האָט אָבער יעדן איינעם געגעבן אַ פּאַפּירל ווו ס'איז געווען פֿאַרצייכנט די גענויע שאָ ווען ער דאַרף אַרײַנגיין, און האָט געבעטן אַלעמען פֿונאַנדערגיין זיך. נאָכדעם ווי עס זײַנען דורכגעגאַנגען די ערשטע, האָט זיך פֿאַר־שפּרייט אַ קלאַנג אַז די קאָמיסיע איז אַ גוט־געשטימטע און אַז זי פּאָ־דערט ניט קיין סאַך. און ווירקלעך, וויאַזוי האָט זי געקענט זײַן שטרענג ווען די ריזיקע וואָלגע־שלאַכט האָט געפֿאָדערט נײַע און נײַע פֿאַרשטאַר־קונגען? אַלעקסיי איז געזעסן אויף איינעם פֿון די ציגלנע בענקעלעך באַם פּיליגראַניש־אויסגעאַרבעטן טויער און האָט געשאָקלט די פֿיס. גלײַך ווי עמעץ פֿלעגט אַרויסגיין פֿון זאַל, פֿלעגט ער אַ פֿרעג טאָן מיט אַ גלײַכ־גילטיקן טאָן, פּונקט ווי דער גאַנצער איניען וואָלט אים קנאַפּ וואָס אָנגיין:

— וואָס הערט זיך?

— צום קאַמף! —פֿלעגט אים ענטפֿערן פֿריילעך דער אַרויסקו־מענדיקער, פֿאַרשפּיליענדיק, גייענדיקערהייט, די גימנאַסטיאָרקע און פֿאַרציִענדיק דעם פּאַס.

פֿאַר מערעסיעוון איז אַרײַן בורנאַזיאַן. ער האָט איבערגעלאָזט דעם שטעקן פֿון דער זײַט טיר, האָט זיך אויסגעשטאָרצט און האָט זיך באַמיט ניט צו הינקען אויף זײַן קורצן פֿוס. מען האָט אים געהאַלטן אַ לאַנגע צײַט. שפּעטערצו זײַנען דורכן אָפֿענעם פֿענצטער דערפֿלויגן צו מערע־סיעוון שטיקלעך בייזע, אָפּגעהאַקטע פֿראַזן. צום סאָף איז אַרויס בור־נאַזיאַן, אינגאַנצן אַ פֿאַרסאָפּעטער. ער האָט אַ ראַץ געטאָן אַלעקסייען מיט אַ שטעכיקן קוק און, ניט אָפּקערנדיק דעם קאָפּ, איז ער אַוועקגע־הונקען אין פּאַרק:

— ביוראָקראַטן, שטשורעס פֿון רעטאַגוואַרד! וואָס ווייסן זיי וועגן אַוויאַציע! ס'איז אַ באַל צי וואָס?... אַ קורצער פֿוס... פֿאַרטאַטשעס, פֿאַרשאָלטענע קאַנעס!

אַלעקסייען איז פֿאַרקילט געוואָרן דאָס בלוט אין די אָדערן; ער

איז אָבער אַרײַן אין זאַל אַ לעבעדיקער, אַ פּריילעכער, מיט אַ שמייכל אָפּן פּאָנעם.

די קאָמיסיע איז געזעסן הינטער אַ גרויסן טיש. אין צענטער — ווי אַ באַרג מענטשלעך פלייש — איז געזעסן פונאַנדערגעלייגט מיראָוואָלסקי, דער פּאָלקאָווניק פון סאַניטאַר־דינסט.

באַם זײַט, הינטער אַ קליין טישל, מיט אַ שטוים קאַרטאָן־טעקעס אַף אים, איז געזעסן זינאָטשקאַ, וואָס איז געווען שיין ווי אַ ליאַלקע אין איר שטײַף־אָנגעקראָכמאַלעטן, ווײַסן כאַלאַט און מיט איר קופּער־דיקן קאָפּ האָר, וואָס האָט קאָקעטיש אַרויסגעקוקט פון אונטער אַ טולע־נעם קאָפּ־צודעק. זי האָט איבערגעגעבן אַלעקסייען זײַן דינסט־בויגן און האָט אים דערבײַ אַ לײַכטן דריק געטאָן די האַנט.

— נו, יונגערמאַן, טוט אויס די גימנאַסטיאָרקע — האָט אַ זאָג געטאָן דער מעדיקער, צומאַכנדיק די אויגן.

ניט אומזיסט האָט זיך מערעסיעוו אַזויפיל געאיבט און האָט זיך אָפּגעבערענט ווי ס'באַדאַרף צו זײַן. דער מעדיקער האָט באַוווּנדערט זײַן שטײַפן, קרעפטיק־געבויטן קערפּער; אונטער דער פּאַרברוינטער הויט האָט זיך געניי אָנגעזען יעדער מוסקול.

— איר קענט דינען ווי אַ מאָדעל אַף אויסצושניצן אַ דאָוויד־פיגור — האָט געזאָגט אַ מיטגליד פון דער דאָקטוירים קאָמיסיע, וועלנדיק ווײַזן זײַנע קענטעניש אין קונסט.

מערעסיעוו האָט דורכגעפירט לײַכט אַלע פּראָבעס. די צונויפדריקנ־דיקע קראַפט פון זײַן האַנט האָט מיט פופציק פּראָצענט אַריבערגעשטיגן די נאָרמאַלע ציפער. ער האָט אַרײַנגעאָטעמט אין זיך אַזויפיל לופט אַז די נאָדל פון אָטעם־מעסטער האָט דערגרייכט איר סאַמע העכסטן פונקט. דער בלוט־דרוק איז געווען נאָרמאַל, די נערוון האָבן זיך געפונען אין אַן אויסגעצייכנטן צושטאַנד. צום סאָף האָט ער אַזוי שטאַרק אַ צי געטאָן די שטאָלענע פויסט פון קראַפט־מעסטער, אַז דער אַפּאַראַט האָט זיך צעבראָכן.

— אַ פּילאָט? — האָט געפרעגט צופרידן דער מעדיקער, אָנשפּאַרנ־דיק זיך אָפּן פּאָטעל און גרייטנדיק זיך אָנצושרײַבן זײַן רעזאָלוציע אין אַ ווינקל פון בלאַט, וואָס איז געווען באַטיטלט „פּערזענלעכער דינסט־בויגן פון לייטענאַנט מערעסיעוו א. פּ.“.

— אַן אַוויאַטאָר.

— פון יאַגד־אַוויאַציע?

— פון יאַגד־אַוויאַציע.

— נו, טאָ גייט־זשע אַף יאַגד. דאָרט פעלן איצט מענטשן אַזוינע ווי איר!... צוליב וואָס זײַט איר געווען אין שפּיטאָל?

אַלעקסיי האָט זיך צעטומלט און האָט דערפילט אַז אַלץ צעפּאַלט זיך. דער מעדיקער האָט שוין אָבער איבערגעלייענט דעם דינסט־בויגן, און

אַף זײַן ברייטן, גוטמוטיקן פּאָנעם האָט זיך אויסגעשפּרייט אַן אויס־דרוק פון גרויס איבעררײַשונג:

— אַמפּוטאַציע פוןביידע פיס?... אָבער וואָס איז דאָ פּאַר אַ מין קאַשע? איז עס אַ פעלער צי ניט? פאַרוואָס שווײַגט איר?

— ניין, דאָ איז קיין שום פעלער ניטאָ — האָט אַלעקסיי געזאָגט שטיל און זייער פּאַמעלעך, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַלטן אין אַרויפּ־שטײַגן אַף די טרעפּ פון אַן עשאַפאָט.

דער מעדיקער און אַלע קאָמיסיע־מיטגלידער האָבן, מיט אומצוטרוי, אַ קער געטאָן די בליקן אַפן דאָזיקן שטאַרקן, פלינקן און פּרעכטיק־פאָר־מירטן באָכער, ניט פאַרשטייענדיק וואָס דאָ קומט פאָר.

— הייבט אויף די הויזן.

אַלעקסיי איז בלייך געוואָרן. ער האָט זיך אַ קער געטאָן מיט אַ שטאַרקן בליק צו זינאָטשקאַן, האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן די קאַלאַ־שעס און איז געבליבן אַזוי שטיין מיט די אָפּגעדעקטע לעדערנע פּראָ־טעזן, אַן אַנטמוטיקטער, מיט אַראָפּגעלאָזענע הענט.

— פאַרוואָס זשע, טײַערער פרײַנט, האָט איר אונדז אומזיסט פאַר־דרייט דעם קאָפּ? זעט נאָר וויפל צײַט מיר האָבן צוליב אײַך פאַרלאָרן. טראַכט איר דען צו דינען אין דער אַוויאַציע אָן פיס? — האָט ענדלעך געזאָגט דער מעדיקער.

— ניט נאָר וואָס איך טראַכט, נאָר איך וועל דינען דאָרט! — האָט מיט אַ נידעריקן קאָל געענטפערט אַלעקסיי, און זײַנע ציגײַנער־אויגן האָבן געפינקלט אַרויסרופעריש.

— איר זײַט משוגע געוואָרן! אָן פיס?

— יאָ, אָן פיס, אָבער כ׳וועל פליִען — האָט באַמערקט אַלעקסיי, שוין ניט אַרויסרופעריש, נאָר גאַנץ רויִק; און אַ זוך טוענדיק אין דער קעשענע פון זײַן גימנאַסטיאָרקע, האָט ער אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ זאָרגעוודיק־צונויפגעלייגטן צײַטונג־אויסשניט —. קוקט זיך אײַן, אויך ער איז געפלויגן אָן אַ פוס. פאַרוואָס זאָל איך ניט קענען פליִען אָן ביידע?

נאָכן איבערלייענען דעם אַרטיקל, האָט דער מעדיקער אַ קוק גע־טאָן מיט איבעררײַשונג און רעספּעקט אַפן פּילאָט:

— אָבער קעדיי עס צו דערגרייכן דאַרף מען אָנלייגן מיטן קאָפּ און איבערקערן אַ וועלט. ס׳איז אַן אייסעק פאַר טויזנט טײַוולאָנים. זעט: ער האָט זיך געהאַלטן אין איבן בעמעשעך פון צען יאָר. מען דאַרף זיך אויסלערנען באַגיין מיט פּראָטעזן ווי מיט פיס — האָט ווײַ־טער געזאָגט דער מעדיקער.

אין יענעם מאָמענט האָט אַלעקסיי באַקומען אומדערוואַרטע הילף: זינאָטשקאַ איז אַרויס פון הינטער איר טישל, האָט צונויפגעלייגט אירע הענטלעך אַף דער ברוסט מיט אַ מין באַקאָשע־זשעסט און רויט ווערנדיק

אזוי שטאַרק אַז ס'האָבן זיך אַזש באַוויזן טוי־פּערעלעך אַף אירע שלייפן, האָט זי אַ מורמל געטאָן:

— כאָוועך פּאָלקאָוונִיק פון סאַניטאַר־דינסט. ווען איר זעט ווי ער טאַנצט! בעסער פון אַלע געזונטע. ערן־וואָרט!

— וואָס הייסט — ער טאַנצט? וואָס טוט זיך דאָ, צום טײַוול? — דער מעדיקער האָט אַ הייב געטאָן די פּלייצעס און האָט זיך גוטמוטיק דורכגעקוקט מיט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע.

אַלעקסיי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט פרייד אין זינאָטשקאָס אָרעם־מענט:

— שרײַבט ניט „יאָ" אָדער „ניין". קומט הײַנט אינאָוונט אַף אונדזער באַל. איר וועט זיך איבערצײַגן אַז איך קען פליִען.

ווען ער איז געגאַנגען צו דער טיר, האָט מערעסיעוו געזען אין שפּיגל ווי די קאָמיסיע־מיטגלידער שושקען זיך לעבעדיק צווישן זיך.

פאַרן עסן האָט זינאָטשקאַ געפונען אַלעקסייען אין דער געדיכטער ניש פון פּוסטן פּאַרק. זי האָט אים דערציילט אַז ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, האָט די קאָמיסיע געטענהט ווגן אים אַ לאַנגע צײַט; דער מעדיקער האָט געזאָגט אַז מערעסיעוו איז אַן אויסערגעוויינלעכער באַ־כער און אַז, ווער ווייס, עפּשער וועט ער ווירקלעך קענען פליִען. אַף וואָס איז דען ניט פעיִק אַ רוסישער מענטש! איינער פון דער קאָמיסיע האָט דערווידערט און געזאָגט, אַז די געשיכטע פון דער אוויאַציע ווייס ניט פון אַזוינע פאַלן. דער מעדיקער האָט אים געענטפערט אַז די גע־שיכטע פון דער אוויאַציע ווייס ניט פון אַ סאַך זאַכן און אַז די סאָוועטישע מענטשן האָבן דער דאָזיקער געשיכטע אַ סאַך אויסגעלערנט בעת־מעשׂה פון דער מילכאָמע.

לעקאָוועך די קאַרעוו צוויי הונדערט סעלעקציאָנירטע פּרײַוויליקע פון דער סאַנאַטאָריע איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אַ טאָג פאַר זייער אַרײַ־בערגיין אין אַקטיוון דינסט, אַ באַל מיט אַ ברייטער פּראָגראַם. פון מאָסקווע איז אין אַ קאַמיאָן אָנגעקומען אַ מיליטערישער אָרקעסטער. פון די בלאָז־אינסטרומענטן האָבן געציטערט די פענצטער, די קראַטעס פון די טורעמלעך, די הויפלעך, די דורכגענג. די פּילאָטן, אָפּגעבאָדענע אין שוויים, האָבן געטאַנצט אומדערמידלעך. צווישן זיי האָט מערעסיעוו, אַ פריילעכער, אַ פלינקער, אַ דינאַמישער, געטאַנצט אומאויפהערלעך מיט זײַן רויטלאָקיקער דאַמע. דאָס פּאָרל וואָלט זיך געקענט צושטעלן צו יעדן קאָנקורס.

מיראָוואָלסקי איז געזען לעבן אַן אָפענעם פענצטער, בײַ אַ קופל פרישן ביר און האָט ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון מערעסיעוון און פון זײַן פּײַערהאָריקער „פּאָר". ער איז געווען אַ מעדיקער און דערצו נאָך אַ מיליטערישער מעדיקער. פון אַ גרויסער צאָל פאַלן, וואָס ער

האָט אַליין בײַגעוווּנט, האָט ער געוווּסט ווי ריזיק ס'איז דער אונטער־שייד צווישן פּראָטעזן און לעבעדיקע פּיס.

און איצט, אָבסערווירנדיק דעם פֿאַרברוינטן און פעסטן פּילאָט, וואָס האָט געפֿירט מיט עלעגאַנץ זײַן קליינע, שלאַנקע דאַמע, האָט ער ניט געקענט דערווײַטערן פֿון זיך דעם געדאַנק, אַז דאָס אַלץ מוז זײַן ניט מער ווי אַ קאָמפּליצירטע מיסטיפֿיקאַציע. צום סאָף, נאָכדעם ווי דער פּילאָט האָט פֿײַערדיק אָפּגעטאַנצט דעם טאַנץ „באַריניאַ", אין צענ־טער פֿון אַ גרופּע וואָס האָט זיך באַגלייט מיט אויסגעשרייען און צו־געפּאַטשט מיט די דלאָניעס, האָט ער זיך, אַ פֿאַרשוויצטער און אַ צע־וואַרעמטער, דערשלאָגן צו מיראָוואָלסקין, וואָס האָט אים מיט רעס־פּעקט אַ דריק געטאָן די האַנט. מערעסיעוו האָט געשוויגן, אָבער זײַנע אויגן, אָנגעשטעלטע אַפֿן מעדיקער, האָבן זיך געבעטן, האָבן געפֿאָדערט אַן ענטפֿער.

— איך, ווי איר פֿאַרשטייט, האָב ניט קיין באַפֿולמעכטיקונג צו שיקן אײַך דירעקט אין אַן איינהײט. כ'וועל אײַך אָבער איבערגעבן אַ מע־דיציניש באַשלוס פֿאַר דער סעקציע פֿון פּערסאָנאַל. כ'וועל אײַך שריפֿט־לעך איבערגעבן אונדזער מיינונג, אַז נאָך אַ געהעריקער אײַנאיבונג וועט איר קענען פֿליִען. מיט איין וואָרט: איר קענט רעכענען, אין יעדן פֿאַל, אַף מײַן גינסטיקער שטים לעטויוועס אײַך —האָט געענטפֿערט דער מעדיקער.

און ער איז אַרויס פֿון זאַל געאָרעמט מיטן שעף פֿון דער סאַנאַ־טאָריע, — אויך אַ געניטער מיליטער־מעדיקער. ביידע זײַנען געווען ענ־טוזיאַזמירט, איבערראַשט. פֿאַרן לייגן זיך זײַנען זיי נאָך לאַנג געזעסן, גערייכערט און גערעדט וועגן דעם אַף וואָס עס קען אַלץ פֿעיִק זײַן אַ סאָוועטישער מענטש, ווען ער פֿאַרלייגט זיך אַף עפּעס מיט דער גאַנ־צער ערנסטקייט...

אונטן האָט נאָך געהילכט די מוזיק און איבער די פּירקאַנטיקע ליכט־פֿלעקן, וואָס זײַנען דורך די פֿענצטער געפֿאַלן אין דרויסן, האָבן זיך באַוועגט די שאָטנס פֿון די טענצער. אַלעקסיי מערעסיעוו האָט זיך פֿאַר־שפּאַרט אין באָד־צימער, האָט זיך געביסן די ליפּן ביז בלוט און האָט געווייקט זײַנע אָפּגעשניטענע פּיס אין קאַלט וואַסער. שיר ניט פֿאַרלירנ־דיק דעם באַוווּסטזײַן פֿון ווייטיק, האָט ער באַנעצט די רויט־געוואָרענע מאַזאָליעס און די גרויסע ווונדן וואָס עס האָבן אָנגעריבן די פּראָטעזן.

ווען דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו איז מיט אַ שאָ שפּעטער אַרײַן אין זייער צימער, האָט שוין מערעסיעוו אַן אַרומגעוואַשענער און אַ פֿריי־שער געקעמט, פֿאַרן שפּיגל, זײַנע געקרײַזלטע, נאַסע האָר.

— זינאָטשקאַ וואַרט דאָרט אַף דיר. דאַרפֿסט לעבאָל־האַפּאָכעס דורכשפּאַצירן זיך מיט איר פֿאַרן געזעגענען זיך. ס'איז מיר אַ ראַכמאָ־נעס אַף דער קליינער.

— לאָמיר גיין צוזאַמען פּאַוועל איוואַנאָוויטש. קום, לאָמיר גיין. ס'קאָסט דיר טײַער?

דער געדאַנק פון בלײַבן אַליין מיט דער צוגעלאָזטער און כיינעוו־דיקער זינאָטשקאַ, וואָס האָט אים מיט אַזויפיל כיישעק אויסגעלערנט טאַנצן, האָט אים דערשראָקן. נאָך אַלגאַס בריוו האָט ער זיך געפילט אַזוי ווי געפּענטעט אין איר געזעלשאַפט. ער איז אַזוי שטאַרק צוגע־שטאַנען צו סטרוטשקאָוון, אַז דער קאָמאַנדיר האָט סאָף־קאָל־סאָף אָנגע־טאָן דאָס היטל און איז אַן אומצופרידענער מיטגעגאַנגען מיט אים.

זינאָטשקאַ האָט געוואַרט אויף דער טעראַסע. זי האָט געהאַלטן אַ בוי־קעט בלומען, אײַנגעאַנצן אַן ארומגעפּליקטן. אויף דער ערד האָבן זיך גע־וואַלגערט די קרוין־ און בעכערל־בלעטלעך פון די קווייטן. דערהערנדיק אַלעקסייס טריט, איז זי אים אַנטקעגנגעגאַנגען, אָבער באַמערקנדיק אַז ער איז ניט אַליין, האָט זי זיך צוזאַמענגעדרייט אַ דערשלאָגענע.

— לאָמיר זיך גיין געזעגענען אין וואַלד — האָט מיט אַ רויקן טאָן פאַרגעלייגט אַלעקסיי.

געאָרעמט האָבן זיי אַוועקגעשפּאַצירט איבער דער אַלטער אַלייע פון די ליפּעס. אונטער זייערע פיס, אויף דער ערד, וואָס איז געווען באַש־פּרענקלט מיט זילבערדיקער לעוואָנע־שײַן, האָבן אַרומגעטאַנצט קויל־שוואַרצע שאָטנס און ס'האָבן זיך שוין אויך געוואַלגערט, דאָ און דאָרט, ווי גאָלד־מאַטבייעס צעשאָטענע אויפן ווינט, די ערשטע האַרבסט־בלע־טער. דורך דער אַלייע זײַנען זיי אַרויס פון פּאַרק און זײַנען אַוועק, איבערן ווײַסלעכן, פײַכטן גראָז, צו דער אָזיערע. אַ ווײַסער, געקרויזטער נעפּל, ווי די פעל פון אַ שעפּס, האָט באַדעקט דאָס פלאַכלאַנד און איז זיי דערגאַנגען ביזן גאַרטל. די פײַכטע, שאַרף־שמעקנדיקע האַרבסט־לופט איז אָט געווען קיל און אַפילע קאַלט און אָט לעפלעך און אַפילע שטיקנ־דיק, פּונקט ווי די פאַרנעפּלטע אָזיערע וואָלט געווייט מיט הייסע און קאַלטע לופט־שטראָמען . . .

— ס'זעט אויס ווי מיר וואָלטן געווען ריזן און ווי מיר וואָלטן געשפּרײַזט אויף וואָלקנס, ניט עמעס? — האָט אַלעקסיי געזאָגט אַ פאַר־טראַכטער, פילנדיק, אַ פאַרלווירענער, ווי שטאַרק זינאָטשקאַ דריקט צו איר אָרעם צו זײַנעם.

— מיר טוען אָפּ אַ נאַרישקייט; מיר פאַרנעצן זיך די פיס און מיר וועלן כאַפּן אַ גוטן קאַטער אויפן וועג — האָט געהאַט טײַנעם סטרוטש־קאָוו, וועלכער איז געווען פאַרזונקען אין זײַנע אומעטיקע געדאַנקען.

— אין דעם זינען בין איך פּריווילעגירט לעגאַבע אײַך. כ'האָב ניט וואָס צו פאַרנעצן און כ'וועל זיך דעריבער ניט פאַרקילן — האָט געזאָגט אַלעקסיי, שמייכלענדיק איראָניש.

זינאָטשקאַ האָט זיי פאַרשלעפּט צו דער פאַרנעפּלטער אָזיערע:

— קומט, קומט, דאָרט דאַרף איצט זײַן זייער גוט.

ס'האָט ווייניק געפעלט אַז זיי זאָלן פאַרקריכן אינעם וואַסער. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט איבערראַשטע און האָבן גלײַך באַמערקט דורך די וואָל־וואָלקנס פון נעפּל אַז עפּעס שוואַרצט זיך אונטער זייערע פיס. ס'איז געווען אַ האַלץ־האַפּנדל און נאָנט פון אים האָבן זיך קוים אויס־געטיילט די קאָנטורן פון אַ שיפל. זינאָטשקאַ איז פאַרשווונדן אינעם נעפּל און האָט זיך אומגעקערט מיט עטלעכע וועסלעס. אַלעקסיי האָט זיך אַוועקגעזעצט וועסלעווען. זינאַ און דער קאָמאַנדיר האָבן זיך אַוועק־געזעצט אין צווייטן עק שיפל. דאָס שיפל האָט זיך אַ גליטש געטאָן איבער די רויִקע וואַסערן, אָט פאַרקריכנדיק אין נעפּל און אָט אַרויס־טויכנדיק פון אים אויף דער שוואַרץ־גלאַנציקער וואַסער־אויבערפלאַך, וואָס די לעוואָנע האָט אָפּגעשאָטן מיט זילבער. יעדער איינער האָט געטראַכט וועגן זײַנע איניאַנים. די נאַכט איז געווען אַ שטילע, דאָס וואַסער האָט אַראָפּגעטריפט פון די וועסלעס אין גלאַנציקע, שווערע טראָפּנס, וואָס זײַנען ענלעך געווען אויף קוועקזילבער. דאָס שיפל האָט אונטערגעסקריי־פּעט, ערגעץ האָט געשריִען אַ וואַסער־פויגל און פון גאָר ווײַט האָט זיך דערקײַקלט איבערן וואַסער דער רײַסיקער און ווילדער געשריי פון אַ סאָווע.

— ס'זעט אויס אוממעגלעך אַז גאָר נאָנט פון דאָנען קעמפט מען...

—האָט שטיל אַ זאָג געטאָן זינאָטשקאַ—. איר וועט מיר שרײַבן כאַווי־רים? איר, צום בײַשפּיל, אַלעקסיי פּעטראָוויטש, שרײַבט אָן כאָטש עט־לעכע ווערטער. אויב איר ווילט, וועל איך אײַך געבן עטלעכע פּאָסט־קאַרטלעך מיט מײַן אַדרעס. בלויז עטלעכע ווערטער: כ'לעב, כ'בין גע־זונט, גרוסן... און אין פּאָסטקעסטל אַרײַן! מאַסקים?

— אָך, פּרײַנט, מיט וואָס פאַרא פאַרגעניגן כ'פּאָר אַוועק! צום טײַוול מיט אַלץ! איצט — צו דער אַרבעט, גענומען זיך! —האָט אויס־געשריפן סטרוטשקאָוו.

אַלע זײַנען ווידער אַנטשוויגן געוואָרן. אונטערן דעק פון שיפל האָט אָפּגעהילכט די ווייכע פּאַטשערײַ פון אַ קליינער, צערטלדיקער כוואַליע. דאָס אונטערזינגענדיקע און פאַרוויגנדיקע וואַסער האָט געמורמלט און געקרײַזט מיט זײַנע צונויפגעדריקטע, גלימצערנדיקע כוואַליעס הינטערן עק פון שיפל. דער נעפּל־פאַרהאַנג האָט זיך גענומען פונאַנדעררײַסן, און פון ברעג האָט זיך דערטראָגן צום שיפל אַ בלאָ־לויכטנדיקער בינטל לעוואָנע־שטראַלן. פון ווײַטן האָבן אַרויסגעהעלט די קליינע פלעקן פון די נענופאַרן און וואַסער־ליליעס.

— מיר וועלן עפּשער זינגען? —האָט פאַרגעלייגט זינאָטשקאַ, און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָט זי פאַרצויגן דאָס „ראַבינע”־ליד.

מיט אַ מעלאַנכאָלישער שטים האָט זי געזונגען אַליין די ערשטע סטראָפע; דאָן האָט איר גענומען באַגלייטן סטרוטשקאָוו מיט אַ טיפן, מעכטיקן באַריטאָן. אַלעקסיי האָט קיינמאָל ניט געהערט זינאָטשקאָן זינ־

גען און האָט זיך גאָרניט פֿאַרגעשטעלט אַז זי האָט אַזאַ פּרעכטיקע, סאַמעטענע שטים. אויף דער אויבערפֿלאַך פֿון וואַסער האָבן זיך צעשפּרייט די קלאַנגען פֿון דאָזיקן לײַדנשאַפֿטלעכן און טרוימערישן ליד. ביידע מעלאָדישע שטימען — די מאַנצבילישע און די ווײַבלעכע — האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן. אַלעקסיי האָט זיך דערמאָנט אין איינזאַמען, שיינעם ראַבינעבוים, מיטן איינציקן רויטן הענגל, וואָס איז געוואַקסן לעבן פֿענצטער פֿון זײַן צימער; ער האָט זיך אויך דערמאָנט אין וואַריאַן, פֿון אונטערערדישן דאָרף; נאָכדעם איז אַלץ פֿאַרשוווּנדן — די אָזיערע, דאָס מאַגישע לעוואָנע־ליכט, דאָס שיפֿל, די זינגער — און ער האָט דערזען פֿאַר זיך, אין באַזילבערטן נעפּל, דאָס מיידל פֿון קאַמישין, אָבער ניט יענע אָלגאַ, וואָס איז געזעסן, ווי אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע, אויפֿן גראָז, צווישן די ראָמאַשקעס פֿון צעבליטן פֿעלד, נאָר אַן אַנדערע, אַן אומבאַקאַנטע, אַ מידע, מיט פֿלעקן פֿון זון־אָפּגעברענטקייט אויפֿן פּנים און מיט צעשפּאָלטענע ליפּן; אַן אָנגעטאָנענע אין אַ דורכגעשוויצטער גימנאַסטיאָרקע און מיט אַ רידל אין די הענט, דאָרט ערגעץ אויפֿן סטעפּ, נאָענט פֿון סטאַלינגראַד.

אַלעקסיי האָט אָפּגעלאָזט די וועסלעס און איז געבליבן אומבאַוועגלעך. די לעצטע סטראָפֿע פֿון ליד האָבן זיי שוין געזונגען אַלע דרײַ אינאיינעם.

## .6

פֿאַרטאָג האָט אַ קאַראַוואַן מיליטערישע אויטאָבוסן פֿאַרלאָזן די גרענעצן פֿון דער סאַנאַטאָריע. איידער מען האָט גערירט פֿון אָרט, האָט זיך דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו אַוועקגעזעצט אויף אַ טרעפּל פֿון איינעם פֿון די אויטאָבוסן און פֿאַרצויגן זײַן באַליבט לידל — „די ראַבינע”. דאָס לידל איז אויפֿגעכאַפּט געוואָרן דורך אַלע איבעריקע אויטאָבוסן. די געזעגענישן, בורנאַזיאַנס גלײַכוועררטלעך און דער קאָל זינאָטשקאַס, — וואָס האָט עפּעס געשריִען דורך אַ פֿענצטערל צו אַלעקסייען — זײַנען פֿאַרשטיקט געוואָרן דורך די איינפֿאַכע און טיפֿע ווערטער פֿון דאָזיקן אַלטן, פֿאַרגעסענעם ליד, וואָס האָט אויפֿגעלעבט בעיִס דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע און וואָס האָט באַוועלטיקט אַלע הערצער.

די אויטאָבוסן זײַנען אָפּגעפֿאָרן, מיטנעמענדיק מיט זיך די האַרמאָנישע און לויטערע אַקאָרדן פֿון דער דאָזיקער מעלאָדיע. נאָכן פֿאַרענדיקן דעם געזאַנג, זײַנען אַלע שטיל געוואָרן און קיינער האָט שוין ניט געעפֿנט די ליפּן ביז עס האָבן זיך ניט באַוויזן די ערשטע פֿאַבריקן און אַרבעטער־קוואַרטאַלן פֿון דער הויפּטשטאָטישער אומגעגנט.

דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו, אין זײַן צעשפּיליעטער גימנאַסטיאָר־

קע, האָט שמייכלענדיק געקוקט אַפֿן מאָסקווער פֿאָרשטאָטישן פּייזאַזש.
ס'איז אים געווען פֿרייִלעך. דער דאָזיקער מילכאָמע־באַהעם איז געווען
צופֿרידן ווען ער האָט זיך געפֿונען אין באַוועגונג, ווען ער איז אַריבער־
געפֿאָרן פֿון איין אָרט אַפֿן צווייטן. ער איז איבערגעשיקט געוואָרן אין
אַן אומבאַקאַנטער אייַנהייט, אָבער דאָס האָט אים ניט אויסגעמאַכט:
ער איז געפֿאָרן צו זיך אַהיים. מערעסיעוו האָט געשוויגן אַן אומרויִקער.
ער האָט געהאַט אַ פֿאָרגעפֿיל אַז דאָס סאַמע שווערסטע דאַרף ער נאָך
דורכקומען און אַז ווער ווייס צי ער וועט באַוויַיזן צו באַזיגן די שווע־
ריקייטן.

גלייַך ווי ער איז אַראָפּ פֿון אויטאָבוס, איז מערעסיעוו קוידעם־קאָל
אַוועק צו מיראָוואָלסקין; ער איז ניט אָפּגעטראָטן אין קיין שום אַנדער
אָרט און האָט אַפֿילע ניט אַ טראַכט געטאָן ווי ער וועט דורכנעכטיקן.
דאָרט האָט ער זיך אָנגעטראָפֿן אַף זיַין ערשטן דורכפֿאַל: זיַין פּראָטעק־
טאָר, דער מענטש וועלכן ער האָט מיט אַזויפֿיל מי געוווּנען אַף זיַין
צאַד, איז געווען אַוועקגעפֿאָרן אין אַן אײַליקער דינסט־מיסיע און האָט
זיך געזאָלט אומקערן ווער ווייס ווען. מען האָט פֿאָרגעלייגט מערעסיעוון
אַז ער זאָל צושטעלן אַ שריפֿטלעכן באַריכט און פּרווון דערלײַדיקן זיַין
באַקאָשע אַפֿן געוויינלעכן וועג. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין קאָרידאָר
און אָנגעשריבן אַף אַ פֿענצטער דעם באַריכט. ער האָט איבערגעגעבן
דאָס פּאַפּיר דעם דיזשורנדיקן אָפֿיציר — אַ קליין, דאַר מענטשל, מיט
מידע אויגן. דער אָפֿיציר האָט אים צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ וואָס עס
ליגט אין זיַינע מעגלעכקייטן און האָט אים געהייסן קומען אין צוויי
טעג אַרום. ביטעס, באַקאָשעס, דראָונגען — אַלץ איז געווען אומזיסט.
דער אָפֿיציר האָט זיך מיט זיַינע ביייִקע פֿויסטן געשלאָגן אין דער
ברוסט און האָט פֿאַרזיכערט אַז אַנדערש קען ניט זײַן און אַז ער קען דאָ
גאָרניט העלפֿן. ס'איז וואַרשײַנלעך געווען ריכטיק אַז ער קען מיט גאָר־
ניט העלפֿן. מערעסיעוו האָט פֿאַרשטאַנען אַז ער וועט שוין יענעם טאָג
גאָרניט דערגרייכן און איז אַוועק.

אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן זיַינע אַרומלויפֿעניש איבער די מיליטע־
רישע ביוראָען. זײַן לאַגע האָט זיך קאָמפּליצירט, ווײַל אַרויספֿאָרנדיק
אין אײַלעניש פֿון דער סאַנאַטאָריע האָט ער פֿאַרלוירן זיַין פּאַיאָק־קאַרטע
און די באַשטעטיקונג פֿון זיַין געהאַלט. ער האָט אויך געהאַט פֿאַרגעסן
צו באַנײַען זיי אין דער געהעריקער צײַט. ער האָט אַפֿילע ניט געהאַט
קיין שום מיליטערישן דאָקומענט. מען האָט אים צוגעזאָגט צו בעטן
טעלעפֿאָניש און אײַליק אין פּאָלק זיַינע דאָקומענטן, אָבער מערעסיעוו
האָט געוווּסט ווי פּאַמעלעך דאָס גייט אַלץ צו און האָט פֿאַרשטאַנען אַז
ער איז פֿאַרמישפּעט צו לעבן אַ געוויסע צײַט אָן געלט, אָן אַ דירע און
אָן אַ פּאַיאָק אין דער האַרבער קריגס־מאָסקווע, ווו יעדער קילאָ ברויט
און שטיקל צוקער איז געווען שטרענג צוגעטיילט.

ער האָט אַ קלונג געטאָן צו אַניוטאַן אין שפּיטאָל. לויט איר שטים האָט ער דערקענט אַז זי איז שטאַרק באַשעפטיקט און באַזאָרגט, אָבער זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט און האָט געפאָדערט פון אים אַז ער זאָל אַף די עטלעכע טעג פאַרנעמען איר צימער, ווײַל זי ווײנט אַלץ איינס אין שפּיטאָל און ער וועט קיינעם ניט שטערן.

פון סאַנאַטאָריע האָט ער געהאַט מיטגענומען קאַלט עסן אַף פינף טעג. ניט טראַכטנדיק קיין סאַך איז אַלעקסיי אַ דערמונטערטער אוועק צום אַלטן באַקאַנטן הײַזל, וואָס איז געווען פאַררוקט אין אַ הויף, הינ־טער די נײַע און מאָדערנע ביניאָנים. „כ'האָב וואָס צו עסן און אַ דאַך איבערן קאָפּ; איצט קען איך וואַרטן". ער איז אַרויף אַף די באַקאַנטע פינצטערע און געדרייטע טרעפּלעך, וואָס האָבן נאָך אַלץ געאַיפּעשט מיט קעצישע, מיט קעראָסין און מיט נאַסע גרעט. ער האָט אין דער פינצטער אָנגעטאַפּט די טיר און האָט שטאַרק אָנגעקלאַפּט.

דאָס שפּיציקע פּאָנעם פון אַן אַלטיטשקער האָט זיך אַרויסגעבויגן פון דער עטוואָס געעפנטער טיר, וואָס איז נאָך געווען צוגעקייטלט מיט צוויי גראָבע קייטן. אַ היפּשע צײַט האָט זי באַטראַכט אַלעקסייען מיט אומצוטרוי און נײַגעריקייט; זי האָט אים געפרעגט ווער ער איז, וועמען ער זוכט און ווי ער הייסט. ערשט נאָך דעם אַלעמען האָבן אַ קלונג געטאָן די קייטן און די טיר האָט זיך געעפנט.

— אַנאַ דאַנילאָוונאַ איז ניטאָ, אָבער זי האָט מיר אָנגעזאָגט דורכן טעלעפאָן אַז איר וועט קומען. קומט אַרײַן, כ'וועל אײַך אַרײַנפירן אין צימער.

די אַלטיטשקע האָט ניט אויפגעהערט צו פאָרשן מיט אירע קאָליר־לאָזע, פאַרלאָשענע אויגן דאָס פּאָנעם, די גימנאַסטיאָרקע און דעריקער דעם רוקזאַק פון אַרײַנגעקומענעם.

— איר דאַרפט אָנוואַרעמען וואַסער? אָט־דאָ אַפּן אויוועלע איז אַניוטאַס קיכל; איך וועל זי אײַך אָנצינדן...

אַלעקסיי איז אָן שיִעם אַרײַן אין צימער. ווי ס'ווײַזט, האָט ער, פּונקט ווי סטרוטשקאָוו, געגומען באַקומען די סאָלדאַטישע געוווינהייט צו פילן זיך אומעטום אַזוי ווי באַ זיך אינדערהיים. דערשפּירנדיק דעם באַקאַנטן רייעך פון אַלטן האָלץ, שטויב און נאַפטאַלין, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די אַלטע, אָפּגענוצטע כפייצים, איז ער אַפילע עמאָציאָ־נירט געוואָרן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט אין זײַן אַלטער היים נאָך אַ שטיק פאַרלאָפענער צײַט.

די אַלטע האָט אים געהאַלטן אין איין נאָכגיין און אין איין דער־ציילן: וועגן די רייען לעבן אַ געוויסער בעקערײַ, ווו מען קען באַקומען אַף דער ברויט־קאַרטע, אויב מען זאָל האָבן מאַזל, מילך־בייגל אָנשטאָט שוואַרץ ברויט; וועגן דעם וויִאַזוי אַ מיליטערמאַן מיט אַ סאַך שטערנד־לעך האָט דערציילט אין טראַמווײַ אַז די דײַטשן האָבן געכאַפּט דעם

ריכטיקן קלאפּ באַ סטאַלינגראַד; זי האָט אויך דערציילט אַז היטלער איז מעשוגע געוואָרן, אַז מען האָט אים פאַרשפּאַרט אין אַ מעשוגאָים־הויז און אַז אַף זײַן אָרט האָט מען אונטערגעשטעלט אַ צווייטן; אַז איר שכיינע אַלעווטינאַ אַרקאַדיעווונאַ האָט, אָן שום באַרעכטיקונג, באַקומען אַ פּאַיאָק־קאַרטע פון אַן ארבעטער, אַז זי האָט באַ איר צוגענומען אַן אויסגעצייכנטן עמאַלירטן טאָפּ און אַז זי וויל אים ניט אומקערן; אַז אַנאַ דאַנילאָוונאַ, אַ טאָכטער פון אַ בעקאָוועדיקער, וואַקוּירטער פאַמיליע, איז אַן אויסגעצייכנטע, באַשיידענע און אָרנטלעכע פרײַלן, וואָס טוט ניט נאָך דעם בײַשפּיל פון אַנדערע, וועלכע שלעפּן זיך אַרום גאָט ווייס מיט וועמען, און אַז זי ברענגט ניט קיין קאַוואַליערן אין איר וווינונג.

— און איר זײַט אוואַדע איר כאָסן? דער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, דער טאַנקיסט?

— ניין, איך בין אַ געוויינלעכער אוויאַטאָר — האָט געענטפערט מערעסיעוו, און ווען ער האָט דערזען אַן אויסדרוק פון צעמישונג, אומצופרידנקייט, אומצוטרוי און קאַעס אַפן אויסדרוקפולן פּאָנעם פון דער אַלטיטשקער, האָט ער שיר ניט אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

די אַלטע האָט צונויפגעדריקט די ליפּן, האָט אַן אויפגעבראַכטע אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, און פון קאָרידאָר שוין, האָט זי, אָן דער פרײַערדיקער ליבלעכער אויפמערקזאַמקייט, אויסגערופן:

— אויב איר דאַרפט הייס וואַסער, קאָכט עס אַליין אויף אַפן בלאָען קיכל.

אַניוטאַ איז קענטיק געווען שטאַרק באַשעפטיקט אַפן עוואַקואַציע־פונקט. אין יענעם פאַרכמאַרעטן האַרבסט־טאָג האָט דער צימער אויסגעזען שטאַרק פאַרלאָזן. אַלץ איז געווען באַדעקט מיט אַ דיקער שטויבשיכט. אַף די פענצטער און אַף די נאַכט־טישלעך האָבן געגעלט וועלקנדיקע בלומען, וואָס זײַנען שוין לאַנג ניט באַגאָסן געוואָרן. אַפן טיש איז געשטאַנען דער טשײַניק און ס'האָבן זיך געוואַלגערט עטלעכע פאַרגרינטע סקאָרינקעס. אויך די פּיאַנאָ איז געווען באַדעקט מיט אַ גראָווייכער שיכט שטויב. אַ גרויסע פליג האָט מעלאַנכאָליש געזשומעט אַף אַ פאַרצויגענער, געלבלעכער שויב, פונקט ווי זי וואָלט זיך געהאַלטן אין שטיקן אין דער איבערגעלאָדענער און געדיכטער לופט פון אָפּגעשלאָסענעם צימער.

מערעסיעוו האָט צעעפנט די פענצטער וואָס זײַנען אַרויס אַף אַ קליינעם שמאָל־באַפלאַנצטן אָנשיט. אַ שטראָם פרישע לופט האָט זיך אַרײַנגעריסן אין צימער, האָט אַראָפּגעקערט פון אומעטום דעם שטויב און האָט אויפגעהויבן אַן עמעסן, גראָען וואָלקן. אין יענעם מאָמענט איז אײַנגעפאַלן אַלעקסייען אַ גליקלעכער געדאַנק: אויסרייניקן דעם פאַרלאָזענעם צימער, איבערראַשן און דערפרייען אַניוטאַן, אויב זי וועט קומען אין

אוונט זען זיך מיט אים. ער האָט געבעטן בא דער אַלטער אַ עמער, אַ וואַש־טוך און אַ בעזעם, און האָט זיך מיט אַ ברען אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, — אַן אַרבעט וואָס איז, מיקאַדמוינים אָן, אַזוי ניט אָנגע־לייגט בא אַ מאַנצביל. בעמעשעך פון אָנדערטהאַלבן שאָ האָט ער גע־ריבן, געקערט, געשײַערט און געוואַשן, און איז געווען אַנטציקט פון דער דאָזיקער טירכע.

אינאָוונט איז ער צוגעגאַנגען צו דער בריק, ווו ער האָט נאָך פריער, גייענדיק צום שטיבל, באַמערקט ווי מיידלעך פאַרקויפן פאַרשיידענע גע־פלאָכטענע טרעטערס, ראַגאַזשעס און האַרבסטיקע בלומען. ער האָט גע־קויפט עטלעכע בלומען און האָט זיי אַרײַנגעשטעלט אין בלומען־טעפּ אַפן טיש און אַף דער פּיאַנאָ. נאָכדעם האָט ער זיך אַרײַנגעזעצט אין גרינעם, באַקוועמען פאָטעל און דערפילט אין גאַנצן קערפּער אַן אָנגע־נעמע מידקייט. ער האָט אויך טיף אַרײַנגעאָטעמט אין זיך די רייכעם פון פּרעגלעכץ וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון דער קיך, ווו די אַלטע האָט זיך געפּאָרעט אַרום די פּראָדוקטן וואָס ער האָט איר איבערגעגעבן.

אַניוטאַ איז געקומען אַזאַ מידע, אַז גלײַך ווי זי האָט זיך באַגריסט, האָט זי זיך אויסגעצויגן אַפן דיוואַן, ניט באַמערקנדיק אַפילע אַז אַלץ אַרום איר האָט געגלאַנצט און געבלישטשעט. ערשט נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַביסל אָפּגערוט און גענומען אַ טרונק וואַסער, האָט זי זיך אַן אײַ־בערראַשטע אַרומגעקוקט. פאַרשטייענדיק וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָט זי מיד אַ שמייכל געטאָן און האָט אַ דריק געטאָן מערעסיעווס אָרעם:

— מען זעט אַז ניט אומזיסט האָט אײַך גריגאָרי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, אַזוי שטאַרק אַז איך בין אַפילע געווען אַביסל אייפערזיכ־טיק, אַלעקסיי, איז מעגלעך אַז איר אַליין האָט עס אַלץ געטאָן? וואָס פאַרא גוטער איר זײַט! און וועגן גריגאָרין ווייסט איר גאָרניט? ער איז דאָרט. נעכטן האָב איך באַקומען אַ קורץ בריוול, צוויי ווערטער: ער איז אין סטאַלינגראַד, און שטעלט זיך פאָר וואָס פאַרא מין שויטע ער איז — ער האָט זיך דאָך פאַרלאָזן אַ באָרד. אַן אײַנפאַל איצטיקע צײַטן!... דאָרט איז געפערלעך? זאָגט מיר, אַלעקסיי... מען דער־ציילט אַזויפיל גרויליקע זאַכן וועגן סטאַלינגראַד!

— דאָרט איז די מילכאָמע.

אַלעקסיי האָט אַ זיפץ געטאָן און האָט זיך אָנגעכמורעט. ער האָט מעקאַנע געווען די אַלע וואָס זײַנען געווען דאָרט, אַף דער וואָלגע, ווו ס'האָט זיך אויסגעוויקלט די גיגאַנטישע שלאַכט, וועגן וועלכער מען האָט אַזויפיל גערעדט.

זיי האָבן געשמועסט אַ גאַנצן אָוונט, האָבן געגעסן מיט אַפּעטיט אַ געבראָטנס פון קאָנסערוון־פלייש, און אַזוי ווי דער צווייטער צימער איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט זאַכן, האָבן זיי זיך, ווי אַ ברודער מיט

אַ שוועסטער, אײַנגעאָרדנט צוזאַמען אין זעלבן צימער — אַניוטאַ אין בעט און אַלעקסיי אַפֿן דיוואַן — און זײַנען גלײַך אײַנגעשלאָפֿן מיט אַ טיפֿן, יוגנטלעכן שלאָף.

ווען אַלעקסיי האָט געעפֿנט די אויגן, איז ער גלײַך אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דיוואַן: די שטויביקע זון־שטראַלן זײַנען געהאַנגען אין דער קווער איבערן דיל. אַניוטאַ איז ניט געווען. אַפֿן אָנשפּאַר פֿון זײַן דיוואַן האָט ער געפֿונען צוגעטשעפּעט אַ צעטעלע: „כ'מוז גלײַך גיין אין שפּיטאָל. דער טיי איז אַפֿן טיש און דאָס ברויט — אין בופֿעט; צוקער איז ניטאָ. פֿאַר פֿרײַטיק וועל איך ניט קענען קומען. אַ.“.

בעמעשעך פֿון עטלעכע טעג איז אַלעקסיי קימאַט ניט אַרויס פֿון שטוב. קעדיי צו פֿאַרטרײַבן די צײַט האָט ער פֿאַרריכט דער אַלטער אַלע קעראָסין־קיכלעך און פּרימוסן, האָט פֿאַרלייט די פֿענדלעך, צורעכט געמאַכט די עלעקטרישע אויסשליסערס און שטראָם־געבערס, און אויסער דעם, אויף דער ספּעציעלער באַקאָשע פֿון דער אַלטער, פֿאַרריכט דאָס קאַווע־מילכל פֿון דער ביטרער אַלעווטינאַ אַרקאַדיעוונאַ, האַגאַם זי האָט נאָך ניט אומגעקערט דעם עמאַלירטן טאָפּ. צוליב דעם אַלץ האָט ער געפֿונען כיין אין די אויגן פֿון דער אַלטער און אויך פֿון איר מאַן, אַן אָנגעשטעלטן אין בוי־טרעסט, אַן אַקטיוון מיטגליד פֿון דער אַנטילופֿט־פֿאַרטיידיקונג; ער פֿלעגט אויך גאַנצע טעג ניט זײַן אינדערהיים. דאָס פֿאַרפֿאָלק האָט זיך איבערצײַגט אַז די טאַנקיסטן, נאַטירלעך, זײַנען ווילע מענטשן, אָבער אַז אויף די אַוויאַטאָרן קען מען אויך קיין שלעכטס ניט זאָגן: ווען מען קוקט זיך צו זיי גוט צו, זעט מען אַז זיי זײַנען אַרבעטזאַמע, ערנסטע און איבערגעגעבענע דער שטוב, ניט געקוקט אויף זייער לופֿט־פּראָפֿעסיע.

ערעוו זײַן צושטעלן זיך צו דער „סעקציע פֿון פּערסאָנאַל“, קעדיי צו באַקומען אַן ענטפֿער אויף זײַן באַקאָשע, האָט אַלעקסיי ניט צוגעמאַכט קיין אויג. פֿאַרטאָג האָט ער זיך אויפֿגעהויבן, אַרומגעראַזירט זיך און געגוי צו דער מינוט ווען ס'האָט זיך געעפֿנט די ביוראָ, איז ער דער ערשטער אַרײַן צום אַדמיניסטראַטיוון קאָמאַנדיר וואָס האָט געדאַרפֿט באַשטימען זײַן גורל. פֿון ערשטן מאָמענט אָן איז אים דער קאָמאַנדיר ניט געפֿעלן געוואָרן. ווי ער וואָלט ניט באַמערקט אַלעקסייען, האָט ער אַ לאַנגע צײַט אַרויסגענומען און אַרײַנגעלייגט טעקעס מיט פּאַפּירן, האָט עמעצן גערופֿן אין טעלעפֿאָן און האָט דערקלערט דער סעקרעטאַרן, מיט אַלע פּראָטים, ווי אַזוי צו נומערירן פּערזענלעכע דינסט־בויגנס. נאָכדעם איז ער אַרויס און ס'האָט געדויערט ביז ער איז צוריקגעקומען. פֿאַר דער דאָזיקער צײַט איז אַלעקסיי דורכגעדרונגען געוואָרן מיט סינע צום קאָמאַנדירס לאַנגן פּאָנעם, גרויסער נאָז, גלאַט־אויסגעראַזירטע באַקן, גלאַנציקע ליפּן און שיפּועדיקן שטערן וואָס האָט זיך לײַכט איבערגע־

גאָסן אין אַ פּליך. סאַף־קאַל־סאַף, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעדרייט אַ בלעטל פון קאַלענדאַר, האָט ער אַ קער געטאָן זײַן קאָפּ צום באַזוכער:

— איר זײַט געקומען צו מיר, כאַווער לייטענאַנט? —האָט ער געפרעגט מיט אַ באַסאָווער, שווערער און פּרעטענציעזער שטים.

מערעסיעוו האָט אים דערקלערט זײַן איניען. דער קאָמאַנדיר האָט געבעטן באַ דער סעקרעטאַרן אַלעקסייס דינסט־בויגן. ביז זי האָט זיך צוריקגעקערט, איז ער געזעסן מיט צעשפּרייטע פיס און האָט קעסיידער געפּורקעט מיט אַ צאָן־שטעכער אין מויל, וואָס ער האָט פון איידלקייט וועגן פאַרשטעלט מיט דער לינקער האַנט. ווען מען האָט אים געבראַכט די פּאַפּירן, האָט ער מיט אַ נאָזטיכל אויסגערייניקט דעם צאָן־שטעכער, האָט אים אײַנגעוויקלט אין אַ פּאַפּירעלע און באַהאַלטן אין אַ קעשענע פון דער גימנאַסטיאָרקע. ערשט דאַן האָט ער גענומען לייענען דעם דינסט־בויגן. ווען ער איז צוגעקומען, קענטיק, צו די אַמפּוטירטע פיס, האָט ער שנעל אָנגעוויזן אַלעקסייען אויף אַ שטול, ווי ער וואָלט געזאָגט: „זיצט, וואָס שטייט איר?", און האָט ווײַטער געלייענט די פּאַפּירן. ווען ער האָט געענדיקט לייענען דאָס לעצטע בלעטל, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— קאָנקרעט גענומען, וואָס פאַרלאַנגט איר?

— איך וויל מען זאָל מיך באַשטימען אין אַ יאַגד־פּאָלק.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָפּן פּאָטעל, האָט אָן איבער־ראַשטער אַ קוק געטאָן אָפּן פּילאָט וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען און האָט אים אַליין אונטערגערוקט אַ שטול. זײַנע ברייטע ברעמען האָבן זיך נאָך העכער אַ הייב געטאָן איבערן גלאַטן, פעטלעכן שטערן:

— איר קענט דאָך אָבער ניט פליִען.

— איך קען און איך וועל פליִען. שיקט מיר אויף פּראָבע אין אַן איבונג־שול. —מערעסיעוו האָט קימאַט ווי געשריִען און ס'האָט געקלונ־גען אין זײַן טאָן אַזאַ אַנטשיידענער ווילן, אַז די מיליטערלײַט פון די איבעריקע טישן האָבן אויפגעהויבן די קעפּ, באַמיִענדיק זיך צו דערגיין וואָס אַזוינס עס פאַרלאַנגט מיט אַזאַ צודרינגלעכקייט דער שיינער, אָפּ־געברענטער באָכער.

— הערט זיך אָבער אײַן: ווי קען מען עס פליִען אָן פיס? אַ שיי־נע געשיכטע... דאָס האָט מען נאָך אין ערגעץ ניט געזען. און ווער וועט עס אײַך דערלויבן? —דער קאָמאַנדיר האָט פאַרשטאַנען אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ פאַנאַטיקער און עפּשער מיט אַ מעשוגענעם.

קוקנדיק מין־האַצאַד אויף אַלעקסייס רוזעדיקן פּאָנעם, אויף זײַנע ברענענדיקע אויגן פון אַ „מעשוגענעם", האָט ער געפּרוווט ריידן מיט דער גרעסטער ווייכקייט:

— מען האָט עס אין ערגעץ ניט געזען, אָבער מען וועט זען —האָט געענטפערט אַקשאָנעסדיק מערעסיעוו. ער האָט אַרויסגענומען פון זײַן נאָטיץ־בוך דעם צײַטונג־אויסשניט, וואָס איז געווען אײַנגעוויקלט אין

זײַד־פּאַפּיר און האָט אים אַוועקגעלייגט אױפֿן טיש, פֿאַר קאָמענדאַנטס אויגן.

די מיליטערלײַט פֿון די שכיינעסדיקע טישן האָבן אויפֿגעהערט צו אַרבעטן און האָבן נאָכגעפֿאָלגט אויפֿמערקזאַם דעם שמועס. איינער פֿון זיי האָט זיך דערנענטערט צום קאָמענדאַנט, קעדיי צו דערליידיקן קלויִ־מערשט עפּעס, האָט געבעטן אַ שוועבעלע און האָט גענומען באַטראַכטן אַלעקסייס פּאָנעם. דער קאָמאַנדיר איז מיטן בליק דורכגעלאָפֿן דורכן אַרטיקל.

— דאָס איז פֿאַר אונדז קיין דאָקומענט ניט. מיר האָבן אינסטרוק־ציעס, אין וועלכע עס ווערן באַשטימט אַלע מאַדרייגעס פֿון נוצלעכקייט פֿאַר דער אַוויאַציע. איך וואָלט אײַך ניט געקענט אָנטרויען אַן אַפּאַראַט אַפֿילע ווען עס וואָלטן אײַך בלויז געפֿעלט צוויי פֿינגער, ביפֿראַט נאָך ביידע פֿיס. באַהאַלט אײַער אויסשניט; דאָס איז ניט קיין באַווײַז. איך שאַץ שטאַרק אײַער ווילן, אָבער...

דערפֿילנדיק ווי ס׳קאָכט אין אים דאָס בלוט, האָט מערעסיעוו מיט אָנשטרענגונג אַ זאָג געטאָן:

— און דאָס?

און ער האָט אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש דעם לעצטן פֿון זײַנע אַרגו־מענטן, דעם פּאַפּיר מיט דער אונטערשריפֿט פֿון פּאָלקאָווניק פֿון סאַני־טאַרן דינסט. דער קאָמאַנדיר האָט אַ נעם געטאָן דאָס פּאַפּיר מיט אַ צווייפֿלדיקער מינע. ס׳איז געווען אין אָרדענונג, מיטן קעפּל פֿון דער סאַניטאַרער סעקציע און מיטן געהעריקן שטעמפּל; אונטערן שטעמפּל — די אונטערשריפֿט פֿון מעדיקער וואָס האָט געהאַט גרויס אָנזען אין דער גאַנצער אַוויאַציע. דער קאָמאַנדיר האָט געלייענט דאָס פּאַפּיר און איז געוואָרן פֿרײַנטלעכער. ניין, ס׳איז ניט געווען קיין מעשוגענער. דער דאָ־זיקער אויסערגעוויינלעכער באָכער איז בעעמעס געווען אָנטשלאָסן צו פֿליִען אָן פֿיס. עס האָט זיך אים אַפֿילע אײַנגעגעבן צו איבערצײַגן דעם מיליטערישן מעדיקער, וואָס איז אַן ערנסטע און קאָמפּעטענטע פּערזאָן.

— ניט געקוקט אַף אַלץ, קען איך ניט, צו מײַן גרעסטן באַדויערן — האָט אַ זיפֿץ געטאָן דער קאָמאַנדיר, אָפּרוקנדיק מערעסיעווס דינסט־בויגן —. דער פּאָלקאָווניק קען זיך שרײַבן וואָס ער וויל, אָבער מיר האָבן קלאָרע און קאָנקרעטע אינסטרוקציעס, וואָס דערלויבן ניט אָפּצווײַכן פֿון זיי... אויב איך וועל אָפּווײַכן פֿון זיי, ווער וועט זײַן פֿאַראַנטוואָרט־לעך? דער מיליטערישער מעדיקער?

מערעסיעוו האָט געקוקט מיט סינע אױפֿן דאָזיקן צופֿרידענעם, פּרע־טענציעזן, זעלבסטזיכערן, רויקן און העפֿלעכן מענטש, אַף זײַן בלאַנקן קאָלנער וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון אונטער זײַן פֿראַנטישער גימנאַס־טיאָרקע, אַף זײַנע האָריקע הענט מיט גרויסע מיִעסע נעגל זאָרגעוודיק אַרומגעשניטענע. „וויאַזוי וואָלט ער אים געקענט געבן צו פֿאַרשטיין?

וועט ער אים דער פֿאַרשטיין? וואָס ווייס ער וועגן לופֿט־שלאַכטן? עס קען זײַן אַז ער האָט גאָר אַף זײַן לעבן קיין שאָס ניט געהערט". אָנשטרענגענדיק אַלע זײַנע קויכעס אײַנצוהאַלטן זיך, האָט ער אַ פֿרעג געטאָן מיט אַ פֿאַרשטיקטן קאָל:

— וואָס זשע האָב איך צו טאָן?

— אויב איר באַשטייט דאָווקע, קען איך אײַך שיקן צו אַ מעדיצינישער קאָמיסיע פֿון דער פֿאָרמירונג־סעקציע —האָט דער קאָמענדאַנט אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען—. איך וואָרן אײַך אָבער אַז איר פֿאַרלירט אומזיסט אײַער צײַט.

— צום טײַוול! שיקט מיך צו דער קאָמיסיע! —האָט מערעסיעוו געזאָגט מיט אַ הייזעריקן קאָל און איז שווער אַראָפּגעזונקען אַפֿן שטול.

ער איז ווײַטער געלאָפֿן איבער אינסטיטוציעס. מידע מענטשן, איבערגעלאָדענע מיט אַרבעט, פֿלעגן אים אויסהערן, וווּנדערן זיך, איבעראַשטערהייט מיטפֿילן מיט אים און עפֿענען די אָרעמס מיט אַ זשעסט פֿון אָנמעכטיקייט. און ווירקלעך, וואָס האָבן זיי דען געקענט טאָן? עס האָבן עקזיסטירט אינסטרוקציעס, זייער גערעכטע, אַפּראָבירטע דורך דער קאָמאַנדע; עס האָבן עקזיסטירט לאַנגיאָריקע טראַדיציעס. ווי האָבן זיי געקענט אויוועק זײַן אַף זיי, ביפֿראַט אין אַ פֿאַל וואָס איז געווען אַזוי קלאָר און אָפֿן? אַלע האָבן אָפֿנהאַרציק מיטגעפֿילט מיטן פֿײַערדיקן אינוואַליד, וואָס האָט געטרוימט וועגן קאַמף; קיינער האָט זיך ניט דערוועגט אַנטקעגנצוטראָגן אים אַן אַנטשלאָסענעם „ניין"; מען האָט אים געשיקט פֿון דער פּערסאָנאַל־סעקציע צו דער פֿאָרמירונג־סעקציע, פֿון טיש צו טיש, מען האָט מיטגעפֿילט מיט אים און געשיקט אים פֿון איין קאָמיסיע צו דער צווייטער.

מערעסיעוון האָבן שוין מער ניט אַרויסגעבראַכט פֿון געדולד די נעגאַטיווע ענטפֿערס, דער איבערצײַגערישער טאָן, די דערנידערנדיקע מיטפֿילונגען, דאָס געצוווּנגענע גוט זײַן צו אים, — אַלץ זאַכן קעגן וועלכע עס האָט פֿון אָנהייב רעוואָלטירט זײַן שטאָלצער גײַסט. ער האָט זיך אויסגעלערנט אײַנצוהאַלטן, ער האָט אָנגעשלאָגן אַף אַ באַקאָשע־טאָן, און ניט געקוקט אַף דעם וואָס ער פֿלעגט צײַטנווײַז באַקומען 2־3 אָפּזאָגונגען אַ טאָג, האָט ער ניט געוואָלט פֿאַרלירן זײַנע האָפֿענונגען. דאָס בלעטל פֿון זשורנאַל און דער אורטייל פֿון פֿאָלקאָווניק פֿון סאַניטאַרן דינסט זײַנען שוין געווען אַזוי אָפּגענוצט פֿון אַזויפֿיל מאָל אַרויסנעמען זיי, אַז זיי האָבן זיך אײַנגעריסן אין זייערע אײַנקנייטשונגען און מען האָט זיי געמוזט צונויפֿקלעפּן.

זײַנע אַרומלויפֿענישן זײַנען באַשווערט געוואָרן אויך צוליב דעם וואָס עס איז נאָך אַלץ ניט אָנגעקומען קיין ענטפֿער פֿון פּאָלק, און וואָס ער האָט זיך ווײַטער געמוזט באַגיין אָן די נייטיקע דאָקומענטן. די שפּײַזרעזערוון פֿון דער סאַנאַטאָריע האָבן זיך אויסגעשעפּט. דאָס שכיינעס־

דיקע פּאַרפּאָלק, מיט וועלכן ער האָט זיך באַפרײַנדט, האָט אים שטאַרק געבעטן מיטעסן מיט זיי; ער האָט אָבער געוווּסט ווי זאָרגעוודיק די דאָזיקע אַלטיטשקע האָרעווען אין זייער פּיטשינקן קריגס־גערטנדל, אַפן אָנשיט הינטערן פענצטער, און ווי ס׳איז באַ זיי פאָרוים אויסגערעכנט יעדער ציבעלקע און יעדער מערעלע; ער האָט געוווּסט ווי קינדיש־אָפּגעהיט זיי צעטיילן זיך יעדן פּרימאָרגן זייער ברויט־פּאָרציע, און דערפאַר האָט ער ניט אָנגענומען זייער פאַרבעטונג, זאָגנדיק זיי אַז ער עסט אין אַ רעסטאָראַן פאַר אָפיצירן.

ס׳איז אָנגעקומען שאַבעס — דער טאָג ווען ס׳האָט זיך געזאָלט באַפרײַען אַניוטאַ, מיט וועמען ער האָט יעדן אָוונט גערעדט טעלעפאָניש, קעדיי צו דערציילן איר וועגן שלימאַזלדיקן גאַנג פון זײַנע איניאָנים. אַלעקסיי האָט אָנגענומען אַ באַשלוס. צווישן זײַנע זאַכן האָט ער געהאַט זײַן טאַטנס אַן אַלטן זילבערנעם פּאָטציגאַר, אַף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעגראַווירט אַ שיינע, לויפנדיקע טראַיקע און אַן אויפשריפט: „פון דײַנע פרײַנט, אין טאָג פון דײַן זילבערנער כאַסענע". אַלעקסיי האָט ניט גערייכערט, אָבער די מאַמע, געזעגענענדיק זיך מיט איר באַליבטסטן זון, האָט אים אַרײַנגעלייגט אין קעשענע די פּאָטערלעכע רעליקוויע, וואָס איז געווען זייער אָנגעלייגט אין דער גאַנצער פאַמיליע. אַף אַלע זײַנע ראַידן האָט אַלעקסיי שטענדיק מיטגענומען דעם דאָזיקן מאַסיוון און שווערן כייפעץ, קעדיי „עס זאָל זײַן מאַזלדיק". ער האָט אַ זוך געטאָן צווישן זײַנע זאַכן דעם פּאָרטציגאַר און איז אַוועק מיט אים אין אַ קויף־פאַרקויף־געשעפט.

פאַרן באַקומענעם געלט האָט אַלעקסיי אײַנגעקויפט אַ שטיק פלייש, שינקע, אַ ברויט, קאַרטאָפל און ציבעלע, און אַפילע פּעטרישקע האָט ער ניט פאַרגעסן. אַ באַלאָדענער מיט דעם אַלץ איז ער געקומען „אַהיים", קײַענדיק אַפן וועג אַ שטיקל שינקע.

— כ׳האָב ווידער באַשלאָסן אָפּנעמען מײַן רויע פּאָרציע, ווײַל אין רעסטאָראַן קאָכט מען שלעכט —האָט ער אָפּגעבאַקן אַ ליגן דער אַלטער און אַוועקגעלייגט אַפן קיך־טיש אַלע זײַנע פּראָדוקטן.

אינאָוונט האָט אַף אַניוטאַן געוואַרט אַ גאַנצע סודע: אַ בורשטינענע זופּ פון פלייש, קאַרטאָפל און פּעטרישקע, געבראָטן פלייש מיט ציבעלע און דערצו נאָך אַ קיסעל פון ברוסניצעס, וואָס די אַלטע האָט צוגעגרייט מיט קראָכמאַל פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ. אַניוטאַ איז געקומען אַ מידע און אַ בלאַסע. זי האָט קוים געהאַט קויעך אַרומצווואַשן זיך און איבערצוטאָן זיך. נאָכן אָפּעסן אַפּגיך דעם ערשטן און צווייטן געריכט האָט זי זיך צוגעשפּאַרט אַפן אַלטן, מאַגישן פאָטעל, וואָס האָט אַזוי ווי אַרומגענומען מיט זײַנע ליבלעכע, פּילצענע אָרעמס יעדע מידע פערזאָן און פאַרוויגט זי צום שלאָף. אַזוי איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן ניט קענענדיק

דערוואַרטן זיך אַז דער קיסעל, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן לויט אַלע קולינאַרע געזעצן, זאָל פאַרקילט ווערן אין שיסל, אונטערן קראַן.

ווען אַניוטאַ, האָט נאָך אַ קורצן שלאָף, געעפנט די אויגן, האָבן שוין די גראָע שאָטנס גענומען ווערן טינקעלער אין קליינעם צימער, וואָס איז איצט געווען ריין און ווי פריער אָפגעפראָפט מיט זײַנע אַלטע און באַקוועמע כפייצים. באַם טיש, אין צעשווומענעם ליכט פון אַלטן לאָמפ, וואָס פון אַבאַזשור זײַנעם זײַנען אַף פעדעם אַראָפגעהאַנגען פילקאָלירעקע שפינען מיט ציטערדיקע און שיינע דראָט־פיסלעך, האָט אַניוטאַ דערזען אַלעקסייען. ער איז געזעסן מיט ביידע הענט זײַנע אָנגעדריקט אַף די שלייפן, ווי ער וואָלט געוואָלט מיט זײַנע דלאָניעס צעקוועטשן דעם קאָפ. זײַן פאָנעם האָט זיך ניט אַרויסגעזען, אָבער אין זײַן גאַנצער פאָזע איז געווען אַזויפיל פאַרצווייפלונג אַז אַניוטאַ האָט דערפילט ווי עס שטײַגט איר אַרויף צום גאָרגל אַ כוואַליע פון וואַרעמען מיטגעפיל צום דאָזיקן שטאַרקן און אַנטשלאָסענעם מענטשן. זי האָט זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן, האָט זיך דערנענטערט צו אים, אַרומגענומען זײַן גרויסן קאָפ מיט איר אָרעם און גענומען גלעטן אים, דורכלאָזנדיק דורך אירע פינגער זײַנע שטײַפע בינטלעך האָר. ער האָט זי אַ קוש געטאָן אין דער דלאָניע און האָט זיך גלײַך אַ שטעל געטאָן. אַ פריילעכער און אַ שמייכלענדיקער:

— און דער קיסעל? דאָס איז דאָך אַזוינס ווי אַזעלכעס! איך האָב זיך אַזויפיל באַמיט אַז ער זאָל אַרויס גוט, כ'האָב אים אַוועקגעשטעלט אונטערן קראַן קעדיי ער זאָל באַקומען די נייטיקע טעמפעראַטור און איר נעמט און שלאָפט זיך אײַן אין סאַמע וויכטיקסטן מאָמענט. וועלכער קוכער קען עס אויסהאַלטן!

זיי האָבן פריילעך געגעסן דעם „אויסגעצייכנטן" קיסעל, וואָס איז געווען זויער ווי עסיק. פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געהאַט אָפגערעדט, האָבן זיי בעיים זייער שמועס ניט אָנגערירט די טעמע גוואָזדיעוו און אויך מערעסיעווס איניאָנים. נאָכדעם האָבן זיי זיך אויפגעהויבן צוצוגרייטן זייערע צוויי געלעגערס. אַניוטאַ איז אַרויס אין קאָרידאָר און האָט זיך אומגעקערט ערשט דאַן ווען ס'האָבן אַ קלאַפ געטאָן אָפן דיל אַלעקסייס אַראָפגעוואָרפענע פראָטעזן. נאָכדעם האָט זי פאַרלאָשן דעם לאָמפ, אויסגעטאָן זיך און געלייגט זיך אין בעט. דער צימער איז פאַרזונקען געוואָרן אין פינצטערניש, ביידע האָבן געשוויגן, אָבער לויטן געקרוך פון די לײַלעכער און סקריפערײַ פון די ספרענזשינעס האָבן זיי געוווסט אַז קיינער פון זיי שלאָפט ניט.

אַניוטאַ האָט זיך סאָף־קאָל־סאָף ניט געקענט אײַנהאַלטן און האָט געפרעגט:

— אַלעקסיי, איר שלאָפט ניט?

— ניין, כ'שלאָף ניט.

— איר טראַכט?

— כ׳טראַכט. און איר?

— כ׳טראַכט אויך.

זיי זײַנען אַנטשוויגן געוואָרן. אַפּן גאַס האָט אַ קריץ געטאָן אַ טראַמ־וויַי. וואָס האָט זיך אויסגעקערעוועט אַפּן ראָג. דאָס בלאָלעכע ליכט פון עטלעכע עלעקטרישע פונקען האָט באַלויכטן אַ ווײַל דעם צימער און בעמעשעך פון איין סעקונדע האָבן זיי זיך קעגנזײַטיק אָנגעקוקט.

...יענעם טאָג האָט אַלעקסיי קיין איין וואָרט ניט געזאָגט אַניוטאַן וועגן רעזולטאַט פון זײַנע באַמיִונגען. זי האָט פאַרשטאַנען אַז מיט זײַן איניען האַלט שמאָל און אַז עס האַלט זיך, מעגלעך, אין אויסלעשן די האָפענונג פון דאָזיקן אומצווימלעכן גײַסט. מיט איר פרויען־אינסטינקט האָט זי באַנומען ווי גרויס עס דאַרף זײַן דער צאַאַר פון דאָזיקן מענטשן. זי האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז ווי שווער ס׳איז אים ניט אַפּן האַרצן אין יענעם מאָמענט, וועט יעדער אויסדרוק פון מיטגעפיל שאַרפער מאַכן זײַן ווייטיק און באַליידיקן אים.

מערעסיעוו, פון זײַן זײַט, איז געלעגן אַפּן רוקן, מיט די אָרעמס אונטערן נאַקן, און האָט געטראַכט אַז אין דער פינצטערניש, דרײַ טריט פון אים, געפינט זיך אַ פּרעכטיק מיידל, די קאַלע פון אַ פרײַנט, פון אַן אויסגעצייכנטן און נאָבעלן כאַוועה. בלויז צוויי צי דרײַ טריט האָט ער געדאַרפט געבן קעדיי צו געפינען זיך זײַט בײַ זײַט מיט אַניוטאַן, אָבער די דאָזיקע דרײַ טריט וועט ער, פאַר קיין שום פרײַז אַף דער וועלט, ניט געבן, פונקט ווי דאָס קוים־באַקאַנטע מיידל, וואָס האָט אים אַרײַנגענו־מען צו זיך, וואָלט געוועזן זײַנע אַ שוועסטער. ער האָט געטראַכט אַז דער קאָמאַנדיר סטרוטשקאָוו וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון אים און וואָלט אים עפשער אַפילו ניט געגלויבט. ווער ווייס, אָבער? עפשער ער, און טאַקע גראָד ער, וואָלט אים איצט פאַרשטאַנען מער ווי אַן אַנדערער... און וואָס פאַר אַן אויסגעצייכנט מיידל ס׳איז די אַניוטאַ; ווי מיד זי איז די אָרעמע און אין דער זעלבער צײַט ווי אַנטציקט מיט איר שווערער אַרבעט אין עוואַקואַציע־שפּיטאָל!...

— אַלעקסיי —האָט אים שטיל גערופן אַניוטאַ.

פון מערעסיעווס דיוואַן האָט זיך דערטראָגן אַ רויִק אָטעמען. דער אוויאַטאָר איז געשלאָפן. אַניוטאַ האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, האָט זיך מיט פאָרזיכטיקע, באָרוועסע טריט דערנענטערט צו אים און, פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ קינד, האָט זי אים פאַרריכט די קישן און גוט אײַנגעדעקט אים מיט דער קאָלדרע.

## .7

מערעסיעוו איז דער ערשטער אריינגערופן געווארן צו דער מעדיצינישער קאמיסיע. דער שווערוואגיקער און ברייטפארנעמיקער פאלקאווניק מיראוואלסקי — וואס האט זיך שוין געהאט אומגעקערט פון זיין דינסט־מיסיע — האט פארנומען דעם ארט פון פארזיצער. ער האט גלייך דערקענט מערעסיעוון און איז אים ארויס אנטקעגן.

— וואס, מען נעמט אייך ניט אן? יא, טייערער, אייער איניען איז א שווערער, מען דארף אריבערגיין איבערן געזעץ. און וויאזוי זשע קענסטו אריבערשפרינגען איבערן געזעץ? האט ער געזאגט גוטמוטיק און מיט צאר.

מען האט אלעקסייען אפילע ניט באטראכט. מיט א רויטן בלייער האט דער מיליטערישער מעדיקער אנגעשריבן אף זיין דאקומענט: „צו דער פערסאנאל־סעקציע. כ'האלט פאר מעגלעך איבערצושיקן אים אין א לופטפליערישן איבונג־פאלק, קעדיי אויסצופרווון אים". מיטן דאזיקן פאפיר איז אלעקסיי אוועק דירעקט צום שעף פון דער פערסאנאל־סעקציע, אבער מען האט אים ניט צוגעלאזט צום גענעראל. מערעסיעוו האט זיך אויפגערעגט, אבער דעם גענעראלס אדיוטאנט — א יונגער, שלאנקער שווארץ־וואנצלדיקער קאפיטאן — האט געהאט אזא פריילעכן, גוטן און ליבלעכן פאנעם, אז מערעסיעוו — וואס האט קיינמאל ניט געקענט פארטראגן קיין אדיוטאנטן — האט זיך אוועקגעזעצט מיט אים בא א טישל און פון זיך אליין גענומען דערציילן פראטימדיק זיין גאנצע געשיכטע. זיין דערציילן איז נאכאנאנד איבערגעריסן געווארן דורך טעלעפאנישע רופן. דער קאפיטאן האט אים אלע ווײַלע געדארפט פארלאזן און לויפן אין ביורא פון שעף. ווען ער פלעגט זיך אבער אומקערן, פלעגט ער זיך גלייך אנידערזעצן אנטקעגן מערעסיעוון, אנשטעלן אף אים זיינע קינדערשע, מילדע אויגן, אין וועלכע ס'האט זיך געשפיגלט נייגעריקייט, באוווּנדערונג און א געוויסער אומצוטרוי, און פלעגט אים נעמען אונטעריאגן:

— נו, און וואס נאך, און וואס נאך? — אדער ער פלעגט מיטאמאל פונאנדערעפענען די ארעמס און פרעגן א דערשטוינטער —: בעעמעס? טרייבסט ניט איבער? מענטש איינער, דאס איז דאך אויסערגעוויינלעך!

ווען מערעסיעוו האט אים דערציילט וועגן זיינע לויפענישן איבער די ביוראען, האט דער קאפיטאן וואס האט, ניט געקוקט אף זיין יונגן אויסזען, גוט געקענט די אדמיניסטראטיווע אייסאקים, אויסגערופן אן אויפגעבראכטער:

— טייוולאנישע טינט־זויגער! מען האט דיר אומזיסט פארדרייט דעם קאפ. ביסט א פרעכטיקער באכער! כ'וויים פאשעט ניט, וויאזוי עס

צו זאָגן... אַז אויסערגעוויינלעכער באַכער!... זיי זײַנען, אָבער, גע־רעכט: אַז פּיס פּליט מען ניט.

— וואָס הייסט מען פּליט ניט?... זע... — און מערעסיעוו האָט פֿונאַנדערגעפּנט דעם צײַטונג־אויסשניט און דעם אורטייל פֿון מילי־טערישן מעדיקער.

— אָבער ווי וועסטו פֿליִען אָן פּיס? קענסט ניט דעם שפּריכוואָרט: „אָן פּיס טאַנצט מען ניט״?

ווען דאָס זאָגט עמעץ אַ צווייטער, וואָלט זיך אַלעקסיי שטאַרק באַ־לייזיקט; ער וואָלט, מעגלעך, אויפגעבראַכט געוואָרן און וואָלט אויס־געזידלט דעם באַליידיקער. אַפֿן אויסדרוקפֿולן פּאָנעם פֿון קאַפּיטאַן איז אָבער געווען אַזויפֿיל ליבלעכקייט, אַז אַלעקסיי האָט זיך מיט איין שפּרונג אויפגעשטעלט און האָט מיט אַ קינדערשן ברען אויסגעשריִען:

— מען טאַנצט ניט, זאָגסטו? אָט גלײַך וועסטו זען — און ער האָט זיך פֿלוצלינג פֿונאַנדערגעטאַנצט איבערן וואַרט־זאַל.

דער קאַפּיטאַן האָט געקוקט אַף אים אַן אַנטציקטער. נאָכדעם האָט ער, ניט אויסרייידנדיק אַ וואָרט, צונויפגעכאַפּט די פּאַפּירן און פֿאַרשוווּנדן אין ביוראָ.

ס׳האָט געדויערט ביז ער האָט זיך צוריק באַוויזן. פֿון יענער זײַט טיר האָט זיך געהערט די גאַנצע צײַט דער פֿאַרשטיקטער עכאָ פֿון צוויי שטימען. דער פּילאָט האָט געפֿילט אַ מוירעדיקע שפּאַנונג אין זײַן גאַנצן קערפּער און דאָס האַרץ זײַנס האָט געקלאַפּט ווי ער וואָלט דורכגעפֿירט אַ האַסטיקן פּיק־אַראָפּלאָז אין אַ שנעלן אַפּאַראַט.

דער קאַפּיטאַן איז אַרויס פֿון ביוראָ אַ שמייכלענדיקער און אַ צו־פֿרידענער.

— זע, נאָר — האָט ער געזאָגט — וועגן אַרײַננעמען דיך אין אַ פֿלי־איינהײַט איז, נאַטירלעך, ניטאָ וואָס צו רייִדן; דער גענעראַל וויל פֿון דעם אַפֿילע ניט הערן. קוק זיך אָבער אײַן וואָס ער האָט דיר דאָ אָנגע־שריבן: באַשטימען אין אַקטיוון דינסט, אין „הילף־דינסט פֿון אַעראָדראָ־מען״, אַן פֿאַרקלענערונג פֿון געהאַלט, פּאַיאָק און איבעריקע צוגאָבן. דו גיסט זיך אָפּ אַ כעשבן? אָן פֿאַרקלענערונג...

דער קאַפּיטאַן איז אָבער געבליבן איבערראַשט, ווען אַנשטאָט אַ אויסדרוק פֿון פֿרייד האָט ער דערזען אַף אַלעקסייס פּאָנעם סימאָנים פֿון דער סאַמע טיפֿסטער אויפגעבראַכטקייט.

— אין „געהילף־דינסט פֿון אַעראָדראָמען״? קיינמאָל ניט! פֿאַר־שטייט, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, אַז כ׳מאַך באַמיִונגען ניט צוליבן מאָגן און ניט צוליבן געהאַלט. איך בין אַן אַוויאַטאָר. פֿאַרשטייסט? איך וויל פֿליִען, קעמפֿן, אָט דאָס וויל איך... פֿאַרוואָס פֿאַרשטייט עס קיינער ניט? ס׳איז דאָך אַזוי איינפֿאַך!...

דער קאַפּיטאַן איז געווען געפּלעפֿט. אַן אַנדערער אַף מערעסיעווס

אַרט וואָלט זיך דאָך נאָכאַמאָל צעטאַנצט... וואָס פאַרא מאָדנער מענטש!
דער דאָזיקער מאָדנער מענטש איז אָבער אַלץ מער און מער געפעלן גע־וואָרן דעם קאַפּיטאַן. ער האָט אים מיט אַלע קויכעס געוואָלט אַרויס־העלפן אין זײַן אומגליקלעכער אונטערנעמונג. מיטאַמאָל איז אים אײַנ־געפאַלן אַ געדאַנק. ער האָט אַ ווונק געטאָן צו מערעסיעוון, האָט אים מיט אַ פינגער אַ רוף געטאָן צו זיך און, קוקנדיק אין דער ריכטונג פון שעפס ביוראָ, האָט אים אַרײַנגעשושקעט אין אויער:
— דער גענעראַל האָט געטאָן אַלץ וואָס עס ליגט אין זײַנע מעג־לעכקייטן. מער גייט ניט אַרײַן אין זײַנע פולמאַכטן. כ׳שווער דיר! איך אַליין וואָלט מען אָנגענומען פאַר אַ מעשוגענעם ווען ער וואָלט באַשטימט אַ מענטשן אָן פּיס אין פלי־פערסאָנאַל! גיי זע זיך דירעקט מיט אונדזער הויפּט־שעף, בלויז ער קען עס באַשטימען.
דער קאַפּיטאַן האָט אויסגעשטעלט מערעסיעוון אַ „פּראָפּוסק" און אין אַ האַלב שאָ אַרום האָט זיך שוין אַלעקסיי אַרומגעדרייט אַ נערווע־זער איבערן טעפּיך פון וואַרט־צימער פון הויכן שעף. ווזאַזוי איז עס אים פרײַער ניט אײַנגעפאַלן? אָהער, אַהער האָט ער טאַקע געדאַרפט גיין גלײַך פון אָנהייב, ניט פאַרלירנדיק אַזויפיל צײַט אומזיסט! אָדער גאָר אָדער גאָרניט... מען זאָגט אַז דער שעף איז געווען אַ טשעמפּיאָן. ער וועט אים פאַרשטיין! אים וועט ניט אײַנפאַלן צו שיקן אַ יאַגד־פּילאָט אין „הילף־דינסט פון אַעראָדראָמען".
אין וואַרט־זאַל זײַנען צערעמאָניעז געווען אויסגעזעצט גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס. זיי האָבן גערעדט אינדערשטיל; אייניקע זײַנען גע־ווען צערודערט און האָבן אַ סאַך גערייכערט. בלויז דער לייטענאַנט איז אַרומגעגאַנגען פון איין עק טעפּיך צום צווייטן, מיט אַ מעשונעדיקן, אונ־טערשפּרינגיקן גאַנג.
ווען אַלע באַזוכער זײַנען שוין דורכגעגאַנגען און ס׳איז אָנגעקומען מערעסיעווס ריי, איז ער האַסטיק צוגעגאַנגען צום טיש, הינטער וועלכן ס׳איז געזעסן אַ יונגער קאָמאַנדיר, מיט אַ קנײַלעכדיקן אָפּענעם פּאָנעם.
— איר ווילט זען דעם שעף פּערזענלעך, כאַווער לייטענאַנט?
— יאָ. כ׳מוז מיט אים ריידן פּערזענלעך וועגן זייער אַ וויכטיקן איניען.
— עפּשער וואָלט איר, פונדעסטוועגן, דעם איניען געקענט איבער־געבן מיר? זעצט זיך אָבער, זעצט זיך. איר רייכערט? — און ער האָט אויסגעשטרעקט צו מערעסיעוון זײַן פּאָרטציגאַר.
אַלעקסיי האָט ניט גערייכערט, אָבער, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס, האָט ער גענומען אַ פּאַפּיראָס, האָט אים געדרייט צווישן די פינגער, אָוועקגעלייגט אָפּן טיש און האָט אין איין אָטעם, אַזוי ווי פרײַער פאַרן קאַפּיטאַן, גענומען דערציילן דעם קאָמאַנדיר אַלע זײַנע פּאַסירונגען. דער קאָמאַנדיר האָט אים געהערט מער ווי העפלעך; מיט פרײַנטשאַפט, סימ־

פּאַטיע און אויפֿמערקזאַמקייט. ער האָט איבערגעלייענט דעם צײַטונגאויסשניט און דעם מעדיצינישן אורטייל. אַ דערמוטיקטער פֿון דער דאָזיקער סימפּאַטיע האָט זיך מערעסיעוו אויפֿגעהויבן און, פֿאַרגעסנדיק ווו ער געפֿינט זיך, האָט ער געוואָלט נאָכאַמאָל באַווײַזן ווי אַזוי ער טאַנצט... אין דעם מאָמענט איז, אָבער, אַלץ שיר ניט אומגעפֿאַלן. די ביוראָ־טיר האָט זיך אַ שנעלן עפֿן געטאָן און ס'האָט זיך באַוויזן אַ הויכער, ברונעטער מענטש, וועלכן אַלעקסיי האָט גלײַך דערקענט לויט די פֿאָטאָגראַפֿיעס. אַרויסגייענדיק האָט ער געהאַלטן אין פֿאַרקנעפּלען דעם שינעל און האָט עפּעס געזאָגט דעם גענעראַל וואָס האָט אים באַגלייט. ער איז געווען זייער פֿאַרטאָן און האָט אַפֿילו ניט באַמערקט מערעסיעוון.

— כ'גיי אין קרעמל —האָט ער געזאָגט צום קאָמאַנדיר, אַ קוק טוענדיק אָפֿן זייגער—. אַף זעקס אַזייגער באַשטעלט אַ נאַכט־אַוויאָן קיין סטאַלינגראַד. לאַנדונג אין ווערכניאַיאַ פּאָגראָמנאַיאַ —און ער איז אַרויס אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך באַוויזן.

דער קאָמאַנדיר האָט באַשטעלט דעם אַוויאָן און, דערמאָנענדיק זיך אין מערעסיעוון, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ זשעסט פֿון אַנטוישונג:

— ניט געווען קיין מאַזל. מיר פֿליִען אָפּ. איר וועט דאַרפֿן וואַרטן. האָט איר וווּ צו וווינען?

אָפֿן פֿאַרברוינטן פּאָנעם פֿון אויסערגעוויינלעכן באַזוכער, וואָס האָט אַ ווײַלע פֿריִער אויסגעזען אַזוי אַנטשיידן און ענערגיש, האָט דער קאָמאַנדיר פּלוצלינג באַמערקט אַן אויסדרוק פֿון אָראָפּגעפֿאַלנקייט און מידקייט. דער קאָמאַנדיר האָט זיך צוריקגעכאַפּט:

— יאָ... כ'קען אונדזער שעף; ער וואָלט אויך אַזוי געטאָן.

ער האָט אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער אַף אַן אָפֿיציעלן פּאַפּיר, האָט עס אַרײַנגעלייגט אין אַ קאָנווערט און אָנגעשריבן אַף אים „צום שעף פֿון דער פּערסאָנאַל־סעקציע". איבערגעבנדיק מערעסיעוון דעם קאָנווערט, האָט ער אים אַ דריק געטאָן די האַנט:

— פֿון גאַנצן האַרצן ווינטש איך אײַך האַצלאָכע!

דאָס פּאַפּיר האָט געזאָגט: „דער לייטענאַנט אַלעקסיי מערעסיעוו איז געווען אַף אַן אוידיענץ באַם שעף־גענעראַל. מען דאַרף אַרויסווײַזן צו אים די גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט. מיט אַלע מעגלעכע מיטלען דאַרף מען אים העלפֿן צוריק אַרײַנצוטרעטן אין דער מיליטערישער אַוויאַציע".

אַ שאָ שפּעטער האָט דער שוואַרץ־וואָנצלדיקער קאַפּיטאַן אַרנײַגעפֿירט מערעסיעוון אין ביוראָ פֿון זײַן שעף. דער אַלטער גענעראַל —אַ קאָרפּולענטער, מיט געדיכטע, צונויפֿגעצויגענע ברעמען— האָט איבערגעלייענט דאָס פּאַפּיר און האָט אָנגעשטעלט אָפֿן פּילאָט זײַנע בלאָע, פֿרייִלעכע אויגן:

— ביסט שוין דאָרט אויך געווען... גיך, גיך האָסטו זיך באַוועגט! דאָס האָסטו זיך באַליידיקט פֿאַרן האָבן באַשטימט דיך אין

„הילף־דינסט פאַר אַעראָדראָמען״? כאַ, כאַ, כאַ! — און ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ הילכיקן, קלינגענדיקן געלעכטער. — בראַוואָ, כעוורעמאַן! כ׳טאַפּ אָן אין דיר אַ פּליִער פון ריין בלוט. ער וויל ניט גיין אין „הילף־דינסט פאַר אַעראָדראָמען״, באַליידיקט זיך... דאָס האָט זיבן כיינען!... נו, און וואָס זאָל איך טאָן מיט דיר, טענצער? האַ? אויב דו וועסט ברעכן דעם קאַרק, וועט מען מיר אָפּשניידן דעם קאָפּ פאַרן האָבן געשיקט דיך; מען וועט מיר זאָגן: פאַרוואָס האָסטו אים געשיקט, אַלטער נאַר? האַגאַם יעדער אייזער ווייס אַף וואָס דו ביסט פעיִק! אין דער דאָזיקער מילכאָמע האָבן אונדזערע באָכערים אַזויפיל מאָל איבערראַשט די וועלט!... אַנו, גיב אַהער דאָס פּאַפּירל!

מיט אַ בלאָען בלײַער האָט דער גענעראַל אָנגעשריבן: „שיקן אין אַן אײַנאַיבונג־שול״. מען האָט קוים געקענט איבערלייענען די געפּלאָנטערטע האַנטשריפט און די ניט־דערענדיקטע ווערטער. מערעסיעוו האָט אַ נעם געטאָן דאָס פּאַפּיר מיט ציטערדיקע הענט. ער האָט עס איבערגעלייענט דאָרט אַף אָן אָרט, באַם טיש, שפּעטער אַף די טרעפּ, נאָכדעם אונטן לעבן וואַך־סאָלדאַט וואָס האָט קאָנטראָלירט די „פּראָפּוסקן״, נאָך שפּעטער אין טראַמוויי און לעסאָף אַפן טראָטואַר, אין רעגן. פון אַלע מענטשן, וואָס האָבן באַוויזנט דעם ערד־קויל, האָט בלויז ער געקענט פאַרשטיין דעם פולן באַטײַט פון די פיר האַלב־פאַרענדיקטע, אָנגעפּלאָנטערטע ווערטער.

קעדיי צו פײַערן זײַן זיג, האָט אַלעקסיי יענעם טאָג פאַרקויפט זײַן זייגער — אַ מאַטאָנע פון דיוויזיע־שעף —, האָט געקויפט אַפן מאַרק ווײַן און פאַרשיידענע פּראָדוקטן, האָט געבעטן אַניוטאַן טעלעפאָניש אַז זי זאָל אויסזוכן אַ פאַרטרעטערקע אין שפּיטאָל אַף אַ פּאָר שאָ, האָט פאַרבעטן דאָס אַלטע פּאָרפאָלק און האָט אײַנגעאָרדנט אַ באַנקעט קעיאַד־האַמעלעך לעקאָוועד זײַן גרויסן ניצאָכן.

## 8.

אין דער אײַנאַיבונג־שול, נאָענט פון מאָסקווע, לעבן אַ קליינעם אַעראָדראָם, האָט געהערשט אַ פיבערדיקע טעטיקייט אין יענע אומרויִקע טעג.

די אַוויאַציע איז געווען פאַרטאַראַאַמט און פאַרשמײַעט מיט דער סטאַלינגראַדער שלאַכט. דער שטענדיק גראָער און פאַררייכערטער הימל איבער דער וואָלגע־פעסטונג איז געווען אַן אַרענע פון אומענדלעכע באַגעגענישן און לופט־קאַמפן, וואָס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גרויסע שלאַכטן.ביידע צדאָדים האָבן געהאַט באַדײַטנדיקע פאַרלוסטן. פון קעמפנדיקן סטאַלינגראַד האָט מען קעסיידער געבעטן פּילאָטן, פּילאָטן, וואָס מער פּילאָטן... צוליב דעם האָט די אײַנאַיבונג־שול פונקציאָנירט אַן איבער־

געלאדענע ביז איבער די ברעגעס. דארט האבן זיך איבערגעאיבט אוויא־טארן וואס זיינען ארויס פון די שפיטעלער און פילאטן פון רעטאגווארד וואס זיינען ביז איצט געפלויגן אין ציווילע אוויאנען און וואס האבן גע־דארפט פראקטיצירן אין די נייע מיליטערישע אפאראטן. די איינאיבונג־אוויאנען, ענלעכע אף ליבעלעך, האבן באדעקט דעם קליינעם און שמאלן אעראדראם ווי פליגן א קיך־טיש. זיי האבן געזשומעט פון פארטאג ביז זון־פארגאנג, און אין יעדן מאמענט ווען נאר מען פלעגט א קוק טאן אפן אעראדראם — וואס איז אין אלע זייטן געווען צעשטרייפט דורך רעדער־שפורן —, פלעגט עמעץ אראפלאזן זיך אף אים, אדער אויפהייבן זיך.

דער שעף פון גענעראל־שטאב פון דער שול — א קוילעכדיקער מענטש, מיט א רויט פּנים און מיט אויגן פארוויטלטע פון שלאפלא־זיקייט — האט בייז א קוק געטאן אף מערעסיעוון, ווי ער וואלט געזאגט: „וואס פארא טייוול האט דיך אנגעטראגן? ווינציק קאפ־פארדרייעניש האב איך אן דיר?“ — און האט א כאפ געטאן פון זיינע הענט דאס פעקל מיטן פרעזענטאציע־בויגן און מיט די איבעריקע פאפירן.

„ער וועט זיך אנכאפן אן די פיס און וועט מיך ארויסווארפן“, האט מיט מוירע א טראכט געטאן מערעסיעוו, קוקנדיק אף דער צעקודלטער שעוועליורע און אפן ניט־ראזירטן, ברייטן פנעם פון פאדפאלקאווניק. אין יענעם מאמענט, אבער, האבן א קלונג געטאן צוויי טעלעפאנען מיט־איינמאל. ער האט צוגעקוועטשט זיין רעכטן אויער צו איינעם פון די טרייבלעך, צוהאלטנדיק אים מיט אן אונטערגעהויבענעם אקסל; גלייכ־צייטיק האט ער רוגזעדיק אריינגעשריען אין מיקראפאן פון צווייטן און בעשאס־מייסע געכאפט א קוק אין מערעסיעווס דאקומענטן. ער האט, קענטיק, איבערגעלייענט בלויז די רעזאלוציע פון גענעראל, ווייל ער האט גלייך, ניט אויפהענגענדיק דאס טרייבל, אנגעשריבן אונטער דער רעזאלוציע: „דריטע איינאיבונג־אפטיילונג. צום לייטענאנט נאומאוו: אריינעמען אים“. נאכדעם האט ער אויפגעהאנגען ביידע טרייבלעך און געפרעגט מיט א מידער שטים:

— און די פאיאק־קארטע? און די קארטע פון אנטועכץ און פון אלע איבעריקע זאכן? איר האט עס ניט? קיינער האט עס ניט. דאס זעלבע אויסגעדראשענע לידל. דער שפיטאל, דער הו־הא, ס'איז אין קאפ ניט געלעגן. און איך, וואס בין איך דא שולדיק? כ'וועל אייך אלעמען געבן עסן מיין אייגן לייב? ניין? אינפארמירט שריפטלעך; אן די קאר־טעס, וועל איך ניט ארויסגעבן דעם באפעל אריינצונעמען אייך.

— צו אייער באפעל! כ'וועל אינפארמירן שריפטלעך! — האט אי־בערגעכאזערט א צופרידענער מערעסיעוו, שטעלנדיק זיך אף אכטונג און סאלוטירנדיק —. קען איך זיך צוריקציען?

— ציט זיך צוריק — האט געענטפערט דער פאדפאלקאווניק שלא־בעריק. מיטאמאל, אבער, האט ער א געשריי געטאן אן אנגעצונדענער:

— האַלט! וואָס איז דאָס? — און האָט געטײַטלט מיטן פינגער אַף וואַסילי וואַסיליעוויטשעס שווערן שטעקן מיט די באַגילדטע מאָנאָגראַמען. מערעסיעוו, אַ צעטראָגענער, האָט אים געהאַט פאַרגעסן אין אַ ווינקל פון ביוראָ. — וואָס איז דאָס פאַראַ מין לוקסוס? וואַרפט אַרויס דעם דאָזיקן שטעקן! דאָ איז אַ מיליטערישע איינהייט און ניט קיין טאַבאָר פון ציגײַנער! מיר געפינען זיך דאָ ניט אַף צו שפּאַצירן מיט שטעקעלעך, מיט שפּיצרוטן, מיט נאַגײַקעלעך... נאָך אַביסל און מען וועט נעמען אָנהענגען אַף די העלדזער קאַמייעס און אַרײַנשלעפּן שוואַרצע קעץ אין די קאַבינעס. כ'וויל דאָ מער ניט זען די דאָזיקע כאַזערײַען!

— צו אײַער באַפעל, כאַווער פּאָדפּאָלקאָווניק.

ער האָט אָנגעשריבן דעם באַריכט וועגן די אומשטענדן אין וועלכע ער האָט פאַרלוירן זײַנע קאַרטעס, און האָט זיך גלײַך נאָכדעם דערפילט ווי אַ פיש, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין דערשטיקן אַפן זאַמד און וואָס אַ כוואַליע האָט צוריק אַרײַנגעשלעפּט אין יאַם, ניט געקוקט וואָס ער האָט זיך דאָרט גופע אָנגעשטויסן אַף אַ סאַך שוועריקייטן און אומבאַקוועמלעכקייטן.

צוליב דער קאָנפוזיע, וואָס דער נאָכאַנאַנדיקער צושטראָם פון מענטשן האָט אַרויסגערופן אין שול, איז דאָס עסן געווען שוואַכלעך, אַזוי אַז גלײַך נאָכן לעצטן מיטאָג־געריכט פלעגן די פּילאָטן נעמען טרוימען וועגן וועטשערע. אין בינינען — אַ געוועזענע מיטלשול וואָס איז געווען ביז איבער די ברעגעס אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן — זײַנען צעבראָכן געוואָרן די רערן פון דער צענטראַל־באַהייצונג און ס'האָט געהערשט אַ טײַוולשע קעלט; די ערשטע נאַכט האָט זיך אַלעקסיי געטרייסלט פון קעלט אַפילע אונטער דער קאָלדרע. פונדעסטוועגן איז אים אַלץ דאָרט געפעלן געוואָרן. די אומבאַקוועמלעכקייטן פון דאָזיקן לעבן האָבן אים קעסיידער דערמאָנט אַז זײַנע כאַלוימעס וועלן בעקאָרעוו פאַרווירקלעכט ווערן.

אַלץ איז אים דאָרט געווען באַקאַנט און טראַדיציאָנעל־היימיש: די מישפּאָכעדיקע סוויווע, די ווילדע כעוורעלײַט אין די הויכע שטיוול פון הינטישער פעל און אין די אַלטע לעדערנע רעקלעך, וואָס זײַנען געווען צעפליקט און אָפּגעקראָכן פון דער מילכאָמע; די פרייליכע, אָפּגעברענטע און הייזעריקע באָכערים; די פאַמיליערע אַטמאָספער, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיטן זיסלעכן און שאַרפן רייעך פון אוויאַציענאַפט, מיטן כריפּען פון די מאָטאָרן וואָס האַלטן זיך אין צעוואַרעמען און מיטן ריטמישן און פאַרשלעפערנדיקן געזשום פון די פליִענדיקע אַוויאָנען; די פאַרשוואַרצטע, טויט־מידע מעכאַניקער אין זייערע פאַרפעטסטע אָוועראָלן; די בראָנדזהויטיקע, שטרענגע אינסטרוקטאָרן; די פאַררויטלטע מיידלעך פון די מעטעאָראָלאָגישע בודקעס; דער בלאָנדער, פאַרגליווערטער רויך פון קאָמאַנדע־פּונקט; דער גערויש פון די עלעקטרישע אַפּאַראַטן און די קלינגערײַען פון די טעלעפאָנען; דאָס

אויספעלן פון לעפל אין עסצימער, צוליב זייער פאַרשווינדן ווי „אָנדענ־קונגען" אין די קעשענעס פון די וואָס ווערן איבערגעשיקט אַפן פראָנט; די מיליטערישע וואַנט־צײַטונגען, געשריבן מיט קאָליר־בלײַערס, וואַנט־צײַטונגען וואָס מוזן שטענדיק האָבן קאַריקאַטורן פון יונגעלײַט וואָס טרוימען אינדערלופטן וועגן זייערע מיידלעך; די שמוציקע און ווייכע בלאָטע פון פלי־פעלד, וואָס איז אין אַלע ריכטונגען צעשטרײַפט מיט שפורן פון רעדער און עק־גליטשערס; דאָס פריילעכע, פעפערדיקע לאָשן, וואָס איז פול מיט אַוויאַציע־טערמינען.

מערעסיעוו האָט גלײַך דערפילט אין זיך אַ יאַם מיט ענערגיע. עס האָט זיך אים אומגעקערט די לעבנס־פרייד און די פריילעכע זאָרגלאָ־זיקייט וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יאַגד־פילאָטן. ער האָט צו־ריק באַקומען זײַן פולן מיליטערישן אויסזען. אַ צופרידענער פלעגט ער פלינק און בעריִש ענטפערן אַף די סאַלוטירונגען פון די נידעריקערע ראַנגען און פלעגט געניי צוקלאַפן מיט די פיס באַם באַגעגענען זיך מיט די עלטערע. גלײַך ווי ער האָט באַקומען אַ נײַעם אוניפאָרם, האָט ער אים געגעבן פאַרריכטן אַן אַלטן סערזשאַנט פון דינסט־באַטאַליאָן, אַ שנײַדער לויט דער פראָפעסיע, וואָס האָט איצט אויסגעטיילט שפײַז־קאַרטעס. באַנאַכט פלעגט דער סערזשאַנט צופאַרדינען „צופאַסנדיק צום קערפער" די אוניפאָרמען פון די אָפגעהיטע און עלעגאַנטע לייטענאַנטן.

דעם ערשטן טאָג האָט מערעסיעוו אויסגעזוכט אַפן פלי־פעלד דעם אינסטרוקטאָר פון דער דריטער אָפטיילונג, דעם לייטענאַנט נאַומאָוו, צו וועמען ער איז צוגעטיילט געוואָרן. נאַומאָוו — אַ נידעריקער, זייער אַ לע־בעדיקער, מיט אַ גרויסן קאָפ און מיט לאַנגע הענט — איז אַרומגעלאָפן לענגאויס דעם אָפגעצייכנטן לאַנדונג־פאַס, קוקנדיק אַפן הימל, וווּ ס'איז געפלויגן אין אַ „זאָנע" אַ קליינער אײַנאיבונג־אַוויאָן. ער האָט געשאָטן מיט גראָבע ווערטער אַפן כעשבן פון יענעם פילאָט:

— ער פליט פונקט ווי אַ זאַק... ווי אַ זאַק... מיט גאָלד... און ער האָט נאָך די האָזע צו זאָגן אַז ער איז געווען אַ יאַגד־פילאָט! וועמען וויל ער דאָ אײַנשמועסן?

מערעסיעוו האָט סאַלוטירט לויטן רעגלאַמענט זײַן נײַעם אינסטרוק־טאָר. אַנשטאָט צו ענטפערן, האָט אים נאַומאָוו אַ ווײַז געטאָן אַפן הימל:

— איר האָט געזען? אַ „יאַגדלער", דער טעראָר פון הימל, און ע ר „פרעסט" גאָר די לופט.

אַלעקסייען איז געפעלן געוואָרן דער אינסטרוקטאָר. ער האָט גע־פילט אַ סימפאַטיע צו אַזוינע מענטשן, וואָס זעען אוים אַביסל צעדרייט אין קאָלעקטיוון לעבן, וואָס זײַנען אינגאַנצן פאַרליבט אין זייער אַרבעט. יעדער פעזיקער און אָפגעהיטער מענטש קען געפינען אַ שוטפעסדיקע שפראַך מיט אַזוינע מענטשן. מערעסיעוו האָט געמאַכט עטלעכע פראָ־פעסיאָנעל־טרעפלעכע באַמערקונגען וועגן דעם וואָס איז געפלויגן. דער

קליינער לייטענאַנט האָט אים אויפמערקזאַם אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אונטן און געפרעגט:

— אין מײַן אָפּטיילונג? ווי הייסט איר? אין וואָס זײַט איר גע־פלויגן? האָט איר געקעמפט? ווי לאַנג איז ווי איר פליט שוין ניט?

אַלעקסיי איז ניט געווען זיכער צי דער לייטענאַנט הערט זײַנע ענטפערס, ווײַל ער האָט ווידער געהאַלטן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און, פאַרשטעלנדיק זיך מיט דער האַנט קעגן דער זון, האָט ער געדראָט מיט דער פויסט:

— פאַרטאַטש!... זעט ווי ער פאַרקערעוועט זיך! פונקט ווי אַ היפּאָפּאָטאַם אין אַ זאַל.

ער האָט געהייסן אַלעקסייען צושטעלן זיך אין אָנהייב פון פלי־טאָג און האָט צוגעזאָגט גלײַך „אויסצופּרווון" אים.

— און איצט גייט זיך אויסרוען. ס'איז בעסער אַזוי נאָך דער רײַזע. איר האָט געגעסן? ווײַל אָט־דאָ, אינעם הו־האַ, קען מען פאַרגעסן צו געבן אײַך עסן... אַך, דו ליימענער גוילעם! וואַרט, אַז דו וועסט לאַנדן, וועל איך דיר שוין אָנלערנען, דו „יאַגד־פּילאָט" איינער!

מערעסיעוו איז ניט אַוועק אויסרוען זיך, שוין צוליב דעם אַליין אַפילו וואָס דאָ אַפן אַעראָדראָם —ווו דער ווינט האָט אויפגעהויבן אַ זאַמ־דיקן, טרוקענעם און שטעכיקן שטויב— איז געווען וואַרעמער ווי אין קלאַס־צימער 9-A ווו ס'האָט זיך געפונען זײַן געלעגער. אין באַטאַליאָן פון הילף־דינסט האָט ער געפונען אַ שוסטער, וועמען ער האָט אַוועקגע־געבן זײַן גאַנצע פאַרציע טאַבאַק פון אַ וואָך צײַט פאַר צוריכטן, פון אַן אָפיצירישן רימען, צוויי קליינע רימענדלעך מיט ספּראַנזשקעלעך פון אַ ספּעציעלער פאָרעם, מיט וועלכע מען זאָל קענען שטאַרק צופעסטיקן די פּראָטעזן צו די פּעדאַלן פון אַן אַוויאָן. צוליב דער אײַליקייט און אויס־טערלישקייט פון דער באַשטעלונג, האָט דער שוסטער געבעטן אַ צוגאָב אַף אַ פּאָר קעלישקעלעך און דערפאַר האָט ער צוגעזאָגט אויסצופירן די אַרבעט געוויסנהאַפט.

מערעסיעוו האָט זיך אומגעקערט אַפן אַעראָדראָם און ביז ס'איז טונקל געוואָרן, ביז מען האָט ניט צוגעפירט דעם לעצטן אַוויאָן צו דער ליניע און צוגעבונדן אים מיט שטריק צו גראָבע פלעקענער, אַרײַנגע־קלאַפּטע אין דער ערד, האָט ער אָבסערווירט די אַרומפליִענדיקע אַפּאַ־ראַטן, פונקט ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט ניט אין וווּלגאַרע שפּאַצירן אין „זאָנעס" נאָר אין אַ פאַרמעסט צווישן ערשטקלאַסיקע טשעמפּיאָנען. ער האָט פּאַשעט מיטגעלעבט מיט דער אַטמאָספער פון אַעראָדראָם, האָט אַרײַנגעזאַפּט אין זיך דעם אַקטיוון הו־האַ, דעם נאָכבאַנאַנדיקן געזשום פון די מאָטאָרן, די פאַרשטיקטע שאָסן פון סיגנאַלן־פּיסטאָלעט, דעם רייעך פון נאַפט און בוימל. ס'איז אים אַפילו ניט אײַנגעפאַלן אַ טראַכט צו

טאָן אַז אַפֿן אַנדערן טאָג וועט אים עפּשער דער אַוויאָן ניט פֿאָלגן און ס'וועט עפּשער פֿאָרקומען אַ קאַטאַסטראָפֿע.

אַף מאָרגן פֿרי, ווען דאָס פֿלי־פֿעלד איז נאָך געווען פּוסט, איז ער שוין דאָרט ווידער געווען. אַף די ליניעס האָבן געכריפּעט די מאָטאָרן וואָס מען האָט געהאַלטן אין פֿונאַנדערוואַרעמען. די אויוועלעך האָבן געאָטעמט מיט פֿײַער, די מעכאַניקער האָבן פֿונאַנדערגעיאָגט די פּראָפּע־לערס און גלײַך אָפּגעצויגן פֿון זיי ווי פֿון שלענג. ס'האָבן זיך געהערט די באַקאַנטע פֿרימאָרגנדיקע געשרייען:

— אין גאַנג!

— קאָנטאַקט?

— קאָנטאַקט!

עמעץ האָט געהאַט טײַנעס צו אַלעקסייען וואָס ער דרייט זיך אַרום אַזוי פֿרי, אָן שום סיבע, צווישן די אַוויאָנען. אַלעקסיי האָט געמאַכט פֿון דעם אַ שפּאַס און האָט טיף אין זיך געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן דאָס פֿריילעכע וואָרט וואָס האָט זיך, ער ווייס ניט פֿאַרוואָס, אײַנגעקריצט אין זײַן געמיט: „קאָנטאַקט, קאָנטאַקט, קאָנטאַקט". שפּעטערצו האָבן די אַוויאָנען, אונטערשפּרינגענדיק און באַוועגנדיק שווער מיט די פֿליגל, גענומען גליטשן זיך איבערן אַעראָדראָם, מיט דער הילף פֿון די מעכאַ־ניקער. נאַומאָוו האָט זיך שוין געפֿונען דאָרט און האָט גערייכערט אַזאַ שטיקעלע ציגאַרעטל, אַז ס'האָט זיך אויסגעדוכט: ער ציט אַרויס דעם רויך פֿון זײַנע געלבלעכע, צונויפֿגעדריקטע פֿינגער.

— איר זײַט שוין דאָ? — האָט ער געפֿרעגט, ניט ענטפֿערנדיק אַף אַלעקסייס שטרענג־מיליטערישער באַגריסונג. — נו, גוט; ביסט געקומען דער ערשטער, וועסטו פֿליען דער ערשטער. גיי זעץ זיך אַרײַן אין דער הינטערשטער קאַבינע פֿונעם 9; איך קום שוין צו. מיר וועלן זען וואָס פֿאַראַ סאָרט קאַטשקע דו ביסט!

אַלעקסיי איז שנעל אַוועק צום אַוויאָן און נאַומאָוו האָט גענומען שנעל ציִען פֿון זײַן פּיצעלע ציגאַרעט־רעשטל. מערעסיעוו האָט געוואָלט באַווײַזן צוצופּעסטיקן זײַנע פֿיס איידער דער אינסטרוקטאָר וועט צוקו־מען. ער האָט טאַקע אויסגעזען צו זײַן אַ ווילער מענטש, אָבער ווער ווייס? עפּשער וועט ער זיך מיטאַמאָל אײַנשפּאַרן, ניט דערלויבן דורכ־פֿירן דעם פּרווו און מאַכן אַ סקאַנדאַל? מערעסיעוו האָט זיך אַרויפֿ־געדראַפּעט אַפֿן גליטשיקן פֿליגל און האָט זיך קאָנוווּלסיוו אָנגעכאַפּט אָן ברעג פֿון דער קאַבינע. צוליב זײַן עמאָציאָנירטקייט און אָפּגעוווינט־קייט האָט ער זיך געהאַלטן אין אויסגליטשן און האָט ניט געקענט אַרײַ־בערוואַרפֿן זײַן פֿוס אין דער קאַבינע, אַף אַזוי ווײַט אַז דער מעכאַניקער — אַן עלטערער מענטש, מיט אַן אויסגעצויגענעם, מעלאַנכאָלישן פּאַ־נעם — האָט גענומען קוקן אַף אים אַן איבעראַשטער, טראַכטנדיק אין זיך: „דער דאָזיקער קעלעוו איז שיקער".

לעסאָף איז אַלעקסייען, מיט גרויס מי, געלונגען אַרײַנצושטעקן אין דער קאַבינע איינעם פון זײַנע קינסטלעכע פיס און נאָכדעם מיטשלעפּן דעם צווייטן. ער האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אַפן זיץ־אָרט. ניט פֿאַר־לירנדיק קיין איין סעקונדע האָט ער צוגעפּעסטיקט מיט די רימענס זײַנע פּראָטעזן צו די פּעדאַלן. מערעסיעוו האָט דערפילט די פּעדאַלן אונטער זײַנע פיס פּונקט ווי די גוט־צוגעפּעסטיקטע גליטשערס, אין די צײַטן פון דער קינדהייט.

אין דער קאַבינע האָט זיך באַוויזן דעם אינסטרוקטאָרס קאָפּ:

— העי, דו, ברודערל, ביסט עפּשער צופעליק אונטערגעשניאָשקעט? אַנו, גיב אַ הויך.

אַלעקסיי האָט אַ הויך געטאָן. ניט דערשפּירנדיק דעם באַקאַנטן רייעכל, האָט דער אינסטרוקטאָר אַ דרײַ געטאָן מיט זײַן פויסט דעם מעכאַניקער.

— אין גאַנג!

— קאָנטאַקט?

— קאָנטאַקט!

דער מאָטאָר האָט עטלעכע מאָל אַ שטאַרקן כריפּ געטאָן. נאָכדעם האָט זיך דײַטלעך געהערט דאָס פּולסירן פון זײַנע שיבערן. באַ מערע־סיעוון האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פרייילעכער געשריי און זײַן האַנט האָט אויטאָמאַטיש אָנגענומען דאָס גאַז־הענטל. אין דעם מאָמענט, אָבער, האָט ער דורך דער אַקוסטישער רער דערהערט דעם בייזן געשריי פון אינסטרוקטאָר:

— קריך ניט אין גענעם, איידער דײַן טאַטע טוט עס ניט!

דער אינסטרוקטאָר אַליין האָט דערלאַנגט גאַז; דער מאָטאָר האָט אָנגעהויבן רוישן און דער אַוויאָן האָט זיך אַ ריס געטאָן פאָרויס, פאַר־גרעסערנדיק זײַן שנעלקייט. נאָומאָוו האָט אַ צי געטאָן דאָס הענטל צו זיך. דער קליינער אַפּאַראַט, ענלעך אַף אַ ליבעלע, האָט זיך שנעל אויפ־געהויבן.

אין קוווער־הענגענדיקן שפּיגל האָט דער אינסטרוקטאָר געזען דאָס פּנים פון נײַעם שילער. וויפל פּנעמער פון פּילאָטן, וואָס האָבן דורכ־געמאַכט זייער ערשטן פלי נאָך אַ לאַנגן איבעררײַס, האָט ער שוין אָנ־געזען אַף זײַן לעבן! ער האָט אָבסערווירט די גוטברודערשע אויפגע־לייגטקייט פון די טשעמפּיאָנען און דעם צעפּלאַקערטן אויגן־גלאַנץ פון די פּילאָטן־ענטוזיאַסטן וואָס האָבן צוריק דערפילט זייער פולן ווערט נאָך אַ לאַנג פאַרשפּאַרט זײַן אין פאַרשיידענע שפּיטעלער. ער האָט גע־זען ווי פּילאָטן, וואָס זײַנען צעשעדיקט געוואָרן אין לופט־קאַטאַסטראָ־פעס, פלעגן, געפינענדיק זיך צוריק אינדערלופטן, בלאַס ווערן, בײַסן זיך די ליפּן און קוים באַהערשן די נערוון. ער האָט אויך געזען די צעשפּילטע נײַגעריקייט פון די נײַע פליער, וואָס האָבן זיך צום ערשטן מאָל אַף

זייער לעבן אויפגעהויבן אין אַן אַוויאָן, אָבער קיינמאָל האָט ער נאָך ניט געהאַט די געלעגנהייט, אין זײַן יאָרנלאַנגער אינסטרוקטאָרן־פּראַקטיק, צו זען אַזאַ מעשונעדיקן אויסדרוק ווי דעם דאָזיקן באָכערס.

אַפֿן שיינעם, בראָנדזיקן פּאָנעם פֿון יונגנמאַן וואָס איז, ווי מען האָט עס גלײַך געזען, געווען אַ מײַדים אין פֿליִען, האָט געשפּילט אַ פּיִבערדיקע פֿאַררויטלטקייט. זײַנע ליפּן זײַנען געווען ווײַס, אָבער ניט פֿון מוירע, נאָר פֿון אַ געוויסער נאָבעלער עמאָציע, וואָס נאָומאָוו האָט ניט געקענט באַנעמען. ווער איז דער דאָזיקער מענטש? וואָס קומט פֿאָר מיט אים? פֿאַרוואָס האָט דער מעכאַניקער געמיינט אַז ער איז שיקער? ווען דער אַוויאָן האָט זיך אויפגעהויבן און אַ טראָג געטאָן זיך אינדער־לופֿטן, האָט דער אינסטרוקטאָר געזען ווי די אויגן פֿון טאַלמיד — אויגן שוואַרצע, ציגײַנערישע, ניט פֿאַרדעקטע מיט די שוץ־ברילן — זײַנען פֿול געוואָרן מיט טרערן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעקײַקלט אַף די באַקן. ווען דער אַוויאָן האָט זיך פֿאַרקערעוועט, האָט דער ווינט אַראָפּגעריסן פֿון זײַן פּאָנעם די דאָזיקע טרערן.

„אַ ביז גאָר מעשונעדיקער מענטש. מען וועט דאַרפֿן זײַן פֿאָרזיכטיק מיט אים. ווער ווייס וואָס עס קען פּאַסירן?” — האָט טיף אין זיך באַשלאָסן נאָומאָוו. אין אַלעקסיים עמאָציאָנירטן פּאָנעם, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון פּירעקיקן שפּיגל, איז אָבער געווען עפּעס אַזוינס וואָס האָט אויך עמאָציאָנירט דעם אינסטרוקטאָר.

— כ'גיב אײַך איבער די אָנפֿירונג — האָט ער אים געזאָגט, אָבער אָנשטאָט איבערצוגעבן, האָט ער נאָר לויז געמאַכט דעם דרוק פֿון די הענט און די פֿיס, גרייט אין יעדן מאָמענט אַרויסצורײַסן די אָנפֿירונג באַם דאָזיקן אומפֿאַרשטענדלעכן מענטשן. דורך די אַפּאַראַטן פֿון דער דאָפּלטער אָנפֿירונג האָט נאָומאָוו אַרויסגעפֿילט די זיכערע און געניטע האַנט פֿון נײַעם; ער האָט דערשפּירט אַז דאָס איז „אַ פּילאָט פֿון גאָטס גענאָד”, ווי ס'פֿלעגט ליב האָבן אויסצודריקן זיך דער שעף פֿון גענעראַל־שטאַב פֿון דער שול, — אַן אַלטער לופֿט־וואָלף וואָס איז געפֿלויגן זינט דעם בירגער־קריג.

נאָכן ערשטן אַרומקרײַז האָט זיך שוין נאָומאָוו מער ניט געזאָרגט וועגן שילער. דער אַפּאַראַט איז געפֿלויגן אינגאַנצן זיכער, „אין העסקעם מיט אַלע טאַקאָנעס”. אַביסל מעשונעדיק איז געווען בלויז דאָס וואָס בעייסן האָריזאָנטאַלן פֿליִען האָט דער טאַלמיד געמאַכט לײַכטע אָפּנויגן אַף לינקס און אַף רעכטס; ער פֿלעגט אויך מאַכן „פֿערדלעך” אָדער אַ יאָג טאָן דעם אַוויאָן אַף אונטן, ווי ער וואָלט געוואָלט אויספּרוּוון זײַנע אייגענע קויכעס. נאָומאָוו האָט אַ טראַכט געטאָן אַז אַף צומאָרגנס וועט מען שוין דעם נײַעם קענען לאָזן פֿליִען אַליין אין אַ „זאָנע”, און נאָך 2־3 אַזוינע פֿליִען — אָנטרויען אים אַן איבונג־אַוויאָן — U|T - 2, — אַ קליינע הילצערנע, בלעך־באַשלאָגענע קאָפּיע פֿון אַ יאַגד־אַוויאָן.

ס'איז געווען קאַלט. דער טערמאָמעטער אַפן פליגל האָט געוויזן 2 גראַד אונטער זערא. אַ שטאַרקער, קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן אין דער קאַבינע, איז דורכגעדרונגען דורך דעם אינסטרוקטאָרס הונטפעלענע שטיוול און האָט זיך דערקליבן צו די פיס. ס'איז געווען צײַט אומצוקערן זיך.

יעדן מאָל, אָבער, ווען נאָומאָוו האָט דורך דער אַקוסטישער רער באַפוילן „לאַנדן", פלעגט ער זען אין שפּיגל די שטומע באַקאָשע פון די ברענענדיקע שוואַרצע אויגן. די דאָזיקע באַקאָשע איז געווען ווי אַ באַפעל און ס'האָט אים געפעלט מוט איבערצוכאַזערן זײַן פאַראָרדענונג. אַנשטאָט צען מינוט זײַנען זיי געפלויגן קימאַט אַ האַלבע שעה.

נאָכן אַרויסקריכן פון דער קאַבינע האָט נאָומאָוו גענומען אונטערשפּרינגען, פּאַכען און פּאַטשן מיט די באַהענטשיקטע הענט איבערן קערפּער, און באַוועגן זיך אָן אויפהער. די פּריצײַטיקע קעלט איז טאַקע בעמעס געווען אַ שאַרפע יענעם פרימאָרגן. דער שילער האָט זיך נאָך אַ ווײַלע געפּאָרקעט אין דער קאַבינע; נאָכדעם איז ער פון דאָרט אַרויס, עפּעס אַזוי ווי אַן כיישעק; האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ פליגל מיט אַ פּאָנעם פון אַ גליקלעכן מענטשן, פּונקט ווי ער וואָלט ווירקלעך געווען שיקער. ער איז געווען רויט פון קעלט און פון עמאָציע.

— און דיר איז גאָרניט קאַלט? מיך האָט דורכגענומען דער פראָסט דורך די שטיוול אַפילע! און דו, אין שיך... האָסט ניט אָפּגעפרוירן די פיס?

— כ'האָב ניט קיין פיס —האָט געענטפערט דער שילער, שמייכלענדיק אַ פאַרטראַכטער.

— וואָס? —נאָומאָוו אויסדרוקפול פּאָנעם איז פול געוואָרן מיט איבעררעשונג.

— כ'האָב ניט קיין פיס —האָט מערעסיעוו קלאָר איבערגעכאַזערט.

— וואָס מיינט עס צו זאָגן דאָס דאָזיקע „כ'האָב ניט קיין פיס"? וואָס הייסט עס? זײַנען זיי קראַנק באַ דיר, צי וואָס?

— ניין. גאָר פּאָשעט — כ'האָב זיי ניט... איך טראָג פּראָטעזן.

נאָומאָוו איז אַ ווײַל געבליבן צוגעשמידט צום אָרט, פּונקט ווי מען וואָלט אים דערלאַנגט מיט אַ האַמער אין קאָפּ. דאָס וואָס דער דאָזיקער מעשונעדיקער באָכער האָט אים געזאָגט איז געווען אַבסאָלוט אומוואַרשײַנלעך. ווי איז עס מעגלעך אַז ער זאָל ניט האָבן קיין פיס? אָט איז ער דאָך געפלויגן און גאָרניט שלעכט...

— אַנו, לאָמיר זען —האָט געזאָגט דער אינסטרוקטאָר מיט אַ געוויסן פּאַכאַד.

די דאָזיקע נײַגעריקייט האָט ניט אויפגעבראַכט און ניט באַלייַדיקט מערעסיעוון. פאַרקערט, ער האָט געוואָלט דעפיניטיוו איבעררעשן

דעם דאָזיקן אָנגענעמען און פריילעכן מענטשן. מיט אַ באַוועגונג פון אַ קונצן־מאַכער האָט ער אויפגעהויבן גלײַכצײַטיק ביידע קאַלאָשעס.

דער שילער איז געשטאַנען אַף פראָטעזן פון לעדער און אַלומיניום, און האָט געקוקט פריילעך אַפן אינסטרוקטאָר, אַפן מעכאַניקער און אַף די אַלע וואָס האָבן געוואַרט אַף זייער ריי צו פליִען.

נאַומאָוו האָט גלײַך פאַרשטאַנען די עמאָציע פון דאָזיקן מענטשן, דעם אויסערגעוויינלעכן אויסדרוק פון זײַן פּנים, די טרערן אין זײַנע שוואַרצע אויגן און די זשעדנעקייט מיט וועלכער ער האָט געוואָלט פאַרלענגערן דעם טאַם פון פליִען. דער אויפטו פון זײַן שילער האָט אים באַצויבערט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים און האָט אים אַ טרייסל געטאָן פאַר ביידע הענט:

— טײַערער, ווי איז עס מעגלעך?... ביסטאָך... נו, דו אַליין ווייסטאָך ניט וואָס פאַראַ סאָרט מענטש דו ביסט!...

דאָס וויכטיקסטע איז געווען דערגרייכט. ער האָט אונטערטעניק געמאַכט דעם אינסטרוקטאָרס האַרץ. באַנאַכט האָבן זיי זיך געזען און האָבן אײַנגעשטעלט אַ פּלאַן פון איבונגען. ביידע זײַנען געקומען צו דער איבערצײַגונג אַז אַלעקסיים לאַגע איז אַ שווערע, אַז צוליבן קלענסטן פעלער קען מען אים פאַרווערן אַף שטענדיק צו פּילאָטירן אַן אַפּאַראַט; און האַגאַם איצט, איצט מער ווי שטענדיק, וואָלט ער געוואָלט שנעל אַריבערגיין אַף אַ יאַגד־אַוויאָן, פליִען אַהין וווּ ס'האָבן זיך אין יענע טעג קאָנצענטרירט די בעסטע קעמפער פון לאַנד —אַהין, צו דער באַרימטער וואָלגע־שטאָט—, האָבן זיי באַשלאָסן אַז ער מוז זיך אײַנאיבן גערולדיק, קאָנסעקווענט און אַלזײַטיק. אַלעקסיי האָט פאַרשטאַנען אַז, אין זײַן לאַגע, מוז ער טרעטן זיכער.

## .9

צוויי כאַדאָשים איז שוין מערעסיעוו אָפּגעווען אין דער אײַנאיבונגשול. אַזוי ווי דער אַעראָדראָם איז געווען באַדעקט מיט שניי, האָט מען אָנגעטאָן גליטשערס אַף די אַוויאָנען. פליִענדיק אין דער „זאָנע” פלעגט אַלעקסיי איצטער זען אונטער זיך, אַנשטאָט די לעבעדיקע האַרבסט־קאָלירן, בלויז צוויי טענער: שוואַרץ און ווײַס. די ידיִעס וועגן דער דײַטשישער מאַפּאָלע אין סטאַלינגראַד, וועגן דער פאַרניכטונג פון דער זעקסטער דײַטשישער אַרמיי און וועגן פּאַולוסעס קאַפּיטולאַציע האָט זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אין דאָרעם האָט זיך אַנטוויקלט אַן אומאָפּהאַלטלעכע אָפענסיווע וואָס אַזאַ האָט מען נאָך קיינמאָל ניט געזען. דעם גענעראַל ראָטמיסטראָווס טאַנקיסטן האָבן אײַנגעבראָכן דעם פראָנט און נאָך אַ דרייסטן דורכבריס האָבן זיי געהאַמערט איבערן טיפן דײַטשישן רעטאַגוואַרד. אַלעקסייען איז געווען פײַנ־

לעך צו „וועגעטירן" איין טאָג און אַ צווייטן, אַרומצופּליִען אין קליינע איבונג־אַוויאָנען, אין דער צײַט ווען אַפן שלאַכטפעלד וויקלען זיך אויס אַזוינע געשעענישן און ווען אינדערלופטן קומען פּאָר עמעסע שלאַכטן. די דאָזיקע אומאַקטיווקייט איז אים געווען פּײַנלעכער ווי דאָס אַמאָליקע אומאויפהערלעכע אַרומשפּרײַזן איבערן קאָרידאָר פון שפּיטאָל, ווי דאָס טאַנצן די מאַזורקעס און פּאָקסטראָטן מיט די צעווייטיקטע, אָנגעריבענע פּים.

איינמאָל איז אָנגעקומען, אַף זײַן נאָמען, אַ דיקער פּאַקעט קאָרעספּאָנדענץ. קלאַודיאַ מיכײַלאָוונאַ האָט אים איבערגעשיקט עטלעכע בריוו און האָט אים געפרעגט ווי:אַזוי ער לעבט, ווי:אַזוי זעען אויס זײַנע פּערספּעקטיוון און צי ער האָט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן זײַנע טרוימען.

„האָב איך עס באַוויזן אָדער ניט?" — האָט ער זיך אַליין געפרעגט און, ניט ענטפערנדיק, האָט ער גענומען עפענען די בריוו. דאָס זײַנען געווען בריוו פון זײַן מאַמען, פון אָלגאַן, פון גוואָזדיעוון און איין בריוו וואָס האָט אים שטאַרק איבערראַשט: דער אַדרעס איז געווען געשריבן מיט דער האַנטשריפט פון „מעטעאָראָלאָגישן סערזשאַנט" אָבער אונטן האָט זיך געזאָגט: „פון קאַפּיטאַן ק. קוקושקין". ער האָט זיך גלײַך אַ כאַפּ געטאָן צום דאָזיקן בריוו.

קוקושקין האָט אים אינפאָרמירט אַז ער איז נאָכאַמאָל אַראָפּגעשאָסן געוואָרן, אַז אים האָט זיך אײַנגעגעבן אַרויסצושפּרינגען פון ברענענדיקן אַוויאָן און אַז ער האָט זיך בעשאָס־מײַסע אויסגעלונקען אַן אָרעם. צוליב דעם איז ער געלעגן אַפן סאַניטאַרן פּונקט פון אַעראָדראָם און זיך גענודיעט צווישן „די פאַרדינסטפולע און העראָ:שע קליסטיר־מאַכערס", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. ער האָט אָבער פון גאַנצן איניען ניט געמאַכט קיין וועזן און האָט געהאָפט בעקאָרעוו צוריק צו קעמפן. דער בריוו איז דיקטירט געוואָרן ווערע גאַווריליאָוונאַן, וואָס איז באַקאַנט אַלעקסייען און וועמען מען רופט נאָך ביז איצט אין גאַנצן פּאָלק „דער מעטעאָראָלאָגישער סערזשאַנט". אין בריוו האָט זיך אויך געזאָגט אַז ווערע איז אַן אויסגעצייכנטע כאַווערטע און אַז זי העלפט אים, קוקושקינען, אַריבערטראָגן זײַנע צאָרעס. ווערע אַליין האָט צוגעגעבן, אין קלאַמערן, אַז קאָסטיאַ טרײַבט, נאַטירלעך, איבער. אַלעקסיי האָט זיך אויך דערוווסט פון בריוו אַז אין פּאָלק דערמאָנט מען זיך נאָך אין אים: מען האָט אויפגעהאַנגען זײַן פּאָרטרעט אין עס־זאַל — צווישן די בילדער פון די העלדן וואָס זײַנען אויפגעקומען אין פּאָלק — און די גוואַרדייער האָבן ניט פאַרלוירן די האָפענונג צו זען אים ווידער צווישן זיי. די גוואַרדייער! מערעסיעוו האָט, אַ שמייכלענדיקער, אַ באַוועג געטאָן מיטן קאָפּ. די מויבעס פון קוקושקינען און פון זײַן אימפּראָוויזירטער סעקרעטאַרן זײַנען, קענטיק, גוט פאַרדרייט, אויב זיי האָבן אים פאַרגעסן אָנצוזאָגן די וויכטיקע נײַס, אַז דער פּאָלק האָט באַקומען די גוואַרדיע־פאָן.

נאָכדעם האָט אַלעקסיי געעפנט דעם בריוו פון דער מאַמען. ס'איז געווען אַ בריוו פונעם געוויינלעכן שניט, פול מיט דייגעס און מיט באַזאָרגטקייט וועגן אים. איז ער ניט קראַנק? איז אים ניט קאַלט? עסט ער ווי ס'באַדאַרף צו זיין? איז ער גוט אָנגעטאָן ווינטערצייט? וואָלט ניט נייטיק געווען, לעמאָשל, אַז זי זאָל אים אויסשטריקן אַ פאָר הענטשקעס? זי האָט שוין אויסגעשטריקט פינף פאָר און איבערגעגעבן עס ווי אַ מאַטאָנע דער רויטער אַרמיי. אין די גראָבע פינגער האָט זי אַריינגעלייגט צעטעלעך מיטן ווונטש אַז די רויטאַרמייער זאָלן זיי טראָגן אַ לאַנגע צייט. ווי גוט דאָס וואָלט געווען ווען אַ פאָר אַזוינע הענטשקעס פאַלן אַריין צו אים! זיי זיינען געווען פרעכטיקע די הענטשקעס, וואַרעמע, געמאַכטע מיט גרויס פלייס פון דער געקעמטער אַנגאָרע־וואָל פון אירע אייגענע קראָליקעס. יאָ, זי האָט אים פאַרגעסן צו זאָגן, אַז זי האָט איצט צוויי קראָליקעס — אַן ער און אַ זי — און זיבן קראָליקלעך. ערשט צום סאָף פון דאָזיקן צערטלעכן און זקיינישן בריוו האָט זי צוגעשריבן דעם איקער: די דייטשן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון סטאַלינגראַד, איבערלאָזנדיק אַ יאַם מיט טויטע און מען זאָגט אַפילע אַז מען האָט געפאַקט זייער עלטסטן. נאָכדעם ווי מען האָט זיי פאַרטריבן, איז אָלגאַ געקומען אין קאַמישין אַף 5 טעג און האָט געוווינט צוזאַמען מיט איר, ווייל אָלגאַס שטוב איז צעשטערט געוואָרן דורך אַ באָמבע. איצט האָט זי זיך געפונען אין אַן אינזשעניערן־באַטאַליאָן און האָט דעם ראַנג פון לייטענאַנט. זי איז שוין אַפילע איין מאָל געווען פאַרוווּנדיקט אין אַן אַקסל, אָבער איצט איז זי שוין אינגאַנצן אויסגעהיילט און האָט אַפילע באַקומען אַ מעדאַל. דער אַלטער איז, פאַרשטייט זיך, ניט איינגעפאַלן צו שרייבן וואָס פאַר אַ מעדאַל. זי האָט צוגעגעבן, אַז בעמעשעך פון די פינף טעג האָט אָלגאַ געהאַלטן אין איין שלאָפן, און אין די קורצע ווײַלעס ווען זי איז ניט געשלאָפן, האָט זי גערעדט וועגן אים. איינמאָל האָבן זיי געוואָרפן אין קאָרטן און ס'איז אויסגעפאַלן אַז דער מאַלעך צייכעס איז ניט גלייכגילטיק צו דער דאַמע רייץ. די מאַמע האָט דערביי צוגעשריבן, אַז זי ווינטשט אים ניט קיין בעסערע קאַלע ווי די דאָזיקע דאַמע.

אַלעקסיי האָט אַ שמייכל געטאָן פון דער רירנדיקער דיפּלאָמאַטיע פון דער אַלטיטשקער און האָט, מיט צעטראָגנקייט, אויפגעעפנט דעם גראָלעכן קאָנווערט פון דער „דאַמע". דער בריוו איז געווען אַ קורצער. זי האָט מוידיע געווען, אַז נאָכן אָפּאַרבעטן אין די „טראַנשייען", זיינען די בעסטע קעמפּערנס פון איר אַרבעט־באַטאַליאָן אַריינגענומען געוואָרן אין אַ רעגולערער אינזשעניערן־איינהייט. איצט איז זי לייטענאַנט. איר איינהייט טאַקע האָט עס, אונטערן סוינעס פייער, אויפגעשטעלט די באַפעסטיקונגען ניט ווייט פון מאַמייס קורגאַן, — אַן אָרט וואָס איז איצט אַזוי באַרימט געוואָרן. שפּעטער האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ רינג באַפעסטיקונגען אַרום דער טראַקטאָרן־פאַבריק און האָבן באַקומען פאַר זייער

איינהייט דעם אָרדען פון דער רויטער פאָן. אָלגאַ האָט געשריבן אַז זיי האָבן געהאַט צו זינגען און צו זאָגן, אַז אַלץ — פון קאָנסערוון ביז לאָפּעטעם — האָט מען געדאַרפט איבערבערענגען פון יענער זײַט וואָלגע, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן פײַער פון די מיטראַליעזעס. „אין דער גאַנצער שטאָט — האָט זי געשריבן — איז ניט איבערגעבליבן קיין איין גאַנץ הויז, און די ערד, וואָס איז פול מיט לעכער, זעט אויס ווי די פאָטאָגראַפיע פון אַ לעוואָנע־פּייזאַזש".

זי האָט אויך געשריבן אַז נאָכן אַרויסגיין פון שפּיטאָל, האָט מען זי, צוזאַמען מיט אַנדערע, אַרומגעפירט אין אַן אויטאָ איבער סטאַלינגראַד. זי האָט געזען עמעסע בערג מיט טויטע דײַטשן, וואָס מען האָט צונויפגענומען אַף צו באַגראָבן. און עס זײַנען נאָך איבערגעבליבן אַזוי פיל אַף די וועגן! „כ'וואָלט שטאַרק געוואָלט אַז דײַן פרײַנט דער טאַנקיסט — כ'געדענק ניט זײַן נאָמען, — דער, וועמענס פאַמיליע איז אומגעבראַכט געוואָרן — זאָל קומען אַהער און זאָל עס אָנזען מיט זײַנע אייגענע אויגן. ערנוואָרט, מען וואָלט עס געדאַרפט אַראָפּנעמען פאַרן קינאָ און ווײַזן עם מענטשן אַזוינע ווי ער, קעדיי זיי זאָלן זען וויאַזוי מיר האָבן נעקאָמע גענומען". שוין באַם סאָף פון בריוו האָט זי געשריבן — אַלעקסיי האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט די אומפאַרשטענדלעכע פאַר אים פראַזע —, אַז ערשט איצט, נאָך דער סטאַלינגראַדער שלאַכט, פילט זי זיך דערוואַקסן צו אים, דעם העלד צווישן העלדן.

דאָס אַלץ איז געווען געשריבן מיט איין פעדער־שטריך, אַף אַ סטאַנציע, ווו ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט איר באַן. זי האָט ניט געוווסט ווו מען פירט זיי און אַף וועלכן אַדרעס מען וועט איר קענען שרײַבן. ביז איר קומענדיקן בריוו האָט אַלעקסיי ניט געקענט ענטפערן אָלגאַן, אָבער ס'איז געווען קלאָר אַז זי, און ניט ער, זי — דאָס שוואַכע און קליינע מיידל וואָס האָט געאַרבעט באַשיידן און אַקשאָנעסדיק אין סאַמע גענעם פון דער מילכאָמע — איז גאָר דער עמעסער העלד צווישן העלדן. ער האָט נאָכאַמאָל באַטראַכט דעם בריוו און דעם קאָנווערט פון אַלע זײַטן. אַפן אָרט פון צוריק־אַדרעס איז געווען קלאָר אָנגעשריבן: „אָלגאַ X — גוואַרדיע־לייטענאַנט".

אין מאָמענט פון אָפּרו אַפן אַעראָדראָם האָט אַלעקסיי אָפּטמאָל אַרויסגענומען דעם בריוו און ווידער געלייענט אים, און האָט אַ לאַנגע צײַט געפילט זײַן וואַרעמקייט. די דאָזיקע וואַרעמקייט האָט ער געפילט סײַ אַפן אָפענעם פלי־פעלד, ווו ס'האָט געשניטן דער צאָפן־ווינט, און סײַ אין קלאַס־צימער A-9, ווו ס'האָט געהערשט אַ הינטישע קעלט און ווו ער האָט נאָך אַלץ געוווינט.

אַרום העלפט דעצעמבער האָט דער אינסטרוקטאָר נאַומאָוו באַשטימט אַז אַלעקסיי זאָל דורכפירן די הויפּט־פּראָבע. ער האָט געדאַרפט פליען אין אַן "UT2" און דער פלי האָט געדאַרפט אינספּעקציאָנירט ווערן

ניט דורכן אינסטרוקטאָר נאָר דורכן שעף פון גענעראַל־שטאַב אַליין, דאָס הייסט דורכן דיקלעכן, רויטפּאַנעמדיקן און פאַרשמײַעטן פּאָדפּאָל־קאָווניק, וואָס האָט אים אַזוי רוגזעדיק אויפגענומען ווען ער איז אָנגע־קומען אין שול.

וויסנדיק אַז מען אָבסערווירט אים אויפמערקזאַם פון דער ערד און אַז אין יענע מאָמענטן ווערט באַשטימט זײַן גורל, האָט זיך אַלעקסיי יענעם טאָג באַמיט איבערצושטײַגן זיך. ער האָט מיט זײַן קליינעם און לײַכטן אוויאָן געמאַכט אַזוינע ריזיקאַלישע אַקראָבאַטן־שטיק, אַז באַם גענייטן פּאָדפּאָלקאָווניק האָבן זיך, קעגן זײַן ווילן, אַרויסגעריסן אויסרופן פון באַוווּנדערונג. ווען מערעסיעוו האָט זיך, נאָכן אַרויסשטײַגן פון אַפּאַראַט, צוגעשטעלט צו זײַנע עלטסטע, האָט ער פאַרשטאַנען, לויט נאַומאָווס אַנטציקטן, פריידיקן און שײַנענדיקן פּנים, אַז די קאַץ האָט זיך שוין געפונען אין זאַק.

— אַ פּרעכטיקער סטיל! יאָ... אָט אַ דאָס איז אַ פּילאָט פון גאָטס גענאָד — האָט געמורמלט דער פּאָדפּאָלקאָווניק —. הערט נאָר, יונ־גערמאַנטשיק, עפּשער וואָלט איר גאָר געבליבן ווי אַן אינסטרוקטאָר באַ אונדז? מיר דאַרפן האָבן אַזוינע פּילאָטן ווי איר.

מערעסיעוו האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

— ביסט אַ גוטער נאַר! קעמפן! אויך מיר אַ גרויסע זאַך! דאָ, זעסטו, וועסטו אויסלערנען אַ סאַך אַזוינע בעוורעלײַט.

מיטאַמאָל האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק דערזען דעם שטעקן אַף וועלכן מערעסיעוו האָט זיך אָנגעשפּאַרט און ער איז געוואָרן רויט ווי אַ בוריק.

— ווידער? גיב מיר אים אַהער! קלײַבסט זיך צו גיין אַף אַ פּיק־ניק מיטן שטעקן? ווו, מיינסטו, געפינסטו זיך? אַף אַ בולוואַר? ביסט אַרעסטירט אין דער וואַך־אָפּטיילונג פאַרן ניט אויספּילן אַ באַפעל! צוויי טעג!... טשעמפּיאָנען מיט קאַמייעס! אַזוי ווי די קישעפמאַכער! עס האָט נאָך געפעלט אַז מען זאָל אויסמאָלן די טויז פּיק אַפן אַעראָפּלאַן! צוויי טעג! איר האָט געהערט?

און אַרויסרײַסנדיק פון מערעסיעווס הענט דעם שטעקן, האָט זיך דער פּאָדפּאָלקאָווניק אַרומגעקוקט אַרום, זוכנדיק עפּעס אַף וואָס צו צע־ברעכן אים.

— כאָוועך פּאָדפּאָלקאָווניק, דערלויבט מיר אינפאָרמירן אײַך: ער האָט ניט קיין פיס — האָט זיך אײַנגעשטעלט נאַומאָוו פאַר זײַן פרײַנט.

דער שעף פון גענעראַל־שטאַב איז נאָך מער געוואָרן אָנגעצונדן. פונאַנדערפּעפּענענדיק ברייט די אויגן און אָטעמענדיק שווער, האָט ער אַ בריל געטאָן:

— וואָס הייסט עס, וואָס? אויך דו ווילסט מיר פאַרדרייען די יאַצרעס? איז עס עמעס?

מערעסיעוו האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אַף יאָ און האָט געקוקט

מיט אומרו אַף זײַן פֿאַרהײליקטן שטעקן, וואָס איז איצט געווען אין גרויס געפֿאַר. אינדערעמעסן, האָט ער זיך טאַקע קיינמאָל ניט צעשיידט מיט וואַסילי וואַסיליעוויטשעס מאַטאַנע.

דער פּאָדפּאָלקאָווניק האָט געקוקט מיט אומצוטרוי אַף ביידע פֿרײַנט:

— נו, אויב עס איז אַזוי... ווייסטו וואָס, גיב נאָר אַ באַווײַז די פּיס!... נו, אַוואַדע... ס'איז... ע־מעס!

אַלעקסיי איז אַרויס פֿון דער אײַנאיבונג־שול מיט אַן אויסגעצייכנ־טער נאָטע. דער שטרענגער פּאָדפּאָלקאָווניק, דער דאָזיקער אַלטער „לופֿט־וואָלף", האָט מער פֿון אַלעמען געקאָנט אָפּשאַצן דעם אומגעהײַערן אויפֿטו פֿון פּילאָט. ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין ליב־ווערטער, און אין דער באַשטעטיקונג, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, האָט ער אונטערגעשטראָכן אַז מערעסיעוו איז „אַ געניטער, אויסגעצייכנטער און ענערגישער פּילאָט און מען קען אים אָנטרויען יעטוועדן טיפּ אַוויאָן".

## .10

די רעשט פֿון ווינטער און דעם אָנהייב פֿרילינג האָט מערעסיעוו פֿאַרבראַכט אין אַ פֿאַרפּולקאָמונג־שול. דאָס איז געווען אַן אַלטע מילי־טערישע פּילאָטן־אַקאַדעמיע, מיט אַ גלענצנדיקן אַעראָדראָם, מיט אַ פּרעכ־טיקער קאָלעקטיווער וווינונג, מיט אַ לוקסוסדיקן קלוב, ווו ס'פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט גאַסטראָלירן מאָסקווער טעאַטער־טרופּעס. אויך די דאָזיקע שול איז געווען איבערגעפֿולט, אָבער דאָרט האָט נאָך געהערשט דער פֿאַרמילכאָמעדיקער סיידער. מען האָט אַפֿילע געדאַרפֿט אָפּהיטן די קלענסטע פּראָטים פֿון אוניפֿאָרם. ווען מען פֿלעגט זיך באַווײַזן מיט ניט־געפּוצטע שיך, אָדער ס'פֿלעגט פֿעלן אַ קנעפּל אין לעדערנעם רעקל, אָדער מען פֿלעגט אָנטאָן דעם פּוטליאַר פֿון דער פֿלי־מאַפּע איבערן פּאַס, פֿלעגט מען, אין העסקעם מיטן באַפֿעל פֿון שול־קאָמאַנדיר, באַשטראָפֿט ווערן מיט צוויי שאָ שטײַפֿן מאַרשירן.

אַ גרויסע גרופּע פּילאָטן, צווישן זיי מערעסיעוו, האָט זיך געלערנט מאַניפּולירן דעם, דאַן נײַעם, סאָוועטישן יאַגד־אַוויאָן „לאַ־5". די צו־גרייטונג איז געווען זייער אַ פּראָטימדיקע: מען האָט געשטודירט דעם מאָטאָר, דעם אַוויאָן גופֿע און אַלע אינעווייניקסטע אינסטרומענטן. צו־הערנדיק זיך צו די לעקציעס, איז אַלעקסיי איבערראַשט געוואָרן פֿון רי־זיקן פּראָגרעס, וואָס די סאָוועטישע אַוויאַציע האָט דערגרייכט אין דער פֿאַרהעלטענישמעסיק קורצער צײַט, ווען ער איז געווען אָפּגעריסן פֿון מיליטער. דאָס וואָס האָט אין אָנהייב מילכאָמע אויסגעזען ווי אַ נײַס וואָס איז אָקערשט פֿון נאָדל אַרויס, איז שוין איצט געווען שטאַרק פֿאַר־

עלטערט. די פלינקע „לאַגן״ און די לײַכטע „מיגן״, וואָס האָבן אין אָנהייב קריג אויסגעזען ווי מײַסטער־ווערק, האָט מען איצט געהאַלטן אין צור־ריקציִען. אַנשטאָט זיי האָבן די סאָוועטישע פאַבריקן גענומען אַרויסלאָזן: די פּערעכטיקע לעצטע „יאַק״־מאָדעלן, וואָס זײַנען אויפגעקומען בעיים דער מילכאָמע און וואָס זײַנען בליץ־שנעל אָנגענומען געוואָרן; די „לאַ־5״ און די צווייפלעצערדיקע „איל״ — עמעסע פליִענדיקע טאַנקען, וואָס פלעגן זיך טראָגן נידעריק איבער דער ערד און אַראָפּלאָזן זייערע באָמ־בעס, קוילן און סנאַריאַדן סאַמע איבערן קאָפּ פון סוינע. די דאָזיקע אַוויאָנען האָבן באַקומען בא די דײַטשן דעם שרעק־צונאָמען „שוואַרצער טויט״.

דער נײַער קריגס־מאַטעריאַל, וואָס איז אויפגעקומען דורך דער דער־פינדערישקייט פון קעמפנדיקן פאָלק, האָט זייער שטאַרק קאָמפּליצירט די טעכניק פון די לופט־שלאַכטן. דער פּילאָט האָט געדאַרפט גענוי קע־נען דעם אַפּאַראַט, אויסצייכענען זיך מיט אַ דרײַסטער דעצידירטקייט, האָבן די געניטקייט צו אָריענטירן זיך שנעל אַפן שלאַכטפעלד, אײַנטיילן די לופטשלאַכט אין אירע פאַרשיידענע עלעמענטן, אָננעמען אַליין שנעלע באַשלוסן און, אין אַ סאַך פאַלן, אויספירן זיי, ניט וואַרטנדיק אַף באַפעלן.

דאָס אַלץ איז געווען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט. אַפן פראָנט זײַנען, אָבער, אָנגעגאַנגען פאַרביטערטע אָפענסיווע שלאַכטן און אַלעקסיי, זיצנדיק אין קלאָרן הויכגעוועלבטן קלאַס־צימער הינטער אַ באַקווע־מען שילער־באַנק און צוהערנדיק זיך צו די לעקציעס, האָט קעסיידער גע־פילט אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָכן פראָנט, נאָכן מילכאָמע־לעבן. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו באַהערשן דעם פּיזישן וויטיק; ער האָט געקענט פאַרווירקלעכן דאָס אומוואַרשײַנלעכסטע; אָבער אַף צו דערשטיקן די אומבאַוווּסטזיניקע זאָרג וואָס זײַן געצווונגענע אומאַקטיווקייט האָט אים פאַרשאַפט, האָבן אים געפעלט קויכעס. צײַטנווײַז פלעגט ער וואָכן גאַנצע אַרומדרייען זיך אין דער שול אַ שווײַגנדיקער, אַ צעטראָגענער, אַ פאַר־גראָבענער אין זיך.

צום גליק האָט זיך אויך אין דער זעלבער שול געפונען סטרוטשקאָוו. זיי האָבן זיך באַגעגנט ווי צוויי אַלטע פרײַנט. סטרוטשקאָוו איז אָנגע־קומען אין שול צוויי וואָכן שפּעטער, אָבער ער האָט זיך גלײַך צוגעפּאַסט צום דאָרטיקן אָריגינעלן און פּראַקטישן לעבנס־רעזשים, צו דער אויסער־געוויינלעכער שטרענגקייט און איז געוואָרן כאַווער מיט אַלעמען. ער האָט זיך גלײַך אָפּגעגעבן כעשבן וועגן מערעסיעווס שטימונג, און באַ־נאַכט ווען זיי זײַנען זיך, נאָכן אַרומוואַשן, פונאַנדערגעגאַנגען, האָט ער אים אַ פּאַטש געטאָן אין פּלייצע:

— זאָרג זיך ניט, יונגערמאַן, ס׳וועט נאָך קלעקן מילכאָמע פאַר אונדז אויך. גיב נאָר אַ קוק וויפל ס׳פעלט ביז בערלין: אַ פײַן שטיקל. מיר וועלן נאָך האָבן מילכאָמע. ס׳וועט אונדז אַזש דערעסן ווערן.

אין די 3־2 כּאַדאַשים, וואָס זיי זײַנען געווען צעטיילט, האָט זיך דער קאָמאַנדיר בעפּירעש „אונטערגעגעבן”, ווי מען זאָגט אין מיליטער. ער איז געוואָרן מאָגערער און עלטער. דעם ערשטן טאָג, בעייסן אָפּרו, ווען זיי האָבן ביידע געשמועסט וועגן זייערע געמיינזאַמע פרײַנט, האָט ער ניט דערמאָנט קלאַוודיאַ מיכײַלאָוונאַ. ס׳האָט אויסגעזען ווי ער וויל בעקיוון אויסמײַדן צו דערמאָנען זי. דעם צווייטן טאָג, ווען זיי זײַנען געזעסן אין עס־זאַל, באַם אַלגעמיינעם טיש, האָט ער זיך מער ניט גע־קענט אײַנהאַלטן און, ניט־דערמאָנענדיק זי באַם נאָמען, האָט ער געזאָגט:

— מיט איר, מיט יענער, שרײַב איך זיך איבער. זי ענטפערט מיר.

מערעסיעוו האָט ניט געענטפערט. די זופּ האָבן זיי געגעסן שטי־לערהייט. מיטאַמאָל האָט דער קאָמאַנדיר אָפּגעשטויסן דעם טעלער מיט אַזאַ האַסטיקייט אַז דאָס ביסל איבערגעבליבענע זופּ האָט זיך אויס־געגאָסן אַפן טישטעך.

— זי האַלט מיך אין איין בעטן אַז איך זאָל זי פאַרגעסן. וואָס זאָגסטו? פאַרגעסן! מען דאַרף דאָך זײַן אַ נאַר! פאַרגעסן זי! פאַר־וואָס פאַרגעסן? ווײַל זי האָט מיך ניט ליב. און פאַרוואָס האָט זי מיך ניט ליב? נו, גוט, מאַסקים; אויב זי האָט מיך ניט ליב, וועל איך מיט געוואַלד ניט אַרײַנקריכן אין איר האַרצן. אָבער, גיב מיר, לעבאָל־האַ־פּאָכעס, אַ שטיקל האָפענונג, דו נאַרישע מויד, דו, לאָז מיך זאָרגן פאַר דיר! איך וויים אַז זי לעבט אין נויט, אַז עס פעלן איר אוים אַ סאַך זאַכן. כ׳האָב איר געשיקט אַ פּעקל שפּײַז, האָט זי עס אומגעקערט אַן אויפגעבראַכטע. כ׳האָב איר געשיקט אַ באַפולמעכטיקונג אָפּצונעמען אַ טייל פון מײַן געהאַלט; כ׳האָב געוואָלט אַז זי זאָל עס פאַרטאָן פאַר זיך, ווײַל איך דאַרף עס ניט, ס׳קלעקט מיר דער מעלוכע־פּאַיאָק; נו, נו, מאַמעלעך מײַנע! וואָס פאַראַ סקאַנדאַל זי האָט געמאַכט! „איר שעצט מיך ניט, איר באַליידיקט מיך!...” און נאָך, און נאָך ענלעכע זאַכענישן. ווען זי וואָלט כאָטש עמעצן געהאַט. זי איז דאָך, אָבער, ניט מער ווי אַ שאָטן פון אַ טויטן. ס׳איז דאָך אַ פּוסטקייט אַרום איר. סײַדן זי האָט עמעצן; האַ? זאָל עס טאַקע מעגלעך זײַן אַז זי האָט עמעצן? ווי מיינסטו?

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אומרויִק געדרייט אַפן שטול.

— כ׳האַלט, אַז ניט.

— ערנסט? טאָ וואָס־זשע? ווײַל זי ווערן אַ מאָנאַשקע צי וואָס? איצט זײַנען ניטאָ קיין מאָנאַשקעס... צום טײַוול! ווידער די דאָזיקע בלאָנדע מיט די שוואַרצע אויגן! —האָט אַ געוואַלדעווע געטאָן מיט־אַמאָל דער קאָמאַנדיר, אָפּרוקנדיק פון זיך דעם טעלער פּראָסע־קאַשע מיט די שוואַרצע פלוימען אינעווייניק.

דער קוכער פון דער שול האָט געהאַט אַ ספּעציעלע שוואַכקייט צום דאָזיקן געריכט, וואָס האָט געטראָגן דעם אָפיציעלן נאָמען „פּודינג”,

אַבער וואָס די שילער האָבן אַ נאָמען געגעבן „די בלאָנדע מיט די שוואַר־צע אויגן".

אַף די לעקציעס פֿלעגט, אָבער, דער קאָמאַנדיר אויפֿלעבן; ער האָט גוט באַנומען אַליץ און זײַנע ענטפֿערס זײַנען געווען פֿול מיט אײַנפֿאַלן. בלויז זײַן באַליבטע אַרבעט האָט געקענט דערוועקן פֿון זײַן מויעך די געשטאַלט פֿון דער ליבלעכער, צאַרטער פֿרוי, וואָס האָט, צו זײַן אומ־גליק, אַזוי שטאַרק באַהערשט זײַן זאַרגלאָזן, פֿריידיקן געמיט.

אין מיטן ווינטער האָבן די פּילאָטן פֿון מערעסיעווס און סטרוטש־קאָווס קודם אָנגעהויבן זייער פֿלי־פּראַקטיק. אַלעקסיי האָט שוין דאָן גרינטלעך געקענט דעם קליינעם, קורצפֿליגלדיקן אַוויאָן „לאַ־5", וואָס איז, לויט זײַן געבוי, ענלעך געווען אַף אַ פֿלײַענדיקן פֿיש. אַף די פֿויזעס פֿלעגט ער אַרוים אַפֿן אַעראָדראָם קעדיי צוצוקוקן זיך ווי די דאָזיקע אַפּאַראַטן הייבן זיך אויף, נאָך אַ קורצן צעיאָגן זיך, און ווי זיי שטײַגן האַסטיק אַרויף. ער פֿלעגט זיך צוקוקן ווי זיי באַוועגן זיך אינדערלופֿטן און ווי עס גלאַנצן אַף דער זון זייערע בלויע בײַכער. ער פֿלעגט זיך אויך דערנענטערן צו אַן אַוויאָן, באַטראַכטן אים, אַ גלעט טאָן זײַן פֿליגל און געבן פֿעטשעלעך אין די זײַטן פּונקט ווי די מאַשין וואָלט געווען אַ שיינער און גוט־אָפּגעהיטער רײַט־פֿערד פֿון אַ „ריין־בלוטיקער" ראַסע.

די גרופּע איז אַרוים אַפֿן אַעראָדראָם. יעדער איינער האָט געוואָלט וואָס פֿרײַער אויספּרוּוון זײַנע קויכעס און ס'איז אַנטשטאַנען צווישן זיי אַ שטילע קאָנקורענץ. דעם ערשטן האָט דער אינסטרוקטאָר צוגערופֿן סטרוטשקאָוון. דעם קאָמאַנדירס אויגן האָבן געלויכטן פֿון פֿרייד, ער האָט שקאָציש געשמייכלט און האָט, אַן אויפֿגערודערטער, אונטערגע־פּײַפֿט אַ לידל באַם פֿאַרציִען די רימענס פֿון פֿאַראַשוט און אַרײַנשטײַגנ־דיק אין דער קאַבינע.

נאָכדעם האָט דער מאָטאָר אַ דראָענדיקן בריל געטאָן; דער אַוויאָן האָט אַ ריר געטאָן, האָט זיך צעיאָגט איבערן אַעראָדראָם, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַן עק פֿון שניי־שטויב, און האָט זיך, אַ גלאַנציקער, אויפֿ־געהויבן אינדערהייך. סטרוטשקאָוו האָט באַשריבן איבערן אַעראָדראָם אַן ענגן „בויגן, האָט געמאַכט עטלעכע שיינע וויראַזשן און אַ „האַלבע טון".

אין אַ מײַסטערדיקער פֿאָרעם און מיט פֿולשטענדיקער גענויטקייט האָט ער דורכגעמאַכט אַ ריי אַנדערע פֿאָרויס־באַשטימטע איבונגען און איז פֿאַרשוווּנדן. מיטאַמאָל איז ער דערשיינען פֿון הינטערן דאַך פֿון דער שול און האָט זיך מיט דער גאַנצער שנעלקייט פֿאַרבײַגעטראָגן גאָר נידעריק איבערן אַעראָדראָם, שיר ניט אַראָפּרײַסנדיק די היטלען פֿון די פּילאָטן וואָס האָבן געוואַרט אַף זייער ריי. ער איז ווידער פֿאַרשוווּנדן, נאָכאַמאָל באַוויזן זיך, האָט אַראָפּגענידערט מאַיעסטעטיש און האָט אין אַ פּערפֿעק־טער פֿאָרעם געלאַנדעט אַף זײַנע דרײַ אָנשפּאַר־פּונקטן. סטרוטשקאָוו איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון דער קאַבינע אַן אַנטציקטער, אַ צעיובלטער; עס

איז אים באַפאַלן אַ פרייד־מעשוגאַעס און ער האָט אויסגעזען ווי אַ יינגל וועמען ס'האָט זיך אײַנגעגעבן אַ שפּיצל.

— דאָס איז ניט קיין אַפּאַראַט, דאָס איז אַ פידל. ערנוואָרט, אַ פידל! —האָט ער זיך פאַרכלינִיעט מיט די רייד, איבעררײַסנדיק דעם אינסטרוקטאָר וואָס האָט אים פאָרגעוואָרפן זײַנע צו גרויסע דרײַסטקייטן אינדער־לופטן—. מען קען אַף אים שפּילן טשײַקאָווסקין... איך שווער עס אײַך! אָט־דאָס איז אַ לעבן, אַלעקסיי! —און ער האָט שטאַרק אַרומגענומען מערעסיעוון.

דער אַפּאַראַט איז ווירקלעך געווען אַ פּרעכטיקער. אַלע ווי איינער האָבן עס אָנערקענט. ס'איז געקומען מערעסיעווס ריי. ווען ער האָט צו־געבונדן מיט די רימענס די פיס צו די פּעדאַלן און האָט זיך אויפ־געהויבן אינדערהייך, האָט ער אָבער גלײַך דערפילט אַז דער דאָזיקער פערד איז פאַר אים, אַ מענטשן אָן פיס, צו היציק, און אַז מען דאַרף זײַן אויסערגעוויינלעך פאָרזיכטיק. אָפרײַסנדיק זיך פון דער ערד, האָט ער ניט דערפילט דאָס דאָזיקע פולקאָמע און פולשטענדיקע צונויפגיסן זיך מיטן אַפּאַראַט, די דאָזיקע האַרמאָניע וואָס פאַרשאַפט דעם פּילאָט די פרייד פון פליִען. דער אַפּאַראַט איז געווען פּרעכטיק געבויט. ער איז געווען שפּירעוודיק אַפן לײַכטסטן קאָנטאַקט; אַפילע אַ ציטער פון די הענט אָפן רודער האָט זיך אָפּגערופן אַף זײַנע באַוועגונגען. מיט זײַן שפּירעוודיקייט איז ער ווירקלעך ענלעך געווען אַף אַ גוטער פידל. אין יענעם מאָמענט האָט זיך אַלעקסיי אָפּגעגעבן כעשבן וועגן דער גרויס פון זײַן אָווידע, וועגן דער שטײַפקייט פון זײַנע קינסטלעכע פיס, און האָט פאַרשטאַנען אַז אַף צו באַהערשן אַזאַ אַפּאַראַט קען די בעסטע פּראָטעזע ניט פאַרבײַטן אַ לעבעדיקן, שפּירעוודיקן, עלאַסטישן פוס, אַפילע נאָך דער גרעסטער אײַנאיבונג.

דער אַוויאָן האָט געשניטן די לופט לײַכט, מיט אַ וווּנדערלעכער בויגעוודיקייט, אונטערוואַרפנדיק זיך מאָמענטאַל יעדער באַוועגונג פון פּילאָט. אַלעקסיי האָט אָבער מוירע געהאַט פאַר אים. ער האָט באַמערקט אַז בעיִס די טיפע ווירַאַזשן פלעגן זיך די פיס פאַרשפּעטיקן און ניט דערגרייכן דעם האַרמאָנישן צוזאַמענשפּיל, וואָס קומט אויף אין יעדן פּילאָט ווי אַ מין פונקיקער אינסטינקט. דאָס דאָזיקע פאַרשפּעטיקן פון די פיס האָט געקענט אַרײַנוואַרפן דעם אַפּאַראַט אין אַ שרויף־באַוועגונג און אויסשטעלן אים אַף די גרעסטע געפאַרן. אַלעקסיי האָט זיך געפילט ווי אַ געפּענטעטער פערד. ער איז ניט געווען קיין פּאַכדן, ניין; ער האָט ניט געציטערט פאַר זײַן לעבן, ער האָט אַפילע ניט קאָנטראָלירט דעם פּאַראַשוט ווען ער האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין קאַבינע; ער האָט, אָבער, מוירע געהאַט אַז די קלענסטע אומפאָרזיכטיקייט זאָל אים ניט עלימי־נירן אַף שטענדיק פון דער יאַגד־אַוויאַציע און אָפּשליסן אים דעם וועג צו זײַן באַליבטער פּראָפעסיע. ער האָט פאַרגרעסערט זײַן פאָרזיכטיקייט

און האָט געלאַנדעט אַ צעקלעמטער. צוליב דער שטײפֿקייט פֿון די פּיס איז דער אַפּאַראַט אומגעלומפּערט אָפּגעשפּרונגען אָפּן שניי.

ער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון דער קאַבינע אַ שווײַגנדיקער און אַ פֿאַר־כמורעטער. די באַווײַרים און אַפֿילע דער אינסטרוקטאָר אַליין האָבן אים שטאַרק געלויבט און באַגריסט, אָבער ער האָט עס אָנגענומען ווי אַן אָנ־שטעל. די דאָזיקע גוטסקייט זייערע האָט אים בלויז באַליידיקט. ער האָט געמאַכט אַן אומצופֿרידענע מינע און איז, אַ שווײַגנדיקער און אַ שווער־הינקענדיקער, אַוועק, דורכן שניי־פֿעלד, צום גרויען ביניען פֿון דער שול. נאָך דער קאַטאַסטראָפֿע פֿון יענעם אַפּריל־פֿרימאָרגן, ווען זײַן אַוויאָן איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף די סאָסנע־קרוינען, איז דער הײַנטיקער דורכ־פֿאַל, איצט ווען ער האָט שוין סאָף־קאָל־סאָף באַוויזן אַרײַנצוזעצן זיך צוריק אין אַ יאַגדלער, געווען די גרעסטע טראַגעדיע אין זײַן לעבן. קעגן שול־רעגלאַמענט, וואָס האָט שטרענג פֿאַרווערט צו געפֿינען זיך באַטאָג אין די שלאָף־צימערן, האָט ער זיך, אין די שיך, אַרײַנגעוואָרפֿן אין בעט און איז אַזוי געלעגן מיט די הענט הינטערן נאַקן. ניט דער דיזשור־אָפֿי־ציר און ניט זײַנע שעפֿן, וואָס זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿאַרבײַ אים און האָבן געוווּסט די סיבע פֿון זײַן צעקלעמטקייט, האָבן זיך אַנטשלאָסן צו מאַכן אים וועלכע ניט איז באַמערקונג. ס'איז אַרײַן סטרוטשקאָוו און האָט געפּרוווט מיט אים כאַפּן אַ שמועס, אָבער ער האָט ניט געענט־פֿערט און דער קאָמאַנדיר איז אַוועקגעגאַנגען, באַוועגנדיק, מיט באַ־דויערן, דעם קאָפּ.

גלײַך נאָך סטרוטשקאָוון איז אַרײַנגעקומען אין שלאָף־צימער דער פּאָדפּאָלקאָווניק קאַפּוסטין, וועלכער האָט אָנגעפֿירט מיט דער פּאָליטי־שער אַרבעט און איז געווען וויצע־שעף פֿון דער שול. דאָס איז געווען אַ קליינוווּקסיקער, פֿאַרעמלאָזער מענטש; ער האָט געטראָגן גרויסע ברילן און דער שלעכט־צוגעפּאַסטער מונדיר זײַנער איז געהאַנגען אויף אים ווי אַ זאַק. די שילער האָבן ליב געהאַט צו הערן זײַנע לעקציעס וועגן אינ־טערנאַציאָנאַלע איניאַנים, ווײַל דער דאָזיקער אָפּגעלאָזענער מענטש האָט געוווּסט ווי־אַזוי אָנצופֿילן מיט שטאָלץ זייערע הערצער און אַרויסהייבן די וויכטיקייט פֿון זייער אָנטייל אין גרויסן קריגס־פֿאַרמעסט. פֿאַר קיין שעף, אָבער, האָבן זיי אים ניט געהאַלטן; זיי האָבן זיך פֿאַרגעשטעלט אַז ער איז אַ ציוויליער מענטש וואָס איז צופֿעליק אַרײַנגעפֿאַלן אין דער אַוויאַציע און וואָס הייבט ניט אָן צו פֿאַרשטיין וואָס פֿליִען איז. ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויף מערעסיעוון, האָט קאַפּוסטין אינספּעקציאָנירט דעם צימער, האָט אַ שמעק געטאָן די לופֿט און איז מיטאַמאָל אין קאַעם גע־וואָרן:

— ווער, צום טײַוול, האָט דאָ גערייכערט? אויף דעם איז פֿאַראַן אַ רייכערער־סאַלאָן. כאַוועך לייטענאַנט, וואָס באַטײַט עס?

— איך רייכער ניט —האָט געענטפערט גלײַכגילטיק מערעסיעוו, בלײַבנדיק וויַטער ליגן.

— און פאַרוואָס וואַלגערט איר זיך אין בעט? זײַנען אײַך ניט באַקאַנט די רעגלאַמענטן? פאַרוואָס האָט איר זיך ניט אויפגעהויבן ווען ס'איז אַרײַן אַן עלטערער?... הייבט זיך אויף.

דאָס איז ניט געווען קיין באַפעל. פאַרקערט, דאָס איז געזאָגט געוואָרן אַף אַ ציווילן אופן, פרידלעך, אָבער מערעסיעוו האָט אַפּאַטיש אויסגעפאָלגט און האָט זיך געגעבן אַ שטעל לעבן בעט.

— נו, כאַווער לייטענאַנט, —האָט אים אַ מונטער געטאָן קאַפּוס־טין—. איצט זעצט זיך און מיר וועלן שמועסן.

— וועגן וואָס?

— וועגן דעם וואָס מיר קענען טאָן מיט אײַך. עפּשער וואָלטן מיר אַרויס אינדרויסן? איך כאַלעש רייכערן און דאָ קען מען ניט.

זיי זײַנען אַרויס אין האַלב־פינצטערן קאָרידאָר, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט דער בלאַלעכער שײַן פון די אַרומגעוויקלטע לעמפלעך, און האָבן זיך אָנגעשפאַרט אַף אַ פענצטער. אין קאַפּוסטינס מויל האָט זיך באַוויזן אַ לולקע. ווען ער פלעגט זי אַ צי געבן, פלעגט זיין ברייטער און פאַרטראַכטער פּאָנעם אויפלויכטן אַ ווײַל אין דער פינצטערניש.

— איך קלײַב זיך הײַנט שטרענג אויסצורײדן דעם אינסטרוקטאָר פון אײַער גרופּע.

— פאַרוואָס?

— פאַרן האָבן דערלויבט אײַך אַרויסצופלײַען אין אַ „זאָנע" אָן דער באַפולמעכטיקונג פון דער שול־פירערשאַפט... יאָ. וואָס קוקט איר אַזוי אַף מיר? אינדערעמעסן האָב איך זיך אַליין געדאַרפט געבן אַ גאָב פאַרן ניט האָבן גערעדט מיט אײַך ביז איצט. איך האָב זיך געקליבן און געקליבן, אָבער שטענדיק פעלט אויס צײַט. אָבער ניט אין דעם האַנדלט זיך. ס'גייט אין דעם וואָס פאַר אײַך, מערעסיעוו, איז פלײַען ניט אַזאַ פּאָשעטע זאַך. דערפאַר קלײַב איך זיך שטרענג אויסצורײדן דעם אינסטרוקטאָר.

מערעסיעוו האָט געשוויגן. וואָס פאַראַ סאָרט מענטש איז דער דאָזיקער לולקע־רייכערער? אַ ביוראָקראַט, וואָס מען האָט אָנגעטראָטן אַף זײַן אויטאָריטעט, מיטן ניט־מעלדן אים באַצײַטנס אַז אין לעבן פון שול איז פאָרגעקומען אַן אומגעוויינלעכע געשעעניש? אַ טינט־זויגער, וואָס האָט אויסגעפונען אין די פלי־רעגלאַמענטן אַ פאַראַגראַף וואָס פאַרווערט צו פלײַען די יעניקע מענטשן וואָס האָבן אַ געוויסן פיזישן מום? אָדער איינפאַך אַ שויטע, וואָס נוצט אויס די ערשטע בעסטע געלעגנהייט קעדיי צו ווײַזן זײַן אויטאָריטעט? וואָס וויל ער? צוואָס איז ער געקומען, ווען, אָן אים, איז שוין די נעשאָמע פול געווען מיט אַזאַ מין פאַראומערט־

קייט, אַז ס׳האָט זיך אויסגעדרוקט: דער איינציקער אויסוועג איז די פּעטליע?

מערעסיעוו האָט זיך אינערלעך געבונטעוועט און ס׳האָט אים געקאָסט אַ סאַך מי אײַנצוהאַלטן זיך. די דורכגעמאַכטע כאַדאָשים האָבן אים אָבער אויסגעלערנט ניט צו אײַלן זיך מיט פּריצײַטיקע שלוסן. אין זעלבן מאָמענט האָט זיך אים גענומען אויסדרוכטן אַז אין דאָזיקן אָפּגעלאָזענעם מענטשן איז פאַראַן עפּעס, קוים באַמערקלעכס, וואָס דערמאָנט אין קאָמיסאַר וואָראָביאָוון. די לולקע האָט אויפגעגליט און געלאָשן זיך. דער ברייטער פּאָנעם, מיט דער מאַסיווער נאָז און אינטעליגענטע, אויסדרוקפולע אויגן, פלעגט זיך אָט אויסטיילן אין דער בלאָער האַלב־פינצטערקייט און אָט פאַרלירן זיך אין איר.

— הערט זיך צו, מערעסיעוו, איך וויל אײַך ניט לויבן, אָבער ווי אַזוי מען זאָל זיך ניט וועלן דרייען, מוז מען אָנערקענען אַז איר זײַט די איינציקע אָנפיסיקע פּערזאָן וואָס פּילאָטירט אַ יאַגד־אַוויאָן. די איינציקע! — באַם מאַטן ליכט פון לעמפּל האָט ער אַרײַנגעקוקט אינעם לעכל פון לולקע־מונדשטוק און האָט אַ שאָקל געטאָן פאַרזאָרגט מיטן קאָפּ. — איך באַצי זיך ניט איצט צו אײַער פאַרלאַנג אומצוקערן זיך צו דער יאַגד־אַוויאַציע. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ גרויסער אויפטו, אָבער ס׳איז ניט פאַראַן אין דעם קיין שום אויסערגעוויינלעכס. אין אַזאַ עפּאָכע ווי די איצטיקע טוט יעדער וואָס ער קען פאַרן זיג... אָבער, וואָס טוט זיך מיט דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער לולקע?

ער האָט ווידער גענומען אַרײַנקוקן אין לעכל פון דער לולקע און ס׳האָט אויסגעזען אַז ער איז אינגאַנצן פאַרטאָן אין דער דאָזיקער אַרבעט. אַלעקסיי איז געווען באַאומרויִקט פון צעפלאָסענע פאַרגעפילן און האָט אומגעדולדיק געוואַרט אַף דעם וואָס עס וועט קומען. ניט איבעררײַסנדיק זײַנע פּורקערײַען אין דער לולקע, האָט קאַפּוסטין ווײַטער גערעדט און ס׳האָט אים ניט געאַרט די ווירקונג וואָס זײַנע ווערטער מאַכן:

— עס האַנדלט זיך ניט וועגן אײַך, לייטענאַנט אַלעקסיי מערעסיעוו. עס גייט אין דעם וואָס איר, אָן פיס, האָט דערגרייכט צו אַזאַ מין מאַדרייגע, וואָס ביז איצט, און אין דער גאַנצער וועלט, האָבן באַוויזן צו דערגרייכן בלויז שטאַרק געזונטע מענטשן און דאָס אויך אין דער פּראָפּאָרץ פון קוים איינס אַף הונדערט. איר זײַט ניט סטאַם דער ביוגער מערעסיעוו, איר זײַט אַ גרויסער עקספּערימענטן־מאַכער... אַהאַ, סאַף־קאָל־סאַף ציט זי! מיט וואָס האָט זי זיך פאַרשטאָפּט?... בעכיין, קענען מיר ניט, מיר האָבן ניט קיין רעכט, איר פאַרשטייט?, צו באַטראַכטן אײַך ווי סטאַם אַ פּילאָט. איר האָט אונטערגענומען זייער אַ וויכטיקן עקספּערימענט און מיר זײַנען געצוווּנגען צו העלפן אײַך מיט אַלץ וואָס מיר קענען. אָבער מיט וואָס? זאָגט איר אַליין: מיט וואָס קענען מיר אײַך העלפן?

קאַפּוסטין האָט ווידער אָנגעשטאָפּט זײַן לולקע, האָט געגעבן עט־לעכע ציִען און ווידער האָט זײַן ברייטער פּאָנעם און מאַסיווע נאָז גע־נומען אַרויסטויכן און פאַרלירן זיך אין דער האַלב־פינצטערקייט.

קאַפּוסטין האָט צוגעזאָגט איבערצורײדן מיטן שעף פון דער שול וועגן דערלויבן מערעסיעוו צו פליִען עפּטער און האָט פאַרגעלייגט אַלעק־סייען אַז ער אַליין זאָל צוגרייטן אַ פּראָגראַם פון איַנאיבונגען.

— ס׳וועט אָבער אַוועקגיין צופיל נאַפט אויף דעם! —האָט זיך באַקלאָגט אַלעקסיי, אָן איבערראַשטער פון דער איינפאַכקייט און פון פּראַקטישן כוש מיט וועלכן דער דאָזיקער קליינער, אַפּגעלאָזענער מענטש האָט צעטריבן זײַנע ספּייקעס.

— נאַפט איז אַ וויכטיקער פּראָדוקט, ספּעציעל איצט. מיט טראָפּן־ציילערס מעסטן מיר זי. עס זײַנען, אָבער, פאַראַן זאַכן וואָס זײַנען וויכ־טיקער פון נאַפט —און קאַפּוסטין האָט אויף זײַן קנאַפּל געגומען אַרוים־קלאַפּן דעם הייסן אַש פון זײַן אויסגעבוייגענער לולקע.

פון אַנדערן טאָג אָן האָט זיך מערעסיעוו גענומען איַנאיבן באַזונ־דער. ער האָט גענומען אַרבעטן ניט בלויז מיט יענער איַנגעשפּאַרטקייט פון אַמאָל, ווען ער האָט זיך געלערנט גיין, לויפן אָדער טאַנצן, נאָר ס׳האָט אים איצט באַהערשט אַן עמעסע אינספּיראַציע. ער האָט זיך באַמיט צו אַנאַליזירן די פלי־טעכניק, דורכצושטודירן אַלע אירע פּראָטים, פונאַנ־דערגלידערן אויף אַלע אירע קלענסטע באַוועגונגען און דערגרונטעוווען יעַ־דע איינע באַזונדער. איצט האָט ער שטודירט, גרינטלעך שטודירט, דאָס אַלץ וואָס ער האָט אין דער יוגנט דערגרייכט אויף אַ ספּאָנטאַנעם אויפן.

ער האָט איצט באַנומען מיטן מויעך דאָס אַלץ וואָס ער האָט פריִער דער־גרייכט מיט דערפאַרונג און געוווינהייט. פונאַנדערטיילנדיק אין געדאַנק דעם פּראָצעס פון מאַניפּולירן דעם אַוויאָן אויף זײַנע פאַרשיידענע באַווע־גונגען, האָט ער פאַר יעדער באַוועגונג צוגעפּאַסט אַ באַזונדערן אָנדרוק און האָט אַריבערגעפירט אַלע אַרבעט־שפּירונגען פון די אונטערשטע ענד־גלידער און פון פוסטראָט צו דעם מיטעלן טייל פון פוס.

דאָס איז געווען אַ שווערע און געדולדיקע אַרבעט. די רעזולטאַטן זײַנען געווען אַזוינע אומבאַדײַטנדיקע אַז זיי האָבן זיך קימאַט ווי ניט געמערקט. ניט קוקנדיק אויף אַלץ האָט, אָבער, אַלעקסיי געפילט אַז דער אַוויאָן גיסט זיך צונויף מיט אים אַלץ מערער און מערער, אַז וואָס ווײַ־טער, ווערט ער אַלץ מער געהאָרכיק.

— ווי גייט עס, מײַסטער? —פלעגט אים פרעגן קאַפּוסטין, ווען זיי פלעגן זיך באַגעגענען.

— אויסגעצייכנט.

מערעסיעוו האָט ניט איבערגעטריבן. ער האָט פּראָגרעסירט, ניט זייער שטאַרק, אָבער זיכער און פעסט. דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס, אדאַנק די אַלע איבונגען, האָט זיך אַלעקסיי אויפגעהערט צו פילן ווי אַן אומ־

געלומפּערטער און שוואַכער רײַטער וואָס זיצט אױף אַ פֿײַערדיקן און שנעלן פֿערד. ער האָט ווידער באַקומען עמונע אין זײַנע קענטשאַפֿטן, און ס׳האָט אויסגעזען ווי די דאָזיקע זיכערקייט וואָלט זיך אַריבערגעטראָגן אױפֿן אַוויאָן, וואָס איז ווי אַ לעבעדיק וועזן, ווי אַ פֿערד וואָס פֿילט אױף זײַן רוקן אַ גוטן רײַטער, געוואָרן אַלץ מער אונטערטעניק. דער אַפּאַראַט האָט בעהאַדראָגעדיק געוויזן אַלעקסייען אַלע זײַנע פֿלי־אייגנשאַפֿטן.

## 11.

גאָר אַמאָל, העט־ווײַט אין דער קינדהייט, האָט זיך אַלעקסיי אויסגעלערנט גליטשן אױפֿן ערשטן, גלאַטן, דורכזיכטיקן און שוואַכן אײַז, וואָס פֿלעגט זיך פֿאַרציִען איבער אַן אָפּצווײַג פֿון דער וואָלגע. קיין גליטשערס האָט ער, אייגנטלעך, ניט געהאַט. זײַן מאַמעס קעשענע האָט אַזאַ מין זאַך ניט געקענט באַהויבן. אױף זײַן באַקאָשע האָט אַ שמיד, פֿאַר וועמען די מאַמע האָט געוואַשן וועש, צוגעריכט אים אַ פּאָר הילצערנע גליטשערס, אונטערגעשמידטע מיט שטיקלעך רייף און דורכגעלעכערטע פֿון די זײַטן.

מיט שנירלעך און העלצלעך האָט אַלעקסיי צוגעפּעסטיקט די קעמוי־גליטשערס צו זײַנע אַלטע, פֿאַרלאַטעטע וואָליקעס און איז אַרויס אױפֿן גליטש. דער דינער אײַז־שיכט האָט נאָכגעלאָזן אונטער די טריט און האָט קלאַנגפֿול און מעלאָדיש געסקריפּעט. אַרום און אַרום האָט זיך, מיט גרויס ראַאַש און גערודער, געגליטשט דאָס קליינוואַרג פֿון די קאַמישינער פֿאַרשטעטלעך. די ווײַסע כעווערניקעס זײַנען אַרומגעלאָפֿן ווי די שיידים, נאָכגעיאָגט זיך, געשפּרונגען אױף די גליטשערס און געטאַנצט. אױפֿן ערשטן קוק האָט עס אויסגעזען לײַכט און אייַנפֿאַך. ווען אַלעקסיי האָט אָבער געפּרוווט נעמען גליטשן זיך, איז דאָס אײַז פּלוצלינג אַנטלאָפֿן פֿון אונטער זײַנע פֿיס; ער איז אַנידערגעפֿאַלן און זיך שטאַרק צעקלאַפּט דעם רוקן. דאָס יִנגל האָט זיך שנעל אויפֿגעשטעלט, מוירע האָבנדיק אַז די כאַווײַרים ווען באַמערקן ווי ער האָט זיך צעקלאַפּט. קעדיי ניט צו פֿאַלן אױף הינטער, האָט ער באַוועג געטאָן די פֿיס און האָט זיך אָנגעבויגן ·אױף פֿאָרנט; ער איז, אָבער, גלײַך געפֿאַלן מיטן פּאָנעם אַראָפּ. ער האָט זיך ווידער אויפֿגעהויבן, איז געבליבן שטיין אױף זײַנע ציטערדיקע פֿיס, האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם וואָס מיט אים האָט פּאַסירט און האָט זיך צוגעקוקט ווי ס׳באַוועגן זיך די אַנדערע. ער האָט זיך דאַן אָפּגעגעבן כעשבן אַז ער דאַרף זיך ניט אָנבייגן ניט צופֿיל אױף הינטן און ניט צופֿיל אױף פֿאָרנט. ער האָט זיך באַמיט צו האַלטן גלײַך, האָט געמאַכט עטלעכע באַוועגונגען און איז אַנידערגעפֿאַלן אױף אַ זײַט. ביז פֿאַרנאַכט איז ער אַזוי געפֿאַלן און אויפֿגעהויבן זיך, און ערשט גאָר

שפּעט איז ער אַוועק אַהיים. די מוטער איז געווען פאַרצווייפלט: ער איז אינגאַנצן געווען אויסגעוואַלגערט אין שניי, די פּיס האָבן זיך אים געבויגן פון מידקייט און זײַן גאַנצער קערפּער איז פול געווען מיט סי־ניאַקעס און מיט אָראָפּגעריבענער הויט.

אַפּצומאָרגנס איז ער ווידער אַוועק אַפן גליטש. זײַנע באַוועגונגען זײַנען שוין געווען גאַנץ זיכערע, ער איז ווייניקער געפאַלן און האָט, נאָך אַ פונאַנדעריאָגן זיך, באַוויזן אָפּצוגליטשן זיך עטלעכע מעטער; ניט געקוקט, אָבער, אַף אַלע זײַנע באַמיונגען, האָט ער מער קיין זאַך ניט געקענט דערגרייכן בעמעשעך פון גאַנצן טאָג.

איינמאָל — אַלעקסיי דערמאָנט זיך שטענדיק אין יענעם פראָסטיקן טאָג, ווען דער ווינט האָט געקײַקלט איבערן גלאַטן אײַז פאַסן טרוקענעם שניי — האָט ער געמאַכט אַ גליקלעכע באַוועגונג און מיטאַמאָל, ווען ער האָט עס צום ווייניקסטן דערוואַרט, האָט ער זיך אַוועקגעגליטשט ווי ס'באַדאַרף צו זײַן, און וואָס ווײַטער, האָט ער זיך געגליטשט אַלץ בעסער און בעסער. אַלע דערפאַרונגען וואָס ער האָט אומבאַמערקטער־הייט אָנגעקליבן באַם פאַלן, באַם איבערכאַזערן נאָכאַנאַנד זײַנע פרוּוון, אַלע קליינע געוווינהײַטן און לערעס וואָס זײַנען אים צוגעקומען, האָבן זיך מיטאַמאָל צונויפגעלייגט אין איין דערפאַרונג, און די פּיס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן מיט זיכערקייט; דער גאַנצער קערפּער, דאָס גאַנצע וועזן פון בונטאַרישן און אַקשאָנעסדיקן יינגל האָט זיך אָנגעפילט מיט פרייד, איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט אָנגענעמען צוטרוי.

דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט איצט. ער איז געפלויגן אַ סאַך און אָנגעשטרענגט, באַמיענדיק זיך ווידער צונויפצוגיסן מיטן אַפּאַראַט, צו דערפילן אים דורכן מעטאַל און דורכן לעדער פון די פּראָטעזן. צײַטנווײַז פלעגט זיך אים אויסדוכטן אַז ער האָט עס דערגרייכט. ער פלעגט זיך דערפרייען, פלעגט נעמען אויסדרייען מיטן אַוויאָן קאָמפּליצירטע פיגורן, אָבער ער פלעגט זיך גלײַך אָפּגעבן כעשבן אַז זײַנע באַוועגונגען זײַנען ניט קיין געניטע, אַז דער אַפּאַראַט רעאַגירט ווי ער וואָלט ניט וועלן פאָלגן, ווי ער וואָלט זיך קלײַבן קעגנצושטעלן. מיטן פײַנלעכן געפיל פון אַ דורכגעפאַלענער האָפענונג פלעגט ער דאַן ווידער אָנהייבן דורכ־צופירן זײַנע נודנע איבונגען.

איינמאָל, אָבער, אין מאַרץ, אין אַן אָדלעגע־טאָג, ווען דער אַעראָ־דראָם האָט פלוצלינג — פון נאַכט אַף טאָג — געטומען שוואַרצן זיך און דער שיטערער שניי איז אַזוי ווייך געוואָרן אַז די אַוויאָנען האָבן איבער־געלאָזן אין אים טיפע שפּורן, האָט זיך אַלעקסיי אַף אַ יאַגדלער אויפ־געהויבן אין דער „זאָנע". באַם אויפהייבן זיך האָט אַן אַנטקעגנדיקער און זײַטיקער ווינט געהאַלטן אין אָפּשלעפּן דעם אַוויאָן און מען האָט נאָכאַנאַנד געדאַרפט קאָרעגירן די ריכטונג. יענעם טאָג, אײַנהאַלטנדיק דעם אַפּאַראַט אַף זײַן ריכטיקן וועג, האָט מערעסיעוו דערפילט אַז די

מאַשין פאָלגט אים, אַז ער שפּירט זי מיט זײַן גאַנצן וועזן. די דאָזיקע
אַנונג איז אויפגעקומען אין אים ווי אַ בליץ. פון אָנהייב האָט אַלעקסיי
ניט געגלייבט אין איר. צופיל אַנטוישונגען האָט ער דורכגעלעבט, אַז
ער זאָל גלײַך נעמען גלייבן אין זײַן גליק. ער האָט געמאַכט אַ האַס־
טיקן און טיפן ווירזאַזש אַף רעכטס. דער אַוויאָן איז געווען געהאָרכיק
און פּרעציז. אַלעקסיי האָט דורכגעלעבט דאָס זעלבע וואָס דאַן, קלײנער־
הייט, אַפן אָפּצווײַג פון דער וואָלגע, אַפן סקריפּענדיקן אײַז. מיט איין
מאָל האָט זיך דער פאַרכמאַרעטער טאָג אויסגעלײַטערט פאַר אים. דאָס
האַרץ האָט יובלדיק געקלאַפּט און ער האָט געפילט ווי ס׳לויפט אים דורך
דורכן נאַקן אַ ציטער פון גרוים עמאָציע.

נאָכן אַריבערגיין אַן אומבאַמערקלעכע גרענעץ, האָבן זיך זײַנע אַק־
שאָנעסדיקע איבונגען סומירט אַלע איניינעם. אָן שפּאַנונג האָט ער איצט
לײַכט אויפגעקליבן די פּרוכטן פון לאַנגע און לאַנגע, פּײַנפולע טעג. ער
האָט דערגרייכט דאָס סאַמע וויכטיקסטע, דאָס וואָס עס האָט אים אַזוי
טײַער געקאָסט: צונויפגיסן זיך מיטן אַפּאַראַט, פילן אים ווי אַ העמ־
שעך פון אייגענעם קערפּער. דערשפּירנדיק אין זײַן גאַנצן וועזן אַ כוואַ־
ליע פון וואַקסנדיקער פרייד, האָט ער דורכגעפירט עטלעכע טיפע ווי־
ראַזשן, געמאַכט אַ לופּינג און קוים איז ער אַרויס פון אים, האָט ער
אַרײַנגעוואָרפן דעם אַפּאַראַט אין אַ שרויף־באַוועגונג. די ערד האָט זיך
מעשוגענערווײַז געדרייט אַ פּײַפּנדיקע און דער אַעראָדראָם, דער בִּניען
פון דער שול, דאָס טורעמל פון דער מעטעאָראָלאָגישער סטאַציע מיטן
אָנגעבלאָזענעם, געשטרײַפטן אַרבל, האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ סעריע
קרײַזן. מיט זיכערקייט האָט ער אַרויסגעצויגן זײַן אַפּאַראַט פון דער
שרויף־באַוועגונג און האָט געמאַכט נאָך אַ לופּינג. ערשט דאַן האָט דער
׳לאַ־5, וואָס איז אַזוי באַרימט געווען אין יענע טעג, געוויזן דעם פּילאָט
זײַנע אָפענע און באַהאַלטענע אייגנשאַפטן. ס׳איז גאָרניט אָפּצושאַצן
וואָס דער דאָזיקער אַפּאַראַט קען ווערן אין געניטע הענט! ער האָט זיך
אָפּגערופן מיט גענויקייט אַף יעדער באַוועגונג, האָט אויסגעפירט לײַכט
די קאָמפּליצירטסטע פיגורן און האָט זיך אויפגעהויבן אינדערלופטן גלײַך
ווי אַ ליכט, פעסט, פלינק, גיך.

ווען מערעסיעוו איז אַראָפּ פון אַוויאָן, האָט ער זיך געוואַקלט ווי
אַ שיקער. אַף זײַן פונאַנדערגעצויגענעם פּאָנעם האָט געשפּילט אַן עקס־
טאַז־שמייכל. ער האָט ניט געזען דעם אויפגעבראַכטן אינסטרוקטאָר און
האָט ניט געהערט זײַנע זידלערײַען. אַ מין פּאָרציע ער האָט געכאַפּט!
אין דער וואַך־אָפּטיילונג? זייער גוט; ער איז געווען גרייט אָפּצוקומען
אַן אַרעסט אין דער וואַך־אָפּטיילונג. איז אים שוין איצט ניט אַלץ איינס?
ס׳איז געווען קלאָר: ער איז אַ פּילאָט, אַ גוטער פּילאָט. די טײַערע
נאַפּט, וואָס ער האָט פאַרטאָן איבער דער נאָרמע, איז ניט געווען אַרויס־

געוואָרפֿן. ער וועט באַרעכטיקן די דאָזיקע הויצאָע קויפּל־קילאָז ; זאָל מען אים נאָר שיקן וואָס פֿריִער קעמפֿן אַפֿן פֿראָנט !

אין שטוב האָט געוואַרט אַף אים נאָך אַ פֿרייד. אַפֿן קישן איז געלעגן אַ בריוו פֿון גוואָזדיעוון. ווּ, ווי לאַנג און דורך וועלכע קעשענעס האָט געוואַנדערט דער דאָזיקער בריוו ביז ער איז דערגאַנגען צום אַדרע־סאַט ? ס׳איז שווער געווען צו באַשטימען עס, ווײַל דער קאָנווערט איז געווען אינגאַנצן צעקנייטשט, שמוציק און דורכגעפעטסט. ער איז געווען אַרײַנגעלייגט אין אַ נײַעם קאָנווערט מיט אַניוטאַס האַנטשריפֿט.

דער טאַנקיסט האָט געשריבן אַלעקסייען, אַז ס׳האָט פּאַסירט מיט אים אַן אומאָנגענעמע געשיכטע. ער איז פּאַרווּנדיקט געוואָרן אין קאָפּ. מיט וואָס ? ניט מיט קיין אַנדער זאַך ווי מיט אַ פֿליגל פֿון אַ דײַטשישן אַוויאָן. ער געפֿינט זיך איצט אין שפּיטאָל פֿון אַרמיי־קאָרפּוס און ער דאַרף אָט־אָט אַרויסגיין פֿון דאָרט אַ פֿרישער און אַ געזונטער. די מע־שונעדיקע פּאַסירונג האָט געטראָפֿן אָט ווּאַזוי : נאָכדעם ווי די דײַ־טשישע זעקסטע אַרמיי איז איזאָלירט און אַרומגערינגלט געוואָרן הינ־טער סטאַלינגראַד, האָט גוואָזדיעווס אַרמיי־קאָרפּוס דורכגעבראָכן דעם פֿראָנט פֿון אָפּטרעטנדיקן סוינע, האָט זיך דורכגעפּילטרירט מיט אַלע זײַנע טאַנקען דורכן דורכברים און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן קעגן די דײַטשישע רעטאַגוואַרד־אָפּטיילונגען. אין דאָזיקן אָנגריף האָט גוואָזדיעוו אָנגעפֿירט מיט אַ באַטאַליאָן טאַנקען. ס׳איז געווען אַ פֿריילעכער אָנ־גריף. דער שטאָלענער פֿלאָט האָט זיך אַרײַנגעריסן אין צענטער פֿון סוי־נעס רעטאַגוואַרד־דינסט, אין די באַפֿעסטיקטע דערפֿער און באַן־קנופּן, אַרויספֿאַלנדיק אַף די דײַטשן אַזוי אומגעריכט ווי אַ זומערדיקער שלאַקס־רעגן. די טאַנקען האָבן זיך שנעל דורכגעטראָגן דורך די גאַסן, צעשיסנ־דיק און צעשטערנדיק יעדן סימען פֿון דײַטשישקייט. ווען די רעשטלעך פֿון די גאַרניזאָנען זײַנען אַנטלאָפֿן, האָבן די טאַנקען, און די אינפֿאַנ־טעריע וואָס האָט זיך געפֿונען אַף זיי, אונטערגעצונדן די אַמוניציע־סקלאַדן, אויפֿגעריסן די בריקן, צעבראָכן די סעמאַפֿאָרן און די צייכנס אַף די סטאַנציעס, פֿאַרהאַלטנדיק אַזוי אַרום די באַנען פֿון אַנטלויפֿנ־דיקן סוינע. זיי האָבן זיך באַנוצט מיטן סוינעס נאַפֿט־רעזערוון און מיט זײַנע שפּײַז, און האָבן ווײַטער אַוואַנסירט, ניט לאָזנדיק די דײַטשן קו־מען צו זיך, ברענגען הילף, אָדער לעבאַל־האַפּאָכעס באַשטימען די קו־מענדיקע ריכטונג פֿון דעם טאַנקען־אַוואַנס.

„מיר האָבן זיך צעלייגט אין סטעפּ, אַלעקסיי, ווי באַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. די דײַטשן האָבן געציטערט און געפּלאַטערט פֿאַר אונדז ! וועסט מיר ניט גלייבן, אָבער כ׳פֿאַרזיכער דיר אַז ציִטנווײַז פֿלעגן דרײַ פֿון אונדזערע T-34 און איין געפּאַנצערטער אויטאָ אײַננעמען גאַנצע דערפֿער מיט צענטראַלע לאַגערן. אין דער מילכאָמע, ברודער אַלעקסיי, איז די פּאַניק אַן ערנסטער איניען. אַ גוטע פּאַניק אין דעם סוינעס רייען

איז בעסער ווי אַ פּאָר פולע דיוויזיעס פאַרן אָנגרײַפער. מען דאַרף זי בלויז גוט אויפהאַלטן, ווי דעם פײַער פון אַ שײַטער, דערלאַנגענדיק נאָכ־אַנאַנד נײַע און אומגעריכטע קלעפּ, און ניט לאָזן אַז זי זאָל אויסגע־לאָשן ווערן. ס׳האָט אויסגעזען אַפן פראָנט ווי מיר וואָלטן דורכגעלע־כערט דעם דײַטשישן פאַנצער, געפינענדיק אינעווייניק ניט מער ווי פוסט־קייט, קישקעס און איפּעש. מיר זײַנען דורכגעגאַנגען פּונקט ווי אַ שטעקן דורך טייג...

„... און ס׳האָט געטראָפן מיט מיר די געשיכטע וואָס כ׳וועל דיר דערציילן. ס׳האָט אונדז גערופן דער שעף. אַן אויסשפּיר־אַפּאַראַט האָט אים אַראָפּגעוואָרפן אַ ידיעה. אין אַזאַ און אַזאַ אָרט — האָט מען אים אינפאָרמירט — געפינט זיך אַ ריזיקע לופט־באַזע. אַ וואָסערע 300 אַעראָ־פּלאַנען, ברענשטאָף און אַ סאַך מאַטעריאַלן. דער שעף האָט אַ דריי געטאָן זײַנע רויטע וואָנצעס און האָט מיר באַפוילן: „גוואַרדיעוו, באַנאַכט, אָן טומל, אָן איין שאָס, מיט דער גאַנצער ווערדע, ווי דו וואָלסט געווען איינער פון זייעריקע, וועסטו זיך דערנענטערן צום אַעראָדראָם און נאָכ־דעם וועסטו מיט אַלע דײַנע מענטשן אַטאַקירן מיט פײַער און שווערד; איידער זיי וועלן זיך אָפּגעבן כעשבן, קער אַלץ איבער מיטן קאָפּ אַראָפּ, קעדיי עס זאָלן אַפילע קיין איין מויז ניט באַוויזן צו אַנטלויפן". די מיסיע איז אָנגעטרויט געוואָרן מיר און אַ צווייטן באַטאַליאָן, וואָס איז אויך געשטעלט געוואָרן אונטער מײַן באַפעל. די הויפּט־קרעפטן זײַנען געגאַנגען מיטן פּריִערדיקן וועג, צו ראָסטאָוו צו. מיר זײַנען אַרויפגע־פאַלן אַף יענעם אַעראָדראָם ווי אַ פוקס אַף אַ הינער־שטאַל. אַלעקסיי, פרײַנט, דו וועסט מיר ניט גלייבן, מיר זײַנען מיטן שאָסיי צוגעקומען ביז צו די סאַמע סטאַרטערס פון סוינע. די דײַטשן האָבן זיך נישט געקימערט וועגן אונדז, זיי האָבן אונדז אָנגענומען פאַר זייערע אייגענע: ס׳איז געווען אינדערפרי, אַ נעפּל, מען האָט גאָרניט געקענט אונטער־שיידן; מען האָט בלויז געהערט דעם גערויש פון די מאָטאָרן און די טראַסקערײַ פון די טאַנקען־קייטן. דערנאָך, האָבן מיר זיך עס אַ וואָרף געטאָן, האָבן מיר עס אַ קלאַפּ געטאָן! נו, נו, אַלעקסיי, האָט זיך עס דאָרט אויפגעהויבן אַ מיש־מאַש! די אַוויאָנען זײַנען געווען אויסגע־שטעלט אין רייען, און מיר, שיסנדיק מיט דורכבראָך־קוילן, האָבן דורכ־געלעכערט ביז 5־6 אַפּאַראַטן מיט איין שאָס.

נאָכדעם האָבן מיר געזען אַז מיר קענען ניט באַווײַזן אַלץ: די מער דרײַסטערע פון מאַנשאַפטן האָבן גענומען אַוועקלאָזן אין גאַנג די מאָ־טאָרן. מיר האָבן דאַן פאַרמאַכט די טורעם־דעקלעך און האָבן זיך אַ וואָרף געמאָן דירעקט אַף די אַוויאָנען, קעדיי צו צעברעכן מיט די טאַנקען זייערע עקן. דאָס זײַנען געווען ריזיקע טראַנספּאָרט־אַוויאָנען. מיר האָבן ניט געקענט דערגרייכן צום מאָטאָר און דערפאַר האָבן מיר זיך געוואָרפן אַף די עקן. אָן אַן עק, פּונקט ווי אָן אַ מאָטאָר, קען מען ניט פליִען. דאַן

איז געקומען מײַן ריי. איך האָב אַרויסגערוקט דעם קאָפּ פֿון טורעמל קעדיי צו זען ווי ס'האַלט. אין יענעם מאָמענט האָט מײַן טאַנק אַרויפֿגעקראַכט אַף אַן אַוויאָן. אַ שטיק פֿליגל האָט מיר אַ קנאַק געטאָן אין קאָפּ. ווען ניט די פֿעלענע קאַסקע, וואָס האָט פֿאַרמינערט דעם קלאַפּ, וואָלט גוואָזדיעוו פֿאַרענדיקט דאָרט זײַנע טעג. דער גאַנצער איניען איז אָבער ניט וויכטיק; בעקאָרעוו גיי איך אַרויס פֿון דאַנען און קער זיך אום צו מײַנע טאַנקיסטן. ס'איז שלעכט בלויז, וואָס אין שפּיטאָל האָט מען מיר, אָן שום צערעמאָניעס, אָפּגעגאָלט די באָרד. נו, זאָל זי גיין צום טײַוול! האַגאַם מיר גייען אַזוי שנעל, מיין איך אַז ביזן סאָף פֿון דער מילכאָמע וועט פֿונדעסטוועגן אָנוואַקסן אַ צווייטע, וואָס וועט פֿאַרדעקן מײַן העסלעכקייט. כאָטש, דו ווייסט, אַלעקסיי? אַניוטאַ האָט זיך, אין אירע בריוו, אָנגעטשעפּעט אָן מײַן באָרד און כ'ווייס ניט פֿאַרוואָס זי האַלט אין איין האָבן טײַנעס צו איר".

דער בריוו איז געווען אַ לאַנגער. גוואָזדיעוו האָט אים, אָן ספֿאָפֿעק, געשריבן קעדיי צו פֿאַרטרײַבן די נודיעניש פֿון שפּיטאָל. צווישן אַנדערע זאַכן, און גאָר צום סאָף, האָט ער געשריבן, אַז אין סטאַלינגראַד, אין סעקטאָר פֿון באַרימטן מאַמײַס קורגאַן, האָבן טאַנקיסטן — וואָס האָבן אין שלאַכט פֿאַרלוירן זייערע מאַשינען און געקעמפּט ווי פֿוסגייער, וואַרטנדיק אַף נײַע טאַנקען — אָנגעטראָפֿן זיך מיט סטיעפּאַן איוואַנאָוויטשן. דער אַלטער האָט זיך צוגעלערנט און איז איצט אַן אונטעראָפֿיציר, וואָס פֿירט אָן מיט אַ סעקציע אַנטיטאַנק־ביקסן. ער האָט פֿונדעסטוועגן ניט פֿאַרלוירן זײַנע געוווינהײַטן פֿון אַ „סנײַפּער". דער אונטערשייד איז וואָס איצט גיט ער זיך אָפּ, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, מיט אַ גרעסערן סאָרט יאַגד. ער קוואַפּעט זיך שוין ניט אַף אַ נאַרישן פֿריץ, וואָס גייט אַרויס פֿון דער טראַנשייע אַ וואַרעם טאָן זיך אַף דער זון, נאָר אַף אַ דײַטשישן טאַנק, — אַף אַ ספּריטנער און שטאַרקער מאַשין. ווי פֿריִער, האָט דער אַלטער אויך איצט אָנגעווענדט זײַנע דריידלעך פֿון אַ סיבירישן יעגער, זײַן שטיינערנע געדולד, זײַן ווידערשטאַנדפֿעיִקייט און די פּרעציזקייט פֿון זײַן שאָס. באַם באַגעגענען זיך האָבן גוואָזדיעוו און דער יעגער אויסגעטרונגען אַ מאַנאַשקע האַלב־איבערגעפֿירטן דײַטשישן ווײַן, וואָס דער פֿאָרויסזעעוודיקער סטיעפּאַן איוואַנאָוויטש האָט צוגענומען באַם סוינע. זיי האָבן דערמאָנט אַלע פֿרײַנט, און דער אַלטער האָט געשיקט מערעסיעוון זײַנע רעספּעקטפֿולסטע גרוסן. ער האָט זיי ביידן פֿאַרבעטן, אויב זיי וועלן בלײַבן לעבן, צו קומען נאָך דער מילכאָמע אין זײַן קאָלכאָז און צו פֿאַרברענגען דאָרט אַ שטיקל צײַט, כאַפּנדיק וועווערקעס און ווילדע קאַטשקעס.

דער בריוו האָט מערעסיעוון פֿאַרשאַפֿט סײַ פֿרייד און סײַ מעלאַנכאָליע. אַלע זײַנע פֿרײַנט פֿון זאַל 42 קעמפֿן שוין זינט אַ לענגערער צײַט. ווו געפֿינען זיך איצט גוואָזדיעוו און דער אַלטער סטיעפּאַן איוואַ־

נאָוויטש? וואָס האָט פּאַסירט מיט זיי? אין וועלכע געגנטן זײַנען זיי פאַרטראָגן געוואָרן דורך די מילכאָמע-ווינטן? לעבן זיי? ווו איז ער-גער אָלגאַ?

און ער האָט זיך דערמאָנט אין די ווערטער פונעם קאָמיסאַר וואָראָ-ביאָוו וועגן די מילכאָמע-בריוו, וואָס זײַנען אַזוי ווי די שטראַלן פון אויסגעלאָשענע שטערן. אַ שטערן קען שוין האָבן לאַנג אויסגעלאָשן גע-וואָרן, אָבער זײַנע פרייליכע און שימערירנדיקע שטראַלן בויערן נאָך אַלץ דורך אַ לאַנגע צײַט די רוימען און ברענגען צו טראָגן דאָס גלעטנ-דיקע ליכט פון אַ הימל-קערפּער וואָס עקזיסטירט שוין ניט.

# פערטער טייל

## .1

אין אַ הייסן זומער־טאָג פון יאָר 1943 איז אַן אַלטער, צעטראַסקעטער קאַמיאָן געפאָרן צום פראָנט. ער האָט זיך שטאַרק געטרייסלט און געשפרונגען איבער די גריבער פון וועג, — אַ וועג, וואָס די טראַנספּאָרט־אָפּטיילונגען פון דער אָנגרײַפנדיקער רויטער אַרמיי האָבן דורכגעלייגט דורך אַ פאַרלאָזענעם פעלד, אַ באַדעקטן מיט רויטלעכן ווילדגראָז. אַף די זײַטן פון אָפּגענוצטן און פאַרשטויבטן קאַמיאָן־קאַסטן האָט מען קוים געקענט אונטערשיידן אַ פּאָר ווײַסע שטרײַפן און די אויפשריפט „פעלד־פּאָסט". פון אונטער די רעדער האָט זיך אויפגעהויבן אַ ריזיקער גראָער וואָלקן און הינטערן קאַמיאָן איז איבערגעבליבן אַ שטויבעק, וואָס האָט זיך לאַנגזאַם צעשפּרייט אין דער שטיקנדיקער, רויִקער לופט.

אין קאַמיאָן־קאַסטן, וואָס איז פול געווען מיט קאָרעספּאָנדענץ־זעק, זײַנען אַף פּעק פרישע צײַטונגען געזעסן צוויי מיליטערלײַט אין זומערדיקע גימנאַסטיאָרקעס און אין היטלען פון העל־בלאָע קענטלעך; זיי האָבן זיך געהעצקעט און געטרייסלט צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַסע פון קאַמיאָן. דער יִינגסטער פון זיי, אַ דינער, שלאַנקער און בלאָנדער באָכער, איז, לויט זײַנע נײַע, אָנגעצויגענע עפּאָלעטן, געווען אַ סערזשאַנט פון דער אַוויאַציע. ער האָט געהאַט אַ פרויאיש־דעליקאַטן פּאָנעם, אַז דאָס בלוט האָט זיך אַזש דורכגעלויכטן דורך זײַן ווײַסער הויט. ער האָט אויסגעזען אַ יאָר 19. האַגאַם ער האָט זיך מיט אַלע מיטלען באַמיט אויסצוזען ווי אַ וועטעראַן —ער האָט געשפּיגן פון אונטערן שנײַדצאָן, האָט זיך בייז געוווערטלט מיט אַ הייזעריקער שטים, האָט געדרייט ציגאַרעטלעך די גרעב פון אַ פינגער און האָט זיך געמאַכט אַז ער איז גלײַכגילטיק צו אַלץ— איז אָבער קלאָר געווען אַז ער פאָרט אַפן פראָנט צום ערשטן מאָל און אַז ער איז שטאַרק עמאָציאָנירט.

אַלץ וואָס ער האָט באַגעגנט אַפן וועג האָט אים איבערראַשט; אַלץ

האָט אים אויסגעוויזן אינטערעסאַנט, באַדײַטונגפֿול און וויכטיק: אַ צעשטערטער האַרמאַט וואָס איז געווען אײַנגעגראָבן אין דער ערד, האַרט באַם וועג; אַ סאָוועטישער טאַנק באַדעקט מיט ווילדגראָז ביזן טורעמל; די צעוואָרפֿענע רעשטלעך פֿון אַ דײַטשישן טאַנק, וואָס איז, קענטיק, דירעקט געטראָפֿן געוואָרן דורך אַן אוויאַציע־באָמבע; די סנאַריאַדן־גריבער, וואָס זײַנען שוין געווען פֿאַרוואַקסן מיט גראָז; די בערגלעך אויסגעגראָבענע אַנטיטאַנק־מינעס; די בעריאָזע־קרייצן פֿון אַ דײַטשישן בייסאוילעם, וואָס האָבן זיך געזען פֿון ווײַטן אין גראָז; די סימאָנים פֿון געוועזענע שלאַכטן, וואָס מען האָט קוים געקענט באַמערקן.

אין זײַן רײַזע־כאַווער, דעם לייטענאַנט, האָט מען גלײַך און אָן שום ספֿק געקענט דערקענען אַ געניטן קעמפֿער. אויפֿן ערשטן קוק האָט ער אויסגעזען אַ יאָר 23-24. ווען מען האָט זיך אָבער צוגעקוקט צו זײַן אָפּגעברענטן, שאַרסטיקן פּנים, צו די קנייטשן אויפֿן שטערן, אַרום די אויגן און אין די ליפּן־ווינקלען, צו די פֿאַרטראַכטע און מידע אויגן, האָט מען אים דרײַסט געקענט צוגעבן נאָך אַ צען יאָר. זײַן בליק האָט זיך גלײַכגילטיק געגליטשט איבערן פּייזאַזש. עס האָבן אים ניט איבערראַשט: ניט די פֿאַרזשאַווערטע, צעבראָכענע און אויסגעבויגענע רעשטלעך פֿון קריגס־מאַטעריאַל, וואָס האָבן זיך געזען אַרום און אַרום; ניט די טויטע גאַסן פֿון אונטערגעצונדענעם דאָרף דורך וועלכן ס'איז דורכגעפֿאָרן דער קאַמיאָן און אַפֿילו ניט די שיראַיִם פֿון אַ סאָוועטישן אַוויאָן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גראָ בערגל צעקוועטשט אַלומיניום. דער מאָטאָר פֿון אַוויאָן האָט זיך געוואַלגערט אין אַ זײַט און אַ שטיק עק מיטן רויטן שטערן און מיט אַ נומער — אין אַ צווייטער זײַט. דער ייִנגערער איז אויפֿגעטרייסלט געוואָרן פֿון דאָזיקן בילד און ס'איז אים אַזש דאָס בלוט אַרײַן אין פּנים.

זיצנדיק באַקוועם אַף די צײַטונג־פּעק, האָט דער אָפֿיציר געדרעמלט. ער האָט אָנגעשפּאַרט זײַן גאָמבע אויפֿן הענטל פֿון אַ שווערן, שוואַרצהאָלצענעם שטעקן, וואָס איז געווען באַצירט מיט גאָלד־מאָנאָגראַמען. פֿון צײַט צו צײַט, פֿלעגט ער זיך אַזוי ווי אויסטשוכען, אַ קוק טאָן אַרום און אַרום מיט אַ פּנים פֿון אַ גליקלעכן מענטשן און טיף אַרײַנאָטעמען אין זיך די וואַרעמע סטעפּ־לופֿט. ווען ער האָט, אָבער, פֿון איין זײַט וועג, איבערן יאַם פֿון רויטלעכן ווילדגראָז, אַנטדעקט אין דער ווײַטקייט, צוויי קליינינקע, קוים־באַמערקלעכע פּאַסיקלעך, אין וועלכע מען האָט, נאָך אַ גענויען אָבסערווירן, געקענט דערקענען צוויי אַוויאָנען, וואָס זײַנען געפֿלויגן פּאַמעלעך און אַזוי ווי נאָכגעיאָגט איינער דעם צווייטן, האָט ער מיטאַמאָל אויפֿגעלעבט. די אויגן האָבן בײַ אים גענומען פֿינקלען, די נאָז־לעפֿלען האָבן זיך פֿונאַנדערגעשפּרייט און, ניט אָפּרײַסנדיק דעם בליק פֿון די צוויי קוים־באַמערקלעכע פּאַסיקלעך, האָט ער מיט דער דלאָניע גענומען קלאַפּן אין דעכל פֿון דער קאַבינע:

— אוויאַנען ! פאַרט אראָפּ פון וועג !

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און באַטראַכטנדיק מיט אַ געניט אויג די אומגעגנט האָט ער מיט דער האַנט אָנגעוויזן דעם שאָפער אַף אַ ליי־מיקן געלעגער פון אַ טײַכל, וואָס איז געווען פאַרוואַקסן מיט גראָלעך־גאָלדיקע געוויקסן.

דער יונגערער האָט מײַסע־קענער אונטערגעשמייכלט. די אוויאַנען זײַנען געווען ווײַט און ס'האָט אויסגעזען אַז עס אינטערעסירט זיי אינ־גאַנצן ניט דער איינזאַמער קאַמיאָן, וואָס לאָזט הינטער זיך אַ שטויב־זײַל איבערן אומעטיקן און וויסטן פעלד. איידער ער האָט נאָך, אָבער, געהאַט צײַט צו פּראָטעסטירן, האָט שוין דער קאַמיאָן באַוויזן אַראָפּצופאָרן פון וועג און האָט זיך שנעל געטראָגן צום טײַך־געלעגער.

דער לייטענאַנט איז גלײַך אַראָפּגעשפּרונגען, האָט זיך אַראָפּגעזעצט אינעם גראָז און האָט אויפמערקזאַם גענומען קוקן אַפן וועג.

— נו, צו וואָס איז עס אַלץ ?... האָט אָנגעהויבן פרעגן דער יונגע־רער, קוקנדיק שפּאָטיש אַפן לייטענאַנט.

אין יענעם מאָמענט האָט זיך דער לייטענאַנט אַ וואָרף געטאָן אין גראָז, אויסשרײַענדיק מיט פּוריע :

— צי זיך אוים !

און באַלד האָט זיך דערהערט דאָס שטאַרקע כריפּערײַ פון מאָטאָרן. צוויי גרויסע שאָטנס, וואָס האָבן אויפגעציטערט די לופט און אָנגע־מאַכט אַ מוירעדיקן גערודער, האָבן זיך שנעל פאַרבײַגעטראָגן איבער זייערע קעפּ. אויך דאָס איז דעם יונגערן ניט אויסגעקומען שרעקלעך : „איינפאַכע אוויאָנען ; אונדזערע מיט דער גאַנצער זיכערקייט". מיט־אַמאָל האָט ער דערזען אַז אַ קאַמיאָן — וואָס איז שוין זינט אַ לענגערער צײַט געלעגן אַן איבערגעקערטער און צעטראַסקעטער באַם ראַנד פון וועג— האָט זיך באַדעקט מיט רויך און האָט אָנגעהויבן ברענען.

— זיי זײַנען אונדז מעכאַבעד מיט צינד־באָמבעס —האָט געזאָגט אַ שמייכלענדיקער דער שאָפער, קוקנדיק אַפן קאַמיאָן־קאַסטן, וואָס איז געווען דורכגעלעכערט דורך אַ סנאַריאַד און אײַנגעוויקלט אין פלאַמען—. זיי יאָגן זיך נאָך אויטאָמאָבילן.

— יאַגדלער —האָט באַשטעטיקט רויק דער לייטענאַנט—, אײַנ־מאַשטשענדיק זיך באַקוועמער אינעם גראָז. מען דאַרף צוואַרטן, זיי וועלן זיך באַלד אומקערן. זיי זײַנען בוידעק די וועגן. פיר אַוועק, פרײַנט, דעם קאַמיאָן נאָך ווײַטער ; לאָמיר זאָגן — אונטער יענער בעריאָזע.

ער האָט עס געזאָגט מיט אַזויפיל גלײַכגילטיקייט און זיכערקייט, פונקט ווי די דײַטשישע פּילאָטן וואָלטן אים דערציילט וואָס זיי רעכענען צו טאָן. אין קאַמיאָן איז מיטגעפאָרן אַ מיידל : די מיליטערישע פּאָסט־טרעגערן. אַ בלייכע, מיט אַ לײַכטן שרעק־שמייכל אַף די פאַרזאָמדיקטע ליפּן, האָט זי מיט אומצוטרוי געקוקט אַפן רויקן הימל, ווו עס האָבן זיך

שנעל געטראָגן קלאָרע און ליכטיקע זומער־וואָלקנדלעך. דער סערזשאַנט, האַגאַם ער איז געווען זייער צעטומלט, האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ טאָן פון אומצופרידנקייט:

— דאָס בעסטע וואָלט געווען ווײַטער פאָרן. צו וואָס פאַרלירן צײַט? ווער עס דאַרף אומקומען אױף דער טליִע, וועט ניט דערטרונקען ווערן.

דער לייטענאַנט האָט רוּיִק אַ ביס געטאָן עטלעכע גרעזלעך, האָט אַ קוק געטאָן מיט זײַנע שוואַרצע, שטרענגע אויגן, אין וועלכע ס׳האָט אַ פינקל געטאָן אַ קוים־באַמערקלעכע, צערטלעכע איראָניע, און האָט געזאָגט:

— דער דאָזיקער שפּריכוואָרט, פרײַנט, איז אַ נאַרישקייט און פאַר־געם אים איידער ס׳ווערט שפּעט. אויסער דעם, כאָווער סערזשאַנט, דאַרף מען אָפּן פראָנט פאָלגן די עלטערע. אויב זיי באַפעלן „אויסצוּען זיך", דאַרף מען עס טאָן.

ער האָט געפונען אין גראָז אַ זאַפטיקן שטענגל, האָט, מיט די נעגל, אַראָפּגעריסן פון אים די האַרטע הויט און האָט אים געשמאַק געגומען קײַען. מען האָט ווידער דערהערט דעם גערכיפ פון די מאָטאָרן. זייער נידעריק און וויגנדיק זיך פון איין פליגל אָפּן צווייטן זײַנען די פרוּער־דיקע צוויי אַוויאָנען דורכגעפלויגן איבערן וועג. זיי זײַנען געפלויגן אַזוי נידעריק אַז מען האָט קלאָר געקענט אונטערשיידן די געלבלעכע פאַרב פון זייערע פליגל, דעם שוואַרץ־ווײַסן קרייץ און אַפילו די טויז פיק, וואָס איז געווען אָנגעצייכנט אָפּן קאָרפּוס פון נעגטערן אַוויאָן. דער לײַ־טענאַנט האָט אויסגעריסן רוּיִק עטלעכע גרעזלעך, האָט אַ קוק געטאָן אָפּן זייגער און האָט באַפוילן דעם שאָפער:

— געגאַנגען! איצט קען מען שוין, אָבער דערלאַנג פאַרע, פרײַנט; לאָמיר זיך וואָס שנעלער דערווײַטערן פון דאָזיקן אָרט.

דער שאָפער האָט אַ דריק געטאָן דעם אויטאָ־הילכער און די פּאָסט־טראַגערן איז אַרויסגעלאָפן פון איר באַהעלטעניש. זי האָט געהאַלטן עט־לעכע ראָזלעכע טרוסקאַווקעס, וואָס זײַנען נאָך געהאַנגען אױף זייערע שטענגלעך. זי האָט זיי אָפּגעגעבן דעם לייטענאַנט.

— זיי ווערן שוין רײַף... דער זומער האָט זיך אָנגערוקט און מיר האָבן זיך ניט אָפּגעגעבן קיין כעשבן — האָט ער געזאָגט, אַ שמעק טוענ־דיק די טרוסקאַווקעס און אַרײַנשטעקנדיק זיי אין אַ קנאָפּ־לעכל פון זײַן גימנאַסטיאָרקע, פונקט ווי זיי וואָלטן געווען בלומען.

— פון וואַנען ווייסט איר אַז זיי וועלן זיך מער ניט אומקערן און אַז איצט קענען מיר ווײַטער פאָרן? — האָט געפרעגט דער סערזשאַנט דעם לייטענאַנט, וואָס האָט ווידער געשוויגן, וויגנדיק זיך צום טאַקט פון שפּרינגענדיקן און האָפּקענדיקן קאַמיאָן.

— ס׳איז אַן איינפאַכע זאַך. דאָס זײַנען „מעסערס", „מע־109".

זיי פירן מיט מיט זיך נאָפּט אַף בלויז 45 מינוט. די דאָזיקע צײַט איז שוין פאַרלאָפן און איצט פליִען זיי נאָך פרישער נאָפּט.

ער האָט געמאַכט די דאָזיקע דערקלערונג גלײַכגילטיק, ווי ער וואָלט זיך געוווּנדערט וואָס מען ווייס ניט אַזוינע איינפאַכע זאַכן. דער סער־זשאַנט האָט גענומען אויפמערקזאַם באַטראַכטן דעם הימל. ער האָט גע־וואָלט דער ערשטער באַמערקן די „מעסערס". די לופט איז אָבער געווען אַזוי ריין און אַזוי געדיכט אָנגעזאַפּט מיטן דופט פון שעפעדיקן גראָז־צוויט, מיטן רייעך פון שטויב און פון איבערגעוואַרעמטער ערד; די גראָז־שפּרינגערס האָבן אַזוי שטאַרק און פריילעך געגרילצט; די פייגעלעך האָבן אַזוי מעלאָדיש געצוויטשערט און געטרעלט, אַז ער האָט זיך פאַר־געסן אין דער געפאַר פון די דײַטשישע אַוויאָנען און האָט אָנגעהויבן זינגען, מיט אַן אָנגענעמער, דינער שטים, דאָס ליד פונעם קעמפער וואָס בענקט אין די טראַנשייען נאָך זײַן ווײַטער געליבטער. דאָס דאָזיקע ליד איז דאַן, אָפן פראָנט, שטאַרק געווען אין דער מאָדע.

— צי קענסטו דאָס ליד פון דער ראַבינע? —האָט אים מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן זײַן כאַווער.

דער יונגערמאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַף יאָ און האָט פאַרצויגן דאָס אַלטע ליד. דאָס מידע און פאַרשטויבטע פּנים פון לייַ־טענאַנט איז געוואָרן מעלאַנכאָליש.

— ניט אַזוי זינגט מען עס, ברודערקע. ס'איז ניט סתּם אַ לידל, נאָר אַן עמעס ליד. מען דאַרף עס זינגען מיטן גאַנצן האַרצן —און ער האָט אַליין גענומען זינגען, מיט אַ האַלבער שטים, זייער נידעריק, אָבער גוט מאָדולירט.

דער קאַמיאָן האָט אַ ווײַל פאַרקלענערט זײַן גיכקייט און פון קאַ־בינע איז אַרויסגעשפּרונגען דאָס פּאָסט־מיידל. דער קאַמיאָן האָט זיך ניט אָפּגעהאַלטן, אָבער זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פלינק אָן די פאַרענ־טשעס פון הינטערשטן קאַסטן, האָט זיך אָנגעשפּאַרט אַף די אָרעמס, האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט און איז אַרײַנגעפאַלן אין קאַסטן. מעכטיקע און פרײַנטלעכע הענט האָבן זי אויפגעהויבן.

— כ'וויל זײַן מיט אײַך; כ'האָב געהערט ווי איר זינגט...

אונטער דער באַגלייטונג פון דער קאַמיאָן־טראַסקערײַ און פון קריק־קריק פון די גראָז־שפּרינגערס, האָבן זיי געזונגען אַלע דרײַ אינייִנעם.

דער יונגערמאַן האָט זיך צעוואַרעמט. ער האָט אַרויסגענומען פון רוק־זאַק אַ גרויסע האַרמאָשקע; אַ ווײַל האָט ער געשפּילט אַף איר און אַ ווײַל דיריזשירט מיט איר ווי מיט אַ דיריזשאָר־שטעקל. איבערן טרויע־ריקן און פאַרלאָזענעם פראָנט־וועג —וואָס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט מיט איין שמיץ אַרײַנגעשמיסן געוואָרן צווישן דאָזיקן ברייט־צעוואַק־סענעם, פאַרשטויבטן ווילדגראָז— האָט דאָס אומעטיקע ליד געהילכט אַזוי אַלט און אַזוי נײַ ווי די דאָזיקע פאַרשמאַכטע פעלדער, ווי די נאָכ־

אַנאַנדיקע גרילצערײַ פון די שפּרינגערס אין וואַרעמען, דופּטיקן גראָז, ווי דאָס טרעלן פון די פייגעלעך איבערן זומערדיקן הימל, ווי דער הויכער און אומענדלעכער הימל גופא.

זיי זײַנען אַזוי שטאַרק פאַרטאָן געווען אינעם ליד, אַז זיי זײַנען שיר ניט אַרויסגעפאַלן פון קאַמיאָן, ווען דער שאָפער האָט אַ האַסטיקן טאָרמאָזיר געטאָן. דער קאַמיאָן איז געבליבן שטיין אינמיטן וועג. אין גראָבן איז געלעגן, אַן איבערגעדרייטער מיט די שטוביקע רעדער אַרויף, אַ צעשטיקלטער קאַמיאָן פון דרײַ טאָן. דער יונגער סערזשאַנט איז בלייך געוואָרן. דער לייטענאַנט, אָבער, איז שנעל אַריבערגעשפּרונגען איבערן פאַרענטש און האָט אַוועקגעאײַלט צום איבערגעקערטן קאַמיאָן. ער האָט זיך באַוועגט מיט אַ מאָדנעם גאַנג, עפּעס אַזוי ווי אונטערטאַנצנדיק מיט צופיל פונאַנדערגעשפּרייטע פיס. אין איין מאָמענט האָט דער שאָפער אַרויסגעצויגן פון דער צוגעפּלעטשטער קאַבינע דעם פאַרבלוטיקטן קערפּער פון אַן אַדמיניסטראַציע־קאַפּיטאַן. זײַן פּאָנעם וואָס איז פול געווען מיט ווונדן און ראַצן — ער האָט זיך קענטיק אַ קלאַפּ געטאָן מיטן גלאָז — האָט געהאַט דעם קאָליר פונעם וועג־שטויב. דער לייטענאַנט האָט עטוואָס אויפגעהויבן איינס פון זײַנע צוגעשלאָסענע אויגן־לעדלעך:

— דער איז פאַרטיק — האָט ער געזאָגט, אויסטוענדיק דאָס היטל —. איז פאַראַן נאָך עמעץ? .

— יאָ, דער שאָפער.

— וואָס שטייט איר דאָרט ווי אַ סטאַטוע? העלפט אונדז! — האָט דער לייטענאַנט אַ געשריי געטאָן צום יונגנמאַן, וואָס איז געשטאַנען אַ צעשטרײַטער און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן —. איר האָט קיינמאָל ניט געזען קיין בלוט? געוווינט זיך צו, ס'וועט אײַך אויסקומען צו זען... אָט האָט איר דעם רעזולטאַט פון דער אַרבעט פון די יאַגדלער.

דער שאָפער האָט געלעבט. ער האָט שטיל געקרעכצט, ניט עפּענענדיק די אויגן. ס'האָט זיך ניט געמערקט אַז ער זאָל זײַן פאַרוווּנדיקט, אָבער ס'איז קלאָר געווען אַז ווען דער קאַמיאָן, אַ געטראָפענער פון דער באָמבע, איז מיט דער גאַנצער שנעלקייט אַרײַן אין גראָבן, האָט אים דער רודער אַ מעכטיקן קלאַפּ געטאָן אין ברוסט און די אײַנגעפּלעטשטע קאַבינע האָט אים, פון איר זײַט, צוגעדריקט. דער לייטענאַנט האָט פאַראָרדנט אַרויפהויבן אים אַפן קאַמיאָן. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם פאַרוווּנדיקטן אַף זײַן נײַעם, עלעגאַנטן, נאָך־ניט־געניצטן שינעל, וואָס איז געווען אײַנגעוויקלט אין אַ שטיקל לײַוונט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן דיל פון קאַמיאָן און האָט אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ פון פאַרוווּנדיקטן אַף זײַנע קני.

— מיט דער גרעסטער שנעלקייט! — האָט ער פאַראָרדנט דעם שאָפער.

אונטערהאַלטנדיק דעם קאָפּ פון פּאַרוווּנדיקטן, האָט ער אַ שמייכל געטאָן, דערמאָנענדיק זיך אין עפּעס אינטימס, ווײַטס.

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך ווען דער קאַמיאָן איז אַרײַנגעפאָרן אין דערפל; אַ געניט אויג האָט גלײַך געקענט באַמערקן אַז דאָרט גע־פינט זיך אַ קאָמאַנדע־פּונקט פון אַ לופט־אייגנהײַט. אויף די פאַרשטויבטע צווײַגן פון די ווילדע פלוימען־ביימער, איבער די דינע עפּל־ביימער פון די גערטנדלעך, אויף די גראָע אסווירן פון די ברונעמער און אויף די סלופּעס פון די פּאַרקנס זײַנען געווען אָנגעצויגן קאַבלען. צווישן די שטיבלעך, אונטער אַ דאַך פון שטרוי, ווו ס'פלעגן זיך געוויינלעך געפינען פויערשע פורן, אַקערס און באַראָנעס, האָבן זיך איצט געפונען עטלעכע צעבויגענע אויטאָס פון דער מאַרקע „עמ־ו" און „ווילים". דאָ און דאָרט, האָבן זיך, הינטער די פאַרשמוצטע שײַבלעך פון די קליינע פענצטער, אַרויסגעזען מיליטערלײַט מיט העל־בלויע קענטלעך אויף זייערע היטלען און עס האָבן געקלאַפּט שרײַב־מאַשינקעס; פון איינעם פון די הײַזלעך, ווו עס איז זיך צונויפגעקומען דאָס גאַנצע קאַבל־שפּינוועבס, האָט זיך געהערט דאָס ריטמישע פּיקן פון אַ טעלעגראַפישן אַפּאַראַט.

דאָס דערפל, אַ דערווײַטערטס פון אַלע וויכטיקע וועגן, האָט אויס־געזען ווי אַן אָאַזיס אינמיטן פון אומעטיקן ווילדגראָז־מידבער און האָט געזאָגט איידעס ווי גוט און ווי פרײַ מען האָט דאָרט געלעבט איידער די דײַטשן זײַנען אָנגעקומען. אפילו דער קליינער באַסיין, וואָס איז געווען באַדעקט מיט געלבלעכע וואַסער־לינדזן, איז פול געווען ביז אויבן. ער האָט געגלאַנצט ווי אַ טונקעלער פלעק אין שאָטן פון אַלטע ווערבעס. עפּענענדיק זיך אַ וועג צווישן דעם געפּלאָנטער פון די וואַסער־לינדזן זײַנען געשווומען אין אים צוויי שניי־ווײַסע, רויטשנאָבלדיקע גענדז, וואָס האָבן זיך געפּוצט און אַרומגעשטיפּט אַפן וואַסער.

דער פּאַרוווּנדיקטער איז אַרײַנגעבראַכט געוואָרן אין אַן איזבע, אויף וועלכער ס'האָט געפלאַטערט אַ פענדל פון רויטן קרייץ. נאָכדעם האָט זיך דער קאַמיאָן שנעל דורכגעטראָגן דורכן דערפל און האָט זיך אָפּגע־שטעלט לעבן שיינעם ביניענדל פון דער דאָרף־שול. לויט דער גרויסער צאָל טעלעפאָן־דראָטן וואָס זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין אַ צעבראָכן פענצ־טערל און לויטן וואַך־סאָלדאַט מיטן אויטאָמאַטישן ביקס וואָס איז אים אַראָפּגעהאָנגען פון האַלדז, האָט מען זיך געקענט אָנשטויסן אַז דאָרט האָט זיך געפונען דער גענעראַל־שטאַב.

— כ'דאַרף זען דעם שעף פון פּאָלק — האָט געזאָגט דער לייטע־נאַנט צום דיזשור־אָפיציר, וואָס האָט זיך אין יענעם מאָמענט, באַם אָפענעם פענצטער, געבראָכן דעם קאָפּ אויף אַ קרייץ־רעטעניש פון זשורנאַל „קראַסנאָאַרמייעץ".

דער יונגערמאַן האָט באַמערקט אַז דער לייטענאַנט, איידער ער איז אַרײַן אין גענעראַל־שטאַב, האָט מיט אַ מעכאַנישער באַוועגונג אָנ־

געצויגן זײַן גימנאַסטיאָרקע, אויסגעגלײַכט די קנייטשן אונטערן פּאַס און פאַרשפּיליעט די קנעפּלעך פון קאָלנער. ער האָט גלײַך אים נאָכ־געטאָן. איצט האָט ער זיך באַמיט נאָכצוטאָן אין אַלץ זײַן לאַקאָנישן רײַזע־כאַווער וואָס איז אים אַזוי געפעלן געוואָרן.

— דער פּאָלקאָווניק איז פאַרנומען—האָט געענטפערט דער דיזשור־אָפיציר.

— זאָגט אים אַז כ'האָב געבראַכט אַ דרינגענדיקן דאָקומענט פון דער פּערסאָנאַל־סעקציע פון לופטאַרמייאישן גענעראַל־שטאַב.

— וואַרט צו, ער רעדט מיט דער מאַנשאַפט פון אַן אויסשפּיר־אַפּאַראַט. ער האָט באַפוילן אַז מען זאָל אים ניט שטערן. זעצט זיך צו אין גערטנדל.

דער דיזשור־אָפיציר האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין דער קרייץ־רעטעניש. די אָקערשט־אָנגעקומענע זײַנען אַרויס אין גערטנדל און האָבן זיך צוגעזעצט אַף אַן אַלטן באַנק, אַנטקעגן אַ בלומען־בייט, וואָס איז זאָרגעוודיק געווען אַרומגעלייגט מיט ציגל און וואָס איז איצט געווען פאַרלאָזן און פאַרוואַקסן מיט גראָז. אַפן דאָזיקן באַנק פלעגט זיך מיס־טאָמע, אין די רויִקע זומער־נעכט, זעצן אָפּרוען די אַלטע לערערקע. דורך אַ ברייט־צעעפנטן פענצטער האָבן זיך קלאָר געהערט צוויי שטימען. איי־נע אַ הייזעריקע, האָט האַסטיק איבערגעגעבן:

— אַף די דאָזיקע וועגן, אין דער ריכטונג פון באָלשאָיע גאָראָ־כאָווא און פון קרעסטאָוואָזדוויזשענסקער בייס־אוילעם, איז פאַראַן אַ גרוי־סע באַוועגונג פון געדיכטע קאָלאָנעס קאַמיאָנען און אַלע שפּאַרן זיי אין איין ריכטונג — צום פראָנט. און דאָ, האַרט באַם בייס־אוילעם, אינמיטן טאָל, זײַנען פאַראַן קאַמיאָנען אָדער טאַנקען... מיר דוכט אַז ס'האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרויסע איינהײַט.

— פאַרוואָס דוכט זיך דיר אַזוי?

— ווײַל מען האָט אונדז מעכאַבעד געווען מיט אַ שטאַרקן באַריער־פײַער. מיר האָבן זיך קוים אַרויסגעדרייט. נעכטן איז גאָרניט געווען; ס'האָבן זיך בלויז גערייכערט עטלעכע קיכן. כ'האָב זיך דורכגעטראָגן סאַמע איבער דעכער און האָב זיי באַשאָסן קעדיי אָנצושרעקן זיי. הײַנט אָבער, וואָלט איך וועלן זען דעם באַלן וואָס זאָל זיך קענען דערנענטערן אַהין! נו, נו, אַ פײַערל!... ס'איז קלאָר אַז זיי באַוועגן זיך צום פראָנט.

— און אין קוואַדראַטל "Z"?

— אויך דאָרט איז פאַראַן אַ באַוועגונג, אָבער אַ שוואַכערע. אָט־דאָ, גאָנט פון וועלדל, האָב איך געזען אַ גרויסע, באַוועגלעכע טאַנקען־קאָלאָנע. אַ וואָסערע הונדערט שטיק. זיי זײַנען אויסגעצויגן טרעפּאַרטיק, אַף אַ שעטעך פון וואָסערע פינף קילאָמעטער און זיי באַוועגן זיך באַ־טאָג, אָן שום קאַמופלאַזש. מעגלעך, אַז ס'איז אַ פאַלשע באַוועגונג... אָט־דאָ, אָט־דאָ און דאָרט האָבן מיר אָנגעטראָפן אַרטילעריע. עס זײַנען

אויך פאַראַן אַמוניציע־לאַגערן, וואָס זײַנען אײַנגעלייגט ווי האָלץ־שטויסן... די לאַגערן זײַנען גרויסע.

— דאָס איז אַלץ?

— אַלץ, כאַווער פּאָלקאָווניק. זאָל איך צושטעלן אַ שריפטלעכן באַריכט?

— וואָס פאַרא באַריכטן און וואָס פאַרא שמאַריכטן! די מינוט צו דער אַרמיי. אינפאָרמיר! ווייסטו וואָס דאָס באַטײַט? העי, דיזשור־אָפיציר, מײַן „ווילים": שיקט צום קאַפּיטאַן פון לופטאַרמייאישן גענע־ראַל־שטאַב!

די ביוראָ פון פּאָלק־שעף האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן קלאַס־צימער. די ווענט פון צימער זײַנען געווען פון בערוועמעס און אינעוויייניק, אין צימער, האָט זיך געפונען בלויז אַ טיש. אַפן טיש — די לעדערנע פּוטליאַרן פון די טעלעפאָנען און אַ גרויסע מאַפּע מיט אַ רויטן בלײַער. דער פּאָלקאָווניק —אַ קליינוווקסיקער, אַ באַוועגלעכער און אַ פעסטער— האָט אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער, לענגאויס די ווענט, מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטער. פּאַרטאָן אין זײַנע גערדאַנקען, איז ער צוויי מאָל פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ די אויסגעצויגענע אוויאַטאָרן; נאָכדעם האָט ער זיך האַסטיק אָפּגעשטעלט אַנטקעגן זיי און פאַרשעריש אויפגעהויבן זײַן מאָגערן, ענערגישן פּאָנעם.

— עס מעלדעט זיך צו אײַך דער לייטענאַנט אַלעקסיי מערעסיעוו —האָט אינפאָרמירט דער טונקעלער אָפיציר, געבנדיק אַ שטאַרקן קנאַק מיט די קנאַפּל—. צו אײַער באַפעל!

— סערזשאַנט אַלעקסאַנדר פּעטראָוו —האָט זיך געמאָלדן דער יונ־גערמאַן, באַמיִענדיק זיך אויסצוציִען נאָך שטײַפער און געבנדיק נאָך אַ שטאַרקערן קנאַק מיט די קנאַפּל פון זײַנע סאָלדאַטישע שטיוול.

— פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו, פּאָלק־שעף. די פּאַפּירן?

מערעסיעוו האָט מיט אַ פּרעציזער באַוועגונג אַרויסגעצויגן פון זײַן פּלאַן־פּוטליאַר די פּאַפּירן און האָט זיי דערלאַנגט דעם פּאָלקאָווניק. דער שעף האָט אַרײַנגעקוקט אין די פּאַפּירן און האָט באַטראַכט מיט אַ שנעלן בליק די אָקערשט־אָנגעקומענע.

— גוט, איר קומט צו דער צײַט. פאַרוואָס, אָבער, שיקט מען אַזוי ווייניק? —נאָכדעם האָט ער זיך דערמאָנט אין עפּעס און אויף זײַן פּאַ־נעם האָט זיך באַוויזן אַן אויסדרוק פון שטוינונג—. דערלויבט, איר זײַט עס מערעסיעוו? דער שעף פון אַרמייאישן גענעראַל־שטאַב האָט צו מיר גערעדט וועגן אײַך טעלעפאָניש. ער האָט מיר געוואָרנט אַז איר...

— דאָס האָט קיין שום באַדײַטונג ניט, כאַווער פּאָלקאָווניק —האָט אים ניט זייער העפלעך איבערגעריסן מערעסיעוו—. איר דערלויבט מיר אַז איך זאָל גלײַך אַרײַן אין דינסט?

דער פּאָלקאָווניק האָט גײַגעריק אַ קוק געטאָן אױפֿן לײטענאַנט און האָט, מיט אַ באַשטעטיקנדיקן שמײכל, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— איר זײַט גערעכט. דיזשור־אָפֿיציר, פֿירט זײ אָפּ צום שטאָב פֿון גענעראַל־שטאַב און פֿאַראָרדנט, אין מײַן נאָמען, אַז מען זאָל זײ צוגרײטן עסן און אַ געלעגער. זאָגט אים אַז ער זאָל זײ באַשטימען אין דער סקוואַ־דריליע פֿון גוואַרדיע־קאַפּיטאַן טשעסלאָוו. פֿירט אױס דעם באַפֿעל.

פּעטראָוון האָט אױסגעזען אַז דער פּאָלק־שטאָב איז צופֿיל צערודערט. מערעסיעװן איז עס גראָד געפֿעלן געװאָרן. אַלעקסײען זײַנען געפֿעלן גע־װאָרן אַזױנע מענטשן: שנעלע, װאָס נעמען איבער אַלץ מאָמענטאַל, אָן קװענקלעניש, װאָס קענען פּרעציז טראַכטן און ענערגיש באַשליסן. דער באַריכט פֿון לופֿט־אָבסערװאַטאָר —װאָס זײ האָבן צופֿעליק געהערט אין גערטנדל— איז אים ניט אַרױס פֿון געדאַנק. צוליב אַ סאַך סימאָנים, פֿאַרשטענדלעכע פֿאַר אַ מיליטערמאַן, איז אַלעקסײ געװען זיכער אַז די שטילקײט אױפֿן פֿראָנט האָט זיך געענדיקט. די דאָזיקע סימאָנים זײַנען געװען אָט־װעלכע: די פֿאַרשטאָפּטקײט פֿון די װעגן, דורך װעלכע זײ זײַנען געפֿאָרן, זינט זײ האָבן פֿאַרלאָזן דעם גענעראַל־שטאַב פֿון דער אַרמײ — אַלע װײַלע האָבן זײ זיך געדאַרפֿט איבערזעצן אין אַנדערע קאַמיאָנען; די שטרענגקײט מיט װעלכער די װאַך־סאָלדאַטן האָבן גע־צװוּנגען אָנצוהאַלטן די מאַסקירונג באַנאַכט, דראָענדיק, אין קעגנפֿאַל, צו שיסן אױף די רעדער; די ענגשאַפֿט אין די געדיכטע בעריאָזע־װעלדלעך, װוּ עס האָט געשװיבלט און געגריבלט מיט טאַנקען, קאַמיאָנען און אַר־טילעריע, ניט געקוקט אױף דעם װאָס די דאָזיקע װעלדלעך האָבן זיך געפֿונען גאַנץ װײַט פֿון די פֿראָנט־װעגן; דאָס באַשיסן מיצאַד די דײַטשישע יאַגדלער אַפֿילע אַזאַ פּוסטן פֿעלד־װעג װי אָט־דעם, אױף װעלכן זײ זײַנען הײַנט געפֿאָרן.

אױפֿן סמאַך פֿון די דאָזיקע אַלע סימאָנים האָט אַלעקסײ פֿאַרשטאַנען אַז די דײַטשן פּראָיעקטירן צו דערלאַנגען אין דער דאָזיקער זאָנע אַ נײַעם קלאַפּ, אַז דער דאָזיקער קלאַפּ װעט באַלד אָנקומען און אַז די אָנפֿירונג פֿון דער רױטער אַרמײ װײס װעגן אַלץ און האָט שױן צוגעגרײט אַ גע־העריקן קעגן־קלאַפּ.

## .2

דער אומרויִקער לײטענאַנט האָט ניט געלאָזט פּעטראָװן װאַרטן אױפֿן קאָמפּאָט אין עס־זאַל. זײ זײַנען אַרױפֿגעשפּרונגען אױף אַ נאַפֿט־קאַמיאָן װאָס איז גראָד געפֿאָרן צום אַעראָדראָם, — אין אַ װאַלד־לאָנקע הינטערן דערפֿל. װען זײ זײַנען אָנגעקומען האָבן זײ זיך גלײַך צוגעשטעלט צום סקװאַדריליע־שעף, דעם גװאַרדיע־קאַפּיטאַן טשעסלאָװ, אַ פֿאַרכמורעטן, שװײַגנדיקן מענטשן, אָבער, קענטיק, אַן אױסערגעװײנלעך גוטן. ניט

ריידנדיק קיין סאך האט ער זיי צוגעפירט צו די אונטערערדישע באהעל־טענישן, ווו ס'האבן זיך געפונען צוויי נײַאינקע, בלוי־גלאנציקע „לא־5", וואס האבן געטראגן אױף זייער ווערטיקאלן רודער די נומערן 11 און 12. אין די דאזיקע אפאראטן האבן געדארפט פליִען די נײַ־אנגעקומענע. אין שמעקעדיקן בעריאזע־וועלדל, ווו די מאטארן האבן ניט געקענט פאר־הילכן דאס טומלדיקע געצוויטשערײַ פון די פייגעלעך, האבן זיי פאר־בראכט די רעשט פונעם אוונט, האבן געשמועסט מיט די נײַע מעכאני־קער און האבן זיך באקענט מיטן לעבן פון פאלק.

זיי זײַנען געווען אזוי צעשטרייט, אז זיי האבן זיך אומגעקערט אין דערפל מיטן לעצטן קאמיאן און פארשפעטיקט צו וועטשערע. שטארק האט עס זיי ניט געארט. אין זייערע רוק־זעק האבן זיי געהאט שיראַים פון די קאלטע שפּײַז־פּאַרציעס וואס זיי האבן באקומען אפן וועג. שווע־רער איז געווען צו געפינען אן ארט ווו צו שלאפן. דער קליינער אאזיס אין יענעם טויטן ווילדגראז־מידבער איז געווען אנגעפראפּט מיט אעראָ־פּלאַן־מאנשאפטן און מיטן פערסאנאל פון די גענעראל־שטאבן פון צוויי אוויאציע־פאלקן, וואס זײַנען דארט אײַנגעשטאנען. נאכן האבן דורכגע־גאנגען דורך א סאך אנגעשטאפטע איזבעס און זיך דורכגעווערטלט מיט זייערע אײַנוווינער וואס האבן ניט געוואלט ארײַנלאזן קיין נײַע קוואר־טיראנטן, נאכן האבן ארויסגעזאגט פילאזאפישע געדאנקען אין זינען אז ס'וואלט גוט געווען ווען די הײַזלעך זײַנען פון גומע און גיבן זיך א צי אויס, האט זיי דער קאמאנדיר פון גארניזאן ארײַנגעשטופט אין דער ערשטער „שטוב" וואס זיי האבן געטראפן:

— נעכטיקט דא איבער און מארגן וועלן מיר זען.

אין דער קליינער איזבע זײַנען שוין געווען 9 קווארטיראנטן. אוויא־טארן לייגן זיך פרי. דאס נאפט־לעמפל וואס איז געמאכט געווארן פון א צוגעפלעטשטן סנאריאד —פון יענע סנאריאדן וואס האבן אין אנהייב קריג געהייסן „קאטיושאס", און נאך סטאלינגראד — „סטאלינגראדקעס" — האט מיט א שוואך ליכט באלויכטן די צעפלאסענע שטריכן פון די שלאפנדיקע. אייניקע זײַנען געלעגן אױף די בעטן און אױף די בענק; אנ־דערע זײַנען געלעגן אױף דער ערד, אױף קופּעס היי איבערגעצויגענע מיט פעלד־ברעזענטן. אויסער די 9 אירע, האבן געלעבט אין הײַזל די באלע־באטים — אן אלטע און איר טאכטער — שוין א היפּש מיידל—, וועלכע האבן זיך, צוליב דער ענגשאפט, אײַנגעארדנט אפן גרויסן אויוון.

די נײַ־אנגעקומענע האבן זיך א ווײַל אפּגעהאלטן אפן שוועל, ניט וויסנדיק וויאזוי דורכצוקריכן דורך די שלאפנדיקע קערפּערס. פון אויוון האט זיך צו זיי דערטראגן א קאעסדיקע שטים פון א זקיינע:

— ניטא קיין ארט, ניטא קיין ארט! איר זעט דאך, ס'איז אומעטום אנגעשפּארט. איר ווילט כ'זאל אײַך לייגן אפן דאך?

פּעטראוו, א צעמישטער, האט זיך ניט גערירט פון טיר און איז גע־

ווען גרייט אָפּצוטרעטן, אָבער מערעסיעוו האָט שוין פּאָרזיכטיק געשפּרייזט צום טיש, באַמיִענדיק זיך ניט אַרויפּצוטרעטן אַף די שלאָפּנדיקע:

— מאַמינקע, מיר דאַרפן נאָר אַ שטיקל אָרט אָפּצועסן; אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר גאָרניט אין מויל געגומען. איר האָט עפּשער אַ טעלער, אַ פּאָר קוביקעס און גאָפּלען? מיר וועלן נעכטיקן אין הויף, מיר וועלן אײַך ניט שטערן. ס'איז דאָך איצט זומער.

פון הינטערן אויוון, פון הינטער דער בורטשענדיקער זקיינע, האָבן זיך באַוויזן אַ פּאָר קליינע, נאַקעטע פּיסלעך. אַ דין, שלאַנק געשטאַלטל האָט זיך שטיל אַראָפּגעגליטשט פון אויוון און מאַנעווירנדיק צווישן די שלאָפנדיקע איז עס פאַרשוווּנדן אין פירהויז. עס האָט זיך גלײַך אומגעקערט מיט טעלער, צוויי גאָפּלען און פאַרשיידנקאָליריקע קוביקעס צווישן די דינע פינגער. פון אָנהייב האָט זיך פּעטראָוון אויסגעדוכט אַז דאָס איז אַן אונטערוואַקסנדיק מיידל, אָבער ווען זי האָט זיך דערנענטערט צום טיש און איר פּאָנעם איז באַלויכטן געוואָרן דורכן געלבלעך־רויכערדיקן ליכט פון לעמפּל, האָט ער דערזען אַז דאָס איז אַ גאַנצע פרויען, אין די סאַמע בלי־יאָרן, און אַ שיינע דערצו. די ברוינע בלוזע, דאָס קליידל פון זאַק־שטאָף און דאָס צעריסענע טיכל אין וועלכן זי איז געווען אײַנגעדרייט ווי אַ זקיינע, האָבן אָבער צוגענומען בּאַ איר אַ סאַך פון איר חיין.

— מאַרינאַ, מאַרינאַ, קום אַהער, דו לויפערקע! —האָט געשריִען די אַלטע פון אויוון.

דאָס מיידל האָט, אָבער, אַפילו ניט אַ קוק געטאָן אין איר זײַט. זי האָט פלינק אויסגעשפּרייט איבערן טיש אַ ריינע צײַטונג, האָט אַרויפגעשטעלט די געפעס, פונאַנדערגעלייגט די גאָפּל און האָט מין־האַצאַד געוואָרפן גנייווישע בליקן אַף פּעטראָוון.

— עסט און זאָל אײַך זײַן צו געזונט. עפּשער דאַרפט איר צעשנײַדן אָדער אָנוואַרעמען עפּעס? כ'וועל עס אײַך באַזאָרגן איינס און צוויי. אַ שאָד וואָס דער קאָמאַנדיר לאָזט ניט פונאַנדערלייגן קיין פײַער אפן הויף.

— מאַרינאַ, קום אַהער! —האָט גערופן די אַלטע.

— באַומרויִקט זיך ניט וועגן איר; זי איז אַביסל ניט מיט אַלעמען. די דײַטשן האָבן זי שטאַרק דערשראָקן. באַנאַכט, ווען זי זעט מיליטערלײַט, באַמיט זי זיך מיט אַלע מיטלען צו באַהאַלטן מיך. זײַט ניט אין קאַעס אַף איר, באַטאָג איז זי אינגאַנצן אַן אַנדערע.

מערעסיעוו האָט געהאַט אין זײַן רוק־זאַק ווורשט, קאָנסערוון, צוויי הערינג און אַ לעבל ברויט. פּעטראָוו איז געווען ווייניקער פּאָרויסזעעריש: ער האָט געהאַט פלייש און סובאַרעס. מאַרינאַס קליינע הענטלעך האָבן פלינק צעשניטן דאָס אַלץ און אויסגעלייגט עס אַפּעטיטלעך אין די טעלער. דער בליק פון אירע באַוועגלעכע אויגן, וואָס זײַנען געווען באַ־

שאָטנט מיט לאַנגע וויִעס, האָט זיך אַלץ עפּעס געגליטשט אַף פּעטראָווס פּאָנעם, און פּעטראָוו, פון זײַן זײַט האָט אויך גענומען נאָכקוקן זי. ווען זייערע בליקן פלעגן זיך באַגעגענען, פלעגן זייביידע רויט ווערן, מאַכן ערנסטע מינעס און אָפּקערן די אויגן. אויסער דעם האָבן זיי ביידע געשמועסט דורך מערעסיעווס פאַרמיטלונג, ניט אויסריידנדיק אַ וואָרט איינער צום צווייטן. אַלעקסיי האָט זיי אָבסערווירט מיט פרייד און אַביסל מעלאַנכאָליש: ביידע זײַנען זיי געווען גאָר יונג און אין פאַרגלײַך מיט זיי האָט ער זיך געפילט אַלט, מיד, אַזוי ווי אַ מענטש וואָס האָט שוין אַ סאַך געלעבט.

— הער נאָר, מאַרינושקאַ, האָסט ניט צופעליק קיין אוגערקעלעך? —האָט געפרעגט מערעסיעוו.

— צופעליק האָבן מיר יאָ —האָט לײַכט־שמייכלענדיק געענטפערט דאָס מיידל.

— און עפּשער וועסטו אויך געפינען אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפעלעך? כאָטש אַ פּאָר.

— אַז איר בעט שוין יאָ, וועל איך זען צו געפינען.

ווידער איז זי פאַרשוווּנדן פון צימער, שפּרינגענדיק פלינק און אָן טומל, צווישן די שלאָפנדיקע, פונקט ווי אַ פלאַטערל.

— כאַווער לייטענאַנט, ווי קענט איר זיך אַזוי האַלטן מיט איר? אַן אומבאַקאַנט מיידל און איר זאָגט איר „דו”, איר בעט איר אוגערקעלעך און...

מערעסיעוו האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער:

— ווו ברודערקע, מיינסטו, געפינסטו זיך? אָפן פראָנט צי ניט?... העי, באָבעשי, גענוג שוין צו בורטשען! קום אַראָפּ און בײַס צו! ווילסט?

די אַלטע, קרעכצנדיק און ניט אויפהערנדיק צו האָבן טײַנעס, איז אַראָפּגעקראָכן פון אויוון און האָט גלײַך גענומען עסן ווורשט — איר באַליבט מײַכל פון פאַר דער מילכאָמע.

אַלע פיר האָבן זיך געזעצט צום טיש און אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פון די כראָפּערײַען און פײַפערײַען האָבן זיי אָפּגעגעסן מיט אַפּעטיט. אַלעקסיי האָט ניט פאַרמאַכט דאָס מויל, האָט זיך געוויצלט מיט דער אַלטער און האָט אַרויסגערופן געלעכטער בײַ מאַרינקאַן. אײַנגלידערנדיק זיך, ענדלעך, אין דער מישפּאָכע־אַטמאָספער פון פראָנט־לעבן, האָט ער אַזוי ווי אָפּגעלעבט און זיך דערפילט ווי אין דער אייגענער היים נאָך אַ לאַנגן וואַנדערן איבער מעשונעדיקע מעקוימעס.

צום סאָף פון דער וועטשערע האָבן זיך די פרײַנט דערוווּסט אַז דאָס דערפל איז געבליבן גאַנץ, ווײַל אין אים האָט זיך געפונען אַ דײַטשישער גענעראַל־שטאַב. ווען די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן די אָפּענסיווע, זײַנען די דײַטשן אַזוי שנעל אַנטלאָפן, אַז זיי האָבן ניט געהאַט קיין צײַט צו צעשטערן די הײַזער. די אַלטע איז צעמישט געוואָרן ווען

די דײַטשן האָבן פֿאַרגוואַלדיקט פֿאַר איר אין די אויגן, איר עלטערע טאָכטער, וואָס איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַרײַנוואַרפֿנדיק זיך אין באַסיין. מאַרינאַ אַליין האָט, בעמעשעך פֿון די אַכט כאָדאָשים וואָס די דײַטשן האָבן זיך דאָ געפֿונען, ניט אָנגעקוקט די ליכטיקע שײַן; זי איז געווען באַהאַלטן אין אַ פּוסטן שײַער, אונטער שטרוי און אַלטע טראַנטעס. די מאַמע פֿלעגט איר באַנאַכט, דורך אַ לאָך, דערלאַנגען עסן און וואַסער. וואָס מער אַלעקסיי האָט גערעדט מיט מאַרינאַן, אַלץ מער האָט זי געקוקט אױף פּעטראָװן און אין אירע בעטנדיקע און שעמעדיקע בליקן איז געווען אַ קלאָרער אויסדרוק פֿון אומגלײַכגילטיקייט.

זיי האָבן קימאַט ניט באַמערקט ווי זיי האָבן אָפּגעגעסן. מאַרינאַ האָט זאָרגעוודיק אײַנגעוויקלט דאָס איבערגעבליבענע עסנוואַרג און האָט עס אַרײַנגעלייגט אין מערעסיעווס רוק־זאַק. „דעם סאָלדאַט קומט אַלץ צונויץ" האָט זי געטראַכט. נאָכדעם האָט זי אַ שפּעטש געטאָן צו דער אַלטער און האָט געזאָגט אַנטשלאָסן:

— האָט שוין דער קאָמאַנדיר יאָ באַפֿוילן, טאָ בלײַבט שוין דאָ. קריכט אַרויף אָפֿן אויוון און איך מיט דער מאַמען וועלן גיין שלאָפֿן אָפֿן בוידעם. רוט זיך אָפּ פֿון דער רײַזע און מאָרגן וועלן מיר שוין פֿאַר אײַך געפֿינען אַ ווינקל.

מיט דער זעלבער לײַכטקייט איז זי ווידעראַמאָל דורכגעגאַנגען אַ באָרוועסע צווישן די שלאָפֿנדיקע, האָט געבראַכט שטרוי און האָט עס אויסגעשפּרייט איבערן ברייטן אויוון, און האָט פֿון עטלעכע בגאָדים געמאַכט אַ צוקאָפּנס. דאָס אַלץ האָט זי געמאַכט שנעל, פֿלינק, אָן טומל, מיט קעצישער בויגיקייט.

— אַ שיין מיידל, ברודערקע! —האָט באַמערקט מערעסיעוו און האָט זיך אויסגעצויגן אָפֿן שטרוי מיט אַזאַ פֿאַרגעניגן, אַז ס'האָבן אַזש אַ קנאַק געטאָן זײַנע ביינער.

— נישקאָשע —האָט געענטפֿערט פּעטראָוו מיט קלוימערשטער גלײַכגילטיקייט.

— און ווי זי האָט געקוקט אױף דיר!...

— וווּ האָט זי געקוקט אױף מיר! אַז די גאַנצע צײַט האָט זי געהאַלטן אין איין ריידן מיט אײַך...

אין אַ מינוט אַרום האָט זיך שוין געהערט זײַן רויִק אָטעמען. מערעסיעוו איז ניט געשלאָפֿן. ווי לאַנג ער איז, איז ער געלעגן אויסגעצויגן אָפֿן פֿרישן, שמעקעדיקן שטרוי. ער האָט געזען ווי מאַרינאַ איז אַרײַנגעקומען פֿון פֿירהויז און האָט געזוכט עפּעס אין צימער. פֿון צײַט צו צײַט האָט זי אַ פֿאַרזיכטיקן קוק געטאָן אָפֿן אויוון. זי האָט פֿאַרריכט אָפֿן טיש דעם לאָמפּ, האָט ווידער אַ קוק געטאָן אָפֿן אויוון און איז שטיל אַרויסגעגאַנגען. דאָס דאָזיקע איידעלע און שיינע מיידל, וואָס

איז געווען אָנגעטאָן אין טראַנטעס, האָט אָנגעפּילט אַלעקסיים נעשאָמע מיט מעלאַנכאָלישער רו.

זיי האָבן שוין אַ ווינונג. מאָרגן פרי דאַרפן זיי דורכמאַכן זייער ערשטן קאַמפּס־אַרויספלי: זייערע אַוויאָנען וועלן פאַרמירן אַ פּאָר: מערעסיעוו איז באַשטימט געוואָרן ווי שעף און פּעטראָוו ווי באַגלייטער.

„וויאַזוי וועט ער זיך אויפפירן? ווי ס'ווייזט, איז ער אַ טייערער באָכער. אַפילו מאַרינאַ האָט זיך פאַרליבט אין אים אַפן ערשטן קוק. נו, מען דאַרף שלאָפן אויך, ס'איז צייט" — האָט אַ טראַכט געטאָן מערעסיעוו.

מערעסיעוו האָט זיך איבערגעדרייט, האָט זיך איינגעמאָשטשעט איינעם שטרוי און איז אַנטשלאָפן געוואָרן ווי אַ קלאָץ.

ס'האָט אים אויפגעוועקט אַ געפּיל פון עפּעס שרעקלעכס. אין ערשטן מאָמענט האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס עס האָט פּאַסירט און, לויט דער מיליטערישער געוווינהייט, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן צום רעוואָלווער. ער האָט ניט געדענקט וווּ ער איז און וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אים. אַ רויך, וואָס האָט שטאַרק געשטונקען מיט קנאָבל, האָט אַלץ אַרומגעהילט. ווען דער ווינט האָט אַוועקגעטריבן דעם רויך־וואָלקן, האָט אַלעקסיי דערזען איבער זיין קאָפּ עטלעכע גרויסע און מעשונעדיקע שטערן וואָס האָבן גרויסאַרטיק געבלינצלט. ס'איז געווען אַזוי ליכטיק ווי באַטאָג און ער האָט דערזען ווי די בערוועגעס פון דער איזבע וואַלגערן ווי צעשאָטענע שוועבעלעך, ווי די באַלקנס שטעקן אין דער לופטן און ווי עפּעס פאַרעמלאָזס ברענט פון וויטן. ער האָט דערהערט קרעכצן, מאָטאָרן האָבן געכריפּעט איבער זיין קאָפּ און ס'האָט זיך אים אַרייַנגעגעבערט אין מויעך די ווילדע פּייפעריי פון די פאַלנדיקע באָמבעס.

— צי זיך אוים! — האָט ער אַ געשריי געטאָן צו פּעטראָוון, וועלכער איז געשטאַנען אַף די קני און אַראָפּגעקוקט אַ צעבושטער פון אויוון, וואָס האָט געגליוועט צווישן די כורוועס.

זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אַף די ציגל און צוגעדריקט זיך צו זיי. אין יענעם מאָמענט האָט אַ סנאַריאַד איינגעוואָרפן דעם קוימען פון אויוון און זיי זיינען באַדעקט געוואָרן מיט אַ רויטן שטויב, וואָס האָט געשמעקט ווי טרוקענער ליים.

— ריר זיך ניט, ליג אויסגעצויגן! — האָט באַפוילן מערעסיעוו, דערשטיקנדיק אין זיך אַן אומאָפּהאַלטלעכן פאַרלאַנג אַ שפּרונג צו טאָן און צו אַנטלויפן, אַנטלויפן ווו די אויגן וועלן טראָגן, אַנטלויפן קעדיי באָטש צו באַוועגן זיך. אַזאַ מין פאַרלאַנג כאַפּט אַרום שטענדיק בעיים נאַכטיקע באָמבאַרדירונגען.

די באָמבאַרדיר־אַוויאָנען האָט מען ניט געזען. זיי זיינען געפלויגן אין דער פינצטערקייט, איבער די ראַקעטן וואָס זיי האָבן געוואָרפן. אין דער וויסער און ציטערדיקער ליכט האָט מען אָבער זייער גוט געזען וויאַזוי עס זיינען געפאַלן אין דער אילומינירטער זאַנע די שוואַרצע

טראפנס פון די באמבעס, וויאזוי זיי האבן זיך שנעל אראפגעלאזט וואקסנדיק מיט א קאפשווינדלערישער גיכקייט און וויאזוי עס האבן זיך נאכדעם, אין דער פינצטערקייט פון דער זומער־נאכט, אויפגעהויבן רויטע פאנטאנען אינדערלופטן. ס'האט זיך אויסגעוויזן אז די ערד שפאלט זיך און הילכט אפ מיט א לאנגן רווממם! רווממם!

די אוויאטארן זיינען געלעגן איינגאנצן אויסגעצויגן מיטן פאנעם אראפ אפן אויוון, וואס האט געציטערט און אונטערגעשפרונגען נאך יעדן אויפרייס. זיי האבן זיך צוגעדריקט צו אים מיטן גאנצן קערפער, מיט די באקן, מיט די פיס, וועלנדיק אינסטינקטיוו אריינשניידן זיך אין אים, צונויפגיסן זיך מיט די ציגל. נאכדעם האט זיך דערוויטערט דער גערויש פון די מאטארן און מען האט גלייך דערהערט דאס טרעשטשען פון די פלאמען אין די כורוועס פון יענער זייט גאס.

— מע האט אונדז דורכגעלופטערט — האט מיט קלוימערשטער רוּיקייט געזאגט מערעסיעוו, אפטרייסלענדיק די שטרויעלעך און דעם שטויב פון זיין גימנאסטיארקע און הויזן.

— און די וואס זיינען געשלאפן דארט? — האט אן אויפגעשוידערטער אויסגערופן פעטראוו, פרווונדיק איינהאלטן דעם נערוועזן ציטער פון זיין קין —. און מארינא?

זיי זיינען אראפ פון אויוון. מערעסיעוו האט געהאט א לאמטערן. דער פאל פון דער צעשטערטער איזבע איז געווען פארזייט מיט ברעטער און באלקנס. קיינער איז דארט ניט געווען. ווי זיי האבן זיך שפעטער דערוווסט, האבן די אוויאטארן, נאכן דערהערן דעם אלארם־סיגנאל, געהאט צייט ארויסצולויפן אין הויף און צו באהאלטן זיך אין גראבנס. פעטראוו און מערעסיעוו האבן דורכגעקוקט דעם גאנצן גרוז. מארינא און איר מוטער זיינען אין ערגעץ ניט געווען. אף זייערע געשרייען האט קיינער ניט געענטפערט. „ווו האבן זיי זיך פארשטעקט? זיינען זיי אנטלאפן? האבן זיי געהאט צייט צו ראטעווען זיך?"

איבער די גאסן האבן שוין מארשירט פאטרולן פון דער קאמענדאנטור און האבן איינגעשטעלט ארדענונג. די סאפיארן האבן געלאשן די סרייפעס, פונאנדערגעשארט דעם גרוז, אוועקגעטראגן מייסים און אויסגעגראבן פארוווּנדיקטע. שליכים פון גענעראל־שטאב זיינען געלאפן אהין און אהער אין דער פינצטערניש און גערופן די אוויאטארן לויט די נעמען. דער פאלק איז איינליק אריבערגעווארפן געווארן אף א צווייטן ארט. דער פלי־פערסאנאל האט זיך אויפגעקליבן אפן אעראדראם קעדיי פארטאג אפצופליען. לויט די ערשטע ידיעס זיינען די פארלוסטן צווישן פערסאנאל געווען קליינע. עס איז פארוווּנדיקט געווארן א פילאט און עס זיינען דערהארגעט געווארן צוויי מעכאניקער און עטלעכע וואך־סאלדאטן, וואס האבן בעיים דער באמבארדירונג ניט פארלאזן זייערע וואך־פאסטנס. מען האט געהאלטן אז צווישן דער ציווילער באפעלקערונג האבן

געדאַרפט זײַן אַ סאַך קאָרבאָנעס, אָבער צוליב דער פּינקטלעכקייט און צוליבן טומל האָט מען ניט געקענט פעסטשטעלן וויפל.

פּאַרטאַג, ווען זיי זײַנען געגאַנגען צום אַעראָדראָם, האָבן זיך מערע־סיעוו און פּעטראָוו אָפּגעשטעלט לעבן די כורוועס פונעם הײַזל וווּ זיי האָבן גענעכטיקט. פון צווישן אָנגעוואַלגער פון באַלקנס און ברעטער האָבן צוויי סאַפּיאָרן אַרויסגעטראָגן אַ טראָג־בעטל, וואָס איז געווען אײַ־בערגעדעקט מיט אַ פאַרבלוטיקטן לײַלעך.

— ווּעמען טראָגט איר? —האָט געפרעגט פּעטראָוו, בלייך ווערנ־דיק פון אַ טרויעריקן פאָרגעפיל.

אַן עלטערער, פאַרזאָרגטער סאַפּיאָר, מיט גרויסע וואָנצעס —מערע־סיעוו האָט, דערזעענדיק אים, גלײַך דערמאָנט זיך אין סטיעפּאַן איוואַ־נאָוויטשן—, וואָס האָט געהאַלטן די פאָדערשטע הענטלעך פון טראָג־בעטל, האָט געענטפערט פּראָטימדיק:

— ס'איז אַן אַלטע און אַ מיידל, וואָס מיר האָבן אויסגעגראָבן אין קעלער. זיי זײַנען צעפלעטשט געוואָרן פון די שטיינער. ביידע טויט. כ'ווייס ניט צי ס'איז אַ מיידעלע צי אַ פרײַלן: זי איז זייער אַ קליינינקע, אָבער זי איז, קענטיק, געווען אַ שיינע. אַ שטיין האָט זי געטראָפן אין ברוסט. זי איז זייער אַ ביינעוודיקע און זעט נאָך אויס צו זײַן גאָר יונג.

... יענע נאַכט האָט די דײַטשישע אַרמיי אונטערגענומען איר לעצ־טע גרויסע אָפענסיווע. מיטן אַטאַקירן די סאָוועטישע באַפעסטיקונגען האָבן זיי אָנגעהויבן די שלאַכט פון קורסקער בויגן, וואָס איז געווען פאַר זיי אַזוי פאַטאַל...

3.

די זון איז נאָך ניט אויפגעגאַנגען; ס'איז געווען די טונקלסטע שאָ פון דער קורצער זומער־נאַכט, אָבער אָפן אַעראָדראָם האָבן זיך שוין געוואָרעמט די זשומענדיקע מאָטאָרן. דער קאַפּיטאַן טשעסלאָוו האָט אויסגעשפּרייט אָפן נאַסלעכן גראָז אַ מאַפּע און האָט אָנגעוויזן די פּי־לאָטן פון דער סקוואַדריליע דעם וועג און דעם נײַעם אָרט:

— זײַט שטאַרק פאָרזיכטיק! פאַרלירט זיך ניט. דער אַעראָדראָם געפינט זיך האַרט בײַ דער ערשטער ליניע.

דער נײַער פונקט האָט זיך ווירקלעך געפונען אויף דער פראָנט־ליניע, וואָס איז געווען אָנגעצייכנט אויף דער מאַפּע מיט אַ בלאָען בלײַער. אויף דעם אָרט האָט זיך די ליניע טיפער אַרײַנגעביסן אין דײַטשישן פראָנט. זיי זײַנען געפלויגן פאָרויס און ניט אויף צוריק. די פּילאָטן זײַנען געווען צופרידן: ניט געקוקט וואָס די דײַטשן האָבן ווידער געהאַט די איני־ציאַטיוו, האָט זיך די רויטע אַרמיי געגרייט ניט אָפּצוטרעטן נאָר אָנ־צוגרײַפן.

מיט די ערשטע זון־שטראַלן, ווען דאָס פֿעלד איז נאָך געווען פֿאַרצויגן מיט אַ ראָזלעכן, געקרײַזלטן נעפּל, האָט זיך די צווייטע סקוואַדריליע אויפֿגעהויבן און איז אָפּגעפֿלויגן אַף דאָרעם.

מערעסיעוו און פּעטראָוו האָבן דורכגעפֿירט זייער ערשטן געמיינזאַמען פֿלי, פֿאָרמירנדיק אַן ענג־צונויפֿגעבונדענע פּאָר. אין די עטלעכע מינוט וואָס זיי זײַנען געווען אינדערלופֿטן, האָט פּעטראָוו געקאָנט אָפּשאַצן דעם זיכערן און מײַסטערדיקן פֿלי־סטיל פֿון זײַן אָנפֿירער. וואָס שײַעך מערעסיעוון — וועלכער האָט בעייסן פֿלי געמאַכט בעקיוון עטלעכע גיכע און אומדערוואַרטע וויראַזשן — האָט ער אָנסערווירט בײַ פּעטראָוון אַ שאַרף אויג, גײַסטיקע פֿלינקייט און שטאַרקע נערוון, און דאָס וויכטיקסטע — אַ גוטן, האַגאַם ניט אינגאַנצן זיכערן, פֿלי־סטיל.

דער נײַער אַעראָדראָם האָט זיך געפֿונען אין ר'עטאַגוואַרד פֿון אַן אינפֿאַנטעריע־פּאָלק. ווען די דײַטשן וואָלטן אים אַנטדעקט, וואָלטן זיי אים געקענט באַשיסן מיט לײַכטער אַרטילעריע און אַפֿילע מיט מאַרטירקעס. ס'איז זיי אָבער ניט געלעגן אין קאָפּ דער קליינער אַעראָדראָם, וואָס האָט זיך באַוויזן אונטער זייערע נאָזלעכער. ס'איז נאָך געווען נאַכט ווען די דײַטשן האָבן אָנגעהויבן שלײַדערן אַף די סאָוועטישע באַפֿעסטיקונגען דעם גאַנצן פֿײַער פֿון זייער אַרטילעריע, וואָס איז בעמעשעך פֿון פֿרילינג קאָנצענטרירט געוואָרן אין יענעם סעקטאָר. איבער דער באַפֿעסטיקטער זאָנע האָט זיך, הויך אין הימל, אָנגעהויבן אַ רויטלעכער אָפּגלאַנץ. די אויפֿרײַסן האָבן פֿאַרדעקט אַלץ, פּונקט ווי ס'וואָלט זיך מיטאַמאָל אויפֿגעהויבן אַ געדיכטער וואַלד פֿון שוואַרצעביימער. ס'איז אויפֿגעגאַנגען די זון, אָבער די ערד איז געווען אײַנגעהילט אין שאָטנס. אין דער ברומענדיקער, אויפֿגעציטערטער האַלב־פֿינצטערניש האָט מען גאָרניט געקענט אונטערשיידן, און די זון איז געהאַנגען אַפֿן הימל ווי אַ האָסטיע פֿון אַ שמוציקלעך־רויטן קאָליר.

די סאָוועטישע אַוויאָנען זײַנען, אָבער, ניט אומזיסט געפֿלויגן בעמעשעך פֿון אַ כוידעש איבער די דײַטשישע פּאָזיציעס. די פּלענער פֿון דער דײַטשישער קאָמאַנדע זײַנען אויפֿגעדעקט געוואָרן זינט אַ לענגערער צײַט, די פּאָזיציעס און די קאָנצענטראַציע־פּונקטן זײַנען געווען פֿאַרצייכנט אַף די מאַפּעס און זײַנען דורכגעשטודירט געוואָרן ברעקל נאָך ברעקל. דער ציל פֿון די דײַטשן איז געווען: אַ וואָרף טאָן, לויט זייער שטייגער, אַלע זייערע קויכעס און געבן אַ טויט־שטאָך דעם קעגנער וואָס איז נאָך פֿאַרטאָן געווען אין זײַן פֿאַרטאָגיקן שלאָף. דעם קעגנערס שלאָף איז, אָבער, געווען אַ געמאַכטער. דערפֿאַר האָט ער געקענט אָנכאַפּן דעם אָנגרײַפֿערס האַנט און צעקוועטשן זי צווישן זײַנע אײַזערנע פֿינגער.

נאָך איידער ס'האָט זיך אויסגעלאָשן דער הוראַגאַנישער גערודער פֿון דער אַרטילערישער צוגרייטונג, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אַף

א פראנט פון צענדליקער קילאמעטער, האבן די דייטשן — וואס זיינען געווען פארטויבט פון זייערע אייגענע באטערייעס און באדעקט מיטן פולווער־רויך פון זייערע פאזיציעס — דערזען ווי פייער־קוילן רייסן אויף אין זייערע אייגענע טראנשייען. די סאוועטישע ארטילעריע האט געשאסן פרעציז, ניט קעדיי סטאם צו באשיסן דעם שטעטעך, ווי דאס האבן געטאן די דייטשן, נאר אין קאנקרעטע צילן: באטערייעס, קאנצענטראציעס פון טאנקען און אינפאנטעריע וואס האבן זיך געפונען אף דער אנגריף־ליניע, בריקן, אונטערערדישע אמוניציע־סקלאדן, טראנשייען און קאמאנדע־פונקטן.

די דייטשישע ארטילערישע צוגרייטונג האט זיך פארוואנדלט אין א מעכטיקן ארטילערישן דועל, אין וועלכן ס'האבן אנטייל גענומען, פון ביידע צדדים, צענדליקער טויזנטער הארמאטן פון די פארשיידנסטע קאליבערס. ווען די אוויאנען פון טשעסלאווס סקוואדריליע האבן געלאנדט אפן עראדראם, האט די ערד געציטערט אונטער די פיס פון די פילאטן און די אויפרייסן זיינען אנגעקומען אזוי שנעל איינע נאך די אנדערע, אז זיי האבן זיך צוזאמענגעגאסן אין איין קאכיקן, נאכאנאנדיקן גערויש, פונקט ווי א גיגאנטישער, אומענדלעכער באן וואלט זיך פייפנדיק און דונערנדיק געטראגן איבער א מעטאלענער בריק. געדיכטע ספיראלן רויך האבן באדעקט דעם גאנצן האריזאנט. איבערן קליינעם עראדראם פון פאלק זיינען אן אויפהער געפלויגן באמבארדיר־אוויאנען, — איינע הינטער די אנדערע, אדער אין א שורע, אדער פארמירנדיק א ווינקל. די קוויטשערייען און טויבע אויפרייסן פון זייערע באמבעס האבן זיך אויסגעטיילט אין איינטאניקן הארמידער פון דער ארטילערישער שלאכט.

די סקוואדריליעס זיינען געווען אין צושטאנד פון אלארם נומער איינס. דאס האט באטייט אז די פילאטן האבן ניט געטארט פארלאזן די קאבינעס פון די אוויאנען, קעדיי זיי זאלן קענען, גלייך נאכן ערשטן סיגנאל, אויפהייבן זיך אינדערלופטן. די אוויאנען האבן זיך געפונען אפן ראנד פון א בעריאזע־וועלדל און זיינען געווען קאמופלירט מיט צווייגן. א רייעך פון פרישער פייכטקייט און פון שוואמען האט זיך געטראגן פון וועלדל. די מאסקיטן — וועמענס געזשום איז פארלוירן געווארן אין גערודער פון דער שלאכט — זיינען באפאלן די פילאטן, צעפיקנדיק זיי די פענעמער, די הענט און די העלדזער.

מערעסיעוו האט אויסגעטאן דעם קאפטער און, פארטרייבנדיק פאמעלעך די מאסקיטן, האט ער געהאלטן אין איין האנאע האבן פון געדיכטן פרימארגן־ארמאט פון וועלדל. אין שכיינעס מיט אים האט זיך געפונען זיין באגלייטער. פעטראוו פלעגט אלע ווײַלע אויפשפרינגען פון זיין זיץ־ארט און פלעגט זיך אפילע אויפשטעלן אף אים, קעדיי בעסער צו זען די שלאכט כאפן א קוק אף די באמבארדיר־אוויאנען. די אומגעדולד האט געקאכט אין אים: ער האט זיך געוואלט אויפהייבן

וואָס פריִער קעדיי צו באַגעגענען זיך, צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן, מיט אַן עמעסן סוינע; אַרײַנפּײַערן זײַנע קוילן ניט אין קיין אָנגעבלאָזענעם, לײַוונטענעם אַרבל, וואָס עס שלעפּט הינטער זיך אַן „ער 5“, נאָר אין אַן אויטענטישן, לעבעדיק־פלינקן, פֿײַנטלעכן אַוויאָן, אין וועלכן ס׳איז עפּשער אײַנגעדרייט, ווי אַ שלימאַק אין זײַן מושל, דער זעלבער דײַטש וועמענס באָמבע ס׳האָט באַנאַכט אומגעבראַכט יענץ שלאַנק, שיין מיידל, וואָס האָט אים איצט אויסגעזען ווי אַ כאָלעם־געשטאַלט.

מערעסיעוו, צוזעענדיק פּעטראָווס עמאָציע און נערוועזשקייט, האָט געטראַכט, אַז לויט די יאָרן, זײַנען זיי קימאַט גלײַך: יענעם איז געווען 19 יאָר און אים — 23. וואָס באַטײַט פֿאַר אַ מענטשן אַן אונטערשייד פֿון 2־3 יאָר? זײַט באַ זײַט מיט זײַן באַגלייטער האָט ער זיך, אָבער, געפֿילט ווי אַן אַלטער מאַן, ווי אַ דערפֿאַרענער, באַזאַכטער און מידער מענטש. אין זעלבן מאָמענט, צום בײַשפּיל, האָט פּעטראָוו געקערט וועלטן אין דער קאַבינע, האָט זיך געריבן די הענט, האָט געלאַכט, האָט עפּעס געשריִען צו די סאָוועטישע אַוויאָנען וואָס זײַנען פֿאַרבײַגעפֿלויגן; ער, אַלעקסיי, איז אָבער רויִק געזעסן אויפֿן לעדערנעם זיץ־אָרט פֿון אַוויאָן. ער האָט ניט געהאַט קיין פּים, ס׳איז אים אָן ערעך שווערער געווען צו פֿליִען ווי וועלכן ניט איז פּילאָט אויף דער וועלט, אָבער דאָס האָט אים אַפֿילע ניט געאַרט. ער איז געווען זיכער אין זײַן געניטקייט און האָט געהאַט צוטרוי צו זײַנע שטיקלעך פּים.

דער פֿאָלק האָט זיך געפֿונען אין אַלאַרם־צושטאַנד נומער איינס ביז אינאָוונט. צוליב עפּעס האָט מען אים געהאַלטן אין רעזערוו. ווי ס׳ווײַזט, האָט מען ניט געוואָלט אויפֿדעקן, פֿאַר דער צײַט, זײַן באַזע. זיי האָבן געגעכטיקט אין קליינע ערד־באַהעלטענישן, וואָס די דײַטשן האָבן געהאַט אײַנגעאָרדנט, ווען זיי זײַנען נאָך דאָרט געווען. די ברעטער זײַנען געווען באַדעקט מיט טאַקטור און מיט געלן פּאַק־פּאַפּיר. אויף די ווענט זײַנען נאָך געהאַנגען עטלעכע בילדלעך פֿון קינאָ־אַקטריסעס מיט גרויסע מײַלער פֿון וואַמפּירנס, און פּאַנאָראַמישע פּייזאַזשן פֿון שפּיציקע דײַטשישע שטעט.

דער אַרטילעריע־דועל האָט זיך ווײַטער געצויגן. די ערד האָט געציטערט. דער טרוקענער זאַמד איז געפֿאַלן אויפֿן פּאַפּיר און אין דער באַהעלטעניש האָט זיך געהערט אַן אומאָנגענעמער געזשום, פּונקט ווי ער וואָלט פֿול געווען מיט פֿאַרשיידענע אינזעקטן.

מערעסיעוו און פּעטראָוו האָבן באַשלאָסן צו לייגן זיך אויף דער פֿרײַער לופֿט, אונטערלייגנדיק אונטער זיך אַ פֿעלד־ברעזענט. אין העסקעם מיטן באַפֿעל האָט מען געמוזט שלאָפֿן אָנגעטאָנענערהייט. מערעסיעוו האָט עטוואָס לויז געמאַכט די רימענס פֿון זײַנע פּראָטעזן, האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפֿן רוקן און געקוקט אויפֿן הימל, וואָס האָט אַזוי ווי געציטערט באַ דער רויטערלעכער שײַן פֿון די אויפֿרײַסן. פּעטראָוו איז

גלייך איינגעשלאָפן. אין שלאָף האָט ער געכראָפּעט, געמורמלט עפּעס, געקייט און געקנאַקט מיט די ליפּן. ער איז געלעגן איינגעדרייט אין אַ בייגל, ווי אַ קליין קינד. מערעסיעוו האָט אַרויפגעוואָרפן אַף אים זיין שינעל. זעענדיק אַז ער קען ניט איינשלאָפן, האָט ער זיך אויפגעהויבן, האָט געמאַכט עטלעכע באַוועגלעכע גימנאַסטישע איבונגען קעדיי פונאַנ־דערצווואַרעמען זיך און האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ פּיען.

דער אַרטילערישער הוראַגאַן איז שוין שטילער געוואָרן. פון צייט צו צייט בלויז פלעגן זיך די באַטערייעס, דאָ און דאָרט, אָפּרייסן מיט אַ גיכער שיסערײַ. אייניקע פאַרלוירענע סנאַריאַדן האָבן פאַרבייגעזשור־מעט איבער די קעפּ און אויפגעריסן ערגעץ אַפן אַעראָדראָם. דאָס איז געווען, דער אַזוי גערופענער, פאַרפאָלגונג־פייער, וואָס אין דער מילכאָ־מע, פאַרפאָלגט ער קיינעם ניט. אַלעקסיי האָט אַפילע ניט אויסגעדרייט דעם קאָפּ קעדיי צו זען די אויפרייסן. ער האָט געקוקט אַף דער פראָנט־ליניע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט געזען אין דער פינצטערניש. אַפילע איצט, אין דער טיפער נאַכט, איז אָנגעגאַנגען דער שווערער, הייסער קאַמף; ער האָט זיך אויסגעטיילט אַף דער אַנטשלאָפענער ערד דורכן רויטלעכן אָפּגלאַנץ פון די ריזיקע סרייפעס וואָס האָבן זיך פונאַנדער־געשפּרייט איבערן גאַנצן האָריזאָנט. עס האָבן געציטערט די בענגאַלישע פייערן: די בלאָלעך־פּאָספאָריסצירנדיקע זיינען געווען דייטשישע; די געלבלעכע — אייגענע. דאָ און דאָרט פלעגן זיך באַווייזן אימפּעטדיקע פלאַמען, וואָס פלעגן אַף אַ סעקונדע אַראָפּפליקן דעם כוישעך־צודעק פון דער ערד; גלייך נאָכדעם פלעגט דערגיין צום געהער דער שווערער זיפץ פון אַן אויפרייס.

צו דער הייזעריקער זושמערײַ פון די וואַלד־בינען —וואָס האָבן זיך ניט געקימערט וועגן דער מילכאָמע און אָנגעגאַנגען מיט זייערע געוויינ־לעכע אייסאָקים צווישן די צעבלימטע בעריאָזעס— איז צוגעקומען די זייער ענלעכע הודזשערײַ פון די נאַכטיקע באָמבאַרדיר־אַוויאָנען. מיט־אַמאָל האָט זיך דער גאַנצער פראָנט באַדעקט מיט דער בלייכער פיל־פאַרביקייט פון די צייכן־קוילן. ווי בלוט־טראָפּנס האָבן זיך געטראָגן אינדערהייך די קוילן פון די שנעלשיסנדיקע אַנטילופט־קאַנאָנען. די ערד האָט ווידער אָנגעהויבן ציטערן, ברומען, באַקלאָגן זיך, קרעכצן. די פייגל, אָבער, וואָס האָבן געזשומעט אין די בעריאָזע־קרוינען, האָט עס ניט באַאומרויִקט. אין דער גערדיכטעניש פון וואַלד האָט מיט אַ מענטשלעכן קאָל געשריִען אַ סאָווע, וואָס האָט אַזוי ווי פאָרויסגעזאָגט אַן אומגליק. אונטן, אין גראָבן, אינעם ווילדגראָז האָט גענומען זינגען אַ סאָלאָוויי, פון אָנהייב שעמעוודיק ווי ער וואָלט געפּרוווט זיין שטים אָדער וואָלט אָנגעשטעלט זיין אינסטרומענט, שפּעטער אַפן גאַנצן קעלכל, פאַרכלי־ניענדיק זיך מיט די טרעלן פון זיין ליד. אַנדערע סאָלאָווייען האָבן אים געענטפערט און מיטאַמאָל האָט זיך דער גאַנצער פראָנט־וואַלד צע־

הילכט און צעזונגען, און איז אָנגעפילט געוואָרן מיט מעלאָדישע טרעלן. ניט אומזיסט זײַנען די קורסקער סאָלאָווייען וועלט־באַרימט!

ס'איז געווען מעשונעדיק צו הערן זייער געזאַנג אין דאָזיקן וואַלד וואָס איז געווען אילומינירט מיט די רויטע אָפּגלאַנצן פון דער סרייפע, מיט דעם אָפּשטאַרבנדיקן ליכט פון די ראַקעטעס, מיטן קאָנוואָלסיוון אָפּשײַן פון די אויפרײַסן; אין דאָזיקן וואַלד, וואָס האָט געאָיפּעשט מיט נאַפּט און וואָס אונטער די גרענעץ־ביימער זײַנע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די אַוויאָנען. צוהערנדיק זיך צום דאָזיקן קאָנצערט פון די פייגעלעך, האָט זיך אַלעקסיי דערמאָנט אין סאָלאָוויי, וועלכן ער און אָלגע האָבן, באַ אַ געוויסער געלעגנהייט, אָנגערופן „אונדזוערער". פּונקט אין אַזאַ קלאָרער, פרישער און דופטיקער נאַכט האָבן זיי זיך ביידע אומגעקערט פון אַ שפּאַציר איבערן ברעג פון דער וואָלגע. זיי זײַנען שוין צוויי מאָל פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ דער פאָרטקע פון אָלגאַס הויז און יעדן מאָל ווען ס'איז געקומען דער מאָמענט פון שיידן זיך, האָבן זיי באַשלאָסן נאָכאַמאָל אַ שפּאַציר צו טאָן. שפּאַצירנדיק אַזוי, זײַנען זיי צוגעקומען צו אַ זײַטיקן ווינקל שטאָט און האָבן זיך אָפּגעהאַלטן אױף אַן עק גאַס, לעבן אַ וואַל, הינטער וועלכן מען פלעגט אַרויסשיטן דאָס מיסט פון שטאָט. באַ דער שײַן פון דער לעוואָנע האָבן דאָרט געלויכטן שטיקלעך גלאָז, קאָנסערוון־פּושקעס און צעבראָכענע פלעשער. זיי זײַנען אַזוי געוועזן פאַרטאָן איינער אין צווייטן, אַז זיי האָבן אַפילע ניט באַמערקט אױף וואָס פאַר אַן אָרט זיי געפינען זיך. מיטאַמאָל האָבן זיי, ניט ווײַט פון דאָרט, אין אַ גערטנדל פון אַ קליינער צערקווע, דערהערט דאָס געזאַנג פון אַ סאָלאָוויי. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּאָר שעמעוודיקע טרעלן און איז שטיל געוואָרן. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט און האָבן געמיינט אַז ס'האָט זיך זיי אויסגעדוכט. דער סאָלאָוויי האָט, אָבער, ווידער אַ צווייטשער געטאָן, איין מאָל און אַ צווייטן מאָל, און איז זיך נאָכדעם פאַרגאַנגען אין אַ לאַנגן געטרעל. אײַנגעטוליעט איינער אין צווייטן האָבן זיי זיך צוגעהערט צום געזאַנג; די לעוואָנע האָט געשײַנט, די שטאָט איז געשלאָפן, זיי זײַנען געווען אַליין און פון ווײַטן האָט זיך געהערט דאָס גראַגערן פון נאַכט־וועכטער. ווי דאַנקבאַר זיי זײַנען געווען דעם פויגל, וואָס האָט זיך אַזוי ווי צעזונגען לעקאָוועד זיי אין אַזאַ מין פאַרוואָרפענעם און אומעטיקן אָרט! זיי האָבן אים אָנגערופן „אונדזער סאָלאָוויי" און שפּעטערצו זײַנען זיי אים אָפט געגאַנגען הערן אין די נעכט, ביז די מילכאָמע האָט זיי צעשיידט.

און איצט האָבן די קורסקער סאָלאָווייען לײַדנשאַפטלעך געזונגען אין וואַלד. אַלעקסיי, וואָס האָט אַפן צווייטן טאָג, אין שלאַכט, געדאַרפט אויסהאַלטן אַן עקזאַמען ניט פאַר אַ קאָמיסיע נאָר פאַרן טויט אַליין, האָט ניט געקענט אײַנשלאָפן, צוהערנדיק זיך צום געטרעל פון די סאָלאָווייען. ער האָט ניט געטראַכט: ניט וועגן מאָרגנדיקן טאָג, ניט וועגן דער

נאָענטער שלאַכט, ניט וועגן דער מעגלעכקייט פון טויט, נאָר וועגן ווײַטן סאָלאָוויי וואָס האָט געזונגען פאַר זיי עטלעכע מאָל אין די פאָרשטעט־לעך פון קאַמישין; ער האָט געטראַכט וועגן „זייער" סאָלאָוויי, וועגן אָלגאַן, וועגן זײַן קליינער געבורט־שטאָט.

אין מיזרעך האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. די געטרעלן פון די סאָלאָ־וויעו זײַנען ביסלעכווײַז פאַרשטיקט געוואָרן דורך דער קאַנאָנאַדע. די זון איז פּאַמעלעך אויפגעגאַנגען אַפן שלאַכטפעלד, אַ גרויסע, אַ רויטלעך־פּורפּורדיקע; אירע שטראַלן האָבן קוים־קוים געקענט דורכדרינגען דורכן קאָמפּאַקטן רויך פון די שאָסן און פון די אויפרײַסן.

## .4

די שלאַכט אַפן קורסקער בויגן איז געוואָרן אַלץ מער פאַרביסענער. די טבילעסדיקע דײַטשישע פּלענער דורכצוברעכן מיט איין שטאַרקן קלאַפּ פון זייערע מעכטיקע טאַנקען־קוילעס אונדזערע באַפעסטיקונגען אַף צאָפן און דאָרעם פון קורסק, פאַרקוועטשן די צוואַנגען, אַרומרינגלען די קורס־קער רויטאַרמייאישע גרופּירונג און אָרגאַניזירן אַ „דײַטשישן סטאַלינ־גראַד", זײַנען אינגאַנצן דורכגעפאַלן אַ דאַנק דער פעסטקייט פון דער פאַרטיידיקונג. די הויכע דײַטשישע קאָמאַנדע האָט גלײַך פאַרשטאַנען אַז זי וועט ניט קענען דורכברעכן דעם פראָנט, און אַז אויב זי וואָלט עס אַפילע יאָ געקאָנט, וואָלטן אירע פאַרלוסטן געווען אַזוינע גרויסע, אַז עס וואָלטן איר ניט געקלעקט קיין קויכעס צו פאַרמאַכן די צוואַנגען. ס'איז, אָבער, געווען שוין צו שפּעט אָפּצוהאַלטן זיך. היטלער האָט גע־לייגט אַ סאַך האָפענונגען — סטראַטעגישע, טאַקטישע, פּאָליטישע — אַף דער דאָזיקער אָפענסיווע. דער שנײַי־קנויל האָט זיך גענומען קײַקלען. איצט האָט ער זיך געטראָגן בארג־אַראָפּ, פאַרגרעסערנדיק נאָכאַנאַנד זײַן פאַרנעם, פאַרכאַפּנדיק און מיטשלעפּנדיק מיט זיך אַלץ וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אַפן וועג. די וואָס האָבן אים אַ שטויס געטאָן האָבן שוין ניט געהאַט קיין קויכעס אָפּצוהאַלטן אים. דער דײַטשישער אוואַנס האָט אויסגעמאַטערט ניט מער ווי אייניקע קילאָמעטער. פאַרלוירן האָט דער סוי־נע גאַנצע דיוויזיעס אין אַרמיי־קאָרפּוסן, הונדערטער טאַנקען און קאַנאָ־נען, טויזנטער אויטאָמאָבילן. די אַטאַקירנדיקע אַרמייען זײַנען אָפּגע־שוואַכט געוואָרן און אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. דער דײַטשישער גענעראַל־שטאַב האָט זיך אָפּגעגעבן כעשבן וועגן דעם, אָבער ער האָט שוין ניט געקענט אָפּהאַלטן דעם לויף פון די געשעענישן. ער איז געווען געצוווּנגען צו וואַרפן נײַע און נײַע רעזערוון אין גענעם פון דער אויסגעבראָכענער שלאַכט.

די סאָוועטישע קאָמאַנדע האָט אָפּגעשלאָגן די דײַטשישע קלעפּ מיט

די ליניע־איינהייטן וואָס האָבן פֿאַרטיידיקט דעם פֿראָנט. וואַכנדיק אויפֿמערקזאַם איבער דער אַנטוויקלונג פֿון דער דײַטשישער אָפֿענסיווע, וואָס איז געוואָרן אַלץ פֿאַרביסענער, האָט די סאָוועטישע אָנפֿירונג געהאַלטן אירע רעזערוון אין רעטאַגוואַרד און געוואַרט אַז עס זאָל זיך אויסשעפּן די אינערציע פֿון סוינעס קלאַפּ. ווי מערעסיעוו האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט זײַן פּאָלק געדאַרפֿט דעקן אַן אַרמיי וואָס איז קאָנצענטרירט געוואָרן ניט פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג, נאָר פֿאַרן אָנגריף. צוליב דעם טאַקע זײַנען די טאַנקיסטן און יאַגד־אַוויאַטאָרן געווען איינפֿאַכע צוקוקער. אין דער ערשטער פֿאַזע פֿון דער שלאַכט. ווען דער סוינע האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אין קאַמף אַלע זײַנע קויכעס, איז אין אַעראָדראָם אָפּגערופֿן געוואָרן דער אַלאַרם־צושטאַנד נומער איינס. די מאַנשאַפֿטן איז דערלויבט געוואָרן צו שלאָפֿן אין די באַהעלטענישן און אַפֿילו אויסצוטאָן זיך. מערעסיעוו און פּעטראָוו האָבן איבערגעאַנדערשט זייער וווינונג. זיי האָבן אַרויסגעוואָרפֿן די בילדלעך פֿון די קינאָ־אַקטריסעס און פֿון די פֿרעמדע פּייזאַזשן, האָבן אַראָפּגעריסן די דײַטשישע קאַרטאָגעס און פּאַפּירן, און האָבן באַצירט די ווענט מיט בעריאָזענע און סאָסנאָווע צווײַגן. עס האָט זיך אויך אויפֿגעהערט צו שיטן זאַמד אין זייער הייל.

איינמאָל אין אַ פֿרימאָרגן, ווען די קלאָרע זון־שטראַלן זײַנען אַרײַנגעדרונגען אינעווייניק און געלייגט זיך אַפֿן דיל וואָס איז געווען באַלייגט מיט סאָסנע־צווײַגן, און ווען ביידע פֿרײַנט זײַנען נאָך געווען אויסגעצויגן אַף זייערע געלעגערס, וואָס זײַנען געווען אויסגעהאַקט אין וואַנט, האָבן זיך אויבן, אַפֿן שטעגל, דערהערט שנעלע טריט און ס׳האָט זיך דערטראָגן דאָס מאַגישע וואָרט: „פּאָסט!”.

ביידע האָבן גלײַכצײַטיק אַראָפּגעוואָרפֿן די קאָלדרעס, אָבער איידער מערעסיעוו האָט נאָך באַוויזן אַרײַנצוקריכן אין זײַנע קינסטלעכע פֿיס, האָט שוין פּעטראָוו געהאַט צײַט צוצולויפֿן צום פּאָסט־טרעגער און אומצוקערן זיך מיט בלויז צוויי בריוו פֿאַר אַלעקסייען. אַ בריוו פֿון דער מאַמען און אַ בריוו פֿון אָלגאַן. מערעסיעוו האָט זיי אַרויסגעריסן פֿון פּעטראָווס הענט, אָבער פּונקט אין יענעם מאָמענט האָט מען צונויפֿגערופֿן די אַוויאַטאָרן אין אַעראָדראָם. מען האָט שנעל געבראַזגעט אַף אַ שטיק שינע; מען האָט גערופֿן די מאַנשאַפֿטן צו די אַפּאַראַטן. מערעסיעוו האָט אַרײַנגערוקט די בריוו אין בוזעם, האָט זיך גלײַך פֿאַרגעסן אין זיי און איז נאָכגעלאָפֿן פּעטראָוון איבערן וואַלד־שטעגל, וואָס האָט געפֿירט צום אָרט ווו ס׳האָבן זיך געפֿונען די אַוויאָנען. ער איז געלאָפֿן גאַנץ שנעל, אָנשפּאַרנדיק זיך אַפֿן שטעקן און וויגנדיק זיך. ווען ער איז צוגעקומען צום אַוויאָן, איז שוין דער מאָטאָר געווען אָפּגעדעקט. דער מעכאַניקער, אַ שמייכלענדיקער באָכער מיט אַ צעפּאָקטן פּאָנעם, האָט זיך אומגעדולדיק באַוועגט אַרום אַפּאַראַט.

דער מאָטאָר האָט גערוישט. מערעסיעוו האָט אַ קוק געטאָן אַפֿן

„זעקסטן", אין וועלכן ס'איז געפלויגן דער שעף פון דער סקוואַדריליע. דער קאַפּיטאַן טשעסלאָוו האָט אַרויסגעפירט זײַן אַוויאָן אַף דער וואַלדלאַנקע. ער האָט אויפגעהויבן זײַן אָרעם איבער דער קאַבינע. דאָס האָט באַטײַט: „אַכטונג!" די מאָטאָרן האָבן גערוישט. דער ווינט האָט צוגעבויגן צו דער ערד די גלאַנציקע גראָזן; די גרינע קודלעס פון די בעריאָזעס האָבן געפלאַטערט אַפן ווינט.

איינער פון די פּילאָטן, וואָס האָט אָנגעיאָגט אַלעקסייען, האָט געהאַט צײַט איבערצוגעבן אים אַז די טאַנקיסטן זײַנען אַריבער אין אָנגריף. די גאַנצע אַרמיי וואָס איז געווען קאָנצענטרירט אין וואַלד איז געוואָרפן געוואָרן אַף די דײַטשן, וואָס זײַנען געווען אויסגעשעפּט פון זייערע פרוכטלאָזע באַמיִונגען. די פּילאָטן האָבן איצט געדאַרפט דעקן דעם טאַנקען־אָנגריף אַף די פײַנטלעכע פּאָזיציעס, וואָס זײַנען שוין פון פריִער צעשטערט און אָפּגעווייכט געוואָרן דורך דער אַרטילעריע; זיי האָבן געדאַרפט אָפּרייניקן און באַשיצן דעם הימל איבער די אָנגרײַפנדיקע טאַנקיסטן. בלויז באַשיצן? ניין, אין אַזאַ פאַרביסענער שלאַכט האָבן ניט געקענט געמאָלט זײַן קיין סטאַם אַרויספליִען. פריִער צי שפּעטער, אין אַזאַ צי אין אַן אַנדער ווינקל פון הימל, וועט מען מוזן באַגעגענען דעם פײַנט. ערשט אין אַזאַ באַגעגעניש האָט אַלעקסיי געקענט אויספּרוּוון זײַנע קויכעס, באַווײַזן אַז ער איז ניט ערגער פון „וועלכן ניט איז" אַנדער פּילאָט, אַז ער האָט דערגרייכט זײַן ציל.

אַלעקסיי איז געווען עמאָציאָנירט. דאָס איז, אָבער, ניט געווען די מוירע פאַרן טויט און ניט דאָס געפיל פון נאַטירלעכער געפאַר וואָס נעמט אַרום אַפילע די סאַמע דרייסטסטע און קאַלטבלוטיקסטע פּערזאָנען. ער האָט זיך געזאָרגט וועגן אַן אַנדער זאַך: האָבן די געווער־ספּעציאַליסטן גוט קאָנטראָלירט די מיטראַליעזעס און די קאַנאָנען? וועט פונקציאָנירן גוט זײַן קאַפּטער־מעגאַפאָן וואָס איז נאָך ניט אויסגעפּרוּווט געוואָרן אין שלאַכט? וועט זיך ניט פאַרשפּעטיקן פּעטראָוו, וועט ער ניט צעבושט ווערן ווען ס'וועט אים אויספאַלן צו קעמפן מיטן סוינע? ווו איז דער שטעקן? האָט ער ניט פאַרלוירן וואַסילי וואַסיליעוויטשעס מאַטאָנע? און ער האָט אַפילע געטראַכט צי עמעצער וועט ניט צונעמען פון דער באַהעלטעניש דעם ראָמאַן, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען און איבערגעריסן אַפן סאַמע אינטערעסאַנטסטן אָרט. ער האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט זיך ניט געזעגנט מיט פּעטראָוון און ער האָט פון דער קאַבינע געמאַכט אים אַ צייכן מיט דער האַנט. יענער האָט אָבער ניט באַמערקט. אַף זײַן פּנים, וואָס איז געווען אײַנגעראַמט אין פעלענעם קאַפּטער, האָבן געברענט רויטע פלעקן. ער האָט געקוקט מיט אומגעדולד אַפן אויפגעהויבענעם אָרעם פון שעף. טשעסלאָוו האָט אַראָפּגעלאָזן דעם אָרעם. ס'האָבן זיך פאַרמאַכט די קאַבינעס.

ס'האָבן אַ הודזשע געטאָן 3 אַוויאָנען, האָבן אַ ריר געטאָן און זיך

צעיאָגט; דאָס זעלבע האָבן געטאָן נאָך 3, און אויך דער דריטער פּאַטרול האָט אָנגעהויבן רירן זיך. די ערשטע אַוויאָנען האָבן זיך אויפגעהויבן אינדערהייך. הינטער זיי האָט זיך געטראָגן מערעסיעוס פּאַטרול. אונטן האָט זיך געוואַקלט פון איין זײַט אַפן צווייטן די פלאַכע ערד. ניט פאַרלירנדיק פון אויג די ערשטע 3 אַוויאָנען, האָט אַלעקסיי אויסגעגלײַכט זײַן פּאַטרול הינטער זיי, און האַרט הינטער אים זײַנען נאָכגעפלויגן די לעצטע דרײַ.

זיי זײַנען אָנגעקומען איבער דער ערשטער פײַער־ליניע. די ערד, וואָס איז געווען צעלעכערט און איבערגעקנאָטן דורך די סנאַריאַדן, האָט פון אויבן אויסגעזען ווי אַ שטויביקער וועג, אַף וועלכן עס איז געפאַלן דער ערשטער גוס פון אַ שלאַקס־רעגן. די טראַנשייען זײַנען געווען איבערגעדרייט און צעשטערט; די קליינע קנעפּעלעך פון די קאַזעמאַטן און באַפעסטיקונגען זײַנען געווען באַדעקט מיט קלעצער און מיט ציגל. איבערן גאַנצן צעגראָבענעם טאָל האָבן אויפגעבלינצלט און אויסגעלאָשן זיך געלע פונקען. דאָס איז געווען דער פײַער פון דער גרויסער שלאַכט. ווי קליין און מעשונעדיק, ווי קינדערשפּילעריש, דאָס האָט אַלץ אויסגעזען פון אויבן! ס'איז שווער געווען צו גלייבן אַז דאָרט אונטן ברענט אַלץ, ציטערט, ברומט און אַז דער טויט טראָגט זיך אַרום איבער דער צעקאַליעטשעטער ערד, וואָס איז אײַנגעהילט אין רויך און סאַזשע.

זיי זײַנען געפלויגן איבער די ערשטע ליניעס, האָבן געמאַכט אַ האַלבקרײַז איבערן סוינעס רעטאַגוואַרד און האָבן ווידער שנעל געקרייצט די פײַער־ליניע. קיינער האָט אין זיי ניט געשאָסן. די ערד איז געווען צופיל פאַרטאָן אין אירע שווערע ערדישע געשעפטן, אַז זי זאָל זיך פאַרגינען צו שענקען אויפמערקזאַמקייט 9 קליינע אַוויאָנען וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער איר. „ווו זײַנען ערגעץ די טאַנקיסטן? אַהאַ, אָט זײַנען זיי!" מערעסיעוו האָט געזען ווי די טאַנקען, איינע נאָך די אַנדערע, האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון אַ שמאַראַגד־גרינעם וואַלד אין פעלד אַרײַן. פון אינדערהייך זײַנען זיי ענלעך געווען אַף גראָע, אומגעלומפּערטע זשוקעס. אַ ווײַל שפּעטער זײַנען זיי שוין געווען אַ סאַך און ס'האָבן ניט אויפגעהערט אַרויסצוקריכן נאָך און נאָך פון דער געדיכטעניש. די ערשטע זײַנען שוין אַרויפגעקראָכן אַף אַ בערגל און האָבן דערגרייכט דעם ערד־פּאַס וואָס איז צעאַקערט געווען דורך די סנאַריאַדן. פון זייערע לאַנגע שנוקן האָבן גענומען אַרויספליִען רויטע פונקעלעך. אַפילע אַ קינד אָדער אַ נערוועזע פרוי וואָלטן זיך ניט דערשראָקן פון דאָזיקן גיגאַנטישן טאַנקען־אָנגריף, פון דאָזיקן אימפּעטדיקן אָנפאַל פון הונדערטער וועגענער אַף די רעשטלעך פון די דײַטשישע באַפעסטיקונגען, ווען זיי קוקן זיך צו צום דאָזיקן ספּעקטאַקל פונדערלופטן, אַזוי ווי מערעסיעוו.

אין יענעם מאָמענט האָט ער דערהערט, צווישן די גערוישן און זשומערײַען וואָס האָבן אָנגעפילט די טרײַבלעך פון קאַפּטער, טשעסלאָווס

הייזעריקע שטים, וואָס איר גלײַכגילטיקייט האָט זיך עפּעס ווי ניט גע־פּאַסט צו יענער רעגע:

— אַכטונג! איך בין לעאָפּאַרד 3, איך בין לעאָפּאַרד 3. „יונקערס" אַף רעכטס!

פונדערווײַטנס האָט אַלעקסיי געזען דאָס קליינע שטריכעלע פון שעפּס אַוויאָן. דאָס שטריכעלע האָט זיך פאַרקערעוועט. דאָס האָט באַ־טײַט: „טוט דאָס זעלבע וואָס איך".

מערעסיעוו האָט איבערגעגעבן דעם זעלבן באַפעל צו די וואָס האָבן אים נאָכגעפאָלגט. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף הינטער: זײַן באַגלייטער איז געפלויגן לעבן אים, קימאַט ווי צוגעקלעפּט צו זײַן אַפּאַראַט. בראַוואָ!

— ברודערקע, פאַרליר ניט דעם מוט! — האָט צו אים אַ געשריי געטאָן מערעסיעוו.

— כ'פאַרליר ניט! — האָט ער דערהערט פּעטראָווס שטים, צווישן אַ כאַאָס פון סקריפּערײַען און זשוזשערײַען.

— איך בין לעאָפּאַרד 3, איך בין לעאָפּאַרד 3. אַלע נאָך מיר! — האָט אַ הילך געטאָן דער לאַרינגאָפאָן.

דער סוינע איז געווען נאָנט. אַביסל נידעריקער, אין אַ דאָפּלטער אינדישער ריי — די באַליבטסטע פאָרמאַציע פון די דײַטשן — זײַנען געפלויגן עטלעכע „יאָט־87" — איינמאָטאָריקע פּיק־באָמבאַרדירער. די דאָזיקע באַרימטע אַוויאָנען האָבן באַקומען אַ בייזן שעם אין די שלאַכטן פון פּוילן, פראַנקרײַך, האָלאַנד, דענעמאַרק, בעלגיע און יוגאָסלאַוויע. אין אָנהייב קריג זײַנען זיי געווען אַ נײַס, און די וועלט־פּרעסע האָט דערציילט וועגן זיי שוידערלעכע געשיכטעס. איבער די שטאָכים פון ראַטנפאַרבאַנד זײַנען זיי, אָבער, שנעל פאַרעלטערט געוואָרן. די סאָוועטישע פּילאָטן, האָבן, אַפן סמאַך פון פּילצאָליקע שלאַכטן, אויסגעפונען זייערע שוואַכע פּונקטן און די דאָזיקע „יונקערס" זײַנען שוין איצט באַטראַכט געוואָרן דורך די סאָוועטישע טשעמפּיאָנען ניט ווי וויכטיקע אַפּאַראַטן, נאָר עפּעס אַזוי ווי [?]פּאַטקעס אָדער האָזן, צו וועלכע דער יעגער דאַרף ניט האָבן קיין ספּעציעלע געניטקייט.

דער קאַפּיטאַן טשעסלאָוו האָט ניט אַ וואָרף געטאָן זײַן סקוואַדריליע דירעקט אַפן סוינע, נאָר איז פאַרפלויגן דורך אַרום. מערעסיעוו האָט פאַרשטאַנען אַז דער פיפיקער קאַפּיטאַן וויל זיך אויסדרייען מיטן רוקן צו דער זון, קעדיי, נאָכדעם, פאַרמאַסקירנדיק זיך אין אירע פאַרבלענדנדיקע שטראַלן, דערנענטערן זיך אומבאַמערקט צום סוינע און אומגע־ריכטערהייט אָנפאַלן אַף אים. אַלעקסיי האָט אַ שמייכל געטאָן: „איז אַזאַ קאָמפּליצירטער מאַנעוור ניט קיין צו גרויסער קאָוועד פאַר די „יונקערס"? זײַן פאָרזיכטיק, שאַדט, אָבער, קיינמאָל ניט". ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אַף הינטער. פּעטראָוו האָט אים נאָכגעפאָלגט. אַפן פּאָן פון אַ ווײַסן וואָלקן האָט ער זיך דײַטלעך געזען.

די פֿײַנטלעכע אַוויאָנען האָבן זיך איצט געפֿונען נאָך נידעריקער, רעכטס פֿון זיי. די דײַטשן זײַנען געפֿלויגן אין אַ שײַנער און געניייער פֿאָרמאַציע, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען פֿאַראייניקט דורך געהיימע פֿע־דעם. די פֿליגל פֿון זייערע אַוויאָנען האָבן בלענדיק געגלאַנצט, אילומי־נירטע דורך די זון־שטראַלן, וואָס זײַנען געפֿאַלן אַף זיי פֿון אויבן.

— . . . לעאָפּאַרד 3. אָנגרײַפֿן! —האָט אַ הילך געטאָן אין מערע־סיעווס אויער אַ פֿראַגמענט פֿון זײַן שעפֿס באַפֿעל.

פֿון זײַן רעכטער זײַט האָט ער דערזען ווי טשעסלאָוו און זײַן באַ־גלייטער גליטשן זיך אַראָפּ שנעל פֿון אויבן אַראָפּ ווי פֿון אַן אײַז־באַרג און פֿאַלן אַן אַפֿן פֿלאַנק פֿון סוינעמס פֿאָרמאַציע. די פֿעדעם פֿון די צייכנ־דיקע קוילן האָבן דורכגעשטעפּט דעם נאָענטסטן „יונקער", וואָס האָט גלײַך אַראָפּגעקראַכט. טשעסלאָוו, זײַן באַגלייטער און דער דריטער פֿון זײַן פּאַטרול האָבן זיך דורכגעפֿילטרירט דורך דער לאָך וואָס איז גע־בליבן אין דער פֿאָרמאַציע און זײַנען פֿאַרשוווּנדן הינטער דער דײַטשישער ליניע. די פֿאָרמאַציע האָט זיך גלײַך צונויפֿגעשלאָסן הינטער זיי. די „יונקערס" זײַנען ווײַטער געפֿלויגן אין אַ פּערפֿעקטער ליניע.

נאָכן אויסרופֿן זײַן פּאַראָל, האָט אַלעקסיי געוואָלט אַ געשריי טאָן „אָנגרײַפֿן!", אָבער צוליב צערודערטקייט איז פֿון זײַן גאָרגל אַרויס בלויז אַ שאַרפֿער „אַה־אַ־אַ־אַ!..." ער האָט זיך גלײַך אַ וואָרף געטאָן אַף אונטן, גאָרניט זעענדיק, אויסער די פּערפֿעקטע דײַטשישע פֿאָרמאַ־ציע. ער האָט אָנגעשטעלט זײַן בליק אַפֿן דײַטש וואָס האָט פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿון אַראָפּגעקראַכטן אַוויאָן. ס'האָט אים שטאַרק געריישט אין די אויערן און זײַן האַרץ איז שיר ניט אַרויסגעשפּרונגען דורכן גאָרגל. ער האָט אַרײַנגעפּאַקט דעם סוינעמס אַוויאָן אין ציל־רעמל און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, האַלטנדיק זײַנע פֿינגער אַף די שיס־צינגעלעך. רעכטס האָט ער באַמערקט עפּעס אַזוינס ווי גראָע, האַריקע שטריק. „אַהאַ! זיי שיסן. ניט געטראָפֿן. זיי שיסן ווידער און נענטער. ער איז גאַנץ. און פּעטראָוו? אויך גאַנץ. ער האָט זיך פֿאַרקירעוועט אַן אַ זײַט. לינקס איז ער. בראַוואָ, באַכורעץ!" דער גרויער קאָרפּוס פֿון „יונקער" איז גע־וואַקסן אין ציל־רעמל. די פֿינגער האָבן געפֿילט די קאַלטקייט פֿון די אַלומינענע צינגלעך. „נאָך אַביסעלע!..."

אין יענעם מאָמענט האָט אַלעקסיי, מיט אַ טריומף־געפֿיל, דערשפּירט זײַן פֿולשטענדיקע צונויפֿגעגאָסנקייט מיטן אַפּאַראַט. דער מאָטאָר האָט אַזוי ווי געקלאַפּט באַ אים אין ברוסט, ער האָט געפֿילט מיט זײַן גאַנצן וועזן די פֿליגל און די רודערס. עס האָט זיך אים אַפֿילע אויסגעדוכט אַז די אומגעלומפּערטע, קינסטלעכע פֿיס זײַנען פֿול מיט שפּירעוודיקייט און שטערן ניט זײַן צונויפֿגיסונג מיטן אַפּאַראַט, וואָס באַוועגט זיך מיט אַזאַ בליץ־שנעלקייט.

דער שלאַנקער, פֿאַלירטער קאָרפּוס פֿונעם „דײַטש" איז אַנטרונען

געוואָרן, אָבער ווידער האָט אים אַלעקסיי געכאַפּט אין ציל־רעמל. אין אַ גלײַכער ליניע האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אים און האָט אָנגעדריקט דעם צינגל. ער האָט ניט געהערט די שאָסן און האָט ניט געזען די ליניעס פֿון די צייכנדיקע קוילן, אָבער ער איז געווען זיכער אַז ער האָט געטראָפֿן. ניט אָפּהאַלטנדיק זיך, איז ער געפֿלויגן גלײַך אַפֿן סוינעס אַוויאָן, זײַענדיק זיכער אַז יענער וועט אַראָפּקראַכן, נאָך איידער ער וועט באַווײַזן צונויפֿצושטויסן זיך מיט אים. אויפֿהייבנדיק דעם בליק פֿון ציל־רעמל האָט אַלעקסיי, אָן איבעראַשטער, באַמערקט אַז לעבן ערשטן קראַכט אויך אַראָפּ אַ צווייטער אַוויאָן. זאָל עס מעגלעך זײַן אַז ער האָט אַראָפּגעשאָסן ביידע? ניין. ס'איז געווען פּעטראָוו, וואָס איז איצט געפֿלויגן פֿון דער רעכטער זײַט. דאָס איז געווען זײַנע אַ שטיקל אַרבעט. „בראַוואָ, אָנפֿאַנגער!" און דער דערפֿאָלג פֿון יונגן פֿרײַנט האָט ניט ווינציקער דערפֿרייט אַלעקסייען ווי זײַן אייגענער אויפֿטו.

דער צווייטער פּאַטרול האָט זיך דורכגעפֿילטרירט דורך דער לאָך אין דער דײַטשישער פֿאָרמאַציע. דאָרט האָט געהערשט אַ צעמישונג. די צווייטע כוואַליע דײַטשישע אַוויאָנען, וואָס זײַנען, קענטיק, פּילאָטירט געוואָרן דורך ווייניקער געניטע פֿליִער, האָט זיך צעשאָטן און זײַנען אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער פֿאָרמאַציע. די אַוויאָנען פֿון טשעסלאָווס פּאַטרול זײַנען געפֿלויגן צווישן יענע פֿונאַנדערגעיאָגטע „יונקערס", האָבן אָפּגערייניקט דעם הימל און האָבן געצווונגען דעם סוינע שנעל אַראָפּצוואַרפֿן זײַנע באָמבעס אַף זײַנע אייגענע טראַנשייען. טשעסלאָווס פּלאַן איז טאַקע באַשטאַנען אין צווינגען דעם סוינע צו באָמבאַרדירן זײַנע אייגענע באַפֿעסטיקונגען. דאָס אויסנוצן די זון האָט דאָ געשפּילט אַ צווייטראַנגיקע ראָל.

די ערשטע ריי דײַטשישע אַפּאַראַטן האָט זיך, אָבער, ווידער צוזאַמענגעשלאָסן. די „יונקערס" זײַנען ווײַטער געפֿלויגן אַהין וווּ די טאַנקען האָבן דורכגעבראָכן דעם פֿראָנט. דער אָנגריף פֿון דריטן פּאַטרול האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. די דײַטשן האָבן ניט פֿאַרלוירן קיין איין אַפּאַראַט, אין דער צײַט ווען איינער פֿון די יאַגדלער האָט אַראָפּגעקראַכט, אַ געטראָפֿענער פֿון סוינעס פֿײַער. דאָס אָרט, וווּ די טאַנקען האָבן אַטאַקירט, האָט זיך שוין געפֿונען נאָענט. עס איז ניט געווען קיין צײַט אויפֿצוהייבן זיך העכער. טשעסלאָוו האָט באַשלאָסן צו ריזיקירן מיט אַן אָנגריף פֿון אונטן. אַלעקסיי האָט אין געדאַנק מאַסקים געווען מיטן דאָזיקן באַשלוס. פֿון זײַן זײַט, האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט „אַ שטאָך טאָן" דעם סוינע אין בויך, אויסנוצנדיק צו דעם די אויסגעצייכנטע אייגנשאַפֿטן וואָס עס האָט דער „לאַ־5" באַם אַרויפֿשטײַגן ווערטיקאַל. דער ערשטער פּאַטרול האָט זיך שוין אַ וואָרף געטאָן אַף אַרויף און די פֿעדעם פֿון די צייכנדיקע קוילן האָבן אַרויפֿגעשטיגן ווי דינע שטראָמלעך פֿון אַ שפּריצער. צוויי דײַטשישע אַוויאָנען זײַנען גלײַכצײַטיק אַרויסגעפֿאַלן

פון דער פּאָרמאַציע. איינער פון זיי האָט זיך מיטאַמאָל צעשפּאָלטן אינ־דערלופטן. זײַן עק האָט זיך שיר ניט צוזאַמענגעשטויסן מיטן מאָטאָר פון מערעסיעווס אַפּאַראַט.

— אַכטונג ! —האָט אַ געשריי געטאָן מערעסיעוו, וואַרפנדיק אַ בליק אַפן סילועט פון זײַן באַגלייטער, אין דער צײַט ווען ער האָט אַ צי געטאָן צו זיך דאָס הענטל פון רודער.

ער האָט געהאַט אַ געפיל אַז די ערד דרייט זיך איבער. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז אַ שווערער קלאַפּ האָט אים צוגעפּלעטשט צום זיץ־אָרט און ער האָט דערפילט אַ מין טאַאַם פון בלוט אין מויל און אױף די ליפּן. אַ רויטער שלייער האָט אָנגעהויבן פאַרנעפּלען זײַנע אויגן. דער אַפּאַראַט, קימאַט אַ ווערטיקאַלער, האָט זיך שנעל אַ וואָרף געטאָן אַף אינדערהייך. אַן אויסגעצויגענער מיט דער פּלייצע אַפן רוקן פון זײַן בענקל, האָט אַלעקסיי אַ ווײַל געזען אין זײַן ציל־רעמל דעם בונט־באַ־פאַרבטן בויך פון „יונקער”, די אָראָדינאַמישע פאָנצערס וואָס האָבן באַשיצט זײַנע גרויסע רעדער און אַפילע די ברעקלעך ליים פון אַעראָדראָם וואָס זײַנען געווען אָנגעקלעפּט אַף זיי.

ער האָט אָנגעקוועטשט ביידע צינגלעך. ווו האָט ער געטראָפן ? אין די נאַפט־רעזערוון, אין מאָטאָר, אין די באָמבעס ? ער האָט ניט געוווּסט. דער דײַטשישער אַוויאָן איז, אָבער, גלײַך פאַרשוווּנדן, אַן אײַנגעהילטער אין אַ ברוינעם אויפרײַס־וואָלקן.

מערעסיעווס אַוויאָן איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן אָן אַ זײַט און ער האָט זיך פאַרבײַגעטראָגן נאָנט פון אַ פײַער־מאַסע. ווען ער האָט צוריק־געבראַכט דעם אַוויאָן אין אַ האָריזאָנטאַלער פּאָזיציע, האָט אַלעקסיי באַ־טראַכט דעם הימל. זײַן באַגלייטער איז געווען פון לינקס און איז אַזוי ווי געהאַנגען אין דער אומענדלעכער בלויקייט פון הימל, אַף אַ וואָלקן־שיכט, וואָס האָט דערמאָנט אין ווײַסע מולינעס. דער הימל איז געווען פּוסט ; בלויז אַפן האָריזאָנט, אַפן פאָן פון ווײַטע וואָלקנס, האָבן זיך געזען די קליינע שטריכעלעך פון די „יונקערס”, וואָס זײַנען געווען צע־שפּרייט אין פאַרשיידענע ריכטונגען. אַלעקסיי האָט אַ קוק געטאָן אַפן זייגער און איז איבערראַשט געוואָרן. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז די שלאַכט האָט געדויערט לעכאָל־האַפּאָכעס אַ האַלבע שאָ און אַז עס האָט שוין געדאַרפט באַלד אויסלאָזן זיך די נאַפט ; דער זייגער האָט, אָבער, געוויזן, אַז אַלץ מיט אַנאַנדער האָט בעסאַכאַקל געדויערט דרײַ מיט אַ האַלב מינוט.

— לעבסט ? —האָט ער געפרעגט זײַן באַגלייטער וואָס האָט זיך „אריבערגעצויגן” אַף רעכטס און איז געפלויגן לעבן אים.

צווישן אַ געפילדער פון קלאַנגען האָט ער דערהערט אַ ווײַטע און ענטוזיאַסטישע שטים :

— ב'לעב... די ערד... גיב אַ קוק אַף דער ערד...

אונטן, אין פאַרשיידענע פּונקטן פון געבוואַליעטן, צעגראָבענעם און צעשמעטערטן טאָל, האָבן געברענט פאַרשיידענע נאַכט־שײַטערס. זייער געדיכטער רויך האָט זיך זײַלנווײַז אויפגעהויבן אין דער רויִקער לופט. אַלעקסיי האָט, אָבער, ניט געקוקט אױף די רעשטלעך פון די פײַנטלעכע אַוויאָנען וואָס האָבן געהאַלטן אין פאַרברענט ווערן, נאָר אױף יענע גרוי־גרינלעכע זשוקעס, וואָס זײַנען געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן פעלד און האָבן דורך צוויי גראָבנס געקלעטערט צו די פײַנטלעכע פּאָזיציעס. די ערשטע טאַנקען האָבן שוין אַריבערגעקלעטערט די טראַנשייען. אױף דער אַנדער זײַט פון דער באַפעסטיקטער ליניע האָבן זיי ווײַטער אַוואַנסירט און זייערע שנוקן האָבן געבראַכן מיט רויטע פײַער־צינגלעך, ניט געקוקט אױף דעם וואָס הינטער זיי האָבן נאָך געפײַערט די פײַנטלעכע שאַסן און געשפּרייט זיך די רויכלעך פון דער דײַטשישער אַרטילעריע.

מערעסיעוו האָט זייער גוט געוווּסט וואָס עס באַדײַטן די דאָזיקע הונדערטער זשוקעס אין דער טיף פון די צעשטערטע דײַטשישע פּאָזיציעס.

עס האָט פּאַסירט דאָס וואָס עס האָט אָפּן צווייטן טאָג געלייענט מיט סימכע אין די צײַטונגען דאָס סאָוועטישע פאָלק און די גאַנצע פרײַ־הייט־ליבנדיקע וועלט. אין איינעם פון די סעקטאָרן פון דער גרויסער שלאַכט בײַ קורסק האָט די רויטע אַרמיי, נאָך אַ מעכטיקער צווייישאָעדי־קער אַרטילערישער צוגרייטונג, דורכגעבראָכן די דײַטשישע פאַרטיידי־קונג, אַרײַנגעדרונגען מיט איר גאַנצער קראַפט דורכן געעפנטן שפּאַלט און דורכגעבראָכן אַ וועג פאַר די סאָוועטישע כאַיאַלעם וואָס האָבן אָנ־געהויבן זייער אָפענסיווע.

פון די 9 אַפּאַראַטן פון קאַפּיטאַן טשעסלאָווס סקוואַדריליע האָבן זיך צוויי יענעם טאָג ניט אומגעקערט אָפן אַעראָדראָם. אין קאַמף זײַנען אַראָפּגעשאָסן געוואָרן 9 „יונקערס". 9 אױף 2 איז, אָן ספק, געווען אַ גוטער רעזולטאַט, ווען מען רעכנט אױף אַפּאַראַטן; אָבער דער פאַרלוסט פון צוויי כאַווירים האָט אָפּגעקילט די פרייד פון ניצאָכן. די פּילאָטן זײַנען שטיל אַרוים פון די אַוויאָנען; זיי האָבן ניט געשרײַען, ניט זשעס־טיקולירט און ניט דיסקוטירט אױף אַ לעבעדיקן אופן דעם פאַרלויף פון קאַמף און ניט דורכגעלעבט נאָכאַמאָל די פאַרגאַנגענע געפאַר, ווי עס טרעפט שטענדיק נאָך אַ געלונגענעם פאַרמעסט. פאַרכמורעטע זײַנען זיי געגאַנגען צום שטאָב פון גענעראַל־שטאַב קעדריי איבערצוגעבן, אין קורצע ווערטער, די רעזולטאַטן, און האָבן זיך צעשיידט ניט אָנקוקנדיק איינער דעם צווייטן.

אַלעקסיי איז געווען אַ נײַער אין פאָלק. ער האָט אַפילע לויטן אויס־זען ניט געקענט די וואָס זײַנען אומגעקומען, אָבער ער איז באַהערשט געוואָרן פון דער אַלגעמיינער שטימונג. אין זײַן לעבן איז פאָרגעקומען די גרעסטע און וויכטיקסטע געשעעניש, אַ געשעעניש צו וועלכער ער האָט געשטרעבט מיט זײַן גאַנצן ווילן, מיט אַלע קרעפטן פון זײַן נע־

שאָמע, אַ געשעעניש וואָס האָט דעצידירט וועגן זײַן צוקונפטיקן לעבן און וואָס האָט אים אומגעקערט אַ פולווערטיקן אין די רייען פון די געזונטע מענטשן. וויפל מאָל האָט ער געטרוימט וועגן דעם־אָ טאָג! אַפן בעט פון שפיטאָל, בעמעשעך פון די גיי־ און טאַנץ־איבונגען און שטענדיק, ווען נאָר ער האָט זיך באַמיט צוריקצובאַקומען זײַנע פאַרלוירענע פליִיִיגנשאַפטן, האָט ער ניט אויפגעהערט צו טרוימען וועגן אים! און איצט, ווען דער דאָזיקער טאָג איז געקומען, ווען ער האָט אַראָפּגעשאָסן צוויי דײַטשישע אַוויאָנען, ווען ער האָט אָן קיין שום שיפלעס־געפיל געקענט באַטראַכטן זיך ווי אַ מיטגליד אין דער פאַמיליע פון די יאַגד־פּילאָטן, האָט ער זיך אויך, ווי די איבעריקע דערנענטערט צום שטאָב פון גענעראַל־שטאַב, קעדיי צו אינפאָרמירן אים וועגן דער צאָל פון זײַנע קאָרבאָנעס. מערעסיעוו האָט דעטאַלירט די אומשטענדן, געלויבט זײַן באַגלייטער און האָט זיך אַוועקגעזעצט אין שאָטן פון אַ בעריאָזע, פאַרטראַכטנדיק זיך וועגן די וואָס האָבן זיך ניט אומגעקערט.

בלויז פעטראָוו איז אַרומגעלאָפן איבערן אַעראָדראָם, אָן דעם קאַפּטער, מיט זײַנע בלאָנדע, צעשויבערטע האָר, און וועמען נאָר ער האָט אָנגעגענט האָט ער אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם און גענומען דערציילן:

— ...און מיטאַמאָל זע איך אַז אָט זײַנען זיי; מען האָט זיי מאַמעש געקענט אָנכאַפּן מיט דער האַנט. הערסט... און כ׳זע אַז דער לייטענאַנט כאַפּט זיך צום פאָדערשטן. האָב איך זיך אָנגעצילט אין דערבײַאיקן. זאָס!

נאָכדעם איז ער צוגעלאָפן צו מערעסיעוון און האָט זיך אויסגעצויגן לעבן אים אַפן גראָז. ער האָט אָבער ניט געקענט אײַנליגן רויִק און האָט זיך אויפגעהויבן.

— וואָס פאַראַ וויראַזשן איר האָט געמאַכט! פּרעכטיקע! ס׳פלעגט זיך מיר אַזש פאַרנעפלען דער בליק... ווייסט איר וויִאַזוי כ׳האָב אַ טרייסל געטאָן דעם דײַטש? הערט זיך צו... כ׳בין געפלויגן הינטער אײַך און כ׳האָב דערזען אַז אָן אַ זײַט, מיטן האַנט צו דערלאַנגען, אָט פונקט אַזוי נאָנט ווי כ׳זע אײַך...

— וואַרט, ברודערקע — האָט אים איבערגעריסן אַלעקסיי און האָט אָנגעהויבן טאַפּן די קעשענעס —. די בריוו, די בריוו. ווו האָב איך זיי ערגעץ פאַרשטעקט?

ער האָט זיך דערמאָנט אין די בריוו וואָס ער האָט באַקומען יענעם טאָג און וואָס ער האָט נאָך ניט באַוויזן צו לייענען. ניט געפינענדיק זיי אין די קעשענעס, איז אים אַרויס אַ קאַלטער שווייס. נאָכדעם, ווען ער האָט זיך אַ טאַפּ געטאָן די ברוסט און דערפילט דעם געקרוך פון די קאָנווערטן אונטער דער גימנאַסטיאָרקע, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. ער האָט אַרויסגעצויגן אָלגאַס בריוו, האָט זיך אַוועקגעזעצט

אונטער אַ בעריאָזע און האָט גענומען אויפרײַסן דעם קאָנווערט, ניט צוהערנדיק זיך צו זײַן ענטוזיאַסטישן פרײַנט.

אין יענעם מאָמענט האָט אַ רווישיקע ראַקעטע אויפגעריסן אינדערלופטן. די רויטע, פונקענווארפנדיקע שלאַנג האָט באַשריבן אַ פּאַראַבאָלע איבערן אַעראָדראָם און האָט זיך אויסגעלאָשן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַ גראָע שלעפּע, וואָס איז זיך פּאַמעלעך צעפלאָסן. די פּילאָטן האָבן זיך אויפגעהויבן מיט איין שפּרונג. לויפנדיק האָט אַלעקסיי ווידער פּאַררוקט דעם בריוו אין בוזעם; ער האָט ניט באַוויזן איבערצולייענען קיין איין שורע. עפּענענדיק דעם קאָנווערט, האָט ער בלויז באַוויזן אָנצוטאַפּן אין אים אויסערן בריוו אויך עפּעס האַרטס. ווען ער איז שוין געפלויגן בעראָש פון זײַן פּאַטרול אין דער באַקאַנטער ריכטונג, האָט ער פון צײַט צו צײַט אָנגעטאַפּט דעם קאָנווערט. וואָס קען דאָרטן זײַן?

מיטן דורכברעכן דעם פראָנט דורך דער טאַנקען־אַרמיי, האָט זיך פאַר אַלעקסיים גוואַרדייאישן יאַגד־פּאָלק אָנגעהויבן אַ שווערער פּעריאָד פון שלאַכטן. איבערן אָרט פון דורכבראָך האָט איין סקוואַדריליע קעסיידער געהאַלטן אין פאַרבײַטן די צווייטע. קוים האָט זיך אומגעקערט פון שלאַכט איין לופט־גרופּע, פלעגט זיך גלײַך אויפהייבן די צווייטע, און די נאַפט־אויטאָס פלעגן גלײַך נעמען אָנטרינקען די אָקערשט־געלאַנדעטע אוויאָנען. שטראָמען נאַפט פלעגן אַרײַנגעגאָסן ווערן אין די פוסטע רעזערוואַרן. איבער די הייסע מאָטאָרן פלעגט זיך אויפהייבן אַ געדיכטע, זשעלאַטינאַרטיקע פּאַרע, אַזאַ ווי ס'הייבט זיך אויף פון אַ פעלד נאָך אַ הייסן זומער־רעגן. די פּילאָטן פלעגן ניט אַרויסגיין פון די קאַבינעס. דאָס עסן אַפילו פלעגט מען זיי דערלאַנגען אין די אוויאָנען, אין אַלומינענע שיסעלעך. קיינער פלעגט אָבער אַלץ איינס ניט עסן. זיי פלעגן זײַן פאַרטאָן אין אַנדערע זאַכן. די ביסנס פלעגן זיך שטעלן אין האַלדז.

ווען דעם קאַפּיטאַן טשעסלאָווס סקוואַדריליע האָט ווידער געלאַנדעט און די אַפּאַראַטן האָבן זיך אַוועקגעקײַקלט צום וועלדל קעדיי אָנצונעמען פרישע נאַפט, איז מערעסיעוו, אַ שמייכלענדיקער, געבליבן זיצן אין דער קאַבינע, פילנדיק אין אַלע גלידער אַ נאָכלאָזנדיקע, אָנגענעמע מידקייט. ער האָט געקוקט אומגעדולדיק אַפן הימל און האָט צוגעאײַלט די נאַפט־אָנגיסער. די שלאַכט האָט אים אַלץ מער אַרײַנגעצויגן, ער האָט געוואָלט ווידער און ווידער פאַרמעסטן זיך. ער האָט אָפּט אָנגעטאַפּט די קרוכנדיקע קאָנווערטן אין בוזעם, אָבער אין אַזאַ לאַגע האָט ער ניט געהאַט קיין כיישעק צו לייענען.

בלויז פאַרנאַכט, ווען די אָוונטדיקע שאָטנס האָבן, אַף אַ זיכערן אויפן, געדעקט די אָפּענסיווע פון דער אַרמיי, האָט מען דערלויבט די מאַנשאַפטן דערוויײַטערן זיך צו זייערע באַהעלטענישן. מערעסיעוו איז ניט אַוועק דורכן וועלדל, ווי שטענדיק, נאָר דורך אַרום, דורכן ווילד־

גראָזיקן פעלד. ער האָט געוואָלט צונויפנעמען די געדאַנקען, אָפּרוען זיך פון האַרמידער און פון די פאַרשיידנאַרטיקע איינדרוקן פון יענעם אומ־ענדלעכן טאָג.

די נאַכט איז געווען אַ קלאָרע, אַ דופטיקע און אַזאַ שאַלוועדיקע אַז דער גערויש פון דער ווייטער קאַנאָנאַדע האָט אויסגעוויזן ווי דער געדונער פון אַ שטורעם וואָס האָט זיך שוין פאַרבייגעטראָגן. דאָס שטעגל האָט זיך געשלענגלט דורך אַ געוועזענעם קאָרן־פעלד. דאָס אומעטיקע און רויטלעכע ווילדגראָז, וואָס געוויינלעך באַהאַלט זיך עס אויס שע־מעוודיק אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון די הויפן אָדער צווישן די מעזשע־שטיינער אויף די פעלדער, האָט זיך איצט פונאַנדערגעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט און האָט צוגעדעקט אינגאַנצן די ערד, וואָס איז באַפרוכטיקט געוואָרן דורכן שוויים פון דוירעס פויערים. בלויז דאָ און דאָרט האָט אַרויסגעקוקט פון צווישן ווילדגראָז אַ דאַר, פאַר־שטיקט קאָרן־זאַנגל. דאָס כוצפּעדיקע ווילדגראָז האָט אויסגעזויפט אַלע ערד־זאַפטן און האָט צוגענומען אַלע זון־שטראַלן, אַזוי אַז די קאָרן־זאַנגען האָבן זיך אויסגעטריקנט נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צו בליִען און דערפאַר האָבן זיי ניט געקענט פאַרמירן קיין קערנער.

מערעסיעוו האָט געטראַכט אַז פונקט אַזוי האָבן די דייטשן געוואָלט פאַרוואָרצלען זיך אין אונדזערע פעלדער, אויסזויגן אונדזערע זאַפטן, באַ־לעבאַטעווען כוצפּעדיקע און דראָענדיקע איבער אונדזערע רייכטימער, באַ־האַלטן די זון און אַראָפּוואַרפן דאָס אַרבעטזאַמע און שטאַרקע פאָלק פון זיינע פעלדער, פון זיינע גערטענער; צונעמען באַ אים אַלץ, דערשטיקן אים פונקט ווי דאָס ווילדגראָז האָט דערשטיקט די קוואַרנדיקע זאַנגלעך, וואָס האָבן פאַרלאָרן אַפילו דעם דרויסנדיקן אויסזען פון געזונטער און שיינער טוווּע. און דערפילנדיק אין זיך אַן אָנפאַל פון קינדערשער רוגזע, האָט אַלעקסיי גענומען קלאַפּן מיט זיין שטעקן איבער די טונקעלע, שווע־רע און רויטלעכע קעפּלעך פון די פּאַראַזיטישע געוויקסן, און האָט זיך געפרייט ווען ער האָט געזען ווי די צעשמעטעריִרטע שטענגלעך לייגן זיך מאַסנווייז אויס אויף דער ערד. ער האָט געשוויצט ווי אַ ביבער, אָבער ער האָט געקלאַפּט אָן אויפהער איבערן ווילדגראָז, וואָס האָט דערשטיקט דעם קאָרן. מיט פרייד האָט ער דערשפּירט אין זיין מידן קערפּער אַ גע־פיל פון קאַמף און פון באַוועגונג.

אומגעריכט האָט אַ פרייך געטאָן הינטער אים אַ „ווילים", וואָס האָט אַ גרילץ געטאָן מיט די טאָרמאָזן און האָט זיך אָפּגעשטעלט אָפּן וועג. ניט זעענדיק נאָך קיינעם, האָט זיך אַלעקסיי אָנגעשטויסן אַז דער וואָס האָט אים געכאַפּט באַ אַזאַ קינדערשער אַרבעט, איז געווען דער פאָלק־שעף אַליין. אַלעקסיי איז אַזוי רויט געוואָרן, אַז ער האָט דערפילט ווי ס'ברענען אים די אויערן; ער האָט זיך געמאַכט אַז ער באַמערקט ניט דעם אויטאָ און האָט אָנגעהויבן גראָבן די ערד מיטן שטעקן.

— מיר קאָסטן? אַ שיינע באַשעפטיקונג. כ'בין דורכגעפאָרן דעם גאַנצן לאַגער און געהאַלטן אין איין פרעגן: ווו איז אונדזער העלד? ווו האָט זיך פאַרשטעקט אונדזער העלד? און אָט האָט איר אים, קעמפנדיק מיטן ווילדגראָז.

דער פאָלקאָווניק איז אַרויסגעשפּרונגען פון „ווילים". ער אַליין האָט געפירט דעם אויטאָ. אין די פרייע מינוטן האָט ער ליב געהאַט אַרויסלאָזן זיך אַליין מיט זיין „ווילים", פונקט ווי ער האָט ליב געהאַט אָנצופירן פערזענלעך מיטן פאָלק בעיס די שווערסטע איבונגען, און נאָכדעם, בעמעשעך פון די נעכט, אַריינקוקן צוזאַמען מיט די מעכאַניקער אין די מאָטאָרן און אויסשמירן זיך אַזוי ווי זיי. געוויינלעך פלעגט ער גיין אָנגעטאָן אין אַ בלויען אָוועראָל, און בלויז לויט די שטרענגע קנייטשן אַף זיין מאָגערן פּאָנעם און לויטן נייעם, עלעגאַנטן פּילאָט־היטל האָט מען אים געקענט דערקענען צווישן דער אויסגעשמירטער גרופּע מעכאַניקער.

ער האָט אַ נעם געטאָן פאַר די אַקסלען מערעסיעוון, וואָס האָט נאָך, אַ צעמישטער, אַלץ געגראָבן מיטן שטעקן די ערד.

— לאָזט־זשע מיך אַ קוק טאָן אַף אייך פונדערנאָנטן. איך זע ניט אַף אייך, צום טייוול, קיין שום אויסערגעוויינלעכס. איצט קען איך אייך מוידע זיין: ווען מען האָט אייך געשיקט אין מיין פאָלק, האָב איך ניט געגלויבט, ניט געקוקט אַף אַלץ, דאָס וואָס מען האָט געזאָגט וועגן אייך אין דער אַרמיי; כ'האָב ניט געגלויבט אַז איר וועט קענען אויסהאַלטן אַ קאַמף, ביפראַט נאָך אין אַזאַ... געלויבט זאָל זיין אונדזער מוטערל רוסלאַנד! כ'באַגריס אייך און כ'באַוווּנדער אייך. איר וווינט אין דער „מוילוואָרף־באַהעלטעניש"? קריכט אַרויף, כ'וועל אייך צופירן מיטן אויטאָ.

דער „ווילים" האָט זיך מיט דער גאַנצער שנעלקייט אַ טראָג געטאָן איבערן פעלד־וועג און געמאַכט קאָפּשווינדלדיקע וויראַזשן באַם פאַרדרייען זיך.

— עפּשער דאַרפט איר עפּעס? זאָגט, שטערט זיך ניט, איר האָט רעכט אַף דעם —האָט געזאָגט דער שעף, טרייבנדיק דעם אויטאָ דורכן וועלדל, דורכן פעלד און צווישן די בערגלעך פון דער „מוילוואָרף־באַהעלטעניש", ווי די אַוויאַטאָרן האָבן גערופן זייער אונטערערדישע שטאָט.

— ניין, כ'באַדאַרף גאָרניט, כאַווער פאָלקאָווניק. כ'בין אַזוי ווי אַלע. דאָס בעסטע וואָלט געווען ווען איר פאַרגעסט אַז איך האָב ניט קיין פיס.

— איר זייט גערעכט. וועלכע איז אייערע? אָט־די?

דער פאָלקאָווניק האָט האַסטיק טאָרמאָזירט האַרט באַם אַריינגאַנג פון דער באַהעלטעניש. ווי נאָר מערעסיעוו איז אַראָפּגעשטיגן, האָט זיך דער פרייכנדיקער „ווילים" אַ טראָג געטאָן איבער די טרוקענע צווייגן

און איז פֿאַרשוווּנדן מאַכנדיק זיגזאַגן צווישן די בעריאָזעס און דעמבעס פֿון וואַלד.

אַלעקסיי איז ניט אַרײַן אין דער באַהעלטעניש. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט אונטער אַ בעריאָזע, אַפּן נאַסן, פּילצענעם מאָך, וואָס האָט געשמעקט מיט שוואָמען, און האָט פּאַרזיכטיק אַרויסגעצויגן פֿון קאָנווערט אָלגאַס בריוו. אַ פֿאָטאָגראַפֿיע האָט זיך אַרויסגעגליטשט פֿון זײַן האַנט און איז אַראָפּגעפֿאַלן אַפֿן גראָז. אַלעקסיי האָט זי אויפֿגעהויבן. דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט שנעל און שטאַרק.

פֿון דער פֿאָטאָגראַפֿיע האָט אַראָפּגעקוקט אויף אים אַ באַקאַנטער און דאָך אינגאַנצן אַ פֿאַרענדערטער פּאָנעם. אָלגאַ איז געווען פֿאָטאָגראַפֿירט אין אַ מיליטערישן אוניפֿאָרם. די גימנאַסטיאָרקע, דער פּאַס, דער מעדאַל פֿון רויטן שטערן און אַפֿילע דער אָפּצייכן פֿון דער גוואַרדיע האָבן איר זייער געקליידט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ דאַרער, שיינער באָכער, וואָס איז אָנגעטאָן ווי אַן אַרמיי־אָפֿיציר. דאָס פּאָנעם פֿון דאָזיקן באָכער איז אָבער געווען מיד און זײַנע גרויסע, קײַלעכדיקע, שײַנענדיקע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ ניט־באָכערישער דורכדרינגלעכקייט.

אַלעקסיי האָט לאַנג באַטראַכט די דאָזיקע אויגן. די נעשאָמע איז אים פֿאַרפּלייצט געוואָרן מיט אַ זיסער און אומבאַוווּסטזיניקער מעלאַנכאָליע, פּונקט ווי ער וואָלט דערהערט די ווײַטע קלאַנגען פֿון אַ געליבט ליד. אין דער קעשענע האָט ער געפֿונען אָלגאַס אַלטע פֿאָטאָגראַפֿיע; דאָרט איז זי געווען פֿאָטאָגראַפֿירט אין אַ קליידל פֿון בונטע קאָלירן, אויף אַ צעבליטן פֿעלד, וואָס איז געווען אָפּגעשאָטן מיט ווײַסע ראָמאַשקעס. און מאָדנע! דאָס מיידל אין מיליטערישן אוניפֿאָרם, מיט די מידע אויגן, דאָס דאָזיקע מיידל וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געזען, איז אים געווען טײַערער און נענטער ווי די וואָס ער האָט געקענט. אויף דער אַנדער זײַט פֿון דער פֿאָטאָגראַפֿיע איז געווען אָנגעשריבן „פֿאַרגעס מיך נישט".

דער בריוו איז געווען אַ קורצער און אַ פֿריידפֿולער. דאָס מיידל האָט שוין אָנגעפֿירט מיט אַ סאַפּיאָרן־אָפּטיילונג. איר אָפּטיילונג האָט אָבער איצט ניט געקעמפֿט, נאָר אָפּגעגעבן זיך מיט אַ פֿרידלעכער אַרבעט: מיטן אָפּבויען סטאַלינגראַד. אָלגאַ האָט געשריבן זייער ווייניק וועגן זיך אַליין. דערפֿאַר אָבער האָט זי לײַדנשאַפֿטלעך גערעדט וועגן דער נאָבעלער שטאָט, וועגן די כורוועס וואָס לעבן אויף. זי האָט דערציילט ווי אַזוי פֿרויען, מיידלעך און אונטערוואַקסנדיקע באָכערימלעך, וואָס זײַנען געקומען פֿון אַלע עקן לאַנד קעדיי אָפּצובויען די שטאָט, וווינען אין די קעלערן, אין די קאַזעמאַטן, אין די מילכאָמע־בלינדאַזשן, אין וואַגאָנען, אין הילצערנע און בלעכענע באַראַקן, אין ערד־גריבער. זי האָט אויך דערציילט אַז, לויט ווי מען רעדט, וועט יעדער גוטער אָפּבוי־אַרבעטער באַקומען שפּעטערצו אַ וווינונג אין נײַעם סטאַלינגראַד. אויב ס'איז ווירק־

לעך אַזוי, מעג אַלעקסיי וויסן אַז ער וועט האָבן וווּ אָפּצורוען זיך נאָך דער מילכאָמע.

אַזוי ווי ס'איז געווען זומער, האָט שנעל אָנגעהויבן טאָגן. אַלעקסיי האָט איבערגעלייענט די לעצטע שורעס באַם ליכט פון זײַן קעשענע־לאַמטערנדל. נאָכן איבערלייענען, האָט ער נאָכאַמאָל באַלויכטן די פאָטאָגראַפיע. די קלאָרע אויגן פון יינגל־סאָלדאַט האָבן געקוקט שטרענג. „טײַערע, טײַערע מײַנע, דאָס לעבן פאַלט דיר ניט אויס לײַכט... די מילכאָמע איז ניט פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ דיר, אָבער זי האָט דיר אויך ניט אײַנגעבראָכן! וואַרטסט אַף מיר? וואַרט, וואַרט! האָסט מיך ליב, עמעס? האָב מיך ליב, האָב מיך ליב, געליבטע מײַנע!" און מיטאַמאָל איז אַלעקסיי פאַרשעמט געוואָרן: שוין אָנדערטהאַלבן יאָר ווי ער באַהאַלט פון איר, פון דער סטאַלינגראַדער קעמפערן, זײַן אומגליק. ער האָט דערפילט אַ פאַרלאַנג אַראָפּצוגיין אין דער באַהעלטעניש און אויסשרײַבן אַלץ ערלעך און אָפנהאַרציק: „זאָל זי דעצידירן, און וואָס פריִער — אַלץ בעסער. ווען אַלץ וועט זײַן קלאָר, וועלן מיר ביידע דערפילן אַ פאַרלײַכטערונג".

נאָך דעם אַלעמען וואָס ער האָט אויפגעטאָן יענעם־טאָג, האָט ער געקענט ריידן מיט איר ווי אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכער. ער איז ניט נאָר געפלויגן, נאָר אויך געקעמפט. ער האָט זיך דאָך געהאַט געגעבן אַ נײדער, ער האָט זיך דאָך געהאַט געשוואָרן, אַז אויב זײַנע האָפענונגען וועלן דורכפאַלן אָדער אויב ער וועט זיך אויסגלײַכן אין שלאַכט מיט אַלע אַנדערע, וועט ער איר גלײַך אָנשרײַבן וועגן אַלץ. איצט האָט ער זיך אויסגעגלײַכט. פאַר אַלעמענס אויגן האָט ער אַראָפּגעשלײַדערט צוויי דײַטשישע אַוויאָנען. דער דיזשור־אָפיציר האָט עס פאַרצייכנט אין קאַמפּסטאָגבוך. מען האָט אינפאָרמירט וועגן דעם אין דער דיוויזיע, אין דער אַרמיי און אין מאָסקווע.

אַלץ איז מעקוּיעם געוואָרן לויטן נײדער און ער האָט שוין איצט געקענט שרײַבן... „אויב מען זאָל אָבער קוקן אַף די זאַכן ערנסטער, קען מען דען זאָגן אַז אַ „יונקער" איז אַן עמעסער סוינע פאַר אַ יאַגדלער? ס'איז קלאָר אַז אַ גוטער יעגער וועט זיך ניט באַרימען אַז ער האָט, לאָמיר זאָגן, דערהאַרגעט אַ האָז".

אין וואַלד זײַנען געדיכטער געוואָרן די שאָטנס פון דער הייסער, פײַכטער נאַכט. איצט, ווען דער שלאַכט־געדודער האָט זיך אַריבערגעטראָגן מער אַף דאָרעם און דער אָפּשײַן פון די ווײַטע סרייפעס האָט זיך קוים דורכגעלויכטן דורכן געצווײַג, האָבן זיך קלאָר געהערט אַלע נאַכט־גערוישן פון פערפומירטן, צעבליטן זומער־וואַלד; די פרענעטישע און דורכדרינגענדיקע גרילצערײַ פון די גרילן אַף די ראַנדן פון וואַלד. דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס אין נאָנטן זומפּ. דער רײַסיקער געשריי פון די נאַכט־פייגל און איבער אַלץ — דער סאָלאָוויי־געזאַנג, וואָס האָט אויסגעפילט דעם רוים אין דער פײַכטער האַלב־פינצטערניש.

די װײַסע לעװאָנע־פלעקן, צװישן די שװאַרצע שאָטנס, האָבן געציטערט אין גראָז, אַרום אַלעקסײען, װעלכער איז נאָך אַלץ געזעסן אונטער דער בעריאָזע אַפן װײכן, נאַס־געװאָרענעם מאָך. ער האָט װידער אַרױסגענומען פון קעשענע די פאָטאָגראַפיע, האָט זי אַװעקגעלײגט אַף די קני אין לעװאָנע־שײַן און געקוקט אַף איר אַ פאַרטראַכטער. איבער זײַן קאָפּ, אַפן קלאָרן טונקל־בלאָען הימל, האָבן זיך אײנע נאָך די אַנדערע געטראָגן צו דאָרעם צו די קלײנע טונקעלע סילועטן פון די נאַכטיקע באָמבאַרדיר־אַװיאָנען. זײערע מאָטאָרן האָבן שטאַרק געזשומעט, אָבער אַפילע דער דאָזיקער קריגס־גערױש האָט איצט, אין לעװאָנע־באַגאָסענעם און סאָלאָװײ־צעטרעלטן װאַלד, אױסגעװיזן װי אַ פרידלעכע זשוזשערײַ פון װאַלד־בינען. אַלעקסײ האָט אָפּגעזיפצט, אַרײַנגעלײגט די פאָטאָגראַפיע אין קעשענע פון דער גימנאַסטיאָרקע, איז אױפגעשפּרונגען װי אַ ספּרענזשינע, אָפּטרײסלענדיק פון זיך דעם מאַגישן צױבער פון דער נאַכט. טרעשטשענדיק איבער די טרוקענע צװײַגן האָט ער אַװעקגעאײַלט צו זײַן באַהעלטעניש, װוּ ס'האָט שױן הילכיק געכראָפּעט זײַן באַגלײטער, װאָס איז אין דער פאָזע פון אַ לעגענדאַרישן העלד געלעגן אַפן שמאָלן פעלד־בעטל.

.5

די מאַנשאַפטן זײַנען אױפגעװעקט געװאָרן פאַר זון־אױפגאַנג. דער גענעראַל־שטאַב פון דער אַרמײ האָט באַקומען אַן אינפאָרמאַציע, לױט װעלכער אַ גרױסע דײַטשישע לופט־אײנהײט איז די פאַרגאַנגענע נאַכט אַריבערגעװאָרפן געװאָרן אין דורכבראָך־סעקטאָר פון די סאָװעטישע טאַנקען. סײַ לױט דער דירעקטער אָבסערװאַציע, סײַ לױט די יעדיעס פון די אַגענטן, האָט מען געקענט אַרױסדרינגען אַז די דײַטשישע קאָמאַנדע, אָפּגעבנדיק זיך כעשבן װעגן דער געפאַר פון סאָװעטישן טאַנקען־דורכבראָך אין דער סאַמע באַזע פון קורסקער בױגן, האָט אַרױסגערופן צו הילף די לופט־דיװיזיע „ריכטהאָפען”, װאָס באַשטײט פון די בעסטע דײַטשישע לופט־טשעמפּיאָנען. מען האָט געװאָרנט דעם פּאָלק אַז דער עװענטועלער סױנע איז גרױס אין צאָל, באַזיצט די מאָדערנסטע אַפּאַראַטן „פאָקע־װולף 190” און האָט אַ גרױסע שלאַכט־דערפאַרונג. ס'איז אַרױסגעגעבן געװאָרן אַ באַפעל צו זײַן גרײט, צו דעקן סאָליד די צװײטע טרעפּ פון די באַװעגלעכע אײנהײטן, װאָס האָבן באַנאַכט אָנגעהױבן צו דערנענטערן זיך צו די דורכבראָך־טאַנקען.

„ריכטהאָפען!” די געניטע פּילאָטן האָבן גוט געקענט די דאָזיקע דיװיזיע, װאָס האָט זיך געפונען אונטער דער ספּעציעלער אָפּעטראָפּעס פון הערמאַן גערינגן. די דײַטשן פלעגן זי אַריבערװאַרפן אַהין װוּ זײערע אײסאָקים פלעגן אַװעקגײן שלעכט. די פּילאָטן פון דער דאָזיקער די־

וויזיע, אַ טייל פון וועלכע עס האָט שוין אַפילע אַנטייל גענומען אין פיראַטן־קריג קעגן דער רעפובליקאַנישער שפּאַניע, האָבן געקעמפט קונציק און מיט פוריע, און זײַנען אַנגעגאַנגען ווי די געפערלעכסטע קעגנער...

— מען זאָגט אַז עס זײַנען אָנגעקומען עפעס אַזוינע „ריכטהאָפענס״.

ווי גוט ס׳וואָלט געווען צו באַגעגענען זיך מיט זיי! מיר וועלן זיי שוין געבן אַ באָד די דאָזיקע „ריכטהאָפענס״! האַ? — האָט געליאַרעמט פעטראָוו אין עס־זאַלכל, אײַנשלינגענדיק אײַליק דעם פרישטיק און קוקנדיק אין אָפענעם פענצטער, הינטער וועלכן די קעלנערין ראַיאַ האָט געקליבן בוקעטן פעלד־בלומען און אַרײַנגעשטעקט אין סנאַריאַדן־גילזעס, אָפּגעפוצטע מיט קרײַד.

דאָס דאָזיקע קריגערישע גערײַדערײַ אָפּן כעשבן פון די „ריכטהאָפענס״ איז, פאַרשטייט זיך, געווענדט ניט אַזוי צו אַלעקסייען — וואָס האָט שוין אָפּגעטרונקען זײַן קאַפע — ווי צו דער קעלנערקע, וואָס איז געווען פאַרטאָן אין די בלומען און וואָס האָט פונדעסטוועגן אָן אויפהער געוואָרפן זײַטיקע בליקן אָפּן ראָזלעכן און שיינעם פעטראָוון. מערעסיעוו האָט זיי אָבסערווירט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל. ווען ס׳האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן ערנסטע זאַכן, זײַנען אים ניט געפעלן געוואָרן קיין שפּאַסערײַען און קיין פוסטע געשפּרעכן.

— די „ריכטהאָפענס״ זײַנען ניט אַבי וואָס. „ריכטהאָפען״ באַטײַט אַז דו מוזט פלי̇ען מיט אַ פלינקן קוק, אויב דו ווילסט ניט פאַרברענט ווערן הײַנט אינעם ווילדגראַז. דאָס באַטײַט אַז מען דאַרף זיך אינגאַנצן פאַרוואַנדלען אין געהער און ניט פאַרלירן דעם קאָנטאַקט. די „ריכטהאָפענס״, ברודערל, זײַנען ווילדע כאַיעס, וואָס איידער דו באַווײַזט נאָך צו עפענען דאָס מויל, ווערסטו שוין צעקנאַקט צווישן זייערע קינבאַקן...

פאַרטאָג האָט זיך אויפגעהויבן די ערשטע סקוואַדריליע, וואָס איז פערזענלעך אָנגעפירט געוואָרן דורכן פאָלקאָווניק. בעיס זי האָט געטאָן איר אַרבעט אינדערלופטן, האָט זיך געגרייט אַרויסצופלי̇ען די צווייטע גרופּע פון 12 יאַגדלער. די דאָזיקע סקוואַדריליע האָט געדאַרפט אָנגעפירט ווערן דורכן העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, דעם גוואַרדיע־קאָמאַנדיר פעדאָטאָוו, דעם געניטסטן פאָלק־פילאָט נאָכן שעף. די אַפּאַראַטן זײַנען שוין געווען גרייט און די פילאָטן האָבן זיך געפונען אין די קאַבינעס. די מאָטאָרן זײַנען געווען אין פאַמעלעכדיקן גאַנג; ס׳האָט פון זיי געטראָגן אַ ווינטל, אַן ענלעכער צו דעם וואָס קערט די ערד און שאָקלט די ביימער פאַרן אָנקומען פון שטורעם, ווען ס׳פאַלן שוין מיט אַ גערויש, אָף דער פאַרשמאַכטער ערד, די ערשטע רעגן־טראָפּנס.

זיצנדיק אין דער קאַבינע האָט אַלעקסיי אָבסערווירט ווי די אַוויאַנען פון דער ערשטער גרופּע לאָזן זיך אַראָפּ האַסטיק, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך אַראָפּגעגליטשט פון הימל. קעגן זײַן ווילן, האָט ער זיי געציילט. ווען צווישן דעם לאַנדן פון 2 אַפּאַראַטן איז דער אינטערוואַל

געווען אַ צו לאַנגער, פלעגט ער זיך אָנהייבן צו באַומרויִקן. ס'האָט אָבער געלאַנדט דער לעצטער. אַלע! אַלעקסיי האָט זיך דערפילט דערלײַכטערט.

דער לעצטער אַראָפּשטײַגנדיקער אַוויאָן האָט נאָך ניט באַוויזן צו רערווײַטערן זיך, ווי פּעדראָטאָווס נומער „איינס" האָט אַ ריר געטאָן פון אָרט. די יאַגדלער האָבן זיך אויפגעהויבן פּאָרווײַז. זיי האָבן זיך פאַרמירט איבערן וואַלד. נאָך אַ ריי אַרומקרײַזן, האָט זיך פּעדראָטאָוו אַ לאָז געטאָן פאָרויס. זיי זײַנען געפלויגן נידעריק, פּאָרזיכטיק, האַלטנדיק זיך אין דער זאָנע פון נעכטיקן דורכבראָך. איצט איז די ערד געפלויגן שנעל אונטער אַלעקסייס אַוויאָן, שוין ניט אָן אָפּגעטיילטע דורך אַ גרויסער הויכקייט, נאָר פונדערנאָנטן. דאָס וואָס האָט מיט אַ טאָג פריִער אויסגעזען ווי אַ שפּיל, ווי אַ ניט־רעאַלע זאַך, האָט איצט געהאַט אָן אויסזען פון אַ ריזיקן, אומענדלעכן שלאַכטפעלד. אונטער די פליגל פון אַוויאָן האָבן זיך שנעל פאַרבײַגעטראָגן די פעלדער, די לאָנקעס, די וועלדלעך וואָס זײַנען געווען דורכגעגראָבן דורך סנאַריאַדן און באָמבעס, און דורכגעקרייצט מיט טראַנשייען און גראָבנס. צעשפּרייט איבערן פעלד האָבן זיך געזען מייסים, פאַרלאָזענע אַרטילעריע —איינצלנע האַרמאַטן אָדער גאַנצע באַטערייעס—, און דאָרט ווו דער אַרטילעריע־פײַער האָט געטראָפן אין די אַרמיי־אָפּטיילונגען האָבן זיך געזען צעשעדיקטע טאַנקען און לאַנגע בערג מיט געהילץ און מיט צעבויגענעם אײַזן. ס'איז פאַרבײַגעפלויגן אַ גרויסער וואַלד, וואָס איז אינגאַנצן געווען צעהאַקט דורך דער קאַנאָנאַדע. פון אויבן האָט ער אויסגעזען ווי אַ פעלד וואָס איז צעטראָטן געוואָרן דורך אַ ריזיקן טאַבון פערד. דאָס אַלץ האָט דעפּילירט מיט דער שנעלקייט פון אַ קינאָ־לענטע, וואָס האָט זיך גאָרניט געוואָלט ענדיקן.

דאָס אונטערשטע בילד האָט איידעם געזאָגט וועגן דער פאַרביסנקייט און שוידערלעכקייט פון דער שלאַכט, וועגן די גרויסע פאַרלוסטן און וועגן דער גראַנדיעזקייט פון ניצאָכן וואָס איז דאָרט דערגרייכט געוואָרן.

די פאַבריקע שפּורן פון די טאַנקען־קייטן האָבן זיך געצויגן אין אַלע ריכטונגען און איבער אַ ברייטן שעטעך. זיי האָבן זיך געצויגן ווײַט, זייער ווײַט, אין דער טיף פון די דײַטשישע פּאָזיציעס, און עס זײַנען געווען אַ סאַך אַזוינע שפּורן. ס'האָט אויסגעזען ווי אַן אומגעהויער גרויסער טאַבון פון אומבאַקאַנטע ווילדע כאַיעס וואָלט זיך דורכן אָפענעם פעלד דורכגעטראָגן אַף מײַרעוו. הינטער די טאַנקען האָבן אַוואַנסירט איבער די וועגן אומענדלעכע קאָלאָנעס פון מאָטאָריזירטע אַרטילעריע, נאַפט־ציסטערנעס, גיגאַנטישע וואַרשטאַטן־וועגענער און קאַמיאָנען צוגעדעקטע מיט ברעזענטן. זיי האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך בלאָלעכע שטויב־שלעפּעס, וואָס האָבן זיך געזען פון ווײַטן. ווען די יאַגדלער האָבן זיך אָבער אויפגעהויבן העכער, האָט אונטן אַלץ אויסגעזען ווי אַן אַרומשמײַען פון מוראַשקעס איבער שמאָלינקע שטעגעלעך.

די יאַגדלער האָבן זיך געטראָגן צווישן די שטויב־וואָלקנס, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן זייער הויך אין דער רויקער לופט, און זײַנען געפלויגן לענגאויס דער קאָלאָנע, ביז צו די „ווילִיסן", וואָס זײַנען גע־פאָרן פאָרויס און אין וועלכע ס'האָט זיך קענטיק, געפונען די קאָמאַנדע פון די טאַנקען. איבער די מאָטאָריזירטע קאָלאָנעס איז דער הימל געווען פרײַ, אָבער העט ווײַט, אַף דער נעפלדיקער ליניע פון האָריזאָנט, האָבן זיך שוין געזען די אָנגעפּלאָנטערטע שלאַכט־רויכן. די גרופּע האָט זיך אויסגעדרייט אַף צוריק, נישטערנדיק איבערן אומענדלעכן הימל־רוים. אין יענעם מאָמענט האָט אַלעקסיי באַמערקט, אַפן סאַמע האָריזאָנט, איינעם און שפּעטער אַ גאַנצן ראַי פּאַסיקלעך וואָס זײַנען געהאַנגען איבער דער ערד. די דײַטשן! אויך זיי זײַנען געפלויגן נאָנט צו דער ערד, אין דער ריכטונג פון די שטויב־זײַלן, וואָס האָבן זיך געזען פונוויַטן איבער די רויטלעכע, ווילדגראָזיקע פעלדער. אַלעקסיי האָט אינסטינקטיוו אַ קוק גע־טאָן אַף צוריק. זײַן באַגלייטער איז אים נאָכגעפלויגן און אָנגעהאַלטן די מינימאַלע דיסטאַנץ.

דער פּילאָט האָט אָנגעשטרענגט זײַן געהער און האָט פונדערווײַטנס דערהערט אַ שטים:

— איך בין מעווע צוויי, פּעדראָטאָוו; איך בין מעווע צוויי, פּעדראָ־טאָוו. אַכטונג! נאָך מיר!

די דיסציפּלין אין דער לופטן —ווי דעם פּילאָטס נערוון דערגייען צו זייער מאַקסימאַלער שפּאַנונג— איז אַזאַ, אַז דער פליִער פּילט צײַטנ־ווײַז אוים די באַפעלן נאָך איידער דער שעף ענדיקט דיקטירן זײַנע פאַר־אָרדענונגען. אין דער צײַט ווען דאָרט, ווײַט, האָבן געהילכט, צווישן גע־רוישן און פײַפערײַען, די ווערטער פון נײַעם באַפעל, האָט זיך די גאַנצע גרופּע, פּאָרווײַז, אַ וואָרף געטאָן אין דער ריכטונג פון די דײַטשן, אָנ־האַלטנדיק נאָך אַלץ די אַלגעמיינע געשלאָסענע פאָרמאַציע. אַלץ איז געוואָרן אָנגעשפּאַנט און אָנגעשטרענגט: דער בליק, דאָס געהער, דער געדאַנק. אַלעקסיי האָט גאָרניט געזען אויסער די פײַנטלעכע אַוויאָנען וואָס זײַנען שנעל געוואַקסן פאַר זײַנע אויגן; ער האָט גאָרניט געהערט אויסער די גערוישן און זשוזשערײַען פון די טרײַבלעך אונטערן קאַפּטער; ער האָט געוואַרט אַפן באַפעל. אָנשטאָט דעם באַפעל, האָט ער אָבער מיטאַמאָל דערהערט אַ פרעמד־שפּראַכיקע שטים, וואָס האָט, אַן אויפ־גערייצטע, אויסגעשריִען:

— Achtung! Achtung! "La fünf". Achtung!

דאָס האָט קענטיק געשריִען אַ דײַטשישער אָבסערוואַטאָר פון דער ערד, קעדיי צו אַלאַרמירן די דײַטשישע אַוויאָנען וועגן דער געפאַר.

די באַרימטע דײַטשישע לופט־דיוויזיע איז געוווינט געווען אָראָפּ־צולאָזן אַפן שלאַכטפעלד אַ גאַנצע נעץ ערד־אָבסערוואַטאָרן מיט קליינע

ראַדיאָ־סטאַציעס. באַנאַכט פֿליגט מען זיי אַראָפּלאָזן מיט פּאַראַשוטן אין די זאָנעס וווּ מען האָט זיך געריכט אױף לופֿט־שלאַכטן.

מיט ווינציקער קלאָרקייט האָט אַלעקסיי דערהערט אַ צווייטע הייזעריקע און קאַעסדיקע שטים, אין דײַטש:

—Oh, Donner Wetter! Links, "La fünf"! Links, "La fünf"!

אין אומצופֿרידענעם טאָן פֿון דער דאָזיקער שטים האָט זיך געמערקט אַ שלעכט־באַהאַלטענע מוירע.

— „ריכטהאָפֿען", און פֿונדעסטוועגן ציטערט איר פֿאַר די „לאַוואָטשקינס 5" — האָט זיך סאַרקאַסטיש אָפּגערופֿן מערעסיעוו, קוקנדיק אױף דער פֿײַנטלעכער פֿאָרמאַציע וואָס האָט זיך דערנענטערט און דערפֿילנדיק אין זײַן גאַנצן געשפּאַנטן קערפּער אַ מין פֿרייִלעכע לײַכטקייט, אַ מין פֿאַרפֿלייצנדיקן ענטוזיאַזם, וואָס האָקט אָפּ דעם אָטעם.

ער האָט אױפֿמערקזאַם באַטראַכט דעם סוינע. דאָס זײַנען געווען יאַגד־ און אָנגריף־אַפּאַראַטן „פֿאָקע־וווּלף 190", — אַפּאַראַטן שטאַרקע, פֿלינקע, וואָס האָבן זיך דאָן געהאַט ערשט באַוויזן און וואָס די סאָוועטישע פּילאָטן האָבן שוין געהאַט אַ נאָמען געגעבן „פֿאָקעס".

זיי זײַנען געווען צוויי מאָל אַזויפֿיל און האָבן אָנגעהאַלטן די שטרענגע פֿאָרמאַציע, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די אייגהײַטן פֿון דער „ריכטהאָפֿען"־דיוויזיע; זיי זײַנען געפֿלויגן טרעפּאַרטיק און פֿאַרוויזט, אױף אַזאַ אויפֿן אַז יעדע פּאָר זאָל קענען פֿאַרטיידיקן די עקן פֿון די פֿאָדערשטע צוויי אַפּאַראַטן. פֿעדאָטאָוו, אויסנוצנדיק וואָס זײַן גרופּע האָט זיך געפֿונען העכער, האָט פֿאַראָרדנט אָנצוגרײַפֿן. אַלעקסיי האָט זיך אויסגעקליבן אַ קעגנער און, ניט פֿאַרלירנדיק פֿון אויג די איבעריקע, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אױף אים, באַמיִענדיק זיך אַרײַנצונעמען אים אין צילרעמל. עמעץ האָט אָבער אויסגעכאַפּט די בכוירע בײַ פֿעדאָטאָוון. אַ נײַע גרופּע יאַגדלער איז דערשינען פֿון אַן אַנדער זײַט און האָט אַזוי אימפּעטדיק און געראָטן אַטאַקירט די דײַטשן פֿון אויבן, אַז זייער פֿאָרמאַציע האָט זיך צעשאָטן. אינדערלופֿטן האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ האַרמידער. ביידע פֿאָרמאַציעס האָבן זיך פֿונאַנדערגעטיילט אין פּאָרן און קוואַרטעטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן קעמפֿן צווישן זיך. די יאַגדלער האָבן זיך באַמיט מיט זייערע קוילן־שטראָמען צו צעשטערן די פֿאָרמאַציע פֿון סוינע, פֿאַרלויפֿן פֿון הינטן און אַטאַקירן פֿון זײַט.

די פּאָרן זײַנען געפֿלויגן אין קרײַזן, פֿאַרפֿאָלגנדיק זיך קעגנזײַטיק. אינדערלופֿטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשוגעדיקער קאַדריל. בלויז אַ געניט אויג האָט זיך געקענט אָריענטירן אין דאָזיקן מישמאַש און בלויז אַ צוגעוווינט אויער האָט געקענט אונטערשיידן די פֿאַרשיידענע געררויש וואָס זײַנען דערגאַנגען צום געהער דורך די טרײַבלעך. וואָס האָט מען דען ניט געהערט אין דעם עטער, אין יענעם מאָמענט! די האַרטע און בייזע

קלאָלע פון אַטאַקירנדיקן און דעם שווידער־געשריי פון אַראָפּגעשאָסענעם; דעם טריומף־אויסרוף פון זיגער און דעם זיפץ פון פאַרוווּנדיקטן; דאָס סקריַען מיט די ציינער פון דעם וואָס מוז מאַכן אַ האַסטיקן וויראַזש און דאָס אָפּגעהאַקטע, שווערע סאָפּען. איינער האָט, אינמיטן פון דער שלאַכט־שיקרעס, געזונגען אַ ליד אין אַ פרעמדן לשון; אַן אַנדערער האָט גע־מורמלט ווי אַ קינד, רופנדיק: „מאַמע!"; אַ דריטער, וואָס האָט, קענ־טיק, אָנגעקוועטשט די צינגלעך, האָט געשריַען מיט קאַעם: „פאַר דיר, הונט! פאַר דיר, הונט, פאַר דיר, הונט!"

דער אויסגעקליבענער קאָרבן האָט זיך אַרויסגערוקט פון אַלעקסייס ציל־רעמל. אַנשטאָט אים האָט ער דערזען אַביסל העכער אַ „יאַק"־יאַגד־לער, וואָס איז פאַרפאָלגט געוואָרן דורך אַ ציגאַר־פאַרמיקער, גראַד־פליגל־דיקער „פאָקע". פון די פליגל פון דער „פאָקע" האָבן זיך שוין געטראָגן צוויי פּאַראַלעלע קויל־שנורן צום „יאַק", וואָס איז געטראָפן געוואָרן אין עק. מערעסיעוו האָט אויסגעגליַכט זיַן אַפּאַראַט ווי אַ ליכט און האָט זיך אַ טראָג געטאָן אַף אינדערהייך, צוהילף דעם „יאַק". בעמע־שעך פון אַ ברעקל סעקונדע איז דערשינענען איבער אים אַ טונקעלער שאָטן און ער האָט זיך באַמיט אַריַנצוקנאַלן אין אים אַ קוילן־פּאַרציע פון אַלע זיַנע קליי־זאַזן. ער האָט ניט געזען דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דער „פאָקע". ער האָט בלויז געקענט אָבסערווירן אַז דער „יאַק" מיטן פאַרוווּנדיקטן עק איז שוין געפלויגן אַליין. מערעסיעוו האָט אַ קוק גע־טאָן אַף הינטן. האָט זיך ניט פאַרלאָרן אינעם מישמאַש זיַן באַגלייטער? ניין, ער איז געפלויגן קימאַט לעבן אים.

— בליַיב ניט אָפּ, ברודערקע —האָט אַלעקסיי געזאָגט צווישן די ציין.

צו זיַן געהער זיַנען דערגאַנגען זשומעריַען, קנאַקעריַען, געזאַנ־גען; עס האָבן אָפּגעהילכט אין צוויי שפּראַכן געשרייען פון טריומף און פון טויט־שרעק, כריפּעריַען, קלאָלעס, אָפּגעהאַקטע באַלבעריַען. מיש־פּעטנדיק לויט די דאָזיקע גערוישן און קלאַנגען, וואָלט מען געקענט זאָגן אַז ניט קיין יאַגד־אַוויאָנען קעמפן הויך איבער דער ערד, נאָר פּאַרסאָ־פּעטע קעגנער וואָס זשבענקען איינער דעם צווייטן מיט די פויסטן און וואַלגערן זיך אַף דער ערד.

מערעסיעוו האָט דורכגענישטערט די לופט, זוכנדיק אַ סוינע. מיט־אַמאָל איז אים דורכגעלאָפן אַ שווידער איבערן רוקן און ס'האָבן זיך אים אויפגעשטעלט די האָר. אַביסל נידעריקער האָט ער דערזען אַ „לאַ־5", וואָס איז פון אויבן אַטאַקירט געוואָרן דורך אַ „פאָקע". ער האָט ניט געקענט זען דעם נומער פון סאָוועטישן אַוויאָן, אָבער ער האָט פאַר־שטאַנען, ער האָט געפילט, אַז דאָס איז פּעטראָוו. דער „פאָקע־וואָלף" האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דירעקט אַף פּעטראָוון, שיסנדיק מיט אַלע זיַנע קליי־זאַזן. פּעטראָוון איז געבליבן צו לעבן אַ טיילעכל פון אַ סעקונדע.

דאָס איז פאָרגעקומען צו נאָנט, און אַלעקסיי האָט, אין העסקעם מיט די פאָרשריפטן פון לופט־קאַמף, ניט געקענט העלפן זײַן פרײַנט. ס'איז ניט געווען קיין צײַט און קיין אָרט צו מאַנעווריךן. דער ווילן צו ראַטעווען דאָס לעבן פון זײַן פרײַנט האָט אָבער געשטויסן אַלעקסייען צו ריזיקירן. ער האָט, לויט אַ ווערטיקאַלער ליניע אַ וואָרף געטאָן דעם אַוויאָן אַף אונטן און האָט אַנגעקוועטשט די פעדאַלן. אַ דאַנק זײַן אייגענעם געוויכט, זײַן אינערציע און דער פולער קראַפט פון מאָטאָר איז דער אַוויאָן, אַ צע־טרייסלטער פון דער אומגעווייגלעכער שפּאַנונג, אַ פאַל געטאָן ווי אַ שטיין, אָדער, בעסער געזאָגט, ווי אַ ראַקעטע, אַפן קורצפליגלדיקן קאָרפּוס פון דער „פאָקע" און אָפּגעגאָסן זי מיט אַ קוילן־שפּריץ. מערעסיעוו האָט דערפילט אַז צוליב דער אומזיניקער שנעלקייט פון האַסטיקן אַראָפּשטײַגן פאַרלירט ער דעם באַוווסטזײַן. בעיס זײַן קאָפּשווינדלדיקן אַראָפּזינקען אין טהאָם האָט אַלעקסיי קוים געקענט באַמערקן מיט זײַנע פאַרטונקלטע און בלוט־פאַרלאָפענע אויגן ווי פונקט אַנטקעגן זײַן פּראָפּעלער האָט זיך די „פאָקע" אײַנגעהילט אין אַ רויך־וואָלקן פון אַן אויפרײַס. און פעט־ראָוו? ער איז פאַרשוווּנדן. ווו איז ער אַהינגעקומען? האָט ער אַראָפּגע־קראַכט? האָט ער באַוויזן אַרויסצושפּרינגען? האָט ער זיך צוריקגעצויגן?

דער הימל איז געווען ריין אַרום אים. פּונווײַטן, פון אַן אַוויאָן וואָס האָט זיך שוין ניט געזען, האָט אַרויסגעהילכט איבערן רויקן עטער אַ שטים:

— איך בין מעווע צוויי, פעדאָטאָוו; איך בין מעווע צוויי, פעדאָ־טאָוו. פאָרמירט זיך הינטער מיר, פאָרמירט זיך הינטער מיר. אַהיים. איך בין מעווע צוויי...

ווי ס'ווײַזט, האָט פעדאָטאָוו צונויפגענומען זײַן גרופּע.

נאָכדעם ווי מערעסיעוו האָט זיך אָפּגערעכנט מיטן „פאָקע־וואָלף", האָט ער אַרויסגעצויגן זײַן אַוויאָן פון דער כאָסער־דייעדיקער, ווערטי־קאַלער פּיק־באַוועגונג און האָט אָפּגעאָטעמט זשעדנע, טיף, האַנאָע האָבנ־דיק פון דער הערשנדיקער רויִקייט און פילנדיק די פרייד פון דער אַרי־בערגעגאַנגענער געפאַר, די פרייד פון ניצאָכן. ער האָט אַ קוק געטאָן אַפן קאָמפּאַס קעדיי פעסטצושטעלן די ריכטונג פונעם צוריקקער און האָט צונויפגעצויגן די ברעמען, באַמערקנדיק ווי ווינציק נאַפט ס'איז אים גע־בליבן: ווער ווייס צי ס'וועט קלעקן אַף אומצוקערן זיך צום אַעראָדראָם; דער נאַפט־ווײַזער איז געשטאַנען גאָר נאָנט פון זעראָ. ער איז אָבער נאָך מער דערציטערט געוואָרן ווען פון הינטער אַ צעקנוידערטן, פוכקן וואָלקן האָט זיך באַוויזן אַ „פאָקע־וואָלף", וואָס איז געפלויגן גלײַך אַף אים. גאָט ווייס פון וואַנען ער האָט זיך גענומען. אַלעקסיי האָט ניט גע־האַט קיין צײַט צו טראַכטן און קיין מעגלעכקייטן אויסצומײַדן אים.

די קעגנער האָבן זיך אימפּעטדיק אַ וואָרף געטאָן איינער קעגן צווייטן.

## .6

דער גערויש פון דער לופט־שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען איבערן נאָנטסטן רעטאַגוואַרד פון דער אָנגרײַפנדיקער אַרמיי, איז ניט נאָר גע־הערט געוואָרן דורך די באַטייליקטע, ניט נאָר דורך די וואָס האָבן זיך געפונען אין די קאַבינעס פון די קעמפנדיקע אַוויאָנען. מיט דער הילף פון אַ מעכטיקן ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָט זיך אויך צוגעהערט צו דער שלאַכט דער שעף פון גוואַרדייאַישן יאַגדלער־פּאָלק, פּאָלקאָווניק איוואַנאָוו. ווי אַ געניטער טשעמפּיאָן, האָט ער פאַרשטאַנען, לויט די קלאַנגען וואָס זײַנען אָנגעקומען פון עטער, אַז די שלאַכט איז אַ פאַרביסענע, אַז דער סוינע איז דערפאַרן און אַקשאָנעסדיק און אַז די דײַטשן ווילן ניט פאַר־לאָזן דעם רוים. די ידיעה אַז פעדאָטאָוו האָט זיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַ שווערער שלאַכט איבער די צופיר־וועגן צום פראָנט, איז שנעל פונאַנ־דערגעשפּרייט געוואָרן איבערן אַעראָדראָם. ווער עס האָט נאָר געקענט, איז אַרויס פון וואַלד און האָט געקוקט אומרויִק צו דאָרעם־צו, פון וואַ־נען ס'האָבן געדאַרפט אָנקומען די אַוויאָנען.

די מעדיקער אין ווײַסע כאַלאַטן, זײַנען אַרויסגעלאָפן פון עס־צימער מיטן ביסן אין מויל. די סאַניטאַרע קאַטשן, מיט גרויסע רויטע קרייצן אַף די דעכער, האָבן אַרויסגעקוקט ווי העלפאַנטן פון צווישן די קוסטן; זייערע מאָטאָרן זײַנען געווען אין גאַנג און זיי זײַנען גרייט געווען צו געבן הילף.

פון הינטערן ביימער־זוים האָט זיך באַוויזן די ערשטע פּאָר, וואָס האָט אָן אומקרײַזן גלײַך געלאַנדט און וועקגעקײַקלט זיך איבערן ברייטן פעלד. דאָס איז געווען דער „איינס" פונעם העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, פעדאָטאָוו, און דער „צוויי" פון זײַן באַגלייטער. נאָך זיי האָט געלאַנדט די צווייטע פּאָר. אינדערלופטן, איבערן וואַלד, האָבן געהאַלטן אין איין זשומען די אַוויאָנען וואָס האָבן זיך אומגעקערט צו זייער באַזע.

— דער זיבעטער, דער אַכטער, דער נײַנטער, דער צענטער — האָבן הויך געציילט די וואָס זײַנען געווען אַפן פעלד. וואָס ווײַטער, האָבן זיי מיט אַלץ מער אויפמערקזאַמקייט געקוקט אַפן הימל. די אַוויאָנען וואָס האָבן געלאַנדט פלעגן זיך גלײַך אַוועקקײַקלען צו זייערע באַהעלטענישן און דאָרט פלעגן זיי אַנטשטומט ווערן. ס'האָבן אָבער געפעלט צוויי אַפּאַראַטן.

עס זײַנען שטיל געוואָרן די וואָס האָבן געוואַרט. עס איז אַריבער אַ שווידערלעך־לאַנגע מינוט.

— מערעסיעוו און פּעטראָוו — האָט עמעץ אַ שעפּטש געטאָן.

מיטאַמאָל האָט זיך אַ פרויען־שטים צעהילכט, אַ הערפּרייטע, איבערן גאַנצן פעלד:

— עס קומט!

ס'האָט זיך דערהערט אַ מאָטאָר־גערויש. פון הינטער די קרוינען פון די סאָסנעס, קימאַט פאַרטשעפּענדיק זיי מיט די פונאַנדערגעשפּרייטע רעדער, האָט זיך באַוויזן דער „צוועלף". דער אַוויאָן איז געווען באַשעדיקט; אַ שטיק עק איז געווען אויסגעריסן און דער שפּיץ פון לינקן פליגל איז געהאַנגען אַף אַ קאַבל און האָט זיך נאָכגעשלעפּט. דער אַוויאָן האָט באַרירט די ערד אַף אַ מעשונעדיקן אויפן, איז הויך אונטערגעשפּרונגען, האָט ווידער אָנגערירט די ערד און האָט ווידער אַ שפּרונג געטאָן. אַזוי האָט ער געהאַלטן אין שפּרינגען קימאַט ווי ביזן עק אַעראָדראָם. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ לײַכט־פאַרריסענעם עק. עס האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום אַפּאַראַט די סאַניטאַר־קאָטשן מיט די מעדיקער אַף די טרעפּלעך, עטלעכע „ווילימסן" און די גאַנצע אויסוואַרטנדיקע גרופּע.

מען האָט פונאַנדערגערוקט דעם צודעק. אַן אַראָפּגעזונקענער אַף זײַן זיץ־אָרט האָט זיך געפונען דער פאַרבלוטיקטער קערפּער פון פּעטראָוון. זײַן מאַכטלאָזער קאָפּ איז אַראָפּגעהאַנגען אַף דער ברוסט. דאָס פּאָנעם איז געווען באַדעקט מיט בלאָנדע און נאַסע לאָקן. די מעדיקער און קראַנקן־שוועסטער האָבן אים פונאַנדערגעשפּיליעט די רימענס, האָבן אַראָפּגענומען פון אים דעם פּאַראַשוט, וואָס איז געווען פאַרבלוטיקט און צעריסן דורך אַ באָמבע־שפּליטער, און האָבן אַוועקגעלייגט דעם אומבאַוועגלעכן קערפּער אַף דער ערד. דעם פּילאָטס פּיס זײַנען געווען דורכגעלעכערט מיט קוילן און אַ האַנט איז געווען פאַרוווּנדיקט. אַפן בלויען אָוועראָל האָבן זיך שנעל אויסגעשפּרייט טונקעלע פלעקן.

דאָרט אַף אַן אָרט איז פּעטראָוו פאַרבאַנדאַזשירט געוואָרן; מען האָט אים אַרויפגעלייגט אַף אַ טראָג־בעטל און געוואָלט אַרײַנהייבן אין אַ סאַניטאַר־קאָטש. אין יענעם מאָמענט האָט ער געעפנט די אויגן. ער האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן, אָבער אַזוי שוואַך אַז ס'איז אוממעגלעך געווען צו דערהערן. דער פּאָלקאָווניק האָט זיך אָנגעבויגן צו אים:

— ווו איז מערעסיעוו?

— ער האָט נאָך ניט געלאַנדט.

מען האָט ווידער אויפגעהויבן דאָס טראָג־בעטל, אָבער דער פאַרוווּנדיקטער האָט זיך קעגנגעשטעלט מיט ענערגישע קאָפּ־באַוועגונגען און האָט אַפילע אַזוי ווי געפּרווט אַראָפּשפּרינגען פון געלעגער.

— רירט זיך ניט, טראָגט מיך ניט אַוועק. כ'וויל ניט! כ'וועל וואַרטן אַף מערעסיעוון. ער האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן.

די פּראָטעסטן פון פּילאָט און זײַנע דראָונגען אַראָפּצורײַסן די באַנדאַזשן זײַנען געווען אַזוינע ענערגישע, אַז דער פּאָלקאָווניק האָט געהייסן אָפּהאַלטן זיך, האָט אויפגעהויבן אַ האַנט און אַרויסגעמורמלט צווישן די ציין:

— גוט, לאָזט אים. זאָל ער וואַרטן. מערעסיעוו האָט נאָפּט ניט מער ווי אַף איין מינוט. ער וועט ניט שטאַרבן.

דער פּאָלקאָווניק האָט נאָכגעקוקט די באַוועגונגען פון רויטן סעקונד־דע־מעסטער אַף זײַן זייגער. אַלע האָבן אָנגעשטרענגט דאָס געהער און געקוקט צום בלאָלעכן וואַלד, פון הינטער וועלכן ס׳האָט געזאָלט באַווײַזן זיך דער לעצטער אַוויאָן. אויסער דעם ווײַטן געדונער פון דער קאַנאָנאַדע און דעם קעסיידערדיקן קלאַפּן פונעם פּיקהאָלץ האָט זיך, אָבער, גאָרניט געהערט.

ווי לאַנג ס׳איז צײַטנווײַז אַ מינוט!

## 7.

די קעגנער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן מיט דער גאַנצער שנעלקייט איינער אַפן צווייטן. דער „לאַוואָטשקין 5” און דער „פאָקע־וואָלף 190” זײַנען געווען גיכע אַוויאָנען. אַלעקסיי מערעסיעוו און דער אומבאַקאַנטער, פאַר אים, דײַטשישער טשעמפּיאָן האָבן זיך אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פראָנטאַלער אַטאַקע. אין דער אַוויאַציע דויערט אַזאַ מין אַטאַקע בלויז געציילטע רעגעס, אָבער די דאָזיקע רעגעס פאָדערן פון פּילאָט אַזאַ מין גרויסע נערוון־אָנשטרענגונג, אַזאַ מין ריזיקע גײַסט־פעסטקייט, אַז זי וואָלט געקלעקט דעם ערד־קעמפער אַף אַ גאַנצן טאָג.

מען דאַרף זיך קענען פאָרשטעלן דאָס וואָס עס באַטײַט ווען צוויי שנעלע אַוויאָנען ווערן מיט דער גרעסטער גיכקייט געוואָרפן איינער קעגן צווייטן. דער קעגנערישער אַוויאָן צעוואַקסט זיך איינס און צוויי. עס באַווײַזן זיך אַלע זײַנע דעטאַלן, די אויבערפלאַכן פון די פליגל, דער גלאַנציקער קרײַז פון פראָפּעלער, די שוואַרצע פּונקטן פון די קאַנאָנען. נאָך אַ מאָמענט און די אַפּאַראַטן וועלן זיך צונויפשטויסן, ס׳וועט ווערן פון זיי פאָרעך און קיינער וועט ניט קענען געפינען דעם מינדסטן ברעקל פון די אַוויאָנען און פּילאָטן. אין אַזוינע רעגעס ווערט געשטעלט פאַר אַ ניסאָיען ניט נאָר דער ווילן פון פּילאָט, נאָר אויך אַלע זײַנע גײַסטיקע קרעפטן. דער פאַכדן, דער וואָס קען זיך ניט ווידערשטעלן דער שווידער־לעכער נערוון־שפּאַנונג, דער וואָס איז אומפעיִק מאַקריוו צו זײַן זיך פאַרן ניצאָכן, גיט אַ צי צו זיך אינסטינקטיוו דאָס רודער־הענטל קעדיי צו אַנטלויפן פונעם טויט־הוראַגאַן וואָס פליט אָן אַף אים. אַ רעגע שפּעטער קראַכט, אָבער, אַראָפּ זײַן אַוויאָן מיט אָן אויפגעטרענטן בויך אָדער מיט אַן אָראָפּגעפּליקטן פליגל. עס איז אוממעגלעך ער זאָל זיך ראַטעווען. די געניטע אַוויאַטאָרן ווייסן עס זייער גוט און בלויז די סאַמע העלדישסטע אַנטשליסן זיך אַף אַ פראָנטאַלער אַטאַקע.

ביידע קעגנער האָבן זיך געטראָגן מיט פורִיע איינער אַפן צווייטן. אַלעקסיי האָט פאַרשטאַנען אַז זײַן קעגנער איז ניט קיין אָנפאַנגער,

ניט פון די וואָס מען האָט גערופן „גערינג־רעקרוטן" און וואָס מען האָט אויסגעלערנט פליִען אַף פאַרקירצטע קורסן, קעדיי אויסצופילן מיט זיי די לעבער אין דער דײַטשישער אַוויאַציע און קאָמפּענסירן מיט זיי די ריזיקע פאַרלוסטן אַפן מיזרעך־פראָנט. אַנטקעגן מערעסיעוון האָט זיך געטראָגן אַ טשעמפּיאָן פון דער „ריכטהאָפען"־אַוויאַציע און אַף זײַן „פּאָקע־וואָלף" זײַנען זיכער געווען אָנגעצייכנט סילועטקעס פון אַוויאָנען — איידעס פון ניט איין לופט־ניצאָכן. אַזאַ פליִער וועט זיך ניט דערשרעקן, וועט ניט אָפּנייגן אָן אַ זײַט, וועט ניט אויסמײַדן די באַגעגעניש.

— וועסט געדענקען „ריכטהאָפען"! —האָט אַלעקסיי אַ ברום געטאָן צווישן די ציין. ער האָט אײַנגעביסן די ליפּן ביז בלוט, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קנויל אָנגעשפּאַנטע מוסקולן, האָט צוגעשמידט זײַן בליק צום ציל־רעמל און האָט זיך געגעבן אַ ניידער ניט אָפּצולאָזן פון אויג דעם פײַנטלעכן אַוויאָן וואָס האָט זיך אָט־אָט געהאַלטן אין אָנטראָגן אַף אים.

זײַן שפּאַנונג איז געווען אַזוי גרויס אַז ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט: ער זעט דורכן קלאָרן האַלב־קרײַז פון זײַן פּראָפּעלער די פּאָדערשטע שויב פון זײַן קעגנערס קאַבינע און הינטער דער שויב — צוויי מענטשלעכע אויגן וואָס עגבערן זיך אַרײַן אין אים. בלויז אויגן האָט ער געזען, אויגן וואָס פלאַקערן מיט פרענעטישן האַס. דאָס איז געווען אַ האַלוצינאַציע, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך זײַן געשפּאַנטקייט, אָבער אַלעקסיי האָט געזען די אויגן מיט דער גאַנצער קלאָרקייט. „דער סאָף!" —האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אָנשטרענגענדיק מיט נאָך מער קראַפט זײַנע מוסקולן—. „דער סאָף!" קוקנדיק פאָרויס, האָט ער זיך ווײַטער געטראָגן גלײַך אַפן וואַקסנדיקן געווירבל. „ניין, דער דײַטש וועט זיך אויך ניט אָפּקערן. אַלץ האָט זיך געענדיקט!"

ער האָט זיך געריכט אַף אַ בליץ־שנעלן טויט. מיטאַמאָל, אָבער, ווען ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט אַז ער קען דעם דײַטש דערלאַנגען מיט דער האַנט, האָט דער סוינע ניט אויסגעהאַלטן; ער האָט זיך אַ גליטש געטאָן אַף אינדערהייך, און אין דער איינציקער סעקונדע ווען ס'האָט אַ שימער געטאָן ווי אַ בליץ דער באַלויכטענער בלאָער בויך פונעם „פּאָקע־וואָלף", האָט אַלעקסיי אָנגעקוועטשט גלײַכצײַטיק אַלע צינגלעך און האָט אים אָפּגעשפּריצט מיט דרײַ פײַער־שטראָמען. גלײַך נאָכדעם האָט ער געמאַכט אַ לופּינג. ווען די ערד האָט שנעל פאַרבײַגעשוועבט איבער זײַן קאָפּ, האָט ער דערזען אונטער זיך אַן אַוויאָן וואָס האָט זיך שוואַך און פּאַמעלעך געקולערט. אַ פרענעטישער טריִומף־געפיל האָט אים באַהערשט און ער האָט אויסגעשריִען:

— אַלגאַ!

פאַרגעסנדיק אין אַלץ, האָט ער גענומען באַשרײַבן ענגע קרײַזן אַרום אַראָפּפאַלנדיקן דײַטש, ביז דעם סוינעס אַוויאָן האָט אַ קראַך געטאָן אַפן

רויטלעכן ווילדגראָז און אַרויסגעשיקט אינדערהייך אַ שוואַרצן רויך־זײַל.

ערשט דאַן האָט נאָכגעלאָזט מערעסיעווס נערוון־שפּאַנונג; די פּאַר־שטיינערטע מוסקולן זײַנען ווייכער געוואָרן. ער האָט דערפֿילט אַן אומגעהויערע מידקייט, און זײַן בליק האָט זיך מיטאַמאָל באַגעגנט מיטן נאַפֿט־ווײַזער. דאָס ווײַזערל האָט אַרומגעציטערט באַם סאַמע זעראָ.

ס'איז אים געבליבן נאַפֿט אויף דרײַ, העכסטנס אויף פֿיר מינוט. בלויז אויף אָנצוקומען צום אַעראָדראָם האָט ער געדאַרפֿט האָבן לעכאָל־האַפּאָכעס צען מינוט, ניט רעכענענדיק די צײַט וואָס איז נייטיק געווען אויף אויפֿ־צוהייבן זיך העכער. „און דאָס אַלץ פֿאַרן האָבן באַגלייט די „פּאָקע" ביז דער ערד!... ביסט אַ קינד, ביסט אַ שוטע!" האָט ז י ך אַליין פֿאַרגעוואָרפֿן מערעסיעוו.

זײַן מויעך האָט געאַרבעט שאַרף און קלאָר, ווי ס'טרעפֿט מיט דרײַסטע און קאַלטבלוטיקע מענטשן אין אַ מאָמענט פֿון געפֿאַר. קוידעם־קאָל — אויפֿהייבן זיך וואָס העכער, אָבער ניט באַשרײַבנדיק קיין קרײַזן, ניין, אויפֿהייבן זיך און גלײַכצײַטיק דערנענטערן זיך צום אַעראָדראָם. גוט.

דער אַוויאָן איז שוין געפֿלויגן אין דער געהעריקער ריכטונג, די ערד האָט זיך דערווײַטערט און דער האָריזאָנט האָט זיך בעהאַדראָגעדיק באַדעקט מיט רויך־ספּיראַלן. אַ רוזקערער שוין האָט אַלעקסיי ווײַטער געמאַכט זײַנע אויסרעכענונגען. אויפֿן ברענשטאָף איז זיך ניטאָ וואָס צו פֿאַרלאָזן. אויב דער נאַפֿט־מעסטער לײַגט אים אַפֿילע, איז אַלץ איינס קלאָר אַז ער האָט ניט קיין גענוגנדיקן סכום ברענשטאָף. לאַנדן אויפֿן וועג? אָבער ווו? אין געדאַנק איז אים דורכגעלאָפֿן דער גאַנצער שעטעך. וועלדער, זומפּ־וועלדלעך, געבראָכענע פֿעלדער אין דער זאָנע פֿון די פּערמאַנענטע באַפֿעסטיקונגען, פֿעלדער צעגראָבענע אין אַלע ריכטונגען, פֿול מיט גריבער און באַדעקטע מיט שטעכל־דראָט.

ניין. לאַנדן איז טויט.

אַרויסשפּרינגען מיטן פּאַראַשוט? דאָס וואָלט ער יאָ געקאָנט טאָן. אין ד ע ר רעגע אַפֿילע, אויב ער וואָלט עס נאָר געוואָלט! פֿונאַנדער־עפֿענען דעם צודעק, מאַכן אַ וויראַזש, אַ צי טאָן צו זיך דאָס רודער־הענטל, אַ שפּרונג און... געענדיקט דער איניען! נו, און דער אַוויאָן? דער דאָזיקער וווּנדערלעכער, געטרייער, פֿלינקער פֿויגל, וואָס האָט אים הײַנט דרײַ מאָל געראַטעוועט דאָס לעבן! פֿאַרלאָזן אים, צעטראַסקען אים, פֿאַרוואַנדלען אים אין אַ באַרג צעפֿלעטשטן אַלומיניום־אָפּפֿאַל? פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט? ניין, ער האָט ניט מוירע פֿאַר דער פֿאַראַנט־וואָרטלעכקייט. אין אַזאַ סיטואַציע מעג מען, מען מוז אַפֿילע, אַראָפּ־וואַרפֿן זיך מיטן פּאַראַשוט. אין יענעם מאָמענט האָט אים דער אַפּאַראַט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיק וועזן, אַ וועזן אַ פֿרעכטיקס, אַ שטאַרקס, אַ נאָבלס, אַ טרײַס, און ס'האָט אים אויסגעוויזן אַז ער וועט באַגיין אַ מיִעסן פֿאַרראַט אויב ער וועט אים פֿאַרלאָזן. און אויסער דעם — אומקערן זיך

פון די ערשטע שלאַכטן אָן זײַן אַפּאַראַט און וועגעטירן אין רעזערוו, וואַרטנדיק אַף אַ צווייטן; בלײַבן אומאַקטיוו גראָד אין אַזוינע לײַדנשאַפטלעכע מאָמענטן, ווען אַפן פראָנט ווערט געשמידט אונדזער גרויסער זיג. זיצן מיט פאַרלייגטע הענט אין אַזוינע טעג...

— וואָס מיינסטו זיך! — האָט אַלעקסיי הויך אויסגערופן, ווי ער וואָלט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן עמעצנס אַ פאָרשלאָג.

„פליִען ביז דער מאָטאָר וועט זיך אָפּשטעלן! און דאַן? דאַן וועלן מיר שוין זען", האָט ער געטראַכט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן אַף אַ הייך פון דרײַ טויזנט מעטער, נאָכדעם ביז פיר טויזנט, באַטראַכטנדיק די ערד־אויבערפלאַך און זוכנדיק כאָטש אַ קליינטשיק צוגעפּאַסט אָרט אַף צו לאַנדן. אַפן האָריזאָנט האָט שוין צעפלאָסענערהייט געבלוילעכט דער וואַלד הינטער וועלכן ס'האָט זיך געפונען דער אַעראָדראָם. עס זײַנען געבליבן אַ וואָסערע פופצן קילאָמעטער ביז אַהין. דער ווײַזער פון נאַפט־מעסטער האָט שוין ניט געציטערט. ער האָט זיך שטײַף אָנגעשפּאַרט אַפן גרענעץ־שרײַפל. דער מאָטאָר האָט אָבער פונקציאָנירט. מיט וואָס? העכער, העכער!... אָט אַזוי!

מיטאַמאָל האָט דאָס ריטמישע מאָטאָר־זשומען — וואָס דער געהער פון אַ פּילאָט באַמערקט אַפילע ניט, פונקט ווי אַ געזונטער מענטש שפּירט ניט דאָס קלאַפּן פונעם האַרצן — געביטן דעם טאָן. אַלעקסיי האָט עס גלײַך אויפגעכאַפּט. דער וואַלד האָט זיך שוין קלאָר געזען. עס זײַנען געבליבן ביז אים אַ זיבן קילאָמעטער. ס'איז ניט געווען קיין ספק, אָבער דער גאַנג פון מאָטאָר האָט זיך געענדערט אַף אַ גאָר ניט־פריילעכן אויפן. דער פּילאָט האָט עס אויפגענומען מיט זײַן גאַנצן וועזן, פונקט ווי ניט דער מאָטאָר נאָר ער אַליין וואָלט זיך גענומען שטיקן. און מיטאַמאָל דאָס שרעקלעכע: דער „טשיק, טשיק, טשיק", וואָס האָט, ווי אַ שטאַרקער ווייטיק, אַרומגענומען זײַן גאַנצן קערפּער...

אָבער ניין, ס'האָט גאָרניט פּאַסירט. „ער פונקציאָנירט, ער פונקציאָנירט, הוראַ! ער פונקציאָנירט". ער איז שוין געפלויגן איבערן וואַלד; ס'האָבן זיך שוין געזען פון אויבן די בעריאָזע־קרוינען, דער גרין־געקרײַזלטער שוים וואָס האָט זיך באַוועגט און געלויכטן אַף דער זון. דער וואַלד. איצט האָט ער אין קיין אַנדער אָרט, ווי אין זײַן אַעראָדראָם, ניט געקענט לאַנדן. אַלע וועגן זײַנען געווען אָפּגעשניטן. „פאָרויס, פאָרויס!"

טשיק, טשיק, טשיק!

ס'האָט ווידער אַזאַ מין קנאַק געטאָן. אַף לאַנג? דער וואַלד האָט זיך אויסגעשפּרייט אונטן. דער זאַמד־וועג האָט זיך געצויגן גלײַך און גלאַט ווי דער האָר־שרונט אַפן פּאָלקאָווניקס קאָפּ. איצט האָבן געפעלט דרײַ קילאָמעטער ביזן אַעראָדראָם. דאָרט, הינטערן וואַלד־ראַנד האָט ער זיך געפונען, און אַלעקסייען האָט זיך אויסגעדוכט אַז ער זעט אים שוין.

טשיק, טשיק, טשיק, טשיק! און מיטאמאָל איז געוואָרן אינגאַנצן שטיל, אַזוי שטיל אַז ס'האָט זיך געהערט דאָס פּײַפן פון ווינט. איז עס דער סאָף? מערעסיעוו האָט דערפילט אַ שווידער איבערן גאַנצן קערפּער. אַרויסשפּרינגען? ניין, נאָך אַ ווײַלינקע... ער האָט לײַכט אָנגענויגט דעם פּאַמעלעך־שוועבנדיקן אַוויאָן און האָט אים צוגעגעבן אַ לײַכטע אַראָפּגליטש־באַוועגונג, באַמיִענדיק זיך אַז דער אַפּאַראַט זאָל ניט אַרײַנפאַלן אין קיין שרויפיקן געדריי.

ווי שרעקלעך ס'איז די אַבסאָלוטע שטילקייט אינדערלופטן! מען האָט אַפילו געהערט ווי ס'טרעשטשעט אונטער דער מאָטאָר באַם אָפּקילן זיך, ווי ס'פּולסירט דאָס בלוט אין די שלייפן און ווי עס הודזשעט אין די אויערן צוליבן שנעלן אַראָפּנידערן. און מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט עס דערנענטערט זיך די ערד! פּונקט ווי זי וואָלט צוגעצויגן געוואָרן מיט אַ גיגאַנטישן מאַגנעט.

אָט איז דער ראַנד פון וואַלד. ס'האָט זיך שוין באַוויזן הינטער אים, פונוויַטן, אַ שמאַראַגד־גרינער פראַגמענט פון אַעראָדראָם. איז שוין ניט צו שפּעט? דער אָפּגעשטעלטער פּראָפּעלער האָט זיך אָפּגעהאַלטן אין מיטן פון אומדריי. ווי שווידערלעך ס'איז צו זען אים אין פולן פליִען. דער וואַלד איז שוין געווען נאָנט. דער סאָף?... איז מעגלעך אַז אַלגאַ וועט קיינמאָל ניט וויסן וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, ווי ס'האָט אויסגעזען זײַן שווערער און איבערמענטשלעכער וועג וואָס ער האָט דורכגעמאַכט בעמעשעך פון די דאָזיקע 18 כאַדאָשים? איז מעגלעך זי זאָל זיך ניט דערוויסן אַז, ניט געקוקט אַף אַלץ, האָט ער דערגרייכט דאָס צו וואָס ער האָט געשטרעבט, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פולשטענדיקן, יאָ, אין אַ פולשטענדיקן מענטשן? איז דען מעגלעך, אַז ער זאָל אַראָפּקראַכן אַף אַזאַ נאַרישן אויפן פונקט אין מאָמענט פון זײַנע העכסטע דערגרייכונגען?

אַרויסשפּרינגען? ס'איז שוין געווען שפּעט! דער וואַלד האָט זיך שנעל פאַרבײַגעטראָגן און זײַנע קרוינען האָבן זיך, אין אימפּעטדיקן הוראַגאַן, צונויפגעגאָסן אין קאָמפּאַקטע, גרינע פּאַסן. ערגעצוווּ האָט ער געזען עפּעס ענלעכס. ווו, אָבער? אָך, יאָ! ס'איז געווען דאַן, אין יענעם פרילינג, בעיים דער שווידערלעכער קאַטאַסטראָפע. אויך דאַן האָבן זיך אָפּן זעלבן אויפן פאַרבײַגעטראָגן אונטערן פליגל די גרינע פּאַסן. די לעצטע אָנשטרענגונג: אַ צי טאָן דאָס רודער־הענטל צו זיך...

## 8.

צוליבן בלוט־פאַרלוסט האָט באַ פּעטראָוון געזשומעט אין די אויערן דער גאַנצער אַעראָדראָם, די באַקאַנטע פּענעמער און די באַגילדטע פּאַרנאַכטיקע וואָלקנס האָבן זיך אָנגעהויבן מיטאמאָל צו וויגן, איבערצוקערן

זיך פּאַמעלעך און צו פּאַרטושן זיך. אַז ער פּלעגט אַ ריר טאָן די פאַר־וווּנדיקטע פיס, פלעגט ער, צוליבן שאַרפן ווייטיק, קומען צו זיך.

— ער איז ניט אָנגעקומען?...

— ניין נאָך. רעדט ניט — פלעגט מען אים ענטפערן.

איז דען מעגלעך אַז אַלעקסיי מערעסיעוו, דער מענטש וואָס איז, ווי אַ באַפליגלטער גאָט, דערשינען, אַף אַן אומפאַרשטעלבן אויפן, פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן דײַטש, אין געוויען מאָמענט ווען אים, פּעט־ראָוון, האָט זיך אויסגעדוכט אַז אַלץ איז פאַרענדיקט, איז איצט אַ פּאָ־רעמלאָז בערגל פאַרברענט פלייש אַף יענער שרעקלעכער, צעגראָבענער און צעגנוידערטער ערד? איז דען מעגלעך אַז דער סערזשאַנט פּעטראָוו וועט מער ניט זען די שוואַרצע, עטוואָס שפּאַסיקע, גוטמוטיק־אָפּלאַכנ־דיקע אויגן פון זײַן שעף? קיינמאָל שוין ניט?...

דער פּאָלקאָווניק האָט אַראָפּגערוקט דעם אַרבל פון דער גימנאַס־טיאָרקע. דער זייגער איז שוין מער ניט נייטיק געווען. פאַרגלעטנדיק מיט ביידע הענט זײַנע זאָרגעוודיק־פאַרקעמטע האָר, האָט ער טרוקן אַ זאָג געטאָן:

— ס'האָט זיך געענדיקט!

— און ס'איז ניטאָ קיין שום האָפענונג? — האָט עמעץ געפרעגט.

— ניין, די נאַפט האָט זיך געענדיקט. ס'קען זײַן אַז ער האָט ער־גיץ געלאַנדט אָדער עפשער איז ער אַרויסגעשפּרונגען... אַנו, נעמט זיך צום טראָג־בעטל.

דער שעף האָט זיך אָפּגעקערט און האָט גענומען עפּעס אונטערפײַפן, אַראָפּגייענדיק אינגאַנצן פון טאָן. פּעטראָוו האָט ווידער דערפילט אַז אַ שאָרסטיקער, ברענענדיקער און שטיקנדיקער קנויל שטעלט זיך אים אין גאָרגל. ס'האָט זיך דערהערט אַ מעשונעדיקער קלאַנג, אַזוי ווי אַ הוסט. די מענטשן וואָס זײַנען נאָך געשטאַנען אַנטשוויגענע אין מיטן אַעראָדראָם האָבן אַ קער געטאָן די קעפּ און גלײַך געמוזט אָפּקערן זיי צוריק: דער פאַרוווּנדיקטער פּילאָט האָט געשלוכצט אַפן טראָג־בעטל.

— וואָס טוט זיך דאָ? טראָגט אים גלײַך אַוועק! — האָט אַ רעווע געטאָן מיט אַ מעשונעדיקער שטים דער שעף. ער האָט זיך אָפּגעקערט פון דער גרופּע און איז שנעל אַוועק מיט האַלב־צוגעשלאָסענע אויגן, פּונקט ווי ס'וואָלט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט.

ביסלעכווײַז האָבן זיך די מענטשן גענומען פונאַנדערשפּרייטן אי־בערן פעלד. אין יענער רעגע האָט זיך, אָן שום גערויש, אַזוי ווי אַ שאָטן, באַוויזן אַפן ראַנד פון וואַלד אַן אַוויאָן, וואָס האָט מיט זײַנע רעדער אָנגערירט די בעריאָזע־קרוינען. ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט ווי אַ גע־שפּענסט איבער די קעפּ און איז אַזוי ווי צוגעצויגן געוואָרן דורך דער ערד. אַלע זײַנע דרײַ רעדער האָבן גלײַכצײַטיק אָנגערירט דעם אַעראָ־דראָם. ס'האָט זיך דערהערט אַ פאַרטויבטער און מעשונעדיקער גערויש

—דער געקראַך פון די שטיינדלעך און דאָס שורשען פונעם גראָז—, וואָס די פּילאָטן הערן קיינמאָל ניט צוליבן געזשום פון מאָטאָר. אַלץ איז צו־געגאַנגען אַזוי פלוצלינג, אַז קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען גענוי וואָס עס האָט פּאַסירט, כאָטש דער איניען איז געווען גאָר אַן איינפאַכער: ס'האָט געלאַנדט אַן אַוויאָן און טאַקע גראָד דער „עלף", אַף וועלכן אַלע האָבן געוואַרט.

— ער! —האָט עמעץ אַ געשריי געטאָן מיט אַזאַ מין ניט־מענטש־לעכער און צעבראַסטעטער שטים, אַז אַלע האָבן זיך גלייך אויפגעכאַפּט פון זייער טיפער איבערראַשונג.

דער אַפּאַראַט האָט זיך צוגעקייקלט צום עק אַעראָדראָם, ביזן מויער פון די אויסגעדרייטע, ווייסלעכע בעריאָזע־שטאַמען, וואָס זיינען געווען באַלויכטן דורך די מאַראַנץ־קאַלירקע פאַרנאַכט־שטראַלן.

אויך דאָס מאָל איז קיינער ניט אַרויס פון דער קאַבינע. אַלע האָבן געמיינט אַז ס'איז געשען אַן אומגליק און מען האָט זיך אין איין געלאַף אַ לאָז געטאָן צום אַוויאָן. דער פּאָלקאָווניק איז אָנגעקומען דער ערשטער; ער איז פלינק אַרויפגעשפּרונגען אַף אַ פליגל, האָט אָפּגערוקט דעם צו־דעק און האָט זיך אַריינגעבויגן אין דער קאַבינע. אַלעקסיי מערעסיעוו איז געזעסן אָן דעם קאַפּטער, אַ טויט־בלאַסער. זיינע בלייכע, גרינלעכע ליפּן האָבן געשמייכלט. פון זיין אונטערשטער איינגעביסענער ליפּ האָבן זיך אַראָפּגעשנירלט אַף דער גאָמבע צוויי פּערעמלעך בלוט.

— איר לעבט? איר זייט פאַרוווּנדיקט?

מיט אַ שוואַכן שמייכל און מיט טויט־מידע אויגן האָט ער אַ קוק געטאָן אַפן פּאָלקאָווניק:

— ניין, כ'בין אינגאַנצן געזונט. ס'איז מיר באַפאַלן אַ פּאַכאַד... כ'האָב דורכגעמאַכט זעקס קילאָמעטער און כ'וויים ניט מיט וואָס.

די פּילאָטן האָבן זיך מיט אַ פריידיקן טומל אַרומגעשטעלט פון אַלע זייטן, האָבן אים באַגריסט און געדריקט די הענט. אַלעקסיי האָט גע־שמייכלט:

— פּאַרזיכטיק, ברידער, איר וועט נאָך צעברעכן די פליגל. וואָס מאַכט איר?... איר זעט אויס ווי פליגן!... אָט שוין גיי איך אַרויס.

אין יענעם מאָמענט, ווען אַלעמענס אויגן זיינען נאָך געווען אָנגע־בויגן איבער אים, האָט ער דערהערט פון אונטן אַ שוואַכע שטים, אַזאַ שוואַכע אַז ס'האָט זיך אויסגעדוכט — זי קומט פון זייער ווייט:

— אַלעקסיי, אַלעקסיי!

מערעסיעוו האָט מאָמענטאַל אויפגעלעבט. ער איז אויפגעשפּרונגען, האָט זיך אונטערגעהויבן אַף די הענט, האָט אַרויסגעצויגן פון דער קאַ־בינע זיינע שווערע פיס און שיר ניט אומוואַרפנדיק קיין מענטשן איז ער אַראָפּגעשטיגן פון אַוויאָן.

פעטראָווס פּאָנעם איז געווען ווײַס ווי די קישן. אין זײַנע אײַנגעזונקענע, פאַרלאָפּענע אויגן האָבן געגלאַנצט צוויי גרויסע טרערן.

— ברודערקע! דו לעבסט? אַך, דו האַריקער טײַוול!

דער פּילאָט האָט זיך געגעבן אַ שווערן לאָז־אַראָפּ אױף די קני לעבן טראָג־בעטל, האָט ארומגענומען דעם מאַכטלאָזן קאָפּ פון כאַווער און האָט אַרײַנגעבליקט אין זײַנע בלאָע אויגן, וואָס זײַנען פול געווען מיט לײַדן און גלײַכצײַטיק געשײַנט פון פרייד.

— לעבסט?

— אַ דאַנק, אַלעקסיי! האָסט מיך געראַטעוועט. ווי וווּנדערלעך דו ביסט געווען אַלעקסיי, ווי...

— טראָגט אַוועק דעם פאַרוווּנדיקטן, האָב איך אײַך געזאָגט! וואָס טוט איר דאָ מיט אָפענע מײַלער? —האָט נאָענט פון דאָרט אַ קנאַל געטאָן דעם פּאָלקאָווניקס שטים.

דער שעף, אַ קליינער, אַ לעבעדיקער, האָט זיך געהאַלטן אין איין באַוועגן אױף זײַנע פעסטע פיס. ער האָט געטראָגן אויסגעפּאַסטע, גלאַנציקע שטיוול, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער די הויזן פון זײַן בלויען אָווערראָל.

— לייטענאַנט מערעסיעוו, אינפאָרמירט וועגן פלי. האָט איר אַראָפּגעשאָסן עמעצן?

— צו אײַער באַפעל, כאַוועך פּאָלקאָווניק; צוויי „פּאָקע־וווּלפן".

— אין וועלכע אומשטענדן?

— אײנעם אין ווערטיקאַלן אָנגריף. ער האָט זיך געפונען הינטער פעטראָווס עק. דעם צווייטן אין אַ פראָנטאַלער אַטאַקע, אַ וואַסערע דרײַ קילאָמעטער אױף צאָפן פון דער אַלגעמיינער שלאַכט.

— כ'ווייס. דער ערד־אָבסערוואַטאָר האָט עס מיר נאָר וואָס איבערגעגעבן. אַ דאַנק.

— כ'דין דעם...! —האָט אָנגעהויבן אַלעקסיי, באַטאָנענדיק די ווערטער, אין העסקעם מיט די פאָרשריפטן; דער שעף, אָבער, וואָס איז געווײנלעך אַזוי שפּירעוודיק געווען אױף די פאָרשריפטן, האָט אים איבערגעריסן מיט אַ היימישער שטים:

— גוט, אויסגעצייכנט! מאָרגן וועט איר איבערנעמען די קאָמאַנדע פון אַ סקוואַדריליע. אין פאַרטרעטונג... דער שעף פון דער דריטער סקוואַדריליע האָט זיך ניט אומגעקערט הײַנט צו דער באַזע...

זיי זײַנען אַוועק צופוס צום קאָמאַנדע־פּונקט. אַזוי ווי יענעם טאָג האָט מען שוין מער ניט געדאַרפט אַרויספליִען, איז די גאַנצע גרופּע נאָכגעגאַנגען. ווען זיי האָבן זיך שוין געפונען נאָענט פון גרינעם בערגל באַם קאָמאַנדע־פּונקט, איז פון דאָרט אַרויסגעלאָפן דער דיזשור־אָפיציר. אַ פריידיקער און מיט אַ נאַקעטן קאָפּ האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן פאַרן פּאָלקאָווניק. ער האָט שוין געעפנט דאָס מויל, גרייט אויסצושרײַען עפּעס,

אָבער דער פּאָלקאָווניק האָט אים האַסטיק איבערגעריסן מיט אַ טרוקע־נער שטים:

— פאַרוואָס אָן אַ היטל? איר מיינט אַז איר זייט אַ שילער אױף דער פויזע?

— כּאַוועך פּאָלקאָווניק, דערלויבט מיר אינפאָרמירן אײַך — האָט געזאָגט אַ שטײַף־אויסגעצויגענער דער עמאָציאָנירטער לייטענאַנט און האָט קוים געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

— וואָס איז?

— אונדזער שאָכן, דער שעף פון „יאַק"־פּאָלק, רופט אײַך אין טע־לעפאָן.

— דער שאָכן? נו, איז וואָס?...

דער פּאָלקאָווניק איז פלינק אַראָפּגעלאָפן איבער די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צו דער באַהעלטעניש.

— ס'האַנדלט זיך וועגן דיר... — האָט אָנגעהויבן דערציילן אַלעק־סייען דער דיזשור־אָפיציר, אָבער פון אונטן האָט זיך דערהערט דעם שעפס שטים:

— זאָל צוקומען מערעסיעוו!

מערעסיעוו האָט זיך שטײַף אויסגעצויגן אַנטקעגן דעם שעף. דער פּאָלקאָווניק האָט פּאַרדעקט מיט זײַן דלאָניע דעם מיקראָפאָן און האָט זיך אַ נעם געטאָן צו אַלעקסייען:

— אין וואָס פאַרא לאַגע שטעלט איר מיך אַוועק? אונדזער שאָכן טעלעפאָנירט מיר און פרעגט: „ווער פון דײַניקע פליט אינעם „עלף"?" „דער לייטענאַנט מערעסיעוו" — ענטפער איך אים. „וויפל אַראָפּגעשאָ־סענע אַוויאָנען האָסטו אים פאַרצייכנט?" — פרעגט ער מיך. „צוויי". „גיב־זשע צו נאָך איינעם: היינט האָט ער אַראָפּגעריסן פון מײַן עק אַ „פאָקע־וואָלף" — זאָגט ער מיר. „איך אַליין — זאָגט ער ווײַטער — האָב געזען ווי ער האָט אַראָפּגעקראַכט". האַ? פאַרוואָס שווײַגט איר? — דער פּאָלקאָווניק האָט געקוקט אױף אַלעקסייען מיט צונויפגעצויגענע ברעמען און ס'איז שווער געווען צו וויסן צי ער שפּאַסט אָדער ער איז אין קאַעס אױף אָן עמעס: — איז טאַקע געווען אַזוי?... נו, פאַרשטענ־דיקט זיך שוין אַליין; אַנו! האַלאָ, הערסט מיך? דער לייטענאַנט מע־רעסיעוו איז באַם אַפּאַראַט; כ'גיב אים איבער דאָס טרײַבל.

אין אַלעקסייס אויער האָט אָפּגעהילכט אַ פּעסטע, אומבאַקאַנטע שטים:

— אַ דאַנק, לייטענאַנט. דאָס איז געווען אַ מײַסטערדיקער קלאַפּ, אַ פּרעכטיקער; כ'ווייס גוט ווי אים אָפּצושאַצן; איר האָט מיר געראַ־טעוועט דאָס לעבן. יאָ. כ'האָב אים באַגלייט קימאַט ביז צו דער סאַמע ערד און האָב געזען ווי ער איז צעטראַסקעט געוואָרן. טריקנסט וואָדקאַ?

קום אין מײַן קאָמאַנדע־פּונקט: כ׳שטעל אַ ליטער. איך כאַזער איבער: אַ דאַנק! כ׳דריק פעסט די האַנט! קום וואָס פריִער!

מערעסיעוו האָט אויפגעהאַנגען דאָס טרײַבל. ער איז געווען אַזוי מיד פון דעם אַלץ וואָס עס האָט געטראָפן יענעם טאָג, אַז ער האָט זיך קוים געקענט האַלטן אַף די פיס. איצט האָט ער בלויז געוואָלט וואָס שנעלער צוקומען צו זײַן הייל־באַהעלטעניש, אַראָפּנעמען די פּראָטעזן און אויסציִען זיך אין בעט. נאָכן בלײַבן שטיין אַ ווײַלע, אַן אומאַנטשלאָסע־נער, באַם טעלעפאָן, האָט ער אַ שפּרײַז געטאָן צו דער טיר.

— ווו גייט איר? — דער פּאָלקאָווניק האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג. ער האָט אָנגענומען מערעסיעווס האַנט און, אַ דריק טוענדיק זי ביז ווייטיק, האָט ער אויסגערופן: —וואָס קען איך אײַך זאָגן?! בראַוואָ, לייטענאַנט! איך בין שטאָלץ צו האָבן אַזוינע מענטשן ווי איר... יאָ־יאָ... אַ דאַנק... און אײַער פרײַנטל פּעטראָוו טויג דען ניט? און אַלע אַנדערע? עך! מיט אַזוינע מענטשן קען מען ניט פאַרלירן די מילכאָמע!

און ער האָט נאָכאַמאָל מיט אַלע קויכעס אַ דריק געטאָן מערעסיעווס האַנט.

אַלעקסיי איז אָנגעקומען אין זײַן באַהעלטעניש ווען ס׳איז שוין געווען פינצטער. ער האָט אָבער ניט געקענט אײַנשלאָפן. ער האָט גע־האַלטן אין איין איבערקערן די קישן; האָט געציילט פון איינס ביז טויזנט און פאַרקערט. האָט זיך גענומען דערמאָנען וועגן זײַנע באַקאַנטע, וואָס זייערע פאַמיליע־נעמען הייבן זיך אָן מיטן אָס „אַ״, שפּעטער מיטן אָס „בע״, און אַזוי ווײַטער; האָט זיך געפּרוווט פאַרקוקן אַפן צאַנקענדיקן ליכט פונעם לעמפּל, אָבער די דאָזיקע אַלע מעטאָדן —וואָס זײַנען גע־ווײַנלעך אַזויווירקעוודיקע, האָבן הײַנט קיין שום רעזולטאַט ניט געגעבן.

קוים פלעגט אַלעקסיי פאַרמאַכן די אויגן, פלעגן אָנהייבן אַרויסצו־טויכן באַקאַנטע בילדער, אָט קלאָרע און אָט קוים אָנזעעוודיקע אין דער פינצטערניש: דער זיידע מיכאַיל מיט זײַנע זילבערנע לעקלעך האָט גע־קוקט אַף אים אַ פאַרדײַגעטער; אַנדריי דעגטיאַרענקאָ האָט גוטמוטיק געווונקען צו אים פון הינטער זײַנע קאָלירלאָזע וויִעם; וואַסילי וואַסי־ליעוויטש האָט עמעצן געזידלט און האָט רוגזעדיק געשאָקלט מיט זײַן גראָ־צעשויבערט קאָמעץ־בערדל; דער אַלטער „סנײַפּער״ האָט געשמייכלט מיט אַלע זײַנע סאָלדאַטישע קנייטשן; דאָס וואַקסענע פּאָנעם פון קאָמי־סאַר וואָראָביאָוו האָט פונעם ווײַסן קישן אַראָפּגעקוקט אַף אַלעקסייען מיט אינטעליגענטע, פאַרשנדיק־שפּאַסיקע, אַלץ־פאַרשטייענדיקע אויגן; עס האָבן געגלאַנצט אין ווינט זינאָטשקאַס פײַערדיקע האָר; דער קליי־נער, לעבנסלוסטיקער אינסטרוקטאָר נאַומאָוו האָט געלאַכט צו אים און געווונקען מיט סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש. וויפל פרײַנטלעכע און טײַערע פּענעמער האָבן געקוקט אַף אים, האָבן געלאַכט צו אים פון דער פינצטערניש, אויפוועקנדיק זיכרוינעס און אָנפילנדיק זײַן האַרץ מיט

צאַרטקייט. צווישן די דאָזיקע אַלע בריוולעכע פּענעמער האָט אויפגע־טויכט דאָס פּאָנעם פון אָלגאַן, איר דאָרע, יונגטלעכע געשטאַלט אין אָפיצירן־מונדיר און אירע מידע, גרויסע אויגן. איר פּאָנעם האָט גלייך אָפּגערוקט אָן אַ זייט אַלע איבעריקע פּענעמער. אַלעקסיי האָט זי געזען אַזוי קלאָר און דייטלעך, פּונקט ווי דאָס מיידל וואָלט ווירקלעך געשטאַנען פאַר זיינע אויגן; ער האָט זי קיינמאָל ניט געזען אַזוי. די וויזיע איז געווען אַזוי רעאַל, אַז ער האָט זיך אַזש אונטערגעהויבן אַביסל.

ס׳האָט זיך פון אים איינגאַנצן אָפּגעטאָן דער שלאָף. דערפילנדיק אין זיך אַן אָנפאַל פון פרייִדיקער ענערגיע, איז ער אַראָפּגעשפרונגען פון געלעגער, האָט אַרויסגעדרייט דאָס לעמפל, האָט אויסגעריסן אַ בלאַט פון העפט, האָט פאַרשניצט דעם בלייער און גענומען שרייבן:

„מיין טייערע! — ער האָט געשריבן מיט אַ האַנטשריפט, וואָס מען האָט קוים געקענט איבערלייענען; ער האָט קוים געהאַט צייט צו פאַר־צייכענען זיינע געדאַנקען, וואָס זיינען שנעל געפלויגן —. היינט האָב איך אַראָפּגעשאָסן 3 דייטשישע אַוויאָנען. אָבער ניט אין דעם האַנדלט זיך. אייניקע פון מיינע כאַוויירים טוען עס קימאַט טאָג־טעגלעך. כ׳קלייב זיך ניט צו באַרימען פאַר דיר וועגן דעם. געליבטע מיינע! היינט וויל איך און איך האָב רעכט צו דערציילן דיר אַלץ וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט מיט 18 כאַדאָשים צוריק און כ׳וויל דיר זאָגן אַז כ׳האָב כאַ־ראָטע, שטאַרק כאַראָטע פאַרן האָבן באַהאַלטן עס פון דיר ביז איצט. היינט, אָבער, האָב איך זיך סאָף־קאָל־סאָף דעצידירט״...

אַלעקסיי האָט זיך פאַרטראַכט. הינטער די ברעטער, מיט וועלכע עס איז געווען אויסגעלייגט און באַפעסטיקט די באַהעלטעניש, האָבן געפּישטשעט די מייז און געשאָטן מיט טרוקענע שטיקלעך ערד. דורכן אָפענעם אַריינגאַנג זיינען אַריינגעדרונגען, צוזאַמען מיטן פרישן און פייכטן אַראָמאַט פון די בעריאָזעס און פון די פעלד־בלומען, די פרענע־טישע, אַביסל פאַרשטיקטע, טרעלן פון די סאָלאָווייען. ניט וויַיט פון דאָרט, הינטער אַ גראָבן, וואַרשיינלעך לעבן מאַגאַזין פון אָפיצירישן עס־זאַל, האָבן צוויי שטימען, אַ פרוישע און אַ מאַנצבילשע, געזונגען טרויע־ריק די ר א ב י נ ע. די מעלאָדיע, וואָס איז נאָך אָנגענעמער געוואָרן אַדאַנק דער דיסטאַנץ, האָט באַקומען, אין דער נאַכט, אַן אייגנאַרטיקן און דעליקאַטן צויבער און האָט אויפגעוועקט אין דער נעשאָמע אַ פריי־לעכע בענקשאַפט, אַ בענקשאַפט פון אָפּוואַרטן, אַ בענקשאַפט פון האָ־פענונג.

דער טויבער געדונער פון דער וויַיטער קאַנאָנאַדע איז איצט קימאַט ווי ניט דערגאַנגען צום פראָנט־אַעראָדראָם, וואָס איז מיטאַמאָל געבליבן אין טיפן רעטאַגוואַרד. דער דאָזיקער וויַיטער קאַנאָנאַדע־געדונער האָט ניט געקענט פאַרשטיקן ניט די ר א ב י נ ע - מעלאָדיע, ניט די סאָ־לאָוויי־טרעלן און ניט דעם שטילן, פאַרוויגנדיקן געשעפּטש פון באַנאַכ־טיקן וואַלד.

# עפּילאָג

ווען די שלאַכט פאַר אָריאָל האָט זיך דערנענטערט צו איר ניצאַכנדיקן פינאַל און די אַוואַנגאַרד־פאָלקן וואָס האָבן אַוואַנסירט פון צאָפן האָבן אינפאָרמירט אַז פון די הויכקייטן פון קראַסנאָגאָרסק זעען זיי שוין די שטאָט אין פלאַמען, איז צום גענעראַל־שטאַב פון בריאַנסקער פראָנט אָנגעקומען אַ ידיעה אַז די אַוויאַטאָרן פון אַ גוואַרדייאישן יאַגדלער־פאָלק האָבן אין יענעם סעקטאָר אַראָפּגעשאָסן 47 פײַנטלעכע אַוויאָנען אין 9 טעג. פון זייער זײַט האָבן זיי פאַרלאָרן 5 אַפּאַראַטן און בלויז דרײַ מענטשן, ווײַל צוויי פּילאָטן האָבן באַוויזן אַראָפּצוּוואַרפן זיך מיט זייערע פּאַראַשוטן און אָנצוקומען צופוס אין זייער פאָלק. אַפילע אין יענע טעג פון אימפּעטדיקער רויטאַרמייאישער אָפענסיווע איז אַזאַ ניצאָכן געווען אויסערגעוויינלעך. אין אַ פאַרבינדונג־אַוויאָן בין איך אַוועקגעפלויגן צו יענעם פאָלק, קעדיי עפּעס אָנצושרײַבן פאַר דער „פּראַוודאַ" וועגן די אויפטוען פון די גוואַרדיע־פּילאָטן.

דער פאָלק־אַעראָדראָם האָט זיך געפונען אויף אַ געוויינלעכן פעלד, וואָס זײַנע בערגלעך, אומגלײַכקייטן און נאָרעס פון מױלװאָרפן זײַנען אויסגעגלײַכט געוואָרן. די אַוויאָנען פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן ווי קוראָפּאַטקעלעך אויפן ראַנד פון בעריאָזע־וועלדל. מיט איין וואָרט — ס'איז געווען איינער פון יענע פראָנט־אַעראָדראָמען וואָס פלעגן אימפּראָוויזירט ווערן אין די שטורעמדיקע קריגס־טעג.

מיר האָבן געלאַנדט פאַרנאַכטלעך, ווען דער פאָלק האָט געהאַלטן אין פאַרענדיקן אַ שווערן אַרבעטס־טאָג. אין אָריאָל זײַנען די דײַטשן געווען שטאַרק אַקטיוו אינדערלופטן. די יאַגדלער האָבן יענעם טאָג געמוזט דורכמאַכן 7 אַרויספלי'ען. ווען די זון איז פאַרגאַנגען האָבן זיך אומגעקערט די לעצטע פּאַטרולן פון אַכטן אַרויספלי. דער פאָלק־שעף — אַ קליינער, אָפּגעברענטער, שטאַרק־באַוועגלעכער מענטש, מיט אַן ענג־אײַנגעצויגענעם פּאַס, אַ נײַעם בלאָען אָוועראָל און אַן אידעאַלן שרונט — האָט מיר אָפנהאַרציק מוידע געווען אַז ער איז ניט בעיעכוילעס צו דערציילן מיר עפּעס בינדיקס, ווײַל ער געפינט זיך אויפן אַעראָדראָם פון 6 אַזייגער אינדערפרי: ער אַליין איז יענעם טאָג געפלויגן דרײַ מאָל און ער איז

אַזוי מיד אַז ער קען זיך קוים האַלטן אַף די פיס. די איבעריקע שעפּן זײַנען אויך ניט געווען אויפגעלייגט צו געבן אינטערוויוען אַ רעפּאָרטער. כ'האָב פאַרשטאַנען אַז ס'איז נייטיק אויסצוואַרטן ביזן צווייטן טאָג, אין אויסער דעם איז אַלץ איינס געווען שפּעט שוין אומצוקערן זיך. די זון האָט זיך שוין געהאַט אַראָפּגעלאָזן אַף די בעריאָזע־קרוינען און האָט זיי אָפּגעטונקט אינעם צעלאָזענעם גאָלד פון אירע שטראַלן.

עס האָבן געלאַנדט די לעצטע אַוויאָנען. ניט אָפּהאַלטנדיק דעם מאָטאָר און ניט אָפּשטעלנדיק זיך, האָבן זיי זיך גלײַך אַוועקגעקײַקלט צום וועלדל. די מעכאַניקער האָבן זיי אויסגעקערעוועט מיט די הענט, און ערשט ווען די אַוויאָנען פלעגן זיך געפינען אין דער גרינער, גראָז־באַדעקטער ערד־באַהעלטעניש, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּאָדקעווע, פלעגן לאַנגזאַם אַרויסגיין פון די קאַבינעס די בלייכע, מידע פּילאָטן.

גאָר צום סאָף איז אָנגעקומען דער אַוויאָן פונעם שעף פון דער דריטער סקוואַדריליע. עס האָט זיך פונאַנדערגעעפנט דער דורכזיכטיקער קאַבינע־צודעק. קוידעם־קאָל איז אַרויסגעפאַלן אַפן גראָז אַ גראָבער שוואַרצהאָלצערנער שטעקן, וואָס איז געווען באַצירט מיט גאָלד־מאָנאָגראַמען. נאָכדעם האָט זיך אַן אָפּגעברענטער, ברייטפּאָנעמדיקער, שוואַרצהאָריקער מענטש אונטערגעהויבן אַף זײַנע שטאַרקע אָרעמס, איז פלינק אַריבערגעשפּרונגען איבערן פאַרענטש, איז אַראָפּגעשטיגן אַפן פליגל און איז נאָכדעם שווערלעך אַראָפּגעשפּרונגען אַף דער ערד. עמעץ האָט מיר געזאָגט אַז דאָס איז דער בעסטער פּילאָט פון פּאָלק. קעדיי ניט אינגאַנצן צו פאַרלירן די נאַכט, האָב איך באַשלאָסן גלײַך צו כאַפּן אַ שמועס מיט אים. כ'דערמאָן זיך גענוי ווי ער האָט פריילעך אַ קוק געטאָן אַף מיר מיט זײַנע לעבעדיקע, שוואַרצע ציגײַנער־אויגן, אין וועלכע ס'האָט זיך מעשונעדיק צונויפגעגאָסן אַ נאָך־ניט־אויסגעלאָשענער שטיפערישער גלאַנץ מיט דער פּיקכעס פון אַ מידן מענטשן, וואָס האָט אַ סאַך דורכגעמאַכט און דורכגעלעבט. שמייכלענדיק, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— זײַט זיך מעראַכעם אַף מיר; מײַנע פיס האַלטן מיך ניט אויף, ערנוואָרט. עס זשומעט מיר אין די אויערן. איר האָט געגעסן? ניין? אויסגעצייכנט, קומט אין עס־זאַל, וועלן מיר צוזאַמען עסן וועטשערע. פאַר יעדן אַראָפּגעשאָסענעם אַוויאָן גיט מען אונדז צו וועטשערע צוויי הונדערט גראַם וואָדקאַ. הײַנט קומט מיר פיר הונדערט. פונקט פאַר צווייען. נו, מיר גייען? אויב איר אײַלט זיך אַזוי, וועלן מיר שמועסן באַם טיש.

כ'האָב מאַסקים געווען. ס'איז מיר געפעלן געוואָרן דער דאָזיקער פריילעכער, אָפּנהאַרציקער מענטש. מיר זײַנען אַוועק מיטן גלײַכן שטעגל וואָס די פּילאָטן האָבן דורכגעטראָטן דורכן וואַלד. דער פּילאָט איז שנעל געגאַנגען, אײַנבויגנדיק זיך פון צײַט צו צײַט קעדיי אָפּצורײַסן אַ ברוסניצע אָדער אַ הענגל ראָזלעכע פאַרעטשקעס, וואָס ער פלעגט גלײַך

אַרײַנוואַרפֿן אין מויל. ווי ס'ווײַזט, איז ער געווען זייער מיד, ווײַל ער האָט געטראָטן שווער. ער האָט זיך אָבער ניט אָנגעשפּאַרט אַף זײַן מעשונעדיקן שטעקן, וואָס איז געהאַנגען בײַ אים אַפֿן אָרעם. בלויז פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער אים אַ נעם טאָן קעדיי אַ קלאַפּ צו טאָן איבער אַ שוואָם אָדער איבער אַ בינטל הויכע גראָזן. ווען מיר האָבן זיך, נאָכן אַריבערגיין אַ גראָבן, אויפגעהויבן איבער אַ מעשופּעדיקן, גליטשיקן ליים־באָדן, איז דער אוויאַטאָר אַרויפגעשטיגן פּאַמעלעך, אָנהאַלטנדיק זיך אָן די קוסטעס. ער האָט זיך אָבער ניט אָנגעשפּאַרט אַפֿן שטעקן.

אין עס־זאַל איז אָבער גלײַך פֿאַרשוווּנדן זײַן מידקייט, פּונקט ווי דער ווינט וואָלט זי אַוועקגעטראָגן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ פֿענצ־טער, דורך וועלכן מען האָט געקענט זען דעם רויטן אָפּגלאַנץ פֿונעם זון־אונטערגאַנג, אַן אָפּגלאַנץ וואָס האָט, לויט די אוויאַטאָרן, אָנגעזאָגט ווינט אַף מאָרגן. ער האָט אַרײַנגעגליאָבעט אַ גרויסע גלאָז וואַסער און האָט געשפּאַסט מיט אַ שיינער, געקרײַזלטער קעלנערן וועגן אַ פֿרײַנט אירן וואָס האָט זיך געפֿונען אין שפּיטאָל און צוליב וועמענס שולד זי האָט איבערגעזאָלצן אַלעמענס זופּ. ער האָט געגעסן אַ סאַך און מיט אַפּעטיט, און האָט מיט זײַנע שטאַרקע ציינער געגריזשעט און געקנאַקט די שעפּסענע ביינדלעך. ער האָט זיך וויציק דורכגעווערטלט מיט די באַוויירים פֿון אַ צווייטן טיש און האָט מיך געפֿרעגט וועגן נײַס פֿון מאָסקווע. ער האָט זיך אינטערעסירט וועגן די נײַע ליטעראַרישע ווערק און וועגן די פֿאַרשטעלונגען אין די טעאַטערס, אין וועלכע ער איז נאָך, לויט ווי ער האָט געזאָגט, קיין איין מאָל ניט געווען. ווען מיר האָבן שוין אָפּגעגעסן קאָמפּאָט — קיסעל פֿון ברוסניצעס, וואָס מען האָט דאָרט גערופֿן „שטורעם־וואָלקנס" — האָט ער מיך געפֿרעגט:

— ווו וועט איר שלאָפֿן? איר ווייסט נאָך ניט? אויסגעצייכנט. קומט אין מײַן באַהעלטעניש — זײַן פּאָנעם איז אַ ווײַל פֿאַרכמורעט גע־וואָרן און ער האָט אויפגעקלערט מיט אַ פֿאַרשטיקטן קאָל —: מײַן שאָכן האָט זיך הײַנט ניט אומגעקערט... אַזוי אַז ס'איז פֿאַראַן אַן אָרט ווו צוצושפּאַרן זיך. ריינע וועש וועלן מיר געפֿינען, קומט.

ווי ס'ווײַזט, איז עס געווען איינע פֿון יענע געזעלשאַפֿט־ליבנדיקע פּערזאָנען, וואָס האָבן אַ געוואַלדיקע נייגונג צו שמועסן מיט נײַע, קוים־באַקאַנטע מענטשן און אויספֿרעגן זיי אַלץ וואָס זיי ווייסן. כ'האָב אײַנ־געשטימט. מיר זײַנען צוגעקומען צו אַ גראָבן; אין ביידע גראָבן־ווענט, וואָס זײַנען געווען באַוואַקסן מיט מאַלינע־קוסטן און פֿאַרשיידענע גע־וויקסן פֿון וועלכע ס'האָט זיך געטראָגן אַ רייעך פֿון פֿאַרפֿוילטע בלעטער און אַ שוואָמען־פֿײַכטקייט, זײַנען געווען אויסגעגראָבן די באַהעלטענישן.

ס'האָט רייכיק געגומען פֿלעמלען דאָס היימיש־געמאַכטע לעמפּל — די סטאַלינגראַדקע — און האָט באַלויכטן די באַהעלטעניש, וואָס האָט אויסגעזען גאַנץ גערוים, באַקוועם און צוגעפּאַסט צו אַ וווינונג. אין די

לײמיקע װענט זײַנען געװען אױסגעהאַקט צװײ נישעס און דאָרט האָבן זיך געפֿונען צװײ פֿאַרבעטע געלעגערס מיט סעניקעס פֿון ברעזענט־שטאָף, אָנגעפֿילטע מיט פֿרישן, שמעקעדיקן הײ. אין די װינקלען האָבן זיך געפֿונען קלײנע בעריאָזקעלעך, װאָס די בלעטער זײערע זײַנען נאָך ניט געװען פֿאַרטריקנט. מען האָט זײ דאָרט געהאַלטן אױף צו „רײניקן די לופֿט“, לױט װי ס'האָט אױפֿגעקלערט דער אַװיאַטאָר. איבער די בעטן זײַנען, אין די ערד־װענט, געװען אױסגעגראָבן לעכער, װאָס זײַנען אױסגעשפּרײט געװען מיט צײַטונגען און אין װעלכע ס'האָבן זיך געפֿונען פּעק ביכער, טואַלעט־זאַכן און ראַזיר־מאַכשירים. צוקאָפּנס פֿון אײנער פֿון די בעטן האָבן זיך קוים געזען צװײ פֿאָטאָגראַפֿיעס אין פֿיליגראַנאַרטיקע ראַמען, װאָס די אַװיאַטאָרן אַלײן האָבן געמאַכט פֿון „ניט־צעברעכלעכן גלאָז“. געװען מענטשן אין פֿאָלק װאָס האָבן ליב געהאַט האַנט־אַרבעט און האָבן געמאַכט אַזױנע ראַמען פֿון רעשטלעך פֿײַנטלעכע אַװיאָנען, קעדײ אױסצופֿילן די צײַט אין די רויִקע טעג און ניט דאַרפֿן נודיען זיך. אױפֿן טיש איז געשטאַנען אַן איבערגעדעקט סאָלדאַטיש קעסעלע מיט דופּטיקע װאַלד־מאַלינעס. פֿון די מאַלינעס, פֿון די פֿרישע בעריאָזקעלעך, פֿון דעם הײ, פֿון די יאָדלע־צװײַגן װאָס זײַנען געװען אױסגעשפּרײט איבערן דיל, האָט זיך געטראָגן אַזאַ מין מעכאַיעדיקער, געדיכטער און אָפּפֿרישנדיקער אַראָמאַט; אין דער באַהעלטעניש האָט געהערשט אַזאַ מין אָנגענעמע, פֿרישע פֿײַכטקײט; די גרילן אין דרױסן האָבן אַזױ פֿאַרװיגנדיק געשטעפּט, אַז מיר זײַנען אַרומגענומען געװאָרן מיט אַן אָנגענעמער שלאָפֿקײט און האָבן באַשלאָסן איבערצולאָזן אױף מאָרגן דעם שמועס און אױך די מאַלינעס װאָס מיר האָבן שױן אָנגעהױבן קײַען.

דער אַװיאַטאָר איז אַרױס אינדרױסן. ס'האָט זיך געהערט װי ער רײניקט די צײן, װאַשט דאָס פּנים מיט קאַלט װאַסער, גאָרגלט און כאָרכלט איבערן גאַנצן װאַלד. ער האָט זיך אומגעקערט אַ פֿרײלעכער און אַן אָפּגעפֿרישטער, מיט ניט־אױסגעװישטע טראָפּנס אױף די ברעמען און אױפֿן פּנים. ער האָט עטװאָס אַראָפּגעדרײט דעם לעמפּל און האָט זיך גענומען אױסטאָן. ס'האָט זיך דערהערט װי אַ שװערע זאַך טוט אַ פֿאַל און קלינגט אָפּ אױף דער ערד. כ'האָב אַ קוק געטאָן און כ'האָב דערזען עפּעס אַזױנס אין װאָס כ'האָב ניט געקענט גלײבן. דער פּילאָט האָט אַ װאָרף געטאָן אױף דער ערד זײַנע פֿיס. אַ פּילאָט אָן פֿיס! און דערצו נאָך אַ יאַגד־פּילאָט! אַ פּילאָט װאָס האָט יענעם טאָג דורכגעמאַכט זיבן שלאַכט־אַרױספֿליִען און אַראָפּגעשאָסן צװײ אַװיאָנען! דאָס איז דאָך עפּעס אינגאַנצן אַן אומגלױבלעכע זאַך.

זײַנע פֿיס, בעסער געזאָגט זײַנע פּראָטעזן, קונציק אָנגעטאָנענע אין מיליטערישע שטיװל, האָבן זיך געװאַלגערט אױף דער ערד. לױט די שפּיצן װאָס האָבן אַרױסגעשטעקט פֿון אונטער דער בעט האָט מען געקראָגן דעם אײַנדרוק אַז דאָס זײַנען פֿיס פֿון עמעצן װאָס באַהאַלט זיך דאָרט

אונטן. מײַן פּאָנעם האָט, קענטיק, אויסגעדריקט אַזויפיל שטוינונג, אַז דער פּילאָט האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן אַ שמייכל צו טאָן. ער האָט מיך אַ פרעג געטאָן מיט אַ שעלמישן, צופרידענעם בליק:

— האָט איר דאָס ניט באַמערקט פריִער?

— מיר איז עס אַפילע אַפן געדאַנק ניט געקומען.

— דאָס איז גוט! אַ גרויסן דאַנק! מיך איבערראַשט וואָס קיינער האָט עס אײַך ניט דערציילט. אין אונדזער פאָלק זײַנען פאַראַן פונקט אַזויפיל פּלאַפּלער ווי טשעמפּיאָנען. ווי איז עס מעגלעך אַז מען זאָל האָבן דורכגעלאָזט אַזאַ געלעגנהייט? אַ פרעמדער מענטש און פון דער „פּראַוודאַ" דערצו, און מען האָט זיך ניט באַרימט אַז מען באַזיצט אַזאַ פענאָמען בײַ זיך?

— דאָס איז דאָך, אָבער, אַ דערשטוינענדיקער פאַל! אַן אויפּטו וואָס האָט קיין נאָמען ניט! קעמפן אין אַ יאַגדלער, ניט האָבנדיק קיין פיס! אין דער געשיכטע פון דער אַוויאַציע, מיין איך, איז ניט באַקאַנט עפּעס ענלעכס.

דער אַוויאַטאָר האָט פריילעך אַ פײַף געטאָן.

— נו, די געשיכטע פון דער אַוויאַציע... עס זײַנען פאַראַן אַ סאַך זאַכן וואָס זי האָט ניט געוווּסט, אָבער איצט, אין ד ע ר מילכאָמע האָט זי זיך אַ סאַך אויסגעלערנט פון די סאָוועטישע אַוויאַטאָרן. אָבער, אין גרונט גענומען, וואָס איז דער גליק מיט דעם אַלעמען? גלייבט מיר, איך וואָלט מיט מער פאַרגעניגן געפלויגן מיט אויטענטישע פיס איידער מיט די דאָזיקע קינסטלעכע. וואָס קען איך זיך אָבער העלפן? אַזוי האָבן געוואָלט די אומשטענדן —האָט אַ זיפץ געטאָן דער אַוויאַטאָר—. פון דער אַנדער זײַט, מוז מען, אָבער, זאָגן אַז די געשיכטע פון דער אַוויאַציע קען ענלעכע בײַשפּילן.

ער האָט אַ זוך געטאָן אין זײַן פלאַנעלן־פוטליאַר און האָט אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פולשטענדיק אָפּגענוצטן זשורנאַל־אויסשניט, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו רײַסן אין זײַנע אײַנקנייטשונגען און וואָס איז דעריבער געווען זאָרגעוודיק אַרומגעקלעפּט מיט פּאַסיקלעך זײַד־פּאַפּיר. ס'האָט זיך דאָרט גערעדט וועגן אַן אַוויאַטאָר וואָס האָט באַוויזן צו פּילאָטירן אַן אַוויאָן ניט געקוקט אַף דעם וואָס ס'האָט אים געפעלט אַ פוס.

— ד ע ר האָט דאָך לעבאַל־האַפּאָכעס געהאַט איין אייגענעם פוס! אויסער דעם איז ער ניט געווען קיין יאַגד־פּילאָט; ער איז געפלויגן אין אַ פאַרמאַבלדיקן „פאַרמאַן".

— איך בין אָבער אַ סאָוועטישער אַוויאַטאָר. איר דאַרפט אָבער ניט מיינען אַז איך פײַן זיך אויס. דאָס זײַנען ניט מײַנע רייד. דאָס האָט מיר געזאָגט איינמאָל אַן אויסגעצייכנטער מענטש, אַן עכטער מענטש

—און ער האָט אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „אָן עכטער״, וואָס... איז געשטאָרבן.

אַפן ברייטן, ענערגישן פּאָנעם פון פּילאָט האָט זיך באַוויזן אַן אויס־דרוק פון צערטלעכן אומעט; זײַנע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטאָן שײַנענ־דיקע און ווארעמע. זײַן צורע איז מיטאַמאָל ייִנגער געוואָרן אויף צען יאָר און האָט באַקומען ייִנגלשע שטריכן. כ׳האָב זיך, אַן איבערראַשטער, אײַ־בערצײַגט, אַז דער דאָזיקער פּילאָט וואָס האָט מיר מיט אַ ווײַלע צוריק אויסגעזען ווי אַ רײַפער מענטש, איז נאָך ניט אַלט קיין פולע 23 יאָר.

— כ׳קען ניט לײַדן ווען מען פאַרוואַרפט מיך מיט פראַגעס: וואָס האָט געטראָפן? וויאַזוי האָט עס פּאַסירט?... איצט, אָבער, איז מיר אַלץ געקומען אויפן זיקאָרן... איר זײַט אַ פרעמדער, מאָרגן וועלן מיר זיך געזעגענען און וואַרשײַנלעך וועלן מיר זיך שוין מער ניט טרעפן... ווילט איר איך זאָל אײַך דערציילן די גאַנצע געשיכטע פון מײַנע פּיס?

ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן בעט, האָט אַרויפגעצויגן די קאָלדרע און האָט גענומען דערציילן. ער האָט דערציילט פּונקט ווי ער וואָלט גע־טראַכט אינדערהייך, פּאַרגעסנדיק אינגאַנצן אַז ער האָט אַ צוהערער. זײַן דערציילונג איז, אָבער, געווען אינטערעסאַנט און בילדעריש. ס׳האָט זיך אַרויסגעשפּירט פון זײַן דערציילן אַז דאָס איז אַ מענטש מיט אַ שאַר־פער אינטעליגענץ, מיט אַ גוטן זיקאָרן און מיט אַ ברייט האַרץ. פאַר־שטייענדיק גלײַך אַז כ׳וועל הערן אַזוינס וואָס איז זייער וויכטיק און אויסערגעוויינלעך, און אַז כ׳וועל מיסטאָמע מער קיינמאָל ניט האָבן אַזאַ געלעגנהייט, האָב איך אַראָפּגענומען פון טיש אַ העפט, אויף וועלכער עס האָט פיגורירט די אויפשריפט „פלי־טאָגבוך פון דער דריטער סקוואַדרי־ליע״ און כ׳האָב אָנגעהויבן פאַרצייכענען זײַן דערציילונג.

אומבאַמערקט האָט זיך די נאַכט אַראָפּגעלאָזן איבערן וואַלד. דאָס לעמפּל האָט פײַכנדיק געצאַנקט אויפן טיש. אַ סאַך אומפּאַרזיכטיקע נאַכט־פלאַטערלעך זײַנען געלעגן אַרום אים מיט זייערע אָפּגעברענטע גראָע פליגל. פון אָנהייב האָט אונדז דער נאַכט־ווינט צוגעבראַכט טענער פון אַ האַרמאָשקע. נאָכדעם איז די האַרמאָשקע אַנטשוויגן געוואָרן און עס האָבן זיך בלויז דערטראָגן די נאַכט־מורמלערײַען פונעם וואַלד, די גריל־ציקע קוילעס פונעם נאַכט־פויגל, די ווײַטע געשרייען פון דער סאָווע, דאָס אָנגעשטרענגטע קוואַקען פון די זשאַבעס אין שכיינעסדיקן זומפּ און דאָס שטעפּן פון די גרילן. די דאָזיקע אַלע גערוישן האָבן באַגלייט דעם געמאָסטענעם טעמבער פון פּילאָטס הייזעריקלעכער און טרוימערי־שער שטים.

די איבערראַשנדיקע דערציילונג פון דאָזיקן מענטשן האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ אײַנדרוק, אַז כ׳האָב זיך באַמיט צו פאַרצייכענען זי מיט אַלע מעגלעכע פּראָטים. כ׳האָב פאַרענדיקט איין העפט און געפונען אַ צווייטע אויף דער עטאַזשערקע; כ׳האָב אויך די דאָזיקע פאַרשריבן,

און כ'האב ניט באמערקט ווי ס'נעמט קלאר ווערן דער הימל אין שמאלן אריינגאנג פון דער באהעלטעניש. אלעקסיי מערעסיעוו האט דערפירט זיין דערציילונג ביז יענעם טאג ווען ער האט אראפגעשאסן דריי דייטשישע אוויאנען פון דער לופט־דיוויזיע „ריכטהאפען" און האט דערפילט אז ער איז א פולשטענדיקער און אויסגעצייכנטער אוויאטאר.

— אוף! האבן מיר עס אריינגעשמועסט אביסל! און מארגן גאנץ פרי מוז איך פליען! —האט ער אויסגערופן, איבעררייסנדיק זיך אליין אינמיטן פון א פראזע—. איר זייט ניט פארמאטערט? נו, איצט שלאפן!

— נו, און אלגא וואס? וואס האט זי אייך געענטפערט? —האב איך אים א פרעג געטאן און האב גלייך כאראטע געהאט—: אנטשולדיקט, ס'קען זיין אז די דאזיקע פראגע איז ניט באקוועם פאר אייך. אויב ס'איז אזוי, בעט איך אייך ניט ענטפערן מיר.

— ניין, פארוואס? —האט ער א שמייכל געטאן—.ביידע זיינען מיר געווען די עמעסע שויטים. עס לאזט זיך אויס אז זי האט אלץ געוווסט. מיין פריינט אנדריי דעגטיארענקא, וועגן וועלכן כ'האב אייך דערציילט, האט איר אלץ אויסגעשריבן: פריער האט ער איר דערציילט וועגן דער קאטאסטראפע און נאכדעם וועגן דער אמפוטאציע פון מיינע ביידע פיס. זי, אבער, זעענדיק אז איך באהאלט עס אויס —צוליב א סיבע וואס זי האט ניט געוווסט— האט זיך געטראכט אז ס'איז מיר פיינלעך צו ריידן וועגן דעם און דערפאר האט זי די גאנצע צייט געמאכט דעם אנשטעל אז זי ווייס פון גארניט. אף אזא אויפן האבן מיר זיך קעגנזייטיק אפגענארט, ניט וויסנדיק צוליב וואס. איר ווילט איר זען?

ער האט אין לעמפל אריינגעדרייט א נייעם קנויט און האט עס אויפגעהויבן איבער זיין צוקאפנס, ווו עס זיינען געהאנגען די פיליגראנארטיקע ראמען פון ניט־ברעכיקן גלאז. אף איין פאטאגראפיע, געמאכט פון א ליבהאבער און אינגאנצן אן אפגעקראכענע און א פארטושטע, האט מען מיט שוועריקייטן געקענט אונטערשיידן א פריילעך־שמייכלענדיק מיידל אפן פאן פון א צעבליטן פעלד. פון דער אנדערער האט שטרענג אראפגעקוקט דאס דארע, קאנצענטרירטע און אינטעליגענטע פאנעם פון זעלבן מיידל, אנגעטאן אין א מיליטערישן לייטענאנט־אוניפארם. זי איז געווען אזוי קליין אז אין אוניפארם האט זי אויסגעזען א יונג באכערל, אבער דאס דאזיקע באכערל האט געהאט א פאר מידע, דורכדרינגלעכע, ניט־יוגנטלעכע אויגן.

— זי געפעלט אייך?

— זייער —האב איך געענטפערט אפנהארציק.

— מיר אויך —האט ער א שמייכל געטאן גוטמוטיק.

— און סטרוטשקאוו? ווו איז ער איצט?

— כ׳ווייס ניט. דער לעצטער בריוו, וואָס כ׳האָב באַקומען פון אים ווינטער, איז געווען פון וועליקיִע לוקי.

— און יענער טאַנקיסט? ווי הייסט ער?

— גריגאָרי גוואָזדיעוו? איצט איז ער קאָמאַנדיר. ער האָט אָנטייל גענומען אין דער באַרימטער שלאַכט בײַ פּראָכאָראָווקאַ און נאָכדעם אין דורכברעכן דעם קורסקער בויגן. מיר האָבן געקעמפט איינער לעבן צווייטן און האָבן זיך ניט געזען. ער פירט אָן מיט אַ טאַנקען־פּאָלק. כ׳ווייס ניט פאַרוואָס ער שרײַבט מיר איצט ניט. ס׳מאַכט, אָבער, ניט אויס, מיר וועלן זיך באַגעגענען אויב מיר וועלן בלײַבן לעבן. און פאַרוואָס זאָלן מיר ניט בלײַבן לעבן? נו, פרײַנט, שלאָפן, ווײַל עס טאָגט שוין!

מיט איין בלאָז האָט ער פאַרלאָשן דאָס לעמפל. מיר זײַנען געבליבן אין אַ האַלב־פינצטערניש, וואָס האָט אָנגעהויבן קלערער ווערן אַ דאַנק דעם ווײַסלעכן, פאַרכמורעטן פאַרטאָג. ס׳האָבן געזשומעט די מאָסקיטן, וואָס זײַנען מיסטאָמע געווען די איינציקע אומבאַקוועמלעכקייט אין יע־נער אויסגעצייכנטער וואַלד־וווינונג.

—כ׳וואָלט שטאַרק געוואָלט עפּעס אָנשרײַבן אין דער „פּראַוודאַ" וועגן אײַך.

— נו, שרײַבט —האָט צוגעשטימט אָן אַ ספּעציעלן ענטוזיאַזם דער פּילאָט, און מיט אַ שלעפעריקער שטים האָט ער צוגעגעבן: —צוליב וואָס, אָבער? ס׳קען אַרײַנפאַלן צו געבעלסן און ער קען נאָכדעם פון אַ וואָרט מאַכן אַ קוואָרט; ער קען זאָגן אַז בײַ די רוסן קעמפן אינוואַלידן אָן פיס און ענלעכע זאַכן... די פאַשיסטן זײַנען מײַסטערס אױף דעם.

אַ רעגע שפּעטער האָט ער שוין רויִק געכראָפּעט. איך האָב ניט גע־קענט שלאָפן. דער אומגעריכטער ווידע האָט מיך אויפגעטרייסלט דורך זײַן אײַנפאַכקייט און גרויסקייט. דאָס אַלץ האָט געקענט אויסזען אַ מײַ־סעלע, ווען דער העלד אַליין וואָלט ניט געשלאָפן אָט־דאָ דערבײַ און ווען זײַנע פּראָטעזן, באַדעקטע מיט טוי, וואָלטן זיך ניט געוואַלגערט אױף דער ערד, באַלויכטענע דורכן ווײַסלעכן ליכט פון אָנקומענדיקן טאָג.

...זינט דאַן האָב איך זיך מער ניט אָנגעטראָפן אױף אַלעקסיי מע־רעסיעוו, אָבער אומעטום, ווו ס׳האָבן מיך נאָר פאַרטראָגן די צופעלי־קייטן פון קריג, האָב איך מיטגעפירט מיט זיך די צוויי שול־העפטן, אין וועלכע כ׳האָב פאַרצייכנט, אין אָריאָל, די אויסערגעוויינלעכע אָדיסעע פון פּילאָט *). בעיִם דער מילכאָמע, אין די טעג פון רו, אָדער שפּע־

---

*) אין 1947, ווען דאָס בוך איז שוין געווען אין דרוק, האָט זיך דער מעכאַבער, צום צווייטן מאָל, געזען אין מאָסקווע מיטן פּילאָט אַלעק־סיי מערעסיעוו, וואָס טראָגט איצט דעם טיטל „העלד פון ראַטנפאַרבאַנד".

טער, וואנדערנדיק איבער די לענדער פון דער באפרייטער אייראפע, האב איך זיך א סאך מאל געזועצט שרייבן וועגן דער דאזיקער אדיסעע און גלייך אפגעלאזן, ווייל אלץ וואס ס'האט זיך מיר איינגעגעבן אנצושרייבן האט מיר אויסגעזען ווי א בלייכער אפשיין פון דער ווירקלעכקייט.

אזוי האט זיך קעסיידער איבערגעכאזערט, ביז איך בין אנגעקומען אין נירענבערג, ווו איך בין ביינגעווען די סעסיעס פון אינטערנאציאנאלן מיליטערישן טריבונאל. מען האט געהאלטן אין ענדיקן אויספרעגן הער־מאן גערינגן. אונטערן דרוק פון די דאקומענטאלע באווייזן און א צוגע־דריקטער צו דער וואנט דורך די פראגעס פון סאוועטישן באשולדיקער, האט „דער צווייטער נאצי פון דייטשלאנד" דערציילט דעם טריבונאל —קעגן זיין ווילן און קוים ארויסדרשיאמדזשענדיק די ווערטער— ווי אזוי די רויטע ארמיי האט אף די ברייטע שטאכים פון מיין פאטערלאנד צע־בראכן און דעזארגאניזירט די גיגאנטישע פאשיסטישע ארמיי, וואס האט ביז דאן ניט געוווסט פון קיין מאפאלעס. פרווונדיק בארעכטיקן די מא־פאלע, האט גערינג אויפגעהויבן זיינע מוטנע אויגן צום הימל: „אזא איז געווען דער ווילן פון דער האשגאכע".

— אנערקענט איר, אז אטאקירנדיק פאררעטעריש דעם ראטנפאר־באנד, א שריט צוליב וועלכן דייטשלאנד איז באזיגט געווארן, זייט איר באגאנגען א מאנסטעריעזן פארברעכן? —האט געפרעגט גערינגן דער סאוועטישער באשולדיקער ראמאן רודענקא.

— ס'איז ניט געווען קיין פארברעכן, נאר א פאטאלער פעלער — האט געענטפערט מיט א פארשטיקטער שטים גערינג און האט א פאר־כמורעטער אראפגעלאזט די אויגן—. איך קען בלויז אנערקענען אז מיר האבן געהאנדלט אומפארזיכטיק, ווייל, ווי ס'האט זיך ארויסגעוויזן אין לויף פון דער מילכאמע, זיינען אונדז אומבאקאנט געווען א סאך זאכן און אף א סאך זאכן האבן מיר זיך ניט געקענט אנשטויסן אפילע. די הויפטזאך איז, וואס מיר האבן ניט געקאנט און ניט פארשטאנען די סאוועטישע רוסן. זיי זיינען געווען און וועלן זיין א רעטעניש. דער בעס־טער שפיאנאזש־דינסט וועט ניט קענען אויפדעקן דעם עמעסן מיליטע־רישן פאטענציאל פון די סאוועטן. איך באצי זיך ניט צו דער צאל קא־נאנען, אוויאנען און טאנקען. דאס האבן מיר מער־וויינקער געוווסט. כ'רייד ניט וועגן דער פאטענץ און באוועגלעכקייט פון דער אינדוסטריע. כ'רייד וועגן די מענטשן, וועגן רוסישן מענטשן, וואס איז שטענדיק גע־ווען א רעטעניש פארן אויסלענדער. נאפאלעאן האט עס אויך ניט פאר־שטאנען. מיר האבן בלויז איבערגעכאזערט נאפאלעאנס טאעס.

מיט א געפיל פון לעגיטימען שטאלץ האבן מיר געהערט די געצוווּנ־גענע „אפנהארציקע" רייד וועגן „געהיימנישפולן רוסישן מענטשן", וועגן „אומבאקאנטן מיליטערישן פאטענציאל" פון אונדזער פאטערלאנד. עס

האָט זיך געלייגט אַפן סייכל אַז דער סאָוועטישער מענטש —וועמענס טאַלאַנט, פעיִקייט, קאָרבאָנעס־גרייטקייט און העלדישקייט האָבן דערשטוינט די וועלט בעמעשעך פון קריג— איז ווירקלעך געווען און וועט ווײַטער זײַן אַ פּאַטאַלע רעטעניש פאַר אַלע גערינגס. ווי?אַזוי האָבן דען די דערפינדער פון דער נידערטרעכטיקער „טעאָריע״ וועגן דער דײַטשישער „האַרן־ראַסע״ געקענט פאַרשטיין די נעשאָמע און די קראַפט פונעם מענטשן וואָס איז אויסגעוואַקסן אין לאַנד פון סאָציאַליזם? און מיטאַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט אין אַלעקסיי מערעסיעוון. זײַן האַלב־פאַרגעסענע געשטאַלט האָט זיך אויסגעשטרעקט פאַר מײַנע אויגן אַ לויכטנדיקע, אַ באַצווינגענדיקע, אין יענעם שטרענגן זאַל וואָס איז געווען שפּאַלירט אין דעמב. און כ׳האָב דערשפּירט אַ ווילן צו דערציילן דאָרט גופע, אין נירענבערג, אין דער דאָזיקער שטאָט וואָס איז דאָס וויגעלע פון פאַשיזם. די אויפטועס פון איינעם פון די מיליאָנען סאָוועטישע מענטשן, וואָס האָבן צעשטערט קייטעלם אַרמייען און גערינגס לופט־פלאָט, וואָס האָבן באַגראָבן אַפן דעק פון יאַם העדערס שיפן און האָבן מיט זייערע מעכטיקע קלעפּ געמאַכט אַש און פּאָרעך פון היטלערס באַנדיטישער מעלוכע.

די געל־טאָוולדיקע שול־העפטן, —אַף איינער פון וועלכע ס׳איז מיט מערעסיעווס האַנטשריפט געווען אָנגעשריבן „פלי־טאָגבוך פון דער דריטער סקוואַדריליע״ האָב איך אויך מיטגעבראַכט מיט זיך אין נירענבערג. אומקערנדיק זיך פון דער סעסיע פון טריבונאַל האָב איך גענומען דורכבלעטערן די אַלטע פאַרצייכענונגען און האָב באַנײַט מײַן אַרבעט, באַמיִענדיק זיך צו שרײַבן וועגן אַלעקסיי מערעסיעוון מיט דער גרעסטער גענויִקייט, אַזוי ווי כ׳האָב עס געהערט פון זײַנע אייגענע ליפּן.

אַ סאַך פון דעם וואָס ער האָט מיר געהאַט געזאָגט, האָב איך ניט באַוויזן צו פאַרצייכענען; אַ סאַך האָב איך פאַרגעסן בעמעשעך פון די פיר פאַרלאָפענע יאָרן. צוליב זײַן באַשיידנקייט האָט מיר אַלעקסיי מערעסיעוו אַ סאַך זאַכן ביכלאַל ניט דערציילט. ס׳איז נייטיק געווען דערפינדן, קאָמפּלעטירן. עס האָבן זיך פאַרטושט אין מײַן זיקאָרן די בילדער פון זײַנע פרײַנט, וועגן וועלכע ער האָט מיר, יענע נאַכט, דערציילט מיט אַזויפיל צערטלעכקייט. מען האָט זיי געדאַרפט באַשאַפן פונדאָסנײַ. ניט האָבנדיק די מעגלעכקייט צוצופּאַסן זיך אינגאַנצן צו די געשעענישן, האָב איך לײַכט געענדערט דעם פאַמיליע־נאָמען פונעם העלד און כ׳האָב געגעבן נײַע נעמען די אַלע וואָס האָבן אים באַגלייט, וואָס האָבן אים געהאָלפן אין זײַן שווערן קאַמפּס־וועג. אויב זיי וועלן זיך דערקענען אין דער דערציילונג, זאָלן זיי ניט ברויגעז זײַן אַף מיר.

כ׳האָב אָנגערופן דאָס בוך „די געשיכטע פון אַן עכטן מענטש״, ווײַל אַלעקסיי מערעסיעוו איז אַן עכטער סאָוועטישער מענטש, אַ מענטש

וועלכן הערמאַן גערינג האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען, ביז צו זײַן שאַנד־טויט ניט פאַרשטאַנען; אַ מענטש, וועלכן ס׳פאַרשטייען נאָך אַפילע איצט ניט די אַלע וואָס זײַנען גענויגט צו פאַרגעסן די לעקציעס פון דער געשיכטע און וואָס טרוימען נאָך אויך איצט, אין געהיים, צו גיין אין נאַפּאָלעאָנס און היטלערס דראָכים.

אָט אַזוי איז אויפגעקומען די דאָזיקע דערציילונג וועגן אַן עכטן סאָוועטישן מענטש.



